Dr. I. ZINBERG

# THE HISTORY OF THE JEWISH LITERATURE

THIRD VOLUME:
MIDDLE AGES

VILNO, 1931

"TOMOR" PUBLISHING Co.

ד״ר ישראל צינבערג

# די געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן

## אייראָפּעישע תקופה

דריטער באַנד

מיטלאלטער

ווילנע — 1931

פאַרלאַג „טאָמאָר״

מיין געטרייען פריינד און חבר —

מיין פרוי — אַ מתנה.

פון מחבר

פ ע ר ט ע ר   ט י י ל

# דער קאַמף פון קבלה און מסורה קעגן פילאָזאָפישן ראַציאָנאַליזם

ע ר ש ט   ב ו ך

# ערשטער קאַפּיטל.

צוויי וועלטאַנשויונגען — צוויי וועלטן. — דער ראַציאָנאַליסטישער גאָט־באַגריף (דעיִזם) און די רעליגיעזע התלהבות. — שלום־טרעגער און פּשרה־מאַכערס. — שם־טוב בן פאַלקירה און זיין „אגרת הויכוח"; דער באַטייט פון זיין דידאַקטישע דערציילונג „המבקש". — די אומבאַפרידיקטע „זוכערס". — יצחק אבן ליטיף. — די וועגן, וואָס פירן צו מיסטיק; דער מקור פון די מיסטישע שטרעמונגען. — די לערנונג וועגן „אויסשטראַלונגען" און „ספירות". — די „אָבות" פון קבלה אין דער פּראָוואַנס. — יצחק דער סגי־נהור און דער מדרש „בהיר". — דער מיסטיקער עזריאל און זיין פּירוש אויף די צען ספירות. — דער אַבסאָלוט אומפאַסבאַרער („אין") און זיינע אויסשטראַלונגען (אצילות). — דער מקובל יצחק בן יעקב הכוהן און זיין „מאמר על האצילות השמאלית". — די „לינקע ספירות" און די צען כיתות פון קריג און רשעות. — דער פּראָטעסט קעגן דעם ראַציאָנאַליזם. — יעקב בר ששת און זיין „שער השמים".

דער קאַמף צווישן די מיימוניסטן און זייערע קעגנער, וואָס איז אויסגעבראָכן אין דער פּראָוואַנס אינם יאָר 1232, האָט זיך געשטילט צום סוף פון די דרייסיקער יאָרן. די העל־אויפגעפלאַקערטע שייטערהויפנס, אויף וועלכע מען האָט געבּרענט ניט נאָר דעם רמב"מס „מדע" און „מורה נבוכים", נאָר גאַנצע וואָגנס מיט מסכתות פון תלמוד — האָט איינגעשראָקן ביידע צדדים. דער קאַמף האָט זיך אָבער ניט אויסגעלאָזט מיט אַן ענדגילטיקן שלום, נאָר מיט אַ צייטווייליקן פרידנסצושטאַנד, וואָס האָט יעדע מינוט געקאָנט איבערגיין אין אַ נייעם פאַרביטערטן קאַמף. און דאָס איז געווען אַנבאַלאַנגט ניט פון דעמס אָדער יענעמס בייזן ווילן, ניט „מחרחרי ריב" זיינען געווען אין דעם שולדיק — דאָס איז געווען אַ לאָגישער פּועל־יוצא פון ריין אָביעקטיווע סיבות, פון דער טיפער סתירה, וואָס איז געלעגן אין די צוויי אידעען־שטרעמונגען, וועלכע האָבן דעמאָלט געשפּילט די הויפּט־ראָלע אין די יידישע אינטעליגענטע קרייזן.

מיימוני, דער מענטש מיטן קלאָרן און שאַרפן שכל, האָט געהאַלטן פאַר לייכט מעגלעך ברענגען דעם סטיכישן תוהו־ובוהו פון מענטשלעכע געפילן, באַגריפן און איינדרוקן אונטער דעם יאָך פון שטרענגע,

פעסטגעזעצטע מעזים; דעם אומאונטערבראָכענעם לעבעדיקן פּראָצעס פונם מענטשלעכן באַוווּסטזיין האָט ער געפּרווט איינפאַסן אין סכעמאַטישע, קאַלט־לאָגישע געזעצן און כּללים. דער גרויסער פּשטן, האָט ער אינעם קאָמפּליצירטן און פילפאַרביקן לעבנס־געוועב געוואָלט אַרויסבאַקומען דעם איינפאַכן פּשוטן תמצית, דעם קלאָרן שׂכל הישר. ביי דעם ממש קינדישן צושטאַנד, אין וועלכן ס׳האָבן זיך נאָך דעמאָלט געפונען אַזוינע וויסנסבראַנזשעס, ווי אַלגעמיינע קולטור־געשיכטע, פּסיכאָלאָגיע און די וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונג פון דעם מענטשנס באַוווּסטזיניקע און אומבאַוווּסטע געפילן און וואָרנעמונגען, — איז דער איינזייטיקער ראַציאָנאַליזם פּאַקטיש ניט געווען אימשטאַנד צו באַלייכטן דעם טונקעלן תוהו-ובוהו פון מענטשלעכע אינסטינקטן, ליידנשאַפטן, אַביעקטן און ווילנסדערקלערונגען. דער „שׂכל הישר״, דער שטאָלצער קריטישער געדאַנק, וואָס האָט אַלץ געוואָלט דערקלערן און איבער אַלץ געוועלטיקן, איז ביי דעם דעמאָלטיקן מצב, אין וועלכן די נאַטורוויסנשאַפטן האָבן זיך געפונען, געווען פּאַקטיש אימשטאַנד צו באַלייכטן בלויז אַ גאַנץ קליינעם שטח פון דעם מענטשנס געפילן און מעשים. די טונקעלע טיפעניש פונם מענטשנס גייסטיקן מהות (דאָס וואָס מען רופט נשמה), פון דעם אומבאַוווּסטן און אומאונטערבראָכענעם לעבנס־פּראָצעס, זיינען פאַר אים געבליבן פאַרשלאָסן און פאַרהוילן. דער ראַציאָנאַליזם האָט זיך אָבער דערמיט ניט געוואָלט רעכענען; דער שׂכל הישר איז לויט דעם ראַציאָנאַליסטישן וועלטבאַנעם דער איינציקער באַפעלער און געוועלטיקער, ער דאַרף און מוז אַלץ באַגרייפן און פאַרשטיין, ווייל אַלץ איז אונטער זיין שליטה, און וואָס דער שׂכל איז ניט משׂיג, דאָס עקסיסטירט ניט, דאָס איז — לא היה ולא נברא. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס מיימונים ראַציאָנאַליסטישער גאָט־באַגריף האָט ניט געקאָנט באַפרידיקן די מענטשן מיט אַ התלהבות-געפיל, ביי וועלכע דער גלויבן איז געווען אַ האַרצבאַדערפעניש, ניט קיין שׂכל־פּראָבלעם. פאַר די דאָזיקע טיף־רעליגיעזע נאַטורן מיט זייערע פילפאַרביקע אינערלעכע איבערלעבונגען, זיינען געווען צו קאַלט און טרוקן די שׂכלדיקע סבֿרות פון מיימונים פילאָזאָפיש־רעליגיעזער סיסטעם, מיט אירע לאָגישע באַווייזן, ווי נוצלעך די אָדער יענע מצווה איז.

עס זיינען, אמת, אין יענער צייט געמאַכט געוואָרן פאַרשיידענע פּרוּוון צו מאַכן אַ פּשרה צווישן די דאָזיקע אַנטקעגנגעזעצטע שטרעמונגען. די פּשרות האָבן אָבער קיין שום ערפאָלג ניט געקאָנט האָבן, ווייל זיי זיינען ניט געווען בכוח צו געבן דאָס, וואָס ס׳איז געווען צומנייטיקסטן: אַן אָרגאַניש גאַנצע וועלטאַנשויונג, וואָס זאָל אין זיך פאַר־

איינינקן דעם געדאַנק און דאָס געפיל, באַפרידיקן די תביעות אי פונם פאַרשנדיקן שכל, אי פונם בענקענדיקן האַרץ. באַזונדערס אינטערעסאַנט איז אין דער הינזיכט די ליטעראַרישע טעטיקייט פון שם טוב פאַלקירה, איינער פון די געלערנטסטע שריפטשטעלער פונם XIII יאָרהונדערט [1]. אַ מענטש פון ענציקלאָפּעדישן וויסן, גרינדלעך באַקאַנט מיט דער גריכיש־אַראַבישער פילאָזאָפיע, האָט פאַלקירה פאַרפאַסט אַ גאַנצע ריי ווערק איבער פילאָזאָפיע און פסיכאָלאָגיע [2], געשריבן אַ פירוש צום רמב"מס „מורה נבוכים" [3] און איבערגעגעבן אין העברעיִש דעם תמצית פון שלמה גבירולס באַרימט פילאָזאָפיש ווערק „מקור חיים" [4]. אַ הייסער אָנהענגער פון די צוויי גרויסע ראַציאָנאַליסטן, משה בן מיימון און אבן רשד [5], האָט פאַלקירה נאָך אין די יונגע יאָרן פאַרפאַסט זיין „אגרת הוכוח" [6], אין וועלכן עס פירן אַ וויכוח דער אָנהענגער פון ראַציאָנאַליסטישער פילאָזאָפיע (חכמה) מיט דעם גאָטספאַרכטיקן פרומען "חסיד". דאָס ווערק באַצוועקט צו דערווייזן, אַז „חכמה און תורה" זיינען „צוויי צווילינג־שוועסטער" (החכמה אחות לתורה ותאומה), וואָס קאָנען און דאַרפן לעבן אין אחדות און אין שלום. דער פאַרפאַסער גופא איז אָבער געווען צו שאַרפזיניקטיק, ער זאָל סוף־כל־סוף ניט איינזען, אַז ניט מיט אַפּאָלאָגעטישע וויכוחים קאָן מען פאַרענטפערן שאַרפע סתירות און מאַכן אַ פשרה צווישן גרונדפאַרשיידענע וועלטאָנשויונגען. ער האָט פאַרשטאַנען געהעריק אָפּצושאַצן דאָס געפיל פון אומבאַפרידיקטקייט, וואָס ס'האָבן שמאַרצהאַפטיק געשפּירט אין זיך פילע פון זיין דור, אָט

---

1 געבוירן בערך אין 1225, געשטאָרבן נאָך 1290.

2 דער רייסטער פון זיינע ווערק, וועלכע ער האָט פאַרפאַסט ביז אין די פערציקסטע יאָרן פון זיין לעבן, האָט פאַלקירה געגעבן אין דעם אָנהייב פון זיין „המבקש".

3 דער פירוש הייסט „מורה המורה", פאַרעפנטלעכט דורך ביסעליכעס אין 1837. פאַלקירה גיט אין זיין פירוש אַ זייער גוטע, אמת וויסנשאַפטלעכע איבערזעצונג פון פילע שווער וויסנשאַפטלעכע שטעלן אין דעם רמב"מס „מורה", וועלכע אבן תיבון האָט לויט פאַלקירהס מיינונג ניט ריכטיק איבערגעזעצט. אין סוף פון זיין בוך (148—158) גיט פאַלקירה זייער וויכטיקע פילאָלאָגישע באַמערקונגען בנוגע צו אבן תיבונס פילאָזאָפישער טערמינאָלאָגיע.

4 זע ערשטן באַנד, ז' 86.

5 ווען פאַלקירהס פאַרהאַלטן זיך צו אבן רשד, זע די פאָררעדע צו „מורה המורה". ווען שלמה פטי האָט אָנגעפאַנגען זיין קאַמף קעגן דעם רמב"ם, האָט פאַלקירה פאַרפאַסט אַן אָפענעם בריוו, אין וועלכן ער טרעט אַרויס אַלס הייסער אָנהענגער פון מיימונים אידעען (דער בריוו איז פאַרעפנטלעכט אין „מנחת קנאות" און אויך אין „אגרות קנאות".)

6 צום ערשטן געדרוקט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל (1570), דערנאָך אין פּראָג אין 1610. מיר האָבן זיך באַנוצט מיט יעלינעקס אויסגאַבע פון 1875.

דעם אומרויִקן דראַנג צו זוכן דעם ריכטיקן לעבנס-וועג, וואָס פירט צום פאַרבאָרגענעם אמת. די דאָזיקע פּראָבלעם שפּיגלט זיך גאַנץ בולט אָפּ אין פאַלקירהס דידאַקטישער דערציילונג „המבקש״ (דער זוכער), וואָס ער האָט פאַרענדיקט אין האַרבסט 1263. לויט זיין ליטעראַרישן לבוש גע־הערט דאָס דאָזיקע ווערק צו די אייגנאַרטיקע, ביי די אַראַבער באַליבטע ליטעראַרישע שאַפונגען, ווו עס איז שווער צו באַשליסן: וווּהין, אייגנט־לעך, געהערט אָט דאָס דאָזיקע ווערק — צו פילאָזאָפיע אָדער שיינער קונסט. אַ קלאַסישן מוסטער פון אַזאַ אַרט שאַפונגען שטעלט מיט זיך פאָר דעם אַראַבישן דענקער אַבו ביכר אבן טופיל [1] מייסטערווערק — זיין באַרימטער, אויף פיל אייראָפּעיִשע שפּראַכן איבערגעזעצטער, פילאָ־ראָמאַן „איבן יקטאַן״. דער העלד פון דעם דאָזיקן ראָמאַן איז אַ אייגנאַר־טיקער ראָבינזאָן; נאָך אַלס זויגקינד ווערט ער פאַרוואָרפן אויף אַן אָפּ־געזונדערטן אינזל, ווערט דאָרטן דורך אַ גאַזעלע אויפגעצויגן, און איינער אַליין, אַדאַנק זיין אומדערמידלעכן דראַנג נאָך פאָרשן און וויסן, דער־גרייכט ער די העכסטע מדרגות פון וועלט און גאָט־דערקענען. דערנאָך, ווען ער באַקענט זיך אויף דער עלטער מיט מענטשן און מיט זייערע קליינלעכע תביעות און באַגריפן, קומט ער צום ענדגילטיקן באַשלוס, אַז בלויז אין התבודדות, אין אָפּגעזונדערטקייט פון דער ערדישער וועלט, אין דעם אומדערמידלעכן שטרעבן אין די הייכן, אין פאָרשן און זוכן דאָס אייביקע און אומפאַרגעגנגלעכע — ליגט דעם מענטשנס העכסטער ציל. אבן טופילס ראָמאַן איז געווען זייער פּאָפּולער ביי די יידן אין שפּאַניע, מען האָט אים שפּעטער (סוף 13טן י״ה) איבערזעצט אויף העב־רעיִש (אגרת חיואן בן יקטאן) און דער באַוווּסטער משה נרבוני האָט אויף אים אַ פּירוש געמאַכט. עס איז אויסער ספק, אַז דער פילזייטיק גע־בילדעטער פאַלקירה איז געווען גוט באַקאַנט מיט דעם דאָזיקן אַראַבישן פילאָזאָפישן ראָמאַן, וואָס זיין השפעה פילט זיך אין דעם ליטעראַרישן לבוש פון זיין „המבקש״.

„פריער פון אַלץ — זע חכמה צו קויפן! דער שכל — אָט דאָס איז דער תמצית פונם מענטשן, אַלץ אויסער אים האָט קיין שום ווערט ניט!״ אָט מיט דעם „אני מאמין״ הייבט אָן אונזער פאַרפאַסער זיין ווערק. דער פאַרפאַסער דערציילט ווייטער, ווי ער פלעגט אין די יונגע יאָרן פיל זיך אָפּגעבן מיט פּאָעזיע און אַ סך שירים געשריבן; ווען ער איז אָבער על־טער געוואָרן, האָט ער זיך איבערצייגט, אַז לידער שרייבן איז בלויז די

1 געבוירן אין קאַדיקס (אַנדאַלוזיע) אין 1100, געשטאָרבן אין מאַראָקע אין 1185.

צייט צו פאַרטרייבן, „האָב איך געגעבן אַ גט דער געטין פון געזאַנג, מיט דער חכמה האָב איך מיך פאַרלויבט, מיט דער טאָכטער פון וויסן זיך פאַרבונדן אויף אייביק!"[1]. דאָך איז דער גרעסטער טייל פונם „המבקש" גופא געשריבן אינם פּאָעטישן מאַקאַמען־סטיל. אמת, די ליי־דער, וואָס זיינען איינגעפּאַסט אין דער געריימטער פּראָזע, זאָגן טאַקע עדות, אַז זייער פאַרפאַסער האָט זיך ווירקלעך „געגט" מיט דער געטין פון געזאַנג, און ס'איז אויך צו גלויבן, אַז ער איז מיט איר קיין מאָל ניט געווען פאַרבונדן...

דער העלד פון דער דערציילונג איז דער אייביקער „זוכער" (המבקש)[2], וואָס וויל אויספאָרשן אַלע וועגן, אויף וועלכע מענטשן זוכן דאָס אמתע גליק און די העכסטע מדרגה פון שלמות. וועלכער וועג איז דער בעסטער? וועלכער איז דער ריכטיקער וועג? דער „זוכער" גייט פריער צום עושר, וועלכער זעט אינם גאָלד דעם יסוד פונם מענטשנס גליק און מאַכט. אומבאַפרידיקט גייט ער ווייטער, און קומט צום שטאָלצן גיבור, וואָס זעט אין מאַכט און קאַמף דעם תמצית פון לעבן. „זיי וויסן, — דערקלערט דער גיבור, — אַז די גאַנצע וועלט איז נאָר אויף קאַמף געשטעלט. אין דעם שוואַכן און אין דעם פּחדן זיצט אַ נידעריקע נשמה, שיינקייט און גרויסקייט פונם מענטשלעכן גייסט אַנטפּלעקט זיך נאָר אינם מוטיקן קאַמף. עס עקסיסטירט און לעבט ווירקלעך נאָר דאָס, וואָס שטרעבט צום ניצחון, דאָס שוואַכע און נידעריקע מוז אונטערגיין. ניצחון — אָט אין דעם איז דאָס לעבן, און אין הכנעהדיקייט און שיפלות — דער טויט. און ווייל יעדער באַשעפעניש שטרעבט צום לעבן, דערפאַר וויל עס ניט בעטן און בעטלען, נאָר אַלץ דערוואָרבן אין קאַמף"[3].

פונם גיבור האָט דער „זוכער" געוואַנדערט צום גרויסן מייסטער (חרש חכם והוא ראש בעלי אומניות), פון אים צום באַרימטן אַרצט, פונם אַרצט צום חסיד דעם תם, וואָס וויל ניט וויסן פון חכמה נאָר פון גוטע מידות. דערנאָך האָט ער באַזוכט דעם בעל־לשון, דעם גרויסן

---

[1] „המבקש" (מיר ציטירן נאָך דער אַמסטערדאַמער אויסגאַבע 1772):

בנות שיר מעלי פני אשלח — ואגרתי תהי ספר כריתות
ובת חכמה אארש לי לאשה — ואקנה בת תבונה לי צמיתות.

[2] וועגן דער קרובישאַפט צווישן פּאַלקירהס „המבקש" און אַלנאַזאַלים אַ דער־ציילונג, זע „העבר, ביבל.", X, 86.

[3] דאָרטן, 26: „כי זה העולם בנוי על הניצוח וכל דאלים גבר, ואל ההויה ואל הניצוח יכסוף כל דבר ודבר... הניצוח בטבע החיים והשאלה בטבע המות והנפש לא תאהב המות ועל כן תאהב לקחת הדברים בניצוח לא בשאלה."

מדקדק, און פון אים צום דיכטער, דעם מייסטער פון געזאנג. ביי יעדן פון זיי האט ער פארבראכט חדשים און יארן, און איז אלץ געבליבן אומ־באפרידיקט[1]. „ער האט זיך איבערצייגט, — ווייזט אן דער פארפאסער — אז ניט די דאזיקע וועגן פירן צום אמתן גליק; דאס זיינען בלויז פאר־שטופעס, וואס קענען ערשט ברענגען צום וועג פון העכסטן גליק — צום וויסן" (לעלות עמם אל ההצלחה האמתית שהיא הידיעה)[2], און אונ־זער העלד לאזט זיך ווייטער וואנדערן. ער קומט צום פרומען מאמין, וואס גיט אים צו פארשטיין, אז „מען דארף זיך ניט אריינלאזן אין קיין חקירות, ניט פארלאזן זיך אויפן שכל, נאר אויף דער הייליקער תורה, ווו עס זיינען געטלעכע סודות באהאלטן, וועלכע דעם מענטשנס שכל איז ניט אימשטאנד משיג צו זיין"[3]. דער העלד, אין וועמעס נאמען עס רעדט דער פארפאסער גופא, ענטפערט אפ דעם פרומען מאמין מיט כעס און מיט ביטול: „די נארישקייט האט דיין הארץ פארשטאפט, דיינע אויערן פארטויבט און דיינע אויגן בלינד געמאכט"[4].

פונם מאמין גייט דער „זוכער" צום תלמיד־חכם, דעם שארפן תלמודיסט, וואס איז אויך א גרויסער בקי אין די חכמות הטבע. א פאר־ערער פונם „מורה נבוכים", דערקלערט דער חכם אינם גייסט פון מיימוני, אז ס'איז ניט כדאי צו פטרן די גאנצע צייט אויף פילפול און שקלי־וטריא (אין ראוי לבלות כל הימים בקושיות ודחיות), און בכדי זיך צו באקאנען מיט דער תורה שבעל־פה „גענוגט ביי היינטיקע צייטן" (ודי לאדם בזמן הזה) צו שטודירן דעם אלפס, דעם רמב"מס „משנה תורה" און זיין פירוש אויף משניות[5]. „טו ניט ווי פילע אנדערע, וואס זיצן אפ גאנצע נעכט איבער איין הלכה, און אז מען פרעגט זיי אין דער פרי, פלאנטערן זיי מיט דער צונג און ווייסן ניט וואס צו ענטפערן. בכדי גרינדלעך די תורה צו פארשטיין, שטרייכט דער חכם אונטער, מוז מען זיך באקענען מיט אלע אנדערע חכמות. דער „זוכער" פאלגט דעם חכמס עצה, און די ווייטערדיקע 30 זייטן (72—102), ווו עס ווערט באשריבן, ווי אזוי אונזער העלד באקענט זיך ביי פארשיידענע פאך־געלערנטע מיט די וויסנשאפטלעכע דיסציפלינען, האבן באשטימט א קולטור־היסטארישן אינטערעס: מיר באקומען דארט אין א קלארער פאפולערער פארם אן

---

1 א היסטארישן אינטערעס האבן די מיינונגען, וואס דער פארפאסער זאגט דערביי ארויס וועגן דעם באטייט און ווערט פון דער פאעזיע (ז' 56—62).

2 דארטן, 64.

3 דארטן, 66.

4 דארטן, 70: „הסיכלות השמין לבך מהשכיל, והכביד אזנך משמוע ועיניך השע".

5 דארטן, 72.

אַלגעמיינעם איבערבליק איבער דעם מצב פון אַלע הויפּט-וויסנשאַפטן אין יענער צייט [1].

דער „זוכער" האָט זיך גענומען פלייסיק שטודירן די אַלע וויסנשאַפטן ביי די גרעסטע חכמים, נאָר סוף־כל־סוף איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אויך די אַלע חכמים „בלאָנדזשען בלויז אַרום דעם מלכס פּאַלאַץ, אָבער אינעווייניק איז קיינער ניט אַריינגעדרונגען" [2]. דאַן האָט ער באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו דעם גרעסטן מושלם, וואָס דרינגט אַריין מיט זיין שאַרפן מוח אין די פאַרבאָרגנסטע טיפעניש, צו דעם, „וועלכער הייסט אין גריכישן „פילאָזאָף". דאָ רייסט אָבער דער פאַרפאַסער איבער אין דער מיט. ער דערמאָנט נאָר אַגב אורחא, אַז דער „זוכער" האָט פאַרבראַכט ביים פילאָזאָף גאַנצע דריי יאָר. דעם לעזער בלייבט אָבער אומבאַקאַנט, צי האָט ענדלעך דער העלד געפונען דאָס, וואָס ער האָט מיט אַזאַ עקשנות געזוכט, אָדער ער בלאָנדזשעט נאָך אַלץ איבער דער וועלט און זוכט דעם אמת פונם לעבן...

דער אויפמערקזאַמער לעזער מוז מודה זיין: עס בלאָזט אַ קאַלט טרוקן ווינטל אין פאַלקירהס דערציילונג. נאָר ניט דער געלערנטער פאַרפאַסער איז אין דעם שולדיק. עס ווענדט זיך גיכער אין דער גאַנצער סיסטעם, אין דער אידעענוועלט, אין וועלכער דער מיימוניסט פאַלקירה האָט געלעבט, און פאַר איר געקעמפט. עס איז דערפאַר גאַנץ פאַרשטענדלעך, וואָס אין דער דאָזיקער ראַציאָנאַליסטישער אַטמאָספער, ווו אַלץ

[1] אַ צווייטער געלערנטער פון XIII יאָרהונדערט, דער פאַרפאַסער פון אַ ספּעציעלן ווערק איבער מאָס און וואָג אין ביבל און תלמוד, יוסף אבן עקנין אויס באַרצעלאָנע (ניט צו פאַרבייטן מיטן רמב"מס געליבטן תלמיד, וואָס טראָגט אויך דעם אייגענעם נאָמען), גיט אין דעם 27טן קאַפּיטל פון זיין אַראַביש ווערק „טב אל נופוס" (מרפא הנפש) אַ פולשטענדיקע פּראָגראַם פון דערציִונג און בילדונג אין יענער צייט. די וויסנשאַפטן ווערן ביי אים געגוי אַזוי איינגעטיילט, ווי ביי פאַלקירהן. אבן עקנין רעכנט אויס פאָלגנדיקע דיסציפּלינען: לאָגיק, מאַטעמאַטיק, געאָמעטריע, אָפּטיק, אַסטראָנאָמיע, פיזיק, מינעראַלאָגיע (הכמת הדומם), באָטאַניק (הצמחים), זאָאָלאָגיע (בעלי־החיים), פּסיכאָלאָגיע און מעטאַפיזיק. דער דאָזיקער קאַפּיטל איז איבערגעדרוקט אין גידעמאַנס ווערק „דאָס יודישע אונטעררי‌כטסוועזן ווערענד ד. שפּאַניש־אַראַבישען פּעריאָדע", ז"ז 43—140; אין העברעיִש, שטאַרק פאַרקירצט, האָט איבערזעצט ש. העפּענשטיין אין סאָקאָלאָווס „ספר היובל", 1904. אַ רייסטער פון די דעמאָלטיקע וויסנשאַפטן גיט אויך פאַלקירהס אַ בן־דור, דער פאַרפאַסער פון „משל הקדמוני" (ערשטע אויסגאַבע, ז' 9), דאַן דער באַרימטער אברהם אבן עזרא (אין „יסוד מורא", 11, 16), אויך אין זיין פירוש אויף תורה (שמות, 3, 31). זיי אַלע גרופּירן די וויסנשאַפט נאָך דעם סדר, וועלכן ס'האָבן איינגעפירט די אַראַבישע פילאָזאָפן, בפרט אַלפאַראַבי.

[2] דאָרטן, 102: „וראה כי יש מהם אשר שמעו שמע המלך, אבל לא באו אל חצר בית המלך פנימה ופני המלך לא ראו".

האָט אויסגעזען אזוי פשוט און קלאָר, אַלץ ווערט געוויזן אויף דער וואָג פון לאָגיק, און אין אַלעמען ווערט געזוכט דער שכלדיקער תכלית און פּראַקטישער נוצן — האָט זיך טאַקע געמוזט מערן די צאָל פון אומ־באַפרידיקטע „זוכערס" מיט בענקענדיקע נשמות, וואָס האָבן אזוי שמאַרצהאַפטיק געזוכט אַן ענטפער אויף די פאַרפּלאָנטערטע און אומ־לעזבאַרע רעטענישן פונם לעבן. און ניט ביי פילאָזאָפן-ראַציאָנאַליסטן פון פאַלקירהס חדר האָבן זיי געקאָנט געפינען דאָס, וואָס זיי האָבן גע־זוכט...

זייער אינטערעסאַנט איז אין דער הינזיכט פאַלקירהס א בן־דור, יצחק בן אברהם אבן לאַטיף. דאָס איז געווען א מענטש פון א ברייטער פילאָזאָפישער בילדונג, מיט א באַגאַבטער איידל־פילנדיקער נשמה. אין טיף רירנדיקע, האַרציקע ווערטער דערציילט ער וועגן זיין לעבנס־דראַמע [1]: ווי ער האָט געקלאַפּט אין אַלע טירן, געוואַנדערט איבער אַלע וועגן, איבעראַל געזוכט דעם לויטערן ליכטיקן אמת, געפּאָרשט נאָך גאָטס לעבעדיק ברענענדיק וואָרט... ער דערציילט, ווי ער איז געקומען צו די טרעגער פונם פילאָזאָפישן ספּעקולאַטיוון געדאַנק. ער האָט דאָרט געפונען מענטשן זעלבסטצופרידענע, געלאַסן־רויִקע, וואָס זיינען אזוי שטאָלץ און זיכער, אַז ביי זיי איז דער ריכטיקער אמת, אַז אַלע זייערע סברות און געדאַנקען שטיצן זיך אויף פעסטע יסודות. „איך האָב מיך אָבער אי־בערצייגט — דערקלערט אבן לאַטיף — אַז זיי לעבן אין טעות, זייער גאַנצער בנין הענגט אין דער לופטן; זיי מיינען: מיט זיי איז דער אמת און דערגרייכט האָט זייער פאַרשנדיקער געדאַנק דעם וועג צום אייביקן ליכט — און זיי טאַפּן נאָך אַלץ אין דער פינסטער ווי בלינדע; פאַר־באָרגן איז פאַר זיי דער לעבעדיקער קוואַל, זיי בלאָנדזשען נאָך אַלץ אין דרויסן, און קאָנען ניט געפינען דעם אריינגאַנג אין היכלו..." [2].

אבן לאַטיף קאָן בשום אופן ניט איינשטימען מיט מיימונים מיי־נונג, אַז אַלץ, וואָס אַריסטו האָט געלערנט וועגן דעם סדר פון דער ערד־

---

1 אינם ווערק „צורת העולם", קאַפּ' 5; אויך אינם אָנפאַנג פון זיין „אגרת התשובה".

2 דאָרטן, 9: „ואדרוש בבעלי החכמות העיוניות... וחזרתי על כל צדדי עיונם וגאותם וגאונם והוחלתי לדבריהם אאזין עד תבונותיהם ומששתי את כל כליהם אשר תארום בחכמה ותושיה, וראיתי קצתם כקיר נטויה וגדר הדחויה ומקצתם מתהפכים בתחבולותם ודורשים מסבות אחר מחיצות רבות והם בעיניהם כמחזיקי שרשי אמונה... ואין איש בנקודת האמת נוגע כי קצר המצע מהשתרע וילאו למצוא הפתח ולא מצאו דרך לגשת אל קדש הקדשים בהקדמות עיוניות ובהיקשים ונראה כי אין וכי מקור האמת נעלמת מן העין".

דישער וועלט און דער נאַטור ביז צו די גרענעצן פון דער לבנה — איז לויטער אמת, און נאָר אַן אומוויסנדיקער מענטש קאָן דערמיט ניט מסכים זיין. „איך שטיי אַוודאי אין געפאַר — באַמערקט אבן לאַטיף מיט אַ איראָנישן שמייכל [1] — אַז מען וועט אויך מיך דערקלערן פאַר אַן עם־הארץ און אומוויסנדיקן מענטשן, איך האָב אָבער דאָך די העזה אָפן אַרויסזאָגן מיינע ספיקות און אָנווייזן, אַז הן אין אַריסטוס פיזיק הן אין פטאָלאָמעוס אַסטראָנאָמישער סיסטעם איז ניט אַלץ ריכטיק. איך געפין, אַז דאָס וואָס זיי דערציילן וועגן די ספערן, גלגלים און פּלאַנעטן און אויך זייער לערע וועגן דעם תמצית פון מאַטעריע און פאָרם — זיינען פול מיט סתירות און אומבאַגרינדעטע הנחות [2]. „צי זעט איר דען ניט קלאָר— רופט ער אויס — אַז אַלע זייערע פּרוּוון לאָגיש צו באַווייזן די עקסיס־טענץ פון די גלגלים און פון דער ערשטער שאַפנדיקער סיבה, בלייבן אומבאַגרינדעט און הענגען אַלע אין דער לופטן" [3].

אומבאַפרידיקט, פול מיט ספיקות אין האַרצן, בעט אבן לאַטיף: „גאָט מיינער, דו גאָט פון אַברהם! באַווייז דיין גענאָד פאַר מיר, דיין קנעכט, איך זאָל זוכה זיין אויסצופאָרשן דיינע טיפע סודות, די גרויסע ווונדער פון דיין אָפנבאַרונג און פון די אַנטפּלעקונגען פון דיינע נביאים!" [4].

פאַלקירהס העלד (אין „המבקש") רופט דעם פשוטן מאמין „בלינדער אומוויסנדיקער מענטש", דערפאַר, וואָס יענער וויל ניט אָנערקענען אין אמונה־זאַכן דעם שכל הישר פאַר דעם העכסטן אויטאָריטעט. דער מאמין בלייבט אָבער ביי זיינעם. דער אמת רעליגיעזער מענטש נייטיקט זיך גאָר ניט אין דעם הסכם פון דער פילאָזאָפיע, זי זאָל אים דערווייזן, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט און אַז די לערע פון דער תורה איז אמת און גערעכט. פאַר דעם אמת גלויביקן איז פאַראַן, לויט זיין וועלט־באַנעם, אַ גרעסערער אויטאָריטעט, דער אויטאָריטעט פון דער מסורה און קבלה, וואָס זאָגט עדות, אַז די תורה איז מן השמים, און אַז גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זיין פאָלק אויפן באַרג סיני. דער ראַציאָנאַליסט פלייסט זיך אויסצופאָרשן דעם גאָטסבאַגריף, פ אַ ר ש ט י י ן על־פי חקירה די גרויסקייט פון גאָט; דער מיטלעלטערלעכער גלויביקער אָבער,

---

[1] דאָרטן, 6.

[2] דאָרטן, קאַפּ' 2 — 3.

[3] דאָרטן, 8: „ועתה ראה גם ראה האיך בנו השכלים וגם מציאות המניע הראשון על יסוד מתנועע מבלתי מיוסד במקום נאין שהרי כבר חזרו על כל צדדי עיונם ולא תתקיים להם מופת על התמדת התנועה ולא יתקיים לעולם".

[4] דאָרטן, 9 — 10.

דער מאמין, פילט גאָט מיט זיין גאַנצער נשמה, ער טראָגט אים אין די
טיפענישן פון זיין הארצן... און דאָרט, ווו דער יחיד דערפילט אין זיך,
אין זיין באַגרענעצטן איך, די קרובהשאַפט צום געטלעכן און אומענד־
לעכן — דאָרט פלאַקערט אויף דאָס רעליגיעזע געפיל מיט מיסטישער
התלהבות, דער גלויבן ווערט אַ מיסטעריע, פול מיט געטלעכע וווּנדער [1].
דאָס רוב אומרויִקע „זוכערס" פונם XIII יאָרהונדערט האָבן דערפאַר
געפונען רו און באַפרידיקונג ניט אינם שוים פון דער ראַציאָנאַליסטישער
מעטאַפיזיק, נאָר ביי די מיסטיקער מיט זייער התלהבות, מיט זייער ברע־
נענדיקן פּאַטאָס, וואָס האָט זיך ניט געוואָלט רעכענען מיט די שטרענגע
געזעצן פון דער קאַלטער לאָגיק און שטורמיש זיך געריסן אין דער הויך
צו די הימלישע ספערן. דער ראַציאָנאַליזם האָט געוואָלט זיין דער אַליינ־
הערשער, דער איינציקער געוועלטיקער איבער דעם קולטורעלן לעבן, דאָס
מיטלעלטערלעכע לעבן איז אָבער אַזוי ווייניק געווען פּאַסיק דערצו. און
די מרידה האָט זיך גלייך אָנגעהויבן. טאַקע אינם XIII יאָרהונדערט, ווען
מיימונים ראַציאָנאַליזם האָט ניצחונדיק געשפּרייזט איבער שפּאַניע און
פּראָוואַנס, איז אויף דעם פאָדערגרונד פונם יידישן קולטור־לעבן אַרויס־
געטרעטן דעם ראַציאָנאַליזמס פאַרביטערטער קעגנער — די „תורה
שבלב", די סודותדיקע קבלה.

מיר האָבן שוין אין פריערדיקן באַנד אָנגעוויזן, ווי אַזוי געוויסע
מיסטישע אידעען און שטרעמונגען האָבן אויס בבל איינגעוואַנדערט קיין
איטאַליע, און פון דאָרט צו די ברעגן פונם ריין. מיר האָבן געזען, ווי די
דאָזיקע אידעען זיינען אַ לאַנגע צייט געווען באַקאַנט בלויז אין ענגע
קרייזן, אָבער צום סוף XII יאָרהונדערט זיינען זיי אַרויסגעטרעטן אויף
דער ברייטער אַרענע פונם יידישן לעבן. זיי האָבן אָנגעהויבן צו געוועל־
טיקן איבער די מוחות פונם דייטשן יידנטום, זיינען אויך אַריינגעדרונ־
גען איבער יענער זייט פירענעען און פאַראינטערעסירט די הויכגעביל־
דעטע פאָרשמייער פון דער יידישער אינטעליגענץ אין שפּאַניע. ביים
גרעסטן יידיש־שפּאַנישן דיכטער און דענקער פון XI יאָרהונדערט, ביי
שלמה גבירול, שפּילט שוין, ווי מיר ווייסן, אַזאַ באַדייטנדיקע ראָלע די
לערע וועגן אויסשטראַלונגען (עמאַנאַציעם), וואָס לויט איר איז די וועלט

1 גאַנץ ריכטיק באַמערקט וועגן דעם דער רוסישער פאָרשער ל. קאַרסאַווין אין זיין ווערק
Основы средневѣковой религiозности в XII — XIII в. в. (стр. 51 — 52): „Лишь только к убѣжденiю или вѣрѣ присоединяется мнимое или реальное ощущенiе сверхчувственнаго, религiозность становится мистической, переходит в мистику, не переставая быть религiозностью... Трудно отдѣлить религiозность от мистики. Еще труднѣе провести грань между религiозным и мистическим".

באַשאַפן געוואָרן דורך די אויס דער גאָטהייט אויסגעשטראַלטע קרעפטן. עס איז קיין ספק ניט, אַז גבירולס פילאָזאָפיע איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אונטער דער השפעה פון די אַראַבישע דענקער, וועלכע האָבן זיך באַקענט מיט די אידעען פון די נעאָפּלאַטאָניקער פילאָן און פּלאָטין אויס דער סירישער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור. די „עמאַנאַציע-לערע" איז ביי די דאָזיקע אַראַבישע דענקער געווען שוין גאַנץ סיסטעמאַטיש אויסגעאַרבעט. שוין דער ערשטער באַדייטנדיקער אַראַבישער דענקער, אַלקינדי, נעמט אַ גאַנץ נאָענטן אָנטייל אין דער אַראַבישער איבערזעצונג פונם פילאָזאָפישן ווערק „טעאָלאָגיע", וואָס דאָרט ווערט באַשריבן, ווי אַזוי אויס דעם אייביקן ליכט־קוואַל האָט אויסגעשטראַלט דער „עולם השכלי", די „געדאַנקען־וועלט", אָדער דער „אדם עילאָ", דער „הימלישער מענטש". פון אים, דעם „עולם השכלי", האָט ווייטער אויסגעשטראַלט אַ נייע ליכט־עמאַנאַציע — „הנפש הכללית השמימית", די „אוניווערסאַלע נשמה פון דער הימלישער וועלט"[1]. און שוין אין גבירולס צייטן פּרווט דער פאַרפאַסער פון דעם ערשט ניט לאַנג געפונענעם ווערק „מעאני אל נפס" (די לערע וועגן דער נשמה)[2] צו פאַראייניקן די עמאַנאַציע־לערע מיט די צען ספירות פונם „ספר יצירה". די ערשטע אויסשטראַלונג הייסט אין דעם „מעאני אל נפס" — „חכמה", אָבער אויך „שכינה" און „כבוד"[3].

ביי גבירולן האָבן זיך האַרמאָניש פאַראייניקט דער ברען פון מיסטישער התלהבות מיט דעם איזערנעם גלויבן אין דער גרויסער מאַכט פון וויסן און פאָרשן; אַ באַגייסטערטער ליריקער, דער דיכטער פונם גרויסן וועלט-שמערץ, איז ער פעסט איבערצייגט, אַז אויף די ליכטיקע פליגל פונם שטאָלצן פרייען פאָרשער־געדאַנק וועט דעם מענטשן געלינגען זיך דערהויבן אין דער הויך צו די הימלען, און דאָרט שטילן זיין דאָרשט, זיין שמאַרציקן דראַנג נאָך דעם קוואַל פון אמת. די אידעען פון דעם דאָזיקן גלענצנד באַגאַבטן נעאָפּלאַטאָניקער האָבן אָבער געפונען אַ גאַנץ קנאַפּן אָפּקלאַנג ביי דער יידישער אינטעליגענץ. אַן אַנדער אידעען־סיסטעם האָט באַהערשט די דעמאָלטיקע יידישע אינטעליגענטע שיכטן — דער אַריסטאָטעלישער ראַציאָנאַליזם, וואָס האָט באַלד פאַרנומען דעם פאָדערגרונט פון דעם יידישן קולטורעלן לעבן אין שפאַניע, און פאַרגעסן איז געוואָרן דער „מקור חיים" און זיין לערע. ניט אָבער אויף לאַנג פאַר־

---

1 זע, א. הרכבי, „חדשים גם ישנים", X 17; 290, 252—56, S. Munk, Melanges,

2 מע רעכנט, אַז דאָס ווערק האָט געשריבן דער באַרימטער פאַרפאַסער פונם „חובות הלבבות", בחיי אבן פקודה. די העברעישע איבערזעצונג „ספר תורת הנפש" האָט פאַרעפנטלעכט יצחק ברוידע אין 1896.

3 זע הרכבי, ציט. ווו., 18; י. גוטמאַן, „מאָנאַטסשריפט", 1897, 451.

נעסן געוואָרן. פריי און ליכטיק איז געווען אין דעם שטאָלצן טורעם פון דער אריסטאָטעלישער סיסטעם, נאָר קאַלט און פּראַסטיק; און אומבאַ־פרידיקט האָבן אים פאַרלאָזן פילע שטורמיש זוכנדיקע און בענקענדיקע נשמות. אויפסניי האָט אויפגעגלאַנצט דער נעאָפּלאַטאָנישער שטערן, גע־רופן און געצויגן צו זיך האָבן די סודותדיקע טיפענישן פון דער קבלה, דער „חכמת הנסתר״...

און עס איז גאַנץ כאַראַקטעריסטיש, וואָס די פאָלקס־אגדה האָט פאַרבונדן די געבורט פון מיסטישע שטרעמונגען אין שפּאַניע און פּראָ־וואַנס גראָד מיטן נאָמען פון דעם זעלבן תלמיד־חכם, וואָס איז דער ערשטער אַרויסגעטראָטן מיט אַ פּראָטעסט קעגן דעם רמב״מס ראַציאָנאַ־ליזם. אַן אַלטע אגדה דערציילט, אַז אליהו הנביא האָט זיך באַוויזן צו דעם פרומען למדן רבי דוד, און האָט אים מגלה געווען טיפע פאַרבאָר־גענע סודות. די דאָזיקע סודות האָט רבי דוד איבערגעגעבן זיין איינציקן זון, אברהמען, דעם באַרימטן פאַרפאַסער פון די „השגות״ אויף דעם רמב״מס „משנה תורה״ [1]. דער ר׳ אברהם בן דוד (דער ראב״ד השני) איז ווירקלעך געווען אַ בעל־קבלה; ער האָט פאַרפאַסט אַ פּירוש אויפן „ספר יצירה״, ווו ער רעדט באַריכות וועגן דער געטלעכער קראַפט, וואָס שטעקט אין די אותיות פון דעם יידישן אלף־בית [2]. די זעלבע אגדה דער־ציילט ווייטער, אַז דער ראב״ד האָט איבערגעגעבן די דורך אליהו הנביא אַנטפּלעקטע סודות זיין זון, ר׳ יצחק דער סגי־נהור. דאָס לעבן פון דעם בלינדן ר׳ יצחק, וועלכן פילע רעכענען פאַרן „אבי הקבלה״, דעם „פאָטער״ פון דער חכמת הנסתר — איז איינגעהילט אין אַ געדיכטן שלייער פון פאַנטאַסטישע לעגענדעס. עס איז בלויז פעסטגעשטעלט, אַז אויך ער האָט געשריבן אַ פּירוש אויפן „ספר יצירה״ און האָט פיל זיך אָפּגעגעבן מיט דער לערע וועגן „גילגול הנפש״ [3]. עס איז אויך אַ סברה, אַז ר׳ יצחק סגי־נהור איז דער פאַרפאַסער פונם באַקאַנטן מיסטישן מדרש „בהיר״ (באַקאַנט אויך אונטערן נאָמען „מדרש נחוניה בן הקנה״), ווו עס ווערט צום ערשטן מאָל געגעבן אין אַ קלאָרער סיסטעמאַטישער פאָרם די לערע

---

1 זע „מצרף לחכמה״, 66 (וואַרשעווער אויסגאַבע); גרעץ אין שפּ״רס איבער־זעצונג, IV, 357.

2 „מצרף לחכמה״, 51, ווו עס ווערן געבראַכט דעם ראב״דס ווערטער: „אין האותיות העבריות כאותיות שאר הלשונות כי חיות הן״.

3 אַ לעגענדע דערציילט וועגן יצחק סגי־נהור, אַז איידער ער איז בלינד גע־וואָרן, פלעגט ער אין פּנים פון יעדן מענטשן גלייך דערקענען, צי איז יענעמס נשמה אַ נייע, אָדער אַ גילגול פון אַן אַנדער מענטשן, וואָס האָט שוין פריער געלעבט אויף דער וועלט.

װעגן די אויסגעשטראַלטע „ספירות" [1]. אין דעם דאָזיקן װערק װערן די „ספירות" געשילדערט אַלס די ערשטע גרונט־יסודות פון „מעשה בראשית", פון דער װעלט־שאַפונג, אַלס ערשטע אויסשטראַלונג פון דער געטלעכער עקסיסטענץ. און אַלע ספירות צוזאַמען באַטרעפן דעם גאַנצן קאָסמאָס; זײ הײסן „כל" — דאָס „גאַנצע" פון דער װעלט [2]. נאָר נישט אַלע ספירות זײַנען פון גלײַכער מדרגה. די װיכטיקסטע זײַנען די ערשטע דרײַ: כתר עליון, חכמה און בינה, און ערשט זײ האָבן פון זיך אויס־געשטראַלט די איבעריקע זיבן, פון װעלכע עס האָט זיך געבילדעט די מאַ־טעריעלע װעלט [3].

---

1 מיר זײַנען שטאַרק מסופק, צי דאָס דאָזיקע װערק זאָל האָבן פאַרפאַסט אײן פערזאָן, בפרט נאָך אַ געלערנטער אויס דער פּראָװאַנס. קעגן דעם זאָגט עדות דער קאַבאַליסט פונם XIII יאָרהונדערט, יצחק כּוהן, װעגן װעלכן עס רײדן מיט אַזאַ יראת הכּבוד דער פילאָזאָף יצחק אַלבאַלאַג און דער באַקאַנטער מקובל שם־טוב בר שם־טוב. יצחק כּוהן דערציילט, אַז דער „ספר הבהיר" איז פאַרפאַסט געװאָרן אין ארץ־ישראל, פון דאָרט האָבן דאָס ספר באַקומען די דײַטשע בעלי־קבלה, און ערשט פון דײַטשלאַנד איז עס דערגאַנגען צו די קאַבאַליסטן פון דער פּראָװאַנס, און דאָס ניט פולשטענדיק. דער שם־טוב שרײַבט װעגן דעם אין זײַן „ספר אמונות" (חלק 8, קאַפּ׳ 9): „ר׳ יצחק הכוהן ז"ל... כי ספר הבהיר המיוסד בלשון ירושלמי היקר מזהב ומפז רב אשר גלה ברמזים וסתרים ונעלמים... ר׳ נחוניה ב"ה, והספר ההוא בא מארץ ישראל לחסידי הקדמונים חכמי אשכנז המקובלים ומשם הופיע והגיע עד קצת הגאונים הקדמונים רבני פּרובינציא הרודפים אחרי כל מיני חכמות הרשומות יודעי דעת עליון, אפס קצתו ראו וכולו לא ראו ולא הגיע לידם מלואו ושלמותו... ודברי ר׳ יצחק הכהן נכונים ומקובלים". זע אויך ג. שלומס אינטערעסאַנטן אַרטיקל „צור פראַגע דער ענטשטעהונג דער קאַבאַלאַ" אין „קאָררעספּאָנדענץ־בלאַט", 1928, 6: „היער (אין „ספר הבהיר") ליעגט אין דער טהאַט איין ילקוט מיסטישער דיקטאַ אויס גאַנץ פערשיעדענען צײַטען אונד קװעלען פאָר"...

2 „בהיר", קאַפּ׳ 15: „וקראתי שמו כל, שהכל תלוי בו והכל יוצא ממנו והכל צריכים לו ובו צופים ולו מחכים ומשם פורחים הנשמות". דעם דאָזיקן געדאַנק קאָן מען שױן געפינען אין אַ גאַנץ קלאָרער פאָרם אויסגעדריקט בײַ גבירולן און אויך בײַ משה אבן עזרא אין זײַן „בשם אל אשר אמר":

והוא כל ובו הכל — ונמצא בקרב כל
ואם גבהו מכל — דרכיו ומדותיו.

3 דאָרטן קאַפּ׳ 50—51. עס איז אַ סברה, אַז דער פאַרפאַסער פונם „בהיר" האָט זיך באַנוצט מיט דעם װערק „מסכת אצילות", װאָס ס׳האָט געשריבן אַ מיסטיקער פון XII יאָרהונדערט, יעקב נזיר (ז. יעלינעק, „אויסװאַהל קאַבאַליסטישער מיסטיק", 5), װו עס געפינט זיך שױן די לערע װעגן פיר פאַרשײדענע װעלטן: „ברא הקב"ה ארבע עולמות נגד שמו יתברך שנאמר בו ארבע אותיות, אלו שמותן: אצילות... עולם הבריאה... עולם היצירה... עולם העשיה". אין דעם דאָזיקן װערק װערט שױן אגב אורחא דערמאָנט װעגן „סוד הצימצום" (צמצם הקב"ה אורו). די „מסכת אצילות" איז אָפּגעדרוקט אין סוף פון „מדרש אגדת בראשית" (לובלינער אויסגאַבע, 112—120), איבערגעדרוקט אין יעלינעקס „אויסװאַהל קאַבאַליסט. מיסטיק".

די סיסטעם פון יצחק סגי־נהורם מיסטישער לערע האָבן ווייטער אַנטוויקלט זיינע צוויי תלמידים אוים געראָנע עזרא און עזריאל, דער עיקר דער לעצטער [1].

וועגן עזראַן ווייסן מיר בלויז, אַז ער האָט פאַרפאַסט אַ פירוש אויף „שיר השירים", וואָס ווערט אָפט ציטירט פון די מיטלעלטערלעכע בעלי הקבלה. מער פּרטים זיינען אונז באַקאַנט וועגן זיין חבר עזריאל (1160—1238). אַ מענטש פון פילאָזאָפישער בילדונג, פּרוּווט עזריאל אין זיין קורצן פירוש אויף די צען ספירות דערקלערן די יסודות פון דער תורת הקבלה אין אַ ריין פילאָזאָפישער שפּראַך [2]. ער גייט אַרוים פון דעם זעלבן גרונטפּרינציפּ, וועלכן ס'האָבן אַזוי שאַרף אונטערגעשטראָכן הן די יידישע, הן די אַראַבישע דענקער: אַז מען קאָן דער גאָטהייט ניט צו־שרייבן קיין שום פּאָזיטיווע אייגנשאַפטן (אַטריבוטן): „ניט קיין רצון, ניט קיין כוונה, ניט קיין ווילן, ניט קיין מחשבות, וואָס ווערן אויסגע־דריקט דורכן וואָרט, ניט קיין מעשים" [3]. דער באַגריף פון גאָט שליסט אוים דעם באַגריף פון וועלכער ס'איז ענדערונג און שינוי, ווייל גאָט איז דאָך אויסער יעדער גרענעץ, דערפאַר קאָן אים דער מענטשלעכער געדאַנק גאָר ניט משיג זיין, און די „חכמי המחקר" (פילאָזאָפן) זיינען טאַקע גערעכט, וואָס זיי זאָגן, אַז אונזער גאָט־באַגריף קאָן זיין נאָר אויפן נעגאַטיוון אופן, ד"ה, מיר קאָנען נאָר ווייסן דאָס, וואָס גאָט איז נ י ט, אוןריידן נאָר וועגן די אייגנשאַפטן און אַטריבוטן, וועלכע גאָט באַזיצט נ י ט. שוין דאָ, ביי דעם פילאָזאָפיש־טעאָלאָגישן וועלטבאַנעם פון דעם אַלטן מקובל עזריאל, באַווייזט זיך דער אייגנאַרטיקער דיאַלעקטישער דענקונגס־שטייגער, מיט וועלכן עס איז דורכגעדרונגען די גאַנצע נעאָ־

---

[1] צונץ („גאָטעסדיענסטליכע פאָרטר." 2טע אויפלאַגע, 417) און לאַנדויער („ליטער.־בלאַט ד. אָריענטס", 1845, 196) ווילן אַפילו דערווייזן, אַז עזרא און עזריאל זיינען איין און די זעלבע פּערזאָן. דאָס איז אָבער ניט ריכטיק. דער דיכטער משולם דאַפּערא, וואָס האָט געלעבט אין יענער צייט, רעדט וועגן צ ו ו י י באַזונדערע מיסטיקער: „עזרא ועזריאל ויתר אוהבי דעות וגו'" (זע „מורה מקום המורה", 12). אויך אַ בן־דורו, אַ אומ־באַקאַנטער דיכטער, שרייבט אונטער: „ולי עזרא ועזריאל לעזרה" („אוצר נחמד", II, 85). אויך אַ מיסטיקער אוים דער צווייטער העלפט פונם XIII יאָרהונדערט רעדט וועגן צוויי באַזונדערע בעלי־קבלה: עזרא און עזריאל (זע יעלינעק, „פילאָזאָפיע", 2). דער קבלה־פאָרשער ג. שלום האָט ניט לאַנג געפונען אין אַן אַלטן מאַנוסקריפּט אַ אינטערעסאַנטע אָנווייזונג, אַז עזריאל איז געווען עזראס איידים (זע „קרית ספר" VI, 26).

[2] געדרוקט צוזאַמען מיט מאיר אבן גבאים „דרך אמונה", 1850. זע אויך יעלינעק, „ביטרעגע צור געשיכטע דער קאַבאַלאַ".

[3] „פירוש עשר ספירות", 4: „דע כי אין־סוף אין לומר כי יש לו רצון ולא כונה ולא חפץ ולא מחשבה ולא דבור ומעשה".

פּלאַטאָניש געפאַרבטע יידישע מיסטיק. דער גרויסער נייַן און דער גרויסער יאָ, דאָס נעגאַטיווע און פּאָזיטיווע זיינען ניט קיין צוויי אָפּגעזונדערטע וועלטן, ווייל איינס געבוירט דאָס אַנדערע, ווערט מגולגל אין זיין קעגנזאַץ. אַרויסגייענדיק פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט, שטעלט עזריאל אַרויס דעם טעאָרעטישן פּרינציפּ, וועלכער איז געוואָרן דער יסוד פון דער גאַנצער שפּעטערדיקער קבלה: גאָט, דער אוניווערסאַלער יאָ־זאָגער, דער אורקוואַל פון אַלץ, וואָס עקסיסטירט, איז דער גרויסער, אומבאַגרייפלעכער און פאַרהוילענער „אַיִן", דער גרענעצלאָזער, אומטיילבאַרער און איינהייטלעכער „אין־סוף", וואָס נעמט אין זיך אַרום דעם גאַנצן קאָסמאָס מיט אַלע באַשעפענישן, און קיין זאַך עקסיסטירט ניט און קאָן ניט עקסיסטירן אויסער אים. דאָ איז עזריאלן אויסגעקומען צו דערקלערן און פאַרענטפערן אַ סך שאַרפע סתירות און קשיאָס, און דאָס אויך אויפן דיאַלעקטישן אופן: ווי פונם „אַיִן" ווערט דער „יש" געבוירן, פונם אומענדלעכן דאָס ענדלעכע און באַגרענעצטע, פון דעם, וואָס אויסער דער צייט — דאָס צייטיקע און ווערנדיקע. וויבאַלד קיין קרעאַטור קאָן ניט עקסיסטירן אויסער דעם „אין־סוף", ווי קאָן מען עס דערקלערן די אַנטשטייונג פון דער וועלט? וואָרעם, ווען מיר זאָגן, אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן אין אַ געוויסן מאָמענט, האָט דאָך אין דעם מאָמענט געמוזט פאָרקומען אַ שינוי אין גאָט און אין זיין ווילן, ווייל ער איז דאָך פון רו איבערגעגאַנגען צו אַרבעט און פון אַ ניט - באַשעפער געוואָרן אַ באַשעפער. אין דעם „אין־סוף" קאָן דאָך אָבער קיין שום שינוי ניט פאָרקומען. עס איז אויך זייער שווער צו באַגרייפן, אין וואָס פאַר אַ שייכות עס געפינט זיך דער אומענדלעכער „אַיִן" מיטן „יש", מיט דער רעאַלער וועלט. די גאָטהייט, אַלס אייביקע און אומענדלעך עקסיסטירנדיקע קראַפט, איז דאָך די העכסטע מדרגה פון אַבסאָלוט־אומטיילבאַרער איינהייטלעכער רוחניות, ווי אַזוי־זשע קאָן זי זיין דער מקור פון דער מאַטעריעלער וועלט, וואָס באַשטייט דאָך פון אַזוי פיל פאַרשיידנאַרטיקע עלעמענטן? היינט ווי קאָן מען דערקלערן, וואָס בנוגע גאָט, וואָס אים קען מען ניט משיג זיין און וואָס איז אומענדלעך, ווערן אין די הייליקע ספרים, און אין דער תורה גופא, געברויכט אַזוינע ריין מענטשלעכע, גשמיותדיקע אויסדריקן און באַגריפן, ווי: גאָט האָט, גאָט שטימע, גאָט גרימצאָרן אאַז"וו? אָט די אַלע קשיות און סתירות פּרוווט עזריאל צו פאַרענטפערן דורך זיין לערע וועגן גאָטס אויסשטראַלונגען (אצילות, עמאַנאַציעס). צווישן דעם אומענדלעכן און ענדלעכן, צווישן דער גאָטהייט און דעם וועלטאַל איז דאָ אַ צווישן־רינג, אַ איבערגאַנגסשטופע — די „ספירות", אָדער אצילות. זיי זיינען גאָטס אָפּגלאַנץ, און

דאָך ניט גאָט אַליין, און טאַקע זיי און זייער לבוש דאַרף מען עס פאַר־שטיין אונטער די אַלע אויסדריקן, ווו עס ווערט גערעדט אין די הייליקע ספרים וועגן גאָטס אייגנשאַפטן און אַטריבוטן. די פּראָבלעם וועגן „מעשה בראשית", וועגן דער וועלט־באַשאַפונג באַקומט אין עזריאלס סיסטעם גאַנץ אייגנאַרטיקע פאָרמען. בכוח עקסיסטירט דער גאַנצער וועלטאַל שוין פון אייביק אָן אין דעם שוים פון דעם „אין־סוף", און די „מעשה בראשית" באַשטייט אין דעם, וואָס די וועלט, וועלכע האָט פריער עקסיסטירט בלויז בכוח, איז דורך דעם פרייען געטלעכן ווילן געוואָרן אַ רעאַלע דערשיינונג בפועל. מען קען דאָ ניט ריידן — שטרייכט אונ־טער דער מקובל עזריאל — וועגן וועלט־באַשאַפן; באַשאַפן אַ „יש מאין" — דאָס איז לאָגיש אַן אוממעגלעכע זאַך, ווייל אויסער דעם „אין־סוף" קאָן דאָך גאָרניט עקסיסטירן, וואָס פון דעם זאָל ערשט די וועלט קאָנען באַשאַפן ווערן. עס איז דערפאַר ניט ריכטיק צו זאָגן, אַז גאָט באַ־שאַפט — נייערט גאָט שטראַלט אַלץ אויס פון זיך. ווי די זון שטראַלט אויס פון זיך ליכט און וואַרעם און ווערט דורכדעם אויף קיין האָר ניט געמינערט, אַזוי שטראַלט דער „אין־סוף" פון זיך אויס די גרונט־יסודות פון דעם קאָסמאָס — די צען ספירות, און בלייבט אַליין אַבסאָלוט אומ־פאַרענדערט און ניט געמינערט אין זיין קראַפט און מאַכט [1]. די דאָזיקע צען ספירות ווערן אין דעם „פירוש עשר ספירות" איינגעטיילט אין דריי גרופּעס: די ערשטע באַשטייט פון: רום המעלה, חכמה און בינה, דאָס איז די אינטעלעקטועלע וועלט, דער „עולם השכל"; די ווייטערע דריי ספירות: חסד, תפארת, פחד — זיי זיינען די מאָראַליש־גייסטיקע וועלט, דער „עולם הנפש", און די לעצטע פיר: נצח, יסוד עולם, הוד, צדיק — די מאַטעריעלע וועלט, דער „עולם הגוף" [2]. דער צוזאַמענבונד פון אַלע צען ספירות אינאיינעם טראָגט ביי עזריאלן דעם נאָמען „כבוד" (דע כי כל הספירות נקראות כבודו), וועלכער שפּילט, ווי מיר האָבן פריער גע־זען [3], אַזאַ באַדייטנדיקע ראָלע ביי די דייטשע מיסטיקער — יהודה חסיד און אלעזר בעל־„הרוקח". נאָר ניט אין דעם אַליין אַנטפּלעקט זיך די פאַרוואַנדשאַפט צווישן דעם בעל „פירוש עשר ספירות" און די דייטשע מיסטיקער פון זיין דור. ווי יענע שרייבט אויך עזריאל אַ פירוש אויף

---

1 דעם אונטערשייד צווישן באַשאַפן און אויסשטראַלן שטרייכט עזריאל מערערע מאָל אונטער אין פאָלגנדיקע ווערטער: „כל בריאה שנוטלין ממנה תתמעט ותחסר... כח האצילות שנוטלין ממנו ואיננו חסר".

2 דאָרטן, 3b.

3 זע דעם צווייטן באַנד, ז' 99.

די תפילות און גלייך מיט די פארפאסער פונם „ספר חסידים" זוכט ער אין די תפילות טיפע פארבארגענע סודות. ער איז פול מיט פארדראס אויף די, וואס פלייסן זיך ארויסבאקומען אויף א ריין אוטיליטאר־ראציאנא־ליסטישן אופן די „טעמי המצוות" און דערווייזן על־פי שכל דעם פראק־טישן נוצן פון יעדער מצווה באזונדער. ער, דער טיפישער מיסטיקער, זעט דאך אין די מצוות א אוניווערסאל־קאסמישע דערשיינונג, וועלכע האט מי יודע וואס פאר אן אלוועלטלעכן באטייט. יעדע מצווה איז דאך משפיע די געטלעכע אויסשטראלונג; א הייסע, מיט כוונה דערהויבענע תפילה — דאס איז א ליכט־שטראל, וואס דערהויבט זיך פון דער נידער גלייך אנטקעגן דער פון אויבן פליסנדיקער געטלעכער אויסשטראלונג; זי, די תפילה, איז דער שליח, די פארמיטלערין, וואס פארבינדט די מאטערי־עלע וועלט מיט דעם קוואל פונם לעבן, דעם „אין־סוף"[1].

אין עזריאלס „פירוש עשר ספירות" האבן מיר געזען, ווי אזוי די יידישע מיסטיקער האבן געפרווט פארענטפערן די הארבע סתירה, וואס דער „אין", די אבסאלוט אומטיילבארע און איינהייטלעכע רוחניות, איז דער מקור פון דער מאטעריעלער, פארשיידנארטיקער און פילפארביקער וועלט. עס האט אבער געמוזט פארענטפערט ווערן נאך איין גרויסע סתירה, וואס זי איז ענג פארבונדן מיטן טיפן רעטעניש פון דער וועלט: גאט איז דאך כולו טוב, ער איז דער קוואל פון ליכט, ער איז דאס „גאנצע" (כל) פון דער וועלט, אלץ עקסיסטירט נאר אין אים, און אויסער אים קאן קיין שום זאך ניט עקסיסטירן, — ווי זשע איז צו דערקלערן די מאכט פן רישעות און שנאה, פון די פינסטערע כוחות, וואס געוועלטיקן אין דער וועלט? גאט איז דער גאט פון גערעכטיקייט — און איינגעטונקט אין בלוט און שמוץ איז די וועלט. דאס בית־המקדש איז חרוב, אין גלות איז די שכינה, און די מלכות פון רישעות, די מלכות של אדום, רע־גירט איבער דער וועלט? אט די דאזיקע סתירה, די פראבלעם וועגן דעם געראנגל צווישן גוטן און שלעכטן אין דער וועלט, האט געמוזט צוציען צו זיך די אויפמערקזאמקייט פון די יידישע מיסטיקער, און מיר וועלן טאקע ווייטער זען, וואס פאר א בכבודיקן ארט עס פארנעמט אין די קבלה־ספרים די פראגע וועגן די „קליפות", דער „סיטרא־אחרא" און דעם „שר" פון אדום. אבער שוין א יינגערער בן־דור פון דעם מקובל ר' עזריאל — יצחק בן יעקב הכוהן — האט זיך פארנומען מיט דער דא־זיקער פראגע אין א ספעציעלער אפהאנדלונג „מאמר על האצילות

---

[1] „צריך אתה לדעת סוד הברכות וחיובם לפי שהברכה היא אצילת תוספות והמשכה מאפיסת המחשבה (אין־סוף) שהוא מקור חיים".

השמאלית" [1]. יצחק הכוהן, א געבוירענער ספרדי, וואס האט געלעבט א לענגערע צייט אין דער פראוואנס, ווייזט קודם־כל אן, אז די דעות, וואס ער גיט איבער אין זיין אפהאנדלונג, האט ער צו פארדאנקען אייני־קע „זקנים אשר במלכות אלמאניה", דאן א קבלה-ווערק פון יהודה חסיד אוים רעגענסבורג, און דער עיקר א „קונדרים", מיט וועלכן די חכמי הקבלה האבן אים באקאנט אין דער פראוואנסאלער שטאט ארל. דעם דאָ־זיקן „קונדרים", דערציילט ווייטער יצחק הכוהן, האט געבראכט פון ארץ־ישראל א „חכם גדול וחסיד" אוים דמשק. מען מוז דערביי געדענקען, אז גראד אין פאדער־אזיע, פון וואנען עס שטאמט די הויפט-קוועלע, מיט וועלכער דער בעל „מאמר על האצילות השמאלית" האט זיך באנוצט, האט באזונדערס רייך זיך אנטוויקלט די לערע וועגן מאגיע און דעמאנאלאגיע; אויך האט דארט געפונען א שטארקן אפקלאנג די פארסיסטישע דואליס־טישע לערע וועגן צוויי „רשויות", וועגן דעם ליכטיקן מלכות פון גוטס און פינסטערן מלכות פון שלעכטס. דערציילט אונז יצחק הכוהן אין זיין אפהאנדלונג, אז קעגן די צען „הייליקע ספירות" זיינען אויך פאראן צען „לינקע ספירות" (אצילות שמאליות), די צען כיתות פון קריג און רישעות (עשר כתות התגרה). די ערשטע דריי כיתות — „לא היתה להם קיום, ונימוחו מן העולם", זיי האבן קיין קיום ניט געהאט און אויסגעמעקט זיינען זיי געווארן פון דער וועלט; און אט וועגן זיי, דערקלערט יצחק הכוהן, דערציילט עס די אלטע אגדה, אז הקב"ה „היה בונה עולמים ומחריבן". די איבערגעבליבענע זיבן „כיתות המקטרגין", מיט אלע זייערע חיילות, זיי פירן עס א שטענדיקע מלחמה מיט די מלאכים פון ליכט און הייליקייט, דאס איז די ממשלה פון סמאל, דעם „גרויסן שלאנג", און אונטער סמאלס דגל געפינט זיך דער „שר" של עשו, וואס פירט א שטענ־דיקע מלחמה מיט יעקבן. יצחק הכוהן האלט פאר נייטיק מערערע מאל אנצוווייזן, אז אויך סמאל מיט אלע זיינע חיילות און „צבאות מקטרגים" שטאמען אויך פון דעם איין איינציקן מקור — פונם מקור שכולו טוב, ווארעם קיין אנדער מקור איז ניט פאראנען. אמת, יצחק הכוהן ווייזט אן, אז די „כיתות המקטרגין" שטאמען ניט דירעקט אוים דער דריטער עמאנאציע, אוים דער „אצילת התשובה", ווייל צווישן זיי איז פאראן א מחיצה, א „מסך מבדיל", דאס איז די קראפט, וואס שטראמט ארוים פון דער דריטער אצילה און טראגט דעם נאמען „מסוכיאל". דאך מוז יצחק בן יעקב סוף־כל־סוף קומען צום אויספיר, אז דער „מסך מבדיל"

---

[1] צום ערשטן פארעפנטלעכט דורך דעם קבלה-פארשער ג. שלום אין „מדעי היהדות", II, 244—264.

קאָן ניט ענדערן די לאַגע, און מען מוז דאָך מודה זיין, אַז אויך די מלכות פון רישעות שטאַמט פון דעם מקור הטוב [1]. די שפּעטערדיקע מקובלים, ווי מיר וועלן ווייטער זען, האָבן געפּרוווט אויף אַ דיאַלעקטישן אופן פאַרענטפערן די דאָזיקע סתירה, יצחק בן יעקב לאָזט זיך אָבער ניט אריין אין קיין שום חקירות, ער דערקלערט אָפן: „ואם אחר הטוב ההוא יצר רע ממנו — אין דעתנו משגת עומק הסוד הזה הנעלם כי חתום הוא" — מיר פאַרשטייען ניט דעם דאָזיקן טיפן, פאַרבאָרגענעם סוד; און ער גיט אויך דעם לעזער די פרומע עצה: „שתוק ואל תהרהר, במופלא ממך אל תדרוש ובמכוסה ממך אל תחקור" (דאָרטן, 259—260).

עס איז אינטערעסאַנט, וואָס גראָד אין יענער צייט לאָזט זיך הערן אויס דעם מיסטיקער-קרייז אַ שאַרף פּראָטעסטירנדיקע שטים קעגן די „פילאָזאָפירנדיקע", וואָס זיינען שטאָלץ מיט זייער מענטשלעכן שכל און מיינען, אַז דער שכל איז דער איינציקער זיכערער וועגווייזער אויך אין אמונה־ענינים. „פאַר אונזערע גרויסע זינד — קלאָגט זיך עזריאלס אַ בן־דור, וואָס שטאַמט טאָקע פון עזריאלס געבורט־שטאָט, יעקב בר ששת, אין זיין מאמר „שער השמים", וועלכן ער האָט פאַרפאַסט אין 1246 [2] — האָבן זיך ביי אונז יידן באַוויזן פורצי גדר, וואָס שפּינען פאַלשקייט אין זייערע הערצער, און דעם אמת טוען זיי פאַרוואַרפן. זיי פעלשן אונזער תורה און לעסטערן גאָט. זיי טראַכטן אויס, אַז אונזערע הייליקע מצוות באַצוועקן בלויז פּשוטע פּראַקטישע צילן: אַ טייל פון זיי זיינען היגיע־נישע כללים צו פאַרהיטן דאָס געזונט, אַן אַנדערער טייל רעגולירט דאָס געזעלשאַפטלעך־עקאָנאָמישע לעבן, אַנדערע ווייטער — דאָס פּאָליטישע און דעם סדר פון דער מדינה אאַז"וו. דעם גאָט פון יעקבן האָבן זיי גע־גליכן צו די פרעמדע געטער, פאַרבלאָנדזשעט האָבן זיי אין די קרומע וועגן פון דער גריכישער פילאָזאָפיע; אַלץ ווילן זיי דערפאָרשן מיט לאָ־גישע סברות, און זיי בלייבן טאַפּן אין דער פינסטער, ווערן וואָס מער פאַרבלאָנדזשעט, און זיינען ניט בכוח פאַרויס צו קומען. דעם לעבעדיקן קוואַל האָבן זיי פאַרלאָזן, דעם עול פון תורה אָפּגעוואָרפן, יעדער באַ־זונדער פאַרלאָזט זיך אויף זיין פאַרשטאַנד... מיט חוצפה דערקלערן זיי, אַז די וועלט איז אַ קדמון און ווען משה רבנו האָט געשריבן: „בראשית

---

[1] דאָרטן, 259: „ואע"פ שאין לו חלק ונחלה בעולם שכולו טוב, אין התחלת אצילותו מאצילות רע, וזהו מה שאמרנו בתחלת דברינו שאינו בוחר זולתי בטוב".

[2] דאָס ערשטע מאָל פאַרעפנטלעכט אין „אוצר נחמד" III, 153—165. דער „שער השמים" איז געשריבן אין געגראַמטער פּראָזע; די דאַטע איז אָנגעוויזן אין פאָלגנדיקער פּראָזע: „וכבר עברו אלף קע"ח שנה לגולה" (דאָרטן, 163).

בראָ״, האָט ער דערמיט בלויז געוואָלט אָפּנאַרן דעם המון. זיי דערקלערן, אַז גאָטס השגחה געוועלטיקט ניט אויף דער ערד, איבער דעם מענטשנס לעבן, אַז די צדיקים באַקומען ניט קיין שכר און די רשעים קיין עונש, דאָס האָבן אַלץ די ראשים פון פאָלק אויסגעטראַכט (והיו מאשרי העם הזה מתעים); מען דאַרף בלויז שאַרפן דעם שכל, ווייל בלויז דער געדאַנק איז אומשטאַרבלעך, בלויז ער בלייבט נאָך דעם מענטשנס טויט״ [1]. מיט גרויס כעס רעדט אויך יעקב בר ששת וועגן דעם ראַציאָנאַליסטישן קוק אויף דעם באַטייט פון תפילות און געבעטן. ווי אַלע אַנדערע מיסטיקער, אַזוי זעט אויך יעקב בר ששת אין דער תפילה די טיפסטע מיסטעריע. דערביי זאָגט ער אויך אַרויס אַ געדאַנק, וואָס באַווייזט דעם פיינעם חוש פון דעם דאָזיקן מיסטיקער, וועלכער האָט שוין אין יענער צייט פאַרשטאַנען געהעריק אָפּצושאַצן דעם ווערט פון דער מאַסן־פּסיכאָלאָגיע, און זיך רעכענען מיט איר ווי מיט אַ פאַקטאָר פון גרויסער מאָראַלישער באַדייטונג. „איך וואָלט — שרייבט ער — זייער הויך געשעצט די תפילות אויך דאַן, ווען זיי זאָלן זיין בלויז אַ הסכם־זאַך, וואָס איז צו אונז איבערגעגאַנגען אַלס מסורה פון אונזערע אָבות. וואָרעם די מסורת־אָבות, דאָס, וואָס ס׳איז געוואָרן אָנגענומען דורכן ווילן און הסכם פון דעם גאַנצן קיבוץ — אין דעם שטעקט די באַדייטנדיקע מאָראַלישע קראַפט פון יעדער אומה. און דער יחיד, וואָס איז מורד אין דער מסורה פונם קיבוץ, וואָס זונדערט זיך אָפּ פון דעם לעבנסשטייגער פון פאָלק און וואַרפט אָפּ פון זיך די טראַדיציעס, וועלכע ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך מיט זיין מוטערס מילך — דער מאַכט חרוב מיט אייגענע הענט זיין גייסטיקע וועלט״ [2].

יעקב בר ששת קאָן ניט מוחל זיין די ראַציאָנאַליסטן, וואָס מיינען, אַז דער גאַנצער באַטייט פון די תפילות באַשטייט בלויז אין דעם, וואָס זיי רייניקן דעם מענטשנס געדאַנק און דערוועקן אין זיכרון גאָטס נאָמען. זיי האַלטן דערפאַר פאַר אַ גרויס נאַרישקייט און חילול־השם דאָס דאַווענען אויף אַ קול. נאָר דערמיט, זאָגן זיי, וואָס דער המון איז אַזוי פיינטער און פאַרגרעבט, איז צו דערקלערן, וואָס אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע מענטשן שטייען אויף ביינאַכט פון שלאָף און מיט געוויין און מיט טרערן טוען זיי מתפלל זיין פאַר גאָט. ווי אַזוי, טענהן זיי, קאָן מען

---

1 דאָרטן, 163—164.

2 „אוצר נחמד״, III, 165: „ואל תהיה תפלה רק הסכמה מקובלת לבעליה, לקחתי ואקרב אליה, הלא ההסכמה תתן כח לכל אומה ואומה ולאין אונים עצמה, וכל הפורש מתקנה מקובלת בעמו, משא אשר יסרתו אמו ידחה שכלו בשתי ידים, כי עשה יעשה לו כנפים״.

עס זיך ווענדן צו דעם, וואס איז פאר אונז פארבארגן און אומבא-גרייפלעך — מיט געשרייען און געבעט: ענטפער אונז! שטיי אויף און גיב אונז הילף! וואס פאר א זין האט אונזער איבערחזרן: „ברוך אתה", געבענטשט זיי דו, גאט? צי נייטיקט ער זיך אין אונזערע ברכות?[1].

אונזער פארפאסער האלט אזא פארהאלטן זיך צו די תפילות פאר דער גרעסטער זינד. „ווער עס לייקנט אין די הייליקע תפילות,—רופט אויס יעקב בר ששת, — דעמס נאמען וועט אויסגעמעקט ווערן אויס דעם גע-דעכעניש פונם פאלק; ווער עס אנערקענט בלויז דעם שכל, דער דער-קלערט דעם קריג גיט אונז, נאר משה רבנון און אלע שפעטערדיקע נביאים, פאר וועלכע גאט האט זיך אנטפלעקט; דער האלט מלחמה מיט די חכמי המשנה, מיט די בעלי התלמוד און מיט אלע אונזערע גרויסע און אויס-דערוויילטע"[2].

און ער רופט אויס מיט התלהבות: „ווייי איז צו זיי, מיט די הארטע הערצער און אומריינע געדאנקען, וואס בלאנדזשען איבער קרומע וועגן און גראבלען אין דער פינסטער! וויי איז צו זיי, וואס גייען נאך פרעמדע געלערנטע פון פרעמדע פעלקער, לאזן זיך פארפירן אין זייערע פאלשע דרכים, און די זיכערע וועגן פון דער הייליקער תורה טוען זיי פאר-לאזן!"[3].

---

[1] דארסן, 164.

[2] דארסן, 165.

[3] אין דעם טעארעטישן טייל פון דעם „שער השמים" פילט זיך קודם כל די השפעה פון דעם „ספר יצירה" און פון שלמה גבירולס לערע וועגן גאטס ווילן. בעת ביי די אנדערע בעלי-קבלה פון יענער צייט טראגט די ערשטע געשלעכע אצילה (עמאנאציע, אויסשטראלונג) פארשיידענע נעמען (אין מסכת אצילות" — כתר, אין „ספר הבהיר" — כתר עליון, אין „פירוש עשר ספירות" — רום מעלה), הייסט זי ביי יעקב בר ששת גלייך ווי ביי גבירולן — רצון. עס איז אויך מעגלעך, אז ס'פילט זיך דא די השפעה פון יעקב בר ששתס בן-דור — יצחק אבן לאטיף, וואס אויך ביי אים טראגט די ערשטע אצילה דעם נאמען „חפץ" (זע „צורת העולם", 16: „ומזיו כבודו ומנוגה נגדו השפיע החפץ הקדמון, ר"ל חפץ הבורא י"ת הנברא הראשון והוא השר הגדול הרם ונשא על כל נברא העולם").

# צווייטער קאַפּיטל.

די געראָנער קאַבאַלסטישע שול. — משה בן נחמן אַלס תלמודיסט. — דער רמב"ן און דער רמב"ם. — דעם רמב"נס אָפּטימיזם; די וועלט אַלס לויטער נס. — דער רמב"ן אַלס פּייטן, בעל־קבלה און ביבל־דערקלערער. — דעם רמב"נס וויכּוח מיט פּאַבלו כריסטיאַני; דעם רמב"נס נסיעה קיין ארץ־ישראל. — אברהם אַבולפיה אַלס פּערזענלעכקייט און אַלס „זוכער". דער „סוד האותיות"; דער פּאַרבייט פונם נאָמען מיט דער זאַך גופא, דאָס צונויפמישן פון זיין און דענקען. אַבולפיהס חלומות וועגן ביאת משיח; זיינע תלמידים. — יוסף ניקאַטילאַ. אַבולפיהס פּראָפּאַגאַנדע אין רוים; זיינע „נביאישע" ביכער און זייער סטיל. טינט און בלוט. דער מיסטיקער קעגן די רבנים. די אַנטפּלעקונג פונם „זוהר".

אוים דער זעלבער געראָנער שול, צו וועלכער עס האָבן געהערט די פאַרפאַסער פון „פּירוש עשר ספירות" און „שער השמים", שטאַמט אויך דער באַרימטער מאַן, וואָס האָט מיט זיין גרויסן שם און אויטאָריטעט באַזונדערס מיטגעהאָלפן, אַז די „תורת הנסתר" — די מיסטישע אידעען זאָלן אין משך פון אַ גאַנץ קורצער צייט צוציען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די ברייטע יידישע קרייזן אין שפּאַניע און פּראָוואַנס. דאָס איז — רבנו משה בן נחמן, דער רמב"ן, מיט וועלכן מיר האָבן זיך באַקאַנט ביים ערשטן קאַמף, וואָס איז געפירט געוואָרן קעגן דעם רמב"ם און זיינע ווערק [1].

דער רמב"ן איז געבוירן אין געראָנע אין 1194. אַ מענטש מיט אַן איידעלער און טיף־גלויביקער נשמה, באַגאַבט מיט גלענצנדיקע פעיקייטן, האָט ער שוין אין די יונגע יאָרן זיך דערוואָרבן אַ גרויסן נאָמען מיט זיינע פאָרשונגען אויפן תלמודישן געביט. אַדאַנק זיין חריפישן מוח און גלענצנדיקער דיאַלעקטיק, האָט ער גלייך פאַרנומען אַ בכבודיקן פּלאַץ צווישן די ערשטקלאַסישע בעלי תוספות. אין די דאָזיקע יוגנט־אַרבעטן

1 איינינקע פאָרשער רעכענען, אַז דער רמב"ן איז איין פּערזאָן מיט דעם יידישן געלערנטן, וואָס פיגורירט אין קריסטלעכע דאָקומענטן אונטער דעם נאָמען Bonastruc de Porta.

באמערקן זיך שוין גאַנץ בולט דעם רמב"נס רייִן קאָנסערוואַטיווע טענ־דענצן. ער האָט גרויס דרך־ארץ פאַר די „ראשונים", די פריערדיקע אויטאָריטעטן, ער קאָן זיך ניט אָפּלויבן פון זייער חכמה, און יעדער וואָרט זייערס איז ביי אים היייליק. „ווער ס'לערנט — זאָגט ער — תורה ביי די „אַלטע", דער איז געגליכן צו דעם, וואָס טרינקט אַלטן ווייִן („המלמד מן הזקנים דומה לשותה יין ישן"). עס איז דערפאַר כלל ניט קיין צופאַל, וואָס טאַקע אין זיין ערשט באַדייטנדיק ווערק „מלחמות" האַלט דער רמב"ן מלחמה פאַר דעם „אַלטן" אלפס און פאַרטיידיקט אים קעגן די שאַרפע קריטישע הערות פון זרחיה הלוי, דעם בעל „המאור". בלויז דאַן, ווען ער זעט אויף קלאָר, אַז ווער פון די „ראשונים" האָט טאַקע אַ טעות געהאַט, זאָגט ער עס אָפּן אַרויס, פאַרענטפערנדיק זיך דערביי: „איך וויל דאָך ניט געגליכן ווערן צו אַ מאַלפע, וואָס טראָגט זיך אַרום מיטן ספר אין האַנט".

אַליין אַן אַרצט פון פּראָפעסיע, איז דער רמב"ן געווען אויך באַ־קאַנט מיט די נאַטור־וויסנשאַפטן און מיט דער פילאָזאָפיע פון יענער צייט, דאָך זיינען הלל פון ווראָנע און זרחיה חן [1] ניט אומגערעכט געווען, ווען זיי האָבן דערקלערט, אַז דער רמב"ן איז ניט קיין גרויסער בקי אין רייִן פילאָזאָפישע פּראָבלעמען. אַ מענטש מיט אַ טיף גלויביקער נאַטור און מיסטישער התלהבות, זיינען פאַר אים פרעמד געווען די קאַלטע, רייִן לאָגישע הנחות און סברות פון דער אַריסטאָטעלישער פי־לאָזאָפיע. אין זיין „שער הגמול" [2] רעדט ער מיט איראָניע וועגן די „חכמי המחקר", וואָס האָבן די העזה צו ריידן מיט אַזאַ ברייטקייט וועגן גאָטס וואונדערלעכע מעשים און זיך קריטיש פאַרהאַלטן צו דעם, וואָס מיר האָבן בקבלה פון אונזערע הייליקע אָבות — בעת דער בוי פון זייער אייגענעם קערפּער איז פאַר זיי אַ פאַרשלאָסענער סוד און בלייבט אומ־אויסגעפאָרשט, שוין ניט ריידנדיק וועגן דעם מענטשנס נשמה [3]. ביי זיין גרויסן רעספּעקט צום באַרימטן פאַרפאַסער פון דער „משנה תורה" האָט דער רמב"ן אים דאָך ניט געקענט מוחל זיין זיינע ראַציאָנאַליסטישע אידעען, וואָס טרעטן אַזוי בולט אַרויס פון דעם „מורה נבוכים". דער

---

1 זע צוויטן באַנד ז' 265.

2 דער לעצטער קאַפּיטל פון זיין „תורת האדם", וווּ עס ווערן געגעבן אַלע דינים און מנהגים, ווי מען דאַרף זיך נוהג זיין מיט אַ בר־מינן.

3 „וכבר יצאנו לענין איסר בחקירה הזאת מפני המתגאים על יוצרם להתחכם בתוכן מעשיו וסודות יצירותיו הנפלאים והם לא ידעו בנין גופם בכל מחקריהם אף כי נפשם ; ומדוע יתפארו על קבלתנו... ואנחנו על קבלה אמתית מאבות הקדושים שלא השפיקו בילדי נכרים" (מיר ציטירן נאָך דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אויסגאַבע 1518).

רמב"ם האָט ניט ווייניק מי געפּטרט, בכדי צו דערקלערן על־פּי שכל די ניסים, וועגן וועלכע די תורה דערציילט. בּיי דעם רמבּ"ן אָבּער איז דאָס ווונדערבּארע געווען די געוויינלעכסטע זאַך, פאַר אים איז די גאַנצע וועלט — איין גרויס ווונדער, אַ ווונדערבּאַרע אנטפּלעקונג פון גאָטס אומבּאַגרענעצטער מאַכט. „ווער עס גלויבּט ניט — זאָגט דער רמבּ"ן — אַז אין געוויסע מאָמענטן פון אונזער לעבּן רעגירט דאָס ווונדער איבּער אונזערע מעשים, ווער עס וויל ניט באַגרייפן, אַז ניט אַלץ קאָן מען דערקלערן על־פּי דרך הטבע און ניט איבּער אַלץ געוועלטיקן די מעכאַנישע געזעצן פון דער נאַטור — דער דאַרף זיך ניט באַטייליקן אינם לערנען די תורה, וואָס משה רבּנו האָט אונז געגעבּן".

רבּנו משה בּן מיימון און רבּנו משה בּן נחמן — דאָס זיינען צוויי פאַרשיידענע וועלטן. דער רמבּ"ם פּלייסט זיך צו בּאַווייזן, אַז די יידישע אמונה איז קודם־כּל דער אָפּגלאַנץ פון געטלעכער חכמה, און איז געבּויט אויף די פעסטע יסודות פון לאָגיק און שכל. אַלע דאָגמען און הנחות פון דעם יידישן דת קאָן מען דערפאַר דערקלערן על־פּי דרך השכל און אין דעם טאַקע ליגט, נאָך דעם רמבּ"מס בּאַגריף, די גרויסקייט און שטאַרקייט פון דער יהדות. בּיי משה בּן נחמן אָבּער איז די יידישע אמונה קודם־כּל אַ ווונדערבּאַרע אנטפּלעקונג, אַן אנטפּלעקונג פון דעם טיפן געטלעכן סוד, וועלכן דעם מענטשנס שכל איז ניט אימשטאַנד משיג צו זיין, נאָר עס בּענקט און לעכצט צו אים דעם מענטשנס נשמה אין התלהבות־דיקער אַנציקונג. דורכגעדרונגען מיט דעם פעסטן גלויבּן אין דעם בּאַ־שעפערס בּאַרעמהאַרציקייט און אין דער אומענדלעכער פּראַכט פון זיינע ווונדער, האָט בּן נחמן מיט אַנטציקטע אויגן פון אַ תמימותדיק קינד פאַרחידושט בּאַטראַכט די אַרומיקע וועלט, ווו אַלץ איז אַזוי ווונדער־שיין, אַלץ טראָגט דעם שטעמפּל פון גאָטס לייטזעליקייט און גאָטס אומבּאַשרייבּלעכער חכמה...

בּעת דער רוב קריסטלעכע מיסטיקער פון יענער צייט האָבּן מיט בּיטול און פאַראַכטונג געקוקט אויף דעם זינדיקן עולם־הזה און געגאַנגען אויף דעם וועג פון אַסקעזע און התבּודדות, זיינען בּיי בּן-נחמנען געווען טייער און ליבּ אַלע אַנטפּלעקונגען פון דעם אַרומיקן לעבּן. וואָרעם אויך אין דער ערדישער וועלט, אין יעדן צאַפּל און ציטער פונם לעבּן האָט דער מיסטיקער אויס געראָנע געזען דעם פאַרבּאָרגענעם סוד פון געטלעכער אומדערגרינדעטער חכמה...

זייער כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט דעם רמבּ"נס קליין ווערק „אגרת הקדש", ווו עס ווערט בּאַהאַנדלט די פראַגע, וועגן דעם גע־

שלעכטלעכן פאַרקער צווישן מאַן און פרוי [1]. דער ראַציאָנאַליסט מיימוני, וואָס האָט געהאַלטן פאַר ווערט און וויכטיק נאָר די ריין גייסטיקע דער־שיינונגען, וועלכע טראָגן דעם שטעמפּל פון דעם מענטשנס פאַרשער־גענאַנק — האָט מיט גרויס ביטול געקוקט אויף דער קערפּערלעכער זייט פון דעם מענטשנס לעבן, וואָס איז פאַרבונדן מיט ליידנשאַפטן און גלוסטונגען. אין דעם מענטשנס תאוות און ליידנשאַפטלעכע באַגערן זעט מיימוני דאָס שענדלעכע און גראָב־חיהשע, וואָס דערנידעריקט דעם מענטשן צו דער מדרגה פון אַ פּשוטער חיה און איז דער נעפערלעכסטער אבן־נגף אויפן וועג פון פאַרפולקומונג און שלימות. אַט קעגן דעם שטאַנדפּונקט טרעט זייער שאַרף אַרויס דער רמב״ן אין זיין „אגרת הקדש". „דער בעל „המורה" — דערקלערט משה בן נחמן — לאָזט זיך פאַרפירן דורך אַריסטון און מיינט גלייך מיט אים, אַז אין דעם געשלעכט־לעכן פאַרקער שטעקט עפּעס שענדלעכס. דער גריך האָט אַ גרויסן טעות געהאַט" [2]. דאָרט, ווו דער מעטאַפיזיקער מיימוני האָט געזען בלויז דאָס נידעריק־חיהשע, האָט דער דיאַלעקטיש דענקענדיקער רמב״ן געזען דעם הייליקן גלאַנץ פון שעפערישער קראַפט, דעם טיפן סוד פון אומשטאַרב־לעכן לעבן... מיט דורכגעדרונגען מיטן פעסטן גלויבן אין דער אומענד־לעכער חכמה אין דעם גנאָד פון גאָטס באַשאַפונג, האָט בן נחמן אויך אין די מענטשלעכע געשלעכטלעכע אינסטינקטן, אין דעם סעקסועלן לעבן, ניט געקאָנט זען עפּעס שענדלעכס און אומווערדיקס. מען דאַרף ניט — זאָגט ער — אין ליידנשאַפטן און אינסטינקטן זען לויטער זינד און שלעכטס, ווייל אויך די תאוות, וואָס ליגן אין דער נאַטור פונם מענטשן, זיינען דאָך ענג פאַרבונדן מיט דעם גרויסן געטלעכן ציל. און דאָס, וואָס ס'איז אָנגעצייכנט דורך דער געטלעכער השגחה — דאָס קאָן ניט זיין שענדלעך און שמוציק.

פאַר אים, דעם באַגייסטערטן תורה־דערקלערער, ווו דאָס פאַמיליען־לעבן שפּילט אַזאַ באַדייטנדיקע ראָלע, האָט דער זיווג־געלעגער ניט גע־טראָגן דעם פלעק פון זינד און שאַנד — ער האָט עס איינגעהילט אין דעם זעלבן מאַנטל פון הייליקייט, ווי די ריין גייסטיקע ערשיינונגען פונם לעבן. דאָס סעקסועלע לעבן פון מאַן און ווייב איז ביי דעם רמב״ן אַ היי־

---

[1] „אגרת הקדש ששלח הרב הגדול... הרמב״ן ז״ל לא׳ החברים בענין חבור האדם אל אשתו כדי לזכות לבנים הגונים". מיר האָבן זיך באַנוצט מיט דער אַלטער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אויסגאַבע.

[2] דאָרטן, קאַפּ׳ 2: „שאין הדבר כמו שחשב הרב המורה ז״ל במורה הנבוכים בהיותו משבח לארסטו על מה שאמר כי חוש המשוש הוא חרפּת לנו. חלילה, אין הדבר כמו שאמר היוני".

ליקע מיסטעריע. „איבער דעם גלעגער פון מאַן און ווייב — זאָגט בן נחמן — שוועבט די הייליקע שכינה״. אין דעם געשלעכטלעכן פּאַרקער, אין דער ווילן־דערקלערונג ניי לעבן צו שאַפן און אומדערמידלעך דעם מענטשלעכן שטאַם באַנייען — ליגט, לויט דעם רמב״נס איבערצייגונג, דער וואונדערבאַרער סוד, וואָס אַנטפּלעקט גאָטס גלאַנץ און גרויסקייט [1].

עס איז לייכט באַגרייפלעך, אַז אַזאַ געפילס־מענטש ווי דער רמב״ן האָט זיך געמוזט פאַראינטערעסירן מיט דער „חכמת הנסתר״ [2], מיט וועלכער ס׳האָבן אים באַקאַנט זיינע לערער יהודה בן יקר און דער פאַר־פאַסער פון „פירוש עשר ספירות״ [3]. עס איז אויך אויסער ספק, אַז דער רמב״ן איז געווען באַקאַנט מיט די ווערק פון די דייטשע מיסטיקער. אלעזר דעם בעל „הרוקח״ ציטירט ער זיין באַקאַנטן אָפענעם בריוו צו די פראַנצויזישע רבנים, און עס איז אפילו פאַראַן אַ פאָלקס־לעגענדע, ווי אַזוי דער בעל „הרוקח״ איז מיט דער הילף פון „צירופי אותיות״ אויף אַ וואָלקן אַריבערגעפלויגן קיין שפּאַניע, בכדי צו באַקענען דעם רמב״ן מיט די סודות פון דער קבלה [4].

---

1 דאָרטן: „החיבור הוא קדוש ונקי... וכל אדם שיאמר כי בחיבור יש גנאי וכיעור חלילה וחס... השי״ת ברא הכל כפי שגזרה חכמתו ולא ברא דבר שיהי בו גנאי ולא כיעור... כשיהי החבור לשם שמים אין טהור ונקי למעלה ממנו... בזמן שהאדם מתחבר לאשתו בקדושה ובטהרה שכינה ביניהם״. אַ באַדייטנדיקער טייל פונם „אגרת הקודש״ (קאַפּ׳ 3—6) זיינען כמעט ווערטערלעך אויסגענוצט אין דעם באַקאַנטן מוסר־ספר „מנורת המאור״ (סימ׳ 181—186).

2 וועגן דעם רמב״נס פירוש אויף „ספר יצירה״ זע ג. שלוםס אַרבעט אין „קרית ספר״, VI, 385—400.

3 אין דער לענינגראַדער ביבליאָטעק פון „אָפּע״ געפינט זיך אין מאַנוסקריפּט אַ ביאור צום רמב״נס פירוש אויף תורה. דער נאָמען פונם פאַרפאַסער איז ניט אָנגע־וויזן; אין דעם לויט אונזער מאַנוסקריפּט אין וואַרשע פאַרעפנטלעכטע אויסגאַבע (1875) איז אָנגעמערקט, אַז דער דאָזיקער ביאור „מיוחס להרב ר׳ מאיר בר׳ שלמה אבוסאולה תלמיד הרשב״א״ (זע „קהלת משה״, נומ׳ 1181); דער קבלה־פאָרשער ג. שלום האָט אָבער דערוויזן, אַז דעם פירוש האָט פאַרפאַסט דעם רשב״אס תלמיד יהושע ן׳ שועיב (זע „קרית ספר״, V, 117, 293, און אויך פריוואַטע בריוולעכע מיטטיילונגען). און אַט דער פאַרפאַסער ווייזט אָן אין זיין ביאור, אַז אויף דעם רמב״נס מיסטישע אָנשויונגען האָט געהאַט אַ געוויסע השפעה אַ מקובל מיט דעם נאָמען בן־בליכה (?) צ״ב דף צ״ח: „בכונת הרב ז״ל ושמעתי כי כן קבל מהחכם המקובל בן־בלימה״; דאָרטן דף ק״י: „שמעתי כי זה פרק הרב ז״ל באחד בק״ש כמו שקבל מבן־בלימה ז״ל״.

4 זע „מדעי היהדות״, II, 1927, 254; שטיינשניידער־מאַלטער „ספרות ישראל״, 155. אויפן סמך פון דער דאָזיקער לעגענדע ווערט אין „קורי הדורות״ און אין אַנ־דערע קוועלן אָנגעוויזן, אַז דער רמב״ן האָט געלערנט קבלה ביי אלעזר דעם בעל „הרוקח״ (זע אויך יוסף סמברי ביי נייבויערן אין „סדר חכמים״, I, 125). די פאָלקס־לעגענדע איז זייער קלאָריסטיש איבערגעגעבן אין „מעשה נסים״, נומ׳ 7.

ווי יצחק סגי־נהור, אזוי האט אויך דער רמב״ן פיל זיך אפגעגעבן מיט דער לערע פון „גילגול הנפש״, וואס האט געשפילט אזא באדייטנדיקע ראלע אין דער שפעטערדיקער קבלה. מיר האבן שוין אינם ערשטן באנד פון אונזער ווערק, ריידנדיק וועגן דעם רמב״ם און יהודה הלוי, אנגעוויזן, ווי אזוי די דאזיקע צוויי גרויסע מענער מיט זייערע דיאמעטראל פארשיידענע וועלט־אנשויונגען פארהאלטן זיך צו דער פראבלעם וועגן דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט און איר אנטוויקלונג [1]. יהודה הלוי זעט אין דער מסורת אבות, אין דער טראדיציע פון די פריערדיקע דורות די גרויסע באפעלנדיקע קראפט, וואס געוועלטיקט איבער דעם מאראלישן באוווסטזיין פונם יחיד, און גילט אלס פעסטער ריכטשנור פון זיין גאנצן טאן און האנדלען. די גרויסע נאציאנאלע, רעליגיעז־קולטורעלע כוחות, וואס זאמלען זיך אן און לעבן אין דעם לבוש פון מסורה (טראדיציע) אין משך פון א לאנגער דורות־קייט, ווערט נאך הלוים וועלטאנשויונג געהייליקט צום „קאטעגארישן באפעל״ אינם הארצן און אינם איניקסטן באוווסטזיין פונם יחיד, לייזט אים אויס פון ספקות און גיט אים די פעסטע זיכערקייט, אז אזוי מוז עס זיין, אזוי דארף געטאן און געהאנדלט ווערן און ניט אנדערש. פון די נאציאנאל־קולטורעלע אוצרות, וואס האבן זיך אנגעזאמלט אלס ירושה פון די אבות, שעפט, לויט הלוים איבערצייגונג, דער יחיד זיינע מאראלישע און גייסטיקע כוחות. דער רמב״ם אבער זעט די העכסטע מדרגה פון דעם מענטשנס גייסטיקער שלימות אין דעם פארשער־געדאנק; און דער טרענער פונם געדאנק איז ניט דער קיבוץ, נאר דער יחיד. ניט די ירושה און די מסורה פון פארגאנגענע דורות, נאר דער שטאלצער פרייער געדאנק פונם אויסדערוויילטן יחיד, וואס שטייט הויך איבער דעם המון, דאס דענקען און אומדערמידלעכע פארשן — אט וואס עס דערהויבט די מענטשלעכע פערזענלעכקייט צו דער העכסטער מדרגה און באשענקט זי מיט אומשטארבלעכקייט. די פראבלעם וועגן השארת הנפש, וועגן דעם מענטשנס אומשטארבלעכקייט, טיילט דער ראציאנאליסט פון מיימונים חדר אינגאנצן אפ פון דעם קאלעקטיוו. די זכיה פון אומשטארבלעכקייט האט נאר דער יחיד, וועלכער איז אימשטאנד זיך צו פארטיפן אין פילאזאפישע פראבלעמען און וועמעס שארפער פארשער־געדאנק דערגרייכט צו די הייכן פונם „שכל הפועל״. גאר אנדערש פארהאלט זיך דער מיסטיקער צו דער פראבלעם פון „השארת הנפש״. דער סוד פונם מענטשנס גייסטיקן לעבן, פון דעם מענטשנס נשמה, האט מיט זיין גאנצן כישוף

[1] דארטן, ז׳ 214.

נעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די עלטערע מיסטיקער, וואָס האָבן נאָך געלעבט פאַר דעם רמב״ן. אלעזר דער בעל „הרוקח״ האָט געשריבן אַ ספּעציעל ווערק „חכמת הנפש״ [1]. זיין בן־דור און גוטער באַקאַנטער, דער דיכטער (החזן) שמואל בן קלונימוס, פירט מיט אים אַ בריוולעכע קאָרעספּאָנדענץ אַלץ מכוח דעמזועלבן טעם, און אין אַ שיין געדיכט גיט ער איבער דאָס טיפע בענקען פון דער נשמה נאָך דעם מיסטיש־פאַרבאָרגענעם און דעם איבערערדישן. „עלי ערש יצועי בתנומה״, פאַנגט אָן דאָס ליד, „אויפן געלעגער אין טיפן דרעמל, פאַרלאָזט דעם גוף די נשמה; ווי אַ לייכטע טויב פליט זי אין די הימלען — פאַרנעמט אין הייליקער שטילקייט די פאַרבאָרגנסטע סודות. זי וויל מער ניט פאַרלאָזן די הימלשע הייכן — נאָר שטרענג איז דער באַפעל, און זי קערט צוריק אין איר פינסטערער תפיסה. זי דערוואַכט פון איר שלאָף — נאָר דעם הימלשן חלום קאָן זי מער ניט פאַרגעסן!״ [2]. „מיין נשמה — דערקלערט אַן אַנדער מיסטיקער פון יענער צייט, ישעיהו בר׳ יוסף [3], אין איינעם פון זיינע לידער — טוט ווי אַ אינדין צום קוואַל גלוסטן און שטרעבן צו דעם גאָט אין די הימלען. אַך, ווען וועט זי ווי אַ פויגל פליען צו איר באַשעפער אין זיינע הימלשע הייליקטימער. זי דאָרשט און לעכצט אין דעם אייביקן ליכט אויפצולייכטן, און פאַלן און קניען פאַר אים, דעם גאָט פון אייביקן לעבן...״ [4].

די אומשטאַרבלעכקייט פון דער נשמה איז ביי די דאָזיקע מיסטיקער ענג פאַרבונדן מיטן קיבוץ, זיי באַטראַכטן די נשמה פונם יחיד אַלס אַ רינג אין דער לאַנגער קייט פון דורות, וואָס זיינען פאַראייניקט

---

1 צום ערשטן פאַרעפנטלעכט אין לעמבערג אין 1876.

2 על ערש יצועי בתנומת — פרודה מן הגויה הנשמה
מרחפת כיונה על שחקים — ושומעת עתידות קול דומה.
ולא תחפוץ צאת פני אל — ונוער בה ושבה אל מקומה
בשובה ובבואה בית מעונה — אזי תקיץ וזוכרת חלומה.

3 זע, באַנד צוויי, ז׳ 87.

4 נפשי כאיל אל אפיקי מים — תערוג ותשתוקק לאל שמים
מתי תהי עפה כמו צפור אלי בוראה ותשכון תוך קדוש מתים
צמאה ונכספה מאוד לאור באור — נצחית ואז משתחווה אפים
לבי לפני אלוה חי בלי חיים...

אין אַ אַנדער ליד דערקלערט ישעיהו בר׳ יוסף:

העת אתבודד עם נפשי — ואחלוץ גופי מעלי
אראה עצמי תוך מלאכים — ושכינת אל שוכן עלי
אז מכת הגופות אצא — ואחזה אל דובר אלי:
בוא עבדי רב בי רבי יוסף — ושבה אתי ושמח אלי.

און צונויפגעוואַקסן דורך דער מסורה און דער גייסטיקער ירושה פון די אבות. עס איז דערפאַר גאַנץ באַגרייפלעך, וואָס אונזערע מיסטיקער האָבן שטייענדיק אויף דעם דאָזיקן שטאַנדפונקט אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט געשענקט דעם גלויבן אין „גילגול הנפש". דער רמב"ן, ווי אויך די שפּעטערדיקע בעלי הקבלה, זיינען געווען פעסט איבערצייגט, אַז דעם מענטשנס נשמה, נאָכדעם ווי זי צעשיידט זיך מיטן קערפּער, קערט זי זיך ניט גלייך אום צו איר מקור, נאָר ווערט נאָך פריער מגולגל אין אַן אַנדערן בשר־ודם, און מאַכט דורך אויפסניי, אין ווייטערע דורות, דעם מענטשנס לעבנסוועג אויף דער ערדישער וועלט. אָבער ניט נאָר נאָך דעם מענטשנס טויט לעבט ווייטער זיין נשמה — אַן אָפּגלאַנץ פון דעם אייביקן ליכטקוואַל, לעבט זי פון אייביקע צייטן, פון פאַר מעשה בראשית. אָט דער דאָזיקער געדאַנק געפינט אַ שיינעם אָפּקלאַנג אין דער ערשטער סטראָפע פון בן־נחמנס באַקאַנטער תפילה „מראש מקדמי עולמים"[1]. זינט דעם אָנפאַנג פון אַלע אייביקן בין איך (די נשמה) אויפגעוואָרט געווען אין זיינע פאַרבאָרגענע אוצרות. פון דעם „ניט באַגרייפלעכן" (מאין) בין איך נתגלה געוואָרן און אין דעם סוף פון די לעצטע צייטן וועל איך צוריקגערופן ווערן פאַר די אויגן פון דעם מלך".

גלייך מיט יהודה חסיד און אלעזר דעם בעל „הרוקח", האָט אויך דער רמב"ן געגלויבט אין דער אומגעהייערער קראַפט, וואָס איז פאַרבאָרגן אין די „צירופי אותיות". אין יעדן אות פון גאָטס אַ „שם" ליגט אַ באַזונדערער סוד, דורך „מצרף" זיין די דאָזיקע אותיות קאָנען די „חסידי הדורות" די גרעסטע וווּנדער באַווייזן; מיט זייער הילף קאָנען זיי „טויטן און לעבעדיק מאַכן, בויען און פלאַנצן, פאַרוויסטן און צעשטערן" (להמית ולהחיות, לנתוש ולנתוץ, להאביד ולהרוס, לבנות ולנטוע).

דער רמב"ן רעכנט אפילו, אַז די סודות פון דער „פאַרבאָרגענער חכמה, וואָס איז ברייטער פונם ים" (החכמה נעלמת בעיני כל חי ורחבה מני ים), דאַרף מען ניט מגלה זיין פאַרן ברייטן עולם, דאָך דערמאָנט ער אַליין גאַנץ אָפט די דאָזיקע סודות, ווען אויך בלויז מיט רמזים. אין זיין באַקאַנטער דרשה „תורת ד' תמימה" ווייזט דער רמב"ן אָן, אַז „די גאַנצע תורה, פון „בראשית" ביז „לעיני כל ישראל", באַשטייט פון גאָלע „שמות". דאָס אייגענע איז אויך אין די ספרי נביאים. ביי יחזקאל, למשל, אין דער פרשה וועגן דער מרכבה אָדער אין דעם קאַפּיטל, ווו עס

---

1 מיר ציטירן נאָך גייגערס „מלא חפנים" 39—41, ווו די דאָזיקע תפילה איז פולשטענדיק אָפּגעדרוקט.

ווערט דערציילט וועגן דעם טאָל מיט די טויטע ביינער, קאָן מען דורך „צירופי אותיות" באַקומען אַזאַ „שם", וואָס מיט אים קאָן מען מחיה מתים זיין [1]. דעם זעלבן געדאַנק זאָגט דער רמב"ן אויך אַרויס אין דער הקדמה צו זיין פּירוש אויף תורה [2], וועלכן ער האָט פאַרענדיקט אין זיינע לעצטע יאָרן, נאָך דעם, ווען ער האָט געמוזט, לויטן באַפעל פון דער רעגירונג, פאַרלאָזן זיין היים און האָט זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל. דער רמב"ן איז שוין געווען אַ בן־שבעים בעת דער אַראַגאָנישער מלך האָט אים אויפגעפאָדערט אַלס רב הכולל פון דער גאַנצער מדינה, ער זאָל דערפילן דעם ווונטש פון דעם משומד פּאַבלו כריסטיאַני, און האַלטן מיט יענעם אַ וויכוח וועגן אמונה־פראַגן. אויפן וויכוח צווישן דעם רמב"ן און כריסטיאַני זיינען ביינגעווען דער קיניג מיט זיינע הויפלייט און פילע אָנגעזעענע גייסטלעכע. אויף דעם וויכוח האָט מנצח געווען דער רמב"ן [3]; דאָס האָט שטאַרק אויפגעבראַכט די קאַטוילישע גייסטלעכע; זיי האָבן באַשולדיקט דעם רמב"ן, אַז ער האָט געלעסטערט דעם קריסטלעכן גלויבן, און דאָס געריכט האָט געפּסקנט, אַז דער באַשולדיקטער רב מוז גלייך פאַרלאָזן דאָס לאַנד [4]. פאַרטריבן פון דער אייגענער היים, האָט דער רמב"ן זיך געלאָזט צום לאַנד פון די אָבות [5]. אינם יאָר 1267 האָט ער זיך באַזעצט אין אַקראַ, וועלכע איז באַלד געוואָרן אַ באַדייטנדיקער קול־טורעלער צענטער, ווייל זיין באַרימטער נאָמען האָט צו זיך צוגעצויגן זייער פיל תלמידים [6]. באַלד נאָך דעם ווי ער האָט דאָרט פאַרענדיקט זיין

---

[1] „תורת ד' תמימה", 30—31: „כל התורה כלה מבראשית ועד לעיני כל ישראל כלה שמות... וכן בנביאים מפרשת המרכבה של יחזקאל יוצאים שמות של פתחי היכלות ומפרשת הבקעה יוצא השם שבו אומרים מחיה מתים, ודבר נודע לרבים כי מפסוקי ויסע ויבוא ויט (שמות י"ד, י"ט) יוצא שם של שבעים ושתים אותיות".

[2] „יסוד כל אותיות שבתורה הוא כי מהן מן האותיות יצאו לנו צרופי שמות של הקב"ה... כל התורה כולה משמותיו של הקב"ה היא... וכל הנמסר למשה רבנו בשערי הבינה הכל נכתב בתורה בפירוש או שרמוזה בתיבות או בגימטריאות או בצורת האותיות הכתובות כהלכתן או המשתנות בצורה".

[3] דעם „וויכוח" האָט דער רמב"ן אַליין באַשריבן (אָפּגעדרוקט אין „מלחמת הובה", 1710). איבערגעדרוקט באַזונדער אין 1929.

[4] דוד כהנא פרובירט באַווייזן („השלוח", ל"ב, 266), אַז מען האָט פאַרמשפּט ניט דעם רמב"ן, נאָר אַן אַנדער רב אויס געראָנע. מיט כהנאס באַווייזן איז אָבער שווער מסכים צו זיין.

[5] די בריוו, וואָס דער רמב"ן האָט געשיקט פון ארץ־ישראל צו זיינע אייגענע, וווּ ער באַשרייבט די דעמאָלטיקע צושטאַנדן אין פּאַלעסטינע, האָבן אַ קולטור־היסטאָרישן אינטערעס (איבערגעדרוקט צוזאַמען מיטן „וויכוח" אין 1929).

[6] פאָרנדיק איבערן ים האָט דער רמב"ן פאַרפאַסט אַ „תפילת הים", וואָס פאַנגט זיך אָן מיט די ווערטער: „אָנא האל הגדול הגבור והנורא" (פאַרעפנטלעכט אין האַנאָווערס „שערי ציון").

באַרימטן פירוש אויף תורה האָט זיך אויך פאַרענדיקט זיין לעבנס-וועג (1270).

אַדאַנק דעם רמב"ן מיט זיין גרויסן אויטאָריטעט האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו וואַקסן אין די ברייטע קרייזן דער אינטערעס צו דער „חכמת הנסתר". מיט זיין נאָמען און מיט זיין נסיעה קיין ארץ־ישראל אויף דער עלטער, געפינט זיך אויך אין געוויסער פאַרבינדונג די פּלוצלינגע אַנט־פּלעקונג פון דעם גרעסטן און זייער געהייליקטן קבלה־ספר — דעם „זוהר", וואָס ביי זיין צונויפזאַמלען און רעדאַקטירן האָבן זיך אָן שום ספק באַטייליקט דעם רמב"נס צוויי הייסע אָנהענגער [1] — אַברהם אַבולפיה און משה די ליאון.

אברהם בן שמואל אַבולפיה [2] איז אַ זייער טיפּישע מיטלעלטער־לעכע פיגור. אַ מענטש מיט רייכער באַגאַבונג, מיט אַ פאַרחלומטער פאַ־עטישער נשמה, נאָר טאַקע דערביי מיט אַ גאַנץ ווילדער, אמת מזרחישער פאַנטאַזיע, וואָס גייט אָפט איבער אין קרענקלעכער התלהבות און אַנט־ציקונג. ס'איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס אַבולפיה איז געווען זיין גאַנץ לעבן אַן אומדערמידלעכער זוכער פונם איבערנאַטירלעכן און וווּנ־דערבאַרן. אַבולפיה איז צו אַכצן יאָר אַ יתום געבליבן און אין צוויי יאָר אַרום האָט ער זיך געלאָזט אין אַ לאַנגן און שווערן וועג קיין פאָדער־אַזיע צו זוכן דאָרט דעם לעגענדאַרן טייך סמבטיון, בכדי זיך צו באַקענען מיט די „עשרת השבטים", וואָס וווינען פון יענער זייט טייך. ער איז אָבער דערפאָרן בלויז צו דער האַפנשטאָט עכו און פון דאָרט זיך גע־מוזט אומקערן, מחמת דער גרויסער מלחמה, „וואָס האָט אויסגעבראָכן צווישן עשון און ישמעלן" [3], ד"ה צווישן די קרייצפאָרער און די מאָנגאָלן. אַבולפיה האָט אַ שטיק צייט געוואַנדערט איבער גריכנלאַנד און איטאַליע, האָט זיך באַזעצט אין דער איטאַליענישער שטאָט קאַפּואַ, בכדי צו שטודירן פילאָזאָפיע ביי דעם יידישן, אונז שוין באַקאַנטן [4] גע־לערנטן הלל אוים וועראָנע. „איך האָב מיך אָפּגעגעבן דער פילאָזאָפיע מיט לייב און לעבן — דערציילט אַבולפיה, — טאָג און נאַכט האָב איך מיך מיט איר פאַרנומען; דעם „מורה נבוכים" האָט איך איבערגעחזרט מערערע מאָל". ער האָט אַפילו דערנאָך אַליין געלייענט פאָרלעזונגען

---

[1] אַברהם אַבולפיה שרייבט וועגן דעם רמב"ן אין זיין „חיי הנפש": „והרב רבנו משה בן נחמן אשר האיר עיני הגולה".

[2] אַבולפיה איז געבוירן אין סאַראַגאָסאַ אין 1240.

[3] אַזוי דערציילט אַבולפיה אין זיין ביאָגראַפישער נאָטיץ, וואָס איז פאַרעפנט־לעכט אין יעלינעקס „בית מדרש" III, XL—XLII.

[4] זע באַנד II, ז' 257—266.

איבער מיימונים פילאָזאָפיש ווערק [1]. זיין התלהבות צום בעל „מורה נבוכים" איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט אים אין רעליגיעזע פיוטים באַזונגען, און זיין שיר „אשתעשע במשול קדמון" [2] פאַרענדיקט זיך מיט פאָלגנדיקן שבח: „קוראי תורת משה בן עמרם עם דת משה בן מיימון זה נושע". אין אַ צייט אַרום האָט ער אָבער געוואָרפן אָן אומחן אויף די פילאָזאָפישע לימודים. פאַר זיין בענקענדיקער נשמה זיינען די לאָגישע ראַציאָנאַליסטישע סברות פון אריסטוס שיטה געווען צו קאַלט און טרוקן, און ער דערציילט אַליין, ווי אים זיינען געוואָרן איבערדריסיק „די איבערקלוגע פילאָזאָפירער", וואָס באַרימען זיך, אַז נאָר זיי אַליין זיינען דערגאַנגען דעם ריכטיקן אמת" (והמתחכמים והמתפלספים המתפארים בחבורי האמת).

אַבולפיה איז ווידער געוואָרן אַ אומרויִקער „זוכער". ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער טעאָרעטישער קבלה, וועלכע האָט די ערשטע צייט געגעבן געגוג שטאָף זיין היציקער פאַנטאַזיע. באַלד איז ער אָבער אויך מיט איר געוואָרן אומצופרידן; אויך אירע ראיות און סברות וועגן די אצילות און צען ספירות שמעקן, לויט אַבולפיהס מיינונג, צו פיל מיט די קאַלטע פילאָזאָפישע סכעמען. אַבולפיה האָט געפונען, אַז אויך די מיסטישע לערע וועגן די ספירות דערקלערט ניט דאָס גרויסע רעטעניש פונם לעבן, אַנטפּלעקט ניט דעם טיפן סוד, ווי אַזוי וועלטן ווערן באַשאַפן אויס דעם שוים פונם אייביקן תוהו־ובוהו, און ווייזט ניט דעם וועג, ווי אַזוי דער מענטש זאָל אויך קאָנען זיך באַטייליקן אין דעם דאָזיקן געוואַלטיקן פּראָצעס פון באַשאַפן און געבוירן. די „חכמי הספירות", זאָגט אַבולפיה, זיינען טאַקע גאַנץ נאָענט פונם ריכטיקן וועג, „דעם קירצסטן וועג" האָבן זיי אָבער דאָך ניט געפונען.

אַבולפיה שטרייכט גאַנץ שאַרפזיניק אונטער די שוואַכע זייט פון דער „ספירות"־לערע: די חכמי הקבלה זיינען ביי זיך אַליין ניט קלאָר, אין וואָס אייגנטלעך באַשטייט דער תמצית פון די ספירות: צי דאַרף מען זיי באַטראַכטן אַלס באַזונדערע עקסיסטענצן, אַלס זעלבשטענדיקע כוחות און אינטעלעקטן (שכלים נבדלים), אָדער בלויז אַלס „כלים" און שאַ־

---

[1] „בית מדרש", III, XLI.

[2] געדרוקט אין דער זאַמלונג „שירים וזמירות ותשבחות", נומ׳ 12. אַפילו דער־נאָך, ווען אַבולפיה איז געוואָרן אַ התלהבותדיקער מיסטיקער, איז ער אַלץ געבליבן דעם רמב״מס אַ הייסער חסיד, האָט געזען אין זיין „מורה" טיפע סודות, וועלכע ער באַ־האַנדלט אין אַ ספּעציעל ווערק „חיי הנפש".

פונגס־געצייג [1]. „דאַרפסט וויסן — שרייבט אַבולפיה צו זיינעם אַ באַקאַנטן מיטן נאָמען יהודה (מיטן ביינאָמען שלמון) [2] — אַז די בעלי הקבלה אַלס איבערצייגטע מאָנאָטעיִסטן קעמפן טאַקע קעגן דער לערע וועגן דריַי־איינציקייט. זיי אַליין אָבער פאַרביטן מיט זייער ספירות־לערע די דריַי־איינציקייט מיט אַ צען־איינציקייט. די קריסטן גלויבן, אַז גאָט אַנטפּלעקט זיך אין דריי געשטאַלטן און בלייבט דאָך איינער, און איינער פון די בעלי־קבלה דרינגען, אַז די גאָטהייט באַווייזט זיך אין די צען ספירות, וואָס פאַראייניקן זיך אַלע צוזאַמען אין דער געטלעכער איינציקייט" [3].

מיט האַרציקער פּשטות דערציילט ער ווייטער אין דעם זעלבן בריוו, ווי ער האָט אַלץ געזוכט און געפאָרשט נאָך דעם „פּינטעלע אמת" (נקודת האמת), האָט זיך געוואָרפן פון איין וויסנשאַפט צו דער צווייטער, זיי אַלע פירן אָבער צו דער „געשפּיצטער זעלבסטצופרידנקייט" (התהללות החכמה), ניט צו דעם, נאָך וואָס עס בענקט זיין נשמה — צו דעם נביאישן עקסטאַז און דער שיינקייט פון התגלות (תפארת הנבואה) [4].

ערשט צו 31 יאָר, דערציילט אַבולפיה [5], ווען ער האָט זיך אומגעקערט קיין שפּאַניע, האָט ער ענדלעך געפונען דאָס, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל מי געזוכט. אין באַרצעלאָנע האָט ער זיך פאַרטיפט אין דעם „ספר יצירה" מיט זיינע פירושים; און אָט זיי, די ספר־יצירה־דערקלערער, בפרט די דייטשע מפרשים מיט אלעזר אוים וואָרמס בראש, האָבן אים געעפנט די אויגן. „גאָטס גייסט האָט דערוואַכט אין מיר, דער רוח־הקודש האָט באַרירט מיין נשמה, און עס האָבן זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר וווּנדערבאַרע ניסים, געוואַלטיקע זעונגען (ואראה מראות נוראות רבות ונפלאות)... און געטרויערט האָט מיין האַרץ, וואָס איך האָב אַזוי לאַנג ניט אָנגעטראָפן דעם פאַסנדיקן מענטשן, וואָס זאָל מיר אָנווייזן דעם ריכטיקן

---

[1] „ויקראו לכל ספירה וספירה שמות, מהם משותפים ומהם מיוחדים, וכששאלנום לא ידעו היודעים מהם אלה הספירות על איזה דבר יפלו שמותיהם בעצם: אם על גופם ממש או על החמרים בלי צורות, או על צורות בלתי בעלי חומר או על מקרים נשואים על גופים והם כוחות בם או על נפשות נפרדות מכל נושא או על דעות הנקראים שכלים נפרדים".

[2] פאַרעפנטלעכט דורך יעלינעק אין „גנזי חכמת הקבלה", 1, 13—28.

[3] דאָרטן, 19: „אודיעך שבעלי הקבלה הספירות חשבו לייחד השם ולברוח מאמונת השלוש — ועשרוהו, וכמו שהגוים אומרים הוא שלשה והשלשה אחד כן מקצת בעלי הקבלה מאמינים ואומרים כי האלוהות עשר ספירות והעשרה הם אחד".

[4] דאָרטן, 18.

[5] „בית המדרש", III—XLII.

וועג, און איך האָב גאַנצע 15 יאָר געבלאָנדזשעט, געגראַבלט אין דער פינסטער ווי אַ בלינדער, נאָכגעיאָגט נאָך פאַרפירערישע שאָטנס, ביז גאָט האָט זיך איבער מיר דערבאַרעמט און מיר די אויגן דערלויכטן״.

דער „ספר יצירה״ מיט זיינע דייטשע מפרשים האָבן, ווי מיר זעען, אבולפיהן „דערלויכטן די אויגן״. אַ גרויסע השפעה האָבן אויף אים אויך געהאַט די קאַבאַליסטישע ווערק „הבהיר״ און „פרקי ר׳ ישמעאל״ [1], און אויך אברהם אבן עזראס „ספר השם״, אויף וועלכן אבולפיה האָט אפילו געמאַכט אַ פירוש [2]. ער האָט זיך פאַרטיפט אין די סודות פון „קבלה מעשית״ מיט אירע גימטריאות און צירופי אותיות. אבולפיה איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז די העברעיִשע שפּראַך מיט איר אַלף־בית קאָן מען כלל ניט פאַרגלייכן מיט אַלע אַנדערע לשונות. יענע זיינען ניט מער ווי אַ פּראָדוקט פון געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, יעדער שפּראַך באַזונדער איז אַ אָרגאַניש געוויקס, באַשאַפן דורך אַ באַזונדערן קיבוץ [3], די העברעיִשע שפּראַך אָבער, די שטייט אויסער דער צייט, זי האָט שוין עקסיסטירט נאָך פאַר „מעשה בראשית״. דער דאָזיקער קוק אויף דער אויסשליסלעכער לאַגע פון דער ביבל־שפּראַך איז אין מיטלאַלטער געווען ביי אַלעמען אָנגענומען. אים האָבן אַרויסגעזאָגט אַלע גדולי ישראל פון יענער תקופה: שלמה אבן גבירול אין זיין „הענק״, יהודה הלוי אין „כוזרי״; אברהם אבן עזרא שטרייכט אונטער אין זיין „שפה ברורה״: „וזאת חכמת לשון תורה ומקרא אחת מכל לשונות היא יתירה... ואראה כי לה״ק היא היא הראשה״ (דאָרטן, דף 1, עמ׳ א׳, 4 עמ׳ ב׳). אפילו דער רמב״ם איז אויך געווען איבערצייגט, אַז די אַראַבישע שפּראַך איז בלויז אַ פאַרגרייזט העברעיִש [4]. יהודה אבן מטקה דערקלערט אין זיין „מפרש החכמה״, אַז לשון־קודש איז דער מקור פון אַלע אַנדערע שפּראַכן [5]. אין דעם גלויבט אויך פעסט עמנואל רומי (זע „מאַנאַטס־

---

[1] אבולפיה ווייזט אַליין דערויף אָן אין זיין „שבע נתיבות״ (פאַרעפנטלעכט דורך יעלינעק אין זיין „פילאָזאָפיע א. קאַבבאַלאַ״, 21).

[2] אברהם אבן עזרא איז אפילו געווען נוטה צו מיסטיק (זע אויבן, באַנד I, ז׳ 232), דאָך איז ער געווען אַ קעגנער פון די, וואָס מיינען, אַז דורך „צירופי אותיות״ קאָן מען וווּנדער באַווייזן, און טאַקע אין דעם זעלבן „ספר השם״ דערקלערט ער: „על כן האומרים כי בשם יעשו מעשים גדולים לא ידעו השם״.

[3] זע יעלינעקס „פילאָזאָפיע א. קאַבבאַלאַ״, X.

[4] „אגרות הרמב״ם״, II, 27 עמ׳ ב׳: „לשון ערבי שהוא ודאי לשון עברית שנשתבשה מעט״.

[5] „ודע כי לשוננו נקרא לשון הקדש בעבור... כי לשוננו הוא הקדמון... והמבין בלשוננו ידע בודאי כי אין ערך אותיותינו לאותיותיהן אלא הערך הצלם העשוי מאבן לאנוש החי״...

שריפט״, 1885, 244). נאָר איין זרחיה חן האָט אַרויסגעזאָגט בנוגע צו
דער פראַגע אפּיקורסישע געדאַנקען [1]. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט,
וואָס אונזער מיסטיקער אַבולפיה האָט גערעכנט די ווערטער פון דער
ביבל פאַר אייביקע „אידעען״ און די אותיות פונם אלף־בית האָט ער באַ־
טראַכט אַלס סימבאָלן פון אייביק שאַפנדיקע קרעפטן. די וועלט גופא איז
דאָך באַשאַפן געוואָרן דורך „מימרות״, דורך דעם „צירוף״ פון העברע־
ישע אותיות און שמות. און אָט די באַהעפטונגען פון אותיות און שמות
הייסן „ספירות״, דורך וועלכע דער באַשעפער האָט דעם וועלטאַל גע־
שאַפן. ווערטער און נעמען באַקומען אויף אַזאַ אופן אַ גאַנץ באַזונדערן
באַטייט. זיי זיינען שוין ניט קיין בלויזע סימנים, מיט וועלכע דער מענטש
באַצייכנט די דערשיינונגען און זאַכן פון דער אַרומיקער וועלט — זיי
גופא זיינען עס די ערשטע יסודות פון זיין, די אוניווערסאַלע „אידעען״
פון פאַר „מעשה בראשית״, און די גאַנצע רעאַלע וועלט, אַלץ וואָס
ס׳איז, איז בלויז זייער אָפּגעשפּיגלט בילד [2].

מיר קאָנען דאָ זיך ניט אָפּשטעלן באריכות אויף דער פראַגע, ווי
ווייט די דאָזיקע אָנשויונג פון די יידישע מיסטיקער געפינט זיך אונטער
דער השפעה פון די אַלטע גריכישע דענקער פּיטאַגאָרוס און אַפּלטון.
מיר מוזן אָבער דאָ אונטערשטרייכן, ווי היסטאָריש אומגערעכט זיינען
די, וואָס פּרוּוון באַווייזן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַזוינע אָנשויונ־
גען, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש ספּעציעל פאַר די מיסטיקער, זיינען
אָבער להלוטין פרעמד דעם ראַציאָנאַליסטישן וויסנשאַפטלעך־ניכטערן

---

[1] זע אונזער חערק, ב׳ II, 255.

[2] די דאָזיקע אָנשויונג פירט אַבולפיה דורך ניט נאָר אין זיינע רעליגיעז־מיס־
טישע ווערק, נאָר אויך אין ריין פילאָלאָגישע. אין זיין „סוד דרכי הניקוד והברת
התנועה״ דערקלערט אַבולפיה:

הקור חולם חקור קמץ וצרי — חקור חרק ושרק הפלאות
הקור א׳ חקור ת״ו ראש ותכלית — והלק לחמשה כל צבאות
וכוון החמשה מול חמשה — והתכוון ותמצא בם פלאות

(זע „העבר׳ ביבל׳״ IV, 76—77).

אויף אַ גאַנץ ענלעכן אופן שילדערט אויך דער זוהר די וועלט־שאַפונג: לויט דעם בילד
פון יעדן וואָרט האָט גאָט די באַטרעפנדיקע זאַך באַשאַפן. זע זוהר II, פרשה תרומה,
דף 161, עמ׳ א: „בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ, אסתכל בהאי מלה וברא
את השמים; כתיב בה ויאמר אלהים יהי אור, אסתכל בהאי מלה וברא את האור, וכן
בכל מלה ומלה״. עס איז אויך וויכטיק אָנצומערקן, אַז אַבולפיהס בני־דור, די ברידער
יעקב און יצחק כוהן, האָבן ספּעציעלע אָפּהאַנדלונגען געשריבן וועגן די סודות, וואָס
זיינען באַהאַלטן אין די אותיות און די „טעמי הנקודות וצורתם״ (זע „מדעי היהדות״,
II, 201—219, 265—268).

וועלטבאַנעם פון די פעריפּאַטעטיקער (אָנהענגער פון אַריסטוס שיטה). וואָרעם דווקא אין אַריסטוס סיסטעם טרעט צומבולטסטן אַרויס אָט דאָס צונויפמישן פון דעם וואָרט מיט דער זאַך, און דאָס פאַרבייטן פון דענקען מיט זיין. מען דאַרף דערביי געדענקען, אַז פאַרן מענטשן בכלל עקסיסטירט בלויז דאָס, וואָס זיינע חושים האָבן אויפגענומען אַלס פאָרשטעלונג, וועלכע ער באַצייכנט מיט אַ וואָרט, גיט עס אַ נאָמען. כל-זמן אַ זאַך האָט נאָך ניט קיין נאָמען, איז ניט באַשטימט דורכן וואָרט — עקסיסטירט עס ניט פאַרן מענטשן, איז עס ניט אַריינגעדרונגען אין זיין באַוווסטזיין. און פול מיט טיפן באַטייט איז די אַלטע ביבלישע דערציילונג (בראשית, ב׳, 19), ווי אַזוי גאָט האָט געבראַכט צו פירן גלייך נאָכן באַשאַפן אַלע חיות פון דער ערד און אַלע פייגלען פון די הימלען פאַרן מענטשן, יענער זאָל זיי אַלעמען געבן נעמען, „און מיט דעם נאָמען, וואָס דער מענטש האָט געגעבן — לעבט יעדער לעבעדיק באַשעפעניש״ (וכל אשר יקרא לו האדם נפש חיה הוא שמו). און עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש אין דעם פרט, וואָס אין די קדמונישע צייטן איז ביי יידן געווען אָנגענומען דער גלויבן, אַז נאָכן מענטשנס טויט בלייבט ווייטער עקסיסטירן זיין נאָמען, אָבער ניט די נשמה[1]. „אין דער התחלה איז געווען דאָס וואָרט״; אָבער ניט נאָר גאָט האָט מיטן וואָרט די וועלט באַשאַפן, נייערט אויך דער מענטש באַשאַפט זיין וועלט מיט דער הילף פונם וואָרט[2]. „צווישן דעם וואָרט — זאָגט דער טיפער רוסישער פאָרשער פאָטעבניאַ — און דעם געדאַנק וועגן דער באַטרעפנדיקער זאַך איז געווען אַזאַ ענגער פאַרבאַנד, אַז מיט דער ענדערונג פונם וואָרט האָט זיך שטענדיק געדאַכט, אַז די זאַך ווערט דורכדעם אויך נשתנה... אין דער שפּראַך און אין דער פּאָעזיע געפינען זיך גאַנץ קלאָרע באַווייזן, ווי ביי אַלע אייראָפּעיִשע פעלקער איז געווען פאַרשפּרייט די איבערצייגונג, אַז דאָס וואָרט איז דער געדאַנק גופא, אַז דאָס וואָרט איז דער לעבעדיקער אמת, די חכמה, דער דיכטונגס-קוואַל. ווי די חכמה און דאָס געזאַנג, האָט אויך דאָס וואָרט געגאָלטן אַלס דער וויכטיקסטער יסוד פונם מענטשלעכן מהות. דאָס וואָרט איז די זאַך גופא. די דאָזיקע פאָרשטעלונג געפינט איר אָפּשפּיגלונג ניט נאָר אין דער קרובהשאַפט צווישן די באַנעמונגען, וואָס באַצייכענען דאָס וואָרט און די זאַך, נאָר אויך אין דעם

1 זע מאַקס וועבערס „דאָס אַנטיקע יודענטום״, 154, 236.

2 מען דאַרף אויך נעמען אין באַטראַכט, אַז ניט נאָר די ווערטער, נאָר אויך די אותיות זיינען ניט קיין טויטע צייכנס, ווייל אויך זיי זיינען אין דער התחלה געווען בילדער און סימבאָלן פון לעבעדיקע באַשעפענישן און רעאַלע זאַכן.

גלויבן, וואָס איז געווען אַזוי פאַרשפּרייט, אַז די ווערטער באַטרעפן דעם אמתן תוך פון די דערשיינונגען" [1].

ביי אַזאַ נאָענטער קרובהשאַפט צווישן דעם וואָרט און דעם עצם פון דער זאַך, אַ קרובהשאַפט, וואָס באַגלייט דעם מענטשן ווי אַ שאָטן אינם משך פון זיין גאַנצן שווערן און מיפולן וועג פון קולטורעלער אַנט-וויקלונג, איז לייכט באַגרייפלעך, וואָס דער מענטשלעכער געדאַנק איז סוף־כל־סוף געקומען צו אַזאַ מסקנא: ווו עס איז פאַראַן אַ באַגריף, דאָ מוז דאָך זיין דער עצם אויך. מיר זאָגן: יושר, אמת, שיינקייט — מוזן זיי דאָך האָבן אַ תוך, מוז דאָך עקסיסטירן דער עצם גופא, וואָס ער איז דער טרעגער פון דעם אָדער יענעם באַגריף. דער גריכישער דענקער סאָק־ראַטעס איז געווען זיכער, אַז יעדעם וואָרט, יעדער נאָמען האָט אין דער התחלה אויסגעדריקט דעם עצם פון דער זאַך. נאָך ווייטער איז געגאַנ־גען אויפן וועג פון פאַרקערפּערן דעם אַבסטראַקטן באַגריף סאָקראַטעסעס תלמיד אַפּלטון. פאַר אים איז געווען קלאָר און זיכער, אַז פריער פון אַלעם עקסיסטירט און איז דער באַגריף, די פאָרמען, די אידעען פון די זאַכן, און ניט די זאַכן גופא. דאָס שיינע עקסיסטירט ניט נאָר אין שיינע זאַכן, דאָס גוטע לעבט ניט נאָר אין דעם גוטן מענטשן — דאָס שיינע, דאָס גוטע אַלס אוניווערסאַלע באַגריפן — אָט זיי זיינען עס דער אמתער עצם און תוך. און ניט נאָר זיי לעבן זייער זעלבשטענדיק לעבן, נאָר פאַקטיש זיינען זיי דער איינציק מעגלעכער יש, דאָס איינציק רעאַלע און ווירקלעך עקסיסטירנדיקע. דאָס, וואָס מיר נעמען אויף מיט אונזערע חושים, דאָס איז בלויז דאָס צופעליקע, די בלאַסע און לייכט פאַרגיי־לעכע אָפּשפּיגלונג פון דעם אמתן תוך. דער לאָגישער אַלגעמיינער באַ־גריף, וואָס דער מענטש באַקומט אַלס פועל־יוצא, אַלס סכום פון די רע־אַלע אָפּגעזונדערטע דערשיינונגען — ער ווערט אינגאַנצן אָפּגעטיילט פונם פרט, ער באַקומט אַ זעלבשטענדיקע אוניווערסאַלע עקסיסטענץ, און ווערט דער טרעגער פונם איינציק וויכטיקן, פונם אמתן, ווירקלעך ווערט־פולן תמצית. אינם וואָרט, אין דער אַבסטראַקציע הייבט מען אָן זען דעם אמתן עיקר און תוך פון דער זאַך, איר פאָרבילד און מוסטער, די שאַפנדיקע אי־

[1] А. А. Потебня, Мысль и язык, 142 — 3 (4-ое изд., 1922): „Между роднымъ словомъ и мыслью о предметѣ была такая тѣсная связь, что измѣненіе слова казалось непремѣнно измѣненіемъ предмета... В языкѣ и поэзіи есть положительныя свидѣтельства, что по вѣрованіямъ всѣхъ индоевропейскихъ народовъ, слово есть мысль, слово — истина и правда, мудрость, поэзія. Вмѣстѣ с мудростью и поэзіей слово относилось к человѣческому началу... Слово есть самая вещь, и это доказывается не столько филологическою связью слов, обозначающих *слово* и *вещь*, сколько распространеннымъ на всѣ слова вѣрованіемъ, что они означаютъ сущность явленій".

רעע. דאָס אַלץ איז אָבער כאַראַקטעריסטיש ניט נאָר פאַר אַפּלטונס לערע. אדרבה, די טענדענץ פון זוכן דעם אמתן תמצית אינם וואָרט, זעען אינם באַגריף אַ זעלבשטענדיקע עקסיסטענץ, די איינציק ממשותדיקע, די אַלגעמיין גילטיקע, — דאָס געפינען מיר אין אַ באַדייטנד גרעסערער מאָס אויך אין אַריסטוס סיסטעם, אין זיין לערע וועגן די אַלגעמיינע און גאַטונגס-באַגריפן, אין דעם אונטערשייד, וואָס ער מאַכט צווישן דעם עצם און דעם צופעליקן (אַקצידענץ), צווישן דעם מעגלעכן און שוין עקסיסטירנדיקן, צווישן דער פאָרם און דער מאַטעריע. דווקא ביי דעם קלאַסישן מעטאַפיזיקער אַריסטון, וואָס אים האָט געפעלט די פּאָעטישע אינטויציע און באַגייסטערטער פּאַטאָס פון זיין רבין, זיינען אַפּלטונס אוניווערסאַלע, מיט גלאַנץ און שיינקייט באַגאָסענע „אידעען", וואָס זיינען געווען דער מקור פון דיאַליעקטישער באַוועגונג, פון אומדערמידלעכער אַנטוויקלונג, און האָבן נאָך לאַנגע גילגולים באַקומען זייער קלאַסישע התגלות אין דער נייערער צייט אין דער גאונישער העגעלישער סיסטעם — פאַרשטאַרט געוואָרן אין מעטאַפיזיש-טויטע און טרוקענע אַבסטראַקטע באַגריפן. ערשט ביי אַריסטון איז פאָרגעקומען די ענדגילטיקע צונויפמישונג פון דעם געדאַכטן מיט דעם וואָס כ'איז, דער פאַרבייט פונם באַגריף מיט דער זאַך; די ווירקלעכע פאָרשטעלונג פונם דענקענדיקן מענטשן ווערט באַטראַכט אַלס אַ גאָר פרעמדע, בלויז ערשט „מעגלעכע" אייגנשאַפט פון אַ גאַנץ זעלבשטענדיקער אָפּגעזונדערטער זאַך, וואָס דער מענטש דאַרף ערשט באַטראַכטן און אויספאָרשן. אָט דער ממש געצנדינערישער קוק אויף דעם וואָרט, דער ריין מעטאַפיזישער פּילפּול וועגן דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דעם איינצלנעם און דער מערהייט, דאָס צונויפמישן די פאָרמען פון דענקען מיט די פאָרמען פון זיין, די אָביעקטיווע מיט די סוביעקטיווע עלעמענטן פון אונזערע פאָרשטעלונגען און זאַכלעכע באַגריפן — דאָס אַלץ איז העכסט כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אַריסטאָטעלישן אַרט דענקען. און אָט דער דאָזיקער האַרבער טעות האָט, אַדאַנק אַריסטוס געוואַלטיקן אויטאָריטעט, געוועלטיקט איבער דעם מיטלעלטערלעכן אייראָפּעישן געדאַנק [1]. ער האָט אָנגענומען באַזונדערס מגושמדיקע פאָרמען אין דער קריסטלעכער סכאָלאַסטיק, און טאַקע אים האָט די סכאָלאַסטיק צו פאַרדאַנקען, וואָס זי האָט אַזוי לאַנג געבלאָנדזשעט אינם געדיכטן וואַלד פון מעטאַפיזישן פּילפּול [2].

---

1 עס איז כדאַי צו דערמאָנען די פלוגתא צווישן די נאָמענאַליסטן און רעאַליסטן אינם קריסטלעכן מיטלאַלטער.

2 אַ גלענצנדיקע אַנאַליזע פון דער דאָזיקער שוואַכער זייט אין אַריסטוס סיסטעם גיט אַלבערט לאַנגע אין זיין „געשיכטע ד. מאַטעריאַליזמוס".

אט דער דאזיקער תוהו־ובוהו, דאס צונויפמישן פונם באגריף מיטן רעאלן זיין, — דערגרייכט די העכסטע מדרגה ביי דעם מיסטיקער אברהם אבולפיה. ניט נאר זעט ער אין דעם ווארט, אינם נאמען פארבארגן א אויס־שליסלעכע שעפערישע קראפט [1], ער איז אויך איבערצייגט, אז מען קאן אונטער געוויסע באדינגונגען אויסנוצן די דאזיקע פארבארגענע כוחות, און מיט זייער הילף איז דער מענטש אימשטאנד איבערוווארפן א בריק צווישן דעם ענדלעכן און אומענדלעכן, צווישן דעם שטארבלעכן און אייביקן. מיט הילף פון קונציקע גימטריאות און מצרף זיין די אותיות פון די געטלעכע „שמות" וואס אין דער תורה קאן מען, לויט אבולפיהס איבערצייגונג, אנטפלעקן די טיפסטע סודות און באשאפן די גרעסטע וווּנדער. דער גאנצער ביבל־טעקסט ווערט ביי אבולפיהן פארוואנדלט אין לויטער סימבאלן און פארבארגענע צייכנס, וואס זייער אמתן באטייט קאן מען אנטפלעקן נאר מיט דער הילף פון גימטריא, נוטריקון און תמורה [2]. „נאר מיט דער הילף פון „חכמת השמות" — דערקלערט אבולפיה [3] — קאן דער מענטש דערגרייכן די העכסטע מדרגה פון

---

[1] עס איז כאראקטעריסטיש פאר אבולפיהן, וואס ער שטרייכט באזונדערס אונטער, אז אין דער תורה האבן די וואכעדיקע טעג ניט קיין באזונדערע נעמען, זיי הייסן בלויז: דער ערשטער טאג, דער צווייטער טאג אאז"וו; בלויז דער הייליקער יום השבת האט זיין באזונדערן נאמען; „און דערפאר טאקע איז דער שבתדיקער טאג דער פולסטער קעגנזאץ פון די וואכן־טעג". זע אבולפיהס „חיי הנפש", 1טער טייל, קאפ׳ 4: „...ימי החול אין להם שמות מיוחדים... ואלה הששה ימים שהם ימי החול והם ששת ימי בראשית נאמר על כל אחד מהם בשוה ויהי ערב ויהי בוקר. אך בשביעי... כבר נבדל תכלית ההבדל... ונקרא בשם מיוחד והוא שבת... אך יום שבת הוא לבדו קדש לד׳". מיר ציטירן לויט דעם מאנוסקריפט, וואס געפינט זיך אין פירקאוויטשעס ערשטער קאלעקציע, נומ׳ 185.

[2] גימטריא הייסט דער פארבייט פון איין ווארט דורך אן אנדערן, וואס זיינע אותיות באטרעפן די אייגענע צאל, וואס די אותיות פונם ערשטן ווארט. צום ביישפיל: „יוסי" אנשטאט „אלהים", ווייל ביידע באטרעפן 86. נוטריקון — ווען די אותיות פונם ווארט ווערן באטראכט אלס „ראשי־תיבות" פון אנדערע ווערטער. למשל: „אשר" מאכט „אלף ששה רבוא". תמורה — ווען מען שטעלט איבער די אותיות פונם ווארט. למשל: פונם ווארט „ישמח" מאכט מען „משיח".

[3] אין זיין ווערק „ספר חיי עולם הבא והוא פי׳ שם המפורש". אין אנהייב פונם ווערק געפינט זיך אן אקראסטיך מיט די ראשי תיבות: „שם המפירש יהוה"; צום סוף א צווייטער אקראסטיך מיט די ראשי תיבות: „רזי חיי העולם הבא מראה הנבואה חיים". דאס ווערק איז ניט פארעפנטלעכט. מיר האבן זיך באנוצט מיט א פארמעטענעם מאנוסקריפט, וואס געפינט זיך אין הרכבים קאלעקציע אין דער ביבליאטעק פון „אפע" (זע ביילאגע נומער 1).

שלמות״ [1]. ניט יעדער בשר־ודם האט אָבער די זכיה אַרינצודרינגען אין די „סתרי תורה״. אבולפיה רעכנט, אַז נאָר די יחידי סגולה, די אויס־דערוויילטע און מאָראַליש אומבאַפלעקטע מענטשן, וואָס זיינען „ווי גאָלד געלייטערט געוואָרן דורך דער טעסט פון שווערע נסיונות״, נאָר זיי זיינען באַשענקט מיט דער גרויסער מתנה, נאָר זיי קאָנען וווּנדער באַ־ווייזן מיט דער הילף פון די אין דער תורה פאַרבאָרגענע סודות [2]. אָבער אויך זיי זיינען אימשטאַנד אויסנוצן זייער וווּנדערבאַרע מאַכט בלויז צו אַ באַשטימטן צוועק — גאָטס נאָמען צו באַשיינען און זיינע גרויסע מעשים צו לויבן [3]. אבולפיה פאַלט דערפאַר אָן אויף די „נאַראָנים״, די בעלי שמות פון זיין צייט, וואָס מיינען, אַז מען קען זיך באַנוצן מיט דער וווּנדערבאַרער קראַפט פון „צירופי אותיות״ פאַר פערזענלעכע ריין עגאָיִסטישע צוועקן [4]. אבולפיה גיט דערביי גאַנץ גענויע פאָרשריפטן, ווי אַזוי די יחידי סגולה דאַרפן זיך נוהג זיין, בכדי צו דערגרייכן דעם געווינטשטן צושטאַנד פון דבקות און התפשטות הגשמיות [5]. אין דעם דאָזיקן צושטאַנד, פאַרזיכערט אבולפיה, קאָן דער מענטש דורך לאַנגן

---

[1] דאָרטן, דף 35, עמ׳ א׳: „ואת החכמה אשר היא חכמת השמות היא לבדה באמת המביאה את האדם לידי השלמות האחרון אשר היא ההשגה האלוהית״.

[2] „חיי הנפש״, 1טער טייל, קאַפּיטל 1: „שהעולם הזה דומה למצרף הכסף ולכור הזהב לכשיזוקק בו אדם ויזדכך הזיפוך הראוי לו אחר נסיון, ובחינה הוא אדם ראוי לבדו לגלות לו סתרי תורה ולזולתו נמנע... עד שלא ימצאו מטמנותיה כי אם... לחוקר סודותיה ולשואלי נסתריה ולאוהבי תעלומותיה באמת והכונה בזה להשאיר התורה האמתית ביד היחידים אשר הם סגולת ההמון ומבחר המין האנושי״...

[3] „ספר חיי עולם הבא״ (כתב־יד), דף 4, עמ׳ א׳: „הזהר מאוד מאוד כאשר הזהירוך אבותיך מן האש שלא תשרף בו ומן המים שלא תטבע בהן ומן הרוח שלא יזיקך, אשר לא תשתמש בתגיא. כל המשתמש בשם המפורש לצורך שימוש עצמו עבר על מצות השם. רק שימוש הזה הוא ראוי להיותו לכבודו לבד״.

[4] דאָרטן, דף 31, עמ׳ א׳: „אבל הפתאים אשר אין בהם דעה חושבים שהשם מסר שמותיו שהם כלי המציאה כלה לאדם להשתמש בהם בהבלי מחשבותם ובשקרי דמיונות ולפעול בהן בחפצן שנויי הטבעים או מעשים דומים להפכי הטבעים או דברים רחוקים להשיגם... והסכלים האוילים חושבים שהנביאים והחכמים הראשונים פעלו בשמות לצורך עצמם ומביאים ראיה מהכתובים הצריכים פרושים ארוכים ומפרשים אותם כפי דעתם כאלו הנביאים והחכמים הודיעם פירושי דבריהם והראום אמיתת מעשיהם... וזה כלו קרה להמון חכמי דורנו רובם״.

[5] די דאָזיקע פאָרשריפטן דערמאָנען זייער אין דער הנהגה פון די „יורדי מרכבה״ בעת זיי האָבן געוואָלט דערגרייכן די העכסטע מדרגה פון התלהבות (זע צווייטן באַנד, ז׳ 83—88). די דאָזיקע שטעלע אין „ספר חיי עולם הבא״ איז זייער כאַראַקטעריס־טיש פאַר די מיטלאַלטערלעכע מיסטיקער, מיר ברענגען זי דערפאַר בשלימות. זע ביי־לאַגע, נומ׳ 1.

איבער־חזרן פון „שמות”, איבערשטעלנדיק דערביי די אותיות אין פאַר־שיידענעם סדר, זוכה זיין צו ווערן אַ „גלוי עינים”, באַקומען אָפענע אויגן, פאַר וועלכע עס אַנטפּלעקן זיך אַלע געהײמע סודות פון דער תורה און עס ווערן נתגלה די פאַרבאָרגנסטע רעטענישן פונם לעבן [1].

און אַבולפיה, דער התלהבותדיקער מיסטיקער, האָט געמיינט, אַז אים איז ווירקלעך געלונגען אַריינצודרינגען אין די טיפע סודות, אַראָפּ־צורייסן דעם דעקטוך פונם אייביק פאַרבאָרגענעם לעבנס־רעטעניש. אים האָט זיך געדאַכט, אַז עס רוט איבער אים דער רוח־הקודש, דערוואַכט האָט אין אים דער גייסט פון די נביאים, ער איז דער מאַן מיט די אָפענע אויגן... „עס האָט זיך — דערציילט אַבולפיה — אַנטפּלעקט פאַר מיר דער באַשעפער פון אַלע וועלטן, ער האָט פאַר מיר מגלה געווען זיין גרויסן סוד, אָנגעזאָגט האָט ער דעם קץ פונם גלות, דעם טאָג, ווען עס וועט זיך אָנפאַנגען די גאולה און באַפרייונג” [2]. ער איז געווען זיכער, אַז ס'האָט שוין אויסגעבראָכן דער קאַיאָר פון דעם גאולה־טאָג, ווייל עס האָט זיך שוין באַוויזן דער גרויסער „פּאַסטעך”, דער ליכטיקער גואל, אויף וועלכן מען האָט אַזוי לאַנג געוואַרט. און דער גואל — איז טאַקע ער אַליין, אַברהם אַבולפיה!..

„גאָט, דער באַשעפער פון די הימלען, — דערקלערט אַבולפיה — האָט דערהערט דאָס געשריי פון יעקבס קינדער, און האָט געשיקט אַ שליח, וואָס פאַרקינדיקט זיין נאָמען; זכריהו הייסט דער שליח [3]. פאַר זיין טיף געפּלאָגט פאָלק, וואָס יעדע אומה, יעדער ערב־רב האָט אים געדריקט און געיאָגט — איז געקומען דער טאָג פון דער גרויסער ליכטיקער בשורה. אָט קומט דער שליח זכריהו, ער לאָזט זיך אַנידער אויף אַ לייכטן באַ־פליגלטן וואָלקן, וואָס טריפט מיט געבענטשטן טוי...” [4].

די התלהבותדיקע פרעדיקן פון דעם פאַרחלומטן מיסטיקער האָבן געמאַכט אַ געוויסן רושם. עס האָבן זיך באַלד געפונען באַגייסטערטע

---

1 אין דער פאָררעדע צו זיין „חיי הנפש” פאַרזיכערט אַבולפיה:

לו עיני איש היו חוזות — תורת סֵפֶר סִפּור וּסְפָר
לו חכמו ישכלוה ואת — היו לעד שוכני עָפָר.

2 יעלינעק, „אויסוואַהל קאַבאַליסטישער מיסטיק”, I, 18: „בהגיעי אל השמות ובהתירי קשרי החותמות נגלה אלי אדון הכל וגלה לי את סודו והודיעני את קץ הגלות וזמן התחלת הגאולה על גואל חדש”.

3 אַבולפיה רופט זיך אַמאָל זכריהו, אַמאָל רזיאל, ווייל ביידע נעמען באַטרעפן בגימטריא דאָס אייגענע, וואָס אַברהם = 248. ער רופט זיך אויך ציימנווייז — ברכיהו, ווייל אויך דער נאָמען באַטרעפט בגימטריא דאָס זעלבע וואָס אַברם = 243.

4 אויס אַבולפיהס בוך „ספר האות” (ז' 75), פאַרעפנטלעכט אין „גרעץ־יובל־שריפט”, צווייטע אָפּטיילונג, 65—85.

תלמידים, וואָס האָבן מיט צאַפּלדיקע הערצער דאָרשטיק געשלונגען יעדעס וואָרט פון דעם „שליח". צווישן דעם דאָזיקן ענגן קרייז פון אבולפיהם חסידים האָט פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ אַ יונגער פילאָזאָפיש געביל־דעטער מאַן, יוסף בן אברהם גיקאַטילאַ (דזשיקאַטילאַ) [1], וואָס האָט זיך קונה שם געווען מיט זיינע מיסטישע ווערק.

אויך דער דאָזיקער אבולפיהם באַליבטסטער תלמיד איז, גלייך ווי זיין רבי, געקומען צו דער מיסטישער וועלטאַנשויונג ערשט נאָכדעם, ווי ער האָט זיך אַנטטוישט אין די פילאָזאָפישע אמתן. „איך האָב געזען, קלאָגט זיך גיקאַטילאַ, ווי פינסטער און קרום עס זיינען די וועגן, איבער וועלכע עס בלאָנדזשעט מיין פאָלק. איך האָב מענטשן געזען, וואָס לייי־קענען אין דער השגחה און ווילן אַלץ באַווייזן, אַז דעם מענטשנס מזל הענגט אינגאַנצן אָפּ פון די גלגלים און די פּלאַנעטן. אויפן סמך פון אַריסטאָן לייקענען זיי אינגאַנצן אָפּ דעם מענטשנס בחירה און זיין פרייען ווילן. זיי ווילן זיך כלל ניט רעכענען דערמיט, צי פילט דער מענטש גאָט אין זיין האַרצן. זיי דרינגען, אַז אַלץ פירט זיך נאָכן סדר פון די אייזערנע געזעצן, וואָס געוועלטיקן אין דער נאַטור, און ניט גאָט איז דער מנהיג העולם, דער רעגירער פון דער וועלט. זיי גלויבן ניט, אַז די תורה איז מן השמים, און אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן אין אַ באַשטימטער צייט. זיי גלויבן אין קדמות העולם, זיי גלויבן, אַז אַלץ באַוועגט זיך פון אייביק אָן נאָך באַשטימטע געזעצן, אין וועלכע עס קאָנען ניט פאָרקומען קיין שום ענדערונגען. אויף דעם סמך לייקענען זיי אָפּ אַלע ניסים און וווּנ־דער, ווייל זיי וואָלטן דאָך סותר געווען די דאָזיקע געזעצן. זיי ווילן זיך כלל ניט רעכענען דערמיט, וואָס דער גלויבן אין ניסים איז דאָך דער יסוד פון אונזער תורה, און וואַרפן זיי אים אָפּ — לייקענען זיי אויך אין דער גאַנצער תורה" [2].

---

[1] לויט גיקאַטילאַס אָנווייזונג אין דער פאָררעדע צו זיין „גנת אגוז", איז ער אַ געבאָרענער אויס קאַסטיליע פון דער פּראָווינץ משעלאַ (ואני יוסף ן' גקטילה חדר בקצה קשתילה במדינת סאלה). אין דער ביבליאָטעק פון דעם לענינגראַדער „אַזיאַטישן מוזיי" געפינט זיך אַ מאַנוסקריפּט פונם „גנת אגוז", פאַרענדיקט אין 1561. דאָרט גע־פינט זיך אין דער פאָררעדע אַ אָנווייזונג (זי פעלט אין דער געדרוקטער אויסגאַבע), אַז גיקאַטילאַ איז געבוירן אין 1248: „לבשתי בגדי חרדות וסמכתי ביסוד כל הסודות וחברתי ספרי מעלה הסודות בשנת שלשים וארבע למנין אחר חמשת אלפים לבנין ואני כבן עשרים וששה סמכתי על עשרים וששה וכו'".

[2] „גנת אגוז", ערשטע אָפּטיילונג, בל' 13, עמ' ב': „כמו שאני רואה היום מאותם שמתעסקים בחכמת הטבעים שאמונתם נוטה לקדמות הנמצאים מאחר שאין לטבעים שינוי לא יאמינו באפשירות הנסים והנפלאות כי יאמרו אין דבר משתנה

און גיקאַטילאַס בענקענדיקע אויגן האָבן געזען אַרום זיך לויטער וווּנדער, זיין געוואַלטיקע פאַנטאַזיע האָט געזוכט דאָס אויסערגעוויינלעכע, און מיטן גאַנצן ברען פון זיין נשמה האָט ער זיך איבערגעגעבן דער מיסטישער וועלט, מיט אירע פאַרבאָרגענע אומאויסגעפאָרשטע טיפעניש. ער ווייס — אין די דאָזיקע טיפענישן לויערן אויך גרויסע געפאַרן. „ברענענדיק הייס און גיריק צעשטערנדיק איז דער פלאַם פון דער פאַרבאָרגענער חכמה — דערקלערט גיקאַטילאַ — נאָר בעסער ברענען אין דעם דאָזיקן גין־גאָלדענעם פלאַם, איידער גראָבלען אין דער פינסטער ווי די חיות אין וואַלד" [1].

פונקט ווי זיין רבי אַבולפיה, אַזוי האָט אויך גיקאַטילאַ, זיך פאַרטיפט אין די סודות פון כל המיני גימטריאות, און טאַקע זיי האָט ער געווידמעט זיין הויפטווערק „גנת אגוז" [2]. דאָס וואָרט „גנת" איז טאַקע די „ראשי תיבות" פון גימטריא, נוטריקון און תמורה [3]. און דאָס וואָרט „אגוז" — די נוס, דערקלערט דער פאַרפאַסער גופא, דאָס איז דאָך דער סימבאָל פון חכמת הנסתר [4].

גיקאַטילאַ האָט שטאַרק קונה שם געווען אַלס גרויסער בעל־מקובל. אַ לעגענדע דערציילט, אַז ער פלעגט באַווייזן געוואַלטיקע וווּנדער און מען האָט אים דערפאַר גערופן „יוסף בעל נס". אַבולפיה זאָגט אויך עדות אויף זיין תלמיד, אַז ער איז אַ „וווּנדערבאַרער מוצלח" (הצליח הצלחה

---

מטבעו... וזהו היסוד שכל תורתנו מיוסדת עליו בהאמין מעשה הנסים והנפלאות כי מתוכם נשיג סוד יחודו וקדמותו יתברך וחדוש כל הנמצאים כולם". אויף דער כתירה צווישן דעם גלויבן אין ניסים און אַריסטאָס טענות וועגן קדמות העולם, האָט אויך אָנגעוויזן מיימוני אין זיין „מורה נבוכים", II, קאַפּ' 25: „אמונת הקדמות... הנה היא סותרת הדת מעקרה ומכזבת לכל אות".

[1] „גנת אגוז", דף 3, עמ' א' (מיר ציטירן נאָך דער האַנויער אויסגאַבע).

[2] צום ערשטן פאַרעפנטלעכט אין האַנוי, 1615.

[3] וועגן דעם באַטייט פון די דאָזיקע דריי הויפט־יסודות פון דער פּראַקטישער קבלה רעדט דער פאַרפאַסער באַריכות אין דעם סוף פון דער צווייטער אָפּטיילונג (דאָרטן, 64).

[4] דער „גנת אגוז" באַשטייט פון דריי טייל. אין דעם ערשטן ווערט גערעדט וועגן גאָטס „שמות", אינם צווייטן — וועגן די „צירופי אותיות" און דעם יסוד פון די הייליקע צאָלן: 3, 7, 10; אינם דריטן — וואָקאַלן (ניקוד), וואָס ווערן דאָרט באַטראַכט אַלס סימבאָלן און עמבלעמען (למשל, דער חולם, שורק און חירק זיינען אַ רמז אויפן עולם העליון, אויפן עולם התוך און עולם השפל). גיקאַטילאַ האָט אויך פאַרפאַסט אַ סך אַנדערע ווערק וועגן קבלה. איינס פון זיי „שערי אורה" האָט אַ קריסטלעכער געלערנטער ריציע איבערזעצט אין לאַטיין (געדרוקט אין 1516) און די דאָזיקע לאַטיינישע איבערזעצונג האָט דער באַרימטער רייכלין אויסגענוצט אין זיין **De Arte Cabalistica**.

מופלאה) און דער רוח-הקודש רוט אויף אים (וד' היה עמו) [1]. אברהם אבולפיה האָט זיך אָבער ניט געוואָלט באַנוגענען מיט דעם ענגן קרייז תלמידים און אָנהענגער. ער האָט געוואָלט די גאַנצע וועלט זאָל זיך וואָס גיכער דערוויסן וועגן זיין „שליחות". ער האָט פאַרלאָזן זיינע תלמידים און זיך געלאָזט קיין איטאַליע. אין דער שטאָט אָרבינאָ שרייבט ער (אין 1279) זיין ערשט נבואה־בוך „ספר הישר", און נאָך אים קומען שנעל איינס נאָכן אַנדערן גאַנצע צענדליקע קאַבאַליסטישע ווערק, אין וועלכע עס זיינען אָן אַ שום סדר צונויפגעמישט אמת באַגייסטערטע בלעטער, פול מיט גרויסן פּאַטאָס און רייך מיט פּאָעטישע בילדער, צוזאַמען מיט ווילדע השבעות, משונהדיקע „שמות" און אַ גאַנצן תוהו־ובוהו פון אומ־פאַרשטענדלעכע ווערטער און רמזים [2].

„און גאָט האָט געזאָגט דעם שליח זכריהו: „הייב אויף דיין שטים, נעם די פעדער אין האַנט און גיב אַלעמען צו וויסן גאָטס וואָרט!" און גאָט איז געווען מיט אים, און זכריהו האָט אַלץ פאַרשריבן, וואָס גאָט האָט אים באַפוילן" (דאָרטן, ז' 76).

ניט נאָר מיט דער האַנט האָט ער געשריבן, דער דאָזיקער מיסטי־קער, וואָס זיין נשמה האָט זיך געטראָגן אינם ווילדןווירבל־ווינט פון פאַנטאַסטישע חלומות, נאָר אויך מיטן בלוט פון זיין הארצן. „וואָס ס'ווערט אין הארצן געבוירן, ווערט מיט דער פייערדיקער שריפט און פלאַם-ברענענדיקער פעדער אויף דער וועלט געבראַכט... אימהדיק און שרעקלעך איז די מאַכט פון דער פעדער, די טינט — איז בלוט, גאָטס נאָמען לעבט אין איר און יעדער טראָפּן פון דעם געבענטשטן זאַפט זע־טיקט די ערד, באַפרוכפּערט די וויסטעניש..." [3].

אָט דאָס דאָזיקע בילד, ווי טויטע בלעטער באַקומען לעבן דורך טינט און פעדער, ווערן באַפרוכפּערט מיטן בלוט פונם הארצן און דעם זאַפט פון די נערוון, חזרט זיך אָפטמאָל איבער ביי אַבולפיהן. אין זיין נבואה-בוך „האות" דערציילט ער אונז:

„גאָט האָט צו מיר אַזוי געזאָגט: אָט איז דיין נשמה, און איר נאָ־מען איז — בלוט; און טינט הייסט דער גייסט, וואָס לעבט אין דיר!.. ווי נאָר איך האָב דערהערט דעם גרויסן אונטערשייד צווישן מיין נשמה און

1 „בית המדרש", III, XLI.

2 אַבולפיה גופא ווייזט אָן („פילאָזאָפיע אונד קאַבאַלאַ", 23), אַז ער האָט פאַר־פאַסט 26 קבלה־ספרים און 22 ספרי־נבואה. דאָס רוב פון זיי איז פאַרלאָרן געגאַנגען. אַ טייל פון אַבולפיהס ליטעראַרישער ירושה האָט פאַרעפנטלעכט יעלינעק.

3 „דינים ודברים מחדש לבו בקרבו ובמכתב אש יכתבם בעט שלהבת. נורא ואיום כח העט, והדיו דם, שמו בקרבו נטפי טלו משקים הארץ ומלחלחים יבשה" (דאָרטן, 75).

מיין גייסט — פין איך פול געוואָרן מיט פרייד און אנטציקונג... דעמאָלט האָב איך באַגריפן, אַז מיין נשמה טראָגט די פאַרב, וואָס געהער צו איר נאַטור — רויט איז זי ווי בלוט, און אויך מיין גייסט איז אַזוינער, ווי ער דאַרף זיין — שוואַרץ איז ער ווי טינט. און גרוים איז געווען אין מיין האַרצן די מלחמה צווישן בלוט און טינט... און טינט האָט גובר גע־ווען דאָס בלוט, און דער שבת האָט גובר געווען דעם אומדערוואַכן" [1].

אבולפיה האָט אָבער אַ טעות געהאַט; זיינע ספרי־נבואה האָבן קיין אָפּקלאַנג ניט געפונען. דאָס פאָלק האָט ניט געוואָלט אָנערקענען דעם נייעם „נביא", זיינע ברידער האָבן זיך מיט עקשנות אָפּגעווענדט פון דעם „שליח". „די אומגליקלעכע, צו וועלכע ער איז געשיקט געוואָרן, די וועל־כע ער האָט געוואָלט אויסלייזן — האָבן אים ניט געוואָלט אָנערקענען, און אים באַגעגנט מיט שפּאָט און געלעכטער. די לעצטע שעה איז שוין געקומען, אויפגעוועקט דאַרפן אַלע ווערן פונם שלאָף פון פינסטערניש און דעם דרעמל פון אומוויסן, עס קומט דער טאָג פון גאולה פאַר דעם אויס־דערוויילטן פאָלק — און קיינער האָט ניט דערוואַכט, קיינער וויל ניט וויסן וואָס ס'קומט פאַר!" [2].

אבולפיה פאַרלירט אָבער ניט דעם מוט. וויל זיין אייגן פאָלק ניט הערן, וועט ער דער גאַנצער וועלט מודיע זיין וועגן זיין שליחות, אָנזאָגן דעם אמת, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים. ער וועט אַלע פעלקער אָנ־זאָגן די בשורה: עס קומט דער טאָג פון דער גאולה און באַלד וועט זיך פאַר דער גאַנצער וועלט אַנטפּלעקן גאָטס אומענדלעכע פּראַכט. בכדי צו ווירקן אויף דער קריסטלעכער געזעלשאַפט, צוציען צו זיך איר אויפמערק־זאַמקייט, האָט ער די לערע פון די צען ספירות צונויפגעשמאָלצן מיט דער קריסטלעכער דאָגמע וועגן דריי־אייניקייט. „גאָטס נאָמען — דערקלערט אבולפיה — באַווייזט דעם עצם פון אייניקייט אין דרייפאַכער געשטאַלט, נאָר די דרייהייט איז די פולשטענדיקע איינהייט" [3].

---

1 גרעץ־יובלשריפט, 81.

2 דאָרטן, 79

3 „יש לו יתברך שם מיוחד מורה על עצם אחד שהוא ג"כ משולש השלוש הוא אחד". אין אַן אַנדער ווערק דערקלערט אבולפיה:

וקם נביא בחיר האל, ופתח לשבח לגזור מאמרות
ולא זכר שבחיו רק שלשה, והניח ולא פקד עשרות
אצפה מענת מאל אמרות, ואמרותיו אמרות הטהורות.

דערביי מוז אָבער אויך אָנגעמערקט ווערן, אַז צו קריסטוסן האָט אבולפיה זיך פאַר־האַלטן מיט שנאה און פאַראַכטונג. לאַנדויער ציטירט („ליט.־בל. ד. אָריענטס", 1845, 590) פאָלגנדיקע שטעלע ביי אבולפיהן: „אני רזיאל בן שמואל מכיר הברכה והקללה, מכיר ממזר בן הנדה, מכיר ישו ומחמד".

אין 1280 לאָזט זיך אַבולפיה אוועק קיין רוים, געטראָגן פון דעם פאַנטאַסטישן געדאַנק איבערצייגן אין זיין געטלעכער שליחות דעם הויפּט פון דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט, דעם פּויפּסט ניקאָלאַי דעם דריטן. עפּעס דורך אַ נס איז אונזער בעל־חלומות געלונגען ראַטעווען זיין לעבן און פאַרלאָזן רוים נאָך דעם, ווי ער איז אָפּגעזעסן אַ חודש אין תפיסה [1]. ער איז אַוועק קיין סיציליע און אין דער הויפּטשטאָט פּאַלערמאָ איז ער אַרויסגעטראָטן מיט פייערדיקע דרשות וועגן זיין „שליחות”. זיין פּראָפּאַגאַנדיסטישע טעטיקייט האָט שטאַרק באַאומרויִקט די אָרטיקע רבנים און די פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה. זיי האָבן זיך אָנגעפרעגט ביים באַדייטנדיקסטן שפּאַנישן רב פון יענער צייט, ביים רשב״א (ר׳ שלמה בן אדרת), ווי זיי דאַרפן זיך פאַרהאַלטן צו די „נביאישע” פּרעדיקן פון דעם דאָזיקן מיסטיקער. דער רשב״א איז געווען אַן אַנטשיידענער קעגנער פון אַבולפיהן, און האָט געזען אין זיין מיסטישער טעטיקייט אַ גרויסע געפאַר פאַרן יידישן קיבוץ; ער האָט דערפאַר גלייך געשריבן קיין סיציליע, זיי זאָלן זיך זייער היטן פאַר דעם דאָזיקן „פאַלשן משיח”, דעם „נידערטרעכטיקן מענטשן”, געפערלעכן „ליגנער” און „פאַרפירער” [2]. נאָך אַזאַ תשובה האָט מען שוין אָנגעפאַנגען שטאַרק צו רודפן אַבולפיהן. איינער פון זיינע חסידים [3] באַקלאָגט זיך, ווי אַזוי מען האָט דעם „נביא” אַריינגעזעצט אין תפיסה און צוגענומען זיין גאַנץ פאַרמעגן, אפילו זיינע ספרים זיינען אַריין אין די הענט פון די „רויבער”.

די רדיפות האָבן נאָך מער געשטאַרקט אין אַבולפיהן דעם גלויבן, אַז ער איז טאַקע גאָטס „שליח”, וואָס מוז ליידן פאַר די זינד פון דער וועלט. „גאָט האָט געשיקט — דערקלערט אַבולפיה — צו זיין פאָלק דעם גואל, וואָס זאָל פאַרהיילן דעם פאָלקס טיפע וווּנדן, און פאַר זיינע חכמים און געלערנטע אַנטפּלעקן גאָטס הייליקן נאָמען. שטאַרק קראַנק זיינען

---

1 אַ פאַנטאַסטישע באַשרייבונג, ווי אַזוי ער איז ניצול געוואָרן פון דעם שייטערהויפן, גיט אַבולפיה אין זיין ווערק „ספר העדות” (די באַשרייבונג איז פאַר־עפנטלעכט אין „מאָנאַטסשריפט”, 1887, 558).

2 „אותו הנבל שם רשעים ירקב, אותו אברהם ששם עצמו נביא ומשיח בסיציליאה ופתה בכזביו כמה מבני ישראל... ולבלי הטות אוזן קשבת לכל הוזה מסית ומדיח” (שו״ת רשב״א, נומ׳ 548).

3 דעם רמב״נס תלמיד, שלמה בן יצחק, ער באַזינגט אַבולפיהן אין פאָלגנדיקע סטראָפן:

משוך נא את חסדך — לאברהם עבדך — ויודע סודך — לבל ישוב נכלם.
הלא הוא ונכסיו — ספריו עם סוסיו — וייר טכסיסיו בתוך זורם כולם.
ביד שוסים נמסר — וזה כמה נאסר — ומאכלו נחסר — וארמונו נעלם.
ראה נא את עניו — ותשביע עדיו — ויתן את פריו — ובמלאכתו ישלם.

אָבער די חכמי ישראל, באַדעקט זיינען זיי מיט אַזוינע געשווירן, וואָס זייער גלייבן ווערן אַפילו ניט דערמאָנט צווישן די קללות, וועלכע זיינען באַשריבן אינעם ספר פון תורת משה, דעם געטלעכן מאַן... און זיי זיינען אויפגעשטאַנען, אָט די, וואָס לייקענען אין דער אמתער חכמה, די מיט געשווירן באַדעקטע, און פון טויטלעכע קרענק געטראָפענע — זיי לעס-טערן מיט חוצפּהדיקע רייד גאָט און זיין געזאַלבטן. אויפגעפלאַמט האָט דערפאַר גאָט אין זיין צאָרן קעגן די ווידערשפּעניקע, וואָס לייקענען אין אים, האָט ער געשיקט צו זיי זיין מוכיח און שטראָפער, נאָר אויך אים האָבן זיי מיט שפּאָט באַגעגנט, געדודפט אים פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד" [1].

פאַרביטערט דורך די רדיפות, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען, האָט אַבולפיה אויסגעגאָסן זיין גאַנצן האַס און צאָרן אויף זיינע קעגנער — די „חכמי התלמוד" און רבנים. אויף אַ קליינעם, אָפּגעזונדערטן אינזל קומטינאַ (לעבן מאַלטאַ), וווהין ער האָט געמוזט אַנטלויפן פון זיינע שונאים, שרייבט אַבולפיה (אין 1288) זיין שוין אָפּט פון אונז ציטירטן ספר־נבואה „האות", דאָס ערשטע יידישע בוך, אין וועלכן עס ווערט גע־רעדט מיט אַזאַ אָפענער שנאה וועגן די בעלי התלמוד און רבנים.

„און גאָט האָט אין יענע טעג געזאָגט צו זכריהו: „שרייב אָן דאָס דאָס דאָזיקע בוך, אַנטפּלויז אין אים די גענג פון די חכמי ישראל, ווי זיי באַרימען זיך מיט אַלץ, וואָס מיר ווערן צוממייסטן פאַרהאַסט. זיי זאָגן: וואָס דאַרפן מיר טראַכטן וועגן גאָט, וואָס טויג אונז געדענקען אָן אים. וואָס פאַר אַ נוצן קאָן אונז ברענגען, אַז מיר וועלן רעכענען און ציילן זיינע הייליקע „שמות", בעסער וועלן מיר ציילן אונזער גאָלד און זילבער, דאָס וועט דאָך געוויס נוצן אונז אין אונזער לעבן" [2].

מיט דעם זעלבן האַס רעדט ער אויך אין זיין אַנדער ווערק „אמרי שפר" וועגן דעם „רוב פון די חכמי התלמוד", וועלכע הייסן ביי אים „נאַראָנים, וואָס וועלן קיין תקומה ניט האָבן, ווייל זיי האַלטן זיך פאַר גרויסע חכמים" (אוילים מתחכמים בעצמם ואין להם תקנה). די דאָזיקע קאַסטע (וזאת הכת) איז ביי זיך זיכער, אַז זייער לימוד „איז גרעסער פון אַלע אַנדערע חכמות". ער, אַבולפיה, ווייסט אָבער, אַז זייער מדרגה איז אַ גאַנץ נידעריקע, ווייל „דער אונטערשייד צווישן דעם תלמודי און דעם, וואָס איז אַריינגעדרונגען אינעם סוד פונעם שם המפורש, איז ניט קיין

---

1 גרעץ־יובלשריפט, 78.

2 דאָרטן, 78.

קלענערער, ווי צווישן דעם יידישן תלמודי און דעם געלערנטן פון די אומות העולם״ [1].

דער „אמרי שפר״ האט אבולפיה געשריבן אינם יאר 1290. וואס ס'האט שפעטער פאסירט מיט אבולפיהן, איז ניט באקאנט. ער ווערט מיט אמאל פארשווונדן, און איינגעהילט אין טיפן סוד איז דער ווייטערער לעבנסוועג פון דעם דאזיקן אייגנארטיקן מיסטיקער.

און גראד אין דער זעלבער צייט איז פארגעקומען א געשעעניש, וואס איז פון גרעסטן באטייט ניט נאר פאר דער יידישער מיסטיק, נאר אויך פאר דער ווייטערער אנטוויקלונג פון דער גאנצער יידישער קולטור. אויסן שוים פונם אומבאקאנטן האט זיך פלוצלונג א ריזן־ווערק אנט־פלעקט, א זאמלווערק פון דער גאנצער יידיש־מיסטישער אידעען־וועלט, דער גרעסטער און גלענצנדיקסטער דענקמאל פון קבלה און מיסטישן שאפן, וואס האט זיך אנגעזאמלט אין משך פון לאנגע, לאנגע דורות... און דאס ריזן-ווערק האט זיך אויף דער וועלט באוויזן, איינגעהילט אין סוד, באקרוינט מיט ווונדערבארע אגדות. ס'איז נישט קיין בוך, נאר אן אנט־פלעקונג, און אנטפלעקט האט זי זיך ניט פאר קיין פשוטן בשר ודם, נאר פאר דעם געטלעכן תנא רבי שמעון בר יוחאי. פול מיט גלאנץ איז געווען די אנטפלעקונג, דערפאר טראגט דאס ווונדערבוך דעם נאמען „זוהר״.

---

1 „ההפרש בין התלמודי ובין היודע השם המפורש כהפרש שבין התלמודי היהודי ובין הגוי המלומד״ (זע יעלינעק, „פילאזאפיע אונד קאבאלא״, 35, ווו עס זיינען אפגעדרוקט די ערשטע קאפיטלען פון אבולפיהס ווערק „אמרי שפר״.

# דריטער קאַפּיטל.

**זוהר און קבלה.** — משה די ליאון און זיין שייכות צום זוהר. — די פאַרשיידענע טיילן, פון וועלכע דער זוהר באַשטייט. — דער זוהר אַלס קאָמפּענדיום פון יידישער מיסטיק. — די לערע וועגן „אין־סוף"; די צען „ספירות" און דער „צימצום" פון דעם „אין־סוף". — די לערע וועגן אַנדרוגינום (טאָפּלגעשלעכטיקייט) אין דער יידישער מיסטיק. — די אייניקייט פון דענקען און זיין, פון דעם וואָס ס'איז מיט דעם וואָס ס'דאַרף זיין. — דער עטישער עלעמענט אין דער קבלה. — די ראָלע פון דער פּערזענלעכקייט אינם זוהר; דער באַגריף וועגן דעם „איבער־מענטש" (אדם עילאָה). — דער ענגער צוזאַמענהאַנג צווישן דער אייבערשטער וועלט מיט דער אונטערשטער; „צדיק יסוד עילם". — די סודות, וואָס זיינען באַהאַלטן אין די תפילות. — די לערע וועגן דער נשמה; די באַשעפעניש און זייערע פאַרבילדער; דער היכל פון ליבע.

אין סוף פון די אכציקער יאָרן פונם XIII יאָרהונדערט האָט משה בן שם־טוב די ליאון אוים דער שפּאַנישער שטאָט גוואַדאַלאַכקאַר, א פאַרפאַסער פון פילע גאַנץ מיטלמעסיקע ספרי־קבלה [1], אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן אין פילע אָפּשריפטן דעם „מדרש הזוהר", וועלכער איז ביז דעמאָלט געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט. משה די ליאון האָט דערקלערט, אַז דעם דאָזיקן ספר האָט דורך רוח־הקודש געשריבן דער הייליקער תנא ר' שמעון בן יוחאי בעת ער איז געלעגן באַהאַלטן אין דער הייל, און דערנאָך האָבן אים פאַרענדיקט זיינע תלמידים. דעם אַלטן כתב־יד זאָל האָבן געפונען דער רמב"ן בעת ער איז געווען אין ארץ־ישראל, און האָט

---

[1] עס איז אינטערעסאַנט, וואָס אויך משה די ליאון איז, גלייך ווי אַברהם אַבולפיה, אין די יונגע יאָרן געווען אַ הייסער אָנהענגער פון דעם רמב"ם. אין דער קאָלעקציע מאַנוסקריפּטן, וואָס האָט געהערט דעם באַראָן גינצבורג, האָט זיך געפונען אַ מורה־נבוכים־מאַנוסקריפּט פונם XIII יאָרהונדערט, ווו עס געפינט זיך צום סוף פאָלגנדיקע צושריפט: „אני שמואל בר' יצחק ס"ט כיינו כתבתי זה ספר המורה להח"ש יל ר' משה די ליאון יצ"ו, וסיימתיו יום א' י"ב אלול שנת „נר לרגלי דבריך" (1264). צום אָנפאַנג און צום סוף פונם מאַנוסקריפּט געפינען זיך לויבגעזאַנגען וועגן דעם רמב"ם און זיין „מורה". ווען משה די ליאון איז געשטאָרבן איז נים פעסטגעשטעלט. זע וועגן דעם ג. שלומס אַרטיקל אין „מדעי היהדות", I.

אים איבערגעשיקט זיינע אייגענע קיין קאַסטאַלאָניע, און פון דאָרט איז ער איבערגעגאַנגען צו אים, משה די ליאון, אין די הענט.

די פראַגע וועגן דער אַנטשטייונג פונם זוהר, וואָס איז אין משך פון לאַנגע דורות געווען אַזוי געהייליקט ביים פאָלק, איז נאָך עד־היום נים אינגאַנצן געלייזט. אין דער השכלה־צייט האָט דעם אָביעקטיוו־וויסנ־שאַפטלעכן אויספאָרשן די דאָזיקע פראַגע פיל געשטערט די שנאה, מיט וועלכער די משכילים האָבן זיך פאַרהאַלטן צו דער מיסטיק בכלל און דער חסידות בפרט. אפילו אַזאַ אָנגעזעענער געלערנטער פון דער השכלה־תקופה, ווי דער געשיכטע־פאָרשער גרעץ, אַטעסטירט דעם זוהר אַלס „ליגנבוך", וועלכעס ס׳האָט געשריבן דער „פאַלסיפיקאַטאָר" און „שאַר־לאַטאַן" משה די ליאון, בכדי אויסצונאַרן ביים עולם וואָס מער געלט[1].

עס איז אָבער קיין שום ספק ניט, אַז נ י ט משה די ליאון, דער מיטלמעסיקער שריפטשטעלער, מיט זיין פּראָזאַישן בלאַסן סטיל, איז דער פאַרפאַסער פון דעם אויסערגעוויינלעכן ווערק [2], אין וועלכן ס׳זיינען אַזוי אייגנאַרטיק צונויפגעפלאָכטן נאַיוו־קינדישע איינפאַלן און ווילדער אָבערגלויבן, מיט אַ טיף פילאָזאָפישער פאַנטאַסטיש געבויטער וועלט־אָנשויונג, געטראָגן אויף די מעכטיקע פליגלען פון דער ריזיקער באַגייס־טערונג און פאַרקערפּערט אין פילפאַרביקע, אָריענטאַלישע, אמת פּאָע־טישע בילדער און סימבאָלן. עס איז אויך קלאָר, אַז דער זוהר איז ניט

---

[1] גרעץ טרעט צו צו דער זוהר־פראַגע ניט אַלס פאָרשער, נאָר אַלס פּאָלע־מיקער. אָט זיינען אַ פּאָר ציטאַטן פון גרעצעס „וויסנשאַפטלעכער" פּאָלעמיק קעגן דער קבלה און דעם זוהר, וועלכע זיינען געווען אים זייער פאַרהאַסט: „די צווישראַכט איסט די מוטער דיזער אונהיימליכען געבורט" („געש. ד. יודען", ב. VII, ז׳ 74). „ער (דער רמב״ן) האַט דיע קבלה אויסעראָרדענטליך געפעררערט אינדעם ער זיע מיט זיינער אויטאָריטעט דעקטע, אונד האַט עבען דאַדורך צור פערדונקעלונג אונד ערקיממערונג דעם יודענטומס דאַס זייניגע בייגעטראַגען" (דאָרט, 56). „דיעזע פיער קאַבאַליסטען ערשטען ראַנגעס... איסאַאַק אבן לאַטיף, אַבראַהאַם אַבולאַפיאַ, יוזעף גיקאַטילאַ אונד מאָזעס די ליאון... האַבען דאַס גייסטערליכט דאַס דיע קראַפטמענגער פון סעדיה ביז מיימוני אינערהאַלב דעס יודענטומס חעללייכטענד געמאַכט, מיט דעם דיסטער איינעס וויסטען חירוואַררס פערדונקעלט, אונד אַן דיע שטעלע איינעס געלויטערטען גאָטעסגלויבענס פאַנטאַסטישע, יאַ — גאָטעסלעסטערליכע חייגעבילדע געזעצט. די פאַרפינסטערונג דער פאָלגענדע יאַהרהונדערטע אין דער יודענהיים איסט צום גראָסען טייל איר ווערק. זיא האַבען אירע צייט אונד דיע נאַכוועלט דורך געפליססענטליכעס אָדער אונאַבזיכטליכעס ניקעלווערק אין די אירע געפירט, אונד דיע שאַדען דיע זיע דער יודענטום בייגע־בראַכט, זינד נאָך ביז אויף דען הייטיגען טאַג פיהלבאַר" (דאָרט, 220).

[2] נאָר אין דער לעצטער צייט האָט זיך מיט דער דאָזיקער פראַגע ספּעציעל פאַרנומען דער קבלה־פאָרשער ג. שלום. זע זיין אויבנדערמאָנטן אַרטיקל, אויך אין „קרית ספר", VI, 109.

קיין איינהייטלעך בוך, געשריבן פון איין פעדער, געשאַפן פון איין גוס. אייניקע חלקים פונם זוהר, ווי דער „ספרא דצניעותא", „אידרא רבא" און „אידרא זוטא", זיינען וואַרשיינלעך שוין זייער אַלט און זייער היימאַט איז געווים דאָס לאַנד, וווּ עס איז געשטאַנען די וויג פון דער יידישער מיסטיק — פּאָדער־אַזיע [1]. עס איז אויך מעגלעך, אַז די דאָזיקע מיסטישע קונטרסים האָט די פאָלקס־מסורה ווירקלעך פאַרבונדן מיטן פּאָפּולערן נאָמען פון שמעון בר יוחאי, דעם באַליבטן העלד פון פילע מיסטישע ווערק [2]. צי זיינען די דאָזיקע קונטרסים ווירקלעך איבערגעשיקט געוואָרן פון פאָדער־אַזיע קיין שפּאַניע דורך דעם רמב"ן, צי דורך אַנדערע הענט, דאָס איז נאַטירלעך שווער פעסטצושטעלן, און עס איז אויך כלל נים וויכטיק. עס איז אויך קיין ספק ניט, אַז פילע בלעטער פונם זוהר, ווי דאָס האָט שוין אין זיין צייט פעסטגעשטעלט לאַנדויער [3], געהערן אַברהם אַבולפיה. משה די ליאון איז העכסט וואַרשיינלעך געווען בלויז דער רעדאַקטאָר, וואָס האָט באַאַרבעט און אויפסניי רעדאַקטירט דעם אָנגעזאַמלטן מאַטעריאַל. ביי איצטיקער צייט איז אָבער שווער צו באַקומען אַ קלאָר בילד וועגן דער דאָזיקער רעדאַקטאָרישער אַרבעט פון משה די ליאון, ווייל דער טעקסט פונם געדרוקטן זוהר אונטערשיידט זיך זייער פון דעם טעקסט, וועלכן משה די ליאון האָט בשעתו פאַר דער וועלט אַנטפּלעקט. אין די שפּעטערדיקע דורות האָט מען פילע שטעלן אַרויסגעוואָרפן, נייע אַריינגעשטעלט, און ביז איצט האָט מען זיך נאָך ניט גענעבן די מי קריטיש צו פאַרגלייכן דעם געדרוקטן טעקסט מיט די אַלטע מאַנוסקריפּטן.

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז דער זוהר איז דער „כל בו", דער קאָמפּענדיום פון יידישער מיסטיק, אין וועלכן עס זיינען צונויפגעזאַמלט אַלע מיסטישע עלעמענטן, וואָס האָבן ווען געפונען אַ ליטעראַרישן אָפּקלאַנג אין דער יידישער סביבה זינט די אַסיים און גנאָסטיקער ביז די פיל שפּעטערדיקע דורות. לויט דעם זוהרס וועלטאָנשויונג איז די „עילת העילות", די אַבסאָלוטע און איינציקע אור־ערשטע סיבה — העכער

---

[1] א. פראַנק אין זיין „לאַ קאַבאַלאַ" שטרייכט באַזונדערס אונטער די השפּעה פון פאַרסיזם (זע דאָס ציט. ווערק 200—288; מיר ציטירן נאָך יעלינעקס דייטשע איבערזעצונג).

[2] למשל: תפילות ר' שמעון בן יוחאי, נסתרות ר' שמעון בן יוחאי, מכילתא דר' שמעון בן יוחאי.

[3] אין „ליטעראַטורבלאַט דעס אָריענטס", 1845, 178 א"וו. לאַנדויער איז אָבער באַגאַנגען דעם טעות, וואָס ער האָט גערעכנט, אַז אַברהם אַבולפיה איז דער פאַרפאַסער פונם גאַנצן זוהר. אין דעם זעלבן טעות פאַלט אויך אַריין שמעון בערנפעלד („דעת אלהים", 378).

פון וועלכן ס׳איז באגריף און דערקלערונג. די שפּעטערדיקע אור־ערשטע קראַפט, לערנט דער זוהר, איז די אַבסאָלוטע אומענדלעכקייט („אין־סוף״), די אומטיילבאַרע אייניקייט. אויסדריקן איר עצם מיט וועלכן ס׳איז נאָמען איז אוממעגלעך — זי איז העכער פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד. גאָט, דאָס איז דאָס אוניווערסאַל נעגאַטיווע, דער אומבאַגרע־נעצטער „ניין״ (אַין), ווייל, דערקלערט דער זוהר, מיר ווייסן ניט און פאַרשטייען ניט, און עס קאָן ניט דערגרונטעוועט ווערן, אין וואָס זיין עצם באַשטייט [1].

אין דעם „אין־סוף״, אין דער אַבסאָלוטער אייניקייט, וואָס איז אויסער יעדע פאָרם, זיינען פאַרבאָרגן אַלע אומענדלעכע מעגלעכקייטן פון די פאַרשיידנאַרטיקסטע שאַפונגס־קרעפטן, און אַלע אַנצאַליקע פאָרמען פון זיין און ווערן. דער פאַרבינדונגס־רינג, די פאַרמיטלונג צווישן דעם פאַר־הוילענעם אומענדלעכן און דעם באַגרענעצטן זיין זיינען די צען „ספירות״ אָדער „מידות״ — די ערשטע אַנטפּלעקונג פון דעם באַשעפער. די דאָזיקע „ספירות״, וואָס זיינען בלויז פאַרשיידענע אָפּשפּיגלונגען פון איין און דעם זעלבן ליכט, וואָס ס׳שטראַלט אויס דעם „עילת העילות״ — זיי אַלע צוזאַמען זיינען דאָך ניט די פולשטענדיקע אָפּבילדונג פון דעם אַבסאָלוט־אומענדלעכן, זיי זיינען בלויז די אָפּשפּיג־לונג פון זיין צוזאַמענגעשרומפּטן ליכט („צימצום״), ווייל נאָר אין דער פאָרם קאָן זיך דער אומענדלעכער אַנטפּלעקן. לויט אבן גבירולס פילאָ־זאָפישער וועלטאַנשויונג, באַשטייט דער גאַנצער וועלטאַל מיט אַלע זיינע גאַנץ פאַרשיידנאַרטיקע ערשיינונגען — פון דער הזדווגות, פונם צוזאַמענבאַהעפטן צווישן שטאָף (יסוד) און פאָרם (צורה) אין אַלע מעג־לעכע פאַרהעלטענישן און גראַדן. דער יסוד, דאָס איז לויט גבירולס באַ־גריף דער פּאַסיווער טייל, וואָס נעמט אויף די השפעה; די צורה, — איז דער אַקטיווער טייל, וואָס איז משפיע. דער אייגענער גרונד־געדאַנק חזרט זיך אויך איבער אינם זוהר: אַלץ, וואָס ס׳איז, באַשטייט אויס באַ־העפטונג פון צוויי עלעמענטן — דעם אַקטיוון „מענלעכן״ און פּאַסיוון „ווייבלעכן״ [2]. דורך דעם זיווג פון די צוויי עלעמענטן אַנטשטייען ניט

---

1 זוהר, III, דף רפח, עמ׳ ב׳ (מיר ציטירן נאָך דער מאַנטוער אויסגאַבע, איבערגעדרוקט אין אַמסטערדאַם, 1728).

2 „כלא אתקיים בדכר ונוקבא״ (זוהר, III, דף רץ, עמ׳ א׳). „קיין זאַך האָט ניט געקאָנט עקסיסטירן, דערקלערט דער זוהר (III, 292), ביז דער אייביקער האָט זיין געשטאַלט אַנטפּלעקט, די געשטאַלט, וואָס איז די פאַרקערפּערונג פונם מענלעכן און ווייבלעכן״ (עד דאתתקן עתיקא קדישא ואתתקן בדכר ונוקבא). צו דעם דאָזיקן גע־דאַנק וועגן טאָפּלגעשלעכטיקייט, וועגן דעם אויסשטראָמען אויס דעם „עילת העילות״,

בלויז די מאַטעריעלע ערשיינונגען, נאָר אויך די וועלט פון רוחניות און פון אַלע גייסטיקע פאָרשטעלונגען. אָט די עלעמענטן מיט אַלע פון זיי שטאַמענדיקע ערשיינונגען בילדן דעם גאַנצן וועלטאַל אין פאָרם פון איין אומענדלעכער קייט, וועלכע באַקומט מיט יעדן ווייטערדיקן רינג אַלץ מער פאַרגרעבטע פאָרמען, ווערט אַלץ מער גשמיות, וואָס גרעסער עס ווערט די מחיצה צווישן איר און דעם מקור פון ליכט און לעבן — דעם באַשעפער פון אַלץ וואָס עקסיסטירט.

די ערשטע און העכסטע אצילה (עמאַנאַציע, אויסשטראַלונג) פון דעם „אין סוף" הייסט אינם „זוהר": כתר (כתרא עילאה), ווייסער קאָפּ (רישא חיוורא), אויך ערשטער אָדער פשוטער פינטל (נקודה ראשונה און נקודה פשיטא). „אַז דער פאָרבאָרגנסטער פון אַלע פאַרהוילענע האָט זיך אנטפּלעקן געוואָלט, האָט ער קודם־כל באַשאַפן די נקודה, דעם פינטל"[1]. די דאָזיקע ערשטע געטלעכע אצילה „איז דער מקור, וואָס פון אים פליסט אַרויס דאָס אומענדלעכע ליכט... נאָר זי אַליין האָט נאָך ניט קיין בילד און קיין פאָרם". אויס דעם „כתר", אין וועלכן עס זיינען שוין פאַרבאָרגן בכוח אַלע אַנדערע ספירות, שטראַלט אויס די צווייטע ספירה „חכמה", וועלכע טראָגט אויך דעם נאָמען „אבא" (פאָטער), ווייל זי איז דער „פאָטער", דער אַקטיווער, באַפרוכפּערנדיקער עלעמענט פון דעם גאַנצן זיין. צוזאַמען מיט דער חכמה שטראַלט אויס פון דעם כתר אויך

דעם תמצית פון ביידע עלעמענטן, דעם מענלעכן און ווייבלעכן, וואָס פאַרנעמט דעם צענטראַלן אָרט אין דעם זוהר — באַגעגענען מיר אויך ביי אַבולפיהן און כמעט ביי אַלע עלטערע מיסטיקער. לויט אַברהם אַבולפיה זיינען די דריי טיפסטע און דערהויבנסטע וועלטרעטענישן: די „סתרי בראשית", די „סתרי מרכבה" און דער סוד פון זיווג (אין דער פאָררעדע צו „חיי עולם הבא": „כי סתרי עריות וסתרי בראשית וסתרי מרכבה הם ענינים עליונים מאוד"). אין דעם זעלבן ווערק ווייזט אויך אַבולפיה אָן, אַז אין דעם „שם המפורש" איז פאַרבאָרגן דער סוד פון דעם מענלעכן און ווייבלעכן (זה שם המפורש הוא ראשית לכל השמות והתחלה לכל הנבראים בעליונים ובתחתונים וסוד זכר ונקבה בראם). דער געדאַנק וועגן דער געטלעכער טאָפּלגעשלעכטיקייט, וועלכן ס'האָבן אַרויסגעזאָגט פילע גנאָסטיקער, ווערט ביי חזקיאן אויסגעבויט אין אַ גאַנצער סיסטעם; ער חזרט זיך אויך אָפּט איבער ביי די בעלי־התלמוד. „אַלץ, וואָס גאָט האָט אין זיין וועלט באַשאַפן, האָט ער עס באַשאַפן דורך דעם מאַן און דער פרוי" (בבא בתרא, דף עד, עמ' ב'). „גאָט זאָגט באַשאַפן דעם מענטשן אויס דעם שטויב פון דער ערד: דער שטויב (עפר) דאָס איז דאָס מענלעכע, די ערד (אדמה) — דאָס ווייבלעכע". מען דאַרף אויך געדענקען, אַז דער געדאַנק וועגן גאָטס טאָפּלגעשלעכטיקייט פאַרנעמט אַ בכבודיקן אָרט ביי אייניקע גריכישע דענקער (קסענאָקראַט א"אַ) און אויך ביי די סטאָיקער.

[1] זוהר, I, דף ב' עמ' א: „בשעתא דסתימא דכל סתימין בעא לאיתגלייא עבד ברישא נקודה הדא". דעם זעלבן נאָמען (נקודה ראשונה) טראָגט אויך די ערשטע אצילה ביי יצחק אבן לאַטיף אין זיין „שער השמים", וועלכן ער האָט פאַרפאַסט אין 1244.

די „ווייבלעכע" ספירה, בינה, וועלכע הייסט אויך די „אור־מוטער", די מאמע פון אלעם זיין (אמא עילאה). אט די דאזיקע צוויי ספירות אלס ערשטע טרעגער פון דעם מענלעכן און ווייבלעכן זיינען דער מקור פון אלץ וואס ס'איז. זיי זיינען די צוויי עקסטרעמען, די צוויי שארפסטע קעגנזאצן (די טעזע און אנטיטעזע), וואס גיסן זיך צונויף אין א האר־מאנישער גאנצקייט אין זייער אלגעמיינעם קוואל — אין דעם „כתר" [1], מיט וועלכן זיי בילדן צוזאמען דער ערשטן דרייבונד, וואס ער נעמט ארום די העכסטע ריין גייסטיקע וועלט, דעם עולם השכל אדער דעם עולם המושכל. די דאזיקע דריי ערשטע ספירות בילדן לויט דעם זוהר א פול־שטענדיקע אייניקייט. דאס, וואס צעפאלט אין דער פשוטער וועלט אין דריי באזונדערע טיילן: דער דענקענדיקער, דאס דענקען און די ערשייר־נונג, וואס ווערט באטראכט פון דעם דענקענדיקן — זיי אלע גיסן זיך צו־נויף אין דער גאטהייט אין איין גאנצקייט, זיי זיינען איינס און דאס זעלבע [2]. דער זוהר דריקט דא אויס דעם זעלבן געדאנק, וועלכער ס'האט פיל שפעטער פארנומען אזא בכבודיקן פלאץ אין דער דייטשער אידעא־ליסטישער פילאזאפיע: די לערע וועגן פולשטענדיקער גלייכהייט צווישן דענקען און זיין, צווישן דעם אידעאלן און רעאלן (Identität des Denkens und Sein, des Idealen und Realen)[3].

נאך די ערשטע דריי ספירות גייט דער צווייטער דרייבונד (טריאדע), וואס נעמט ארום די מאראלישע וועלט — עולם הנפש, וואס איר פאר־קערפערטער סימבאל איז דאס הארץ. פון דעם געטלעכן געדאנק שטראַ־מען ארויס צוויי ספירות: די מענלעכע „גדולה" און די ווייבלעכע „גבורה", און זיי ביידע פאראייניקן זיך אין דער דריטער ספירה — „תפארת" (שיינקייט). „שיינקייט — לערנט אונז דער זוהר (אין דעם „אידרא זוטא") — דאס איז די העכסטע אנטפלעקונג פון מאראלישער

---

1 לויט דער אויפפאסונג פון דעם זוהרס מפרשים פאראייניקן זיך די צוויי ספירות הכמה און בינה ניט דירעקט אין דעם כתר, נאר אין זיין אפשפיגלונג „דעת", וועלכע ווערט ניט גערעכנט אלס באזונדער ספירה. זע וועגן דעם משה קארדאווערא אין זיין „אור נערב", 6טע אפטיילונג, ערשטער קאפיטל: „צריך שידע שאין הדעת הנזכרת ספירה". זע אויך זיין „פרדס רמונים", 3טע אפטיילונג, קאפ' 8.

2 א דיכטער פון דער שפעטערער תקופה, דער בעל „עומר השכחה", דריקט אויס דעם דאזיקן געדאנק אין פאלגנדיקע סטראפן:

והשכל והמשכיל והמושכל — בבן אדם אשר דעתו חלושה
בשכלו הוא יהי משכיל לעצמו — ומושכלו הלא המה שלשה
ואחד היא בלי פירוד וחידוש — בחוק הציר אשר לו הקדושה.
(„עומר השכחה", 122, עמ' א')

3 זע ביילאגע, נומ' 2.


א"ס
כתר
בינה
חכמה
גבורה
גדולה
תפארת
הוד
נצח
יסוד
מלכות

שלמות אין לעבן, זי איז ווי די זון, וואָס באַלייכט מיט אירע שטראַלן אַלץ אויף דער ערד, און אָן איר וואָלט אַלץ געווען איינגעזונקען אין שוואַרצע חשכות". דער דריטער דרייבונד נעמט אַרום די רעאַלע נאַטירלעכע וועלט (עולם הטבע, אָדער עולם המורגש). די מענלעכע און ווייבלעכע ספירות — „נצח" און „הוד" — גיסן זיך צונויף אין זייער פאַראייניקנדיקן פּרינציפּ — „יסוד". די צענטע ספירה — „מלכות", איז דער רינג, וואָס פאַרבינדט די דריי ספירות־גרופּן, דעם „עולם האַצילות", מיט די דריי רעאַלע וועלטן, ווו די ספירות באַקומען ערשט די מעגלעכקייט זיך צו אַנטפּלעקן אין קאָנקרעטע באַגרענעצטע פאָרמען. די דאָזיקע דריי וועלטן הייסן אין זוהר: 1) עולם הבריאה — די וועלט פון אַקטיוו־שאַפנדיקע אידעען, 2) עולם היצירה — די וועלט פון געשאַפענע פאָרמען און 3) עולם העשיה — די וועלט פון שאַפנדיקער מאַטעריע, אָדער די וועלט פון טאָן און שאַפן [1].

ווי נאָר מיר גייען איבער צו דער רעאַלער וועלט, טרעט גלייך גאַנץ בולט אַרויס איינער פון די כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן אינם זוהר — דער עטישער מאָמענט, וועלכער פאַרנעמט אינם זוהר אַ פיל באַדייטנדערן אָרט, ווי דער ריין פילאָזאָפישער. דאָס גאַנצע סיסטעמלאָזע און אַזוי פאַרשיידנאַרטיק געבויטע ווערק פאַראייניקט איין גיריקער ווונטש, וועלכער ציטערט און לעבט אין יעדן בלאַט פונם זוהר — דאָס איז דאָס אומרויִקע שטרעבן פון דעם הייסגלוביקן און שטאַרק ליבנדיקן

---

[1] אין די אַלטע זוהר־מאַנוסקריפּטן ווערן אויך די צען ספירות אויסגעמאָלט אין פאָרם פון אַן „אילן" (אַ בוים). די מענלעכע ספירות, וואָס געפינען זיך אַלע אויף דער רעכטער זייט — הייסן סיטרא דימינא, די ווייבלעכע — סיטרא דשמאלא, און די סינטעטיש־פאַראייניקנדיקע ספירות, וועלכע געפינען זיך אין דער מיט - עמודא דאמצעיתא. מער באַריכות וועגן דעם זע: „פרדס רמונים", אָפּטיילונגען VII — VIII. דער זוהר אונטערשיידט אויך די ספירות נאָך זייערע פאַרבן. שוין ביי גבירולן אין זיין „תקון מדות הנפש" געפינען מיר רמזים אויף פאַרבן־מיסטיק, בעת ער רעדט וועגן פאַרשיידן געפאַרבטע גייסטיקע אייגנשאַפטן (ומה נפלאו דברי הפילוסופים בחוש העין באמרם לנפש צבועים רוחניים והן נראין בתנועת עפעפי עין). די זעלבע טעמע באַרירט אויך עזריאל אין זיין „פירוש עשר ספירות", אָבער ערשט אין זוהר ווערט עס סיסטעמאַטיש ווייטער אַנטוויקלט. דאָרט האָט יעדער ספירה — איר אייגענעם קאָליר. די ערשטע ספירה, דער „ווייסער קאָפּ", הייסט אויך דאָס בלענדנדיק ווייסע ליכט (אור צח, אור מצוחצח), די ספירה „דין" — איז ריק־רויט, די ספירה תפארת — איז פורפור, די ספירה מלכות — האָט די פאַרב פון אַ סאַפיר און שימערירט מיט אַלע מיני פאַרבן. דער באַוווסטער בעל־קבלה אויס דעם XVI יאָרהונדערט, משה קאָרדאָווערא, ווידמעט דער דאָזיקער פראַגע אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג אין זיין הויפּטווערק „פרדס רמונים" (די דאָזיקע אָפּטיילונג הייסט „שער הגונים") און קערט זיך אום צו דער זעלבער פּראָבלעם אין זיין צווייט ווערק „אור נערב" (פערטע אָפּטיילונג, קאַפּ' 4).

האַרץ, צו געפינען דאָס רעטעניש פון דעם לעבן, וואָס איז אַזוי פול מיט רישעות און שרעק, אויפדעקן און באַגרייפן דעם ע ט י ש ן תמצית, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אינם סוד פון דער וועלט...

מיר האָבן שוין פריער אָנגעמערקט, אַז אין דער אַראַבישער איבער־זעצונג פון דעם קדמונישן ווערק „טעאָלאָגיע", וואָס מען האָט על־פי טעות גערעכנט, אַז אַריסטו איז זיין פאַרפאַסער, טראָגט די ערשטע גײַט־לעכע אויסשטראַלונג (עמאַנאַציע) דעם נאָמען „האדם העליון" — דער אייבער-מענטש [1]. אָט דער דאָזיקער אַבסטראַקטער באַגריף, אין וועלכן עס פילט זיך די השפעה פון פילונס לערע וועגן דעם „הימלשן מענטשן" און פון אַפּלטינס „אידעען"-לערע — ווערט אינם זוהר פאַרקערפּערט אין גאַנץ אייגנאַרטיקע פאָרמען. „די ערדישע וועלט — לערנט דער זוהר — איז באַשאַפן געגוי נאָכן מוסטער פון דער אייבערשטער וועלט, אַלץ וואָס ס'עקסיסטירט דאָרט אויבן, האָט זיין אָפּשפּיגלונג דאָ אויף דער ערד, און אַלץ איז צוזאַמען איין גאַנצע זאַך" [2]. די פאַראייניקונג פון אַלע צען ספירות, דורך וועלכע עס אַנטפּלעקט זיך דער אין־סוף, טראָגט אינם זוהר דעם נאָמען „אדם קדמון" אָדער „אדם עילאה", ד"ה דער מוסטער, דאָס פאָרבילד אָדער די „אידעע" פונם מענטשן. אָט דער אַבסטראַקט־מעטאַפיזישער באַגריף באַקומט אָבער אינם זוהר קאָנקרעט מענטשלעכע, רעאַל־עטישע פאָרמען. „די געשטאַלט פונם מענטשן — לערנט דער זוהר — איז דער מוסטער פאַר אַלץ, וואָס עקסיסטירט אין די הימלען און אויף דער ערד. דערפאַר טאַקע האָט גאָט־ברוך־הוא אים באַשאַפן לויט זיין בילד". „קיין שום געשטאַלט און קיין שום זאַך האָט ניט געקאָנט עקסיסטירן, כל־זמן דעם מענטשנס געשטאַלט האָט נאָך גע־פעלט, ווייל די דאָזיקע געשטאַלט טראָגט אין זיך אַלע אַנדערע געשטאַלטן, און אַלץ וואָס עקסיסטירט — עקסיסטירט נאָר אין איר זכות: וואָלט זי ניט געווען, וואָלט אויך קיין שום וועלט ניט געווען".

ווייל דער זוהר גייט אַרוים פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז קיין זאַך אין דער וועלט גייט ניט לאיבוד [3], און אַלץ איז „פאַראייניקט אין גאָט" (הכל בו), קומט ער לאָגיש דערצו, אַז ער מוז לייקענען אין דעם באַגאַנטן

[1] זע הרבבי, „חדשים גם ישנים", X, 17; מונק, 258, Melanges.

[2] זוהר, II, דף כ' עמ' א': „ועשה העולם הזה כנגד העולם של מעלה וכל מה שיש למעלה כדוגמתו למטה... ותכל אחד".

[3] זוהר, II, דף ק' עמ' ב': „קיין זאַך אין דער וועלט גייט ניט אינגאַנצן פאַר־לוירן, אַפילו דער אָטעם, וואָס גייט פונם מענטשנס מויל אַרויס; ווי יעדע אַנדערע דער־שיינונג האָט אויך ער זיין באַשטימטן צוועק („ואפילו מלח דבר־נש ואפילו קלא לא הוי בריקנייא ואתר ודוכתא אית לחו לכלא").

כלל, אז די וועלט איז פון „גאָרנישט" געשאַפן (בורא יש מאַין). לויט דעם זוהרס וועלטאַנשויונג דאַרף מען אונטער דעם וואָרט „אַין", פון וועלכן די וועלט איז באַשאַפן, פאַרשטיין דעם „אין־סוף", די העכסטע שעפערישע קראַפט, וואָס איז דאָך פאַר אונז דאָס אַבסאָלוט נעגאַטיווע, דאָס אומענדלעכע, אומבאַגרייפלעכע „אַין".

די איצט עקסיסטירנדיקע וועלט—דערקלערט דער זוהר—איז אָבער ניט די ערשטע וועלט, וואָס גאָט האָט באַשאַפן; פאַר דער וועלט האָבן שוין עקסיסטירט פילע אַנדערע וועלטן [1]. „פאַרוואָס — פרעגט דער זוהר — זיינען די אַלע פריערדיקע וועלטן חרוב געוואָרן? ווייל דער מענטש איז נאָך דעמאָלט ניט געווען באַשאַפן... כל־זמן דעם מענטשנס בילד האָט נאָך ניט עקסיסטירט האָבן אויך די אַלע וועלטן קיין קיום ניט געקאָנט האָבן. זיי זיינען אַלע חרוב געוואָרן ביז דעם מענטשנס בילד האָט זיך באַוויזן" [2]. „דער מענטש — זאָגט ווייטער דער זוהר — איז אין איין און דער זעלבער צייט די העכסטע מדרגה און אויך דער עצם און תוך פון אַלע באַשעפענישן... ווי נאָר דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן, איז אַלץ געוואָרן פאַרענדיקט — הן די הימלישע וועלט הן די ערדישע וועלט; וואָרעם אַלץ איז דאָך מיט דעם מענטשן פאַרבונדן, ער נעמט אין זיך אריין אַלע דערשיינונגען און אַלע געשטאַלטן" [3].

לויט דעם זוהרס וועלטאַנשויונג פאַרנעמט דער מענטש ניט נאָר דעם צענטראַלן פּלאַץ אין דער פּראָבלעם וועגן דעם עצם פון דער ווירקלעכקייט, ער פאַראייניקט אויך אין זיך דאָס זיין מיט דעם, וואָס דאַרף זיין. ער איז די מאָס פון אַלע ווערטן, ער איז די פאַרקערפּערונג פון דעם אַבסאָלוט גייסטיקן און אַבסאָלוט מאָראַלישן, ד"ה פון דעם אמת געט־לעכן. און דער באַטייט פון דעם מענטשן באַשטייט ניט נאָר אין דעם, וואָס ער טראָגט אין זיך דעם צלם אלהים און אויף זיין גייסט איז אויס־געפרעגט גאָטס שטעמפּל — די גאָטהייט גופא, אויך זי ווערט נתגלה בלויז דורך דעם מענטשן, דורך דעם מענטשנס שטרעבן און טאָן. הכלל, דער מענטש איז די פאַרקערפּערטע גאָטהייט, די אַנטפּלעקונג פונם אַב־סאָלוט־אומענדלעכן אין באַגרענעצטע, קאָנקרעטע פאָרמען. אזוי גיסן זיך

1 זוהר, III, 61: „עד לא ברא הקב"ה האי עלמא הוה ברא עלמין וחריב לון". דעם דאָזיקן געדאַנק האָבן שוין אַרויסגעזאָגט די בעלי־התלמוד. אינטערעסאַנט איז פאָלגנ־דיקע שטעלע: „אמר ר' אבוה: מכאן שהיה בורא עולמות ומחריבן, עד שברא את אלו אמר: דין הניין לי, יתהון לא הניין לי".

2 זוהר, III, 135.

3 דאָרטן, III, 48, עמ' ב'; II, 74, עמ' א' („דיוקנא דא דאדם כלל כל דיוקנין וכלהו כלילן ביה... ובההוא דיוקנא דאדם אתחזיין כל גוונין וכל דיוקנין").

ביים זוהר אויפן דיאַלעקטישן אופן צונויף די שאַרפסטע קעגנזאַצן: דאָס אומענדלעכע מיטן באַגרענעצטן, דער אוניווערסאַלער פאַרהוילענער „ניין" מיטן ממשותדיקן „יאָ". דער מענטש — לערנט דער זוהר — איז דער פאַרטרעטער פון דער גאָטהייט אויף דער ערד, ער איז די „שכינתא תתאה" — די ערדישע שכינה, מיט וועלכער דער באַשעפער האָט געשלאָסן אַן אייביקן בונד[1]. ער איז די מאָס און דער טרעגער פון אַלע ווערטן, „און ווען די וועלט איז שוין געווען באַשאַפן, האָט דאָך קיין זאַך ניט געקאָנט קיין קיום האָבן, ביז דער באַשעפער האָט דעם באַשלוס אָנגענומען צו באַשאַפן דעם מענטשן, וואָס איז זיין תורה מקיים, און נאָר אויף אים האַלט זיך די וועלט" [2]. די ערדישע וועלט איז טאַקע נאָר אַ אָפּשפּיגלונג פון דער הימלישער, אידעאַלער וועלט, און דאָך קאָן די דאָזיקע הימלישע וועלט אַנטפּלעקן איר טעטיקייט נאָר אַדאַנק דער אָנרעגונג, וואָס זי באַקומט פון אונטן דורך דעם מענטשן, וועלכער איז דער וויכטיקסטער רינג, וואָס פאַראייניקט ביידע וועלטן... די ערדישע וועלט — לערנט אונז דער „זוהר" — איז אָפּהענגיק פון דער הימלישער, און די הימלישע פירט זיך לויט דעם זעלבן סדר, ווי די ערדישע[3].

עס דערמאָנט ניט ווילנדיק אָן דער באַקאַנטער תלמודישער מימרא: „עולם הפוך אני רואה". דער זוהר , בעת ער באַטראַכט דעם מענטשן אַלס צענטער פון דער וועלט, ווייסט ניט פון קיין מחיצה צווישן ד ע ר וועלט און י ע נ ע ר וועלט; די הימלען לאָזן זיך אַראָפּ אין דער נידער, און די גאַנצע וועלט ווערט אַ הימלישע מלוכה. שאַרף און בולט ווערט אין זוהר דורכגעפירט דער טיף עטישער געדאַנק, אַז אָן דעם אַקטיוון ווילן פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט קאָן אויך גאָטס ברכה ניט שולט זיין. „אין שפע יורד מלמעלה אלא אם כן קודמת לו התעוררות מלמטה", דערקלערט דער זוהר . צוויי שטראָמען ליכט פליסן אַנטקעגן איינער דעם אַנדערן. אַקעגן דעם געטלעכן ליכט, וואָס שטראָמט פון אויבן אויף אַלע באַשעפענישן, דערהויבן זיך די ליכטיקע שטראַלן פון דער נידער. דער מענטש נעמט ניט אויף פּאַסיוו גאָטס חסד און גענאָד, ווי אַ גזר פון אַ פרעמדן רצון, נאָר ער גופא איז משפיע אויף די הויכע

1 דאָרטן, I, 56, עמ' א': „כד ברא הקב"ה עלמא עבד האי ברית וקיים עלית עלמא".

2 דאָרטן, II, 161, עמ' א': „כיון דאתברי עלמא כל מלה ומלה לא הוה מתקיים עד דסליק ברעותא למברי אדם דיהוי משתדל באורייתא ובגיניה אתקיים עלמא".

3 דאָרטן, III, 40 עמ' ב': „עלמא תתאה תליא בעלמא עילאה, ועלמא עילאה לפום ארחי דעלמא תתאה",

ספערן; דעם מענטשנס הארץ און ווילן איז דער שליסל, וואָס עפנט די טויערן פון גאָטס גענאָד. „מעולם לא התעוררה מדת הרחמים מלמעלה בלי התעוררות שבלב מלמטה״. די התלהבות פונם הארצן, דאָס ליבע־געפיל איז די העכסטע באַוועגנדיקע קראַפט אין דער וועלט. „די ליבע — זאָגט דער זוהר — איז דער טיפער סוד פון גאָטס אייניקייט און גאַנצקייט, זי איז דער רינג, וואָס באַהעפט די העכסטע מדרגות מיט די נידעריקע. זי דערהויבט אַלץ, וואָס לעבט אין די הימלשע הייכן, ווו אַלץ גיסט זיך צונויף אין איין גאַנצקייט״ [1].

נאָך ווייניקער ווי דער בעל „מקור חיים״ ווייסט דער זוהר פון אַ שאַרפער מחיצה צווישן גייסט און מאַטעריע. די מאַטעריע, דאָס גשמיות איז אויך דער זעלבער גייסט, נאָר אין אַ מער פאַרגרעבטער פאָרם, ווייניקער דורכגעדרונגען פון די ליכטיקע שטראַלן, וואָס שטראָמען אַרויס אויס דעם מקור פון ליכט און לעבן—דעם „עילת העילות״. לויט דער קאַבאַליסטישער וועלטאַנשויונג זיינען אויך די מאַטעריעלע עלעמענטן, די „קליפות״, ניט קיין טויטע לעבלאָזע מאַסע; אויך אין זיי לעבט, ווען אפילו אין אַ קאַרגערער מאָס, גאָטס גייסט. „גאָט—לערנט דער זוהר [2]. —איז דער אָנהייב און דער סוף פון אַלע מדרגות אין „מעשה בראשית״, אַלע מדרגות טראָגן אויף זיך זיין שטעמפּל״. אויך די „קליפות״ — אויך זיי טראָגן גאָטס חותם, אויך זיי זיינען דורכגעדרונגען פון גאָטס ליכטיקע שטראַלן. אַלץ איז איין אייניקייט, אין אַלץ אָטעמט גאָטס גייסט, און אַלע מדרגות פון דער וועלט-שאַפונג שטראָמען און גלוסטן איינס צום אַנדערן, בכדי זיך צו באַהעפטן מיט דעם, וואָס איז העכער און ליכטיקער. דאָס לעבלאָזע שטראָמט צו דעם וואָס אָטעמט, און אַלץ וואָס לעבט ציט זיך צום מענטשן, וואָס זיין נשמה איז אומשטאַרבלעך. אַלץ אין דער וועלט איז דורכגעדרונגען מיט גאָטס ליכט און אַלץ שטרעבט צו דעם דאָזיקן ליכט, און די מענטשן זיינען די „צינורות״ (קאַנאַלן), דורך וועלכע עס פליסט דאָס געטלעכע ליכט. דער מענטש — ער איז דער שליח, דורך וועלכן גאָטס גייסט און גענאָד ווערן איבערגעטראָגן פון די „ספירות״ אין דער רעאַלער ערדישער וועלט. און דער גאַנצער תכלית און צוועק פון „מעשה בראשית״ איז צו אַנטפּלעקן די גייסטיקייט פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, דערנעענטערן זי צו דער „אידעע״ פון דעם „אדם הקדמון״, וואָס איז דער יסוד פון גאָטס שאַפונג, דער אָנהייב און דער סוף פון „מעשה בראשית״...

---

1 זוהר, II, 216, עמ׳ א, פרשה ויקהל.

2 דאָרטן, I, 21, עמ׳ א׳.

דורך יעדער זינד און יעדן פעלער, וואס דער מענטש באגייט, ווערט פארמינערט דאס געטלעכע ליכט, פארטונקלט גאטס גלאנץ. די מצוות דארף מען מקיים זיין ניט נאר דערפאר, ווייל אזוי האט די תורה געבאטן אדער ווייל דאס ברענגט דעם מענטשן נוצן, נאר ווייל דערמיט ווירקט דער מענטש אויף די „עולמות העליונים", פארמערט דאס הייליקע און דערהויבענע אויף דער ערד. דעם מענטשנס מעשים טראגן אויף זיך, לויט דעם זוהרס וועלט־באנעם, א הויך עטישן שטעמפל. אט דערפאר פארנעמט אין דער קבלה אזא בכבודיקן ארט דער צדיק, דער גאטספארכטיקער און אמת פרומען מאן. „צדיק יסוד עולם" — זאגט דער זוהר — אויף דעם צדיק שטייט די וועלט, און צו זיין מדרגה קאן זיך אפילו קיין מלאך ניט גלייכן [1]. „דער צדיק — זאגט ווייטער דער זוהר — איז דער אומשולדיקער קרבן, וואס איז מכפר פאר די זינד פון דער וועלט [2]. אבער אויך יעדער פשוטער מענטש דערפילט מיט זיין גאטספארכטיק לעבן, מיט זיינע מעשים און מצוות, וואס ער איז מקיים, זיין גרויסע אויפגאבע, וואראם יעדער נשמה באזונדער איז אנגעצייכנט אנטיילצונעמען אין תיקון העולם".

לויט מיימונים וועלטאנשויונג קאן מען גאט דינען נאר מיטן שכל, דורך שארפן דעם געדאנק און מיפולן שטרעבן, וואס מער צו באגריפן מיטן פארשטאנד דעם מהות פון גאט און די גרויסקייט פון זיינע מעשים. אזוי גאט דינען קאנען אבער נאר די יחידי סגולה, דער פשוטער מענטש האט דערפאר ניט קיין מעגלעכקייט זיך צו דערנעענטערן צו גאט, און זיין תפילה, וואס איז פול מיט שבחים און תוארים, וועלכע זיינען גענומען פון דער בילדער־שפראך, שמעקט דאך מיט הגשמה (אנטראפאמארפיזם), און דאס איז דאך לויט מיימונים מיינונג „גאטלעסטערונג" [3]. די קבלה אבער, וואס אפעלירט גיכער צום הארץ ווי צום שכל, און רעכנט, אז גאט דארף מען פילן אין יעדן צאפל פון דער נשמה, זי שטרייכט באזונדערס אונטער דעם גרויסן פסיכאלאגישן באטייט פון קאלעקטיווער תפילה, די התלהבות און גייסטיקע דערהויבונג, וואס דער

---

1 דארטן, III, 68, עט׳ ב׳.

2 „צדיקיא כפרה אינון דעלמא וקרבנא אינון דעלמא". דער דאזיקער געדאנק חזרט זיך שוין איבער ביי די עלטערע בעלי־קבלה. אינם ספר „הבהיר", צ״ב, לייענען מיר (קאפ׳ 44): „עמוד אחד יש מן הארץ עד לרקיע וצדיק שמו על שם הצדיקים וכשיש צדיקים בעולם העמוד מתגבר ואם לאו מתחלש, והוא סובל העולם דכתיב: צדיק יסוד עולם, ואם חלש לא יוכל לחתקיים העולם הלכך אפילו אין בעולם אלא צדיק א׳ מעמיד העולם שנאמר וצדיק יסוד עולם".

3 זע ערשטן באנד, ז׳ 206.

מענטש לעבט איבער בעת ער גיסט אויס זיין הארץ פאר גאט. די תפילה, זאגט דער זוהר, דערהויבט דעם מענטשן צו די העכסטע מדרגות, דער־נעענט אים צו גאט, דערוועקט גאטס גענאד און ברענגט זי מכוח אל הפועל. א היים התלהבותדיקע תפילה, וואס ברענגט די נשמה אין עק־סטאז און לאזט זי פארגיין אין אנטציקונג און ביטול־היש — אזא תפילה איז מרעיש עולמות, זי דערגרייכט ביז צו דער „הימלישער נשמה", צום קוואל פון ווייבלעכקייט און מוטערשאפט, צו דער „מוטער" (אמא) פון דער וועלט, וואס איז געקרוינט מיטן נאמען „בינה"[1]. דער „סוד התפילה" פארנעמט אינם זוהר א באזונדער בכבודיקן ארט. יעדעס ווארט אין דער תפילה לעבט א באזונדער לעבן, איז פול מיט טיפן באטייט, לייטערט און דערהויבט די נשמה צום קוואל פון ליכט און שיינקייט. און ניט נאר די יחידי סגולה — דאס גאנצע פאלק ישראל קאן מיט דער הילף פון דער תפילה ווערן געהייליקט, דערנעענטערן זיך צו גאט.

ביי דער אלוועלטלעכער ראלע, וואס שפילט אינם זוהר די מענטש־לעכע פערזענלעכקייט, איז לייכט באגרייפלעך, וואס דער זוהר שענקט אזוי פיל אויפמערקזאמקייט און אזוי פיל ליבע דער פראבלעם וועגן דעם מהות פון דעם מענטשנס נשמה. שלמה גבירול גיט אפ אין זיין „כתר מלכות" פאר די נשמות דעם בכבודיקסטן פלאץ — אונטער דעם „כסא הכבוד" אליין; אזוי אויך דער זוהר: דער מקור פון דעם מענטשנס נשמה איז די „נשמה פון דער וועלט" (כתר עליון), וואס אין איר שוים רוען אלע נשמות זינט אייביקע צייטן, נאך פון פאר „מעשה בראשית"[2]. „בעת דער הקדוש־ברוך־הוא האט באשלאסן די וועלט צו באשאפן—לייענען מיר אין זוהר — האט זיך די געשטאלט פון דער וועלט אנטפלעקט כביכול פאר זיינע אויגן. און ער האט באשאפן אלע נשמות, וועלכע ער האט בא־וויליקט זיי זאלן זיך אין די קומענדיקע דורות פארקערפערן אין די מענטשן־קינדער; און אלע האבן זיי זיך אנטפלעקט געגוי אין די גע־שטאלטן, וועלכע זיי וועלן שפעטער אננעמען ביים לעבן אויף דער ער־דישער וועלט"[3]. „דעם מענטשנס נשמה — דאס איז דער פארשפיגל און מוסטער פונם אוניווערסאלן זיין[4], די העכסטע מדרגה פון זיין שלימות".

---

1 זע פריער, ז׳ 59—60.

2 די לערע וועגן דער אייביקער עקסיסטענץ פון די נשמות האבן די יידישע מיסטיקער בלי־ספק איבערגענומען ביי די נעאפלאטאניקער (זע וועגן דעם: ד. יואל, „רעליגיאנספילאזאפיע ד. זוהרס", 332, 348).

3 זוהר, II, 96, עמ׳ ב׳, פרשה משפטים,

4 זוהר, II, 141, עמ׳ ב׳,

דער זוהר פאַרגלייכט דערביי אין א פּאָעטיש בילד די נשמה מיט דעם ליכט פונם אויג. „פריער פון אַלץ — לייענען מיר אין „תיקוני זוהר" — האָט גאָט באַשאַפן די נשמה. עס שטייט אין דער תורה: והארץ היתה תהו ובהו ורוח אלהים מרחפת על פני המים, אַלץ איז געווען וויסט, ווייל דעם מענטשנס אויג איז נאָך געווען געשלאָסן. ווי נאָר דאָס אויג האָט זיך געעפנט, האָט גאָט גלייך געזאָגט: יהי אור! — און ליכטיק איז געוואָרן" [1].

אזוי ווי די ספירות בילדן דריי טריאַדן, אזוי באַשטייט אויך די נשמה, וואָס איז דער אָפּשפּיגל פון די ספירות, פון דריי יסודות: נשמה, רוח, נפש. די העכסטע מדרגה איז „נשמה", זי באַהעפט דעם מענטשן מיטן „עולם השכל", „רוח" איז דער מאָראַלישער מהות פונם מענטשן, וואָס פאַרבינדט אים מיטן סימבאָל פון מאָראַלישער שיינקייט — מיט דער ספירה „תפארת". דער דריטער טייל, נפש, איז די נידעריקסטע מדרגה, זי פאַרבינדט דעם מענטשן מיט דער מאַטעריעלער וועלט — דעם „עולם העשיה" [2]. „און אַלע דריי טיילן זיינען איינס, זיי גיסן זיך צו־נויף אין איין גאַנצקייט". אָט די דרייפאַכקייט פון דעם מענטשנס נשמה, און איר צוזאַמענהאַנג מיטן גוף, פאַרגלייכט דער זוהר אויף זייער

[1] „תיקוני זוהר", שער 70, ז' 362 (מיר ציטירן לויט דער בראָדער אויסגאַבע, 1883). דעם פאַרגלייך פון דער מענטשלעכער נשמה מיטן ליכט באַגעגענען מיר אויך ביי גבירולן, אין איינעם פון זיינע רעליגיעזע פיוטים זאָגט דער דיכטער:

לך נפשי תספר כי יצרתה

. . . . . . . . .

לך בדבר יְהִי — אז נמצאה היא.

[2] זוהר II, 142, עמ' ב', פרשה תרומה. אַז אַ גאָטספאָרכטיקער מענטש שטאַרבט, לערנט דער זוהר, הייבט זיך דער איידלסטער טייל פון זיין גייסט, די נשמה, גלייך אויף אין דער הויך צום כסא הכבוד; דער אַנדערער טייל, רוח, שטייגט אין גן־עדן, און דער דריטער, נפש, וואָס איז דאָך דער נידעריקסטער טייל, בלייבט אין דער נידער ביים גוף. שטאַרבט אָבער אַ זינדיקער מענטש, באַגעגנט זיין נשמה גרויסע שטערונגען אויף איר וועג צום כסא הכבוד, זיין רוח האָט אויך ניט קיין מעגלעכקייט אין גן־עדן צו קומען, און זיין נפש קאָן קיין רו ניט געפינען אויף דער ערד. די דאָזיקע לערע וועגן דריי מדרגות פון דעם מענטשנס נשמה איז בכלל געווען זייער פאַרשפּרייט אינם מיטלאַלטער. די קריסטלעכע סכאָלאַסטיק לערנט וועגן דריי אַרטן גייסטיקע קרעפטן, וואָס געפינען זיך גאַנץ זעלבשטענדיק אין יעדן מענטשן: 1) anima vegetabila, 2) anima sen-sitiva, 3) anima rationalis. די ערשטע, „שפּראָצנדיקע קראַפט", באַזיצן מענטשן, חיות און אויך געוויקסן; די צווייטע, די קראַפט וואָס געוועלטיקט איבער די געפילן, באַזיצן נאָר מענטשן און חיות; די דריטע אָבער, דער גייסט פון פאַרשטאַנד, וואָס נאָר ער איז אומשטאַרבלעך, געפינט זיך בלויז ביים מענטשן.

א בילדלעכן אופן מיטן פלאם פון א ליכט. „קוקט מען זיך איין אין פלאם פונם ברענענדיקן ליכט, באמערקט מען צוויי באזונדערע טיילן: א העל־ווייסן און א טונקל-בלוילעכן. דער אייבערשטער טייל, דער העל־ווייסער, ציט זיך גלייך אין דער הויך, דער טונקעלער איז אין דער מיט און זעט אויס ווי דער אונטער־גרונט פארן ווייסן טייל. דיביידע טיילן זיינען אבער אזוי ענג באהעפט צוזאמען, אז זיי בילדן איין פלאם. דער טונקעלער איז אבער ווידער צונויפגעבונדן מיט די ברענעוודיקע שטאפן, וואס געפינען זיך אונטער אים. דאס אייגענע איז אויך מיט דעם מענטשנס נשמה: די לעבנסקראפט אינם מענטשן איז ענלעך צום טונקל־בלוילעכן פלאם, וואס שעפט זיין יניקה פון די ברענעוודיקע שטאפן, וועלכע ער רינגלט ארום. און פונקט ווי די דאזיקע שטאפן ווערן פארברענט פון דעם בלוי־לעכן פלאם, אזוי פארצערט אויך די לעבנסקראפט די זאפטן פונם מענטשנס קערפער. די מאראלישע קרעפטן פונם מענטשן, דער „רוח", זיי זיינען ענלעך צום העל־ווייסן טייל פונם פלאם, וואס שטרעבט שטענדיק אין דער הויך, נאר כל־זמן דאס ליכט ברענט, איז דער העלער פלאם פאר־בונדן מיטן ליכט. דער העכסטער טייל פון דעם מענטשנס גייסט, די „נשמה", איז געגליכן צו דעם אייבערשטן טייל פונם פלאם, וואס דעם מענטשנס אויג קאן ניט זען, ווייל אים געלינגט עס ווירקלעך זיך אפטיילן פונם פלאם און שטייגן אין דער הויך [1].

מיט די דריי עלעמענטן פונם מענטשנס גייסט באנוגנט זיך אבער ניט דער זוהר. ביי זיין אידעאליסטישער וועלטאנשויונג שטרייכט ער באַ־זונדערס אונטער נאך איין ריין סימבאלישן מאמענט. „אלע דערשיינונגען פון דער וועלט — לייענען מיר אינם זוהר — אלע באשעפענישן, וואס זיינען שוין געווען אדער ס'איז זיי ערשט אנגעצייכנט אמאל געבוירן צו ווערן — אלע, אלע מוזן זיי זיך קודם־כל אנטפלעקן פארן בורא עולם אין זייער אמתער געשטאלט" [2].

די אידעע, דאס בילד פונם באשעפעניש עקסיסטירט נאך איידער דאס באשעפעניש איז אויף דער וועלט געקומען. אזוי, זאגט דער זוהר, איז אויך מיטן מענטשן. „אין דעם מאמענט, ווען דער גוף באהעפט זיך מיט דער נשמה, שיקט הקב"ה אראפ אויף דער ערד דעם מענטשנס בילד

---

1 דארטן, I, 51, עמ' א'; 83 עמ' ב'.

2 דארטן III, 61, עמ' ב': „וכל מאי דאשתכח בהאי עלמא הא הוה קמיה והא סליק מקמיה ואתתקן קמיה ותנא כל אינון דארי עלמא דאשתכחו בכל דרא ודרא עד דלא ייתון לעלמא הא הוו קיימי קמיה בדיוקניהון".

(דיוקנא), וואָס טראָגט דעם געטלעכן שטעמפּל. און אָט דאָס בילד שטייט דערביי בעתן זיווג פון מאַן און ווייב. און ווען דעם מענטשנס אויג זאָל קאָנען זען, וואָלט עס באַמערקט דאָס דאָזיקע בילד, ווי עס שטייט ביי זייער צוקאָפּנס. עס האָט אַ מענטשלעך פּנים, און זיין געשטאַלט וועט טראָגן דער, וואָס וועט געבוירן ווערן... און די דאָזיקע געשטאַלט באַגעגנט אונז בעת מיר ווערן אויף דער וועלט געבוירן, זי וואַקסט מיט אונז צוזאַמען און באַלייט אונז, ווען מיר געזעגענען זיך מיט דער וועלט"[1]. „די דאָזיקע געשטאַלט — איז דער זוהר מוסיף — איז אַ הימלישע דערשיינונג" (והאי צלם איהו מלעילא).

דעם מענטשנס נשמה, דערציילט דער זוהר, וואָס איז דאָך אַן אָפּשפּיגלונג פון די געטלעכע ספירות, געפינט זיך אין שטענדיקער פאַרבינדונג מיט די דאָזיקע ספירות, און זייער בונד ווערט קיינמאָל ניט געשטערט. דאָס, וואָס די נשמה שטייגט אַראָפּ אין דעם עולם השפל און פאַרבינדט זיך מיט אַן ערדישן גוף, איז פאַר דער נשמה, לויט דעם זוהרס וועלטאַנשויונג, ניט קיין טרויעריקע ירידה, נאָר אדרבה, אַ גרויסע זכיה: דאָס גיט איר די מעגלעכקייט צו דערפילן אַ גרויס שליחות — אליין זיך באַטייליקן אין „מעשה בראשית", דערהויבן אַלץ מיט וואָס זי קומט אין באַרירונג אויף אַ העכערער מדרגה, באַשיינען מיט דעם געטלעכן ליכט, און דערנאָך, אַליין אַ שטראַלנדיקע און מיט ליכט דורכגעדרונגענע, צונויפגיסן זיך מיטן אייביקן ליכט־קוואַל. אָבער נאָר ווען זי האָט דערפילט איר שליחות, קערט די נשמה גלייך צוריק צום אייביקן קוואַל. האָט זי דאָס ניט מקיים געווען, ווערט זי פאַרמשפּט אויף „גילגול הנפש", מוז זי אויבסניי זיך באַהעפטן מיט אַן ערדישן גוף און ווייטער וואַנדערן דאָ אין דער נידער, אין דעם עולם השפל.

„און זיי ווייסן ניט, די מענטשן־קינדער, די וועגן פון דעם הקב"ה. זיי ווייסן ניט, ווי יעדן טאָג ווערט געפירט דער משפט איבער די מענטשן, זיי ווייסן ניט, ווי אַזוי נשמות שטעלן זיך צום דין איידער זיי לאָזן זיך אַראָפּ צו דער ערדישער וועלט, און דערנאָך, ווען זיי קערן זיך צוריק פון דער דאָזיקער וועלט. מענטשן ווייסן ניט, וויפיל גילגולים נשמות האָבן אויסצושטיין, וויפיל נאַקעטע נשמות עס בלאָנדזשען אַרום אויף דער וועלט און ווערן ניט צוגעלאָזט צום פּאַלאַץ פון דעם מלך העולם; מענטשן ווייסן ניט, וויפיל וועלטן עס ווערן דערביי חרוב און וויפיל פאַרבאָרגענע וווּנדער עס געשען ביי דעם חורבן פון יעדער וועלט; זיי ווייסן ניט און

[1] דאָרסן, 104, פּרשת אמור.

זעען ניט, ווי פילע נשמות ווערן געשליידערט ווי די שטיינער, וואָס ווערן פונם „כף הקלע" געוואָרפן [1].

אָבער די גערעכטע און געלייטערטע נשמה, שטרייכט דער זוהר אונטער, זי דערהויבט זיך פריי און אומגעשטערט אין די עולמות העליונים, אהין „ווו אין איינעם פון די פאַרבאָרגנסטע ווינקלען פון די העכסטע הימלשע ספערן געפינט זיך אַ פּאַלאַץ, וואָס ווערט גערופן דער היכל פון ליבע (בגו טנרא תקיפא רקיעא טמירא אית היכלא חדא דאקרא היכל אהבה)[2]. דאָרט קומען פאָר די טיפסטע מיסטעריעז, דאָרט פאַרזאַמלען זיך אַלע די נשמות, וועלכע זיינען געליבט פון דעם הימלשן מלך; דאָרט רוט דער הקב"ה אַליין און אַלע הייליקע נשמות, און דער רבונו־של־עולם גיסט זיך צונויף מיט זיי אין אַ קוש פון ליבע" (נשיקין דרחימו) [3].

---

[1] דאָרטן, II, 99, עמ' ב', פרשה משפטים (ציטירט לויט דער זולצבאַכער צווייטער אויסגאַבע, 163): „ולא ידעין בני נשא ארחוי דקב"ה והיך קיימא מקלא ואיך אתדנו בני נשא בכל יומא ובכל עידן והיך נשמתין עאלין בדינא עד לא ייתון להאי עלמא והיך עאלין בדיני לבתר דנפקי מהאי עלמא, כמה גלגולין וכמה עובדון ספימין עביד קב"ה בהדי נשמתין כמה נשמתין ערטילאין... אזלין בהאי עלמא ולא עאלין לפרגודא דמלכא וכמה עלמין אתהפך בהו ועלמא דאתהפך בכמה פליאן סתימין ובני נשא לא ידעין ולא משגיחין והיך מתגלגלין נשמתון באבני דקוספתא".

[2] דאָרטן, II, 97 עמ' ב' פרשה משפטים; דאָרטן, I, 168 עמ' א', פרשה וישלח.

[3] גרעסערע פראַגמענטן אויס דעם זוהר זע ביילאַגע נומ' 3.

# פערטער קאַפּיטל.

דער בּאַנייטער קאַמף קעגן דעם אַריסטאָטעלישן ראַציאָנאַליזם. דער זוהר וועגן די רבּנים און פילאָזאָפן. — פּלאַטאָניזם און אַריסטאָטעליזם. דער אונטערשייד צווישן אַלעגאָריעס און סימבּאָלן. — די שנאה פון די בּעלי־קבּלה צו דעם אַריסטאָטעלישן ראַציאָנאַליזם. — דער אָנהייבּ פונם קאַמף. — דער אַנטימיימוניסטישער קעמפער שלמה פּטי. — די בּאַנייונג פונם קאַמף אין דער פּראָוואַנס, און זיינע סיבּות. — די יידישע הויף־אַריסטאָקראַטיע אַלס טרעגערין פון ראַציאָנאַליזם. — די „פילאָזאָפירנדיקע" דרשנים. — לוי אויס ווילעפראַנש און זיין אַסטראָלאָגישער קוק. — דער „גזר" מן השמים אַלס הכשר אויף שמד. — דער אַרויסטריט פון אַבּא מארין אויס מאָנפּעליע; זיין כּתב צום רשבּ"א. — רשבּ"אס בּאַציִונג צו פילאָזאָפיע. — אַבּא מאריס „מנחת קנאות". — דער רשבּ"א און לוי אויס ווילעפראַנש. — די מודעה פון די בּאַרצעלאָנער רבּנים.—יעקב בּן מכיר און די אָנהענגער פון די בּני־תּיבּון. — דער פאַרבּיטערטער קאַמף.

גלייך נאָך לאַנדויער [1] האָבּן אויך אַנדערע פאָרשער [2] בּאַזונדערס אונטערגעשטראָכן, אַז אינם זוהר פילט זיך אַ געוויסע שנאה צום רבּניש־תּלמודישן יידנטום. אינם זוהר, ווייזן די דאָזיקע פאָרשער, ווערט די משנה געגליכן צו אַ האַרטן שטיין און צו דער דינסטמויד, וואָס וויל פאַרנעמען דעם אָרט פון איר האַרינטע [3]. אין אַן אַנדער אָרט בּאַשולדיקט דער זוהר די משנה, אַז זי האָט פאַרטונקלט דאָס ליכט פון דער תּורה, און אַז זי איז עס געוואָרן דער קבר פון משה־רבּנו, און קיינער ווייסט איצט ניט, וווּ דער קבר געפינט זיך [4].

עס דאַרף ניט וווּנדערן, וואָס מען בּאַגעגנט אינם זוהר ערטערווייז אַזאַ פיינדלעכע שטרעמונג בּנוגע דעם רבּנישן יידנטום. מיר ווייסן דאָך,

1 „ליטעראַטורבּלאַט ד. אָריענטס", 1845, 422, 570.

2 ווי, צום בּיישפּיל, גרעץ (געשיכטע, בּ' VII, בּיילאַגע נומ' 12).

8 „תיקוני זוהר", קאַפּ' 27: ...„דמטרוניתא דאיהי קבלה, באתר דמטרוניתא יתבה משנה, ודא היא ושפחה כי תירש גבירתה". אין אַן אַנדער אָרט ווערט די משנה אָנגערופן „דעם קנעכט־יונגס קעפּסווייבּ" (נוקבה דעבד נער).

4 זוהר, II, 27.

אז צום זוהר האט געהאט א געוויסע שייכות אברהם אבולפיה, וואס האט אוים פערזענלעכע מאטיוון זיך פארהאלטן מיט אזא שנאה צו די „פאר־גרעבטע למדנים" (הלומדים הגסים), וועלכן ווילן, נאך זיין מיינונג, פון גארניט וויסן אויסער טרוקענעם פילפול, און אים האלטן זיי וויכטיקער פון אלע חכמות. עס איז אבער א טעות ווען מען מיינט, אז די דאזיקע פיינדלעכע שטימונג איז אלגעמיין גילטיק פארן גאנצן זוהר. מען דארף דאך ניט פארגעסן, וויפיל אויפמערקזאמקייט עס ווערט געשאנקען אין זוהר דעם רעליגיעזן קולט; מקיים זיין די מצוות און די דינים פון דער תורה, דאס איז דאך פאר די פארפאסער פונם זוהר פון גרעסטער וויכ־טיקייט. שוין אוים דעם גרונט אליין האט דער זוהר ניט געקאנט זיך פארהאלטן מיט שנאה צום גרעסטן קאמפענדיום פון תורה שבעל־פה, צום תלמוד, ווו עס ווערט מיט אזא ליבע און אזא אויפמערקזאמקייט בא־טראכט און אויסגעפארשט יעדער פרט פון די תריג מצוות. און דער זוהר איז טאקע פול מיט אזוינע שטעלן, ווו עס ווערט אויסדריקלעך אונ־טערגעשטראכן די אויסשליסלעכע וויכטיקייט פון לערנען משנה און תלמוד [1]. אין יענער תקופה האט נאך די קבלה בכלל ניט געטראכט ווענן וועלכן ס'איז קאמף קעגן רבנות און תלמוד, זי האט נאר געשטרעבט זיי דורכדרינגען מיט איר גייסט, איינהילן אין איר מיסטישער התלהבות...

גאר אנדערש האט זיך פארהאלטן די קבלה צו דער רעליגיעזער פי־לאזאפיע מיט איר ריין אריסטאטעלישן לבוש. אמת, די קבלה איז צו יע־נער צייט נאך בכלל ניט געווען קיין פרינציפיעלע קעגנערין פון פילאזאפיע. מיר האבן דאך געזען, ווי איינער פון די אבות הקבלה, עזריאל, האט געפרווווט אין זיין „פירוש" באגרינדן די טעארעטישע קבלה אויף א פי־לאזאפישן אונטערגרונט. דערמיט האט זיך אויך פארנומען יצחק אבן לאטיף, און דעם פארהלומטן בעל דמיון אברהם אבולפיה זיינען די, וואס פארנעמען זיך מיט פילאזאפיע, געווען פיל ליבער ווי די אויפגעבלאזענע תלמודישע למדנים [2] (חכמי התלמוד). די פילאזאפישע אידעען, וואס האבן געפונען אן אפקלאנג ביי די יידישע מיסטיקער, זיינען אבער געווען נעאפלאטאנישע אידעען, דורכגעדרונגען מיט דעם רעלי־גיעזן פאטאס פון פילו און אבן גבירול, באהויכט מיט דער פאעטישער באגייסטערונג פון דעם „געטלעכן" פלאטא. דאס איז ניט געווען קיין אבסטראקטע פילאזאפיע, שטאלץ איינגעהילט אין קיניגלעכן מאנטל פון

1 א סך אזעלכע ציטאטן ברענגט ד. יואל אין זיין „רעליגיאנספילאזאפיע דעם זוהרס", 69—70.

2 אין זיין פארערדע צו „אמרי שפר", פארעפנטלעכט דורך יעלינעק אין זיין „פילאזאפיע אונד קאבאלא", 33—38.

פרייען פאַרשער־געדאַנק, נאָר אַן אינטים אידעען־געוועב, געשאַפן דורכן עקסטאַז פון טיפע רעליגיעזע איבערלעבונגען און שטורמישן דראַנג נאָך דעם פאַרבאָרגענעם געטלעכן ליכט, וואָס דאַרף באַשיינען און דערקוויקן די לעבצנדיקע פאַרבענקטע נשמה. אָט דאָס זוכן און בענקען נאָך דעם מיסטיש פאַרבאָרגענעם איז געווען, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אין געוויסן זין אַ פּראָטעסט קעגן דעם אַריסטאָטעלישן ראַציאָנאַליזם, וואָס האָט אַלץ מער אָנגעהויבן געוועלטיקן איבער די מוחות פון דער דעמאָל־טיקער אינטעליגענץ אין שפּאַניע און דער פּראָוואַנס. די יידישע מיסטי־קער האָבן כלל ניט געקאָנט באַפרידיקן די אַלע לאָגישע ראיות, מיט וועלכע די יידישע ראַציאָנאַליסטן האָבן זיך געפּלייסט צו דערווייזן, אַז די תורת משה שטימט איינגאַנצן מיט אַריסטוס אידעען. „זאָל דאָס טאַקע זיין אין דער אמתן — באַמערקט מיט איראָניע דעם זוהרס רעדאַקטאָר, משה די ליאון — פרעגט זיך אַ קשיא: צו וואָס האָט מען עס באַדאַרפט די גאַנצע אַנטפּלעקונג אויפן באַרג סיני, מיט די דונערן און בליצן, ווי־באַלד זי דערציילט אונז בלויז דאָס, וואָס ס'האָט אונז געלערנט אַריסטו גאַנץ שטיל, אָן רעש און גפּילדער" [1]. די ליאון מיינט דערפאַר, אַז דאָס, וואָס די יידישע אַריסטאָטעליקער טענהן אַלץ וועגן שלום צווישן תורת משה און אַריסטו, ווילן זיי נאָר דערמיט פאַרבלענדן די אויגן, בכדי זיי זאָלן לייכטער קאָנען אָן חשד אַריינשמוגלען די פילאָזאָפישע אידעען פון זייער גריכישן רבין.

די ראַציאָנאַליסטיש געשטימטע מיימוניסטן האָבן געזען אין אַלע מעשיות פון דער תורה בלויז אַבסטראַקטע אַלעגאָריעס, און די מצוות־עשה און לא־תעשה האָבן זיי באַטראַכט פונם ריין אוטיליטאַריסטישן שטאַנדפּונקט. פאַר דעם מיסטיקער אָבער איז דאָס אַלץ געווען אַ וווּנ־דערלעכע וועלט פון טיפע סימבאָלן און געטלעכע מיסטעריעס. אפילו אין די געוויינלעכע ביבל־דערציילונגען האָט דער זוהר געזען פאַרבאָרגענע סודות, רזין דרזין. „וויי איז צו די, — דערקלערט דער זוהר — וואָס מיינען, אַז די תורה איז אויסן צו דערציילן פּשוטע מעשיות און וואָכע־דיקע געשעענישן, וואָס האָבן פּאַסירט אינם לעבן פון פאַרשיידענע מענטשן און פעלקער. די דאָזיקע מעשיות זיינען בלויז די אייבערשטע שאָלעכץ, אין וועלכער ס'זיינען איינגעהילט דערהויבענע סודות, זיי זיינען בלויז דער לבוש פאַרן קערפּער, אין וועלכן עס איז פאַרבאָרגן „די נשמה פון די נשמות" (נשמתא דנשמתא). בכדי די דאָזיקע „נשמתא דנשמתא"

---

1 מיר ציטירן נאָכן „אבקת רוכל". דער צווייטער טייל פון דעם דאָזיקן ווערק איז פאַקטיש אַ גרויסער פראַגמענט פון משה די ליאונס „נפש החכמה".

זאָל קאָנען נתגלה ווערן פאַרן עולם השפל און מיר מיט אונזערע מענטש־לעכע אויגן זאָלן קאָנען זוכה זיין דערזען איר גלאַנץ, האָט זי עס געמוזט אָנקליידן דעם גשמיותדיקן לבוש [1].

עס וואָלט אָבער געווען אַ גרויסער טעות [2] צו מיינען, אַז אויך דער זוהר באַטראַכט גלייך מיט די ראַציאָנאַליסטן די ביבל־דערציילונגען אַלס בלויזע משלים און רמזים. די פאַרפאַסער פון דעם זוהר זיינען געווען זיכער, אַז די אַלע מעשיות, וואָס ווערן דערציילט אין דער תורה, זיינעןווירקלעכע רעאַלע געשעענישן [3]. אַלע דערשיינונגען זיינען דאָך אָבער ניט מער ווי אַ סימבאָלישע אָפּשפּיגלונג פון יענזייטיקן זיין. אַלץ, וואָס ס'איז פאַראַן אויף דער וועלט, איז דאָך בלויז אַ בלאַסער אָפּגלאַנץ פון די „אידעען" און ווירקלעכע געשטאַלטן, וואָס נאָר זיי זיינען דאָך דער אמתער עצם, די איינציקע טרעגער פון ממשותדיקן זיין. אָט די דאָזיקע העכסטע רעאַליטעט, דאָס אידעאַלע פאָרבילד פון אַלע באַשעפענישן און געשעענישן — דאָס איז די „נשמתא דנשמתא", וועלכע ס'זיינען אימ־שטאַנד צו זען נאָר די שאַרפזיכטיקע אויגן פון די צדיקים און טרייע דינער פון דעם הימלישן מלך, וואָס זייערע נשמות האָבן זיך געפונען ביים באַרג־סיני בעת מתן־תורה [4]. דאַרט, ווו די ראַציאָנאַליסטן האָבן געזען בלויז אַבסטראַקטע אַלעגאָריעס, האָט דער זוהר געזען טיפע סימבאָלן, פול מיט רעאַלן פּילזייטיקן אינהאַלט. ניט ווייניקער פאַרשיידן איז דאָס פאַרהאַלטן זיך פון די בעלי־קבלה און ראַציאָנאַליסטן בנוגע צו דער פראַגע וועגן מקיים זיין די מצוות פון דער תורה. „ווער ס'איז עובר — לערנט דער זוהר — אויף וועלכער ס'איז מצווה, דער מאַכט דערמיט אַ פּגם אין די עולמות העליונים". וואָרעם ביי די בעלי־קבלה איז דאָס דערפילן

---

1 זוהר, III, 152, עמ׳ א׳.

2 און יעניקע פאַרשער באַגייען דעם דאָזיקן טעות.

3 דאָס שרייבט שוין אונטער איינער פון די ערשטע זוהר־דערקלערער, רעקאַנאַטי, בעת ער דערקלערט אויף אַ ריין מיסטישן אופן די דערציילונג, ווי אַזוי אדם הראשון ווערט פאַרטריבן פון גן־עדן, איז ער דערביי מוסיף: „דע והבן כי אע״פי שפרשנו כל הפרשה כלה על דרך הסוד מכל מקום גם הפשט אמת ויציב בעץ החיים ועץ הדעת הנהרות והכרובים ולהט החרב.

4 דאָרטן: „חכימיא עבדו דמלכא עילאה אינון דקיימא בטורא דסיני לא מסתכל, אלא בנשמתא דאיהו עיקרא דכלא אורייתא ממש ולעלמי דאתי זמינין בנשמתא דאורייתא". אויף דעם גרויסן אונטערשייד צווישן די בעלי־קבלה און די ראַציאָנאַליסטן אין זייער אויסטייטשן די רמזים, וואָס זיי געפינען אין די ביבל־דערציילונגען, האָט שוין אָנגעוויזן דער באַוווּסטער פאַרפאַסער פון „עקדת יצחק", יצחק עראמה, זע זיין „עקדת יצחק", קאַפּ׳ 7, ז׳ 54—5; „חזות קשה", קאַפּ׳ 11—12.

די פאַרשריפטן פון דער תורה ניט נאָר אַ צייכן פון גאָטספאַרכטיקייט און פרומקייט, אויך ניט בלויז אַ דערציִונגס־מיטל — דאָס איז אויך אַ ש אַ פ ו נ ג ס ־ אַ ק ט מי יודע ווי וויכטיק פאַרן גאַנצן „מעשה בראשית", וואָרעם דאָס איז דאָך אַ שאַפונגס־אַקט פון ריין ע ט י ש ן באַטייט, ס'איז אַ ניצחון פון ליכט איבער פינסטערניש, אַ דערהויבונג פון פשוטן חומר צו דער מדרגה פון רוחניות, אַ דערנענטערונג צום „עילת העילות", צום מקור פון ליכט און חכמה...

די התלהבותדיקע קבלה און דער ראַציאָנאַליסטישער אַריסטאָטעליזם, דאָס זיינען געווען צוויי באַזונדערע וועלטן, צוויי פ י י נ ד ל ע כ ע וועלטן, און די טיפע ביידערזייטיקע סתירות האָבן געמוזט ברענגען צו אַ האַרטנעקיקן קאַמף. עס איז דערפאַר גאַנץ באַגרייפלעך, וואָס גראָד צום סוף XIII יאָרהונדערט, בעת דער זוהר איז פאַרענדיקט געוואָרן און צום ערשטן אַרויסגעטרעטן אויף דער ברייטער עפנטלעכקייט, איז אין שפּאַניע און פּראָוואַנס אויפסניי אויסגעבראָכן אַ פאַרביטערטער קאַמף קעגן די ראַציאָנאַליסטישע מיימוניסטן. צוזאַמען מיט די מיסטיקער זיינען אין דעם דאָזיקן קאַמף אַרויסגעטראָטן אויך די „חכמי התלמוד", די רבנים, וואָס קעגן זיי האָט געפירט מלחמה אברהם אבולפיה. דער ערשטער אָנזאָג וועגן דעם דאָזיקן קאַמף איז געווען דער אַרויסטריט פון דעם מיסטיקער און פאַנאַטיקער שלמה בן שמואל פּטי.

פּטי איז געווען אַ געבוירענער פון צפון פראַנקרייך, נאָר געלעבט האָט ער אין עכו און דאָרט האָט ער צוזאַמען מיט נאָך אייניקע פרומע פאַנאַטיקער אָנגעהויבן צו אַגיטירן קעגן דעם „מורה נבוכים". דאָרטן, אין די מזרח־לענדער, איז אָבער דער אויטאָריטעט פונם בעל „משנה תורה" געווען אומגעהייער גרויס. דער רמב"ם איז געווען דער „גרויסער אָדלער" (הנשר הגדול), און ווער ס'האָט זיך דערוועגט פוגע בכבודו זיין, דער האָט געגאָלטן אַלס לעסטערער, וואָס פאַרשוועכט די קרוין פון דער תורה. דער ראש פון דעם מזרח־יידנטום, דער נשיא ישי בן חזקיהו בן ישי אוים דמשק, איז אַרויסגעטראָטן קעגן פּטי מיט אַ התראה, אַז ער וועט אַריינוואַרפן אין חרם יעדן, ווער עס וועט האָבן די העזה צו „באַריידן דעם רמב"מס מורה" (על כל מי שיוסיף להוציא דבה על מורה נבוכים והמעורער עליו)[1]. פּטי איז אָבער געווען פון די עקשנותדיקע פאַנאַטיקער, וואָס שרעקן זיך ניט איבער פאַר קיין שום התראות; ער איז אַוועק קיין אייראָפּע, אַרומגעפאָרן איבער פראַנקרייך און דייטשלאַנד און דאָרט

---

[1] „כּרם חמד", III, 169; „אגרת קנאות", 21.

צוגויפגעזאמלט הסכמות פון אַ סך דאָרטיקע רבנים, אַז דער „מורה" איז אַ געפערלעך אפּיקורסיש בוך און מען דאַרף עס דן זיין לגניזה (וגוזרים למנוע קריאת מורה הנבוכים ולגנזו גניזת עולמים)[1]. צוריקוועגס קיין ארץ־ישראל האָט זיך פּטי אָפּגעשטעלט אין רוים, בכדי אויך דאָרט צו אַגיטירן קעגן דעם רמב"מס ווערק. דאָ האָט ער אָבער קיין דערפאָלג ניט געהאַט: קעגן אים זיינען זייער שאַרף אַרויסגעטראָטן די אָרטיקע אָנהענגער פון מיימוני; עס איז אויך אַרויסגעטראָטן דער אָנגעזעענער געלערנטער הלל אוים ווראָנע[2], און פּטי האָט געמוזט גלייך פאַרלאָזן איטאַליע. קומענדיק קיין עכו, האָט ער צוזאַמען מיט זיינע אָנהענגער אַרויסגעלאָזט אַ כרוז, אַז אויפן סמך פונם באַשלוס פון די רבני צרפת ואשכנז ווערט שטרענג פאַרבאָטן צו לייענען מיימונים „אפּיקורסיש" ווערק. אַט דעמאָלט, ווי עס שיינט, האָבן אייניקע פון די פאַנאַטישע קעגנער אָפּגעמעקט פונם רמב"מס מצבה די אויפשריפט „משה מבחר מין האנושי" (משה דער אויסדערוויילטסטער פונם מענטשן־געשלעכט) און אָנשטאָט דעם אויפגעצייכנט: „משה בן מיימון המוחרם והמין" (דער אין חרם אריינגעוואָרפענער אפּיקורס). די ענערגישע אַגיטאַציע פון די אַנטימיימוניסטן האָט אויפגערודערט אַלע רבנים פון פּאַדראַזיע. דער „ראש גליות" פון מאָסול, דוד בן דניאל, האָט אין 1288 מחרים געווען שלמה פּטי און זיינע אָנהענגער, און געוואָרנט, אַז ער וועט אויך ווייטער אריינוואַרפן אין חרם יעדן, „סיי אַ מאַן סיי אַ פרוי, ווער עס וועט אַרויסלאָזן פאַלשע קלאַנגען וועגן רבנו משה בן מיימון און זיינע חיבורים", אָדער ווער עס וועט זיך ווענדן צו דער אויסערלעכער מאַכט, זי זאָל פאַרבאָטן דעם רמב"מס וועלכע ס'איז ווערק[3]. נאָך אים איז אויך אַרויסגעטראָטן מיט אַ חרם דער נשיא פון דמשק[4]. צו זיי זיינען אויך צוגעטראָטן די אָנגעזעענסטע פּאַרשטייער פון דער ספרדישער קהילה[5], דער ראש־ישיבה פון בבל, שמואל בן דניאל כוהן[6] און פילע אַנדערע. דעם רמב"מס איי־

---

1 דאָרטן.

2 זע פריער, באַנד II, ז' 259.

3 י. קאַבאַק, גנזי נסתרות, III, 121, 122.

4 זיין חרם איז פאַרעפנטלעכט אין „כרם חמד" III, 73—189. דאָרט איז אָנגעצייכנט די דאַטע 1286, נאָר דאָס איז געוויס אַ גרייז פונם איבערשרייבער, און עס דאַרף שטיין מ"ח (5048). זע וועגן דעם גרעץ, VIII, ביילאַגע נומ' 8; פּאָגלשטיין ריעגער I, 405.

5 „אגרת קנאות", 22.

6 „גנזי נסתרות", III, 124.

ניסל, דוד בן אברהם, איז אויך געקומען קיין עכו, בכדי צו קעמפן קעגן פטי און זיינע אָנהענגער [1].

וואָס ס׳האָט ווייטער פּאַסירט מיט שלמה פטי, איז אומבאַקאַנט. מיר ווייסן בלויז, אַז ביידע צדדים האָבן זיך געווענדט צו דעם דעמאָל־טיקן גרעסטן רבנישן אויטאָריטעט אין שפּאַניע, ר׳ שלמה בן אדרת (רשב״א), ער זאָל אַ פשרה מאַכן [2], און נאָך דעם ווערט שוין שלמה פטיס נאָמען אין ערגעץ ניט דערמאָנט. באַלד אָבער האָט אין שפּאַניע גופא און אויך אין דער פּראָווענס זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע אַנטי־ראַציאָנאַליסטישע באַוועגונג, און דער זעלבער רשב״א, וואָס איז בשעת פטיס אַרויסטרעטן געווען דער בורר און פשרה־מאַכער, איז שוין אין דעם אויפסניי אויסגעבראָכענעם קאַמף געווען איינער פון די אַקטיווסטע רעדל־פירער.

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז וואָס מער ס׳איז געוואַקסן אין די יידישע קרייזן די השפעה פון דער קבלה, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן די אומצופרידנהייט מיט דער אַזוי גערופענער אַריסטאָטעלישער שול. שוין באַלד נאָך דעם רמב״מס טויט האָט זיך באַמערקט אַ געוויסע ירידה און גייסטיקע פאַרפלאַכונג פון דער דאָזיקער שול. די ראַציאָנאַליסטישע אידעען זיינען געוואָרן אַ מאָדע־אַרטיקל, זיי זיינען אַריין אין די הענט פון האַלב־געבילדעטע דילעטאַנטן; די דאָזיקע דילעטאַנטן האָבן מיט לייכטזיניקן שטאָלץ זיך באַצירט מיטן פילאָזאָפיש־פריידענקערישן מאַנטל, רעליגיעז־פילאָזאָפישע פּראָבלעמען האָט מען געמאַכט פאַר פילאָזאָפישע שפּילצייג און אָנגענעמען צייט־פאַרטרייב. דערקלערן דעם ביבל־טעקסט אויף אַ ריין אַלעגאָרישן אופן איז געוואָרן זייער אין דער מאָדע, מען האָט געשיט מיט אַלעגאָריעס אַפילו פון די בימות אין די בתי-מדרשים, ניט רעכענענדיק זיך דערביי מיט דער רעליגיעזער שטימונג פון די צוהערער.

דעם ערפאָלג פון דער ראַציאָנאַליסטישער שטימונג ביי דער יידישער אינטעליגענץ האָט פיל מיטגעהאָלפן אַנאַטאָליס „מלמד התלמידים". דאָס דאָזיקע ווערק איז געווען זייער פּאָפּולער און באַליבט ביי די „פילאָזאָפירנדיקע" קרייזן אין שפּאַניע און דרום־פראַנקרייך. מען פלעגט עס גאַנץ אָפט פאָרלעזן שבת בייטאָג פאַר גרעסערע פאַרזאַמלונגען [3], און

1 זע דעם צווייטן בריוו פון הלל אויס ווערָאָנע צו מאַעסטראָ גאַיאָ („חמדה גנוזה", 21).

2 זע דעם רשב״אס בריוו אין „לעטטערבאָדע", IV, 128.

3 לויט דעם בריוו פון שלמה בן יצחק אויס לונעל אין פּאַרמער מאַנוסקריפּט „מנחת קנאות" (ז׳ 668, Les rabbins fr, און באַזונדערס „לעטטערבאָדע", IV, 124).

אנאטאָלים ראַציאָנאַליסטישע ביבל־דערקלערונגען האָבן געגאָלטן אַלס פאָרבילד און מוסטער [1].

אַפילו גרעץ, וואָס גיט אין זיין געשיכטע אַ צו איינזייטיק בילד וועגן דעם קאַמף צווישן די מיימוניסטן און זייערע קעגנער, מוז דאָך מודה זיין, אַז די „בינדע־מיטעלען", וואָס דער רמב"ם האָט באַנוצט, בכדי צו פאַרייניקן די אַריסטאָטעלישע וועלטאַנשויונג מיט דער ביבלישער — זיינען געווען זייער ניט קיין פּאַסיקע. „בכדי שלום צו מאַכן צווישן די דאָזיקע צוויי אַנטקעגנגעזעצטע וועלטאַנשויונגען — זאָגט גרעץ — האָט דער רמב"ם געמוזט מקריב זיין ניט נאָר געוויסע פּרטים פונם יידישן דת, נאָר אויך דעם פשוטן פשט פון דעם ביבל־טעקסט (שליכטען וואָרטזינן דער ביבל) און נאָך מער — די אַגדה פונם תלמוד. זיינע אָנהענגער און תלמידים האָבן זיך שוין אָבער אויך מיט די קרבנות ניט געקאָנט באַנוגענען. שריט ביי שריט האָבן זיי ביסלעכווייז מיט לאָגישע ראיות על־פּי שכל הישר צעשטערט אין דער יידישער אמונה אויך זייער פיל פון דעם, וואָס דער רמב"ם האָט געלאָזט אומבאַרירט [2].

עס מוז אָבער דאָ אָנגעוויזן ווערן, אַז דעם רמב"מס „אָנהענגער" זיינען באַשטאַנען אויס זייער פאַרשיידנאַרטיקע עלעמענטן. צווישן זיי זיינען בלי־ספק געווען מענטשן מיט שאַרפע, אָריגינעלע דענקענדיקע קעפּ, וואָס זיי האָט געצויגן צום רמב"ם זיין פרייער פאָרשער-געדאַנק, זיין אומדערמידלעכער דראַנג נאָך וויסן און שטאָלצער מוט, מיט וועלכן ער האָט געפּרוווט אַלע רעליגיעזע און פּאָעטישע פאָרשטעלונגען קריטיש באַטראַכטן פונם ריין ראַציאָנאַליסטישן שטאַנדפּונקט. זיי זיינען אָבער געווען דער מיעוט, און ניט זיי האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן. די רעדל-פירער צווישן די מיימוניסטן זיינען געווען מענטשן פון אַ גאַנץ אַנדערן שניט. אין די שפּאַנישע מלוכות (קאַסטיליע, אַראַגאָניע, קאַטאַלאָניע) און אויך טיילווייז אין דער פּראָווואַנס איז געווען אַ גאַנץ צאָלרייכער קלאַס פון הויף־ און פינאַנץ־יידן. די דאָזיקע יידישע גראַנדן האָבן געהאַט אַ גרויסע מגע־ומשא מיט דער אויסערלעכער קולטורעלער סביבה, הויפּט־זאַכלעך מיטן קריסטלעכן אַדל. דאָס האָט געהאַט אַ געוויסע השפּעה אויפן

---

[1] זע „מנחת קנאות", בריוו 22, 68 און באַזונדערס נומ' 9, ווו דער רשב"א, ריידנדיק וועגן אַנאַטאָלין, וועלכער הייסט ביי אים „המלך הזקן", זאָגט מיט ביטערקייט: ער (אַנאַטאָלי) זאָגט אַרויס אין זיין ווערק אַזעלכע דעות, וואָס זיינען ביטער ווי גאַל און ווי ליאַג (מרים כראש ולענה). מיר האָבן געהערט, אַז זיין ווערק איז ביי פילע די שענסטע קרוין און שיינדל און מע קוויקט זיך מיט זיינע ווערטער, אין וועלכע מיר זעען בלויז בלענדזעניש און פלאָנטער („מנחת קנאות", 44).

[2] גרעץ, געשיכטע ב' VII, 354—5.

לעבנסשטייגער פון דער יידישער פינאַנץ־אַריסטאָקראַטיע; איר וועלט־אַנשויונג איז בלי־ספק געווען ברייטער און פרייער, ווי ביי דעם איבעריקן יידישן קיבוץ, נאָר די דאָזיקע מער פרייע און ברייטערע וועלט־אַנשויונג האָט אָבער געהאַט דעם חסרון, וואָס זי איז געווען צו צעשווומען און אָן טיפע וואָרצלען. די יידישע אַריסטאָקראַטיע האָט געווים באַזעסן אַ געוויסן גראַד פון בילדונג, דאָס איז אָבער געווען פון דעם מין אייבערפלעכלעכע האַלב־בילדונג, וועלכע איז בכלל אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די פאָרטרעטער פון דער אַזוי גערופענער „גרויסער וועלט" און הויכן אדל. די רייכע יידישע אַריסטאָקראַטישע יוגנט האָט געוואָלט גענוסן אַלע תענוגים פון לעבן, עס האָבן איר אָבער געשטערט אויף יעדן טריט די אַזוי פילע „לא תעשהס" פון דער תורה, די אַלע חומרות און שטרענגע מנהגים, וואָס דאָס יידנטום האָט באַקומען פון די פריערדיקע דורות בירושה. ניט אויפן באַפעל פונם פרייען פאָרשער־געדאַנק האָט די דאָזיקע יוגנט געגאַרט צו באַפרייען זיך פון די רעליגיעזע סייגים און פאַרבאָטן, נאָר אויס גיריקן ווונטש פריי צו טרינקען פונם רוישיקן בעכער פון לוסט, און אומגעשטערט געניסן פון אַלץ, וואָס נאָר דאָס האַרץ און די אומגעצוימטע פאַנטאַזיע וועלן באַגערן. זייערע ראַציאָנאַליסטיש־פרייי־דענקערישע פראַזן, זייער פאַרהאַלטן זיך מיט גאווה און ביטול צו דעם „אָבערגלויבן" פון דעם המון איז געווען בלויז דער מאַנטל, מיט וועלכן זיי האָבן צוגעדעקט זייער אייגענע פוסטקייט און פּרינציפּלאָזיקייט.

עס איז דערפאַר קיין וווּנדער ניט, וואָס דעם רמב"מס פּראָזאַיש טרוקענע אַלעגאָרישע דערקלערונגען פון פאַרשיידענע ביבל־דערציילונגען, האָבן ביי זייַנע און יעקב אַנאַטאָליס אָנהענגער אָנגענומען גאַנץ אומגעלומפּערטע, צייטנווייז קינדריש־לעכערלעכע פאָרמען [1]. פאַקטיש איז די גאַנצע ביבל ביי זיי מגולגל געוואָרן אין אַ אַלעגאָרישן פירוש אויף אַריסטוס פילאָזאָפישער סיסטעם. און דער רשב"א איז גאָר ניט ווייט פונם אמת, בעת ער קלאָגט זיך, אַז ביי די ראַציאָנאַליסטן „איז די גאַנצע תורה געוואָרן לויטער משל און אַלעגאָריע" [2]. אברהם און שרה, לוט מיט זיין ווייב — דאָס זיינען בלויז רמזים אויפן קעגנזאַץ פון פאָרם און מאַטעריע; יצחק און רבקה — אָן אַנצוהערעניש וועגן דעם שכל הפועל און דער פאַרשטאַנדיקער נשמה; עמלק — איז דער יצר־הרע; די מלחמה פון

---

[1] חענגן דער השפעה פון די קריסטלעכע געלערנטע האָבן מיר שוין גערעדט אין פריערדיקן באַנד. אויף דעם חייוט אויך אָן שמעון אָן דוראַן אין באַקאַנטן אויפרוף (צונץ־יובל־שריפט, 151): „סתארי התורה ומצותיה כמשפטי הנכרים באו שערים".

[2] רשב"א, שו"ת, נומ' 416.

פיר מלכים קעגן פינף, וואס ווערט דערציילט אין ספר בראשית — דאס איז אן אלעגאָרישע שילדערונג ווי די פיר גרונט־יסודות קעמפן קעגן די פינף חושים. אפילו דער אבי הנביאים משה רבנו, וואס האט גערעדט מיט גאט „פה אל פה", איז אויך ניט מער ווי אן אלעגאָריע. היינט בתיה בת פרעה, עמרם און יוכבד, משה רבנו וויב ציפורה און זייערע זין, יתרו מיט אלע זיינע איבעריקע טעכטער — זיי אלע זיינען בלויז א משל, עס ווערט דורך זיי אויף אן אלעגאָרישן אופן געשילדערט דער קאמף פון דעם מענטשנס גייסטיקע כוחות בעת זיי שטרעבן צו דער „געטלעכער חכמה" [1].

נאך מער משונהדיקע פאָרמען האט אנגענומען ביי די מיימוניסטן פון יענער צייט דעם רמב"מס ראציאָנאַליזם. דער רמב"ם האט געפרווט געבן די „טעמי המצוות", דערקלערן די נוצלעכקייט פון יעדן דין און געבאָט, באווייזן, אז די עטיק איז געבויט אויף ריין אוטיליטאַרישע יסודות, און איר באוועגנדיקע קראפט איז דער נוצן, דער תכלית. אט דער דאָזיקער שטאנדפונקט האט באזונדערס געשטאַרקט דעם רעליגיעזן חורבן אין די הערצער פון דעם רמב"מס אויבנדערמאָנטע נאָכפאָלגער. וויבאלד אלע מצוות און געבאָטן האבן בלויז א ריין ראציאָנאַליסטיש־אוטיליטאַריסטישן צוועק, איז דאך דער עיקר נאָר צו פארשטיין מיטן שכל דעם דאָזיקן צוועק, און ווי נאָר דאס איז דערגרייכט, איז דאך שוין איבנאנצן איבעריק די מצווה מקיים צו זיין. די מצוות אָבער, וואס זייער נוצלעכקייט איז שווער געווען צו דערווייזן מיטן שכל, האט מען דערקלערט אלס „אָבערגלויבן" און נארישקייטן. מיט שפּאָט און געלעכטער האבן זיי זיך אויך פארהאלטן צו די ניסים, וואס ווערן געבראכט אין דער תורה [2]. זייער כאַראַקטעריסטיש פאר די דאָזיקע ראציאָנאַליסטן און זייער פארהאלטן זיך צום יידישן ריטואל איז די פראגע, וואס איינער פון זיי האט אפן פאָרגעלייגט זיינע קעגנער אויף אן אסיפה אין שול: „גיט מיר צו פארשטיין, צו וואס האט עס משה רבנו אונז פארבאָטן צו עסן חזיר־פלייש? זאל עס זיין ווייל ס'איז שעדלעך? האבן אָבער די דאָקטוירים קיין שום שעדלעכקייט אין דעם פלייש ניט געפונען!" [3] און אָט אזוינע אָנשווינגען, וואס האבן געמוזט ערגערן יעדן פרום־רעליגיעזן

---

1 זע: „מנחת קנאות", ז' 31, 41, 46, 48, 72, 89, 133, 153, א"וו; רשב"א שו"ת נומ' 416—417; שמעון אַן־דוראַנס אויפרוף אין צונץ־יובל־שריפט 159—60.

2 זע „מנחת קנאות", 41, 46, 133, 153 א"וו; אויך דעם רשב"אס שו"ת, נומ' 414, 416, 417.

8 „אגרת קנאות" 153, 152.

מענטשן, זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן ניט נאָר אין וויסנשאַפטלעכע פאַר־שונגען און אין פריינדלעכן געשפּרעך אין ענגע קרייזן — מען האָט זיי אַרויסגעטראָגן אויף דער ברייטער גאַס, מען האָט זיי הויך רעקלאַמירט אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, אויף סעודות און חתונה־מאָלצייטן, אפילו פון די בימות אין די בתי־מדרשים [1]. אויפן אָרט פון געוויינלעכע דרשות וועגן מוסר און דרך־ארץ האָט מען געהאַלטן פילאָזאָפיש־חקירה־דיקע רעדעס, אין וועלכע מען האָט אויף א פילפוליסטישן אופן געפלייסט זיך אויסצוטייטשן פסוקים דורך ציטאַטן פון אַריסטון און אַנדערע גריכישע דענקער [2].

דער באַדייטנדיקסטער פון די דאָזיקע פרעדיקער איז געווען לוי בן אברהם בן חיים אוים ווילא־פרנקא מקונפונט, לעבן פערפיניאַן [3]. ער שטאַמט פון א אינטעליגענטער פאַמיליע אוים לאַנגעדאָק, זיין פאָטער איז געווען א גרינדלעכער תלמודיסט און א פייטן [4]. מחמת א אומגליקלעכער ליבע [5] האָט לוי בן אברהם אַלס יונגערמאַן געמוזט פאַרלאָזן זיין היים און זיך באַזעצט אין מאָנפּעליע, וווּ ער האָט זיך באַפריינדעט מיט דעם באַקאַנטן יידישן געלערנטן פון יענער צייט משה אבן תיבון. ער האָט געלעבט אין גרויס דחקות [6] און זיין זייער קנאַפּע חיונה האָט ער געהאַט דערפון, וואָס ער פלעגט געבן לעקציעס אויפן געביט פון שפּראַך־ און

---

[1] זע „מנחת קנאות" ז' 94: „דורשים כל אשר יזמו תוך קהל ועדה ובראש כל סעודה ומהפכים ללענה כל דברי תורה"; ז' 134: „לא ידרוש החכמה ההיא בבית חתנים לא יפרסם אותה בהמון"; ז' 175: „לא במטמוניות איש איש בחדרי חדרים פ"א בגלוי פנים המינים אומרים סרת בקרקסאות ובבתי כנסיות".

[2] דאָרטן, ז"ז 20, 31, 41, 58, 153.

[3] פרטים וועגן אים זע: א. גייגער, „החלוץ", II, 12—28, און „אוצר נחמד", II, 94—97; ש. זאַקש, „כרם חמד", VIII, 195—199; Karmoly, La France Israelit, 46, 54. Les rabins fr. 628—647 (דאָרטן ווערט איבערגעגעבן דער אינהאַלט פון זיינע ווערק). צונץ, „צ. געשיכטע א. ליטעראַטור", 471—472. דאָס יאָר, ווען לוי בן אברהם איז געבוירן, איז ניט באַקאַנט. יעדנפאַלס איז ער געבוירן ניט פריער ווי אין דער צווייטער העלפט פון די 40טער יאָרן פונם XIII יאָרהונדערט, ווייל אין זיין ווערק „בתי הנפש", וואָס ער האָט פאַרפאַסט אין 1276, ווייזט ער אָן, אַז ער איז נאָך „יונג אין יאָרן" („תלאותי ישנות אין ספורות — ועוד ימים אני שָׁנַי צעירים").

[4] צונץ, „ליטעראַטורגעשיכטע", 481.

[5] כרמולי, צים. ווערק, 47.

[6] אויף זיין שווערן לעבן קלאָגט זיך לוי בן אברהם אין דער פאָררעדע צו זיין „בתי הנפש" און אויך אינם ערשטן קאַפּיטל פון דעם דאָזיקן ווערק. זע ביילאַגע נומ' 4.

נאטורוויסנשאפטן („מנחות קנאות״, 48). זיין ליבלינגס־באשעפטיקונג איז געווען פילאזאפיע. פון די פרעמדע דענקער זיינען ביי אים געווען צום מיינסטן באליבט אריסטו און זיין אראבישער קאמענטאטאר אבן־רשד [1], פון די יידישע — דער רמב״ם, וועלכן ער רופט „דער לייכטנ־דיקער שטערן פון פאלק ישראל, די קרוין פון אלע חכמים״. בכדי אימ־שטאנד צו זיין געהעריק צו פארשטיין דעם „מורה נבוכים״, געפינט ר׳ לוי, אז מען דארף קודם־כל האבן געוויסע ידיעות אויך אין די איבעריקע חכמות. צו דעם צוועק האט ער אין יאר 1276 פארפאסט א ווערק, אין וועלכן ער גיט בדרך שיר אן אלגעמיינעם איבערבליק פון אלע בראנ־זשעס פון וויסן [2]. דאס ווערק הייסט „בתי הנפש והלחשים״, באשטייט פון 1846 פערזן, אין וועלכע דער פארפאסער באקאנט מיט די יסודות פון די וויכטיקסטע חכמות: פילאזאפיע, לאגיק, פיזיק און אויך מיט די גרונט־פראבלעמען פון מאראל און עטיק. אלע פערזן פארענדיקן זיך מיט איין און דעם זעלבן גראם: רים. ווייל די פערזן זיינען געשריבן מיט א הארטער און שווער פארשטענדלעכער שפראך, האט דער פארפאסער גופא געשריבן א פירוש כמעט צו יעדן פערז באזונדער [3]. ווייל ר׳ לוי האט אין דעם דאזיקן ווערק געגעבן בלויז אן אלגעמיינעם איבערבליק, האט ער דערנאך אויך פארפאסט א גאנץ גרויס וויסנשאפטלעך ווערק אין צוויי אפטיילונגען, „לוית חן״. די ערשטע אפטיילונג באהאנדלט די וויסנ־שאפטן: מאטעמאטיק, געאמעטריע, אסטראלאגיע, פיזיק און מעטאפיזיק. די אנדערע אפטיילונג פארנעמט זיך הויפטזאכלעך מיט רעליגיעז־פילא־זאפישע פראבלעמען [4].

ר׳ לוי בן אברהם איז געווען א מענטש פון אלזייטיקן וויסן, נאר אן אן איינהייטלעכער וועלטאנשויונג. אריסטוס פילאזאפישע אידעען זיי־

---

1 אין דער פאררעדע צו זיין „בתי הנפש״ שרייבט לוי בן אברהם: „וספרי אריסטו טובים מכל ספרי זולתו ומספיקים, ופירושי בן־רשד נעלו על כל שאר פרושים ויותר חזקים״.

2 „ויאמץ את כחי לעשות חבור קצר כולל שרשי החכמה ועקריה, מקרב רחקיה ומקבץ מפורדיה, מלקט שבלי אמריה, מאיר את צדק דבריה״. וועגן דער השפעה, וואס יעקב אנאטאלי האט געהאט אויף ר׳ לוי, זע לעא בעק „מאנאטסשריפט״, 1900, 159 א״ו.

3 דאס ווערק איז געבליבן אין מאנוסקריפט. פארעפנטלעכט איז בלויז די פאר־רעדע (אין „אוצר הספרות״, III, זעקסטע אפטיילונג, 19—23) און איינצלנע סטראפן („ליטעראטורבלאט ד. אריענטס״, 1848, 553, 568). מיר האבן זיך באנוצט מיט אן אלטער אפשריפט פונם גאנצן ווערק, וואס געפינט זיך אין פירקאוויטשעס קאלעקציע I, נומ׳ 464. זע ביילאגע נומ׳ 4.

4 ר׳ לויס רעליגיעז־פילאזאפישע אנשויונגען באלייכט לעא בעק אין זיין אויבנ־ציטירטן ארטיקל.

נען בײַ אים געווען צונויפגעמישט אָן אַ שום סדר מיט גאַנץ פאַרשיידנאַרטיקע אָנשויוּנגען און באַגריפן. אַ שטאַרקער פאַרערער פון מיימוני, האָט ער דאָן בלינד געגלויבט אין דער מאַכט פון אַסטראָלאָגיע [1], און זי געהאַלטן פאַר די טיפסטע חכמה, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס דווקא מיימוני איז געווען איר אַנטשיידנדיקסטער קעגנער. אמת, גראָד אין דעם פּרט האָט אפשר דער בעל „לוית חן" אַרויסגעוויזן ניט אַזוי זיין סיסטעמלאָזיקייט, ווי דווקא זיין געטרייִשאַפט צו אַריסטוס שיטה. וואָרעם אַריסטוס סיסטעם טראָגט אין זיך בלי־ספק געוויסע אַסטראָלאָגישע עלעמענטן. לויט אַריסטוס באַגריף זיינען דאָך די שטערן לעבעדיקע באַשעפענישן, מיט חכמה באַשענקטע „גלגלים", וואָס שטייען אויף אַ פיל העכערער מדרגה ווי פשוטע מענטשן. וויפיל הימלישע ספערן, אַזוי פיל גלגלים. און טאַקע זיי רעגירן די וועלט. וואָרעם לויט אַריסטוס פילאָזאָפישער סיסטעם האָט דאָך די גאָטהייט קיין שום מגע־ומשא ניט מיט דער ערדישער וועלט [2]; אַלץ, וואָס געשעט אין דעם עולם השפל, איז דערפאַר בלויז אַ פועל־יוצא פון די גלגלים און זייערע קרעפטן, וואָס ווירקן מיט שטרענגער געזעצמעסיקייט. דערפון איז לייכט געווען צו קומען צום באַשלוס, אַז דעם מענטשנס טאָן, זיין כאַראַקטער און זיין מזל — אַלץ הענגט אָפּ פון דער לאַגע, אין וועלכער די שטערן און פּלאַנעטן געפינען זיך אין אַ באַשטימטן מאָמענט. דאָס מוז ברענגען צום פולשטענדיקן פאַטאַליזם, צו דער איבערצייגונג, אַז „אין חכמה ואין תבונה", אַלץ איז פאָרויס באַשטימט, און מאַכטלאָז איז דעם מענטשנס ווילן. זייער כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט די פראַגע, וואָס אַ בן־דור פון ר' לוי בן אברהם [3] האָט געשטעלט פאַר ר' יצחק אבן לאַטיף: „אַבוקראַט און גאַלען האָבן פאַרפאַסט אַזוי פיל מעדיצינישע ווערק, האָבן אויסגעפאָרשט די אייגנשאַפטן פון אַלע קרייטעכצער און היילמיטלען, דערקלערט, וואָס פאַר אַ מיטל מען דאַרף באַנוצן בײַ דער קראַנקהייט און וואָסער בײַ דער צווייטער. פּטאָלאָמעוס און זיינע תלמידים באַשרייבן אָבער אין זייערע ווערק די ווירקונג פון די אַלע גלגלים און ווי יעדע פּלאַנעטע באַזונדער איז משפיע אויף אַ באַשטימטן

---

[1] בעת ר' לוי קלאָגט זיך אין „בתי הנפש והלחשים" אויף זיין ביטער מזל, שרייבט ער אונטער, אַז דאָס האָבן אים די פּלאַנעטן געראָדפט און קיין רו אים ניט געגעבן:

ואין מחזיק עלי ידי ועוזר בכל שרי רקיעים המאירים
אבל בי ממסלותם כלוחמים — וחשבו לי בני כוכבי שחרים.

[2] זע ערשטן באַנד, ז' 174.

[3] טודרוס אַבולפיה, וואָס איז שפּעטער געווען אַ הייסער אָנהענגער פון קבלה און פאַרפאַסט דאָס באַקאַנטע קבלה־ספר „אוצר הכבוד".

שטה... לויט די דאָזיקע חכמים באַווייזן, איז אַלץ, וואָס ס'קומט פאָר דאָ אין דעם עולם השפל, דער פועל־יוצא פון די אַלע קרעפטן, וואָס די מזלות און פּלאַנעטן אַנטפּלעקן נאָך באַשטימטע געזעצן; וואָס־זשע קענען דאָ העלפן די דאָקטוירים מיט זייערע היילמיטלען? ווי זיינען זיי בכוח אָפּצוּווענדן דאָס, וואָס די הימלשע ספערן האָבן גוזר געווען?" [1].

ר' לוי בן אברהם איז געווען אַזאַ הייסער אָנהענגער פון אַסטראָלאָגיע, אַז ער האָט אין דער גאַנצער תורה געזען רק אַסטראָלאָגישע סודות, וועלכע ער האָט זיך געפּלייסט אַרויסבאַקומען אויף אַ ראַציאָנאַליסטיש־אַלעגאָרישן אופן. בעת די חכמי התלמוד האָבן אין די צוועלף מזלות געזען אַ רמז אויף די צוועלף יידישע שבטים, האָט דער בעל „לוית חן" אין די צוועלף שבטים גופא געזען בלויז אַ רמז אויף די צוועלף מזלות. דער „אורים ותומים" איז לויט לוי בן אברהמס דערקלערונג דער באַקאַנטער אַסטראָלאָגישער אינסטרומענט, וואָס טראָגט דעם נאָמען אַסטראָלאַב. דער גאַנצער משכן מיט אַלע זיינע כלים, דער אפוד און דער חושן — דאָס זיינען אויך בלויז אַסטראָלאָגישע כלי־מכשירים, בכדי צו ווירקן אויף די שטערן און די מזלות, אַנטפּלעקן זייערע סודות, וואָס זיינען נאָך באַהאַלטן אינם שוים פון דער צוקונפט [2].

און די דאָזיקע ראַציאָנאַליסטיש־אַלעגאָרישע פּשטלעך און בויך־סברות האָבן שטאַרק אויסגענומען אין די אינטעליגענטע קרייזן; ס'איז געוואָרן אַ מאָדע־זאַך, און אפילו האַלב־געבילדעטע יונגעלייט, רייכע לעב־מענער און הויפליים, וואָס האָבן זיך גאַנץ ווייניק אָפּגעגעבן מיט וויסנשאַפטלעכע פראַגן, האָבן זיך דראַפּירט אין פילאָזאָפישע מאַנטלען, גע־שפּילט די סקעפּטיקער און פרייַדענקער, חוזק געמאַכט פון די אַלטע מנהגים און פון דעם „פאַנאַטישן" המון, וואָס איז אַזוי פאַרגלויבט אין אַלע מיני נאַרישקייטן און באָבע־מעשיות. „יונגעלייטלעך — קלאָגט זיך דער רשב"א — קומען מיט שאלות: צו וואָס מאַכן עס איין אָט די נאַרישע יידן ציצית אין זייערע בגדים, שלאָגן צו מזוזות צו די טירן און טוען אָן תפילין אויף די קעפּ? מען האָט דאָך שוין פון לאַנג דערוויזן, אַז די אַלע מנהגים האָבן ניט קיין שום זין" (שאין לדברים האלו חלק בשכליות) [3].

---

1 „קובץ על יד", I, 51. דאָרט איז אויך אָפּגעדרוקט לאַטיפס ענטפער. אינטערעסאַנט זיינען אויך די סברות, וואָס ס'האָט מכוח דעם אַרויסגעזאָגט דער הייסער מיימוניסט, דער פּאָלעמישער פּאַרפאַסער פון דער סאַטירע „עלילת דברים" („אוצר נחמד", V, 207).

2 „כרם חמד", VIII, 195 - 199; „מנחת קנאות", 104, 106, 153.

3 „מנחת קנאות", 94.

„גראָבע יונגאַטשעס (נערים הדיוטים) — קלאָגט זיך אַן אַנדער שריפטשטעלער פון יענער צייט — זיינען קופצים בראש, זיי טרעטן אַרויס אויף אַסיפות און עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, ריידן מיט גדלות וועגן פילאָזאָפישע ענינים, בכדי אויסצונעמען ביי עמי־הארצים און אומוויסנדיקע פרויען" [1]. „עס איז גרויס די געפאַר—וואָרנט קרעסקאַס־ווידאַל אויס מאַרסעיל — אַז אָט דורך די פילאָזאָפירנדיקע יונגען (הנערים המתחכמים) וועט די גאַנצע ערד זיך באַדעקן מיט אפיקורסות און די תורה וועט ווערן צו שפּאָט און געלעכטער".

און דאָס, פאַר וואָס זיי האָבן מורא געהאַט, איז טאַקע טיילווייז מקויים געוואָרן. אָט דאָס קריטיש־קאַלטע פאַרהאַלטן זיך צו אמונה־זאַכן אין די אַזוי־גערופענע געבילדעטע קרייזן האָט געבראַכט צו זייער טרויעריקע געשעענישן: די שמד האָט אָנגעהויבן מוראדיק צו וואַקסן. עס איז דאָך געווען „נים על־פּי שכל" צו ליידן און אויסשטיין נסיונות צוליב דער אמונה, וואָס זי האָט דאָך ניט קיין זעלבשטענדיקן ווערט. און בכדי אויך עטיש צו פאַרענטפערן די אַפּטרינניקייט פונם אייגענעם קיבוץ און פון דער ירושה פון די אָבות, איז מען געוואָרן פאַטאַליסטן און מען האָט אָנגעוויזן, אַז אַלץ איז דאָך מן השמים, דעם מענטשנס מזל און זיין טאָן באַשטימען דאָך די שטערן מיט די גלגלים, און קעגן זייער גזר איז דעם מענטשנס ווילן מאַכטלאָז. אייניקע פון די דאָזיקע משומדים־פאַטאַליסטן, ווי צום ביישפּיל דער באַקאַנטער רענעגאַט אבנר אויס בורגאָס [2], זיינען דערנאָך געוואָרן פאַרביסענע שונאי ישראל און שטאַרק גערודפט זייערע געוועזענע ברידער.

עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס אין די אָרטאָדאָקסישע קרייזן איז אַלץ געוואַקסן די מורא און די באַאומרויִקונג פאַרן קיום היהדות, און מען האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן מיטלען, ווי אַזוי צו שיצן די אמונה פאַר די „אַפּיקורסישע" אידעען פון די פרייִדענקענדיקע ראַציאָנאַליסטן.

ווידער אַמאָל ווי מיט 70 יאָר צוריק האָט אויפסניי אויסגעבראָכן דער קאַמף קעגן די ראַציאָנאַליסטן, און אויך דאָס מאָל האָט דער קאַמף צום ערשטן זיך אָנגעפאַנגען אין מאָנפּעליע, דעם וויכטיקסטן יידישן קיבוץ אין לאַנגעדאָק. ווי דעמאָלט שלמה בן אברהם מהור, איז דאָס מאָל אַרויסגעטראָטן אַן אַנדערער פייערדיקער פאַנאַטיקער מיט אַ שטאַרקער קאַמפּף־נאַטור, אַבא מארי בן משה ירחי, וואָס האָט אויך געטראָגן אַ פּראָ־

---

[1] יוסף כספי, „חצוצרות כסף", 104.

[2] געבוירן אין 1270, געשטאָרבן אין 1346.

וואנסאלישן נאָמען, דאָן אסטרוק דע לונעל [1]. אבא מארי האָט געהאַט געוויסע ידיעות אין די פילאָזאָפישע וויסנשאַפטן, האָט זיך פארהאַלטן מיט גרויס רעספּעקט צום רמב"ם און זיין „מורה" [2]. אַריסטו האָט ביי אים געגאָלטן אַלס „דער גאָטזוכער ביי די אומות העולם", וואָס איז גע־גאַנגען אויף דעם זעלבן דרך „ווי אברהם אבינו בשעתו", און מיט זיין אייגענעם שכל דערגאַנגען צום באַגריף וועגן דער איין-איינציקער אומ־ענדלעכער גאָטהייט, וואָס איז פריי פון וועלכער־ס'איז גשמיות [3]. ווייל, שטרייכט אונטער אבא מארי, דעם דאָזיקן גרויסן דענקער זיינען אָבער געבליבן אומבאַקאַנט די אַנטפּלעקונגען פון אונזער געטלעכער תורה, האָט ער מיט זיין אייגענעם שכל ניט געקאָנט דערגיין צו די צוויי הויפּט־יסודות פון דער יידישער אמונה: 1) די באַשאַפונג פון דער וועלט אַלס יש מאין דורך גאָטס פרייען ווילן און 2) השגחה מן השמים. די יידישע ראַציאָנאַליסטן אָבער, טענהט אבא מארי, בעת זיי פליסן זיך אויסצו־טייטשן דעם פשט פון דער תורה לויט אַריסטוס שיטה, לייקענען דערמיט אין דער ירושה פון זייערע אבות, און גראָבן אונטער די יסודות פון דער יידישער אמונה; זיי זיינען כופר אין די וויכטיקסטע עיקרים: אין תורה מן השמים, אין בריאת העולם און אין גאָטס השגחה. אויסגעשלאָסן דאַרפן אַזוינע ווערן פון מחנה ישראל (לא יהיה לו לא נין ולא נכד בישראל) [4].

„איך — רופט אויס, דער דאָזיקער פאַנאַטישער קנאי — דערקלער אַ אומבאַרחמנותדיקן קאַמף די אַלע, וואָס גראָבן אונטער די יסודות פונם דת און פּאָרוויסטן די פרוכטבאַרע פעלדער פון דער אמונה. כל־זמן איך לעב, וועל איך מיט אַלע מיינע קרעפטן, מיט דער מאַכט פון מיין וואָרט און מיין פעדער, פירן דעם פאַרביטערטסטן קאַמף קעגן די וואָס ווילן פון דער פרעמד געבראַכטע אידעען מאַכן געוועלטיקן איבער אונזער

---

[1] געבוירן בערך אין יאָר 1250. באריכות העגן אים זע גראָס'ס אַרבעט: Notice sur Abba Mari de Lunel, Rev. d. et. juives, IV, 200.

[2] זע זיין פאָררעדע צו „מנחת קנאות", קאַפּ' 6 און אויך זיין „הירח", קאַפּ' 8—10 (זע 127—128).

[3] „מנחת קנאות", 15: כי „הביא ראיות על מציאות האל יתברך ואחדותו והיותו בלתי גשם ולא ישיגהו הפעלות ושינוי".

[4] „מנחת קנאות", 15. אבא מארי חייזט דערביי אָן אויף דריי הויפּט-מאָמענטן אין אַריסטוס שיטה (לויט דער אויספאַסונג פון אבן-רשדס שולע), וועלכע זיינען לחלוטין סותר די יסודות פון דער יידישער אמונה: א) אַז די וועלט איז אַ קדמון, ב) אַז ניט גאָט איז דער מנהיג העולם, נאָר די גלגלים זיינען משפיע אויפן סדר פון דער וועלט. ג) אַז עס איז ניט פאַראַן קיין השארת הנפש פאַרן יחיד, און דערמיט ווערט אויך אָפּגעלייקנט די לערע פון שכר ועונש.

הייליקער תורה. טריט ביי טריט וועל איך מוטיק גיין מיין וועג, מיך וועלן ניט אפשרעקן ניט די ווילדע געשרייען פון די צערייצטע חיות, ניט די שארפע נעגל פון די בייזע רויב־פייגל. איך וועל ניט אריינלייגן די שווערד אין איר שייד ביז איך וועל ניט ריין מאכן גאנצן הייליקן היכל[1].

אבא מארי אליין איז אבער ניט געווען געגוג מפורסם אין די יידישע קהילות, און זיין ארויסטריט וואלט ניט געמאכט קיין באזונדערן רושם, האט ער זיך דערפאר געווענדט צום בארימטן בארצעלאנער רב, ר' שלמה בן אדרת (רשב"א), וואס איז געווען שטארק אנגענומען ניט נאר ביי די יידישע קהילות, נאר אויך ביי דער רעגירונג[2], יענער זאל אים באהיל־פיק זיין אין דעם גאטספארכטיקן קאמף. ר' שלמה בן אברהם אבן אדרת איז געווען א גאון בישראל. דעם רמב"נס און יונה גירונדיס א תלמיד, האט ער דערהויבן דעם גלאנץ פון רבנות אין שפאניע צו דער העכסטער מדרגה. פון די ווייטסטע לענדער פלעגט מען זיך צו אים ווענדן מיט שאלות און דין־תורות, און צו זיינע פסקים און החלטות האט מען זיך באצויגן מיטן גרעסטן רעספעקט בכל תפוצות ישראל[3]. דער שארפזיני־קער פילפול פון די בעלי־התוספות, וועלכן דער רמב"ן האט געמאכט אזוי פאפולער אין שפאניע, האט דערגרייכט זיין העכסטן גלאנץ ביים רמב"נס בארימטן תלמיד. דעם רשב"אס „חידושים" צו פיל מסכתות זיינען ניט נאר א דענקמאל פון גרויסער בקיאות, נאר אויך פון גלענצנדיקער דיא־לעקטישער קונסט. ווונדערלעכע חריפות פון זיין שארפן אנאליטישן שכל באווייזט אויך דער רשב"א אין זיין קאמפענדיום פון דיני איסור־והיתר „תורת הבית"[4]. אונטער דער השפעה פון זיין רבין, דעם רמב"ן, האט אויך דער רשב"א זייער געהאלטן פון קבלה, דערביי האט ער אויך געהאט געוויסע ידיעות אין „חכמות חיצוניות", און מיט שטאלץ דערקלערט ער

---

[1] פארערע צום „הירח" („מנחת קנאות", 122).

[2] זע: Jean Regne, Catalogue des act etc., נומ' 1056, 1181, 1597.

[3] דעם רשב"אס שו"ת (איבער 3 טויזנט) זיינען פארעפנטלעכט אין זיבן בענד.

[4] קעגן דעם „תורת הבית" איז ארויסגעטראטן דעם רשב"אס בן־עיר, דער רב אהרן הלוי, מיט זיין ווערק „בדק הבית". דער רשב"א האט גלייך אפגעענטפערט מיט זיין „משמרת הבית" (באריכות וועגן דעם זע: „דור דור ודורשיו", V, קאפ' 3. מער וועגן דעם רשב"אס קעגנער, ר' אהרן, זע Les rabins fr., 523—28). ווי זיין רבי דער רמב"ן, אזוי האט אויך דער רשב"א געפירט פאלעמיק מיט די קעגנער פון דער יידישער אמונה. ער האט אפגעענטפערט מיט אן אפאלאגעטישער שריפט אויף דעם פיינדלעכן אדויספרים פון דעם בארצעלאנער טאנאך רייטאנד מארטין, קעגן דעם יידנטום. נאך שארפער איז דער רשב"א ארויסגעטראטן קעגן א מוסלמענישן פריידענקער אבמאס אבן כאזם (די דאזיקע רשב"אס פאלעמישע שריפט האט פערלעס פארעפנטלעכט אין 1863).

זייגע קעגנער: „איר מיינט אלץ, אז פרעמד זייגען מיר די אלע חכמות. איר האט אבער א טעות, איך בין אויך א שטיקל בקי אין די דאזיקע וויסנשאפטן, און ווייס ווי זיי צו שעצן" [1]. ער באציט זיך מיטן גרעסטן רעספעקט צום רמב״ם, ציטירט גאנץ אפט זיין „מורה", ברענגט אויך אין זיינע שו״ת ניט זעלטן ראיות פון די נאטורוויסנשאפטן. ער האלט אבער פאר נייטיק שטענדיק אונטערצושטרייכן, אז פילאזאפיש וויסן און תורה מן השמים — זייגען צוויי דיאמעטראל פארשיידענע ענינים, און מען קאן זיי ניט צונויפמישן אין איינעם (אי אפשר להתקבץ שני הפכים יחד בזמן אחד). פילאזאפיע און נאטורוויסנשאפטן, ווייזט אן דער רשב״א, רעכענען זיך אויסשליסלעך מיט די ראיות פונם שכל, און מיט פעסט־געזעצטע געזעצן. דא געוועלטיקט די הארטע אומברחמנותדיקע נויטווענ־דיקייט, די אייזערנע קייט פון סיבות און פועל־יוצאס. דא — אין דער ממשלה פון דער שטרענגער געזעצמעסיקייט, איז ניטא קיין ארט פאר ניסים און מופתים, וואס זייגען מורד אין די פעסטגעזעצטע נאטורגעזעצן און כללים פון לאגיק. דער גלויבן אבער, וואס איז געגעבן געווארן דורך דער התגלות — דאס איז דאך די אנטפלעקונג פונם געטלעכן ווונ־דער, דער גלויבן איז אומדערנקבאר אן ווונדער, דארט האבן ניט קיין שליטה די קאלטע, מעכאניש-אויטאמאטישע נאטור־געזעצן. „מען קאן ניט — זאגט דער רשב״א — באווייזן מיט לאגישע סברות אדער אויף דעם עקספערימענטאלן אופן דעם אמת פון די ווונדער, וואס ווערן אין דער תורה באשריבן, ווי פון א שטיין, למשל, קאן מען מיט א שטעקן מאכן וואסער פליסן. מיר גלויבן פעסט אין אלע ניסים פון דער תורה, יענע אבער, די ראציאנאליסטן, קאנען זיי ניט ערקלערן על־פי שכל מיט לא־גישע באווייזן; „זיי האלטן זיך אזוי קלוג אין זייערע אויגן, אונז אבער רעכענען זיי פאר נארישע אומפארשטענדיקע בהמות" [2].

צום רשב״א, ווי ס׳איז שוין פריער אנגעוויזן, האבן זיך נאך שלמה פטים ארויסטרעטן געווענדעט ביידע צדדים, ער זאל זיין דער פשרה־מאכער; איצט, אינם יאר 1303, האט זיך צו אים געווענדט אבא מארי מיט אן אויפרוף, אז ער אלס גדול בישראל זאל אנגורטן זיינע לענדן און ארויסטרעטן קעגן די „מקצצי בנטיעות".

„פול מיט נדלות און עזות — קלאגט זיך אבא מארי אין זיין ערשטן בריוו צום רשב״א — איז אונזער איצטיקער דור, מיט חוצפה קריטיקירט ער זיינע וועגווייזער און ראטגעבער... נארישקייטן יאגן זיי נאך, און

1 זע זיין בריוו צו יצחק דלפאש („מנחת קנאות", 97).

2 „מנחת קנאות", 40; שו״ת רשב״א, נומ׳ 414.

דעם וויכטיקסטן קערן לאָזן זיי פאַלן [1]. זיי צעשטערן גאָטס בונד (הפרו ברית), פאַרמידע לערעס נעמען זיי אָן, און די אוצרות פון אונזער תורה טוען זיי פאַרטיליקן. פון דער בימה אַראָפּ האַלטן זיי גאָטלעסטערלעכע דרשות. זייער באַשעפטיקונג איז נאָר פיזיק און לאָגיק; אבן רשדס ווערק און אַריסטוס אַ מאמר איז ביי זיי טייערער פון אַלץ, זייער גאַנץ טראַכטן איז נאָר וועגן אַסטראָלאָגיע, וועגן דער געשטאַלט פון די שטערן און די לאַגע פון די מזלות [2].

אין זיין צווייטן בריוו צום רשב"א שטרייכט אבא מארי אונטער, אַז ער איז כלל ניט קיין קעגנער פון דער גריכיש־אַראַבישער פילאָזאָפיע און פון נאַטורוויסנשאַפטן, און ער ווייס אויך ווי זיי צו שעצן; ער זעט נאָר אַ גרויסע געפאַר אין דעם, וואָס די ראַציאָנאַליסטן ווילן די תורה אונ־טערטעניק מאַכן דער פילאָזאָפיע, און ברענגען דערצו, אַז דעת מענטשנס שכל זאָל זיך אונטערשטיין צו הערשן איבער דער געטלעכער אַנטפּלעקונג. די וואָס דערלויבן זיך אַרויסזאָגן אַזעלכע אפיקורסישע געדאַנקען — רופט אויס מיט כעס אבא מארי — זיינען ווערט, מען זאָל זיי אויסראָטן, פאַרטיליקן און פאַרברענען (השחת, שרף וכלה) [3].

ער ווענדט זיך דערפאַר צום רשב"א, יענער זאָל אַרויסטרעטן בחרם ובשמתא קעגן אַלע די, וואָס דערלויבן זיך אויסצוטייטשן די תורה אויף אַן אַלעגאָרישן אופן. דער רשב"א האָט אין זיין ענטפער דערקלערט, אַז ער איז פולשטענדיק מסכים מיט אבא מארין; נאָר ווייל ער, דער רשב"א,

---

[1] פערלעס ברענגט אין זיין דייטשער מאָנאָגראַפיע וועגן דעם רשב"א (ז' 18) די דאָזיקע שטעלע אין אַ פאַרגרייזט'ער איבערזעצונג, ווייל דער דאָזיקער פאָרשער האָט במחילה אַ טעות געהאַט, און אָנשטאָט „תְּפִלּוֹת" (נאַרישקייטן) האָט ער געלייענט „תְּפִלּוֹת" (געבעטן).

[2] „מנחת קנאות", 20.

[3] דאָרטן, בריוו נומ' 5. די אַלע בריוו און אויפרופן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דעם דאָזיקן קאַמף, האָט אויפן ווונטש פונעם רשב"א (זע „מנחת קנאות", 138, 140) צונויפגעזאַמלט אבא מארי אין אַ ספּעציעל בוך „מנחת קנאות". דאָס דאָזיקע זאַמלבוך טראָגט אפילו אַ ביסל אַ איינזייטיקן כאַראַקטער, ווייל אבא מארי האָט ניט אַלע בריוו פון די קעגנער געהאַלטן פאַר נייטיק אייננצושליסן אין דער זאַמלונג, דאָך האָט דער „מנחת קנאות" אַ באַדייטנדיקן קולטור־היסטאָרישן אינטערעס, ווייל ער גיט אַ בולט בילד פון דעם אידעענקאַמף, וואָס האָט זיך געפירט מיט אַזאַ עקשנות אין שפּאַניע און אין דער פּראָווענס אין דער התחלה פונעם XIV יאָרהונדערט. דער מאַנוסקריפּט, נאָך וועלכן מרדכי ביסעליכעס האָט דעם „מנחת קנאות" צום ערשטן פאַרעפנטלעכט (1838), איז באַשטאַנען בלויז פון 104 בריוו. אין אַנדערע אָפּשריפטן איז די צאָל בריוו אַ גרעסערע. נייבויער האָט לויט אַן אַלטן פאַרמער מאַנוסקריפּט פאַרעפנטלעכט („לעטטערבאָדע", VI—IV) די אַלע בריוו, וואָס פעלן אין ביסעליכעס אויסגאַבע.

געפינט זיך גאנץ ווייט פון דער פּראָוואנס און ער איז ניט באַקאַנט מיט די דאָרטיקע צושטאנדן, האלט ער פאַר ניט פּאַסיק ארויסצוטרעטן דער ערשטער קעגן די אפּיקורסים פון מאָנפּעליע. ער לייגט דערפאַר פאָר, אבא־מארי זאָל אויפן אָרט אָרגאניזירן די אלע, וואָס זיינען גרייט צו קעמפן פון גאָטס נאָמען וועגן, און דאַן ערשט מיט אים זיך צונויפריידן, ווי אַזוי מלחמה צו פירן מיט די פריידענקער ראַציאָנאַליסטן [1]. אין דער זעלבער צייט האָט דער רשב״א זיך געווענדט צו זיינעם א באַקאַנטן אין דער פּראָוואנס, דאָן קרעסקאַס־ווידאַל אויס פּערפּיניאַן, און אים געבעטן, ער זאָל אים באַקענען מיט די קולטורעלע צושטאנדן אין דרום־פראנקרייך [2]. דאָן קרעסקאַס האָט ארויסגעזאָגט זיין פולשטענדיקע איינשטימיקייט מיט אבא־מארין, און האָט פון זיין זייט פאָרגעלייגט דעם רשב״א, ער זאָל ארויסגעבן א באַפעל, אַז ביז צו דרייסיק יאָר טאָר קיין יונגערמאַן זיך ניט פאַרנעמען ניט מיט פילאָזאָפיע און ניט מיט נאַטורוויסנשאַפטן [3].

אייניקע פון אבא מארים אָנהענגער האָבן אויך גענעבן צו וויסן דעם רשב״א, אַז דער ראש פון די ראַציאָנאַליסטן, ר' לוי, האלט זיך אויף ביים באַוווּסטן מעצענאַט שלמה סולמי אין פּערפּיניאַן. שלמה סולמי, וועלכן דער רשב״א האָט זייער גוט געקאַנט, איז געווען א גרויסער בקי אין דער תּלמודישער ליטעראַטור, און דער פרומער באַרצעלאָנער רב איז ממש דער־ציטערט געוואָרן ביי דער ידיעה, אַז אין הויז פון אזא אדם חשוב זאָל געפינען שוץ אזא געפערלעכער אפּיקורס ווי ר' לוי. די לערע פון אזא אפּיקורס, דערקלערט דער רשב״א, איז פיל געפערלעכער פון די פּאָלעמישע אָנפאַלן, וואָס מיר האָבן אויסצושטיין פון די אַנדערשגלויביקע. יענע טרעטן ארויס בלויז אַקעגן באַשטימטע עיקרים פון אונזער אמונה, ער אָבער און זיינע אָנהענגער — זיי לייקענען אינם גאַנצן דת און וואַרפן אַלץ אָפּ. גאָט איז מיין עדות, אַז מיר איז פיל ליבער א מושלמי איידער אזא אפּיקורס, וואָס האָט די העזה צו מאַכן פון אונזערע אבות בלויזע משלים און פילאָזאָפישע אַלעגאָריעס. דערמיט, וואָס זיי מאַכן פון אַלץ — לויטער רמזים, גראָבן זיי אונטער די יסודות פון דער תּורה, וואָרעם אויף אזא אופן קאָן מען דאָך אַלע מצוות און דינים דערקלערן אַלס פּשוטע אַלעגאָריעס, וואָס האָבן ניט קיין שום רעאַלן באַטייט. דערמיט גיבן זיי דאָך דאָס בעסטע געווער אין די הענט פון אונזערע קריסטלעכע קעגנער, וואָס טענהן דאָך אויך, אַז די דינים און מצוות פון דער תּורה זיינען בלויז

1 „מנחת קנאות", 21—22.

2 דאָרטן, 44—45.

3 דאָרטן, 48.

רמזים און סימבאָלן. די דאָזיקע לייט (לוי און זיינע אָנהענגער) גייען אָבער נאָך ווייטער: ניט נאָר זיי גראָבן אונטער די יסודות פון דער אמונה, זיי לייקענען בכלל אין וועלכן ס'איז דת (האנשים האלה כופרים בכל הדתות), און ווען עס דערוויסן זיך דערפון די אומות, צווישן וועלכע מיר וואוינען, וואָלטן זיי געוויס גלייך אָנגענומען קעגן אונז די שאַרפסטע מיטלען [1].

דער רשב"א האָט דערפאַר אָנגעשריבן אַ זייער בייזן בריוו צו שלמה סולמי [2] דערפאַר, וואָס ביי אים אין הויז האַלט זיך אויף אַזאַ אפיקורס ווי ר' לוי. גראָד אין דער צייט האָט אין סולמים פאַמיליע אַן אומגליק געטראָפן. סולמיס אַ יונגע טאָכטער איז געשטאָרבן. דער גאָטס־פאַרכטיקער פאָטער האָט אין דעם אַן עונש דערזען פאַר זיין „זינד", און דער אַלטער אָרעמער ר' לוי האָט געמוזט פאַרלאָזן זיין הויז [3].

סוף־כל־סוף האָט דער רשב"א, בכדי צו דערפילן דעם ווונטש פון אַבאַ מארי און זיינע אָנהענגער, באַשלאָסן אָנצונעמען קרעסקאַס־ווידאַלס פאָרשלאָג. באַלד האָט אַבאַ מארי באַקומען אויס באַרצעלאָנע אַ כתב געחתמעט פונם רשב"א, פון נאָך 14 רבנים און אויך פון די קהילה־פאַר־שטייער. אין דעם דאָזיקן כתב ווערט פאַרווערט בחרם ובשמתא צו פאַר־נעמען זיך מיט פילאָזאָפיע און אַנדערע וויסנשאַפטן, איידער מען ווערט אַ בן שלושים. נאָר די, וואָס זיינען שוין איבער 30 יאָר און זיינען גוט בקי אין תלמוד און זיינע מפרשים, זיי ווערט דערלויבט אַריינצוקוקן אויך אין די „ספרי היונים", ד"ה, אין וויסנשאַפטלעכע ביכער פון וועלט־לעכן אינהאַלט [4]. דאָך האָט דער פאָרזיכטיקער רשב"א באַפוילן אַבאַ מארין, ער זאָל דעם כתב ערשט דעמאָלסט עפנטלעך פאָרלייענען אין שול פאַר דער פערפיניאַנער קהילה, נאָכדעם ווי ער וועט זיך פאָרויס איבערצייגן, אַז מיט דעם אינהאַלט פונם כתב זיינען איינשטימיק די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון דער אָרטיקער קהילה [5].

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז ניט אַלע אָנגעזעענע פאַרשטייער פון דער קהילה אין מאָנפעליע זיינען געווען איינשטימיק מיט אַבאַ מארין.

---

1 דאַרמן, 51–52.

2 דאַרמן, בריוו 15.

3 דאַרמן, ז' 55.

4 דאַרמן, דער 20סטער בריוו.

5 דאַרמן, דער אָנפאַנג פונם 21סטן בריוו,

אין מאַנפּעליע האָט דעמאָלסט געלעבט אַ זייער חשובער מיטגליד פון דער פאַמיליע תיבון, שמואל אבן תיבונס אַן אייניקל, יעקב בן מכיר [1], אַ באַ־רימטער דאָקטער און אַסטראָנאָם, וואָס איז אַ שטיק צייט געווען דעקאַן פונם מעדיצינישן פאַקולטעט אין מאָנפּעליע. דאָס איז געווען אַ מאַן פון פילזייטיקן וויסן. זיינע אָריגינעלע אַסטראָנאָמישע ווערק, ווי, צ״ב, זיין באַקאַנטער „רבע ישראל״ (וועגן די קוואַדראַנטן און דעם אַסטראָליאַביום), אַזוי אויך זיינע לאַטיינישע איבערזעצונגען, פאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט אין דער געשיכטע פון אַסטראָנאָמיע אינם מיטלעלטער. זיינע אַרבעטן ציטירן מיט יראת־הכבוד אַזוינע געלערנטע ווי קאָפּערניק, ריינהאָלד און קלווידיוס [2]. בכדי צו פאַרשפּרייטן וויסנשאַפטלעכע ידיעות אין די ברייטע יידישע שיכטן, האָט ער איבערגעזעצט פון אַראַביש אויף העברעיִש פילע פילאָזאָפישע און וויסנשאַפטלעכע ווערק, צווישן זיי אויך אוקלידוסעס באַרימטע „עלעמענטן״ [3].

אַז יעקב בן מכיר האָט זיך באַקאַנט מיטן כתב פון די באַרצעלאָנער רבנים, האָט ער געבעטן אבא מאַרין, יענער זאָל אים ניט פאַרעפנטלעכן [4]. אבא מארי האָט אָבער ניט געפאָלגט, און אינם נאָענטסטן שבת (זומער 1304) איז דער כתב פאַרגעלייענט געוואָרן פאַרן גאַנצן עולם אין דער גרויסער שול. דאַן איז יעקב בן מכיר, צוזאַמען מיט זיין קרוב, יהודה בן משה תיבון, גלייך אַרויסגעטראָטן מיט אַ שאַרפן פּראָטעסט קעגן די „קנאים״, וואָס ווילן אונטערדריקן די פרייהייט פון פאָרשן און וויסן. די בני־תיבון איז געלונגען צוציען צו זיך פילע אָנגעזעענע מיטגלידער פון דער קהילה [5] און אויף אַזאַ אופן האָבן זיך געבילדעט צוויי צדדים, און

1 זיין פּראָווינסאַלער נאָמען איז געווען: דאָן פּראָפיאַט תיבון; ביי לאַטיינישע פאָרפאָסער הייסט ער: Profatius Judaeus; אין יידיש פלעגט ער זיך חתמענען: יעקב בן מכיר בן תבון הרהרי. געבוירן איז ער אין מאַרסעיל בערך 1236, געשטאָרבן נאָך 1312.

2 זע, ש. זאַקס אין „כרם חמד״, VIII, 196; רענאַן־נייבויער Les rabbins français, 603—623; שטיינשניידער, העבר. איבערז. 505, 607, 976 א״וו.

3 כאַראַקטעריסטיש זיינען פאָלגנדיקע שורות אין דער הקדמה צו דער דאָזיקער איבערזעצונג: „ומאשר כי חכמת השעור הוא יסוד לכל חכמות הלמודיות וזה הספר הוא יסוד ושרש והתחלה לכל שאר הספרים מזאת החכמה, נשאני לבי אני יעקב בן מכיר להעתיקו אל לשוננו ולהחזיר אבדה לבעלים, ולעשות לנו שם כשם הגדולים להסיר מעלינו חרפת הערלים האומרים כי מכל החכמות הננו משוללים״.

4 „מנחת קנאות״, בריוו 21.

5 דאָרט, בריוו 21—24.

עס איז אויסגעבראָכן אַ פאַרביטערטער קאַמף צווישן די אָנהענגער פון אבא מארי און פון די בני תיבון [1].

די קעגנערישע פאַרטיי בראש מיט יעקב בן מכיר און שמואל בן ראובן אויס בעזיע (בדרש) האָבן קודם-כל זיך געווענדט צום אָנגעזעענסטן פאַרשטייער פון די אָרטאָדאָקסן, דעם רשב״א, מיט אַ לאַנגן בריוו [2], אין וועלכן זיי פּליען זיך צו דערווייזן, אַז דאָס יידנטום איז קיין מאָל ניט געווען קיין פיינד פון וועלטלעכער בילדונג. נאָך אין דער ביבלישער צייט איז שלמה המלך געווען בקי אין אַלע חכמות, אויך די בעלי־המשנה והתלמוד האָבן געהאַט גרויסע ידיעות אין פאַרשיידענע בראַנזשעס פון וויסן. ווייטער ווערט אין דעם בריוו אָנגעוויזן, אַז דער פאַרבאָט צו פאַר־נעמען זיך מיט אַלגעמיינעם וויסן ביז צו דרייסיק יאָר וועט פאַקטיש ברענגען דערצו, אַז די קומענדיקע דורות וועלן בלייבן גראָב און אומ־וויסנדיק, וואָרעם אַז מען לערנט ניט אין דער יוגנט, בלייבט מען אַן עם־הארץ אויפן גאַנצן לעבן (אם אין גדיים אין תישים). זיי ווענדן זיך דערפאַר צום רשב״א און זיינע אָנהענגער מיט דער בקשה „צוריק אַריינ־לייגן די שווערד אין איר שייד“ און ניט פאַרשפרייטן קיין מחלוקת אין יעקבס הויז.

צווישן די, וואָס האָבן זיך געחתמעט אונטער דעם דאָזיקן בריוו, איז געווען דעם רשב״אס אַן אַלטער פריינד און פאַרערער, שלמה בן יצחק אויס לונעל. אים האָט דער רשב״א געענטפערט אין אַ ספּעציעלן, זייער אינטערעסאַנטן בריוו, אין וועלכן עס שפּיגלט זיך צום בולטסטן אָפּ דעם רשב״אס פערזענלעכקייט. אָפן און באַשטימט דערקלערט ער, אַז ער קאָן ניט דערפילן זייער ווונטש „אַריינלייגן די שווערד אין איר שייד“, ווייל עס האַנדלט זיך דאָך ניט אום פערזענלעכע פניות, ער קעמפט פאַר כבוד התורה, און דאָרט, ווו די אמונה איז אין געפאַר — „פעסט שטיי איך אויף דער וואַך, און קיין שום געפאַר קאָן מיך ניט אָפּשרעקן“ [3].

---

[1] אין דעם דאָזיקן אידעען־קאַמף האָבן אויך מיטגעווירקט געוויסע פערזענלעכע מאָטיוון. דער רשב״א און אבא מארים אָנהענגער זיינען אַרויסגעטראָטן מיט זייער שאַרפע אויסדרוקן קעגן דעם בעל „מלמד התלמידים“ און יענעמס שווער, דער פריידענקער און „מורה־נבוכים“־איבערזעצער, שמואל אבן תיבון. די בני תיבון פון מאָנפּעליע האָבן אין דעם דערזען אַ פּחיתות הכבוד פאַר זייער גאַנצער פאַמיליע.

[2] „מנחת קנאות“, 24טער בריוו. דער רשב״א האָט אָפּגעענטפערט ביידע זיינע הויפּט־קעגנער (יעקב בן מכיר און שמואל אויס בעזיע) צוזאַמען. (דער בריוו איז פאַר־עפנטלעכט אין „לעטטערבאָדע“, IV, 130). שמואל בן ראובן האָט זיך באַלד דערהיי־טערט פון דער בני־תיבון־פאַרטיי און האָט חרטה געהאַט אויף דעם, וואָס ער האָט געגעבן זיין חתימה אונטער דעם אויבנציטירטן בריוו (זע „מנחת קנאות“, 89—93).

[3] „מנחת קנאות“, 30סטער בריוו.

צו דער זעלבער צייט, ווי עס שיינט, האָט דער רשב"א געשיקט קיין מאָנפעליע זיין קורצן בריוו [1], אין וועלכן ער טרעט אזוי שארף ארויס קעגן יעקב אנאטאָלי און זיין „מלמד התלמידים". דער דאָזיקער „אלטער מלך" [2], קלאָגט זיך דער רשב"א, קינינט איבער פילע פון אונזער פאָלק; ער איז די צירונג פון זייערע הערצער, די קרוין פון זייערע קעפּ. זיין בוך איז אָבער ניט דער שטעקן פון שטיצע, נאָר דער שטעקן פון שטראָף [3]. מיר האָבן דערפאַר מיטן הסכם פון אונזערע חכמים און קהילה־פאַר־שטייער פארטריבן דאָס דאָזיקע בוך אוים אונזער מדינה, ווייל זיינע בלעטער זיינען פול מיט גערדאַנקען בּיטערע ווי גאַל און ווי ליאַנ. מיר האָבן אָבער געהערט, אז ביי אייך איז דאָס ווערק זייער באַליבט און גע־שעצט, אַלע סדרות פון דער תורה פארטייטשט איר לויט זיין פּירוש, מיר אָבער געפינען אין אים ניט קיין סדר, נאָר פינסטערניש און גרוים פלאָנ־טער [4].

כאַראַקטעריסטיש איז שלמה בן יצחקס ענטפער אויף רשב"אם בריוו [5]. ער ווענדט זיך צו אים מיט גרוים יראת־הכבוד, רופט אים „מלאך אלהים", אָב בתורה, אב בחכמה, אב בחסידות", דאָך מאכט ער אים דעם פאָרוואורף, פארוואָס ער האָט זיך געלאָזט פארפירן דורך דעם „פאלשן אחיתופל" (ד"ה דורך אבא מארין), און איז ארויסגעטראָטן מיט אזא צאָרן קעגן די פּראָוואַנסאַלער קהילות. „מיר האָבן געהערט, אז דו האָסט זיך אפילו אויף אונז געקלאָגט פאר די פראַנצויזישע רבנים, די דאָזיקע פאר־ביסענע שונאים פון פילאָזאָפיע און וויסנשאפטן, וואָס ווילן פון גאָרנישט וויסן, נאָר פון לערנען תורה. דו ביסט אונז מבזה אין דיינע בריוו, דער־קלערסט אונז פאר אָפּטריניקעס, מאכסט אונז פאר דינער פון אלע מיני אָפּגעטער און עבודות־זרות. דיינע שארפע אָנפאַלן אויפן בעל „מלמד התלמידים", שרייבט ווייטער שלומה דלוניל, האָבן דאָ אַלעמען שטארק אויפגערעגט, בפרט זיינע קרובים און אייניקלעך, און אלס פּראָטעסט לייע־

---

1 דאָרטן, נומ' 9.

2 נייבויער און גראָס האָבן אַ טעות, בעת זיי מיינען, אַז אונטער „המלך הזקן" מיינט דער רשב"א שמואל אבן תיבון.

3 דאָס וואָרט „מלמד" באַטייט דעם שטאַנג פונם יאָך, אין וועלכן די אָקסן ווערן איינגעשפּאַנט.

4 אינם אָריגינאַל אַן אומאיבערזעצלעכער וואָרט־שפּיל: „וכל הסדרים דורשים באותם הדברים, והנם בעינינו צלמות ולא סדרים".

5 אין „מנחת קנאות" פעלט דער דאָזיקער בריוו. אבא מארי האָט אים אונטער די הענט ניט געהאַט (התשובה שהשיב ר' שלמה דלוניל נתעלמה ממני, דאָרטן, 78). אים האָט נייבויער אָפּגעדרוקט אין „לעטטערבלאַטט", IV, 123–125.

נען זיי פאר יערן שבת פון מיטן טאג ביז מנחה די קלוגע רייד אוים דעם „מלמד התלמידים" און דער רוב פון דער קהילה הערט אויפמערקזאם צו. שטיל און רויק איז געווען אין אונזער מחנה, און דו, פאלגנדיק דעם אינטריגאנט (בודה), האסטו געשטערט דעם פרידן און אנגערייצט ברידער קעגן ברידער.

צו דער זעלבער צייט האט די בני תיבונס פארטיי אװעקגעשיקט א כתב קיין בארצעלאנע צו די דארטיקע רבנים און ראשי הקהילה [1]. וואס פאר א זין האט דער חרם? — פרעגן די קעגנער — צי איז א יושר, אז מחמת איינצלנע פורצי גדר, וואס גייען אין פאלשע דרכים, זאלן טויזנטער אומשולדיקע ליידן, און איר ווילט דערפאר פאר דער יוגנט די קוואלן פון וויסן פארשליסן? צי האט איר ווען געהערט, אז צוליב איין נארישן שיכור זאל מען פארבאטן ווייך צו געניסן? צי קאן דאס ליכט פון וויסן זיין א סכנה פאר אונזער תורה? ביי אונז גלויבט אין דעם קיינער ניט, חוץ אייניקע בלינדע פאנאטיקער, וואס קאנען אוים קליינלעכער סנאה ניט מוחל זיין די געבילדעטע מענער זייער חכמה און וויסן. ווי קאנען זיי, אמ די פארפינסטערטע, משיג זיין, וואס הייסט גוט און וואס הייסט שלעכט? און איר האט זיך געלאזט פארפירן דורך דעם, פון וועלכן אפילו אייגענע און נאענטע האבן זיך דערווייטערט דערפאר, וואס ער בארעדט און טראגט רכילות אויף זיין אייגענער קהילה. אונזערע רבנים און חכמים האלט איר פאר קליין און נישטיק, און פון א פרעמד לאנד קומט איר צו אונז מיט אייערע חרמות. פארגעסט אבער ניט, אז נאך פיל פריער, איידער איר זייט מיט אייער חרם ארויסגעטראטן, האט דער ראש הגולה, דער נשיא פון דמשק, ישי בן חזקיה, ארויסגעגעבן א באפעל, אז קיינער זאל זיך ניט דערוועגן וועמען ס'איז פארבאטן צו לערנען דעם רמב"מס ספרים, בפרט זיין „מורה" [2]. איז דען אבער מעגלעך דאס דאזיקע טיפע ווערק צו שטודירן אן ברייטע ידיעות אין פילאזאפיע און נאטורוויסנשאפטן? ווי קאן מען עס פאדערן, אז דער מענטש זאל בלינד זיך האלטן אין די אנגענומענע מנהגים, מקיים זיין די מצוות און געבאטן, און זאל ניט טארן זיי לאגיש באגרינדן? מיט וואס פאר א רעכט קאן מען עס ארויפלייגן קייטן אויף דעם מענטשנס פרייען געדאנק, ער זאל ניט קאנען אויספארשן די טיפע חכמה פון דעם באשעפערס מעשים און ווערק?

[1] פארעפנטלעכט דורך נייבויער אין „לעטטערבאָדע", IV, 169—173. אונטער דעם כתב געפינען זיך פאלגנדיקע חתימות: יצחק בר אברהם בר יעקב אויניון, שלמה בר משה בר' מרדכי, יהודה בר' משה בר יצחק, שלמה בר יוסף למרשילה, שאול בר' שלמה ורבים.

[2] זע פריער, ז' 77.

„על כן זייט ווײסן, דערקלערן זיי ווייטער, אז מיר אין אונזער קהילה, אין הסכם מיט אונזערע חכמים, האָבן באַשלאָסן „באָלה ובחרם גמור", אז קיינער פון אונז זאָל זיך ניט דערוועגן צו פאַרבאָטן שטודירן דעם רמב"מס וואָסער ס'איז ווערק אָדער אַנדערע וויסנשאַפטלעכע ספרים [1].

„עס זיינען שוין ניט איין מאָל — דערקלערן מיט שטאָלץ די בני תיבון — פאָרגעקומען מחלוקות און קריגערייען וועגן דער זעלבער פראַגע, און יעדעס מאָל זיינען געוואָרן צו אש און צו שטויב אַלע החלטות פון די, וואָס האָבן געקעמפט קעגן אמת און חכמה, און די דאָזיקע ווערק, וואָס זיי האָבן גערודפט, די ווערק פון וויסן און קולטור — זייער גלאַנץ איז געבליבן ניט געמינערט, און זיי וועלן אויך לייכטן פאַר די קומענ־דיקע דורות".

דער רשב"א האָט גלייך געענטפערט שלמהן אויס לונעל [2], און צוזאַמען מיט די רבנים אויס באַרצעלאָנע [3] האָט ער אויך געשיקט אַ בריוו צו די פאַרשטייער פון דער קהילה אין מאָנפעליע [4]. קודם־כל פראָטעסטירט דער רשב"א קעגן דער באַשולדיקונג, אז ער האָט זיך גע־לאָזט פאַרפירן דורך איינעם, וואָס האָט אויס פערזענלעכע פניות אים ניט ריכטיק אינפאָרמירט און אים איבערגעגעבן פאַלשע ידיעות. „ניין — דער־קלערט דער רשב"א — איר האָט אַ טעות, ניט קיין יחיד, נאָר גאַנצע קהילות, הונדערטער אָנגעזעענע מענטשן האָבן זיך צו מיר געווענדט, און דאָס ניט בסוד, נאָר אָפן, מיט זייערע פולע חתימות. שוין דריי יאָר, אז זיי טענהן איבער מיר: איך טאָר ניט שווייגן און דאַרף אַרויסטרעטן מיטן געווער אין דער האַנט" [5].

„איר האָט אויף אונז פאַריבל — שרייבט ווייטער דער רשב"א — פאַרוואָס מיר, מענטשן פון דער פרעמד, אונטערשטייען זיך צו מישן אין אייערע ענינים, אייך זאָגן דעות און נאָך שרעקן מיט חרמות און

1 דאַרמן, 172: „והעמדנו עלינו גדר באָלָה ובחרם גמור לבלתי יקבל אדם על עצמו קבלה, למנע לקרוא בספר מספרי רבנו משה ז"ל עד זמן קצוב וכן מספרי שבע חכמות ישבעו בנים נעימות".

2 „לעטטערבאָדע", IV, 125—31.

3 דאַרמן, V, 53—57.

4 חוץ דעם רשב"א, זיינען געחתמעט 9 רבנים, נאָר צווישן זיי בלויז פיר, וואָס זיינען אויך געווען געחתמעט אונטער דעם כתב מיטן חרם.

5 דאַרמן, IV, 126: „וזה באמת מעיד כי נעלמו ממך כתבי קהלות רבות חתומים בהם כמה נכבדי ארץ אשר נקבו בשמות מובהקין... יתלמני כהולם פעם לא יום אחד ולא יומים רק פעם אחר פעם לאמר: שא נא כליך קשתך ותליך צא הלחם... וזה כמשלש שנים".

איסורים. איר האָט אָבער אַ טעות. אונזער כתב, וואָס מיר האָבן אייך געשיקט, איז בלויז אַ מעלדונג, אַז מיר, בכדי אונזערע קינדער צו פאַרהיטן פאַר דער צרעת פון אַפּיקורסות, האָבן אָנגענומען די החלטה, אַז פון היינט אָן זאָל מען ביי א ו נ ז, אין א ו נ ז ע ר מדינה ניט טאָרן ביז צו דרייסיק יאָר זיך פאַרנעמען מיט פילאָזאָפיע און נאַטורוויסנ־שאַפטן. דאָס רעדט זיך אָבער בלויז וועגן א ו נ ז ע ר ע קינדער, ניט וועגן אייערע. א י י ך באַפעלן מיר ניט, מיר לייגן בלויז פאָר אָנצונעמען אויך ביי אייך די אייגענע החלטה, און איר זייט וויליק צו טאָן ווי איר פאַר־שטייט".

שטאַרק באַליידיקט האָט אויך דעם רשב"א דער טאָן פון ביטול, מיט וועלכן שלמה בן יצחק רעדט אין זיין בריוו וועגן די רבני צרפת. ניין, דערקלערט דער רשב"א, איך האָב זיי קיין בריוו ניט געשריבן, וואָרעם זייערע קינדער זיינען אויסער יעדער געפאַר, דאָרט איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן, אַז צוליב דער גריכישער פילאָזאָפיע וועט מען אין דער הייליקער תורה פאַרגעסן און זי „פאַרשטופּן אין אַ פאַרבאָרגענעם ווינקל" (ותהיה התורה מונחת בקרן זוית). אָבער, פרעגט פאַרביטערט דער רשב"א, ווי געשיקט זיך דער פאַראַכטלעכער טאָן, וועלכן די דערלויבסט זיך בנוגע די גאוני צרפת? מיט גרויס רעספּעקט בויג איך מיך קעגן די צדיקים פון צרפת, וואָס זיי האָבן געגעבן אַזוינע גאונים, ווי רש"י און רבנו־תם, און האָבן אַלע מיט מסירת־נפש זייער גאַנץ לעבן פאַרבראַכט באהלה של תורה. זינט מיינע יונגע יאָרן בין איך פול מיטן גרעסטן יראת הכבוד צו די רבנים פון צרפת און פון אשכנז, און מיין איינציקער ווונטש איז — תהי אחריתי כמותם! זאָל מיין סוף זיין גלייך צו זייערן, זאָל איך האָבן די זכיה, אַז דאָרט, אויפן עולם אמת, זאָל מיין נשמה רוען צוזאַמען מיט זייערע נשמות. איר — שרייבט ווייטער דער רשב"א — נעמט זיך אָן פאַרן כבוד פונם רמב"ם און זיינע ווערק. ווער פון אונז האָט זיך דען דערוועגט אַרויסטרעטן קעגן דעם גרויסן גאון בישראל? מיר אַלע האַלטן אים פאַר אונזער רבין, און געניסן פון זיין תורה. איר האָט אַפילו פאַר נייטיק געהאַלטן מיר צו שיקן די החלטה פונם נשיא אויס דמשק. איר דאַרפט אָבער וויסן, אַז איך גופא בין אויך געווען אַ נוגע בדבר. צו מיר האָבן זיך דאַך דעמאָלט געווענדט ביידע צדדים, דער נשיא מיט די רבנים פון עכו פון איין זייט, און שלמה פטיט אָנהענגער פון דער אַנדערער, און איך האָב מיט גאָטס הילף צווישן ביידע צדדים שלום געמאַכט [1]. איך פאַרהאַלט זיך מיטן גרעסטן יראת הכבוד צום

[1] דאַרטן, 128: „כי בזמן המחלוקת אשר היה שם בעכו על דבר המורה בין הנגיד ועדתו ובין הרב ר' שלמה הקטן וסיעתו, הכל כאשר לכל שלחו אלי הנגיד

רמב"ם, זיין נאָמען ווערט שטאַרק געשעצט און געאַכפּערט אין אונזערע ישיבות, איך בין אויך פאַרבונדן מיט האַרציקער פריינדשאַפט צו זיינע אייניקלעך. אָבער האָט דען דער רמב"ם גופא יעדעס מאָל ניט אונטער־געשטראָכן, אַז זיין „מורה" האָט ער געשריבן נאָר פאַר יחידים, פאַר די, וואָס האָבן שוין גרויסע ידיעות אין אַלע צווייגן פון חכמת היהדות? איר אָבער זייט אַליין עובר קעגן זיין רצון, עובר דערמיט, וואָס איר גיט זיין ווערק אין די הענט פון יונגעלייט מיט נאָך ניט פעסטגעשטעלטע דעות, און זיי מוז אַזאַ ספר ברענגען לויטער שאָדן און קיין שום נוצן. און נאָך אַמאָל שטרייכט אונטער דער רשב"א ביים שלום פון זיין בריוו, אַז ער האָט געמוזט אַרויסטרעטן, ווייל ס'האָבן אים וועגן דעם געבעטן פילע קהילות, און ער קאָן ניט רויק שטיין פון וווייטן, בעת גאָטס לערע איז אין געפאַר.

אָבער ניט נאָר אין מאָנפּעליע אַליין האָט דער כתב פונם רשב"א און די איבעריקע באַרצעלאָנער רבנים אַרויסגערופן אַ שפּאַלטונג אין דער קהילה אויף צוויי פיינדלעכע צדדים. דאָס זעלבע איז אויך פאָרגעקומען אין באַרצעלאָנע גופא. וועגן דעם דערציילט אונז דאָס דורך נייבויערן פאַרעפנטלעכטע בינטל בריוו[1], וועלכע זיינען זייער רייך מיט אינטע־רעסאַנטע פּרטים, וואָס כאַראַקטעריזירן גאַנץ בולט די דעמאָלטיקע צו־שטאַנדן פונם אינווייניקסטן לעבנסשטייגער אין די ספרדישע קהילות[2].

איינער פון די 14 רבנים, וואָס האָבן אונטערגעשריבן דעם כרוז, אַז קיינער טאָר זיך ניט פאַרנעמען מיט פילאָזאָפיע איידער ער ווערט אַלט 30 יאָר — מכיר בר ששת — קלאָגט זיך אין זיין בריוו צו די פּראָוואַנסאַלער קהילות, אַז אין באַרצעלאָנע זיינען אַרויסגעטראָטן „ני־דערטרעכטיקע" מענטשן, מיט איינעם שמואל בר בנבנשתי בראש. זיי

---

* לוי ז"ל וחתימות הכל וכל הכת האחרת שלחו אלי כל כתביהם וראוני כתור האדם המעלה לדון על מעל הגולה, ואני כתבתי לנגידי ולרבני עכו כאשר היה עם לבבי וכן לאשר כנגדו אשר היו מוכנים לטרוף כלביא, וברוך השם אשר פשרתי ביניהם ועל ידי עלתה ארוכה למחלקותיהם".

1 „לעטטערבאָדע", IV, 160–173; V, 53–58.

2 איינער פון די דאָזיקע בריוו, וועלכן דער רשב"א האָט צעשיקט צו דער אַוויניאָנער קהילה (דאָרטן, V, 57–58), איז, ווי עס שיינט, געשריבן מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, ווייל דער רשב"א זאָגט דאָרט אַרויס זיין באַדויערן, וואָס אויך די קהילה פון אַוויניאָן איז געשלאָגן מיט דער פּלאָג פון מחלוקת און צעשפּאַלטונג, בעת די דאָזיקע קהילה דאַרף דאָך זיין דער שוץ פאַרן גאַנצן יידישן קיבוץ, ווייל אַוויניאָן איז דאָך די רעזידענץ־שטאָט פונם פּויפּסט (חצר המלך הגדול אדוננו האפּיור), ווייל דעם פּויפּסטס גלות אין אַוויניאָן האָט זיך אָנגעהויבן אין 1308 און דער רשב"א איז געשטאָרבן אין 1310, איז דער דאָזיקער בריוו געשריבן אין דעם משך צייט.

האָבן געהאַט די העזה צו לעסטערן און באַשפּאָטן דעם הייליקן נאָמען פונם מאור הגולה ר׳ שלמה בר יצחק (רש״י) און אויף אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג זײַנען זײַ שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן אייניקע רבנים און אנשים חשובים, וואָס האָבן דעם חרם אונטערגעשריבן. אַז די ראשי הקהל האָבן דעם רעדלפירער פון די מחרחרי ריב געוואָרנט, אַז זײַ וועלן אים אין חרם אַרײַנלייגן, האָט יענער גלײַך זיך געווענדט נאָך הילף צו דער אויסערלעכער מאַכט, און אים איז טאַקע געלונגען אַרויסבאַקומען אַ שוץ־בריוו פון דער קאַסטילישער מלכה, און בעת די ראשי הקהילה פון מאָנפּעליע האָבן באַשלאָסן אַרײַנוואַרפן דעם דאָזיקן „רשע״ אין חרם, האָט ער ווידער באַקומען אַ בריוו פון דער מלכה צום שר פון מאָנפּעליע מיט דעם באַפעל, יענער זאָל שטרענג פאַרבאָטן דער ייִדישער קהילה אָנ־נעמען וועלכע ס׳איז שטראָף־מיטלען קעגן בנבנשתי [1].

די פּראָוואַנסאַלע קהילות (לונעל, בעזיע און מאָנפּעליע) האָבן זיך גלײַך אָפּגערופן אויף מכיר בר ששתם בריוו. זײַ האָבן גוזר געווען, אַז דער „פורץ גדר״ שמואל בנבנשתי זאָל אַלס שטראָף פאַר זײַן שווערער זינד „אָפּריכטן גלות״, גײן צופוס פון באַרצעלאָנע ביז לונעל און אויפן גאַנצן וועג אין יעדער שטאָט זאָל מען אים פאַרן אָרטיקן רב אין די אויגן שלאָגן מלקות („גזרנו עליו גלות לכפר עונו מברצלונה עד בקעת ירחו ויהיה לוקה בכל עיר ועיר בפני הרב״). די „פושעים ומורדים״, וואָס האָבן צוזאַמען מיט דעם בנבנשתי געלעסטערט רש״ים נאָמען און פוגע בכבודו געווען קעגן זײַער אָנגעזעענע מענטשן פון דער קהילה, דאַרף מען אַרײַנלייגן אין חרם אויף אַ חודש צײַט. אין משך פון די פיר וואָכן דאַרף מען זײַ אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג שלאָגן מלקות און אין שול זאָלן זײַ זיצן אויף דער אבלים־באַנק, אָפּגעטיילט פון אַלעמען אַלס אויס־געשלאָסענע און פאַרשטויסענע פיר איילן ווײַט („על כלם כל עונם ישאו, וגזרנו עליהם נדוי שלשים יום ומלקות שני וחמישי ושני והנדוי יהיה נוהגים אותו בבית הכנסת לבוא בקר וערב לשבת במקום אבלים ברחוק ארבע אמות כנזופים ומנודים לשמים״).

דאָס מחלוקת האָט דערווײַל זיך אַלץ מער צעפלאַקערט. בײדע

---

[1] דאָרטן, IV, 163: „שמואל בר בנבשתי שמו ימח כאשר נודע לכם איך הקדיח הבשילו ולא נכחד מכם פעלו ורוע מעלליו כאשר ראיתם בעדות נאמנה בספר הגלוי החתום הצועק חמס עליו ועל רעהו צמות יצמת... ועתה הבליעל הזה עשה יעשה לו כנפים לרוץ אליכם בצואר גאוה אם יוכל לרדוף אתכם ממצבכם בפתע בכח חותמות גבירתנו המלכה אשר גנב את לבבה ויעש בעקבה לאמר כי עוותו עליו את הדין אנשי פרובינצה ובקש ממנה לבקש מזקני החר להסיר מעליו עולם ואם אין תצוה על פקידת פקיד החר להתירו מנידויו״.

צדדים האָבן געפירט אַ ברייטע אגיטאַציע, צעשיקט כרוזים אין פאַר־שיידענע קהילות [1]. אויס ארגענטיער, לונעל, אַוויניאָן, פערפּיניאַן און אַנדערע שטעט האָט דער רשב״א באַקומען בריוו מיט דער פאַרזיכערונג, אַז מען וועט איב שטיצן אין זיין „מלחמה לשם שמים״. אין נאַרבאָנע האָט אבא מארים צד געפונען אַ שטאַרקע שטיצע אין דעם ראש פון דער דאָרטיקער גרויסער קהילה, אינם נשיא קלונימוס בר טודרוס [2]. אַ ספּע־ציעלער קאָמיסאַר, יעקב בן יהודה, איז ווינטער 1304 אינם נאָמען פון אבא מארים פּאַרטיי אַרומגעפאָרן מיט אגיטאַציע־צוועקן איבער די פּראָ־וואַנסאַלער קהילות [3]. דאָך האָט דער רשב״א, נעמענדיק אין באַטראַכט דעם שטאַרקן ווידערשטאַנד פון די בני תיבון און זייער פּאַרטיי, באַ־שלאָסן זיך דערוויייל אָפּהאַלטן פון ווייטערע טריט, און ערשט דעמאָלט ענדגילטיק פאַרעפנטלעכן דעם ענדגילטיקן פאַרבאָט צו פאַרנעמען זיך מיט פילאָזאָפיע און נאַטורוויסנשאַפטן, ווען עס וועלן דערויף מסכים זיין נים ווייניקער ווי צוואַנציק קהילות.

אין דער זעלבער צייט האָט אָבער אבא מארים פּאַרטיי באַקומען אַ געוואַלטיקע שטיצע אין דער פּערזאָן פון דעם באַרימטן תלמודישן גע־לערנטן ר׳ אשר בן יחיאל (רא״ש), וועלכער איז ערשט אָנגעקומען קיין שפּאַניע פון דייטשלאַנד.

---

1 ווי בעת דער ערשטער מחלוקת, אַזוי האָבן אויך איצט די ראַציאָנאַליסטן און זייערע קעגנער זיך באַנוצט מיטן געווער פון פּאַמפלעטן און עפּיגראַמען. איינעם אַזאַ פּאַמפלעט אין גראַמען פון אבא מארים פּאַרטיי האָט י. לאַסט פאַרעפנטלעכט אין „עשרה כלי כסף״, II, 143—144.

2 דאָרטן, 121, 141.

3 טיפּיש מצד זיין סטיל איז יעקב בן יהודהס בריוו צום רשב״א („מנחת קנאות״, בריוו 53). ער איז געשריבן מיט אַזאַ געהויבענער מליצה, אַז עס איז פּשוט אוממעגלעך פון דעם ים פון קלינגענדיקע ווערטער און אָריענטאַלישע באַפּוצונגען ארויסבאַקומען דעם תוך.

# פינפטער קאַפּיטל.

המשך

די טראַגישע לאַגע פון יידן אין דייטשלאַנד. — די רינדפליישרציחות. — ר' מרדכי בן הלל. — ר' מאיר פון ראָטנבורג. — ר' מאיר אַלס תלמודיסט און פּייטן. — ר' יצחק בן משה און זיין „אור זרוע". — ר' אשר בן יחיאל אַלס תלמודיסט; זיין „צוואה". — דעם ראַ"שס אַנטלויפן קיין שפּאַניע. — דער ראַ"ש און דער רשב"א.—דער האַרבער „חרם" פון דעם רשב"א.—די ראַציאָנאַליסטן מיט זייער „אדרבה".—דער קאַמף אַרום דעם רמב"מס נאָמען.— די קעמפער פאַרן פרייען געדאַנק.—מנחם מאירי אַלס מענטש און געלערנטער.—ידעיה פניני און דער „כתב ההתנצלות". — דער אומדערוואַרטער סוף. — די פּראָווינסאַלער קהילות אין גלות. — יוסף בן יחיא און זיין עלעגיע. — פּניני אַלס דיכטער; זיין „בחינת עולם".

אין משך פונם XIII יאָרהונדערט איז די לאַגע פון יידן אין דייטשלאַנד געוואָרן אַלץ שרעקלעכער און אומדערטרעגלעכער. שוין אין דער ערשטער העלפט פון דעם דאָזיקן יאָרהונדערט, בעת פרידריך דער צווייטער האָט נאָך געלעבט, האָבן פילע יידישע קהילות שטאַרק געליטן פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיי גערודפט מיט פאַרביסענער שנאה, און טויזנטער יידן זיינען אומגעקומען פון די רצחנישע הענט. שרעקלעכער איז געוואָרן די לאַגע נאָך פרידריכס טויט, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער סיכסוך צווישן זיינע יורשים און ס'איז אויסגעבראָכן דער עקשנותדיקער קאַמף פאַר דער קייזערלעכער קרוין (1254—1273). איבערן לאַנד האָט געוועלטיקט דאָס „פויסט־רעכט", יעדער האָט געטאָן, וואָס אים האָט זיך געגלוסט, און אין דעם פּאָליטישן תוהו־ובוהו האָבן מער פון אַלע געליטן די שוצלאָזע יידן. די קאַטוילישע קירך פון איר זייט האָט אויך אויסגענוצט די דאָזיקע אומרויִקע צייט, בכדי וואָס מער אונטערצודריקן די פאַרהאַסטע „קריסטוס־לעסטערער". אויף די גייסטלעכע צוזאַמענפאָרן אין מיינץ (1259) זיינען באַנייט און פאַרשטאַרקט געוואָרן אַלע באַגרענעצונגס־געזעצן, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן קעגן יידן אויף די פריערדיקע פאַרזאַמלונגען. די בלוטיקע „עלילות דם" מיט פילע אומשולדיקע קרבנות זיינען געוואָרן אַלץ עפטער; די פירשטן און קיניגן האָבן אַלץ

מער פארגרעסערט דעם סכום פון ספעציעל יידישע שטייערן, בעת זיי האבן אין דער זעלבער צייט אלץ מער פארשמעלערט די יידישע האנדלס־ און אונטערנעמונגס־רעכט, און די מאטעריעלע לאגע פונם געטא איז דורכדעם געווארן אלץ ערגער און שווערער. די רדיפות זיינען געווארן אזוי אומדערטרעגלעך, אז אין יאר 1286 האבן פילע יידישע פאמיליעס באשלאסן צו פארלאזן דייטשלאנד. ס'האבן זיך פארשפרייט קלאנגען, אז ערגעץ נים ווייט פון ארץ־ישראל האט משיח זיך שוין אנטפלעקט, און באלד קומט די גאולה. אין די ריינישע שטעט האבן זיך געזאמלט גאנצע שיירות וואנדערער, וואס האבן זיך געלאזט קיין מזרח־לאנד. נאר דער בעכער פון ליידן איז נאך אלץ נים פארפולט געווארן, און נאך מער האבן זיך די צרות פארגרעסערט נאך דעם טויט פונם קיסר רודאלף (1291), בעת ס'איז ווידער אויסגעבראכן דער בירגער־קריג און צוויי פרעטענ־דענטן האבן געקעמפט פאר דער קייזער־קרוין. עפעס א האלב־משוגענער ריטער, רינדפלייש, האט ארגאניזירט ווילדע באנדעס; ווי א בלוטיקער שטורעם האבן זיי זיך געטראגן איבער גאנץ בייערן און עסטרייך (זומער 1298) און אין בלוט פארטרונקען די יידישע באפעלקערונג. איבער 140 יידישע קהילות זיינען אומגעקומען פון פייער און שווערד [1], צווישן זיי אויך די אלטע קהילה אין נירנבערג, ווו צווישן די 628 קרבנות איז אויך אומגעקומען מיט זיין גאנצער פאמיליע דער בארימטער תלמודישער גע־לערנטער ר' מרדכי בן הלל, וואס זיין קאדעקס „מרדכי" האט אין די שפעטערדיקע דורות פארנומען איינעם פון די בכבודיקסטע ערטער צווישן די גרויסע פוסקים [2].

מאוויימדיק און שרעקלעך איז געווען דער חורבן. אומגעהייער איז געווען די אכזריות, מיט וועלכער רינדפליישס באנדעס האבן אומגע־בראכט די צענער טויזנטער יידישע קרבנות. אין נירנבערגער פינקס פון הזכרות נשמות לייענען מיר פאלגנדיקע שרעקלעכע שורות: „אזכור

1 מער באריכות וועגן דער „רינדפלייש־געשעכעניי" זע „קוועלען צור געשיכטע דער יודען", III, 66, 29—58, 164—215.

2 מער באריכות וועגן מרדכי בן הלל און זיין ווערק זע: ש. כהן „מרדכי בן הלל"; וויים „דור דור ודורשיו", V, 79—82. דער טראגישער טויט פון דעם געלערנטן ווערט באוויינט אין דער קינה „אבכה לקשה יום":

מה זה היה לבן קיש בן הילל בן שחר
מימיו לא נכובו וכמפיח אש ניחר
הכריתי והפליתי כי בו אלהיו בחר
מתקו אמריו מצוף ומנופת לחיכים
ויהי לאבל כנורי ועוגבי לקול בוכים

(„קוועלענשריפטען", 173).

אלהים נשמות כל הקהלות כמו נשמות אברהם יצחק ויעקב שנהרגו ונסקלו ונשרפו ונחנקו ונשחטו ונטבעו ונאפנו ונתלו ונקברו חיים על יחוד השם״ [1].

ביי אזעלכע שרעקלעכע צושטאנדן האט נאטירלעך קיין שום רייד ניט געקאנט זיין וועגן נארמאלער קולטורעלער אנטוויקלונג. אין דעם פרט איז זייער טיפיש דאס טראגישע לעבן פון דעם גרעסטן תלמודישן גאון, וואס דאס דייטשע יידנטום האט געגעבן אינם XIII יארהונדערט — דער בעל־התוספות ר׳ מאיר בן ברוך (מהר״ם מרוטנבורג), דער איינציקער נאך רבנו גרשום און רש״י, וואס די קומענדיקע דורות האבן אים געקרוינט מיטן נאמען „מאור הגולה״ [2]. דער דאזיקער גאון איז אין יאר 1286 געשטאנען בראש פון איינע פון די שיירות, וואס האבן זיך דעמאלט געלאזט קיין ארץ־ישראל. די אויסוואנדערונג פון דעם גייסטיקן פארשטייער פון דעם גאנצן יידישן קיבוץ אין דייטשלאנד וואלט נאטירלעך נאך מער פארשטארקט די יידישע עמיגראציע. דאס איז אבער געווען זייער ניט געוווּנטשן פאר דעם קיסרס הכנסה. די יידן זיינען דאך געווען דעם קיסרס „קאמער־קנעכט״, וואס פלעגן צאלן אין דער קאסע פון זייער הער און באזיצער גאנץ גרויסע שטייערן. מען האט דערפאר ר׳ מאירן ארעסטירט און אויפן באפעל פונם קיסר פארשפארט אין דער ענציסהיימער פעסטונג. די יידישע באפעלקערונג האט געוואלט געבן א גרויסן סכום אויסלייזגעלט פארן אלטן גאון, ר׳ מאיר גופא איז אבער

---

[1] עס איז דערפאר באגרייפלעך דאס לעכצנדיקע נקמה־געפיל, וואס פילט אן פיל קינות און סליחות אויף די גזירות נ״ח (1298). דער פייטן תמר בן מנחם ווענדט זיך אין זיין קינה „אספדה ואילילה״ מיט פאלגנדיקע צארנדיקע סטראפן:

תִּתֵּן לָהֶם מְגִנַּת לֵב וְשִׁיתֵם כִּסְדוֹם וַעֲמוֹרָה
רוּחַ זַלְעָפוֹת אֵשׁ וְגָפְרִית עֲלֵיהֶם לְהַמְטִירָה,
מְדֵם חֲלָלִים חַרְבְּךָ וְחִצֶּיךָ לְהַשְׁכִּירָה.
עַל זֹאת אֶתְפַּלֵּל אֵלֶיךָ תָּמִיד וַאֲשַׁחֲרָה:
רָעוֹת עֲלֵיהֶם תְּאַסּוֹף וְעֶבְרָתָם לָנֶצַח שְׁמָרָה
בַּחֲרוֹן אַפְּךָ תוֹכִיחֵם וּבַחֲמָתְךָ לְהִתְיַסְּרָה,
תְּסִיפֵם בְּסַעֲרָתְךָ וְשִׁיתֵמוֹ כְּתַנּוּר אֵשׁ בּוֹעֲרָה
תְּדוּשֵׁם וּתְדִיקֵם כְּשֵׁבֶר נֵבֶל יוֹצְרִים שְׁבוּרָה

(„קובץ על יד״, ג׳ 15).

[2] געבוירן אין 1215, געשטארבן אין 1293. באריכות וועגן זיין טראגיש לעבן זע: ש. באק, „ר׳ מאיר בן ברוך אוס ראטענבורג, זיין לעבען אונד זיין ווירקען, זיינע שיקזאלע אונד שריפטען״ (1895); J. Wellescz: Meir b. Baruch de Rothenbourg, Revue d. etudes juives, t. 58—60.

געווען קעגן דעם, אויס מורא, אז די רעגירונגס־מאכט וועט פרווון עפּעטער אויסנוצן דאָס דאָזיקע מיטל, בכדי וואָס מער געלט פון די יידן צו באַקו־מען. מהר״ם מרוטנבורג איז שוין מער ניט באַשערט געווען די ליכטיקע וועלט צו זען. מען האָט אים ביז זיין טויט (1293) געהאַלטן אין תפיסה, און אויך דערנאָך האָט די רעגירונג אויס נקמה ניט געוואָלט אַרויסגעבן דעם בר־מינן דער יידישער קהילה. ערשט אין 14 יאָר אַרום איז אַ רייכן יידן אויס פראַנקפורט, זיסקינד ווימפּפען, געלונגען פאַר אַ באַדייטנדיקן סכום אויסקויפן דעם גאונס טויטן קערפּער און אים ברענגען צו קבורה אויפן וואָרמסער בית־עלמין.

דאָס רוב מאַנוסקריפּטן, וואָס מהר״ם מרוטנבורג האָט פאַרפאַסט, איז פאַרלאָרן געגאַנגען [1], אָבער אויך די ווערק זיינע, וואָס זיינען דער־גאַנגען צו אונז, באַווייזן גאַנץ בולט ניט נאָר דעם מהר״מס חריפישן קאָפּ און באַדייטנדיקן ליטעראַרישן טאַלענט, נייערט אויך די אָפּגעשטאַ־נענקייט און מאָווימדיקע איינזייטיקייט פון די גייסטיקע אינטערעסן, אין וועלכע ס׳האָבן דעמאָלט געלעבט די דערשלאָגענע און אומברחמנות גערודפטע יידן אין דייטשלאַנד. אין דעם „מאור הגולה", דעם מהר״ם מרוטנבורג, איז געווען פאַרבאָרגן אַ ניצוץ פון אַ אמתן דיכטער, ער איז אָבער געווען צו פיל פאַרנומען מיט „דברי תורה", ער זאָל זיך קאָנען אָפּגעבן מיט „דברי שיר". בלויז ביי דער שרעקלעכער ידיעה, אז מען האָט אויף די שייטערהויפנס די הייליקע ספרים געברענט (אין 1242), האָט דער בעל התוספות אין זיך דעם דיכטער דערפילט און אין אַ שיינער עלעגיע „שאלי שרופה" [2] זיין טיפן טרויער אויסגעגאָסן:

„באָקומסטו, אין פייער געברענטע, אַ גרוס פון דיינע פאַראומערטע קינדער, וואָס בענקען נאָך דיר און גאַרן אונטער דיינע פליגל שוץ און רו געפינען? זיי שמאַכטן אין שטויב מיט צעבראָכענע הערצער, און זעען און גאַפן, ווי אין פייער טוען ברענען דיינע הייליקע בלעטער. זיי בלאָנדזשען אין דער פינסטער, אָן אַ ליכטיקן שטראַל, זיי האָפן אַלץ אויפן קאַיאָר, אויפן טאָג פון דערלייזונג — און אַלץ גרעסער ווערט דער בראָך, אַלץ טיפער די ווונד, און ווי די נאַכט־שאַקאַלן קלאָגט דאָס צעוויטאָגטע האַרץ אויף דיין גרויסן יאָמער... ווי איז דאָס מעגלעך, ווי איז דאָס

1 די נעמען פון מהר״מס ווערק זע ביי ווייסן: „דור דור ודורשיו", V, 74—76; Les Rabbins français, 458—61.

2 דעם מהר״מס עלעגיע איז געשריבן נאָכן מוסטער פון יהודה הלוים „ציון הלא תשאלי" און ווערן ביידע צוזאַמען געלייענט אום תשעה־באב צווישן אַנדערע קינות. דער מהר״ם האָט פאַרפאַסט נאָך איייניקע רעליגיעזע לידער (זע וועגן דעם צונץ, „סי־נאַגאָגאַלע פּאָעזיע", 310, און „ליטעראַטורגעשיכטע", 357—362)

געשעען: דיך האט מען אין פייער געברענט און דער פרעכער שונא איז אומבאשטראפט געבליבן?.. ווי לאנג, אוי אדום, וועסטו רוען אין גלאנץ און פראכט, אין דיינע דערגער וועלן לעבערן מיינע צארטע בלומען? שטאלץ זיצסטו אויף דעם ריכטער־שטול, אומגערעכט און גרויזאם טוסטו גאטס קינדער משפטן, און גאטס הייליקע געזעצן טוסטו אין פלאמען פארטיליקן? ווייל איז דעם, וואס וועט דיר פאר דיינע מעשים מיט פולער מאס באצאלן... אראפגעווארפן האט דער סיני זיין פראכטפולן מאנטל, זיך מיט א זאק באדעקט און ווי אן אלמנה זיך איינגעהילט אין טרויער־קליידער. אן אויפהער וועלן מיינע טרערן גיסן, ווי א מעכטיקער שטראם וועלן זיי פליסן, ביז זיי וועלן דעם בארג דערגרייכן, וווּ דארט איז דער קבר באהאלטן, דער קבר פון משה רבנו. אנקלאפן וועל איך אין קבר און פרעגן: צי איז א נייע תורה באשאפן, וואס דו האסט דערלויבט דיינע הייליקע יריעות אין פייער פארברענען?..״ [1].

ניט אבער אלס דיכטער האט דער מהר״ם מרוטנבורג זיך קונה־שם גע־וועז, נאר אלס גאון התורה און בארימטער פוסק. זיינע חידושים און שו״ת באווייזן אין זיין גאנצן גלאנץ דעם מהר״מס קלאר־שארפן לאגישן שכל. און אויך דער דאזיקער גאונישער פארשטייער פונם דייטשן יידנ־טום איז געווען אן עבד נכנע ביי דער „מסורת אבות״, ביי די אלע אומצייליקע סייגים און הארבע מנהגים, וואס די פארחושכטע און מרה־שחורהדיקע מיטלאלטערלעכע יידישע קהילות האבן באשאפן. „מען טאר ניט״ — דאס איז דער הויפט־דעוויז, דער ריכט־שנור פונם מהר״ם אלס פוסק. אויף ווי ווייט דער מהר״ם איז געווען א פעדאנטישער מחמיר, קאנען באווייזן פאלגנדיקע ביישפילן: ווינטער, ווי גרויס די קעלט זאל ניט זיין, טאר מען ניט, לויט דעם מהר״מס דערקלערונג, איינהייצן אן אויוון אום שבת, אפילו דורך א גוי. בכדי מען זאל ניט עובר זיין אויפן פארבאט צו טראגן אום שבת, האט דער מהר״ם געפסקנט, אז מען זאל די שבתדיקע בגדים נייען אן קעשענעס. דער חריפותדיקער בעל־התוספות לאזט זיך אריין אין א טיפן פילפול, צי קאן מען דערלויבן, אז קינדער זאלן אום שבת עסן לעקעכלעך מיט אויסגעקריצטע אותיות. עסנדיק דאס לעקעכל, „מעקט״ דאך דאס קינד אפ די אותיות, און דאס איז דאך כידוע א גרויסע עבירה, פסקנט טאקע דער מהר״ם, אז אזוינע לעקעכלעך מעג מען געבן בלויז זויגקינדער און דאס ·אויך נאר באין ברירה. א סך אזוינע חומרות, וואס מיט זי האט דער מהר״ם דעם יידישן קיבוץ מזכה געווען,

---

[1] דעם מהר״מס קינה איז געדרוקט אין „קינות לתשעה באב״. באמערקונגען און דערקלערונגען זע ע. באנעט אין „מאנאטסשריפט״, 1929, 295—303.

האָט פלייסיק צונויפגעזאַמלט זיין תמימותדיקער תלמיד ר׳ שמשון בן צדוק [1] און זיי אויפגעהיט פאַר די קומענדיקע דורות.

מיר זעען, ווי אין דעם בלוטיקן יאָרהונדערט פון אימהדיקע רדיפות און דערנידעריקונגען ווערט דער יידישער געדאַנק אַלץ מער איינגעשראָקן און איינגעשרומפּן. אַלץ ענגער און אָפּגעזונדערטער ווערט זיין וועלט. דער דייטשער ייד האָט אַלץ מקריב געווען צוליב זיין הייליקער תורה, צוליב דער ירושה פון זיינע אבות — האָט ער מאַקע מיט אַזאַ מסירת־נפש געוואָלט אָפּהיטן אַלץ, וואָס געהערט צו דער דאָזיקער ירושה. ער האָט כלל ניט געוואָלט זיך אַריינלאָזן אין חקירות, צי איז דאָס אַלץ אומבאַדינגט נייטיק און וויכטיק. יעדער מנהג ישראל, אַלץ, וואָס ער האָט באַקומען בירושה פון די פריערדיקע דורות — איז געווען ביי אים ליב און טייער. אָפּגעטיילט פון דער דרויסנדיקער וועלט מיט דער אייזערנער וואַנט פון ווילדער אכזריות און גיפטיקער שנאה, האָבן די דייטשע יידן זיך געפילט ווי „אָרעמע שעפעלעך אַרומגערינגלט פון וועלף". דערפאַר האָבן זיי מיט אַזאַ עקשנות געטראַכט און געזאָרגט נאָר וועגן צוימען און סייגים, וואָס מער זיך אָפּזונדערן פון דער פיינדלעכער דרויסנדיקער וועלט, אַרומקרייזן זיך מיט אַלץ נייע חומרות, איינע שטאַרקער און האַרבער פון דער אַנדערער...

זייער אָפּנהאַרציק דערציילט וועגן דעם איינער פון די באַדייטנדיקסטע רבנים פון יענער צייט, דעם בעל „הרוקחס" אַ תלמיד, ר׳ יצחק בן משה אויס ווין [2]. אין זיין באַרימטן ספר־ההלכות „אור זרוע" [3] קומט אים אויס אָנצוווייזן אויף אַ דין, וואָס בנוגע צו אים איז רש"י געווען אַ מקיל. איז טאַקע דער מחבר גלייך מוסיף: „רבנו שלמה (רש"י) האָט אַזוי געפּסקנט בלויז פאַר זיין דור, ווען די תורה איז געווען דערהויבן,

---

1 אין זיין באַקאַנטן תשב"ץ (נומ׳ 38, 51 און פ"א).

2 אין ווין האָט ער פאַקטיש פאַרבראַכט בלויז זיינע לעצטע יאָרן. זע: ה. בוקאַצינסקי „מאָנאַטשריפט", 1911, 478—500.

3 די קאַבאַליסטישע תורה פון ר׳ יצחקס רבין (דעם „בעל הרוקח") שפּירט זיך באַזונדערס שטאַרק אין דער הקדמה צו „אור זרוע", ווו דער פאַרפאַסער גיט זיך אַזוי פיל אָפּ מיט צירוף האותיות און נוטריקון. דאָס דאָזיקע ווערק אַנטהאַלט אַ סך אינטערעסאַנטע פּרטים, וואָס זיינען וויכטיק פאַר דער קולטור־געשיכטע און פאַרן פאָלקלאָר פון דעם יידישן מיטלאַלטערלעכן קיבוץ אין דייטשלאַנד און בעמען. אַליין אויס בעמען געבירטיק, האָט ר׳ יצחק געפירט אַ נע־ונד־לעבן. ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ לענגערע צייט אין פילע שטעט פון דייטשלאַנד, עסטרייך און פראַנקרייך, און אויף אַזאַ אופן געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַקאָנען מיט די מנהגים און דעם לעבנסשטייגער פון די אָרטיקע קהילות. זיין „אור זרוע" איז פול מיט באַמערקונגען: מעשה באחד, מעשה ביהודית, מעשה ביולדת, וכבר היה מעשה אצו"ה.

ס'האָבן געלעבט גרויסע תלמידי־חכמים, וואָס אַלע דינים זיינען פאַר זיי געווען קלאָר, האָט מען זיך געקאָנט אויף זיי סומך זיין. איצט אָבער, אין אונזער פאַריתומט דור, ווען דאָס וויסן פון דער תורה איז, בעוונותינו הרבים, אַזוי קליין, און אויסגעטריקנט זיינען די קוואַלן פון חכמה — געבענטשט זיינען די תלמידי חכמים, וואָס ווילן אויף זיך ניט שטעלן, האָבן מורא מקיל צו זיין און האַלטן זיך אין דעם כלל, אַז ס'איז גלייכער צו פאַרבאָטן, איידער צו דערלויבן[1].

און די גאָטספאָרכטיקע תלמידים פון מהר"ם מרוטנבורג האָבן מיט גרויס פלייס און יראת־הכבוד צונויפגעזאַמלט די אַלע חומרות און האַרבע מנהגים, מיט ליבע זיי פאַרשריבן פאַר די קומענדיקע דורות, קיינס פון זיי זאָל ניט גיין לאיבוד; און אַלץ גרעסער און פאַרצווייגטער זיינען געוואַקסן די ריזיקע זאַמלביכער פון דינים און מצוות, געזעצן און מנהגים...

דער באַדייטנדיקסטער פון ר' מאירס תלמידים, און אויך דער אָנ־געזעענסטער פוסק פון זיין צייט, איז געווען ר' אשר בן יחיאל, מער באַ־קאַנט אונטער די ראשי־תיבות „רא"ש" (אויך „אָשֵׁרִי"). געבוירן אין דער מיט פונם XIII יאָרהונדערט[2], האָט דער רא"ש נאָך אַלס קינד (1264) צו־געזען אַ שרעקלעכע שחיטה אין זיין קהילה, און איז על־פּי נס מיטן לעבן אַנטלאָפן. עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס דער חושך און שרעק פון יענער אימהדיקער צייט פילט זיך אַזוי שטאַרק אין זיין באַקאַנט מוסר־ספר „ספר ההנהגה" (הייסט אויך „ספר ארחות חיים"), וואָס ער האָט געשריבן אין דער פאָרם פון אַ צוואה פאַר זיינע קינדער[3]. „הזהר שלא תשמח בלבך" — היט זיך זאָלסט זיך ניט פרייען, „מען טאָר זיך ניט פרייען, „מען טאָר ניט לאַכן, ניט פריילעך זיין", חזרט פיל מאָל

---

[1] „אור זרוע", I, 119, סוף נוט' 416: „ואומר אני יצחק בר' משה נב"ה המחבר: רבנו שלמה שכתב כך — לדורו הוא דכתב ולכיוצא בדורו שהיתה בהם תורה גדולה וברורה וחכמה יתירה והיו ראויים להורות ובני דורם היו יכולים לסמוך עליהם; אבל עכשיו בימינו שבעונותינו נתמעטה התורה ואבדה החכמה, משבח אני את העצלנים שלא יסמוכו על חכמתם לבדוק ואל יורו לאחרים להקל, ויקבלו שכר על הפרישה יותר מעל הדרישה".

[2] געשטאָרבן אין טאָלעדאָ אין 1327.

[3] אַז אַ קריסטלעכער פּראָפעסאָר פונם XVIII יאָרהונדערט האָט זיך באַקאַנט מיט די האַרציקע עטישע כללים פונם יידישן רב אויס דעם XIII יאָרהונדערט, האָט ער פאַרחידושט אויסגערופן: „קוים העטטע מאַן אין דען דאַמאַלטיגען צייטען זאָלכע זיט־טענלעהרען פאָן קריסטען ערוואַרטען זאָללען, אַלס דיעזער יודע זיינען גלויבענסגענאָססען היער פאַרגעשריעבען אונד הינטערלאַססען האַט" (הירט, „ביבליאָטעק טהעאָל." 5, ז' 43, ציטירט ביי צונץ: „צור געש. אונד ליטער.", 123).

השם זאָלסט זיך דערווייטערן פון גאווה — וואָרנט דער רא"ש — מאַך זיך נידעריק ווי שטויב פון דער ערד, וואָס ווערט פון אַלעמען געטראָטן".

נאָך ר' מאיר ראָטענבורגס טויט איז דער רא"ש געוואָרן דער פון אַלעמען אָנערקענטער, גייסטיקער פירער פונם גאַנצן דייטשן יידנטום. זיין ישיבה איז געוואָרן דער זאַמלפּונקט פון הונדערטער יונגעלייט, וואָס זיינען זיך צונויפגעקומען ניט נאָר פון די דייטשע לענדער, נאָר אויך אויס בעמען און רוסלאַנד. פון די ווייטסטע ערטער פלעגט מען זיך צו אים ווענדן מיט שו"ת. זיין זאַמלונג פון תלמודישע געזעצן און דינים (פסקי־הלכות) איז געוואָרן איינס פון די פונדאַמענטאַלע ווערק, אויף וועלכע עס האָט זיך אויפגעבויט די גאַנצע שפּעטערדיקע ריטואַל־רבנישע ליטעראַטור [1].

אַ טיפּישער פאַרטרעטער פונם דייטשן מיטלאַלטערלעכן געטאָ, איז דער רא"ש געווען אַ פאַרפרומטער קנאי, וואָס האָט ניט געוואָלט וויסן פון וועלכע־ס'איז חכמה אויסער „חכמת התלמוד". צו אַלע וועלטלעכע וויסנשאַפטן האָט ער זיך פאַרהאַלטן מיטן גרעסטן ביטול. „אייערע וועלטלעכע חכמות זיינען מיר ניט באַקאַנט — דערקלערט מיט שטאָלץ דער רא"ש די ספרדישע יידן — און איך דאַנק און לויב גאָט, וואָס ער האָט מיך פון זיי אויסגעהיט, וואָרעם זיי קאָנען דאָך חלילה אראָפּפירן אַ מענטשן פון יראת שמים און פון דער הייליקער תורה [2]. באַזונדערס פאַרהאַסט איז אים געווען די פילאָזאָפיע, און ווי נאָר ער דערמאָנט זי, גלייך ברענגט ער דעם פסוק פון „משלי": כל באיה לא ישובון" — די, וואָס גייען אַוועק צו איר, זיינען שוין אויף אייביק פאַרפאַלן. ווי דער רשב"א, אַזוי האָט אויך ער אונטערגעשטראָכן, אַז צווישן דער פילאָזאָפיע און דער אמונה קאָן קיין פשרה ניט זיין, ווייל זיי גייען אויף פאַרשיידענע דרכים: די פילאָזאָפיע שטיצט זיך אויף לאָגישע הנחות און ראיות פונם שכל, די אמונה אָבער שטיצט זיך אויף דער הייליקער מסורה [3].

---

1 דער רייסטער פון אַלע פסקים, וואָס ווערן געבראַכט אין דער דאָזיקער זאַמלונג (צונויפגעשטעלט דורך דעם רא"שס זון, ר' יעקב), ווערט געדרוקט אין אַלע תלמוד־אויסגאַבעס אונטערן נאָמען „פסקי הרא"ש".

2 ואף על פי שלא ידעתי מחכמה החיצונית שלכם, בריך רחמנא דשיזבן מינה, כי באה תאות והמופת לחדיח האדם מיראת השם ותורתו".

3 שו"ת 55, דף 9, עמ' ב': „כי חכמת הפילוסופיא וחכמת והתורה אינן על דרך אחת, כי התורה היא קבלת הלכה למשה מסיני... אף על פי שאין הדברים נמשכים אחר חכמת הטבע, אנו הולכים על פי חכמת הקבלה, אבל חכמת הפילוסופיא היא טבעית חכמים גדולים היו והעמידו כל דבר על טבעו ומרוב חכמתם העמיקו שחתו והוצרכו לכפור בתורת משה לפי שאין כל התורה טבעית אלא קבלה".

אין דער התחלה פונם XIV יאָרהונדערט האָט דער ראַ״ש געמוזט פאַרלאָזן דייטשלאַנד. די רעגירונג האָט אויף אים געוואָרפן אַן אויג, און געדענקענדיק דעם טראַגישן סוף פון זיין רבין, איז דער ראַ״ש אום זומער 1303 [1] אַנטלאָפן קיין סאַוואָיאַ. נאָר אויך דאָרט האָט ער זיך ניט געפילט גאַנץ זיכער, ווייל דער אָרטיקער הערצאָג איז געווען דעם דייטשן קיסרס אונטערטאַן, האָט זיך דערפאַר דער ראַ״ש באַלד איבערגעפּעקלט קיין דרום-פראַנקרייך [2]. דאָ, אין דער פּראָוואַנס, האָט דער ראַ״ש זיך צום ערשטן באַקענט מיט אַ פרייער גייסטיקער סביבה, מיט געבילדעטע יידן, וואָס האָבן אויסער יידישע קענטענישן אויך געהאַט ברייטע ידיעות אין פילאָזאָפיע און נאַטורוויסנשאַפטן. „דאָרט (אין דער פּראָוואַנס) — דערציילט דער ראַ״ש — האָב איך דערזען אַ זייער שיין לאַנד, און די מענטשן דאָרטן האָבן זיך מיר אויך אויסגעוויזן זייער פיינע און אַנשטענדיקע... איך האָב אָבער באַלד איינגעזען, אַז איך האָב אַ טעות געהאַט: איך האָב זיי אַלע גערעכנט פאַר ציכטיק ווייסע און זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן שווארצע (כולם זמנתם לבנים ומצאתים שחורים); בלויז געציילטע מענטשן האָב איך דאָרט געפונען, וואָס זיינען טריי געבליבן גאָט און זיין הייליקער תורה, נאָר אויך זיי האָבן ניט דעם מוט זיך שטעלן אַקעגן דעם אַלגעמיינעם בייזוויליקן שטראָם: אַלע פון גרויס ביז קליין פאַרנעמען זיך מיט חכמת הטבע און די תורה האָבן זיי גאָר פאַרלאָזן, אירע שוועלן טרעטן זיי ניט איבער און אירע צוימען האָבן זיי צעבראָכן און צעשטערט״ [3]. דערפאַר, ווען ער איז געקומען אין מאַנפּעליע, האָט ער מיט גרויס פרייד באַגריסט אַבא מארין „אַלס אומדערשראָקענעם גיבור, וואָס האָט מיט גרויס מוט אָנגעגורט זיינע לענדן און מיט געווער אין האַנט אַרויסגעטראָטן קעגן די פורצי גדר״ [4]. דאָך האָט דער ראַ״ש תחילת אַרויסגעוויזן גענוג פאָרזיכטיקייט. ער וואָרנט, אַז די מחלוקת קאָן ברענגען צו אַ שפּאַלטונג, און בכדי שלום צו מאַכן צווישן די צוויי קעמפנדיקע פּאַרטייען, לייגט ער פאָר אַ צוזאַמענפאָר פאַר פאַרטרעטער פון ביידע צדדים, און דער רשב״א זאָל זיין דער בורר. ער האָט

---

[1] זע „אגרות שד״ל", 680, און „אבני זכרון", 8. עס איז דאָ אַן אגדה, אַז דעם ראַ״שס אַנטלויפן אויס דייטשלאַנד האָט געהאַט אַ שייכות צו די אונטערהאַנדלונגען, װאָס מען האָט דעמאָלט געפירט מיט דער רעגירונג וועגן אויסקויפן דעם געשטאָרבענעם מהר״מס קערפּער (זע נייבויער, „סדר החכמים", I, 143).

[2] וועגן די אַלע ווייטע מאַטערנישן דערציילט דער ראַ״ש אין זיין בריוו צו איינעם פון אַבא מאריס אָנהענגער (זע „מנחת קנאות", בריוו 52).

[3] „מנחת קנאות", 101.

[4] דאָרטן, 109.

זיך אָבער, ווי עס שיינט, באַלד אָפּגעזאָגט פון זיין פאָרשלאָג און זיך איינגאַנצן געשטעלט אויפן קריגערישן שטאַנדפּונקט פון אבא מארין, נאָכ־דעם ווי ער איז אין 1305 אריבערגעפאָרן אויס דער פּראָוואַנס קיין שפּאַניע, דאָרט פאַרבראַכט א שטיקל צייט אין באַרצעלאָנע ביים רשב"א אין שטוב, און פון דאָרט האָט אים, אויפן רשב"אס פאָרשלאָג, די טאָ־לעדער קהילה אויסגעוויילט פאַרן רב הכולל. עס איז עפּעס סימבאָליש אין דעם, וואָס גראַד דעמאָלט איז אלס ראש פון איינער פון די עלטסטע און אָנגעזעענסטע ספּרדישע קהילות געוויילט געוואָרן א דייטשער רב, וואָס האָט ניט געוואָלט וויסן פון „חכמות חיצוניות" און אפילו אויפן געביט פון ריין תלמודיש וויסן האָט ער זיך גערעכנט אויסשליסלעך מיטן אויטאָריטעט פון די דייטש־פראַנצויזישע פּוסקים און רבנים [1].

דאָס האָט טאַקע צוגעגעבן מוט דער אָרטאָדאָקסישער פּאַרטיי, און דער רשב"א האָט ענדלעך באַשלאָסן אָננעמען שטרענגע מיטלען. שבת חזון (דעם 31 יולי 1305) האָט מען אין דער גרויסער באַרצעלאָנער שול אויס־גערופן דעם ענדגילטיקן פּסק פון 36 רבנים, מיטן שטרענגן פאַרבאָט בחרם ובשמתא אויפן משך פון 50 יאָר, אז יהיה מי שיהיה, ביז ער ווערט אַלט 25 יאָר, טאָר ער זיך ניט פאַרנעמען מיט נאַטורוויסנשאַפטן (אויסער מעדיצין, וואָס איז נייטיק אין פּראַקטישן לעבן) און ניט לייענען קיין ביכער, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט גריבישער פילאָזאָפיע, הן אין העב־רעיש הן אין אַנדערע שפּראַכן, „בכדי ניט ברענגען צו קיין נסיון און ניט אראָפּפירן פון די וועגן פון תורה". דער חרם איז חל אויך אויף די, וואָס באַקאָנען מיט די דאָזיקע פאַרבאָטענע לימודים יונגעלייט, וועלכע זיינען נאָך ניט אַלט קיין 25 יאָר [2].

די באַרצעלאָנער רבנים האָבן צעשיקט דעם פּסק החרם, געחתמעט מיט 36 חתימות, אין אַלע שפּאַנישע און פּראָוואַנסאַלע קהילות. צום פּסק האָבן זיי נאָך צוגעלייגט א לאַנגע דערקלערונג, ווו עס ווערן באַריכות באַשריבן די סיבות, וואָס האָבן זיי געצווונגען אָננעמען אַזאַ שטרענגע החלטה. די ראַציאָנאַליסטן ווערן דאָרט באַשולדיקט אין פילע הארבע

---

1 זע זיינע שו"ת, XX, נומ' 20—21: „אני מחזיק מסורת שלנו וקבלת אבותינו חכמי אשכנז שהיתה התורה ירושה להם מאבותיהם מימי החרבן, וכן קבלת רבותינו שבצרפת יותר מקבלת בני הארץ הזאת".

2 שו"ת רשב"א נומ' 415: „וקבלנו עלינו ועל זרעינו ועל הלוים אלינו בכח החרם לבל ילמוד איש מבני קהלינו בספרי היונים אשר חברו בחכמת הטבע וחכמת האלהות בין המחוברים בלשונם בין שהועתקו בלשון אחר, מהיום ועד חמשים שנה עד היות בן חמש ועשרים שנה. ושלא ללמד איש מבני קהלנו את אחד מבני ישראל בחכמות האלו עד שיהיו בני עשרים וחמש שנה".

חטאים: זיי פעלשן עס די תורה (עושים את התורה פלסתר), פון דער בימה אַראָפּ האַלטן זיי גאַטלאָזע דרשות, זיינען עובר אויף אַלע מצוות און לייקענען, אַז תורת משה איז מן השמים [1].

אין אַ באַזונדערן כרוז טרעטן די באַרצעלאָנער רבנים מיט גרויס צאָרן אַרויס קעגן די, וואָס דערלויבן זיך צו דערקלערן די תורה אויף אַן אַלעגאָריש־פילאָזאָפישן אופן. אַפּגעזונדערט דאַרפן אַזוינע זינדיקע מענטשן ווערן פון דער מחנה ישראל, זייער חטא טאָר זיי ניט פאַרגעסן ווערן ביז אין טויט אַריין און גרייט איז אויך פאַר זיי דער פייער־פלאַם פונם גיהנום. די ספרים זייערע דאַרפן פאַרבאָטן ווערן און אויפן פייער פאַרבערנט ווערן, עס זאָל פון זיי קיין זכר ניט בלייבן [2].

דער רא"ש איז געווען זייער צופרידן מיט דעם דאָזיקן באַשלוס און האָט גלייך אויך זיין חתימה געגעבן אונטער דעם חרם פון די באַרצעלאָנער רבנים. ער האָט אָבער געהאַלטן פאַר נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז לדידיה — נאָך זיין מיינונג, וואָלט מען בכלל באַדאַרפט פאַרבאָטן די וועלטלעכע חכמות הן פאַר יונגע הן פאַר אַלטע (ובעיני הוא אסור כל ימיו בדור הזה), וואָרעם עס שטייט דאָך בפירוש: והגית בה יומם ולילה, די תורה דאַרף מען לערנען בייטאָג און ביינאַכט, איז דאָך דערפון געדרונגען, אַז מיט די וועלטלעכע וויסנשאַפטן מעג מען זיך פאַרנעמען בלויז אין די געציילטע מינוטן, וואָס געהערן ניט צום טאָג און ניט צו דער נאַכט [3], ד"ה אין דער בין־השמשות-צייט.

דערפאַר אָבער האָט צווישן די פריידענקער דער חרם אָנגעמאַכט אַ געוואַלטיקן רעש. די פירער פון דער פריידענקער־פּאַרטיי מיט די בני תיבון בראש זיינען גלייך אַרויסגעטראָטן מיט אַ „קעגן־חרם" (אין די צו אונז דערגאַנגענע דאָקומענטן טראָגט ער דעם נאָמען „אדרבה"). דער דאָזיקער „אדרבה"־חרם איז חל געווען: 1) אויף די, וואָס פאַרווערן זייערע קינדער, פון וואָסער עלטער זיי זאָלן ניט זיין, זיך פאַרנעמען מיט נאַטורוויסנשאַפטן און פילאָזאָפיע; 2) אויף די, וואָס דערלויבן זיך פוגע

---

1 שו"ת נומ' 416.

2 שו"ת, נומ' 417: „החטאים האלה בנפשותם מחויבים כל ישראל לתחרימם ולנדותם ולא יכפר להם העון הזה עד ימותון אש של גיהנם כלה וגופם של אלו באש לא נפח אש לא תכבה נתון. והנה אנחנו מסכימין ובגזרת עירין ובמאמר קדישין מנדין האנשים הפושעים שהם כאלה באחת מאלה ומחרימים בבית דין של מעלה ובבית דין של מטה... והספרים שחקקו אחת מאלה בתוכם אנו דנין הבעלים כמין והספרים כספרי קוסמין והרי הם והמחזקים בהם בנדוי ובחרם היוצא בהם עד שישרפום ולא יזכרו עוד בשמם".

3 „מנחת קנאות", 178.

בכבוד זיין דעם רמב"ם און זיינע ווערק; 3) אלע, וואס דערלויבן זיך צו באריידן וועלכן־ס'איז שריפטשטעלער, וואס זאגט ארויס ערנסט זיינע פילאזאפישע מיינונגען (ובכלל החרם ההוא כל מוציא דבה על שום מחבר ספר לתומו) [1].

דער קאמף צווישן ביידע צדדים האט זיך אויף אזוי פיל פארשטארקט, אז די „מתנגדים", ד"ה די פריידענקער, האבן געהאלטן פאר מעגלעך זיך צו ווענדן נאך הילף אין זייער אידעען־קאמף צו דער רעגירונגס־מאכט. זיי האבן געבעטן דעם „שר" פון דער שטאט מאנפעליע, ער זאל ניט דערלאזן, די ארטאדאקסן זאלן אין מאנפעליע ארויסטרעטן מיט זייער „חרם" קעגן די, וואס קעמפן פאר וויסנשאפט און בילדונג[2]. דער בורג־מייסטער פון מאנפעליע האט גערן דערויף איינגעוויליקט און האט טאקע דערביי אפן ארויסגעזאגט, אוים וועלכע מאטיוון ער איז גרייט מיטצו־העלפן די פריידענקער: אויב מען וועט ניט דערלויבן די יידן זיך צו פאר־נעמען מיט פילאזאפיע און עס וועט זיי זיין פארבאטן זיך באנוצן ביי דער ביבל־דערקלערונג מיט דער אלעגארישער מעטאדע — „וועט מען דאך דערמיט אויסשליסן יעדע מעגלעכקייט, עס זאל ווער צווישן יידן אננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן" [3].

בכדי עפנטלעך ארויסצווייזן, מיט וואסער ביטול זיי פארהאלטן זיך צום „חרם" און צו די כרוזים פון די בארצעלאנער רבנים, פלעגן די בני תיבון און זייערע אנהענגער אין מאנפעליע זיך צונויפזאמלען כיתותווייז שבת אין די שולן, האלטן דארטן ראציאנאליסטישע דרשות און פאר־לייענען דעם „מלמד התלמידים" און ענלעכע ווערק[4]. נעמענדיס אין אכט, אז שלמה פטי האט בשעתו קיין דערפאלג ניט געהאט, דערפאר, וואס ער איז ספעציעל ארויסגעטראטן קעגן דעם רמב"ם, צו וועמעס אנ־דענקען מען האט זיך פארהאלטן מיטן גרעסטן יראת־הכבוד אין אלע מזרח־לענדער, האבן די בני תיבון און זייער פארטיי געפלייסט זיך צו

---

1 דארטן, 150.

2 אבא מארים אנהענגער, שמעון בן יוסף אן־דוראן, וואס האט אויך אנטייל גענומען אין דעם דאזיקן קאמף, קלאגט זיך וועגן דעם פארן רשב"א: „ולולי הרכיבו כת המתנגדים אנוש לראשינו הוא המושל השר הגדול הממונה מאת אדוננו המלך יר"ה, הכניסו דבריהם לפניו, הטעימו דברים לא נתנו לכתב כל שומעיו תצלנה אזניו" (Reveu den etudes juives, XXIX, 224)

3 „מנחת קנאות", 142: „מפני שזה יהיה סבה ונעילת דלת שלא ישוב לדת הנוצרים שום יהודי".

4 זע אן־דוראנס בריוו צום רשב"א (ציט. ווערק, 222): „החזיקו המתנגדים בתרמיתם לדרוש בהמון מדי שבת בשבת זה כמשלש חדשים, ג' כתות חוזרות הלילה קוראים בספרים הראשונים ישנים עם חדשים".

דערוויזן, אַז זייערע קעגנער צילן מיט זייער חרם קודם-כל אין דעם רמב"מס חיבורים[1]. די בני תיבון האָבן אין דעם געזען דאָס בעסטע מיטל צו דיסקרעדיטירן זייערע קעגנער פאַר דער עפנטלעכער מיינונג, ווייל זיי האָבן גוט געוווסט, ווי הויך עס ווערט געשעצט דעם רמב"מס נאָמען אין די שפּאַנישע און פּראָוואַנסאַלישע קהילות. דאָס האָבן זייער גוט פאַר־שטאַנען אויך די אָרטאָדאָקסן; דערפאַר טאַקע האָבן זיי אָנגעווענדט אַלע מיטלען, בכדי אָפּצולייקענען די דאָזיקע באַשולדיקונג[2]. דער רשב"א גופא איז גלייך אַרויס מכוח דעם מיט אַן עפנטלעכן כרוז[3].

„בכדי מענטשן די אויגן צו פאַרבלענדן, לאָזן זיי (די מתנגדים) אַרויס פאַלשע קלאַנגען, אַז איך האָב געלעסטערט דעם רמב"ם און זיינע חיבורים... זיי טראַכטן אויס בילבולים און באַשולדיקן מיך, אַז איך בין מיימונים אַ שונא — זאָלן זיי גופא ניט נאָר מיטן מויל לויבן און דער־ציילן שבחים וועגן דעם דאָזיקן גרויסן גאון, נאָר טאַקע בפועל באַווייזן, אַז זיי גייען אויף זיינע וועגן, זאָלן זיי זיך גלייכן צו אים אין אמתער יראת־שמים און אין דערפילן אַלע מצוות און געבאָטן"[4]. דער רשב"א און זיינע אָנהענגער זיינען טאַקע געווען גערעכט, בעת זיי האָבן אַזוי שאַרף אונטערגעשטראָכן, אַז זייער קאַמף איז כלל ניט ענלעך צום „תגר הראשון", ווען שלמה מההר איז אַרויסגעטראָטן, און אַז זיי האָבן גאָרניט בדעה צו פירן אַ קאַמף קעגן דעם רמב"מס ווערק[5]. פאַקטיש איז זייער קאַמף געגאַנגען פיל ווייטער. אמת, זיי האָבן אַלץ געטענהט, אַז זיי זיינען ניט קיין פּרינציפּיעלע קעגנער פון וועלטלעכן וויסן, זיי ווילן בלויז, אַז מיט נאַטורוויסנשאַפטן און פילאָזאָפיע זאָל מען זיך אָפּגעבן ערשט נאָכ־דעם, ווי מען וועט דערווערבן אין אַ גענוגנדיקער מאָס תלמודישע ידיעות, עס איז אָבער געווען קלאָר, אַז דאָ האַנדלט זיך ניט ווייניקער ווי וועגן אַ ראַדיקאַלער איבערקערעניש אין דער גאַנצער דערציונגס־סיסטעם: וועגן אָפּ־צוימען פאַרן קומענדיקן דור אַלע וועגן, וואָס פירן צו וועלטלעכן וויסן

---

1 „מנחת קנאות", 143, 150.

2 „מנחת קנאות", נומ' 82, 84—86; זע אויך דעם פריער ציטירטן בריוו פון אַן־דוראַן צום רשב"א און דעם רשב"אס בריוו צו שלמה בר יצחק אויס מאָנפּעליע („לעטטערבאָדע", IV, 125—131).

3 „מנחת קנאות", נומ' 89, לעטטערבאָדע", V, 53.

4 „מנחת קנאות", 166.

5 „מיט וואָס פאַר אַ רעכט — רופט אויס מיט פעס שמעון אַן־דוראַן — מאַכט איר אונז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די זינד, וואָס יענע האָבן בעת דעם ערשטן קריג באַ־גאַנגען? ווי האָט איר עס די העזה אונז צונויפמישן מיט די וואָס האָבן זיך אונטער־שטאַנען אַרויסצוטרעטן אַנטקעגן משה דעם גרויסן מאַן? מיר בוקן זיך פאַר אים און גייען אין זיינע וועגן („תפארת שיבה", II, 153).

און פרייען פאָרשער־גערֿאַנק, און דאָס וועט מוזן ברענגען דערצו, אַז אויך דאָס שפּאַנישע יידנטום זאָל זיך איינשליסן אין די ענגע ד׳ אמות של הלכה ווי זיינע ברידער אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך. דערויף האָט טאַקע יעקב בן מכיר זייער ריכטיק אָנגעוויזן אין זיין בריוו צום רשב״א[1], אַז דער פאַרבאָט צו פאַרנעמען זיך מיט וועלטלעכע וויסנשאַפטן ביז אין עלטער פון 25 יאָר וועט לאָגיש מוזן ברענגען דערצו, אַז דער אונטער־וואַקסנדיקער דור וועט בלייבן פאַרגרעבט און אומוויסנד, וואָרעם ווער ס׳לערנט ניט אין די יונגע יאָרן, דער וועט שוין בלייבן אַן עם־הארץ זיין גאַנץ לעבן. דאָס האָבן גלייך איינגעזען אויך פילע פון די, וואָס זיינען געווען פּרינציפּיעלע קעגנער פון די ראַציאָנאַליסטן און זייער מע־טיקייט. זיי האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָ ווערט געשטעלט די פראַגע וועגן פרייהייט פונם פאָרשער־געדאַנק, וועגן פרייהייט פון וויסן — און זיי זיינען אַנטשיידן אַרויסגעטראָטן קעגן דעם חרם פון די באַרצעלאָנער רבנים און קעגן אבא מארים אַגיטאַציע־טעטיקייט.

דער ערשטער איז אַרויסגעטראָטן קעגן דער פּאַרטיי פונם רשב״א און אַבא מארין — דער באַטייטיקער פּראָוואַנסאַלער למדן פון יענער צייט, מנחם בן שלמה מאירי[2]. דעם רמב״מס אַ הייסער אָנהענגער, האָט ער אויך אויסגענוצט זיין פאָרשונגס־מעטאָדע, און מאירים באַרימטער פּירוש אויף תלמוד, „בית הבחירה״, צייכנט זיך אויס מיט זיין קונציקער אַר־כיטעקטאָניק און קלאָרער איינפאַכער שפּראַך. אים זיינען אינגאַנצן פרעמד די פּילפּוליסטישע חקירות און פשטלעך פון דער דייטש־פראַנצוי־זישער שול, און זיין סטיל איז פריי פון די אַלע רעטאָרישע מליצות און געציקלטע באַפּוצונגען, וואָס זיינען דעמאָלט געווען אַזוי אין דער מאָדע. אַדאַנק זיין שאַרפן קריטיש־היסטאָרישן חוש האָט מאירי גלייך איינגע־זען, אַז בכדי צו באַקומען אַ קלאָרן באַגריף און געהעריק אָפּצושאַצן די דינים און געזעצן, וואָס ס׳האָבן אויסגעאַרבעט די בעלי־התלמוד, מוז מען קודם־כל קלאָר מאַכן אין וואָסער צייט ס׳האָט געלעבט יעדער פון די תנאים ואמוראים באַזונדער. צו דעם צוועק האָט ער צו זיין פּירוש אויף „פּרקי אבות״[3] פאָרויסגעשיקט אַ ליטעראַטור־היסטאָרישע „פּתיחה״,

---

1 „מנחת קנאות״, נומ׳ 24.

2 זיין פּראָוואַנסאַלער נאָמען איז דאָן געווען: דאָן־ווידאַל־סאָלאָמאָן. געבוירן אין פּערפּיניאַן אין 1249, געשטאָרבן אין 1306. מער באריכות וועגן דעם זע **Les rabbins fr.**, 528—547.

3 איבערגעדרוקט אין ווין 1854 דורך ז. שטערן, וועלכער גיט דאָרט אויך מאירים ביאָגראַפיע.

וואָס אין איר גיט ער אין אַ שטרענג כראָנאָלאָגישן סדר אַן אַלגעמיינעם איבערבליק, ווי אַזוי ס'האָט זיך אַנטוויקלט די „תורה שבעל פה" פון די ערשטע תנאים אָן ביז צו זיין צייט [1]. און עס איז כלל ניט קיין מליצה-דיקע איבערטרייבונג, בעת דער דיכטער יהודה אבן זברה דערקלערט אין זיין ליד מיט התפעלות:

גרויס איז אַ צאָל זיינען די פירושים אויף משנה און גמרא,
אייניקע זיינען צו קורץ, אַנדערע — מוראדיק לאַנג און
גרענעץ און מאָס,
ביז דער מאירי האָט זיך באַוויזן און געשאַפן זיין „בית הבחירה" [2].

מאירי איז געווען אַן אַנטשיידענער קעגנער פון די ראַציאָנאַליסטן מיט זייער אַלעגאָרישן אַרט דערקלערן די „טעמי המצוות", דאָך האָט ער גלייך דערזעען אין דער קאַמפּאַניע, וואָס ס'האָט געפירט די קעגנע-רישע פּאַרטיי, אַ געוויסע סכנה פאַר דעם פרייען פאָרשן און וויסן; און בעת אבא מארי האָט זיך צו אים געווענדט מיט דער בקשה, ער זאָל מיט זיין חתימה אונטערשטיצן דעם חרם פון די באַרצעלאָנער רבנים, איז מאירי אַרויסגעטראָטן מיט אַ שאַרפן פּראָטעסט.

„מיט גרויס פאַרגעניגן—שרייבט מאירי אין זיין אָפענעם בריוו[3] — האָב איך געהערט, אַז דו ביסט אַרויסגעטראָטן קעגן די ראַציאָנאַליס-טישע פּרעדיקער. איך האָב געהאָפט, אַז דורך דיר וועט ענדלעך נעמען אַ סוף צו דער העכסט טרויעריקער דערשיינונג... וואָרעם ס'איז דאָך

---

1 מער באריכות וועגן דעם באַטייט פון דעם דאָזיקן ווערק זע וייס „דור דער ודורשיו" V, 89—91.

2 ספרים נעשו אין קץ לבאר יסוד תלמוד במשנה או בגמרא
ויש גאון ורב כמה מאריכין ויש קצר אבל לא במשורה
עדי שקם לבית מאיר מנחם ובנה בית הבחירה.

מאירים „פתיחה" האָט דערנאָך זיינער אַ לאַנדסמאַן, יצחק בן יעקב לאַטעס, אויסגענוצט אין זיין ווערטפולער היסטאָרישער כראָניק „שערי ציון", וואָס דערגייט ביזן יאָר 1372 (פאַרעפנטלעכט מיט פילע הערות דורך ש. בובער אין 1885). מער באריכות וועגן לאַטעסן זע Les ecriv. juiles fr., 692—982.

3 צום באַדויערן איז דער דאָזיקער בריוו ניט דערגאַנגען בשלמות. אבא מארי דערמאָנט בלויז וועגן אים אין „מנחת קנאות" (נומ' 93), ער ברענגט אים אָבער ניט. דער אינהאַלט פון דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן דאָקומענט איז אונז בלויז באַקאַנט אויס דעם ענטפער, וועלכן מאירי האָט באַקומען פון אבא מארים אַן אָנהענגער, שמעון בן יוסף אַן-דוראַן, ווו עס ווערן געבראַכט אַ סך ציטאַטן פון מאירים בריוו. אַן-דוראַנס ענטפער האָט פאַרעפנטלעכט ד. קויפמאַן אין „תפארת שיבה", II, 142—174. ביאָגראַפישע פרטים וועגן שמעון אַן-דוראַן זע: Les rabbins fr., 695—700.

ווירקלעך א חרפה צו זען, ווי מענטשן אָן וויסן האָבן די העזה צו דרשענען פון דער בימה, פאַרדרייען דעם פשט פון דער תורה און פאַרפלאָנטערן די מוחות מיט ווילדע המצאות, וואָס האָבן קיין סמך ניט הן אין דער ביבל הן אין תלמוד [1]. פלוצלונג האָב איך אָבער באַקומען די טרויעריקע ידיעה, אַז דו, צוזאַמען מיטן רשב״א, זייט אַרויס מיט אַ חרם קעגן וועלטלעכן וויסן און איר דערקלערט אַ מלחמה די טרעגער פון פאַרשונג און בילדונג. דו דערקלערסט עפנטלעך, אַז זינט ביי אונז אין דער פּראָוואַנס האָבן זיך פאַרשפּרייט די וויסנשאַפטלעכע קענטעניש, האָט זיך געשטאַרקט די אַפּיקורסות אין לאַנד און מען האָט אָנגעהויבן אין גאָט צו פאַרגעסן[2]...

„איר — שרייבט ווייטער מאירי — טרעט אַרויס קעגן די „חכמות חיצוניות"; צי פאַרשטייט איר דען אַליין ניט, אַז מען קאָן זיך אָן וויסנשאַפטן ניט באַגיין, און אַז ס'איז פּשוט לעכערלעך צו אַסרן וויכטיקע און ניצלעכע ווערק נאָר דערפאַר, וואָס דער אָדער יענער דאָרט אַרויסגעזאָגטער געדאַנק קאָן שלעכט פאַרשטאַנען ווערן, און עס קאָנען זיך געפינען מענטשן, וואָס זאָלן ציען פון אים פאַלשע הנחות. צי ווייסט איר דען ניט, צי פאַרשטייט איר דען ניט, אַז די וויסנשאַפטלעכע פאָרשער און דענקער זיינען דער שטאָלץ פון דער אומה? איר אָבער ווילט דאָס גאַנצע פאָלק מאַכן פאַרגרעבט און אומוויסנדיק, איר ווילט, אַז דאָס פאָלק, אויף וועלכן מען האָט נאָך אין קדמונישע צייטן עדות געזאָגט, אַז ס'איז אַ „עם חכם ונבון", זאָל באַקומען אַ שם פון אַן אָפּגעשטאַנענער און פאַרווילדעטער מאַסע [3]. לייכטזיניקע מענטשן באַגייען נאַרישקייטן — שטראָפט זיי אויס, גיט זיי צו פאַרשטיין, אַז זיי גרייזן און גייען אויפן פאַלשן וועג; נאָר מיינט איר טאַקע אין דער אמתן, אַז פאַלשע און ניט־פאַסיקע טריט פון אייניקע נאַראָנים קאָנען ברענגען אין געפאַר דעם קיום פון אונזער דת? ווען אייניקע, וואָס לערנען פילאָזאָפיע, באַגייען פעלערס, מאַכן פאַלשע הנחות און בלאָנדזשען אַראָפּ פונם ריכטיקן וועג — דאַרף מען דערפאַר דערקלערן מלחמה דעם פילאָזאָפישן פאָרשן און דענקען? צי האָט מען דען פאַרשפּאַרט די טויערן פונם „פרדס" [4]

1 „אשר היא חרפה לנו בקום עלינו תמיד אדם בלתי יודע וידרוש ברבים ויורה פנים שלא כהלכה ויציר בפשוטי המקראות צורות רחוקות אין להם אֵם למקרא ולא אֵם למסורת".

2 „הדרת שיבה", 150.

3 דאָרטן, 157, 158, 162.

4 פרדס הייסט אייגנטליך אַ שמעקעדיקער מאַראַנצן־גאָרטן, ווערט אָבער אין תלמוד געברויכט אין אַ סימבאָלישן זין — אַלס נעבים פון חכמת הנסתר און „מעשה

אויף דעם סמך, וואָס אלישע בן אבויה איז אַן אַפּטריניקער געוואָרן נאָך דעם ווי ער איז אַהין אַריינגעדרונגען?"

גלייכצייטיק מיט מאירין איז אויך אַרויסגעטראָטן אַ צווייטער באַ־דייטנדיקער פאָרשטייער פונם פּראָוואַנסאַלער יידנטום — דער דערנאָך אַזוי באַרימט געוואָרענער דיכטער ידעיה פניני [1], דער זון פון אברהם בדרשי [2]. אַדאַנק דער ליטעראַרישער סביבה, אין וועלכער דער יונגער ידעיה איז אויפגעוואַקסן, האָט ער שוין זייער פרי אַרויסגעוויזן זיין ליבע צו פּאָעטישן שאַפן, און צו 15 יאָר האָט ער פאַרפאַסט זיין באַקאַנטע תפילה „בקשת הממין", וועלכע באַשטייט אוים 1000 ווערטער, ווו יע־דעם וואָרט הייבט זיך אָן מיט אַ „מעם". אברהם בדרשי איז אַזוי שטאַרק נתפעל געוואָרן פון זיין זונס דעביוט, אַז ער האָט אין אַ ספּעציעלן געדיכט באַזונגען די שיינקייט פון דער דאָזיקער תפילה, און האָט פאַרזיכערט, אַז „זיין זון שלאָגט אַרוים פייער מיט זיינע גאָלדענע סטראָפן, וואָס מיט קיין שום פרייז קאָן מען זיי ניט אָפּשאַצן" [3]. די „בקשת הממין" איז אָבער בלויז אַ „קונצשטיק", מיט פיל מליצה, נאָר זייער ווייניק פּאָעטישן שווונג. די השפעה פון דעם פאָטערס וואַסערדיקער מליצה שפּירט זיך אויך אין ידעיהס צווייט ווערק, וואָס ער האָט פאַרפאַסט צו 18 יאָר — זיין פּאָעמע „אוהב נשים" (טראָגט נאָך אַ צווייטן נאָמען „צלצל הכנפים") [4]. דער גאַלאַנטער יונגער דיכטער טרעט דאָ אַרוים קעגן דעם „פרויען־פיינד" יהודה בן שבתי און זיין פּאָעמע „מנחת יהודה" (זע באַנד I, קאַפּ' 8). ער נעמט זיך אָן פאַר די באַליידיקטע חוהס טעכטער,

מרכבה". לויט אַ תלמודישער אגדה זיינען פיר תנאים „נכנסו לפרדס", נאָר בשלום איז צוריקגעקומען פון דאָרט בלויז איינער פון זיי — ר' עקיבא; אַ צווייטער אָבער, אלישע בן אבויה, איז אַן אַפּיקורס געוואָרן און האָט „די צווייגן פון גלויבן אָפּגעהאַקט" (הציץ וקיצץ בנטיעות).

1 געבוירן אין בעזיע (בדרש), דערפון דער נאָמען בדרשי. וועגן דעם יאָר פון זיין געבורט זיינען פאַראַן חילוקי־דעות. לויט אייניקע פאָרשער איז פניני געבוירן גע־וואָרן בערך אין 1275—1280; אַנדערע רעכענען אָבער, אַז פיל פריער — בערך אין 1255 — 60. זיין פּראָוואַנסאַלער נאָמען איז געווען En Bonet, אַ איבערזעצונג פון זיין צווייטן יידישן נאָמען טוביה, מיט וועלכן ער האָט זיך געחתמעט אונטער זיין יוגנט־ווערק „אוהב נשים". באַריכות וועגן אים זע: Les Ecrivains etc., 359—402.

2 וועגן דעם דאָזיקן דיכטער זע באַנד II, ז' 224. ס'איז אַ סברה, אַז טאַקע ידעיה פניני האָט צונויפגעזאַמלט דעם פאָטערס אַלע לידער אין איין דיוואַן (op. cit, 398).

3 „בני חוצב להב — בשורי מי זהב, ראה ערכם ורהב, בהמנע כפרם".

4 פאַרעפנטלעכט דורך א. נייבויער אין „צונץ־יובל־שריפט", II, 1—19. די שירים, וואָס זיינען אין דעם ווערק אַריינגעפלאָכטן, האָט איבערגעדרוקט מיט קריטישע באַמערקונגען און דערקלערונגען שניאור זאַקש אין „קובץ על יד", IX, 1893.

און דערצײלט, װי אזױ אין א לאנד פון טױגעניכטסן און לא־יוצלחס האָבן די מאַנען באַשלאָסן זײערע װײבער צו פאַרטרײבן, און װאָס דערפון איז געװאָרן. אין דער פּאָעמע זײנען דאָ פײן־װיציקע שטעלן, עס װאַרפן זיך דורך גאַנץ גראַציעזע לידער, דאָס גאַנצע װערק איז אָבער אזױ צעשװומען און לאַנגװײליק, די פאַבולע װערט ממש דערטרונקען אין א גאַנצן ים פון מליצות, אַז בײם לעזער פלאַצט די געדולד אױסהערן דעם „אוהב נשים״ ביזן סוף.

פיל אינטערעסאַנטער איז דערפאַר ידעיהס אַן אַנדער װערק, געשריבן בערך אין יענער צײט — זײן עטיש־דידאַקטישער מאמר „ספר הפרדס״ [1]. דאָ טרעט פאַר אונז אַרױס ידעיה אַלס װיסנסדאָרשטיקער און ערנסט־דענקענדיקער יִנגלינג, װאָס באַקענט מיט זײן װעלטאַנשױונג, מיט זײן אָפּשאַצן דעם װערט פון װיסנשאַפטן, מאָראַל אאַז״װ. זײנע סענטענצן און מײנונגען פלעכט ידעיה גאַנץ אײגנאַרטיק צונױף מיט משלים און פאַבלען. באַזונדערס אינטערעסאַנט איז דער לעצטער קאַפּיטל, װוּ עס װערט גערעדט װעגן רעטאָריק און דיכטונג. אומגעהײער גרױס איז דער באַטײט פון דער פּאָעטישער קונסט, שטרײכט אונטער דער דיכטער; „אָן פּאָעזיע — קאָן קײן אמונה ניט עקסיסטירן [2], זי איז דער יסוד פון יעדער רעליגיע, זי דערװײכט דעם מענטשנס האַרץ און שטאַרקט אין אים דעם גלױבן״. „אַן אמתער דיכטער אײלט זיך ניט צו פאַרעפנטלעכן זײנע װערק, װאָרעם דאָס, װאָס געפעלט אים גלײך נאָך דעם באַשאַפן, דאָס קאָן אים שפּעטער אױסװײזן קלײן און נישטיק״. „היט זיך צו דערװעקן דעם דיכטערס שנאה, װאָרעם זײן שקר װעט מען גיכער גלױבן װי אין דײן אמת״...

דער װיסנסדאָרשטיקער ידעיה האָט זיך פון זײן יוגנט אָן פיל אָפּגעגעבן מיט גריכיש־אַראַבישער פילאָזאָפיע, האָט אין א סך זײנע אַרבעטן באַהאַנדלט פילאָזאָפישע פראַגן און געשריבן פירושים און מילואים צו די װערק פון אבן־סינה, אבן־רשד, אַלפאַראַבי און אַנדערע [3]. זײנע באַליבטסטע דענקער זײנען אָבער געװען אברהם אבן עזרא און דער רמב״ם. זײ, בפרט מײמוני, זײנען פאַר אים געװען די פאַרקערפּערונג פון דער העכסטער מדרגה פונם מענטשלעכן װיסן. עס איז דערפאַר קײן װוּנדער

1 צום ערשטן פאַרעפנטלעכט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין 1515; איבערגעדרוקט דורך יוסף לוצאַטו אין „אוצר הספרות״ III, אָפּט. IV. אײניקע פראַגמענטן, װאָס פעלן אין די אױסגאַבן, האָט פאַרעפנטלעכט דוקס אין „הלבנון״, V (1868); זע אױך: Les ecrivains juives fr., 366—68.

2 „לולא משלי השירים הערבים לא עמדו חדתות״.

3 זע װעגן דעם: שטײנשנײדער, „העבר. איבערזעצונגען״, 110, 286, און Les ecrivains, 375—398.

נים, וואָס ווי נאָר ידעיה האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם „חרם" פון די באַרצעלאָנער רבנים, האָט ער זיך גלייך געווענדט צום רשב"א מיט אַ פּראָטעסט־בריוו (כתב ההתנצלות), וועלכער האָט געמאַכט אין זיין צייט אַ געוואַלטיקן רושם[1].

לויט דעם נוסח פון יענער צייט, ווענדט זיך ידעיה אין אָנפאַנג פון זיין בריוו אין ריין אָריענטאַלישע שבחים און פּאַטעטישע מליצות צום רשב"א, וועלכן ער רופט „נשיא ד'", „דער לייכטזייל פון זיין דור", „דער קוואַל פון יושר און גערעכטיקייט" אאַז"וו. נאָך די אַלע שבחים זאָגט דער דיכטער אַרויס גאַנץ פריי און מיט גרויס פּאַטאָס דאָס געפיל פון צאָרן און עמפּערונג.

ווי איז דאָס געהערט געוואָרן — רופט אויס ידעיה בדרשי — אַז מען זאָל גאַנצע קהילות, ווי עס געפינען זיך אַזוי פיל חשובע גאַטספאַרכ־טיקע מענטשן, רייך אין וויסן און אין מעשים־טובים, דערקלערן פאַר נעסטן פון זינד און לאַסטער, באַטראַכטן זיי אַלס באַנדעס אויס־געלאַסענע און נידערטרעכטיקע רשעים![2] איר האָט אונז געמאַכט צו שפּאָט און צו געלעכטער בכל תפוצות ישראל, און דאָס אַלץ דערפאַר, וואָס צווישן אונז האָבן זיך געפונען אייניקע מענטשן, וועלכע זיינען גע־ווען נים נענוג פאָרזיכטיק, און זייער גאַנצע שולד באַשטייט אין דעם, וואָס זיי האָבן אין זייערע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען אַנטפּלעקט פאַרן ברייטן עולם דאָס, וואָס ס'איז מער געווונטשן ס'זאָל בלייבן בסוד[3].

ידעיה גופא האָט לויט זיין וועלטאַנשויונג געהערט צו דעם מער רעכטן פליגל מיימוניסטן, וואָס האָבן גאַנץ פאָרזיכטיק זיך באַנוצט מיט דער ראַציאָנאַליסטיש־אַלעגאָרישער מעטאָדע פון זייער גייסטיקן פירער. אים האָט זיך דערפאַר אויסגעוויזן, אַז אויך די איבעריקע ראַציאָנאַליסטן פון פּראָוואַנס גייען נים ווייטער ווי ער. ער שטרייכט דערפאַר אונטער, אַז ער איז פולקום מסכים מיטן רשב"א, אַז די, וואָס דערקלערן די היס־טאָרישע פּערזענלעכקייטן פון דער ביבל אַלס לויטער אַלעגאָרישע סימ־באָלן און די מצוות און דינים אַלס בלויזע מאָראַלישע סענטענצן — די זיינען כופרים בעיקר, וואָס גראָבן אונטער די יסודות פון דער אמונה[4].

מיר אָבער — פאַרזיכערט ידעיה — בלייבן טריי דער לערע פון רבנו משה בן מיימון, און ער האָט זיך דאָך קיין מאָל נים דערלויבט אַרויסצוזאָגן

---

[1] אָפּגעדרוקט אין רשב"אס שו"ת נומ' 418. פאַרעפנטלעכט באַזונדער דורך ש. בלאָך אין 1809, איבערגעדרוקט אין וואַרשע אין 1881.

[2] „כתב התנצלות", 21 (ציטירט נאָך וואַרשעווער אויסגאַבע 1881).

[3] דאָרטן 21—23, 24.

[4] דאָרטן, 39.

אזוינע אפיקורסישע געדאנקען. ביים דערקלערן און אויסטייטשן די מעשיות און אגדות, וואס געפינען זיך אין דער ביבל און אין תלמוד, באנוצט ער זיך בלויז מיט דער אלעגאָרישער מעטאָדע, ווען עס האנדלט זיך וועגן ריין האלטן דעם גאָטהייט־באגריף פון גשמיות און מאטעריעל־קערפערלעכע פאָרמען און בילדער. מיט זיינע דערקלערונגען פון די „טעמי המצות״ האָט מיימוני נאָר געשטארקט און פאָרטיפט זייער באטייט[1] וואָרעם—שטרייכט ידעיה אונטער—די פילאָזאָפישע באלייכטונג שטארקט די אמונה, זי היט אָפּ איר ריינקייט און דערלאָזט ניט, אז אירע קוואלן זאָלן פאראומריייניקט ווערן דורך ווילדן אָבערגלויבן[2].

איר אָבער — ווענדט זיך ידעיה צום רשב״א און זיינע אָנהענגער — איר האָט אַ קאמף דערקלערט דער פילאָזאָפיע און דעם פרייען פאָרשן. נאָר אומזיסט איז אייער מי. דער פילאָזאָפישער געדאנק האָט זיך איינגעבירגערט ביי יידן נאָך אין סעדיה גאונס צייטן, האָט אויפגע־בליט אינם דור פון אברהם אבן עזרא און דערגרייכט די העכסטע מדרגה, ווען ס׳האָט אויפגעלויכטן דער שטערן פון משה בן מיימון, וואס זיין נאָמען איז גרוים און טייער ניט נאָר ביי יידן, נאָר אויך ביי די חכמי אומות העולם[3].

איר זייט טאקע ביי אונז זייער חשוב—דערקלערט דער ידעיה פניני אינם סוף פון זיין בריוו — מיר רעכענען זיך זייער און זייער מיט אייער רבנישן אויטאָריטעט; און דאָך — זייט וויסן: מיר קאָנען ניט און ווילן ניט זיך צעשיידן מיט דער וויסנשאפטלעכער פאָרשונג, זי איז אונזער אָטעם, אונזער לעבן, און ס׳זאָלן אפילו קומען יהושע בן נון בכבודו ובעצמו און ער זאָל ווען אָפּשטעלן די זון פון בילדונג — קיינער וועט אים ניט פאָלגן, וואָרעם אונזער גרויסער רבי (דער רמב״ם) האָט אונז אַן אנדער תורה בירושה געלאָזן, מיט איר וועלן מיר זיך ניט צעשיידן און טריי וועלן מיר זי איבערגעבן די קומענדיקע דורות [4].

ביידע צדדים האָבן פאקטיש זיך ניט געקאָנט צונויפריידן. אפילו דער געלאסענער מיימוניסט, ידעיה פניני, האָט ניט געוואָלט באמערקן אין זיין סביבה געוויסע דערשיינונגען, וואס מען האָט ניט געקאָנט און ניט געטאָרט פארלייקענען און אין וועלכע די אָרטאָדאָקסע רבנים האָבן גע־זען די גרעסטע געפאַר פאַרן קיום היהדות. די מחלוקת וואָלט געווים וואס

1 דאָרטן, 37—39, 68—69.

2 דאָרטן, 27, 49—50.

3 דאָרטן, 70.

4 דאָרטן, 75.

ווייטער זיך אַלץ מער געשטאַרקט — נאָך פּלוצלונג האָט זיך אַריינגע־מישט מיט איר שווערער מגושמדיקער האַנט אַן אויסערלעכע פיינדלעכע מאַכט. גאַנץ אומדערוואַרט האָט דאָס פראַנצויזישע יידנטום אַן אימהדיקע קאַטאַסטראָפע געטראָפן. דער געלטגעריקער פראַנצויזישער מלך, פיליפּ דער שיינער, האָט אין יולי 1306 אַ דעקרעט אַרויסגעגעבן. מען זאָל די יידן פונם לאַנד אַרויסטרייבן. די קהילה פון מאָנפּעליע, דער הויפּט־צענטער פון דער מלחמה, איז צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן. אבא מארי האָט אָפּגעריכט גלות, זיך געוואַלגערט אין אַרל, דערנאָך אין פּערפּיניאַן, און פאַרשווינדט באַלד אינגאַנצן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע [1]. זיין אָנהענגער שמעון בן יוסף אַן־דוראַן איז אַריבערגעפאָרן קיין עי, וו־ער האָט אין אַ האַרציקער קינה באַוויינט דעם חורבן פון די פּראָוואַנסאַ־לער קהילות [2]. מנחם מאירי איז געשטאָרבן אין דעם זעלבן יאָר, און אין פיר יאָר אַרום איז אויך געשטאָרבן דער אַלטער רשב״א, וועלכן זיין תלמיד יוסף בן שלמה אבן יחיא [3] האָט באַוויינט אין זיין באַקאַנטער עלעגיע, וואָס איז אַדאַנק איר איינגאַרטיקן מעטער געוואָרן אַ מוסטער און פאָרבילד פאַר די אַלע שפּעטערדיקע אַזויגערופענע „ווידער־קול״־לידער. אבן־יחיאס עלעגיע איז געבויט לויט די כללים פון דער אַראַבישער מעט־ריק, און אַלע אירע פערזן פאַרענדיקן זיך מיט איין און דעם זעלבן גראַם — „ ִרים״. אינם שלום־וואָרט פון יעדן פערז ווערן אָבער אות באות איבערגעחזרט די לעצטע זילבן פונם פאָרלעצטן וואָרט. עס באַקומט דעם איינדרוק פון אַ מין ווידער־קול, גלייך אויף די עלעגישע אַקאָרדן פונם קלאָג־ליד, וואָס באַוויינט די גרויסע אבידה, רופט זיך אָפּ די גאַנצע נאַטור מיט אַ טרויעריקן עכאָ. די דאָזיקע זייער קאָמפּליצירטע מעטער־פאָרם האָט אַדאַנק אבן־יחיאס שיינער עלעגיע שטאַרק אויסגענומען, און פיל שפּעטערדיקע דיכטער האָבן אויך געפּרוּווט שרייבן „ווידער־קול״־לידער. מיר גיבן דערפאַר דאָ אין אונזער פּראָזאַישער איבערזעצונג די ערשטע סטראָפן פון דעם ערשטן העברעיִשן „עכאָ־ליד״ [4].

---

1 זיינע צוויי קינות אויפן טויט פון מאירי און רשב״א זיינען פאַרעפנטלעכט אין „לעטערבאָדע״ V, 73—79.

2 די קינה האָט פאַרעפנטלעכט ד. קויפמאַן אין Revue d. Etudes juifes 225—228.

3 די פאַמיליע יחיא האָט געגעבן אַ גאַנצע ריי באַדייטנדיקע פּערזענלעכקייטן, וועגן וועלכע עס וועט אונז ווייטער נאָך אויסקומען צו ריידן.

4 צום ערשטן פאַרעפנטלעכט אין גדליה אבן יחיאס „שלשלת הקבלה״, איבער־געדרוקט מיט אַן אויסגעבעסערטן טעקסט דורך ד. קויפמאַן אין „צייטשריפט פ. העבר. ביבליאָגראַפיע״, I, 24—5.

„אויף די שפּיצן פון גלעד און לבנון שטייג אַרויף, דו געטין פון געזאַנג! זאָל פון הר העברים דיין געוויין אויסבּרעכן און אין אַלע עקן זאָל הילכן דיין יאָמער־געשריי!

„קיין נוף און תחפנחס טו ווענדן דיינע טריט, איבער די געצעלטן פון שומרון זאָג אָן אַלע קינדער פונם גלות: געפאַלן איז דער שטאָלץ און די פּראַכט פון דער תורה, איר שענסטע קרוין — אין פינסטערן קבר געוואָרפן.

„וווהין דו ווענדסט דיינע טריט — דערוועק שלוכצן און יאָמער; וויין ווי אַ קלאָג־מוטער איינגעהילט אין שוואַרצן מאַנטל פון טרויער.

„גלאַט ווי ביי אָדלערס גאָלט אָפּ אייערע קעפּ, איר זינגער [1]. אין ביטער געוויין פאַרוואַנדלט אייערע פרייילעכע לידער.

„זאָלן קלאָגן־געשרייען דערשטיקן די לוסטיקע טענער פון פויקן און טרומייטן; זאָלן די בת־היענות פאַרהילכן מיט זייערע קרעכצנדיקע קולות ניט פאַראייניזאַמטע וועלדער און וויסטעס, נאָר די רעשדיקע שטעט און קהילות.

„פאַרציטערן אין שרעק זאָלן גאָטס הייליקע דינער, פאַרשטומט מוזן ווערן די לוויִמס געזאַנג, אין בעטלער־קליידער הילט אייך איין, איר איידעלע און פירשטן, אין זעק און טרויער־מאַנטלען קליידט אייך אָן איר גרויסע און רייכע!

„וואַרפט אַראָפּ די דיאַדעמען און קרענץ פון אייערע קעפּ און באַדעקט זיי מיט אַש און מיט שטויב; מיט שטעכיקע דערנער באַוואַרפט די פּראַכט־פּאַרטאַלן, וואָס האָבן שימערירט מיט די געשטיקטע פילפאַרביקע טעפּעכער.

„פאַרגעסט אין די בליענדיקע גערטנער, איר זאַרגלאָזע מוידן, פאַרלאָזט, איר חתנים, אייערע שיינע געמעכער —

„אין דעם פינסטערן טאָג, ווען געפאַלן איז אונזער היטער און שוץ, און עלנד און פאַרלאָזן זיינען די שאָף געבליבן; אויסגעלאָשן איז דער גלאַנץ פון דעם אומפאַרגלייכלעכן שלמהן, וואָס האָט מיט זיין ליכט באַשיינט אונזער וועג דעם שווערן....״ [2].

---

1 גאָלן דעם קאָפּ איז ביי די מורח־פעלקער געווען אַ צייכן פון טרויער (קראו לבכי ולמספד ולקרחה).

2 (5 קרחה להרחיב כנשרים שָׁרים — חושו ותחת שיר אמרים מרים
ומנגנים קנים מקום מָנים תנו — יענה תסובב כיערים ערים
ומקום חלילים כחללים נאקו — כאשר באשמנים פגרים גרים

* *
*

פון אַלע אָנגעזעענע אָנטיילנעמער אין דעם עקשנותדיקן „קולטור־קאַמף" איז בלויז איין ידעיה פניני ניט נאָר ניט אַראָפּ פון דער סצענע, נאָר ערשט שפּעטער באַוויזן זיין גאַנצע שאַפונגס־קראַפט. און טאַקע אונטער דעם איינדרוק פון דער אָקערשט איבערגעלעבטער קאַטאַסטראָפע האָט ער אַ ווערק געשאַפן, וואָס ס'האָט זיין נאָמען באַרימט געמאַכט אין די קומענדיקע דורות. זיין טרויער און פּעסימיסטיש געשטימטע וועלטאַנשויונג האָט ער אויסגעדריקט אין זיין דידאַקטישער פּאָעמע „בחינת עולם", וואָס איז געוואָרן איינס פון די פּאָפּולערסטע ווערק ביי יידן. מען האָט אויף דעם באַליבטן ווערק פילע פירושים געשריבן [1], מען האָט עס אויך אויף פילע אייראָפּעיִשע שפּראַכן איבערגעזעצט [2], און עס איבערגעדרוקט אין אַ קאָלאָסאַלער צאָל אויסגאַבעס [3].

ריזיק־ווייט איז דער מהלך פון דער פּאָעמע „אוהב נשים", וואָס דער 18יאָריקער דיכטער האָט געשריבן, ביז צו דער פּאָעטישער שאַפונג פונם רייפן דיכטער „בחינת עולם". אויך אין דעם ווערק כאַפּט דער דיכטער ערטערווייז איבער די מאָס. דער סטיל איז צו פיל געקינצלט, דער לעזער ווערט ביסלעכווייז מיד פון דער צו גרויסער עשירות אין האַרמאָנישע צוזאַמענקלאַנגען פון ווערטער און זילבן, און פון די צו אָפּטע עפעקטן, וואָס דער דיכטער פלייסט זיך צו דערגרייכן דורך דעם קונץ פון „לשון נופל על לשון". נאָר דער לעזער איז גערן מוחל די דאָזיקע קליינע ריטאָרישע פעלערן, אַנטציקט פון דער שיינער בילדער־שפּראַך און געבלענדט דורך די גרעלע, רייכע פאַרבן. דער פילאָזאָפישער געדאַנק, די

לובש שרד יחרד זמיר בר לבב ירד — נהי יהי אל העשירים שירים
מלך כחלק לך ונשיא תאבל — התרגשו לבשי שחורים חורים
צניף צפון ועדי עדה והרה בה — אפר בראש שפר כתרים תרים
אל הבהטים שש ברהיטים רצוף — הקוץ והדרדר לדרים דרים
מרעננות שאננות אל נהי — יצאו חתנים מחדרים דרים...
. . . . . . . . . . . . . .
יום ספּ אביר רועים ואבד כל נאות הצאן ונשטו דברים ברים
הוד רב שלמה הגביר הגביר ברית — היאר בנבכי היאורים אורים...

[1] פון די עלטערע מפרשים זיינען די וויכטיקסטע: יעקב אבן חביב, יצחק ממונטישון, יוסף פרנסיש און יום־טוב העלער (תוספות־יום־טוב). פון די נייערע: י. ד. פראַנק־קאַמענעצקי.

[2] אין לאַטיין, אין דייטש (אַכט מאָל), אין פראַנצויזיש (צוויי מאָל), איטאַליעניש, ענגליש און פּויליש.

[3] אין „קהלת משה" זיינען אויסגערעכנט איבער 70 אויסגאַבעס פון „בחינת עולם".

טיפסטע פראָבלעמען ווערן צעשמאָלצן אין דעם פייער־פלאַם פון דיכטע־רישער באַגייסטערונג, און אַנטפּלעקן זיך אין פילפאַרביקע בילדער, לעבן אויף אין פּאַטעטישע סטראָפן, וואָס טריפן מיט שטאָלצן טרויער און ביטערן שמאַרץ.

פּנינים פּאָעמע באַשטייט אייגנטלעך, לויט איר אינהאַלט און פּאַ־עטישן ווערט, פון צוויי פאַרשיידענע טיילן: דער ערשטער און וויכטיק־סטער פאַרנעמט די ערשטע צוועלף קאַפּיטלען, דער צווייטער טייל — די לעצטע פינף. אין דערהויבענעם פּאַטעטישן סטיל שילדערט דער דיכטער אין די ערשטע קאַפּיטלען די גרויסאַרטיקע שיינקייט פונם מענטשנס גייסט — דער געטלעכער אָפּגלאַנץ אויף דער ערדישער וועלט. שטאָלץ און מעכטיק איז דער קיניגלעכער פּלי פונם מענטשנס געדאַנק אין די אומבאַגרענעצטע ווייטן. אַלע וועלטן נעמט ער אַרום, פריי שוועבט ער איבער אַלע טיפן און הייכן — און מאַכטלאָז און נישטיק מוז ער גראַב־לען אין ערדישן שטויב, געשמידט אין קייטן פון וואַכעדיקע קליינלעכ־קייטן און קערפּערלעכער אומבאַהאָלפנקייט. דער טייערסטער איידלשטיין (גזרת ספּיר) — רופט אים דער דיכטער — איז אַ ציל־ברעט פאַרן בלינדן צופאַל, דער געטלעכער זון (בר אלהין) מוז גראַבלען אין דער פינסטער און שמאַכטן אין שטויב; באַשענקט מיט דעם אומשטאַרבלעכן אַלמעכ־טיקן געדאַנק — און דאָך איז זיין גורל: פוילן און פאַרגיין. דער מענטש איז אָבער ניט נאָר אַ קינדעריש שפּילצייג ביי די קאַלטע און גרויזאַמע נאַטורגעזעצן — ער אַליין מאַכט צו שאַנד זיין אומשטאַרבלעכע גרויס־קייט און לייכטזיניק פאַרבייט ער זי אויף קליינלעכע ערדישע פאַרגעניגנס. דער קיניג פון פרייען געדאַנק איז אַ קנעכט פון נידעריקע תאוות. און דער דיכטער שילדערט די טראַגישע סתירות פונם מענטשלעכן לעבן אין פאַלגנדיקע פּאָעטישע בילדער [1]:

אַן אומענדלעך ברייטער, פון אָפּגרונטן טיפער, ווילד
ברויזנדיקער ים איז די וועלט;
און די צייט — אַ וואַקלדיקער בריק איבער איר.
הענגט אויף בענדער—פוילע און פאַרגענגלעכע שוין פון געבורט;
און דאָס איז דער וועג, וואָס פירט צום אייביקן גליק,
צו דעם גלאַנץ און פּראַכט פון דעם געטלעכן ליכט...
ברייט ווי אַ שפּאַן איז דער דאָזיקער בריק, אָן פאַרענטשעס
און שטיצע, —
און דו, בן־אדם, דו ביסט געצוווּנגען דיין גאַנץ לעבן־לאַנג

1 „בחינת עולם", קאַפּ׳ 8.

שפאַנען אָן אויפהער איבער דעם דורכגאַנג דעם ענגן.
זע, ווי שמאָל איז דיין וועג, ניט אָפּקערן קאָנסטו ניט רעכטס
און ניט לינקס —
און נאָך חלומסטו וועגן מאכט, גרויסקייט און גלאַנץ?
זע: פון רעכטס און פון לינקס לויערן אויף דיר טויט און
פארדאַרבונג —
און נאָך האָט דיין האַרץ דעם מוט ניט פאַרלוירן,
נאָך קאָנסטו מיט שטאָלץ דיין אָרעם דערהויבן?
טוסט אפשר זיך אויף די רייכטימער די גרויסע פאַרלאָזן,
וואָס האָסט מיט מי זיך דערוואָרבן,
מיט דער מאכט פונם בויגן דערצוווּנגען?
אונטער זיי האָפּסטו שוץ צו געפינען
קעגן דעם געוואַלדיקן שטורעם פונם ברויזנדן ים,
וואָס שטירצט איבער דיר מיט זיינע מעכטיקע כוואַליעס?
פרוּוו שטעל זיך אַקעגן דעם ווילדן כעס פונם ים אוקינוס,
באַצווינג זיינע רייטוועגן מיט זיינע געוואַלדיקע רייטער!
לאָז נאָר זיך פאַרפירן דורכן געשפּינס פון דיינע חלומות,
באַריר נאָר דעם שוימיקן בעכער פון באַרוישנדיקער גאווה
און שטאָלץ —
גלייך וואַקלען שוין דיינע טריט אויף דעם שמאָלינקן דורכגאַנג,
שוין ביכטו פאַרלאָרן און פאַלסט אין די טיפע תהומען,
און פאַלן וועסטו פון אָפּגרונט צו אָפּגרונט, און קיינער
וועט ניט רעטן,
קיינער וועט ניט רופן: „אַך, קער זיך אום צוריק!"...

אין מעכטיקע סטראָפן גיסט דער דיכטער אויס זיין ווייטאָג און צאָרן איבער דער נישטיקייט פון דער וועלט, אָט „דעם קוואַל פון פוילקייט און שימל" (מקור הכליה וההפסד), איבער דעם זינלאָזן געשפּיל פון דעם בלינדן צופאַל, וואָס באַשענקט מילד די נישטיקע און שענדלעכע, און די בעסטע און אויסדערוויילטע ווערן ווי שטיפקינדער באַהאַנדלט; „די שאָלעכץ און שפּריי ווערן באַזאָרגט און געהיט, און די זאַפטיקע קערנער מיט די פיס געטראָטן", „די צעדערן פון לבנון ווערן פאַרבּרענט, און שמיעביקע דערנער לעבן און געדייען"[1].

[1] דאָרטן, קאַפּ' 10—11. די דאָזיקע צוויי קאַפּיטלען האָט מענדעלסאָן איבער-געזעצט אין דייטש.

אין פילפאַרביקע בילדער שילדערט דער דיכטער די נישטיקייט פון דער וועלט, אָט „די פינסטערע הייל, וואָס איז דאָס זאַמל־געפעס פאַר אַלע אָפּפאַל און פוילן אַלטוואַרג״. און דער מענטש, „די מאַכטלאָזע פליג מיט די אונטערגעהאַקטע פליגל, מוז זיך גראַבלען אין דעם שמוציקן שטייגל, וואָס האָט זיך ווי א קליין זעמדעלע פאַרבלאָנדזשעט צווישן די אָנצאָ־ליקע שטערן״ [1]. „און איך, אומגליקלעכער ליידנדיקער, איך בין אַהער געשיקט צו זיין די ציל־ברעט פאַר יעדן צער און שטורעם, וואָס ווייסן ניט פון קיין שום רחמנות!... באַטראַכט איך מיין פינסטער, טרויעריק מזל, באַגרייף איך, וואָס פאַר א נישטיק בלענד-שפּיל ס׳איז מיין גאַנץ לעבן — קאָן איך קיין טרייסט מער ניט געפינען״.

דער דיכטער, דער הייסער פאַרערער פונם בעל „מורה נבוכים״, פּרוּווט דאָך א טרייסט צו געפינען — אין מיימונים אידעען־וועלט. פאַר־פולקומען דעם פאַרשטאַנד, פאַרטיפן זיך אין דער גרויסקייט פון דעם גאָטס־באַגריף — דאָס איז דער העכסטער ציל פאַרן מענטשן אויף דער ערד, און קיין מאַכט אין דער וועלט קאָן ניט ברעכן דעם מענטשנס ווילן בעת ער שטרעבט צו דעם דאָזיקן דערהויבענעם ציל [2].

אין שיינע בילדער שילדערט דער דיכטער, ווי דעם מענטשנס נשמה, דער הימלישער פויגל, וואָס איז אינם קערפּערלעכן שטייגל פאַרשפּאַרט, רייסט זיך אין די לופטיקע הייכן, גאַרט זיך צו דערנעענטערן צום קוואַל פון ליכט און וויסן. וועגן דער דערהויבענער מאַכט פון דעם דאָזיקן קוואַל, שטרייכט אונטער דער דיכטער, זיינען גלייך עדות סיי די, וואָס שטרעבן צו אים, סיי די, וואָס אַנטלויפן און ווילן פון אים זיך דער־ווייטערן. „ווי וועגן דער ריזיקער מאַכט פון די זונען־שטראַלן קאָן מען זיך מערקן ניט בלויז פון דעם אימפּעט מיט וועלכן דער אָדלער שטרעבט אין דער הויך מיט זיינע מעכטיקע פליגל, נאָר אויך פון דעם פחד, מיט וועלכן די פלעדערמויז וויל שנעל זיך באַהאַלטן, די ליכטיקע שטראַלן זאָלן אירע פאַרפינסטערטע אויגן ניט טרעפן״ [3].

פאַרזוכן פונם עץ-הדעת, דערקלערט דער דיכטער, דאָס הייסט זיך באַהעפטן מיטן עץ־החיים, מיטן בוים פונם אייביקן לעבן. און ווי אין זיין „כתב״ צום רשב״א, אַזוי אויך דאָ שטרייכט ידעיה אונטער, אַז חכמה און וויסנשאַפט זיינען ענג פאַרבונדן מיט דער תורה, „אָט דעם

---

1 דאָרטן, קאַפּ׳ 12.

2 דאָרטן, קאַפּ׳ 16.

3 דאָרטן, קאַפּ׳ 13.

זווּנדערבארן בליץ, וואס דעם באשעפערס ליכט האט פאר דער וועלט אנטפּלעקט!"...

און דער דיכטער, דער מיימוניסט, פארענדיקט זיין ווערק מיט פאלגנדיקע כאראקטעריסטישע שורות:

„סוף דבר, דער סוף פון דער זאך: צי וועט זיך דיין הארץ ווענדן אויף רעכטס צי אויף לינקס — האלט זיך פעסט אין דעם, אין וואס ס'האט געגלויבט דער, וועלכער איז געווען דער לעצטער צווישן די גאונים לויט דער צייט, נאר דער ערשטער לויטן באטייט, אונזער גרויסער לערער רבנו משה בן מיימון ז"ל, וואס קיינער פון די חכמי ישראל נאך חתימת התלמוד קאן זיך צו אים ניט גלייכן. דעמאלט, בין איך זיכער, וועסטו זיין רייך אין וויסן און חכמה, און אין אלע אירע קאמערן וועסטו מיט פארכט אין הארצן ארויסזען גאטס מאכט און גרויסקייט"...

# זעקסטער קאַפּיטל.

יצחק אַלבאַלאַג און זיין „כּוונות הפילוסופים". — אַלבאַלאַג אַלס בּריידענ־קער. — אַלבאַלאַגס דעות וועגן דער וועלט־בּאַשאַפונג און דעם געטלעכן ווילן. — דער „נאַטירלעכער סדר" און דער „רעליגיעזער סדר"; גלויבּן און איבּערצייגונג. — דער „צווייאַרטיקער אמת" בּיי די קריסטלעכע טעאָלאָגן און בּיי אַלבּאַלאַגן. — אַלבּאַלאַג אַלס פּערזענלעכקייט.

מיר האָבּן שוין געזען, ווי פעסט איבּערצייגט ידעיה פּניני איז געווען, אַז די אמונה און די פילאָזאָפיע לעבּן אין פולשטענדיקן פרידן, און זיי זיינען כּלל ניט סותר איינע די אַנדערע. דערמיט זיינען אָבּער כּלל ניט געווען מסכּים ניט נאָר אַזוינע גאָטספּאָרכטיקע און אָרטאָדאָקס־דענקענדיקע מענער, ווי דער רשבּ״א און דער אַשֵׁרי, נאָר אַפילו פילע צווישן די איבּערצייגטע אַריסטאָטעליקער. אין דעם פּרט איז בּאַזונדערס אינטערעסאַנט ידעיה פּנינים אַ בּן־דור, דער איבּערזעצער און מפרש פון אבן־רשד און אַלגאַזאַלי, יצחק אַלבּאַלאַג.

וועגן זיין לעבּן ווייסן מיר כּמעט ווי גאָרניט. עס איז אַפילו ניט פעסטגעשטעלט, וווּ ער האָט זיינע יאָרן פאַרבּראַכט: צי אין צפון שפּאַניע, צי אין דער פּראָוואַנס [1]. אויך ווייסט מען ניט בּאַשטימט די צייט, ווען ער האָט זיין ווערק געשריבּן. אין דעם נאָך עד־היום ניט פאַרעפנטלעכטן [2] אַלבּאַלאַגס הויפּטווערק „תיקון דעות הפילוסופים" געפינט זיך אַפילו יאָ אַ דאַטע, וועלכע ווייזט אָן, ווען דאָס ווערק איז געשריבּן; די דאָזיקע דאַטע ווערט אָבּער ניט ריכטיק אָנגעוויזן בּיי פאַרשיידענע פאָרשער.

1 מיר רעכענען, אַז אַלבּאַלאַג שטאַמט אויס שפּאַניע, ווייל אין איין אָרט רעדט ער וועגן דריי „אמתע בּעלי־קבּלה", וואָס האָבּן געלעבּט „אין א ו נ ז ע ר לאַנד" (בּארצנו זאת), און די אַלע דריי זיינען אויס אַלט־קאַסטיליע (איינער אויס בּורגאָס, דער אַנדערער פון סעגאָוויע און דער דריטער פון טאָלעדאָ).

2 בּלויז דעם ערשטן צומווייניקסטן אינטערעסאַנטן טייל פון אַלבּאַלאַגס ווערק האָט אין דער נייערער צייט (1906) ה. אויערבּאַך פאַרעפנטלעכט („אַלבּאַלאַג אוּנד זיינע איבּערזעצונג ד. מאַקאַזיד אַל־גאַזאַלים").

י. ה. שור, וואָס האָט אין „החלוץ" [1] באַקאַנט מיט פילע פראַגמענטן פון אַלבּאַלאַגס חיבור, ווייזט אָן, אַז אין דעם פּאַריזער מאַנוסקריפּט איז פאַרצייכנט דאָס יאָר 1292, און אין אַן אַנדער כתב־יד — דאָס יאָר 1294. אַט די דאַטעס ווערן אויך געבראַכט ביי גרעצן און אַנדערע פאָרשער. שור האָט אָבער, ווי עס שיינט, אַ טעות געהאַט, וואָרעם אַזאַ באַגלויבטער און קאָמפּעטענטער עדות ווי שלמה מונק מעלדעט (צייטשר. פ. העבר. ביבל." XII, 154), אַז אין דעם פּאַריזער מאַנוסקריפּט איז אָנגעוויזן (fol. 145) די דאַטע 1334 (ה' צ"ד, ניט ווי ביי שורן: ה' נ"ד). און דאָס זעלבע יאָר איז אויך אָנגעוויזן אין דעם כתב־יד, מיט וועלכן מיר האָבן זיך באַנוצט [2] און אויך אין אַן אַנדער כתב־יד, וואָס שטיינשניידער דערמאָנט (העבר. איבערז. 299).

אַלבּאַלאַג איז געווען אַן איבערצייגטער אַריסטאָטעליקער, און האָט אַרויסגעזאָגט אַזוינע, פאַר יענער צייט „אַפּיקורסישע" געדאַנקען, אַז ער האָט דערמיט אַרויסגערופן אַ גרויסע אומצופרידנקייט אין די אָרטאָדאָקסישע קרייזן. זיי האָבן דערקלערט אַלבּאַלאַגן פאַר אַ „נידערטרעכטיקן און זינדיקן מומר להכעיס" (מין בליעל פושע וממרה) [3], פאַר אַ „כופר בעיקר" [4] און אַפילו פאַר אַ „לייכטזיניקן, שלעכטן, פאַרדאָרבענעם נאַר" [5] און דער פרומער משה ריעטי האָט אין זיין פּאָעמע „מקדש מעט" (103, עמ' א') פאַרשפּאַרט פאַר אַלבּאַלאַגן די טויערן פון גן־עדן.

„מען דאַרף נישט — זאָגט אַלבּאַלאַג — פאַרמאַכן די טויערן פון חקירה מחמת דעם טעם, וואָס דער מענטש קאָן דאָך סיי ווי סיי מיט זיין שוואַכן שכל נישט דערגיין אַלע סודות און די טיפעניש פון פאַרבאָרגענעם אמת — נאָר טריי מוז מען פאָלגן אַריסטוס באַפעל: אַלץ דאַרף צעגלידערן דער מענטש לויט זיין פאַרשטאַנד, און פריי אַרויסזאָגן זיין מיינונג" [6].

---

[1] „החלוץ", IV, VI און VII.

[2] זע ביילאַגע נומ' 5.

[3] זע: שם־טוב בר שם־טוב, „אמונות", ערשטע אָפּטיילונג, קאַפּ' 1 און 7; יוסף יעבץ, „אור החיים", 18 און 23: „נרבוני ואל־בלאג... הם וכיוצא בהם שם רשעים ירקב כי אלה רעים חטאים לד' מאוד".

[4] משה אלשכר, „השגות", 6, עמ' ב': „יצחק אלבלאג שהיה לרעתו כופר בעיקר".

[5] יצחק אברבנאל, אין „ישועת משיחו": „סכל רע לב ורועה רוח".

[6] „ואין לנעול דלתות החקירה ולאמר: הואיל שתכלית חכמתי אינה מגעת לאמת אין לי עסק בנסתרות, רק כמו שיאמר אריסטו: יש לאדם לעין ולדבר בכל דבר כפי מה שבטבעו ועל זה אין להוסיף ממנו ואין לגרוע".

אלבאלאג האט זיך געשטעלט פאר א ציל צו דערווייזן, ווי פאלש און אומבאגרינדעט ס'איז די מיינונג, אז די פילאזאפיע גראבט אונטער די יסודות פון דער אמונה. ער האט צו דעם צוועק איבערגעארבעט אויף העברעיש און באגלייט מיט א גרויסן פירוש דאס באקאנטע ווערק פון דעם אראבישן דענקער אלגאזאלי „מקאצד אלפלאספה״ [1]. אין דער פאר־רעדע פלייסט זיך אלבאלאג צו באווייזן, אז הן די פילאסאפיע הן יעדע געזעצלעכע אמונה אנערקענען פאלגנדיקע פיר הויפט־כללים, וואס מוזן באטראכט ווערן אלס פון אלעמען אנערקענטע אמתן: 1) שכר ועונש, 2) השארת הנפש נאך דעם מענטשנס טויט, 3) דער גלויבן אין איינציקן באשעפער, וועלכער באשטראפט און באגנעדיקט, 4) די אמונה אין געט־לעכער השגחה, וואס באצאלט יעדן לויט זיין פארדינסט.

דער אונטערשייד ליגט, לויט אלבאלאגס מיינונג, [2] נאר אין דעם, וואס די פילאזאפיע באגרינדעט די דאזיקע כללים אויף ריין וויסנשאפט־לעכן אופן דורך לאגישע באווייזן מיט דער הילף פונם שארפן פארשער־געדאנק, די תורה אבער גייט אויף א גאנץ אנדער דרך. זי ווענדט זיך דאך ניט בלויז צו די איינצלנע און אויסדערוויילטע, נאר צו די ברייטע שיכטן פונם פאלק; איר אויפגאבע איז ווירקן אויף דעם המון, פירן אים בדרך הישר, — רעדט זי דערפאר אין דער שפראך פון בילדער און פאר־גלייכונגען, פלייסט זיך צוצופאסן צו די באגריפן און השגות פון דעם פשוטן מענטשן [3].

„אין דער תורה — דערקלערט אלבאלאג — האט יעדער פסוק א טאפלטן זין: איינעם אן אפענעם פאר אלעמען, און א צווייטן א טיפן און פארבארגענעם; דער ערשטער פארן פשוטן עולם און דער צווייטער—

---

1 אין דער פארעדע שרייבט אלבאלאג גופא אונטער, אז ער גיט דא ניט קיין פשוטע איבערזעצונג, נאר טאקע א זעלבשטענדיק ווערק („אין הספר הזה העתקה בלבד אלא חיבור בפני עצמו״). דאס ווערק רופט ער דערביי אן אין העברעיש „תיקון הדעות״, נאר אין דעם כתב־יד, מיט וועלכן מיר האבן זיך באנוצט, טראגט דאס ווערק דעם נאמען „דעות הפילוסופים״. עפעס דורך אן אומבאקאנטער סיבה האט אלבאלאג דאס ווערק ניט פארענדיקט. פולשטענדיק איבערזעצט און דערקלערט האט ער בלויז די ערשטע אפטיילונגען: לאגיק און מעטאפיזיק; די דריטע אפטיילונג (פיזיק) איז געבליבן ניט פארענדיקט.

2 אלבאלאג חזרט דא פאקטיש איבער דעם געדאנק, וואס ס'האבן שוין פאר אים ארויסגעזאגט די אראבישע אריסטאטעליקער, אבן־סינא און אבן רשד.

3 זע ביילאגע נומ׳ 5.

פאר די דענקענדיקע און פארשטאנדיקע" [1]. די תורה, זאגט אלבאלאג ווייטער, באצוועקט דאך דאס גליק און דעם וואוילשטאנד פון דעם המון, ער זאל מיידן דאס שלעכטע און וואס מער זיך געוויינען צום גוטן און גערעכטן ווי ווייט ער איז דאס אימשטאנד לויט זיינע באגריפן. דער שוואכער פארשטאנד גיט אבער ניט דעם פשוטן מענטשן די מעגלעכקייט משיג צו זיין די פילאזאפישע אמתן אין זייער ריינער געשטאלט (אין בהם כח לעמוד על אמיתת המושכלות ולצירם על מה שהם); ער קאן זיי נאר באגרייפן אין א קערפערלעכן לבוש, ער זאל זיי קאנען אנטאפן מיט די הענט און פילן מיט זיינע חושים. א פשוטער אומגעבילדעטער מענטש איז ניט אימשטאנד זיך פארצושטעלן וועלכע ס'איז זאך אויסער דעם שטח און דער צייט, אן אן אנהייב און א סוף. ווי א בלינדער איז ניט אימשטאנד צו האבן א באגריף וועגן פארבן און א טויבער — אפשאצן דעם קלאנג פון די טענער, אזוי קאן אן אומגעבילדעטער מענטש ניט משיג זיין אבסטראקטע באגריפן מיט זיין פארגרעבטן שכל. דערפאר האט די תורה מיט איר גרויס חכמה געפלייסט זיך צו ריידן אין א שפראך, וואס זאל זיין פארשטענדלעך אויך פאר אזוינע אומוויסנדיקע מענטשן. די שטראף פאר באגאנגענע זינד האט זי געגליכן צו ברענענדיק פייער, די תענוגים פון דער נשמה אלס שכר פאר גערעכטע מעשים — שילדערט די תורה אין ריין קערפערלעכע פארמען, וואס נאר זיי זיינען פארשטענדלעך דעם פשוטן המון; אויך גאטס אייגנשאפטן ווערן געשילדערט אין ריין קערפערלעכע בילדער, גאטס השגחה און זיין געטלעכער ווילן באקומען א מענטשלעכן לבוש, דער געטלעכער געדאנק ווערט צום מענטשלעכן געגליכן; אויך דער סוד פון „מעשה בראשית" — די אנטשטייונג פונם אומענדלעכן וועלטאל, ווערט צוזאמענגעשרומפן אין א פשוט שפיגלבילד פון געבורט און אנטשטייונג פון קליינלעכע און צייטיקע באשעפענישן. די פילאזאפיע אבער, וואס איר אויפגאבע איז ניט באלערנען און דערציען דעם המון, נאר זיין דער וועגווייזער פאר די פולקומע און דענקענדיקע, אנטפלעקן פאר זיי דאס אמתע גליק פון ריינעם וויסן און פילאזאפישן פארשן — זי באפרייט די טיפע אמתן, וואס זיינען פארבארגן אין דער תורה פון זייער מגושמדיקן לבוש, און באווייזט זיי אין זייער ריין

---

[1] „דעות הפילוסופים", דף 52: „ולפיכך דבר הכתוב אחד בפה ואחד בלב: תוכו לחכמים וברו לטפשים". אויף דעם דאזיקן שטאנדפונקט איז געשטאנען דאס רוב ראציאנאליסטן פון מיימונים חדר. דער אונז שוין באקאנטער פארפאסער פון „בתי הנפש והלחשים", לוי בן אברהם, דערקלערט: „והתקינו המשלים ללב המבינים והחכמים, הם בחדות שכלם ופלפולם יאכלו תוכם ויבינו סודם. גם תקנו המשלים לעוּרי השכל והחסר ביען יקבלו תועלת בנגלה אם לא יוכלו להבין התוך והנסתר".

וויסנשאַפטלעכער אמתער געשטאַלט, וואָס דער המון איז ניט אימשטאַנד זיי משיג צו זיין״ [2].

אָט דער שטאָלצער געדאַנק, אַז דער „פאַרגרעבטער המון״ קאָן דעם אמת באַגרייפן נאָר אין אַ גאַנץ מגושמדיקן לבוש, חזרט זיך גאַנץ אָפט איבער ביי אַלבאַלאַגן. זייער כאַראַקטעריסטיש איז אין דעם פּרט איין שטעלע, ווו אַלבאַלאַג שטעלט זיך אָפּ אויף דער דאָגמע וועגן דער דריי־איינִיקייט: „מען קאָן ניט לייקענען, זאָגט אַלבאַלאַג, אַז עס ליגט אַ טיפער פילאָזאָפישער געדאַנק אין דעם באַגריף וועגן דער געטלעכער דרייאיינִיקייט, ווו עס שמעלצן זיך צונויף אין איין האַרמאָנישער גאַנצקייט אַלע דריי עטאַפּן פון פאַרשן: דער פאָרשער, דאָס פאָרשן גופא און דאָס, וואָס ווערט געפאָרשט. אָבער ווי פאַרווילדערט און פאַרגרעבט איז דער דאָזיקער באַגריף געוואָרן ביים המון אין די הענט, וואָס ביי אים איז די דריי־איינִיקייטס־לערע געוואָרן דער יסוד פון אַ פאַלשער און שעדלעכער אמונה. „דאָס, שטרייכט אַלבאַלאַג אונטער, האָט אָבער ניט בלויז ביי די קריסטן געטראָפן, עס חזרט זיך אויך איבער ביי יעדער אומה באַזונדער; אומעטום זעען מיר איין און די זעלבע ערשיינונג: טיפע און דערהויבענע געדאַנקען פון פילאָזאָפן און דענקער באַקומען מיט דער צייט ביים פאָלק מגושמדיקע און שעדלעכע פאָרמען. אויך ביי אונזער פאָלק האָט דאָס לײדער גאַנץ אָפט פאַסירט״ [2].

אַלבאַלאַג גייט אָבער נאָך ווייטער: ער האָט דעם מוט אַרויסצוטרעטן קעגן דער דורך דורות געהייליקטער מסורה, און לייקנט אָפן אין איינעם פון די גרונט־יסודות פון דער יידיש־רעליגיעזער וועלטאָנשויונג— אין חידוש העולם. ס׳אַ טעות אין פשט, טענהט אַלבאַלאַג, און דאָס וואָס דער המון גלויבט, אַז גאָט האָט די וועלט אין זעקס טעג באַשאַפן, איז ריינע „כפירה״ און גאָטלעסטערונג [3]. דער נאַרישער המון, זאָגט אַלבאַלאַג, מיינט, אַז די פילאָזאָפן גלויבן אין קדמות העולם, און דערמיט זיינען זיי כופר אין דער גאַנצער תורה; אין דער אמתן אָבער לערנען די

---

1 זע ביילאַגע נומ׳ 5, אַלבאַלאַגס פאָררעדע. דעם אייגענעם געדאַנק זאָגט אַרויס אויך אַלבאַלאַגס אַן עלטערער בן־דור, דער ראַציאָנאַליסט משה אויס מאַרסעל אין זיין „מעשה נסים״: „אין מפלט לנו שנאמר... כי משה שם דבריו לנו בראש תורתו בדרך נבון לחש, רצה שיהיו דבריו מובנים לשני פנים: שיבינו ההמון מה שיצטרכו בהכרח להם והיא אמונת החידוש לכל הנמצאות זולתו יתב׳, ויבינו המשכילים הפכו שלא יצטרך להם זאת ההנחה לא באמונת מציאות השם יתב׳ ואחדותו ולא בנתינת התורה וקבלת מצותיה, כי הם יבינו האמת מפני שהיא אמת״.

1 זע ביילאַגע נומ׳ 5, I.

2 דאָרטן, III, ד.

פילאָזאָפן, אַז די וועלט ווערט דורך דעם אייביקן באַשעפער טאָג־טעג־לעך איופסניי געשאַפן, ווי עס שטייט אין דער תפילה: בטובו מחדש בכל יום־תמיד מעשי בראשית.

אַלבּאַלאַג מוז, אמת, מודה זיין, אַז ניט נאָר דער „נארישער המון", נאָר אַפילו דער גרויסער מיימוני געפינט אויך, אַז די פילאָזאָפן האַלטן די וועלט פאַר אַ קדמון. פלייסט זיך טאַקע אַלבּאַלאַג צו דער־ווייזן, אַז אויך דער רמב"ם האָט אַ טעות געהאַט. ניט ווענן דער אייבי־קייט פון דער וועלט ריידן די פילאָזאָפן, נייערט ווענן אייביקן אומדער־מיטלעכן שאַפן און שטענדיקער וועלט־באַנייונג. וואָרעם, ווייזט אָן אַל־באַלאַג, די פילאָזאָפן האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז ווייל גאָט איז אייביק און אומענדלעך, מוז ער דאָך אויך אייביק און אומענדלעך זיין אַלס באַשעפער; אומבאַגרענעצט מוז זיין זיין שאַפונגס־קראַפט, זיין אַנטפּלעקונג אַלס באַשעפער. איינצוימען זיין שאַפן אין גרענעצן פון צייט הייסט באַגרענעצן די געטלעכע שאַפונגס־קראַפט, און אַלבּאַלאַג ברענגט דערביי די לערע פון אַלטע אינדישע חכמים, וואָס לויט זיי ווערן אין אומענדלעכן לויף פון דער צייט אַלטע וועלטן חרוב און נייע געבוירן; אַלע זיבעציק טויזנט יאָר ווערט געשלאָסן אַ רינגעלע פון דער אומענד־לעכער צייטן־קייט, און אויף די חורבות פון דער אַלטער וועלט הייבט אָן ניי לעבן צו שפּראָצן [1]. אַ רמז דערויף, איז אַלבּאַלאַג מוסיף, געפינען מיר אויך אין די ווערטער פון איינעם פון אונזערע אַלטע חכמים, וועל־כער ווייזט אָן, אַז איידער גאָט האָט אונזער וועלט באַשאַפן, האָט ער פילע אַנדערע וועלטן געשאַפן און דערנאָך זיי חרוב געמאַכט [2].

אָט אַזוי האָט דער אומרויִקער פאָרשער־געדאַנק פון דעם יידישן מיטלאַלטערלעכן דענקער געפרוווט דורכרייסן דעם ענגן קרייז פון דער אַלטער פעסט געשלאָסנער אַריסטאָטעלישער וועלטאָנשויונג מיט דער אומבאַוועגלעכער ערד אַלס מיטלפּונקט — חלומענדיק וועגן די אומ־ענדלעכע וויטן פון וועלטאַל, וואָס זיינען שוואַנגער מיט דעם ריזיקן פּראָצעס פון אייביקן שאַפן און ווערן, געבוירן און צעשטערן...

ניט ווייניקער אינטערעסאַנט איז אַלבּאַלאַגס אָנשויונג וועגן דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דעם בורא און דער ערדישער וועלט. אין אַ ספּע־

---

1 זע ביילאַגע נומ׳ 5, III.

2 אַלבּאַלאַג מיינט דאָ דעם שוין פריער ציטירטן מאמר פון ר׳ אבוהו. אין דעם דאָזיקן מאמר פילט זיך בלי־ספק די השפּעה פון טיטוס לוקרעציוס באַרימטער פּאָעמע De rerum natura, וו אין סוף פונם צווייטן טייל שילדערט דער דיכטער אין גע־וואַלטיקע בילדער, ווי אין די אומענדלעכע וויטן פון רוימען און צייטן ווערן אָנצאָליקע וועלטן געבוירן און ווידער פאַרשווונדן.

ציעלן פילאָזאָפישן מאמר („מאמר לדעת עליון”) באַהאַנדלט אַלבּאַלאַג אויף אַ זייער שאַרפזיניקן און קונציקן אופן די האַרבע שאלה וועגן דעם געטלעכן וויסן און געטלעכן ווילן. אַלבּאַלאַג שטעלט זיך קודם־כל אָפּ אויף דער אַלטער פראַגע, וועגן וועלכער עס האָבן געפירט אַזוינע הייסע וויכוחים פילע דענקער: צי איז דאָס געטלעכע שאַפן אַ מוז־זאַך, וואָס ווערט באַשטימט דורך די אייזערנע געזעצן פון דער נויטווענדיקייט, פּונקט „ווי דאָס ליכט, וואָס ווערט פון דער זון אויסגעשטראַלט”, אָדער — דאָס איז אַ פריי שאַפן, אַ אַנטפּלעקונג פון אַ פ ר י י ע ן ווילן. אַלבּאַלאַג ווייזט אָן, אַז די גאַנצע פראַגע האָט בכלל קיין שום יסוד ניט אונטער זיך. עס קאָן דאָ גאָר קיין רייד ניט זיין וועגן פרייען ווילן און נויטווענדיקייט אין באַשטימטן מענטשלעכן זין, וואָרעם מיר דאַרפן דאָך ניט פאַרגעסן, אַז מיר באַצייכענען טאַקע הן דעם מענטשלעכן הן דעם געטלעכן שכל מיט איין און דעם זעלבן וואָרט, אין דער אמתן איז אָבער דאָך דאָ די רייד פון צוויי גרונטפאַרשיידענע און גאָר ניט פאַרגלייכלעכע זאַכן. מיר, וואָס אונזער גאַנץ וויסן האָבן מיר צו פאַרדאַנקען די דערשיינונגען, וועלכע מיר נעמען מיט אונזערע חושים און די אַבּסטראַקטע פאָרשטעלונגען פון אונזער מענטשלעכן שכל — זיינען לחלוטין ניט אימשטאַנד משיג צו זיין ניט דעם תמצית פונם געטלעכן ווילן ניט דעם תוך און מהות פון געטלעכן וויסן. אונזער שפּראַך האָט ניט און קאָן ניט האָבן די נעהער־ריקע ווערטער, מיט וועלכע מיר זאָלן קאָנען אויסדריקן די דאָזיקע איבער־מענטשלעכע באַגריפן, און דערפאַר, בעת מיר ריידן וועגן דעם געטלעכן מהות, באַנוצן מיר זיך מיט די זעלבע ווערטער און באַצייכענונגען, מיט וועלכע מיר שאַצן אָפּ מענטשלעכע מעשים און אייגנשאַפטן. דאָס ברענגט טאַקע גאַנץ אָפט צום גרויסן פּלאָנטער פון געוואַלטיקע טעותן און לעכערלעכע מיספאַרשטייענישן. פילע גלויבן טאַקע אין דער אמתן, אַז ווייל מען באַנוצט זיך מיט איין און דעם אייגענעם נאָמען און וואָרטלעכן באַגריף, מוזן אויך די דערשיינונגען זיין איין און די זעלבע, און זיי פאַרפּלאָנטערן זיך טאַקע דורכדעם אין אַ גאַנצן נעץ פון לאָגישע סתירות און מיספאַרשטייענישן [1].

מיר זיינען אַלזאָ ניט אימשטאַנד משיג צו זיין דעם מהות פונם געטלעכן שכל און ווילן, אָבער, שטרייכט אַלבּאַלאַג אונטער, מיר זעען און באַגרייפן אויך ווי פעסט און גרויס ס׳איז דער צוזאַמענבונד צווישן דעם באַשעפער און זיין באַשאַפונג — די ערדישע וועלט. און אַלבּאַלאַג

1 זע ביילאַגע נומ׳ 5, IV.

אין פעסט איבערצייגט, אַז ניט נאָר די וועלט נייטיקט זיך אין איר באַשעפער, נאָר אויך דער בורא גופא האָט אַ גרויס באַדערפעניש אין זיין אייגענער באַשאַפונג, וואָס איז דאָך זיין אַנטפּלעקונג. „ניט נאָר דאָס מענטשלעכע געשלעכט — זאָגט אַלבאַלאַג — נייטיקט זיך צוליב זיין קיום אין די פון גאָט פעסטגעזעצטע געזעצן, נאָר אויך גאָטס רצון גופא נייטיקט זיך אין דער ווייטערער עקסיסטענץ פון דעם דורך אים באַשאַפענעם מענטשן" [1]. די דאָזיקע מיינונג געפינט זיך אָבער אין פולער סתירה מיט אַריסטוס שטאַנדפונקט וועגן דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דער סיבה ראשונה און דער וועלט [2]. דערפאַר אָבער איז אַלבאַלאַגס אָנשוינג שטאַרק נוטה צו דער קבלה, וואָס רעכנט, אַז דעם מענטשנס מעשים, בפרט נאָך די מעשים פון די „צדיקי הדור" האָבן אַ גרויסע השפעה אויף די עולמות העליונים. ניט אָבער אין דעם פרט אַליין באַווייזט זיך אַלבאַלאַג אַלס פאַרדעכטיקער אָנהענגער פון אַריסטוס שיטה. אמת, אויפן ערשטן קוק קאָן אויסווייזן, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ טיפישן ראַציאָנאַליסט און הייסן אָנהענגער פון דער אַלעגאָרישער שיטה. אויך ער פאַרטייטשט דעם „תוהו ובוהו" פון מעשי בראשית לויט דעם אַלעגאָריסטישן נוסח: תוהו — דאָס איז דער חומר ההיולי, די אור־ערשטע מאַטעריע, און „בוהו" די אורערשטע פאָרם; דאָס „אייבערשטע וואַסער" — דאָס איז די גייסטיקע וועלט, דאָס „אונטערשטע" — די מאַטעריעלע וועלט. דאָס „ליכט" פון מעשה בראשית — איז דאָס אַבסאָלוטע זיין, די זעקס „ימי המעשה" — דאָס זיינען די זעקס אַרטן פון שאַפונגען: די פיר יסודות, די גאַזן, די דוממים (מינעראַליען), שפּראָצונגען, חיות און מענטשן. דער יום־השבת — דאָס איז דער סימבאָל פון דער אייבערשטער וועלט פון גאָלע רוחניות אאַז"וו. נאָר טאַקע נאָכדעם קומט אַ זייער כאַראַקטעריסטישע באַמערקונג: „איך ווייז בלויז אָן, אַז ס'איז מעגלעך אַזוי אויסטייטשן די ערשטע פרשה פון דעם ספר בראשית, אַז עס זאָל ניט בלייבן קיין מינדסטע כתירה צווישן איר און די דעות פון די פילאָזאָפן; נאָר איך גופא גלויב אָבער ניט אין דעם" [3].

אָט דער דאָזיקער ראַציאָנאַליסט און פריידענקער, וואָס דערקלערט

---

1 „ומכאן אתה למד שאין המין הנחפץ בלבד צריך בקיומו סדר התורני אלא אפילו החפץ האלהי הגוזר קיומו צריך בקיומו אליו וכשם שהפועל הטבעי נשלם ונתקים בפועל האומני, כך פועל הסדר העליון הנשלם נשלם ומתקים בפעל הסדר השפל".

2 זע אויבן, ב' ו, 171.

3 „דעות הפילוסופים דף מ"ז (כ"י): ועתה שמע הפרשה ראשונה שבספר בראשית ע"ד העיוני כדי שיתבאר לך שאפשר להוציא הדעות הפילוסופיא בחידוש הנצחי מן התורה ומדברי רבינו ז"ל מבלי שאאמינהו כמו שאודיעך בסוף זה הפרק".

אין זיין פאָררעדע צו אַלגאַזאַליס ווערק, אַז די פילאָזאָפיע לערנט די זעלבע אמתן, וואָס די תורה [1], קומט סוף-כל־סוף צו דער איבערצייגונג, אַז ווי מען זאָל זיך ניט פּלייסן צו מאַכן אַ פּשרה צווישן דער וויסנשאַפט און דער אמונה — מוז מען דאָך מודה זיין, אַז זיי געפינען זיך אין שטאַרקן קעגנזאַץ, און עס איז אוממעגלעך איבערצוּוואַרפן אַ בריק צווישן דער תורה מן השמים און אַריסטוס פילאָזאָפיע.

ניט אומזיסט האָט אַלבאַלאַג זיין לעבנסווערק ענג פאַרבונדן מיטן שאַפן פונם אייגנאַרטיקן אַראַבישן דענקער און מיסטיקער אַלגאַזאַלי [2], וואָס איז נאָך פּיליאָריקן פאָרשן און גריבלען געקומען צו דער הנחה, אַז ניט אויפן וועג פון פילאָזאָפיע און לאָגישער חקירה קאָן מען דעם אמת דערגרינגדן, און ער האָט זיך געלאָזט אויף די לאַבירינטישע וועגן פון מיסטיק און סאָפיזם.

„איך האָב — דערקלערט אַלבאַלאַג — מיט דער גרעסט:ער אויפ־מערקזאַמקייט שטודירט אַריסטוס ווערק, איך האָב ביי אים געפונען אַ סך אייזערנע ראיות, אַז עס איז דאָ אַ אורשפּרינגלעכע באַוועגנדיקע קראַפט, וואָס זי איז גאָלע רוחניות אָן אַ וועלכן ס׳איז חומר, עס ווערט אָבער דאָרט אין ערגעץ ניט באַוויזן, אַז אָט די סיבה ראשונה דאָס איז טאַקע גאָט" [3].

הכלל, אַלבאַלאַג דער ראַציאָנאַליסט קומט צו דעם אייגענעם אויס־פיר, וואָס יהודה הלוי בשעתו: אַז גרויס איז דער אונטערשייד צווישן „אלקי אברהם" און „אלקי אַריסטו". אַלבאַלאַג איז מודה, אַז גאָט געפי־נען" קאָן מען ניט—ניט אין אַריסטוס „פיזיק" ניט אין דעם „סדר הטבעי" נאָר אין דעם „סדר התורני", ד"ה ניט אין די מעכאַנישע געזעצן פון דער נאַטור, נאָר איז דער עטיק און איר העכסטער און פולקומסטער אַנטפלע־קונג — אין דער אָפנבאַרונג. אין דער נאַטור גייט אַלץ צו לויט פעסט־געזעצטע און געזעצמעסיקע פּראָצעסן, וואָס האָבן קיין שום שייכות ניט צו גוטס און צו שלעכטס; גאָטס אָפנבאַרונג אָבער, און דער דורך איר געגרינדעטער „סדר התורני" — זיי שטיצן זיך דאָך אויפן יסוד פון גוטסקייט, וואָרעם „גאָטס ווילן באַוויליקט דאָך נאָר דאָס גוטע" (אבל אין דרכו לרצות אלא הטוב בלבד).

---

1 אולי יקרה לפני אחד מחושדי הפילוסופים וישיב מחשוד כשרים וידע כי אמונת התורה והפילוסופיא אחד ואין בו שום הפרש".

2 געליינט פאָרלעזונגען איבער פילאָזאָפיע אין באַגדאַד, געשטאָרבן אין טוס אין 1111.

3 „דעות הפילוסופים", דף כ"ז: ואני זה כמה ימים לא זזתי מלעיין בספר השמע ילא מצאתי ראיות אריסטו מציאות אלא למציאות מניע ראשון שאינו גוף ולא כח גוף, אבל לא נתבאר שם אם הוא זה אלקי".

אַט דער קעגנזאַץ צווישן „פיזיק" און „מאָראַל", צווישן די מעכאַנישע געזעצן פון דער נאַטור און — דעם ווונדער פון אָפנבאַרונג, ווערט ביי אַלבאַלאַגן פאַרקערפּערט אין די צוויי באַגריפן: „פילאָזאָפן" און „נביאים". אַלבאַלאַג ווערט ניט מיד אונטערצושטרייכן, ווי גרויס ס'איז דער קעגנזאַץ פון די צוויי מענטשן־אַרטן. ניט נאָר זייער פאַרהאַלטן צו דער וועלט, די וועגן, אויף וועלכע זיי זוכן די וועלט צו דערגרונטעווען, נאָר אפילו דער אַרט דענקען זיינען ביי זיי גרונד־פאַרשיידן. דער פילאָזאָפישער אמת שטיצט זיך אויפן שכל, אויפן ספּעקולאַטיוון דענקען, און ער ווערט באַגרינדעט דורך לאָגישע סברות; דער אמת פון דער תורה אָבער דער שטיצט זיך אויף געזעצן, וואָס שטייען איבער דער מעכאַנישער נאַטור־אָרדענונג, און זיין באַוויַיז איז דאָס אומדערפאָרשטע ווונדער. אַלבאַלאַג טרעט דערפאַר אַרויס קעגן רבנו משה בן מיימון, ווייל יענער האָט ניט געוואָלט באַמערקן דעם טיפן אונטערשייד צווישן דעם פילאָזאָפישן דענקען און דער רעליגיע פון התגלות. דער רמב"ם איז, נאָך אַלבאַלאַגס מיינונג, געקומען דורכדעם צו געוואַלטיקע טעותן; „די ווונדער האָט ער געוואָלט ראַציאָנאַליסטיש דערקלערן, ד"ה זיי פאַקטיש אָפּלייקענען, און זיינע ראַציאָנאַליסטישע געדאַנקען האָט ער אַריינגעלייגט אין די ווערטער פון די נביאים" (בהכחשם המופת וגוזרים שאינו מופת... בגזרם על רעיונם כי הוא כונת הנביא).

דער רמב"ם, טענהט אַלבאַלאַג, האָט ניט באַמערקט דעם קעגנזאַץ צווישן פילאָזאָפישער חקירה און נביאישן עקסטאַז; ער האָט ניט פאַרשטאַנען, אַז מיט לאָגישע סברות איז מען ניט אימשטאַנד צו דערקלערן אַלע סודות, וואָס זיינען אין אונזער תורה פאַרבאָרגן; וואָרעם פונקט ווי דעם פילאָזאָף קאָן אַמבעסטן משיג זיין נאָר אַ פילאָזאָפיש דענקענדער, אַזוי איז נאָר דער נביא אימשטאַנד אַמטיפסטן צו פילן די איבערלעבונגען פון פּראָפעטישער התגלות. מען מוז דאָך געדענקען, אַז זייער דענקונגס־אַרט זיינען ניט בלויז פאַרשיידן, נאָר ממש קעגנזעצלעך. דער פילאָזאָף באַטראַכט אויך די געפילן־וועלט בלויז ראַציאָנאַליסטיש, על־פי שכל הישר, דער נביא אָבער זעט קודם־כל אפילו אין דעם טרוקענעם ראַציאָנאַליסטישן געדאַנק דאָס האַרציקע, דעם פונק פון התלהבות און באַגייסטערונג. גאַנץ פאַרשיידן זיינען זייערע וועגן, און דערפאַר אויך אַזוי גרונד־פאַרשיידן זייערע וועלטן, זייערע באַגריפן און אָנשויונגען[1].

---

[1] „כי דרכי השגותם משונות זו מזו, ולא עוד אלא הפכם, לפי שזה משיג המושכל במורגש, וזה משיג המורגש במושכל ואין ספק כי כרחוק דרכי השגותם כן רחקו ההשגות".

און אלבאלאג איז זיך מודה און מתוודה: זיין װיסן געפינט זיך אין סתירה מיט זיין גלויבן, ווייל פארשיידן זיינען זייערע דרכים. בעת אויף איינעם געוועלטיקן די נאטור־געזעצן, געפינט זיך דער אנדערער אונטער דער שליטה פון געזעצן, וואס זיינען איבער דער נאטור (זה על דרך טבע וזה על דרך נס). אויפן גרונד פון וויסנשאפטלעכן פארשן, דער־קלערט אלבאלאג, בין איך איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון דער אדער יענער נאטירלעכער דערשיינונג, אויפן יסוד אבער פון די נביאימס רייד גלויב איך מיט פולן גלויבן אין אזעלכע דערשיינונגען, וואס זיי־נען איבערנאטירלעך און געפינען זיך אין קעגנזאץ מיט די געזעצן פון דער נאטור [1]. איך גלויב אין דער הייליקער תורה מיט פשוטער אמונה אן חקירות, אן לאגישע באווייזן; אבער אויפן געביט פון פילאזאפישן פארשן און נאטורוויסנשאפטן רעכן איך מיך מיטן גרויסן באטייט פון די נאטור־געזעצן און לאגישע באווייזן פון דעם מענטשנס ניכטערן פאר־שטאנד.

אלבאלאג ווייסט זייער גוט, אז אין דער נאטור געוועלטיקן אייזערנע געזעצן, און אלץ געשעט דארט מיט מעכאנישער נויטווענדיקייט; נאר דער מאמין איז אין אלבאלאגן גובר דעם ראציאנאליסטישן פארשער, און ער גלויבט גאנץ פעסט, אז די תורה מן השמים איז שטארקער פון די מעכאנישע נאטור־געזעצן, און מעכטיקער פון דעם מענטשלעכן פארשער־געדאנק; אז דעם נביאס ווארט שטייט איבער די נאטור־געזעצן און עס קאנען מיט זיין הילף װונדער געשעען... [2]

אלבאלאג איז איבערצייגט, אז די ריכטיקע טרעגערין פון דעם געט־לעכן אמת איז דאס פראפעטישע ווארט, און משיג זיין די אין אים פאר־באָרגענע סודות איז אימשטאנד בלויז דער מאן מיטן רוח־הקודש, דער פון גאט דערוויילטער נביא. ווי קאן אבער דער פשוטער בשר־ודם געפינען דעם וועג, וואס פירט צום געטלעכן אמת, צו דעם אמת, וועלכער איז דער צווילינג־ברודער פון יושר און גערעכטיקייט? אלבאלאג זוכט דעם דאזיקן וועג און בלאנדזשעט זוכנדיק. ער פארפלאנטערט זיך אין דעם לאבירינט פון ספקות און שארפע סתירות צווישן דעם פרייען פארשער־געדאנק און טעאלאגישער מסורה, און דערלאנגט צום סוף צו קבלה עיונית, צו די בעלי הסוד והקבלה. יענע שטיצן זיך דאך אויף קבלת־אבות, און פארזיכערן, אז זיי האבן עס באקומען פון דור צו דור בירושה

---

1 „ועל הדרך הזה תמצא דעתי בדברים רבים הפך אמונתי, כי אני יודע מצד המופת כי זה אמת ע״ד טבע ואני מאמין מדברי הנביאים כי הפכו אמת ע״ד נס".

2 זע ביילאגע נומ׳ 5, III, ד—ה.

די גרויסע אמתן, וואָס די נביאים האָבן אין זייער געטלעכער באַגייסטע־רונג אַנטפּלעקט [1]. נאָר אויך דאָ קאָן אַלבאַלאַג זיך ניט באַפרייען פון גרויסע ספקות. צווישן די מקובלים פון זיין דור קאָן ער דאָך ניט ווייניק בעלי־חלומות, וועלכע גיבן אויס זייערע אייגענע פאַנטאַזיעס פאַר געט־לעכע אמתן, וואָס זיי האָבן באַקומען בקבלה דורך מסורת־אבות. אַלבאַלאַג איז אויך צו פיל ניכטערער דענקער, ער זאָל זיך קאָנען אָפּגעבן מיט קבלה־מעשית. ער רעדט מיט גרוים ביטול וועגן די „מחשבי קצין" און די וואָס פאַרנעמען זיך מיט „צירופי אותיות", גימטריאות און נוטריקון. „אָט די דאָזיקע בעלי קבלה — דערקלערט אַלבאַלאַג — זיינען גלייך ווייט הן פון פילאָזאָפיע און וויסן, הן פון נביאישער התגלות און ווירקלעכן גלויבן" [2].

גרעץ, וואָס האָט קיינעם ניט געקאָנט מוחל זיין ווי נאָר יענער האָט באַוויזן אַ וועלכן ס'איז אינטערעס צו מיסטיק און קבלה, פּטרט אָפּ אַלבאַלאַגן מיט בייזע עטלעכע ווערטער און דערקלערט אים פאַר אַ „פאַר־דרייטן" קאָפּ (איין ווירער קאָפּף). מער אָביעקטיווע פאָרשער, ווי שטיינ־שניידער און אַנדערע [3], פּרווון מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן אַלבאַלאַגס וועלטאַנשויונג און דער לערע, וואָס האָט געהאַט פיל אָנהענגער צווישן די געלערנטע פונם פּאַריזער אוניווערסיטעט אינם 13־טן יאָרהונדערט, וועגן דעם „טאָפּלטן" אמת: עס זיינען פאַראַן צוויי גאַנץ פאַרשיידענע אַרטן פון אמת: — דער פילאָזאָפישער און טעאָלאָגישער. זיי זיינען טאַקע סותר איינער דעם אַנדערן, נאָר יעדער באַזונדער עקסיסטירט פאַר זיך און געוועלטיקט איבער זיין געביט [4].

צווישן די דאָזיקע אַנשויונגען איז טאַקע צו באַמערקן אַ געוויסע קרובהשאַפט, עס קאָן אָבער דאָ קיין רייד ניט זיין וועגן וועלכער־ס'איז השפעה. אין דעם שפּעטן מיטלעלטער האָט אין דער קריסטלעכער סכאָ־לאַסטישער דענקער־וועלט אונטער דער השפעה פון דער אַראַבישער פי־

[1] „ואני אומר כי הואיל שאין ביד בעלי העיון משגת עד תכלית הענינים האלה כי יש ללמוד מהם עד כאן ומכאן ואילך נסמך בנשאר על הקבלה". מער באַריכות זע ביילאַגע, נומ' 5, V.

[2] זע ביילאַגע נומ' 5, III ב'.

[3] זע: Jew. Enc. I, 320.

[4] זע: פ. אַל. לאַנגע, „געשיכטע דעס מאַטעריאַליזמוס", ב' 1, 2טער טייל, קאַפּ' 3; מאַיוואַלד, „דיע לעהרע פון דער צווייפאַכען וואַרהייט" Renan, Averroes etc.; פאַקטיש איז דער טעזיס וועגן דעם „טאָפּלטן" (דעם פילאָזאָפישן און טעאָלאָגישן) אמת עלטער פונם 13טן י"ה, ווייל אים האָבן שוין אַרויסגעשטעלט די אַראַבישע אַריסטאָטעליקער מיט אבן־סינאַן און אבן רשד בראש. זע שטעקל, „געשיכטע דער פילאָזאָפיע דעס מיטלאַלטערס",

לאָזאָפיע ביסלעכבייז זיך געלאָזט שפּירן דער דראַנג צום פרייערן דענקען, אַלץ בולטער האָבן זיך באַוויזן די ערשטע אָנזאָגער פון דער נייער אויפ־לעבונגס־תקופה, וואָס האָט פאַרטריבן די בליי־שווערע שאָטנס פונם מיטלעלטער. עס וואָלט אָבער געווען אַ געוואַלטיקער טעות צו מיינען, אַז דאָס גייסטיקע דערוואַכן אין דער קריסטלעכער דענקער־וועלט האָט עס משפּיע געווען אויך אויף דער יידישער גאַס און מיטגעהאָלפן, עס זאָל אויך דאָרט אָנהייבן טאָגן. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז דער פרייער געדאַנק האָט אין מיטלעלטער דערוואַכט ביי די יידן פריער ווי ביי די קריסטן, און טאַקע די יידישע פריידענקער, די ראַציאָנאַליסטישע אַריסטאָטעליקער, האָבן עס זייער פיל מיטגעהאָלפן, די קריסטלעכע געלערנטע קרייזן זאָלן זיך באַקענען מיט דער רייכער אַראַבישער אידעען־וועלט, וואָס האָט אין זיך געטראָגן די פרוכטבאַרע זאָמען פון פרייען דענקען און פאָרשן. דער קאַמף פאַרן פרייען געדאַנק איז אָבער אין דער קריסטלעכער סביבה צוגעגאַנגען ביי באַדייטנד אַנדערע צושטאַנדן ווי אין די יידישע קרייזן. די אָפיציעלע טרעגער פונם „טעאָלאָגישן אמת" — די קאַרדינאַלן און בישאָפן, האָבן געקעמפט קעגן דעם פרייען געדאַנק מיטן שרעקלעכסטן געווער — מיט די קייטן און שייטערהויפנס פון דער אינקוויזיציע. אָפן אַרויסזאָגן אַ אייגענע זעלבשטענדיקע מיינונג וועגן רעליגיעזע פראַגן, קריטיש זיך פאַרהאַלטן צו דעם אויטאָריטעט פון דער קירך און אירע פאָרשטייער — דאָס האָט געשמעקט מיט אמתער מסירת־נפש. ניט יעדער האָט געהאַט דעם מוט זיך מפקיר זיין אויף קידוש־השם, גיין אויף דעם דערנער־וועג פון אַ מאַרטירער. האָט מען געמוזט גיין אויף פשרות, און דאָ איז געווען דער בעסטער אויסוועג די נאָך פון די אַראַבישע דענקער געשאַפענע לערע וועגן דעם „טאָפּלטיקן אמת". זי, די דאָזיקע לערע, האָט געדינט ווי אַ שוצוואַנט, אונטער וועלכער מען האָט זיך געקאָנט באַהאַלטן אין דער געפאַר, זיך ראַטעווען פון די אינקוויזי־טאָרישע הענט און אָפּווענדן די שווערע באַשולדיקונג אין אַפּיקורסות און פריידענקעריי. פיל גינסטיקער איז אָבער געווען די לאַגע פון די יידישע פריידענקער. די יידישע טרעגער פון דעם „טעאָלאָגישן אמת" האָבן אין זייערע הענט ניט געהאַט דאָס שרעקלעכע געווער פון זייערע קריסטלעכע חברים. די מאַכט פון די רבנים און די ראש־ישיבות אין שפּאַניע איז געווען זייער באַגרענעצט, זיי זיינען געווען אָפּהענגיק פון די יידישע גבירים און הויפליים, און טאַקע אין יענע קרייזן האָבן די יידישע פריידענקער, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, געהאַט פילע באַשיצער. די יידישע הויפליים זיינען געווען גרויסע חשובים ביי די קריסטלעכע שררות, און יענע האָבן על־פּי רוב געשטיצט די פריידענקע־

רישע שטרעמונגען ביי יידן, מיינענדיק, אז דאס וועט אפשוואכן די יידישע אמונה און מיטהעלפן, יידן זאלן איבערגיין צום קריסטלעכן גלויבן [1].

אפן און אן פחד האט אלבאלאג ארויסגעזאגט זיינע פרייע געדאנקען, וואס האבן אזוי דערצארנט די פרומע און ערנסט-גלויביקע. און ניט די אויסערלעכע מאכט, ניט די מורא פאר רדיפות האט אים געבראכט צו דער לערע וועגן „טאפלטן אמת", נאר די אינעווייניקסטע צעשפאלטנקייט פון זיין אומבאפרידיקטער נשמה, דער „קרע שבלב", וואס ס'האט אין אים ארויסגערופן דער עקשנותדיקער קאמף צווישן דעם פרייען ראציאנאליסטישן געדאנק און דעם בענקען נאך מסורת אבות און דעם מיסטיש פארהוילענעם. א אומרויקער און שטענדיק זוכנדיקער, איז ער געווען פול מיט סתירות, און דער שטאלצער ראציאנאליסט, וואס קוקט מיט ביטול אויפן „פינסטערן עולם", ווערט ביי אים אזוי אפט מגולגל אין דעם טיף־גלויביקן בעל־תשובה, וואס דערקלערט הכנעהדיק: „אני מאמין באמונה שלמה"...

---

1 וע אויבן (ז' 114) דעם ענטפער פון דעם ראש העיר אין מאנפעליע.

# זיבעטער קאַפּיטל.

דער משומד אבנר אויס בורגאָס און זיין מאמר קעגן „בחירה חפשית". — פולגאַר און זיין פּאָלעמיש ווערק „עזר הדת"; ווענן פינף מינים קעננער. — „צוויי קלאַסן" אויף דער יידישער גאַס. — יוסף כספּי און זיין פּאַרהאַלטן זיך צום רמב"ם. — זיין מאמר „ספר הסוד" און די פּאָלעמיק קעגן אים. — אבן כּספּי אַלס אמת-זוכער („המבקש"), אַלס ליטעראַט און ביבל-דערקלערער. — אבן כּספּים „צוואה".

דער קאַמף, וואָס די אָנהענגער פון דער רבנישער מסורה און קבלה האָבן געפירט קעגן די פרייִדענקער, איז נאָר אויף אַ צייט געשטילט געוואָרן נאָך דער פּלוצימדיקער גזירה, וואָס ס'האָט געטראָפן דאָס פראַנצויזישע יידנטום. קיין אמתער שלום האָט אָבער צווישן די צוויי פיינדלעכע שטרעמונגען ניט געקאָנט געשלאָסן ווערן. דער „חרם" פון די באַרצעלאָנער רבנים מיט דעם שטרענגן פאַרבאָט צו שטודירן פילאָזאָפיע, איז געבליבן אין זיין פולער קראַפט, און די אָרטאָדאָקסע שיכטן פון דער באַפעלקערונג האָבן זיך מיט אים גערעכנט. די מיסטישע שטרעמונגען האָבן צוגעצויגן צו זיך אַלץ ברייטערע קרייזן, און דאָס האָט נאָך מער פאַרשאַרפט די שנאה פון די פרייִדענקער צו די דאָזיקע שטרעמונגען. איינער פון די טיפּישסטע פאָרשטייער פון די דעמאָלטיקע פרייִדענקער איז דער טאַלענטפולער פּאָלעמישער שריפטשטעלער יצחק בן יוסף פּולגאַר, וועלכער האָט פאַרענדיק אַלבאַלאַגס אַרבעט און איבערגעזעצט דעם לעצטן טייל פון אַלגאַזאַלים „כּוונות הפילוסופים". פולגאַרס אַלע ווערק טראָגן אַ ריין פּאָלעמישן כאַראַקטער. ער פּאָלעמיזירט מיט קריסטלעכע געלערנטע, מיט אַסטראָלאָגן, פירט וויכוחים מיט די בעלי-קבלה און נאָך מער מיט די מומרים און אָפּטריניקע, וואָס האָבן גערודפט און געלעסטערט דאָס פאָלק און די אמונה פון זייערע אָבות. באַזונדערס באַקאַנט איז זיין פּאָלעמיק מיט דעם באַוווּסטן משומד אבנר (אַלפאָנז) אויס בורגאָס, וואָס איז אויף דער עלטער געוואָרן איינער פון די גיפטיקסטע שונאי-ישראל און האָט מיט אַ אויסשליסלעכער עקשנות גערודפט זיינע געוועזענע

זענע ברידער [1]. אונטער דער השפּעה פון דער אַריסטאָטעליש־מיימוני־שער אידעען־וועלט איז אבנר געוואָרן אַ פרײַדענקער. ווי דער „בעל „לוית חן" (לוי בן אברהם), אַזוי איז אויך אבנר געווען אַ הייסער אָנהענגער פון אַסטראָלאָגיע און געגלויבט, אַז דעם מענטשנס גורל געפינט זיך אונ־טער דער אויסשליסלעכער מאַכט פון די שטערן און פּלאַנעטן. דאָס האָט אים געבראַכט צו דער טעאָריע פון „הכל צפוי", אַז דער מענטש האָט ניט קיין „בחירה חפשית", ווייל זיין ווילן און זיין גאַנץ טאָן און האַנדלען איז אָפּהענגיק און שוין פאָרויס באַשטימט פון אַ אויסערלעכער קאָסמי־שער מאַכט, וואָס געוועלטיקט איבער אים מיט אַן אייזערנער אומ־ברחמנותדיקער נויטווענדיקייט.

„די אַריסטאָטעליש־מיימונישע פילאָזאָפיע — ווייזט ריכטיק אָן דער היסטאָריקער גרעץ — מיט וועלכער אבנר האָט זיך אַזוי פיל אָפּגעגעבן, און אפשר אויך די אַסטראָלאָגיע, וואָס איז ביי אים אַזוי טייער געווען — זיי האָבן אין אים איינגאַנצן אָפּגעשוואַכט דאָס רעליגיעזע געפיל, און ער איז געוואָרן גאַנץ גלייכגילטיק ניט נאָר צו דער יידישער אמונה, נאָר צו וועלכן ס'איז גלויבן בכלל".

אַ מענטש מיט אַ שוואַכן מאָראַלישן געפיל, נאָר מיט אַ גרויסן חשק צו לעבנס־פריידן און וועלטלעכע פאַרגעניגנס, האָט ער אָנגענומען דעם קאַטוילישן גלויבן, וואָס איז אים געווען ניט ווייניקער גלייכגילטיק, ווי די אמונה פון זיינע אָבות. נאָך דעם, ווי ער איז אָפּגעטראָטן פונם יידישן גלויבן, האָט אבנר פאַרעפנטלעכט אַ העברעיִש ווערק „אגרת הגזרה", וווּ ער פליסט זיך נאָך צו דערווייזן, אַז ער איז כלל ניט מאָראַליש פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר זיין אָפּטריניקייט. ניט דורך זיין פרייען ווילן האָט ער דאָס געטאָן — דאָס איז אַ „גזרה", עס איז אים שוין פון געבורט אָן אָנגעצייכנט דורך די גלגלים און מזלות, ער זאָל פעלשן אין דעם דת פון זיינע אָבות און אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן. אַט קעגן דער טעאָריע פון פאַטאַליזם און מאָראַלישער אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט פונם מענטשן פאַר זיינע מעשים, איז שארף אַרויסגעטראָטן אבנרס פריזנלעכער באַ־קאַנטער — פולגאַר [2]. אבנר האָט געהאַלטן פאַר נייטיק אָפּצוענטפערן אויף פולגאַרס קריטיק מיט אַ קעגנשריפט „מנחת קנאות", וועלכע ער האָט

---

[1] טיפּיש איז די לעגענדע, וואָס ווערט געבראַכט אין „שלשלת הקבלה", ווי אַזוי אבנר האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט זיין אַמאָליקן רבין, דעם באַרימטן רמב"ן.

[2] פולגאַר דערמאָנט אין דעם ערשטן טייל פון זיין „עזר הדת" וועגן זיין באַ־קאַנטשאַפט מיט אבנרן: „פעם אחת נתחברתי עם איש אחד, חי נפשי מהיר ויודע בדרכי הדת גם בפילוסופיה, ובא עד קצו למלאות חפצו ונטהו לבו לשוב מדתי תורתנו, היה שמו מקדם ר' אבנר".

פערזענלעך צוגעשיקט פולגארן. פולגאר האט באלד צוגעשיקט זיין גע־וועזענעם חבר א שארפע סאטירע „אגרת החרפות״, באגלייט מיט א שטע־כיקער עפיגראמע, ווו אבנר ווערט געגליכן צו דער ביבלישער אויסגעלאַ־סענער פרוי, וואס איר שאנד און זינד ווערט פאר אלעמען אנטפלעקט דורך די „מים המאררים״ [1].

פולגאר ווייס אבער זייער גוט, אז אזוינע אבנרס זיינען ניט די איינציקע געפאר פארן יידנטום. דאס יידנטום האט לויט פולגארס אי־בערצייגונג, א סך שונאים אין גאנץ פארשיידענע לאגערס; און אט מיט די אלע פארשיידנארטיקע קעגנער פאלעמיזירט פולגאר אין זיין גרויס ווערק „עזר הדת״. „איך האב איינגעטיילט — דערקלערט פולגאר — מיין ווערק אין פינף אפטיילונגען, ווייל די קעגנער פון אונזער אמונה זיינען אויך פון פינף ארטן (כיתות). די ערשטע כיתה באשטייט פון אומ־וויסנדיקע מענטשן, וואס האבן קיין שום באגריף פון אונזער אמונה און זיינען ניט אימשטאנד צו שעצן איר גרויסן ווערט. די צווייטע כיתה דאס זיינען די אפיקורסים, וואס רעכענען, אז אונזער אמונה געפינט זיך אין שטארקער סתירה מיט די רעאלע וויסנשאפטן. צו דער דריטער געהערן די, וואס זיינען פארפירט פון די שטערנזעערס און זיינען אזוי פארנארישט, אז זיי גלויבן אין דער אמתן, אז נאך איידער דער מענטש איז אויף דער וועלט געבוירן, איז שוין זיין גורל אין אלע פרטים פארויסבאשטימט דורך די גלגלים און מזלות, און דער מענטש איז ביי זיין בעסטן ווילן ניט אימשטאנד אויף א האר צו ענדערן פון דעם, וואס די שטערן אין די הימלען האבן אויף אים גוזר געווען. די פערטע כיתה באשטייט פון מענטשן בעלי הזיות, וואס גלויבן נאר אין די פאלשע דמיונות פון זייער פאנטאזיע, און זיינען ניט אימשטאנד צו אונטער־שיידן צווישן ליגן און אמת; די דאזיקע מענטשן קוקן נאך מיט פאראכ־טונג אויף די, וואס לאזן זיך ניט פארפירן פון זייערע נארישע מעשיות און לעבערלעכע גוזמאות [2]. צו דער לעצטער כיתה געהערן די פריידענקער מאטעריאליסטן, וואס גלויבן ניט — ניט אין השארת הנפש, ניט אין שכר ועונש; זיי ווארפן אפ פון זיך דעם עול פונם דת און זאגן, אז לית דין ולית דיין.

---

1 די עפיגראמע איז אפגעדרוקט אין „טעם זקנים״, V; פולגארס סאטירע איז געבליבן ניט פארעפנטלעכט. אייניקע אנדערע פולגארס עפיגראמען זיינען פארעפנטלעכט אין „ליטעראטורבלאט״, 1840, 249—250.

2 דאס צילט עס פולגאר אין די בעלי קבלה. פולגאר פלייסט זיך בכלל יעדעס מאל ארויסצווייזן זיין ביטול צו די מיסטיקער. טיפיש זיינען זיינע פאלגנדיקע ווערטער: „ויעיזו פניהם להשחית ולהרמות ספורי הבליהם לספרי הקדש״.

צום אינטערעסאַנטסטן זיינען די ערשטע צוויי אָפּטיילונגען פון פּולגאַרס ווערק, ווייל אין זיי אַנטפּלעקט זיך צום בולטסטן די פּערזענלעכקייט פון דעם דאָזיקן טאַלענטפולן ראַציאָנאַליסט אויס דער ערשטער העלפט פונם 14טן יאָרהונדערט.

פיל פון אונזערע קעגנער — זאָגט פּולגאַר אין דעם פינפטן „שער" פונם ערשטן חלק — בעת זיי ווילן באַווייזן, ווי פאַלש און נישטיק אונזער אמונה איז, שטרייכן זיי אַלץ אונטער אונזער שרעקלעכע לאַגע: מיר זיינען דאָך אַזוי קליין אין צאָל, לעבן שטענדיק אין גלות און ווערן פון אַלעמען געיאָגט און פאַראַכט. יאָ — ענטפערט מיט שטאָלץ פּולגאַר — וואָס איידעלער און העכער ס'איז די רעליגיעזע וועלטאַנשויונג, אַלץ קלענער איז די צאָל פון אירע אָנהענגער. וואָרעם דער פּשוטער המון גלויבט נאָר אין דעם אָבערגלויביש־איבערנאַטירלעכן, אין ווילדע גוזמאות און אויסערגעוויינלעכע ניסים, וואָס ברענגען אין התפּעלות זיין אומגעצוימטע פאַנטאַזיע. דערפאַר טאַקע, וואָס מגושמדיקער ס'איז דער גלויבן, וואָס איבערנאַטירלעכער ס'זיינען זיינע וווּנדער און אומבאַגרייפלעכער זיי זיינען פאַרן שכל הישר — אַלץ ליבער זיינען זיי דעם פּשוטן המון און אַלץ גרעסער איז די צאָל אָנהענגער. אונזער יידישע אמונה האָט, נאַטירלעך, ניט געקאָנט נושא־חן זיין ביי די ברייטע אומקולטורעלע מאַסן: זי איז דאָך אַזוי שטרענג, זי פאָדערט פונם מענטשן, ער זאָל האַלטן פעסט אין דער צוים די תאוות און ליידנשאַפטן, און דאָס קען ניט געפעלן דעם ווילדן המון. מיר זיינען שוואַך און פון אַלעמען געיאָגט — דאָס איז אמת; וואָרעם אונזער אמונה האָט אונז געלערנט, ווי אַזוי צו באַצווינגען די תאוות און זי האָט אונז דערצויגן אין די וועגן פון אמת און יושר. אין משך פון לאַנגע דורות האָט זי אונז אָפּגעוויינט פון בלוט־פאַרגיסן, דערשטיקט אין אונז דעם חשק צו גזלה און פאַרגוואַלטיקונג, און געוועקט דאָס געפיל פון רחמנות און חסד. מיר האָבן זיך ביסלעכווייז אַלץ מער דערווייטערט פונם בויגן און שווערד, און אַלץ מער זיך אָפּגעגעבן מיט גייסטיקער אַרבעט. מיר זיינען געוואָרן אַן עם־הרוח, אַ פאָלק פון גייסט; און אַרום אונז האָבן געלעבט מענטשן, וואָס האָבן ניט געוואָלט וויסן פון „מידות הצדק" און זיינען געבליבן אַ שפּילצייג פון זייערע ווילדע תאוות. ז י י ע ר אמונה האָט ניט אָפּגעשוואַכט, נאָר נאָך מער אויפגערייצט זייער אכזריות, פאַרגרעסערט זייער פאַנאַטישע שנאה, וואָס האָט ניט קיין גרענעץ. צי איז דען אַ וווּנדער, וואָס מיר — אַ קליין שוואַך פאָלק, אַ קיבוץ, וואָס לעבט לויט דעם דעוויז: פרידן און גערעכטיקייט — זיינען דער קרבן פון די אַרומיקע פאַרווילדערטע און בלוטדאָרשטיקע פעלקער, וואָס ווייסן נאָר פון איין מאַכט — די מאַכט

פונם שווערד? נישט דאָס דאַרף אונז ווונדערן — אַ ווונדער איז נאָר, וואָס ניט קוקנדיק אויף דער שרעקלעכער אַכזריות פון די פעלקער, וואָס רינגלען אונז אַרום, איז אונזער נאָמען דאָך ניט אויסגעמעקט געוואָרן, און ניט געבראָכן איז אונזער מוט און גייסט. פרעגט ביי וועמען ס׳איז פון די אומות צווישן וועלכע מיר לעבן: צי וואָלט איר געוואָלט די דאָזיקע (יידישע) אומה זאָל ווערן פאַרטיליקט פון דער ערד? איינע וועלן אייך ענטפערן: מיר זיינען גרייט מנדר זיין דערויף אונזער גאַנץ האָב און גוטס; אַנדערע ווידער וועלן אייך זאָגן: מיר זיינען גרייט זיי אויף שטי־קער צערייסן! און דאָך לעבט אונזער פאָלק, ניט אויסגעלאָשן איז זיין גייסט... [1].

אינטערעסאַנט איז אויך דער צווייטער חלק פון „עזר הדת" [2], וואָס איז געשריבן אין פאָרם פון אַ וויכוח צווישן דעם „תורני", אַ גאָטס־פאָרכטיקער זקן, און דעם „פילוסוף", דעם יונגן פרייִדענקער, וועלכער דריקט פאַקטיש אויס די דעות פון דעם מחבר גופא. דער וויכוח, וואָס ווערט געפירט פאַר די טויערן פון ירושלים, איז געשריבן אין מאַקאַמען־סטיל: געגראַמטער פראָזע דורכגעפלאָכטן מיט פערזן. קיין דיכטער איז, אמת, פולגאַר ניט געווען, נאָר ער האָט בלי־ספק געהאַט אַ ליטעראַרישן טאַלענט, און זיין וויכוח איז געשריבן אין אַ פרישער און לעבעדיקער שפּראַך.

דער זקן איז ביי פולגאַרן ניט בלויז אַ „תורני", נאָר אויך אַ פייער־דיקער מקובל. אין דער יוגנט האָט ער זיך געלאָזט „פאַרפירן" פון דער „חכמת יונית" און געגלויבט, אַז מיטן מענטשלעכן פאַרשטאַנד קאָן מען אַלץ דערגרונטעווען; באַלד אָבער האָט ער איינגעזען, אַז ער גייט אויפן פאַלשן וועג. ער האָט געהערט אַ שטימע רופט צו אים: „ווילסטו צום אמתן וויסן דערגיין, מוזטו צום נביא גיין!" איז ער געגאַנגען אינם וועג פון געטלעכער נבואה און דאָרט האָבן זיך פאַר אים אַנטפּלעקט די גרויסע ווונדער, דאָס סודותדיק טיפע און פאַרבאָרגענע... [3] פולגאַר דער ראַציאָ־נאַליסט פלייסט זיך אַרויסצושטעלן דעם תורני און בעל־קבלה אַלס פאַנאַ־טישן קעגנער פון וועלכן־ס׳איז אַלגעמיינעם וויסן. „בעסער שיגעון — שרייט יענער אויס—איידער חכמת הגיון, בעסער צרות און לייד, איידער

---

1 „קונטרס הרמב״ם", 1893, 27—31.

2 פאַרעפנטלעכט אין „טעם זקנים".

3 „טעם זקנים", 15—16.

מאטעמאטיק, בעסער וויטאג און שרעקן, איידער נאטור־וויסנשאפטן, ליבער מכות און געשווירן, איידער מעטאפיזיק" [1].

דערפאר טאקע זיינען באזונדערס אינטערעסאנט די באשולדיקונגען, מיט וועלכע דער תורני טרעט ארויס ביי פולגארן קעגן די ראציאנאליסטן: „זיי מאכן חוזק פון דעם, אין וואס מיר טוען גלויבן, זיי שפאטן איבער אונזער חכמה און אונזערע חכמים, אין אונזערע מצוות ווילן זיי זיך ניט באטייליקן, גאטס געזעצן דערפילן זיי ניט, דאס געבאט פון ציצית און תפילין זיינען זיי ניט מקיים, און די טירן פון זייערע הייזער ווייסן ניט פון קיין מזוזות" [2]. און אויף די אלע באשולדיקונגען ענטפערט דער יונגער ראציאנאליסט — דער ווידערקול פונם מחבר גופא — מיט שטאלצן ביטול: ניט איר דארפט ריידן וועגן חכמה, ווי ניט דער בלינדער קאן ריידן וועגן פארבן, און ניט דער סרים וועגן ליבע. אמת, דער דת איז א וויכטיקער וועגפירער פארן מענטשן, אבער צו דעם ווערט פון דער חכמה קאן ער זיך ניט גלייכן, און איידער די הויא׳ס פון אביי ורבא, איז דאך פיל וויכטיקער די „מעשה מרכבה" (ד"ה די פילאזאפישע פראבלעמען). דער ראציאנאליסט לייקנט ניט אפ דעם תורנים באשולדיקונג, אז די פריידענקער זיינען מזלזל אין פילע מצוות פון דער תורה. דער ווערט פון מצוות — ווייזט אן דער ראציאנאליסט — ווערט דאך געמאסטן נאר לויט זייער נוצלעכקייט. די רעליגיעזע חוקים זיינען געגעבן געווארן אויסשליסלעך, בכדי דעם מענטשן אויסצובעסערן, דער באשעפער אבער נייטיקט זיך אין זיי כלל וכלל ניט. עס איז לעכערלעך דערפאר צו מיינען, אז פאר מקיים זיין די מצוות ווערט אנגעגרייט שכר אויף יענער וועלט. „השכר הטוב הוא עצם המצוה" — דאס דערפילן דאס געבאט, דאס נוצלעכע געבאט — דאס איז שוין דער שכר גופא, דערקלערט פולגארס „פילוסוף". די אזוי אפט געשטעלטע פראגע „צדיק ורע לו, רשע וטוב לו" האט דערפאר קיין זין ניט, ווייל אין דעם געררעכטן טאן גופא ליגט דעם מענטשנס גליק און אין דער עבירה זיין גרעסטע רעה [3].

בעת דער תורני שטרייכט אונטער, אז „אין המדרש עיקר אלא המעשה הוא העיקר", ווייזט זיין יונגער בר־פלוגתא אן, אז דאס וויכטיק־

---

[1] „טעם זקנים", 14: „ואבחר להתנהג בשגעון, ולא להנות בהגיון, דאגה ועצבון ולא חשבון, רש ומחסורת ולא תשבורת; מכת שבע ולא מדע הטבע, רוגז ובלהות ולא חכמת האלהות".

[2] דארמן.

[3] דארמן, 14, עמ׳ ב׳.

סטע פארן מענטשן איז דאך גאָט דערקענען — און גאָטס ליכט דערזען, זיינע ווונדער באַגרייפן קאָן מען נאָר מיטן שאַרפן שכל און מיטן קריטישן פאָרשער־געדאַנק. אמת, ווענדט זיך דער ראַציאָנאַליסט צום אַלטן תורני מיט אַ שפּאָטישן שמייכל—ניט דו, וואָס דיינע אויגן זיינען פאַרבלענדט מיט פאַנטאַסטישע נאַרישקייטן, ביסט אימשטאַנד אַריינטרעטן אינם טעמפּל פון חכמה און וויסן, ניט דו קאָנסט באַגרייפן, אַז אויפן געביט פון פאָרשן און דענקען זיינען ניט די „מעשים" דער עיקר, נאָר די אַב־סטראַקטע פילאָזאָפישע באַגריפן; און טאַקע נאָר אויף דעם געביט דער־גרייכט דעם מענטשנס נשמה די העכסטע מדרגה פון שלימות און ווערט באַשיינט מיטן ליכט פון אומשטאַרבלעכקייט[1].

לאַנג פירט זיך דער וויכוח צווישן דעם אַלטן תורני און דעם יונגן פילאָזאָף. דער אַלטער טענהט מיט גרויס ברען, אַז נאָר דורך דבקות, דורך דעם פּראָפעטישן עקסטאַז און „צירופי אותיות" קאָן מען אַריינ־דרינגען אין די טיפסטע סודות; און דער יונגער דערקלערט מיט אַ שמייכל, אַז דאָס זיינען לויטער נאַרישקייטן. „חכם עדיף מנביא" — דאָס איז שוין אַן אַלטער אמת. דער איינציקער זיכערער וועגווייזער פאַרן מענטשן, דערקלערט מיט גדלות דער „פילאָזאָף", דאָס איז דער שכל הישר, דער קלאָרער פאַרשטאַנד, און ווער עס וויל אויף אים זיך ניט פאַרלאָזן, דער פאַרקריכט אין זומפּ פון פינסטערניש. „און דאָס וואָס דו דערציילסט מיט אַזאַ התפעלות — וועגן „פלאות און גוזמאות", אָט וועגן די אַלע ווונדער, וואָס מען קאָן באַווייזן מיט שמות, גימטריאות און קמיעות — דאָס איז לויטער ליגן און קינדערשע שפּילערייען, וואָס שטאַמען פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך, און מיט דעם דאָזיקן שווינדל פאַרפירן אייך, לייכטגלויביקע, פאַלשע נידערטרעכטיקע מענטשן (אשר יגיעו אליך בערמה אנשי און ומרמה).

דער וויכוח פאַרענדיקט זיך דערמיט, וואָס מען ברענגט די פאַר־עקשנטע דיספּוטאַנטן צום קיניגלעכן ריכטער, ער זאָל פּסקענען, ווער ס'איז גערעכט. דער געלערנטער און קלוגער ריכטער שטייט נאַטירלעך אויף דעם זעלבן ראַציאָנאַליסטישן שטאַנדפּונקט, וואָס דער מחבר גופא. צוויי וועגן, זאָגט דער ריכטער, זיינען געגעבן דעם מענטשן אים אַרויס־צופירן פון פינסטערניש צום ליכט: פילאָזאָפיע (חכמת העיונית) און רע־

1 פולגאַר שטייט דערביי אויף אבן רשדס שטאַנדפּונקט און זאָגט אַרויס דעם געדאַנק, אַז אומשטאַרבלעך איז ניט די נשמה פון דעם יחיד פאַר זיך, נאָר אַלס טייל פונם וועלט־גייסט.

ליגיע. ניט קיין פיינדינען זיינען זיי, נאָר צוויי שוועסטער, וואָס העלפן איינע דער אַנדערער. אָבער די עלטסטע פון זיי בלייבט דאָך די פילאָזאָ־פיע. די תורה, זי דערציט דעם מענטשן און מאַכט אים מסוגל, זיין פילאָ־זאָפישער פאַרשטאַנד זאָל זיך קאָנען אַנטפּלעקן, און, אַ באַפרייטער פונם מאַטעריעלן קבוש, זיך באַהעפטן צו זיין באַשעפער, וואָס אין דעם באַ־שטייט דאָך דעם מענטשנס אומשטאַרבלעכקייט [1]. אָן חכמה האָט דער דת קיין שום באַטייט (דת בלי חכמה כאין נחשבת), דער פילאָזאָף קאָן זיך אָבער אויך אָן דער תורה ניט באַגיין, ווייל נאָר מיט איר הילף קאָן ער קומען אין קאָנטאַקט מיט דער סביבה, און ניט מוזן בלייבן ווי אַ „פאַר־וואָרפענער אין מדבר״ [2]. „לעבט אייך בשלום ושלוה״, דערמיט פאַרענ־דיקט דער ריכטער זיין „פסק־דין״. נאָך טאַקע אָט די מאַקאַמע פון דעם איבערציינגטן ראַציאָנאַליסט פולגאַר באַוויזט צומבולטסטן, אַז קיין שלום האָט ניט געקאָנט ווערן, ווייל צו שאַרף זיינען געווען די קעגנזאַצן פון די צוויי צדדים [3]. וועגן דער שאַרפער סתירה צווישן די ביידע צדדים זאָגט אויך גאַנץ באַשטימט אַרויס פולגאַרס אַ בן־דור: „צוויי קלאַסן זיינען איצט פאַראַן צווישן אונז יידן: דער ערשטער, דאָס זיינען די „פי־לאָזאָפירנדיקע״ (המתפלספים), וואָס מאַכן חוזק פון אונזערע חכמים, זיינען ניט מקיים קיין מצוות, און די סיפורים פון דער תורה ווערן ביי זיי משלים און רמזים. דער אַנדער קלאַס באַשטייט אויס מענטשן, וואָס האַסן די ווינסשאַפטן און ווילן ניט וויסן פון אַריסטון און זיינע דעות״.

די דאָזיקע שורות ברענגען מיר פון אַ אינטערעסאַנטן „מענטש־לעכן דאָקומענט״ — פון דעם „ספר המוסר״, וואָס פולגאַרס בן־דור, יוסף בן אבא מארי אבן כספי, האָט געשיקט אַלס צוואה זיין יינגערן זון. אבן כספי (זיין פּראָוואַנסאַלישער נאָמען איז געווען דון בופוש (Don Bonafous) איז געווען איינער פון די טיפישע „זוכערס״ (המבקש), וועגן

---

[1] דאָרטן, 17, עמ׳ ב׳: „ובאמת התורה הנאמנה הוא זמון והויה להוציא את כח השכל החמרי אל פעלו, ולהדבקו והתאחדו בפועלו, אשרי מי שעלה במדרגה הזאת ועדיה בא, הן הן היי עולם הבא״.

[2] דאָרטן, 18, עמ׳ ב׳: „כי בעל חכמה בלי תורה כבן אדם עומד יחידי במדבר בלי הברה״.

[3] דאָס האָט, ווי עס שיינט, געפילט פולגאַר גופא, און אין דעם שלום־וואָרט צו זיין מאַקאַמע („קונטרס הרמב״ם״, 1893, 36) דערציילט ער, ווי אַ פאַנאַטיקער אַ תורני איז אים נאָכגעלאָפן מיט פעם און אים שטאַרק געזידלט און געשאָלטן פאַר זיין פאָר־שלאָג צו מאַכן אַ פשרה צווישן דעם פילאָזאָף און דעם בעל התורה, און נאָך האָבן דערביי די העזה „צו פאַרגלייכן די הייליקע אמונה מיט דער אַפּיקורסישער פילאָזאָפיע״ (כי חשבת להסכים בין הפילוסוף ובין בעל תורה והשוית אמונת צדק לכפירה).

וועלכע ס׳איז געווען די רייד אינם ערשטן קאפיטל פון דעם דאָזיקן ספר. געבוירן איז ער אין דער פּראָווענס [1], וואָס איז אין יענער צייט געווען דער וויכטיקסטער צענטער פונם פרייען יידישן געדאַנק; נאָר דער אומ־געשטילטער דאָרשט נאָך וויסן האָט אים געטריבן פון לאַנד צו לאַנד. מאַ־טעריעל גוט פאַרזאָרגט [2], האָט ער זיין גאַנץ לעבן פאַרבראַכט אין רייזן און וואַנדערן. ער האָט געלעבט אין אַרל, טאַראַסקאָן, אַראַגאָניע, קאַטאַ־לאָניע, אויף דעם אינזל מאַיאָרקאַ; אין יאָר 1314 איז ער אָפּגעפאָרן קיין מצרים מיט דעם איינציקן ציל: שטודירן פילאָזאָפיע אין דער שטאָט, ווו דער „מורה נבוכים״ איז געשאַפן געוואָרן און ווו עס געפינען זיך זיין פאַרפאַסערס אייניקלעך. אים האָט אָבער דאָרט דערוואַרט אַ גרויסע אַנטוישונג. מיט באַדויערן דערציילט ער, ווי ער האָט זיך אויפן אָרט באַלד איבערצייגט, אַז דעם גרויסן דענקערס אייניקלעך זיינען טאַקע „צדיקים גמורים״, נאָר פאַרנעמען זיך גאַנץ ווייניק מיט וויסנשאַפטן (כלם צדיקים, אבל בחכמות לא היו מתעסקים). צוריקקערנדיק פון מצרים אין דער פּראָווענס, איז ער דאָרט שיר ניט אומגעקומען בעת דער „גזירת הרועים״ [3], ווען די באַנדעס פאַסטעכער האָבן אַזוי פיל קהילות אומגע־בראַכט. שוין אין די עלטערע יאָרן (1332) האָט זיך אבן כספּי ווידער געגאַזט קיין אַפריקע, ווי נאָר ער האָט זיך דערוווּסט, אַז אין פעץ שטו־דירט מען אין די מוסלמענישע פילאָזאָפישע שולן דעם רמב״מס „מורה נבוכים״.

ניט קוקנדיק דערויף, וואָס אבן כספּי איז געווען אַ שטענדיקער נע־ונדניק, איז ער דאָך געווען אַ זייער פרוכטבאַרער שריפטשטעלער. ביז צום יאָר 1332 האָט ער פאַרפאַסט איבער 30 ווערק [4], וואָס באַרירן די

---

1 אבן כספּי שטאַמט פון דער פּראָווענסאַלישער שטאָט אַרזשאַנטער (דערפון נעמט זיך זיין העברעיִשער נאָמען „כספּי״), ווו ער איז געבוירן אינם יאָר 1279 (גע־שטאָרבן אין 1340).

2 קלונימוס בן קלונימוס באַגלייט אבן כספּיס נאָמען אין זיין באַקאַנטן אָפּענעם בריוו מיט פאָלגנדיקע שבחים: „שוענו, אלופנו, נגידנו״.

8 זע אין דער פאָררעדע צו „קבוצת כסף״.

4 צוואַנציק פון די דאָזיקע ווערק רעכנט אויס דער מחבר גופא אין זיין „קבוצת כסף״, וואָס איז דערגאַנגען צו אונז אין צוויי נוסחאות: די ערשטע האָט פאַר־עפנטלעכט בן־יעקב אין זיין „דברים עתיקים״ (ז״ז 41—44) און איז אויך איבערגע־דרוקט דורך י. לאַסט אין זיין פאָררעדע צו דער אויסגאַבע פון אבן כספּיס ווערק; די צווייטע, די מער פולשטענדיקע, איז פון אַ פּאַרמער מאַנוסקריפּט אָפּגעדרוקט אין Les Ecrivains juifs français, 535—544. דאָרטן ווערן אויסגערעכנט דרייסיק ווערק אבן כספּיס און עס ווערט אויך דערביי איבערגעגעבן דער תוכן הענין פון יעדן ווערק באַזונדער (דאָרטן, 482—535; זע אויך שטיינשניידער אין ערש און גרובער, סעריע II,

פארשיידענע געביטן פון וויסנשאפטן: ער האט געשריבן פירושים אויפן אבן עזרא, אויף מיימוניס „מורה נבוכים", אויף תורה און א סך אנ־דערע ביבלישע ווערק [1], ער האט אויך געשריבן דערקלערונגען צו אבן גנאחס גראמאטישע ווערק, פארפאסט א לערנבוך איבער לאגיק און איבער דער העברעישער שפראכפארשונג [2], איבערגעארבעט אין א פאפולערער פארם אריסטוס „ספר המידות" און אפלטונס „רעפובליק".

געבן א מער-וויניקער בולט בילד פון דער דאזיקער אינטערעסאנ־טער און טאלענטפולער פערזענלעכקייט איז געווארן מעגלעך ערשט די לעצטע צייט, נאכדעם ווי יצחק לאסט האט פארעפנטלעכט א טייל פון אבן כספים ליטעראַרישער ירושה, וואס איז פריער געלעגן באגראבן אין די פארשטויבטע בלעטער פון אלטע זייער זעלטענע מאנוסקריפטן. אלע ווערק אבן כספים זיינען דורכגעדרונגען מיט דער גרעסטער התפעלות צום בארימטן באשעפער פונם „מורה נבוכים", וועלכער „פארשפרייט ליכט איבער דער גאנצער וועלט" (המאיר לעולם כולם). ער באדויערט זייער, וואס ער האט ניט זוכה געווען צו לעבן אין איין צייט מיט דעם רמב"ם [3], און זאגט ארויס דעם הארציקן ווונטש, ער זאל ווייניקסטנס אויף יענער וועלט האבן די זכיה צו זיצן ביי די פיס פון דעם גרויסן גאון און געניסן פון זיין וואונדערבארן ליכט [4].

מענטשן שאפן זיך אבער געטער נאך זייער געשטאלט, און ווילן אין זיי זען דאס, נאך וועמען עס בענקט אזוי זייער נשמה; און באגייס־

ב' 31, ז"ז 61—73). ביז צום צוואנציקסטן יארהונדערט זיינען געווען פארעפנטלעכט בלויז כספים דאפלטער פירוש אויפן „מורה נבוכים" („עמודי כסף", 1848) און זיין „ספר המוסר" (אין „טעם זקנים", 1854). ערשט אין דער נייערער צייט האט יצחק לאסט באקענט די ברייטע קרייזן פונם לייענער־פובליקום מיט דעם באדייטנדיקן טייל פון אבן כספים שאפן: אין דעם יאר 1903 האט ער פארעפנטלעכט אין צוויי בענד „עשרה כלי כסף" (א זאמלונג פון ניין פירושים אבן כספים), אין 1905 — „משנה כסף", אין 1911/12 — „אדני כסף", אין 1914 — „טעם הכסף".

[1] וועגן אבן כספין אלס ביבל־דערקלערער האט וו. באכער פארעפנטלעכט א ספע־ציעלע פארשונג אין „מאנאטסשריפט", 1912, III—VIII און 1913, V.

[2] די פאררעדע און אייניקע פראגמענטן פון דעם דאזיקן ווערק זיינען פאר־עפנטלעכט אין „ליטעראטורבלאט ד. אריענטס", 1847, 481—486.

[3] „מנורת כסף", 91: „יום אשר ילדתני אמי אל יהי ברוך כי לא קדמוני ברכיים והייתי בזמן המורה ז"ל, או אחר זמנו עד זמני עתה, ראיתי אור באורו אף כי אם־הייתי בזמנו ויצקתי מים על ידו".

[4] „ספר הסוד": „אליך אבינו משה קדוש ישראל פני מועדות... אחת שאלתי כי ידרשני אלוה ממעל לימים אשר רוחי ונשמתי אליו יאסוף, יזכני לשכוב מרגלותיו והראני אותו ואת נוהו, אשריך רבנו שבנית בנין עדי עד ישחק".

טערטע תלמידים און חסידים לייגן גאַנץ אָפט אַריין אין דעם מויל פון זייער געליבטן רבין און ווענגווייזער ווערטער און געדאַנקען, וואָס זיינען זיי ליב און טייער, דעם לערער אָבער זיינען זיי געוועזן פרעמד און אומ־באַקאַנט. דאָס אייגענע זעען מיר אויך אין אַ געוויסער מאָס ביי דעם רמב"ם באַגייסטערטן פאַרערער, ביי יוסף אבן כספי. ער באַנוצט זיך טאַקע זייער גערן מיט מיימונים טערמינאָלאָגיע, און גאַנץ אינם גייסט פונם בעל „מורה נבוכים" לייענען מיר ביי אבן כספין, אַז דורך וויסנ־שאַפטלעכע ידיעות, דורך אומדערמידלעכן פאָרשן באַהעפט זיך דער מענטש צום „שכל הפועל" און אָט אין דעם באַשטייט דעם מענטשנס אומשטאַרבלעכקייט. אין זיין פירוש צום „מורה נבוכים" זאָגט אפילו אבן כספי אַרויס אַזאַ אַפּיקורסישן געדאַנק, ווי „אלהים הוא השכל והשכל אלהים". נאָר טאַקע דער זעלבער אבן כספי שרייבט מיסטישע פירושים צו פילע ביבלישע ווערק [1], פאַרטיפט זיך אין די סודות פון „מעשה מרכבה" [2] און דערקלערט גאַנץ באַשטימט, אַז עס דאַרף אונז כלל ניט באַאומרויִקן, וואָס דער ביבלישער טעקסט געפינט זיך אין אַ געוויסער סתירה מיט די דעות פון די פילאָזאָפן, וואָרעם דער העכסטער אויטאָ־ריטעט איז דאָך די תורה מן השמים, און „מיר, וואָס מיר שטיצן זיך אויף דער געטלעכער אַנטפּלעקונג, — וואָס גייט עס אונז אָן, אַז אַפּלטון, אַריסטו און זייערע אָנהענגער זיינען מיט אונז ניט איין דעה?" [3].

גלייך מיט אברהם אַבולפיה און פילע אַנדערע מיסטיקער איז אויך אבן כספי פעסט איבערצייגט, אַז ספּעציעל אין דעם העברעיִשן אָריגינאַל פונם ביבל־טעקסט, בפרט אין די אותיות פון די געטלעכע שמות איז פאַר־באָרגן אַ גרויסע שעפערישע קראַפט [4], עס קאָן דערפאַר גאָר קיין פאַרגלייך

---

[1] „טירת כסף" (ספר הסוד), „אדני כסף", „מזרקי כסף", „מצרף כסף".

[2] „מנורת כסף" (לאַסטס אויסגאַבע, ב׳ II, 75—142).

[3] „מנורת כסף", 75: „ומה לנו אחר האל יתברך לאפלטון ואריסטו וזולתם אם יהלוקו בדבר".

[4] „שולחן כסף" ב׳: „כי תורתנו שהיא מן השמים הנה יש לה קדושה ומעלת שלמות מצד הלשון העברי ומצד סדור הכתב מש"כ למועתק ממנה משאר הלשונות וכן בכל ספרי המקרא, עד שנברר באמת כי אין כל המכוון בתורה לפי לשון העברי נמצא בהעתקות, אבל כמה הוראות גדולות מופלאות מחכמות הטבע והאלהות יש בתורה וביתר ספרינו בשמות... ואינו כמועתק אל הלשונות... ועל כולם השמות המיוחדות לד׳ יתברך כי אין במועתק כונת המחבר".

דעם אייגענעם געדאַנק חזרט ער איבער אויך אין „מנורת כסף": „ואנחנו נבאר המקומות ונבאר פיר׳ תנבואות היסודיות ההם... ומצורף לזה נבאר ענין קדוש ומקודש והוא ענין השמות המיוחדים אל הקב"ה ונפרש שם המפורש ושם יה ושם אהיה אשר

ניט זיין צווישן דעם הייליקן אָריגינאַל פון דער תורה און אירע לאַטייני־שע (נוצרים) און אַראַבישע (ישמעאלים) איבערזעצונגען.

אַט טאַקע דערמיט, וואָס אבן כספי איז געווען אַזוי פאַרשיידנאַרטיק, איז צו דערקלערן, וואָס פון איין זייט איז ער ביי אַזוינע אָרטאָדאָקסישע שריפטשטעלער ווי ר' שמעון בר צמח דוראַן, יוסף יעבץ און יצחק אַבּרבנאַל פאַררעכנט פאַר אַ געפערלעכן אַפּיקורס; דערפאַר אָבער געפינט דער באַקאַנטער מקובל יוחנן אַלעמאַנו, אַז אבן כספּיס פירושים דאַרף לייענען יעדערער, וואָס האַלט טייער די חכמת הנסתר, און אַזאַ גאָטס־פאָרכטיקער פּייטן ווי משה ריעטי, וואָס פאַרשפּאַרט אין זיין פּאָעמע די טויערן פון גן־עדן פאַר אַזוינע „אַפּיקורסים" ווי אַלבּאַלאַג און רלב"ג, גיט אבן כספּי אָפּ אַ בּכבודיקן פּלאַץ דירעקט לעבן דעם באַרימטן תּלמודיסט און הייסן קעגנער פון מיימוני, דעם ראב"ד „בעל ההשגות" און דעם הייליקן יהודה החסיד [1]

אויפן ערשטן קוק קאָן זיך דאַכטן, אַז אויך ביי אבן כספּי גילט אַלבּאַ־לאַגס לערע וועגן „טאָפּלטן אמת". דאָס איז אָבער ניט אינגאַנצן ריכטיק. אבן כספּי איז ניט געווען קיין אָריגינעלער דענקער, נאָר אַ רייך־באַגאַבּ־טע נאַטור; ביי זיין גרויסן דורשט נאָך וויסן האָט ער אָבער ניט געקאָנט און ניט געוואָלט זיך לאָזן איינשליסן אין דער שטרענגער ראַציאָנאַלי־סטישער אידעען־וועלט. זי איז פּאַקטיש געבליבן פרעמד זיין אימפּרע־סיאָניסטישן לייכט אויפרעגלעכן גייסט. מיר באַגעגענען דערפאַר אין זיינע שריפטן אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע דערשיינונג: ער פאַרגעטערט דעם רמב"ם און איז אַ הייסער אָנהענגער פון „חכמת יוונית"; אים בלענדט זייער איבערציינגנדיקע קראַפט, זייער האַרמאָנישע גאַנצקייט; נאָר אומ־באַוווּסט באַקומען ביי אים זייערע אָנשוויונגען אַ גאַנץ אַנדערן לבוש, און דערביי ווערט ניט זעלטן נשתנה אויך זייער תּוך און זייער גאַנצער מהות. מע דאַרף דערביי אויך נעמען אין באַטראַכט איין גאַנץ כאַראַקטעריסטישן שטריך: אבן כספּי האָט זיינע ווערק ניט געשריבן פאַרן לעזער־פּובליקום,

אהיה ונזכר מה שיראה לנו בזה מחדוש נוטה מדעת הקודמים או נופל עליהם. ועוד נבאר שם ענין אחד עמוק בא בתורה על שם אלהים יתברך".

צוזאַמען מיט די דאָזיקע ריין מיסטישע אָנשויונגען אַנטוויקלט אָבער אבן כספּי אויך דעם זייער ריכטיקן געדאַנק, אַז קיין שום איבערזעצונג פון אַ מייסטער־ווערק איז ניט אימשטאַנד איבערצוגעבן דעם גייסט און די אייגנאַרטיקע שיינקייט פונם אָריגינאַל (כי אין במועתק כונת המחבר). אבן כספּי איז אויך געווען דער ערשטער ביבּל־פאָר־שער, וואָס האָט אָנגעוויזן, אַז אין די ערשטע קאַפּיטלעך פון ספר בראשית זיינען צו באַמערקן צוויי נוסחאות: די „יהוהיסטישע" און די „אלהיסטישע".

[1] „מקדש מעט", 103, עמ' ב'

ניט פאר דער מאסע און ניט פאר יחידי סגולה. ער האט געשריבן דער־פאר, וואס ס'איז ביי אים געווען א מוז־זאך, ווייל ער איז געווען א גע־בארענער שריפטשטעלער מיט א באדייטנדיקער שאפונגסקראפט, און עס האט אים געצויגן צו פאפיר און פעדער. דער לעזער אבער, דאס אוידי־טאריום, האט אים כלל ניט אינטערעסירט. עס איז זייער מעגלעך, אז אין זיין פארהאלטן זיך צום לעזער־פובליקום האט געשפילט א גרויסע ראלע דער בייזער אויפנעם, מיט וועלכן מע האט באגעגנט זיין ערשט ווערק „ספר הסוד", וואס ער האט פארעפנטלעכט אין יאר 1317. דער „ספר הסוד" האט זייער ניט נושא חן געווען אין די ארטאדאקסישע קרייזן, און צוויי תלמידי חכמים אויס שילאן, משה דבלקיירי און אבא מארי סען אסטרוק, זיינען שטארק אנגעפאלן אויף אבן כספין און דערקלערט, אז אין „ספר הסוד" זיינען ארויסגעזאגט געווארן אזוינע געדאנקען, וואס זיינען שעדלעך פאר דער פשוטער מאסע, „וואס מע דארף לאזן לעבן אין די טראַ־דיציאנעלע אנשויונגען, אין וועלכע זי איז דערצויגן געווארן און אויס־געוואקסן". זיי האבן זיך נאך דערמיט ניט באנוגנט, און אויף זייער ווונטש איז קעגן אבן כספין ארויסגעטראטן מיט א ספעציעל פאלעמיש ווערק זייער תלמיד, דער אונז שוין באקאנטער קלונימוס בר קלונימוס [1].

די דאזיקע אנפאלן האבן שטארק אויפגעבראכט אבן כספין. ניט אומזיסט זאגט עדות דער מקובל יוחנן אלעמאנו, אז ער האט נאך ניט גע־זען קיין גלייכן צו אבן כספין, וואס זאל אזוי אפן און אן פחד ארויסזאגן זיינע איבערצייגונגען [2]. „דארט, ווו עס האנדלט זיך — דערקלערט אבן כספי — דעם אמת צו דערגיין, ווייל איך מיט קיינעם זיך ניט רעכע־נען" [3]. „אין אמונה־פראגן, זאגט ער אויף אן אנדער ארט — ווייל איך ניט אפהענגיק זיין פון וועלכער ס'איז מיינונג, וואס דער אדער יענער גדול האט ארויסגעזאגט" [4]; און ווי יעקב אנאטאלי בשעתו דערקלערט אויך אבן כספי, אז „דער אמת טאר ניט זיין שרעקעדיק און שעמעוודיק". „זיי, אט די גרעמע מענטשעלעך, ענטפערט מיט ביטערקייט אבן כספי זיינע קריטיקער, פארזיכערן אלץ, אז אויס ליבע און רחמנות צו מיר ווארענען זיי מיך, בכדי איך זאל גיין אין דרך הישר. איך ווייס אבער זייער גוט:

---

[1] קלונימוסעס שריפט האט פארעפנטלעכט פערלעס אין 1879 („קלונימוס ב. קלו־נימוס, זענדשרייבען אן יאזעף כספי").

[2] „כי איש כמוהו לא ראיתי גדול העצה ורב העלילה והבלתי ירא מהגיד את אשר בלבבו".

[3] „שולחן כסף", 170: „ולא אשא פני איש כי אין ראוי זה לאמת".

[4] דארטן, 136.

זאָל איך אַ מענטשן הרגענען, זיין געלט צעראַבעווען און עס זיי שענקען — וואָלטן זיי דאַן אַלע דערקלערט: אַזאַ אָרנטלעכער און גערעכ־טער מענטש ווי איך איז גאָר אויף דער גאַנצער וועלט ניטאָ"[1].

ער דערקלערט דערפאַר, אַז ער האָט מער קיין חשק ניט צו שרייבן ניט פאַר קיין קלוגע, ניט פאַר קיין נאַראָנים, "ווייל נאַראָנים וועלן סיי ווי בלייבן עמי־הארצים און קלוגע איז איבעריק צו לערנען"[2]. און אַלע זיינע ווערק, וואָס ער שרייבט דערנאָך, באַשטימט ער זיי ספּעציעל בלויז פאַר זיינע אייגענע קינדער. כמעט יעדעס ווערק, וואָס אבן כספּי האָט געשריבן, איז געווידמעט אָדער דעם עלטערן זון, וואָס האָט געלעבט צוזאַמען מיט זיין שוועסטער אין באַרצעלאָנע, אָדער דעם יינגערן, וואָס האָט זיך אויפגעצויגן אין טאַראַסקאָן[3].

אַדאַנק דעם, טראָגן אבן כספּים ווערק אַ אינטים־ווייבן כאַראַקטער. דער פּראָפעסער רייסט אָפּט איבער אין מיטן עניין, און ווענדעט זיך צו זיינע זין מיט דברי מוסר, לערנט זיי, ווי אַזוי זיך צו פאַרהאַלטן בנוגע צו פאַרשיידענע לעבנספראַגן, אויסנוצנדיק דערביי די רייכע פּראַקסיס פון זיין אייגן פילפאַרביק וואַנדער־לעבן. אַ מענטש פון פילזייטיקער ביל־דונג, מיט אַ שאַרפן באַאָבאַכטונגס־אויג און ליטעראַרישער שילדערונגס־פעיקייט האָט אבן כספּי פיל וואָס צו דערציילן. אבן כספּי איז טאַקע ניט קאַרג אויפן וואָרט: זיינע ווערק זיינען רייך מיט אינטערעסאַנטע שטריכן,

---

[1] "מנורת כסף", 77: "לרוב חמלתם ואהבתם אותי יחושו כי אעבור אלו המצות והשבועות; ואני ידעתי כי אם רצחתי וירשתי עשרה זהובים ואתננם להם כי יאמרו: כי אין כמוני בכל הארץ איש תם וישר".

[2] "חצוצרות כסף", 131: "הנה אוילים בחסר ימותו, ואם חכמים ונבונים הנה בלעדי היו נכונים".

[3] אָנשטאָט געוויינלעכע הקדמות, אין וועלכע דער פּראָפעסער ווענדט זיך צום לעזער, זיינען די דאָזיקע ווערק אבן כספּים פאַרזען מיט בריוולעכע געשאַנקען, געשיקט פונם פאָטער צום זון. אייניקע פון די דאָזיקע בריוו זיינען געשריבן אין אַ אינטים האַרציקן טאָן; צום ביישפּיל, אין דער פאָררעדע צו זיין פּאָפּולערער באַאַרבעטונג פון אַריסטאָטעלעסעס "עטיק", וואָס ער האָט געשריבן פאַר זיין עלטערן זון, לייענען מיר פאָלגנדיקע האַרציקע שורות: דיר האָט די השגחה אַ וונדערבאַרע מתנה געגעבן: דו האָסט זוכה געווען, דיין לעבנס־באַגלייטערין זאָל זיין די פּולקומסטע און שענסטע פון אַלע פרויען. און איך וויל האָפן, אַז אַלע דיינע געדאַנקען און דיין גאַנצן ווילן וועסטו אָנשטרענגען צו איין ציל: צו גייסטיקער שלימות און ריינקייט פונם האַרצן; איך בין זיכער, אַז דו וועסט שטרעבן דערצו, ווערט צו זיין דיין פרוי, און וועסט זיך פלייסן צו זיין דער פּולקומסטער צווישן די מענער, ווי דיין פרוי איז די בעסטע צווישן די פרויען (מיר ציטירן נאָך שטיינשניידערס העבר. איבערז. 226—7. זע אויך Les ecriv. etc, 487,

אין וועלכע עס שפיגלט זיך בולט אָפּ דאָס דעמאָלטיקע קולטורעלע לעבן אין די מזרח־לענדער און אין דרום־פראַנקרייך.

גראָד אין אבן כספּים צייט האָט מען עס פאַרטריבן דעם פויפּסט פון זיין רעזידענץ (רוים) און ער האָט געמוזט אַפּריכטן גלות אין דרום־פראַנקרייך אין דער שטאָט אַוויניאָן. דערציילט אבן כספּי מיט פיינעם הומאָר, וואָס פאַר אַ איבערקערעניש ס'האָט אַרויסגערופן אין דער לאַנדווירטשאַפט פון דער גאַנצער מדינה די שכנות פונם „הייליקן פאָטער" און זיינע מקורבים. אַלע פעלדער אַרום האָט מען פאַרזעצט מיט וויינגערטנער. „ווייַן איז געוואָרן בזיל־הזול — דערציילט אבן כספּי — און אויף ברויט איז געוואָרן אַ יקרות". עס איז אָבער קיין ספק ניט — איז מוסיף אבן כספּי מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל, — אַז ווי נאָר דער פויפּסט וועט זיך צוריקקערן קיין רוים, וועלן די וויינגערטנער ווידער מגולגל ווערן אין ברויט־פעלדער [1].

„למ"ה — וואָרנט אבן כספּי זיין זון — זאָלסט זיך ניט דערוועגן צו דערנענטערן צו נאַראָנים, און גאָט זאָל דיך היטן פונם געדאַנק פּרוּוון דערווייזן אַ נאַר, אַז ער האָט קיין שכל ניט". און טאַקע דערביי, ליתר תוקף, דערציילט אבן כספּי אַ מעשה, וואָס דערמאָנט ניט ווילנדיק אָן עמנואל רומי, ווי אַזוי אים איז אַמאָל אויסגעקומען זיך אָפּצושטעלן אין אַ פאַרגרעבטער און אומוויסנדיקער קהילה, ווו גראָד דעם טאָג האָט מען צו קבורה געבראַכט איינעם פון אירע מיטגלידער, טאַקע אַ גרויסער עושר, נאָר אַ ווילדער עם־הארץ און מאָוויימדיקער קמצן. און אבן כספּי זיצט צווישן די שבעה טובי העיר, בעת יענע זאָגן נאָך שבחים דעם בר־מינן. וואָס מער יענע לויבן דעם פאַרשטאָרבענעם, אַלץ קלאָרער ווערט פאַר אבן כספּין, וואָס פאַר אַ מגושמדיקער מענטש, וואָס פאַר אַ זולל־וסובא יענער גביר איז געווען. און ער, דער איינציקער קלוגער צווישן נאַראָנים, הערט צו מיט אַן ערנסטער מינע און שווייגט. „כ'האָב זיי ניט אויסגעלאַכט—עס וואָלט סיי ווי ניט געהאָלפן, זיי וואָלטן מיר נאָך אייביקע שונאים געבליבן" [2]. ניט ווייניקער טיפּיש איז די קאָמישע סצענע, ווו גאָטספאַרכטיקע פרומאַקעס זיינען מתרה דעם פּראָפעסער, וואָס פאַר אַ שווערע שטראָף ער וועט אויף יענער וועלט מוזן אויסשטיין פאַר זיינע אַפּיקורסישע רייד. „זיי רינגלען מיך אַרום און רייצן זיך מיט מיר: „דו וועסט ניט זוכה זיין צו געניסן דעם נחת פון עולם־הבא". בוקן מיר זיך פאַר זיי און בעטן זיי זאָלן אונז כאָטש לאָזן אַ קלייניניקן חלק. מיר האָבן צו זיי אַזוי גע־

---

1 „חצוצרות כסף", לאַסטס אויסגאַבע, I, 196.

2 „חצוצרות כסף", 37—38.

זאָגט: „אוודאי זיינען פאַר אייך אָנגעגרייט אַלע פיש פון די ימען, איר וועט געניסן פון דער סעודת לוויתן, וועט עסן די גענז פון רבה־בר־בר־חנא, מיט די געשטאָפּטע הינער און פעטע קוראָפּאַטוועס; איר וועט טרינקען די בעסטע ווייגען, עס וואַרט דאָך אויף אייך דער יין המשומר פון ששת ימי בראשית. ערלויבט־זשע אונז כאָטש צו זען פון וויטן, און זיך באַנוגענען מיט פאַרדאַרטע באָקסערן, און פאַרטרינקען מיט פשוט וואַסער". נאָר זיי ווילן ניט נאָכגעבן, זיי פאַרגינען אונז דאָס אויך ניט, און דערקלערן גאַנץ שטרענג: ניין, איר וועט שוין מוזן הונגערן!"[1].

און מיט וואָס פאַר אַ סאַרקאַזם ווענדט ער זיך צו זיינע יידישע ברידער: „יאָ, מיר זיינען טאַקע אין דער אמתן אַ אויסטערליש פאָלק געוואָרן, טאַקע איינס אין דער וועלט, אַ פאָלק פון גאָלע נאַראָנים און טויגעניכטסן! מיר אונטערשיידן זיך איינער פונם אַנדערן בלויז אין די ניואַנסן, אין די גראַדן פון נאַרישקייט"[2]. בעת אבן כספי דערמאָנט אין איינעם פון זיינע פירושים דעם שטאַמפּאָטער פון אַברהם אָבינו, עֵבר, וואָס זיין עלטערער זון האָט געהייסן פלג, „כי בימיו נפלגה האָרץ"[3], ווייל אין זיינע יאָרן איז פאָרגעקומען די גרויסע צעשפּאַלטונג אויף דער וועלט — איז אבן כספי מוסיף אין אַ מעלאַנכאָלישן טאָן: „מיר אַלע זיינען עס די בעסטע עדות, אַז אונזער מאַמע איז טאַקע געווען פלגס פרוי, וואָרעם מיר זיינען טאַקע „בני פלג", קינדער פון אָפּגעזונדערטקייט און צעשפּאַלטונג און אין אומאייניקייט און שטענדיקע צאַנקערייען האָבן מיר אונזער גלייכן ניט צווישן אַלע פעלקער פון דער ערד"[4].

מיט שטילן טרויער אָטעמען אבן כספים רייד וועגן „יידישן פנים" אין די גלות־לענדער. „די קריסטן — זאָגט אבן כספי — דערקענען תיכּף דעם יידן אָן זיין פאַרמרה־שחורהדיקן פנים, וואָרעם דער ייד האָט גאָר אַן אַנדער אויסזען ווי די קריסטן. זיין פנים איז בלייך, נידערגעשלאָגן, און זיינע אויגן פייערן ניט ווי ביי אַ מענטשן, וואָס איז פונם גליק באַשיינט"[5].

---

1 „חצוצרות כסף", 18—19.

2 „והיינו לעם אחד, כלנו סכלים, כלנו אוילים, אבל הסכלות בינינו מתהלפת בפחות ויתר".

3 דברי הימים א', 1, 19.

4 „ועדים נאמנים אנחנו עד היום לאמנו הבכורה אשת פלג, כי באמת בני פלג אנחנו להיות ההכמת נעדרת ממנו על כל משפחות האדמה".

5 „והענין בזה כי ישראל בגלות ובצרות כמו שמבואר זה ממנו גם היום, עד שהנוצרים יכירו היהודי בפניו ויאמרו שיש לו פני יהודי כי הוא משונה בצורתו, אינו אדמוני עם יפה עינים כמו הנוצרים ובכלל האנשים המצליחים".

אַ מענטש מיט אַ פיינעם קריטישן חוש, איז אבן כספי אַלס ביבל־דערקלערער געווען אַן אַנטשיידענער קעגנער פון דער אַלעגאָרישער מעטאָדע, וואָס איז געווען אַזוי שטאַרק אָנגענומען אין די ראַציאָנאַליסטישע קרייזן. ער האָט מערערע מאָל אונטערגעשטראָכן, אַז דער ביבל־דערקלערער דאַרף זיך קודם־כל רעכענען מיטן וואָרטלעכן פשט פון דעם טעקסט און מיט די געזעצן פון לאָגישן דענקען [1]. ער האָט זיך דערפאַר אַנטשיידן אַרויסגעזאָגט קעגן מיימונים מיינונג, אַז „משלי" דאַרף מען אויסטייטשן אין אַלעגאָרישן זין. „עס איז ביי מיר — דערקלערט אבן כספי — קיין שום ספק ניט, אַז „משלי" איז געשריבן אין דעם זעלבן נוסח ווי אַנדערע בידאַקטישע ביכער, אָן סודות, נאָר ריינער איינפאַכער פשט. דאָרט איז אַלץ פשוט און קלאָר, אָן פילאָזאָפישע אָנצוהערענישן, מעטאַפיזישע טיפקייטן און סודותדיקע רמזים. ווען עס ווערט דערציילט וועגן אַן אויסגעלאַסענער פרוי, מיינט מען טאַקע פשוטו כמשמעו, ניט דעם זינדיקן חומר; רעדט שלמה המלך וועגן חכמה, מיינט ער עס טאַקע דעם פשוטן פּראַקטישן פאַרשטאַנד, ניט די געטלעכע אָדער מעטאַפיזישע חכמה; וואָרעם ווי די אַנדערע מאָראַליש-דידאַקטישע ביכער, אַזוי אויך ספר „משלי", פאַרנעמט זיך אויסשליסלעך מיט פּראַקטישער מאָראַל, ניט מיט פילאָזאָפיש־טעאָלאָגישע פּראָבלעמען" [2].

און אבן כספי ווייזט טאַקע דערביי אָן, צו וואָסערע זייער ניט געווּנטשענע פּועל־יוצאס עס קאָן ברענגען די אַלעגאָרישע מעטאָדע [3]. עס איז פשוט אוממעגלעך צו געפינען אַ וועלכע ס'איז גרענעץ, בכדי ניט פאַרלירן דעם ווּסנשאַפטלעכן באָדן און ניט פאַרבלאָנדזשען אין דעם געפלאָנטער פון פאַנטאַסטישן שפּינוועבס. ווערט דער ספר „איוב" אָדער „משלי" דערקלערט אַלס לויטער אַלעגאָריע, פאַרוואָס זאָל מען ניט באַטראַכטן אַלס אַלעגאָריע יעדע באַליביקע דערציילונג אָדער באַשרייבונג, וואָס קומט פאָר אין דער ביבל? „און מיר זעען טאַקע — שטרייכט אבן כספי אונטער — אַז אפילו יעקב און זיין זיינען אויך מגולגל גע־

---

1 „חצוצרות כסף", לאַסטס אויסגאַבע, I, 83: „וכבר הודעתיך בספר הסוד, כי כל דברי התורה והמקרא הם אצלי כפשוטם כספר ההגיון לאריסטו זולת מה שהפשט נמנע היותו". דאָרטן, 122: „הנה כל המפרשים נבערה חכמתם... כי לא שתו לבם אל מלאכת הגיון ישר היא היישרות והדבור החצוני והפנימי".

2 דאָרטן 83 און 131: „זה הספר הוא כספרי מוסרי הפילוסופים, ואין בו לפי דעתי תוכחות וסודות לא באשת איש ולא בזולת זה רק הכל כפשוטו וכנגלה מענינו... וטעם החכמה אינה חכמת הטבע והאלהות רק החכמה המעשיות והוא מה שיכלול ספר המדות. ודע כי כל זה כפשוטו לפי דעתי אין בזה הוראה ורמז כלל לזולת זה".

3 דאָרטן: 83, 94, 131, 137—138.

וואָרן אין אַ אַלעגאָריע [1]. דאָס וועט דאָך אָבער ברענגען דערצו, אַז מיר וועלן בלייבן ביי לויטער גאָרניט: מיר וועלן ניט האָבן ניט קיין תורה, ניט קיין נביאים, ניט קיין כתובים" [2]. „ביי אונז יידן — רופט אויס אבן כספי — איז דאָך אָבער מער ניט איבערגעבליבן ווי משה און זיין תורה!" (כי אין לנו היהודים רק משה ותורתו).

אבן כספי טרעט דערפאַר זייער אַנטשיידן אַרויס אַנטקעגן די ראַציאָנאַליסטן־אַלעגאָריסטן פון זיין צייט:

„איך קאָן זיי גוט, די קליינע פיקסעלעך פון אונזער דור — רופט ער אויס — וואָס האָבן באַקומען אויפן שפּיץ מעסער קנאַפּע אייבערפלעכלעכע ידיעות אין פילאָזאָפיע און וויסנשאַפטן, און האַלטן זיך שוין פאַר בר־סמכאָס אין פילאָזאָפיש־טעאָלאָגישע פּראָבלעמען. זיי שפּאָטן פון די יידישע תלמידי חכמים, לייקענען אָפּ אין עפנטלעכע דרשות די ניסים פון דער תורה, און אַלע ביבלישע דערציילונגען ווערן דערקלערט פאַר בלויזע משלים; אברהם און שרה, זאָגן זיי, זיינען ניט מער ווי אַ פיגורעלער אויסדרוק פאַר די באַגריפן פון חומר און צורה. ניט כדאי וואָס זיי אַליין זינדיקן — פירן זיי נאָך אַנדערע אַראָפּ פונם וועג. און אָט דאָס ברענגט דערצו, וואָס דער פּשוטער „עולם פאַרהאַלט זיך מיט שנאה צו די וויסנשאַפטן, ווייל די אומוויסנדיקע מענטשן מיינען, אַז די חכמה, די חקירה ברענגט עס צו כפירה. זיי ווייסן ניט, אַז מענטשן מיט גרינטלעכן און אמתן וויסן וועלן קיינמאָל זיך ניט דערלויבן אַרויסטרעטן מיט אַזעלכע דרשות; דאָס טוען בלויז די האַלבוויסנדיקע, וואָס ווילן אַרויסווייזן זייער בקיאות פאַר פרויען און עמי־הארצים" [3].

פאַר אבן כספּין איז קיין שום ספק ניט, אַז די העכסטע שטופע פון שלימות, צו וועלכע דער מענטש קאָן דערגרייכן, דאָס איז דער פּראָפעטישער עקסטאַז (כי תכלית שלמות האדם הוא שלמות הנפש הנביאית) [4]. ניט דער פילאָזאָף מיטן קאַלטן פאָרשער־געדאַנק, נאָר דער באַגייסטערטער נביא איז לויט אבן כספּיס אויפפאַסונג דער העכסטער אידעאַל פון מענטשלעכער שלימות. „אַריסטו, זאָגט אבן כספי, האָט געוויס דערגרייכט די העכסטע שטופע פונם שאַרפן פאָרשער־געדאַנק, עס איז אָבער אויך קיין

[1] „הצוצרות כסף", 131.

[2] „שולחן כסף", 138: „ואם כן אין לנו לא תורה, ולא מקרא וכתובים". זע אויך „חצוצרות כסף", 94.

[3] „חצוצרות כסף", 19.

[4] „שולחן כסף", 169.

ספק ניט, אַז בנוגע צו גייסטיקער שלימות קאָן ער זיך דאָך ניט גלייכן צו דעם גרעסטן פון אונזערע נביאים — צו משה רבנו".

אבן כספי טראַכט גאַנץ ווייניק וועגן פשרה מאַכן צווישן פילאָזאָפיע און רעליגיע. דאָס דאָזיקע פּראָבלעם, וואָס איז געווען אַזוי אויסערסט וויכטיק פאַר דעם רוב ראַציאָנאַליסטן אויס יענער ציט, האָט אבן כספין כלל ניט באַאומרויִקט, ווייל ער איז דאָך געווען זיכער, אַז דער העכסטער אמת איז דער אמת פון רעליגיעזער אַנטפּלעקונג, און די פילאָזאָפיע אַלס ווירקלעך וויסנשאַפטלעכע דיסציפלין קאָן מען בלויז וויסנשאַפטלעך באַגרינדן, אָבער ניט סותר זיין דעם העכסטן אַנטפּלעקטן אמת. און אבן כספי קאָן עס גאָרניט באַגרייפן, וואָס דער רוב ראַציאָנאַליסטן פון זיין דור, בעת זיי אינטערעסירן זיך אַזוי שטאַרק מיט דער גריכיש־אַראַבישער פילאָזאָפיע, בלייבן זיי גאַנץ גלייכגילטיק צום תלמוד און זיינע מפרשים. „ווי איז דאָס מעגלעך — רופט ער אויס — צו האַלטן שטענדיק אין מויל אַריסטון און אַבונצרן, אבן רשד און טימאַסטעוס, טעאָפראַסטן און עווקלידן, גאַלענוסן און היפּאָקראַטן, און אינגאַנצן פאַרגעסן אין בר־קפרא און נתנאי הארבלי און שמואל הקטן, אביי און רבא און אויך אין שמעון בן לקיש, אין ר' יוחנן, אין ר' עקיבא און אין ר' אליעזר? מיר יידן פאַרגעסן אין אונזערע אייגענע גרויסע און הייליקע מענער, און באַנוגענען זיך נאָר מיט פרעמדע גדולים?" [1].

דער וויסנשאַפטלעכער אבן כספי איז אָבער אויך געווען אַן אַנטשיידענער קעגנער פון די וואָס האָבן אין דער גריכיש־אַראַבישער פילאָזאָפיע געזען דעם מקור פון געפערלעכער אפּיקורסות. „גלויב ניט, מיין זון — שרייבט ער זיין עלטערן זון קיין באַרצעלאָנע[2] — די פרומאַקעס פון אונזער דור, וואָס פאַרזיכערן, אַז ווער עס גיט זיך אָפּ די „שבע חכמות", די שפּאַטן שוין אָפּ פון אונזערע תלמידי חכמים און זיינען מבזה די מצוות און געבאָטן פון דער תורה. און די אומוויסנדיקע פון אונזער פאָלק זיינען אַזוי פעסט איבערצייגט, אַז אין דער הינזיכט זיינען אַלע געבילדעטע גלייך, אַז זיי ווערן שטאַרק נשתומם ווען זיי זעען, ווי אַ פילאָזאָפיש געלערנטער איז מתפלל פאַר גאָט; פאַרחידושט פרעגן זיי: פילאָזאָפן דאַווגען דען אויך? די דאָזיקע עמי־הארצים ווייסן ניט, אַז דער באַטייט פונם וואָרט פילאָזאָף איז: דער ליבהאָבער פון וויסן. און טאַקע דער מאַן פון גרינטלעכן וויסן, ער פאַרשטייט ערשט רעכט אָפּצושאַצן דעם ווערט פון די מצוות און רעליגיעזע געבאָטן".

---

1 „שלחן כסף", 174—75.

2 „חצוצרות כסף", 16; זע אויך „שלחן כסף", 171, 176.

בעת מיימוני און זיינע תלמידים האָבן דאָס יידנטום אָנגעטאָן אין אַ גריכיש־אַראַבישן לבוש, באַקומט ביי אבן כספּין די גריכיש־אַראַבישע פילאָזאָפיע אַ גאַנץ יידישלעכן נוסח. יענע האָבן זיך געפליסט צו מאַכן אויס דער תורה אַ פּירוש צו אַריסטוס פילאָזאָפישער סיסטעם, אבן כספּי אָבער איז געווען איבערציינגט, אַז אַריסטו האַלט זיך טריי אָן דער תורת משה. „פאַרוואָס — רופט אויס אבן כספּי — זאָלן מיר פון זיך דערווייטערן אַריסטון, בעת יענער וויל זיך אָנהאַלטן בדת משה?"[1].

אין דער הינזיכט איז באַזונדערס אינטערעסאַנט זיין שוין פריער דערמאָנטער „ספר המוסר".

בעת אבן כספּי האָט אין 1332 זיך געלאָזט אין אַ ווייטער נסיעה, וואָס איז ביי יענע צייטן געווען פאַרבונדן מיט ניט ווייניק סכנות, האָט ער אוועקגעשיקט זיין יינגערן זון קיין וואַלענסיע אַ אייגנאַרטיקע „צוואה", אַ גרויסן קונטרס „ספר המוסר", ווו ער באַקענט זיין זון מיט זיין וועלטאָנשויונג און לערנט אים, ווי אַזוי צו געפינען דעם ריכטיקן וועג פון גערעכטן און מאָראַליש ריינעם לעבן.

אויך אינם „ספר המוסר" שטרייכט אבן כספּי אונטער, אַז דאָס דערפאָרשן און דערקענען גאָט — „וידעת את ד' אלהיך" — איז דאָס גרונד־געבאָט פונם יידישן דת, און מקיים זיין די דאָזיקע מצווה איז דער העכסטער ציל פונם מענטשלעכן לעבן. „אָבער — וואָרנט דערביי אבן כספּי — גאָט זאָל דיך היטן פאַרן אַפּיקורסישן געדאַנק: ווייבאַלד אָט דאָס געבאָט איז דער גרונד־ציל פון דער גאַנצער תורה, וואָס פאַר אַ נוצן קאָנען מיר נאָך ברענגען די אַלע איבעריקע הונדערטער מצוות?" און ער פליסט זיך צו דערווייזן זיין זון, אַז דאָס דאָזיקע גרונד־געבאָט קאָן דערפילט ווערן נאָר מיט דער הילף פון אַלע אַנדערע מצוות — „המצות המעשיות והמצות העיוניות אחת מהנה לא נעדרה"[2], ווייל דער מענטש באַשטייט דאָך „אויס גוף און נשמה" און „די נשמה האָט קיין קיום ניט אָן דעם גוף"[3]. דאָס וויסן און באַגרייפן — דערקלערט ווייטער אבן כספּי — קאָן דאָך ביים מענטשן ניט דערוואָרבן ווערן אָן דער הילף פון זיינע חושים, און ערשט אויס געפילן און איינדרוקן ווערן באַגריפן געשאַפן, דערפאַר קאָן אויך דאָס געבאָט „וידעת את ד'" דערפילט ווערן

---

[1] „שלחן כסף", 174: „ומדעתי שאריסטו החכם יודה לכל זה, ולמה נחטא בנפשו ונדחהו, אם ירצה להכנס בדת משה"?

[2] זע אויך „שלחן כסף", 150 171.

[3] „מעם זקנים", 50, עמ' א': „כי האדם מורכב מגוף ומנפש... וכי אין קיום לנפש בלעדי הגוף".

נאָר דעמאָלט, ווען דאָס וויסן און פאַרשטיין גייט האַנט און האַנט מיט קיום המצוות. אבן כספּי ווערט ניט מיד אונטערצושטרייכן, אַז די מחשבה אַליין איז ניט גענוג — ניט ווייניקער וויכטיק איז די מ ע ש ה. ערשט דורך דעם ווילנסאַקט, דורך דעם ט אָ ן באַקומט דער געדאַנק זיין אמתן תיקון, ערשט דורך פּאַרקעפּערונג אין מעשים אַנטפּלעקט זיך דאָס ו ו י ס ן; דאָס ט אָ ן באַקרוינט ערשט די העכסטע עטישע און גייסטיקע דערגריי־כונגען. לויט אבן כספּים אָנשויונגען קאָן דעם מענטשן ניט באַפרידיקן דאָס אַבסטראַקטע וויסן אַליין, דאָס אויסשליסלעכע קריטישע פאָרשן און גייסטיקע פאַרפולקומונג — דאָס דערוואָרבענע וויסן מוז פאַרקערפּערט ווערן אין רעאַלן לעבן, אין עטישע מעשים...

אבן כספּי איז פעסט איבערצייגט, אַז אפילו „אריסטו און זיינע תלמידים" האָבן שטאַרק געוואָרנט, מען זאָל אַלץ מקיים זיין, וואָס ס'שטייט אין דער תורה און ביי די נביאים [1]. ער האַלט פאַר איבעריק צו דערווייזן, אַז די לערע פונם יידנטום איז אין הסכם מיט די גרונד־יסודות פון אַריסטוס פילאָזאָפיע, וואָרעם פאַר אים איז אויסער ספק, אַז טאַקע די גריכישע פילאָזאָפיע גופא שטאַמט פון יידישע קוועלן, און ער דער־ציילט דערביי אַלס דבר ידוע, אַז אַריסטו בכבודו ובעצמו האָט געמאַכט פירושים אויף די געזעצן און מצוות פון דער תורה („אריסטו התנשא לפרש המצות היקרות ויחס פירושם לעצמו"), און זיין גאַנצע חכמה האָט ער געשעפּט פון שלמה המלכס ווערק און פון די חכמי ישראל, וואָס האָבן געלעבט בימי בית שני [2]. און ווען תחילת האָט ער ניט מסכים געווען מיט זיי אין דער פראַגע וועגן קדמות העולם, האָט ער שפּעטער חרטה געהאַט [3], און אויך בנוגע צו דער פראַגע איז ער צום סוף געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ריכטיק איז טאַקע די דעה, וואָס ווערט אַרויסגע־זאָגט אין די ספרי־הקודש דורך נביאישער התגלות, וועלכע איז פיל הע־כער פון פילאָזאָפישער חקירה, ווייל „די נביאים האָבן דאָך באַקומען

1 „טעם זקנים", 52, עמ' א': „אריסטו וחבריו ותלמידיו כולם מזהירים לשמור כל מה שבתורה ודברי הנביאים ובפרט להזהר במעשיות".

2 דאָרטן, 50, עמ' א', 51 עמ' א', 52 עמ' ב'. די לעגענדע, אַז אַריסטו און אויך אַפלטון האָבן געשעפּט זייער חכמה אויס יידישע קוועלן, איז געווען זייער פאַרשפּרייט ניט נאָר ביי יידן, נייערט אויך ביי אַנדערע פעלקער. זע ביילאַגע, נומ' 6.

3 די אַגדה, אַז אַריסטו האָט צום סוף פון זיין לעבן זיך אָפּגעזאָגט פון זיין לערע וועגן קדמות העולם, נעמט זיך דערפון, וואָס מען האָט אין מיטלאַלטער געהאַלטן אַריסטון פאַרן פאַרפאַסער פונם דעמאָלט זייער פּאָפּולערן ווערק „Teologia", וואָס איז ווירקלעך נוטה צו דער דעה וועגן חידוש העולם.

זייער התגלות דירעקט פון אדון עולם, ניט ווי מיר, פילאָזאָפן, פאַרטרע-טער פון חכמת העיון" [1].

אַט אזוי פלעכטן זיך צונויף אין דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן ראַציאָ-נאַליסט און פייערדיקן חסיד פון מיימונין די תמימותדיקע מסורה מיט פילאָזאָפישער חקירה, די מצוות המעשיות מיט דעם קריטישן פאָרשער-גענאַנק. און ער טרעט אַרויס מיט דעם זעלבן צאָרן קעגן די „האַלבוויסנ-דיקע", וואָס מיט זייער לייכטזיניקן פאַרהאַלטן זיך צו די מצוות און מנהגים „דערוועקן זיי אין דעם פאָלק די שנאה צום וויסן", אזוי אויך קעגן די, וואָס קוקן מיט ביטול אויף די וויסנשאַפטן און ווילן ניט וויסן פון אַריסטון און זיינע פילאָזאָפישע דעות.

---

1 „טעם זקנים", 52, עמ' א: „כי הנביאים ע"ה ידעו הכל מאת אדון הכל ולא כן אנחנו הפילוסופים חכמי העיון".

# אַכטער קאַפּיטל.

די פּראָוואַנסאַלישע שטאָט פּערפּיניאַן אַלס צענטער פון פרייען געדאַנק. — נרבוני אַלס פרייער דענקער; זיין פּירוש אויפן „מורה נבוכים". — דער רלב"ג אַלס פּילזייטיקער געלערנטער. — דער רלב"ג אַלס אַריסטאָטעליקער. — חילוקי־דעות צווישן דעם רלב"ג און אַריסטון. — דעם רלב"גס שטאַנדפּונקט בנוגע צו דער פראַגע וועגן אומשטאַרבלעכקייט. — דער רלב"ג אַלס ראַציאָנאַליסט און אַלס ביבל־דערקלערער.

אין דער צייט, ווען אבן כספּי האָט זיין „ספר מוסר" געשריבן, איז אין זיין געבורטסלאַנד, אין דער פּראָוואַנס, געמאַכט געוואָרן א נייער פּרווו שטאָלץ אַרויסצוטרעטן אונטער דער פאָן פונם פרייען פאַרשער־געדאַנק, וואָס וויל ניט וויסן פון קיין פּשרות און וויל זיך ניט רעכענען מיט קיינע מסורות און אָנגענומענע אויטאָריטעטן, בעת עס ווערט געזוכט דער וועג צום אמת, צום ראַציאָנאַליסטישן אמת. אין אבן כספּיס היים, אין דער שטאָט פּערפּיניאַן, ווו עס האָט זיך דעמאָלט געגרינדעט א ספּעציעלער פאַראיין פון פריידענקענדיקע מענער [1], האָט צום ערשטן די וועלט דערבליקט און זיין יוגנט פאַרבראַכט אבן־כספּיס יינגערער בן־דור, משה בן יהושע [2] נרבוני (זיין פּראָוואַנסאַלישער נאָמען איז געווען מאַישתרי בידל בלשום (Maestro Vidal Bels - homine). נאָך גאָר

1 וועגן די „חברים" פון דעם דאָזיקן פאַראיין דערמאָנט אָפט אבן כספּי (חברי רבותי חכמי זמננו במדינת פּירפּיניאַן). משה נרבוני חייזט אָן אין דער הקדמה צו זיין „הדרושים הטבעים" (אבן רשדס אַרבעטן וועגן פיזיק), אַז ער האָט דאָס ווערק איבער־געזעצט אויפן ווונטש פון דעם „פילאָזאָפישן פאַראיין" (כּת האחים). אין דער פאָררעדע צו זיינער אַ צווייטער איבערזעצונג דערמאָנט משה נרבוני „נכבדי החבורה מדורשי החכמה אשר בעיר פרפינאן". זע: שטיינשניידער, העבר. איבערז. 226, 312; „צייטשריפט פיר העבר: ביבל."‚ XIII‚ 124; Munk ,Melanges, 504.

2 די געדרוקטע אויסגאַבע פון נרבונים פּירוש צום „מורה", און אויך דער כּתב־יד, וואָס געפינט זיך אין אַזיאַטישן מוזיי אין לענינגראַד, פאַנגען זיך אָן מיט די ווערטער: „אמר משה בר' מאיר בר' משה בן אבא מארי בן מר דוד הנרבוני". נאָר עס איז פעסטגעשטעלט, אַז נאָך די ערשטע צוויי ווערטער „אמר משה" פעלט: בר' יהושע, (זע שטיינשניידער, קאַט. באָדל., 1867).

אין די יונגע יאָרן האָט משה נרבוני מיט דער הילף פון זיין פאָטער זיך באַקאַנט מיט דעם רמב"מס ,,מורה נבוכים"[1]. זיין ווייטעריקע פילאָזאָפישע בילדונג האָט ער באַקומען ביי די אָנגעזעענע מיטגלידער פונם אָרטיקן ,,פילאָזאָפישן פאַראיין", משה און אברהם קשלרי[2]. רוב ימיו האָט נרבוני פאַרבראַכט אין פאַרשיידענע שפּאַנישע שטעט (טאָלעדאָ, וואַלענציע, סאָריאַ א"א), ווו ער האָט זיך פאַרנומען מיט מעדיצינישער פּראַקטיק[3]. זיין ליטעראַרישע טעטיקייט באַשטייט כמעט אויסשליסלעך אוים פּירושים, וועלכע ער האָט געשריבן צו די ווערק פון די אָנגעזעענסטע אַראַבישע דענקער: אַלגאַזאַלי[4], אבן־סנה און אבן־רשד[5]. פון זיינע געציילטע אָריגינעלע ווערק איז אַמאינטערעסאַנטסטן זיין אַרבעט קעגן דעם פריען ווילן ,,המאמר בבחירה"[6], וועלכע איז געווענדט קעגן דעם פריער שוין דערמאָנטן[7] משומד אבנר אוים בורגאָס און זיין ווערק ,,אגרת הגזרה". אויף אַ פיינעם, פילאָזאָפיש־דיאַלעקטישן אופן באַווייזט נרבוני, אַז דעם מענטשנס פרייער ווילן און דאָס געטלעכע אַלוויסן זיינען בכלל ניט סותר איינע די אַנדערע. נרבוני נוצט דערביי קונציק אוים דעם רמב"מס ראיות[8], אַז דער גאַנצער פּלאַנטער און די שוועריקייטן אין דער פראַגע נעמט זיך דערפון, וואָס דאָס רוב מענטשן ווערן נכשל דורך

---

1 אין דער הקדמה צו זיין פירוש אויפן „מורה" ווייזט אָן דער נרבוני: „כי מנעורי גדלני אבי עליו".

2 מער באַריכות וועגן דער געלערנטער פאַמיליע קשלרי, זע: Les ecriv. juifs fr., 644—650.

3 אין זיין מעדיציניש ווערק „אורח חיים", וואָס נרבוני האָט געשריבן אינם יאָר 1350, באַגעגנט מען אָפט די באַמערקונג: „און איך האָב אַנטדעקט" (ואני חדשתי) אָדער „און איך האָב געפּרוווט" (ואני נסיתי) אאַז"וו. דאָרטן ווייזט אויך נרבוני אָן, אַז מעדיצין האָט ער געלערנט ביי אברהם קשלרי, וואָס איז געווען אַן אָנגעזעענער אַרצט (זע Les ecriv juifs fr., 677).

4 אין זיין פירוש צו אַלגאַזאַלים ווערק „מאַקאַציד" באַקלאָגט נרבוני דעם חורבן פון אַ סך יידישע קהילות אין דער פּראָוואַנס, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין זיין צייט: „וכבר הביאני להתרשל מזה שראיתי מהרדיפות הכליון לקבוצים רבים נבחרים מבני עמנו מעוטרי החכמה העיונית המוציאים מים חיים קהלות מאחדות, יותר מדי היתה בהם יד ד'... ומסרו עצמם חכמי פרובינצה וגדוליהם הקטון כגדול על קדושת השם בחרו המות על החיים" („צייטשריפט פ. העבר. ביבל.", XIII, 124).

5 וועגן נרבונים פירושים זע ביי שטיינשניידערן: העבר. איבערז., 156—157, 311—319 און אויך: Les ecriv. juifs fr., 668—681.

6 דעם „מאמר הבחירה" האָט נרבוני געשריבן אין סאָריאַ אינם יאָר 1362; פאַרעפנטלעכט אין „דברי חכמים".

7 זע פאָריקן קאַפּיטל, ז' 144.

8 „מורה נבוכים", III, קאַפּ' 19—21.

אנטראָפּאָמאָרפיזם, ד"ה בעת זייריידן וועגן גאָטס וויסן, מעסטן זיי מיט דער ריין מענטשלעכער מאָס. אין דעם שטעקט אָבער א געוואַלטיקער טעות, ווייל דאָס געטלעכע וויסן איז דיאַמעטראַל פאַרשיידן פונם מענטשלעכן וויסן, כאָטש זיי ביידע טראָגן אין דער מענטשלעכער שפּראַך איין און דעם זעלבן נאָמען. דעם מענטשנס שכל באַקומט זיין וויסן פון דער אויסנ־וועלט, די באַגריפן פון זאַכן און דערשיינונגען באַקומט ער דורך די זאַכן גופא, דורך אָנגעשטרענגטער אַנאַליטישער און סינטעטישער אַרבעט. גאָטס וויסן איז אָבער גאָר פון אַן אַנדער אַרט: דורך דעם זעלבסטבאַ־וווּסטזיין, דורך דעם באַגרייפן זיין אייגענעם מהות, ד"ה די סיבה ראשונה, די שאַפנדיקע און באַוועגנדיקע קראַפט פון דעם וועלטאַל — באַ־גרייפט ער דעם גאַנצן וועלטאַל, די אומענדלעכע קייט פון דערשיינונגען, וואָס זיינען דאָך זיינע אַנטפּלעקונגען. און דאָס געטלעכע וויסן נעמט אַרום אין איין און דער זעלבער צייט דעם גאַנצן וועלטאַל אַלס איין איינ־הייטלעכע גאַנצקייט, בעת דעם מענטשנס וויסן באַגרענעצט זיך מיט איינציקע גלידער, וואָס ציען זיך ווי רינגעלעך אין דער אייזערנער גע־זעצמעסיקער קייט פון סיבות און רעזולטאַטן.

און מיט שטאָלץ דערקלערט נרבוני צום שלום: די מאָראַלישע ריינע און שטאַרקע פּערזענלעכקייט וועט ניט אָפּטרעטן פונם דרך הישר, וועט ניט מאַכן קיין פּשרות און ניט קוקנדיק אויף די שווערסטע מניעות, וועט זי ניט מוותר זיין דאָס, וואָס פאָדערט פון איר דאָס מאָראַלישע געפיל און זעלבסטבאַוווּסטזיין. און ווען אבנר, וואָס האָט געפעלשט אין דעם גלויבן פון זיינע אָבות און זיך אָפּגעזאָגט פון זיין פאָלק, ווייל זיך באַ־האַלטן אונטער דעם מאַנטל פון פאַטאַליזם און „הכל צפוי", בכדי אַראָפּ־צוּוואַרפן פון זיך די מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט — באַווייזט דאָס בלויז, וואָס פאַר א נישטיקע און זינדיק פאַלשע נשמה דער דאָזיקער מענטש באַזיצט. אווירקלעכער תלמיד חכם וועט זיך קיין מאָל ניט אָפּ־זאָגן פון זיין אייגן פאָלק, אפילו ווען ער געפינט דאָרט צווישן זיינע ברידער נים קיין שטיצע, נאָר קאַלטע פרעמדקייט, פאַרביטערטן האַס און ווילדע עם־הארצות (ושלא יגיע לו מהמשתתפים עמו בדת עזר כי אם התנגדות להתנכרות ולהעדרם מהחכמה לעברתם ושנאתם את אנשיה).

אין די לעצטע ווערטער פילט זיך דער טאָן פון אייגנעהאַלטענעם רוגז. אין שפּאַניע, ווו עס האָט זיך דעמאָלסט שוין גאַנץ שאַרף געפילט אין געוויסע שיכטן די פיינדלעכע באַציִונג צו „חכמת יוונית", האָט נרבוני, דער פרייער דענקער און איבערצייגטער חסיד פון אבן־רשדס ראַציאָנאַליסטישער שיטה, ניט אומעטום געהאַט א פריינדלעכן קבלת־פּנים, און ער האָט געוויס ניט זעלטן געמוזט פירן שאַרפע וויכוחים מיט

גאָטספאַרכטיקע תלמידי־חכמים. דערמיט איז צו דערקלערן דער ברוגזער־טאָן, אין וועלכן נרבוני רעדט וועגן די „אָפּגעשטאַנענע נאַראָנים, וואָס האַלטן זיך פאַר חכמי ישראל, און אין דער אמתן זײַנען זיי די אַממייסטן אומוויסנדיקע" [1]. די דאָזיקע ווערטער ברענגען מיר פון זײַן באַרימטן פּירוש צו „מורה נבוכים", וואָס איבער אים האָט ער געאַרבעט די לעצטע זיבן יאָר פון זײַן לעבן: אָנגעפאַנגען אים אין טאָלעדאָ אין 1355 און פאַרענדיקט אין שוריא אין 1362 אויפן וועג צו זײַן געבורטסלאַנד [2].

דער „מורה נבוכים" איז בײַ נרבונין דאָס געטלעכע בוך „תפארת גלותנו" — די קרוין פון אונזער גלות. אויך נרבוני איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז דער טעקסט פון דער תורה האָט אַ טאָפּלטן זין: איינעם פאַרן המון, דער אַנדערער, אַ פאַרבאָרגענער — פאַר די יחידי סגולה. דערפאַר טאַקע, שטרײַכט נרבוני אונטער, האָט זיך אויפן ערשטן קוק געקאָנט אויסווײַזן, אַז עס איז פאַראַן אַ סתירה צווישן דער תורה און דער פילאָזאָפיע. צו גרויס איז געווען דער קעגנזאַץ צווישן די באַגריפן, וואָס דער המון האָט באַקומען אויס דעם ווערטלעכן פשט פונם ביבל־טעקסט און די פילאָזאָפישע אידעען פון די גריכישע דענקער. אַ סך אויסדריקן אין דער תורה האָבן מיט זייער ווערטלעכן זין פאַרשאַפט גרויס עגמת־נפש די פילאָזאָפיש געבילדעטע פון אונזער פאָלק. ביז ס'האָט זיך באַוויזן דער מאור הגולה, רבנו משה בן מיימון. ער האָט געעפנט די אויגן אונזערע חכמים, — האָט באַלויכטן די אַרומיקע פינסטערניש מיט זײַן גאוניש ווערק, וואָס ס'האָט אויפגעדעקט דעם אמתן תוך פון דער תורה (כאלו הוא צורת התורה באמת).

מיימוני האָט אָבער געגעבן בלויז קורצע רמזים, האָט נרבוני זיך פאַרגענומען אויפדעקן און מסביר זײַן די דאָזיקע רמזים פאַר די פאַרשטאַנדיקע און אויסדערוויילטע. נרבונים דערקלערונגען, וואָס זײַנען אַפילו

---

1 נרבונים פּירוש צום „מורה", I, קאַפּ' 32: „כמו שיחשבו המתרשלים והפתאים שהם המון החושבים להיות חכמי ישראל והם מסגולות סכליהם".

2 די דאָזיקע פּרטים גיט נרבוני איבער אין דעם אינטערעסאַנטן שלום־וואָרט, וואָס פעלט, לײַדער, אין דער אויסגאַבע פון נרבונים פּירוש. אַ טייל פונם שלום־וואָרט האָט פאַרעפנטלעכט יעלינעק אין „קונטרס המפתח", 32—34; בשלמות געפינט עס זיך אין בײַדע מאַנוסקריפּטן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך באַנוצט. איינער פון זיי געפינט זיך אין לענינגראַדער אַזיאַטישן מוזיי, דער אַנדערער, אויף פאַרמעט, איז אין דער „אָפּץ"־ביבליאָטעק, אין קויפמאַנס קאָלעקציע. אין סוף פונם לעצטן מאַנוסקריפּט געפינט זיך פאָלגנדיקע צושריפט: „נשלם פירושנו זה יום שלישי ראשון לחודש אייר שנת חמשת אלפים וקכ"ב ליצירה פה שוריא עם טרדתי בהתנועעי לשוב לארצי ולמולדתי והאל ישיב לעמו ולכל עבדיו הנעימים ישתבח המאיר האמתי באמתת אנ"ס".

מיט אַ כיוון געשריבן אין אַ טונקעלער, שווערפֿאַרשטענדלעכער שפּראַך[1], זיינען געווען צו פֿריי, צו „אַפּיקורסיש" פֿאַר יענער צייט[2]. און עס איז קיין חידוש ניט, וואָס אַזאַ גאָטספֿאַרטיקער מאַן ווי יצחק אַבּרבּנאל רעדט מיט גרויס צאָרן וועגן דעם אַפּיקורס נרבוני[3], און דער בעל „עקדת יצחק", דער פֿרומער יצחק ערמה, געפֿינט, אַז נרבוני האָט פֿאַר זיינע גאָטלאָזע געדאַנקען פֿאַרדינט, מען זאָל אים פֿאַרברענען צוזאַמען מיט זיינע חיבורים[4]. דער שאַרפֿזיניקער יש"ר מקנדיאַ, בעת ער ווייזט אָן אויף נרבונין, אַלס אויפֿן טיפֿזיניקסטן פֿון אַלע מפרשים, וואָס האָבן דערקלערט מיימונים „מורה נבוכים", שטרייכט דערביי אונטער, אַז דער עמקן נרבוני איז אַ „מגלה סוד", וואָס וויל זיך ניט רעכענען מיט קיינע אויטאָריטעטן[5].

ניט ווייניקער פֿריי נאָר פֿון גרעסערן באַטייט אַלס משה נרבוני איז געווען זיינער אַ לאַנדסמאַן און בן־דור, דער באַרימטער דענקער ר' לוי בן גרשון (דער רלב"ג), באַקאַנט אין דער קריסטלעכער מיטלאַלטערלעכער געלערנטן־וועלט אונטער דעם נאָמען Magister Lewi de Bagnols (אויך Magister Leo Hebraeus). דאָס איז געווען אַ מאַן פֿון אוניווערסאַלן וויסן, אַ לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע פֿון זיין צייט. אַ באַרימטער תלמודיסט און ביבל־דערקלערער, איז דער רלב"ג אויך געווען אַ נאַטור־פֿאָרשער, אַ טיכטיקער אַרצט[6], אַ אַסטראָנאָם, מאַטעמאַטיקער און — קודם־כל, אַ טיפֿער דענקער.

---

1 נרבוני נעמט ציטאַטנווייז איבער אברהם אבן עזראס מאַניער צו שרייבן אין רעטענישן און מיט צווייטייטיקע משלים. דערויף האָט שוין אָנגעוויזן אַ מיטלאַלטערלעכער שריפֿטשטעלער, אליהו דעל־מעדיגאָס תלמיד, שמואל כוהן: „חידתו ומשליו בחכמה כדברי החכם ן' עזרא ז"ל סתומים וחתומים בתורה דבריו".

2 די ניסים פֿון דער תורה פֿלייסט זיך נרבוני צו דערקלערן אויפֿן ראַציאָנאַליסטישן אופֿן, און זאָגט דערביי אַרויס זיין באַדויערן, וואָס אין דער ביבל ווערט בכלל גערעדט וועגן ניסים.

3 זע אברהם גייגערס „מלא חפנים", 66—67.

4 זע שטיינשניידער, העב. איבערז. 313.

5 „מלא חפנים", 18: „אחד רשע — זה ר' משה הנרבוני ראש למבינים, והוא זקן ביתו של המורה וירד לעומק דבריו מכל המפרשים, אלא היה כהולך רגיל מגלה סוד ולאיש לא נשא פניו".

6 העכסט וואַרשיינלעך האָט דער רלב"ג פֿון מעדיצינישער פּראַקטיק געשעפּט זיין פּרנסה. וועגן רלב"ג אַלס פּראַקטישער אַרצט רעדט יצחק דע לאַטעס אין „שערי ציון": „הרב רבנו לוי בן הרב הגדול ר' גרשום... חבר חבורים רבים ונכבדים, ופירש כל התורה שבכתב ושבעל פה וביאר ביאורים נוראים בכל חכמה ובפרט בחכמת ההגיון ובחכמת הטבע ובאלהיות ובלמודיות וברפואות אין כמוהו בכל הארץ" (בובערס אויסגאַבע, 48).

ווי וועגן דעם רוב פון אונזערע גדולים ווייסן מיר אויך וועגן רלבג"ם לעבן זייער ווייניק פּרטים. עס איז בלויז באַקאַנט, אַז ער איז געבוירן אין 1288 אין דער פּראָוואַנסאַלער שטאָט באַניאָל אין אַ זייער חשובער פאַמיליע. פון מוטערס צד איז ער געווען דעם רמב"נס אַן אור־אייניקל און, לויט דער מיינונג פון פילע פאָרשער, איז זיין פאָטער געווען דער געלערנטער ר' גרשון בן שלמה אוים אַרל, דער פאַרפאַסער פון דעם אין מיטלאַלטער זייער פּאָפּולערן „שערי השמים" — אַ ענציקלאָפּעדיש בוך וועגן נאַטורוויסנשאַפטן [1]. דער רלב"ג האָט פאַרבראַכט זיין לעבן אין די פּראָוואַנסאַלישע שטעט אָראַנזש, פּערפּיניאַן און אַוויניאָן (די דאַמאָלטיקע רעזידענץ פונם פּויפּסט), און געשטאָרבן אין 1344. אַ מענטש מיט אַ ריזיקער אַרבעטסקראַפט, האָט דער רלב"ג פאַרפאַסט אַ סך ווערק אויף די פאַרשיידנסטע געביטן פון וויסנשאַפט [2]. זיין אַסטראָנאָמיש ווערק „ספר תכונה" [3], ווו עס ווערט אַגב באַשריבן דער דורכן רלב"ג דערפונדענער וויכטיקער אַסטראָנאָמישער אינסטרומענט [4], האָט שוין ביים פאַרפאַסערס לעבן צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די קריסטלעכע געלערנטע און, אויפן באַפעל פונם פּויפּסט, האָט מען אינם יאָר 1342 איבערגעזעצט אויף לאַטיין דעם טייל פון „ספר תכונה", ווו

1 דער „שער השמים" באַשטייט פון דריי אָפּטיילונגען: די ערשטע – וועגן חיות און פלאַנצונגען, די צווייטע — איבער אַסטראָנאָמיע, די דריטע -- וועגן מעטאַפיזיק. דער געלערנטער פאַרפאַסער האָט מיט פיל פלייס צונויפגעזאַמלט אין זיין ווערק די וויסנשאַפטלעכע ידיעות פון זיין צייט. דאָס ערשטע מאָל איז דאָס ווערק אָפּגעדרוקט אין ווענעדיק אין 1547 (מער באריכות וועגן ר' גרשון און זיין ווערק זע: גראָס, אין „מאָנאַטשריפט", 1879; שטיינשניידער, העבר. איבערז. 9—16; Les Rabbins fr., 985.

2 דער בעל „היוחסין", זַכּותא, רעדט וועגן דעם רלב"גס „אָנצאָליקע ספרים" (וספריו רבו מלספור). אין דעם Les ecriv. juifes fr., 596-642, ווערט געבראַכט אַ רייסטער פון רלב"גס ווערק, און עס ווערט דאָרט אויך איבערגעגעבן זייער תוכן הענינים. אייניקע פון זיי זיינען אין מיטלאַלטער איבערגעזעצט געוואָרן אויף לאַטיין.

3 דער „ספר התכונה" האָט שפּעטער געבילדעט די ערשטע אָפּטיילונג פונם 5טן טייל „מלחמות השם", נאָר דער ערשטער אַרויסגעבער האָט דעם „מלחמות" אָפּגעדרוקט אָן דעם „ספר התכונה", וועלכע שטעלט ווירקלעך פאָר אַ באַזונדער ווערק. דער ספר התכונה איז געבליבן אין מאַנוסקריפּטן; דער תוכן הענינים פון אַלע זיינע 136 קאַפּיטלען, וואָס דער רלב"ג גופא האָט צונויפגעשטעלט, איז פאַרעפנטלעכט אין Les ecriv. juifes fr., 624—632.

4 דעם אינסטרומענט האָט דער רלב"ג אַ נאָמען געגעבן „מגלה עמוקות". די דערפינדונג האָט אויף דעם קאַלטבלוטיקן און געלאַסענעם רלב"ג געמאַכט אַזאַ שטאַרקן רושם, אַז ער האָט עס אַפילו באַזונגען אין אַ ספּעציעל ליד „על המקל" — דאָס אייניציקע ליד, וואָס דער רלב"ג האָט געשריבן אין זיין לעבן (פאַרעפנטלעכט אין „דברי חפץ")

דעם רלב"גס אינסטרומענט איז באשריבן. [1] דער באריממטער איטאליע־נישער הומאניסט פיקא מיראנדאלא, באקענענדיק זיך מיט דעם דאזיקן ווערק, רעדט מיט גרויס התפעלות וועגן דעם יידישן „באריממטן און אויס־געצייכנטן מאטעמאטיקער" (insignis et celeber mathematicus), און דער גרויסער קעפלער האט געזוכט זיך צו באקענען מיטן אסטראנאָ־מישן „טראקטאט פון רבי לוי" [2]. אויפן וואנטש פונם באדייטנדיקן מוזיק־קענער און טעארעטיקער, פיליפ דע וויטרי, האט דער רלב"ג פאר־פאסט אין 1343 א ספעציעל ווערק וועגן די הפסקות (אינטערוואלן) אין די מוזיקאלישע טענער [3].

ניט קוקנדיק אויף דעם רלב"גס גרויסע פארדינסטן אין אסטראנאָ־מיע און מאטעמאטיק, ליגט דאך זיין אמתער באטייט אויף אן אנדער געביט — אויפן געביט פון פילאזאפישן פרייען געדאנק. דער רלב"ג אלס פארפאסער פונם „מלחמות ד'" איז דער לעצטער באדייטנדיקער אריסטאטעליקער ניט בלויז אויף דער יידישער גאס, נאר אין דער גאנצער מיטלאלטערלעכער אייראפע. דאס איז געווען א מענטש מיט אן אויסערסט שארפן אנאליטישן שכל, וואס ביי אים איז דער גרעסטער אויטאָרי־טעט — דער פרייער, אלץ צעגלידערנדיקער פארשער־געדאנק, און דער העכסטער תענוג — מוטיק און פארכטלאז זוכן און פארשן דעם אמת לשמה אן שום זייטיקע פניות און טעמים. „לעבן — הייסט דענקען!" (ההשגה היא החיים)—אט דאס איז געווען דעם רלב"גס דעוויז. די פולקייט און רייכקייט פון לעבן ווערט געמאסטן לויט דער שלימות פון וויסן, ווארעם, לערנט דער בעל „מלחמות השם", וויסן — דאס איז דאך דער איינציקער קוואל פון פרייד און פארגעניגן [4]. דער רלב"ג איז פעסט איבערצייגט, אז עס איז ניטא די מאכט אין דער וועלט, וואס זאל קאנען פארווערן דעם מענטשן צו שטרעבן דעם וויסנשאפטלעכן אמת צו דער־פארשן, ווארעם אין דעם באשטייט דאך דאס העכסטע גליק פונם מענטשן. זאל קיינער ניט מיינען, אז די תורה קאן אונז פארווערן אנערקענען פאר ריכטיק דאס, וואס דער שכל הישר איז מחייב... עס איז קלאר, אז דארט, ווו דער לאגישער פארשער־געדאנק ברענגט אונז צו אזעלכע

---

[1] „העבר. ביבל." XI, 55.

[2] אין זיינע בריוו צו יאהאן רעמוס שרייבט קעפלער: Utinam apud Rabbinos invenio passes tractatum R. Levi quint defensionum Dei.

[3] זע „צייטשריפט פ. העבר. ביבל.", VII, 23—24.

[4] „מלחמות השם", 279: „וכל מה שתהיה ההשגה לדברים יותר ולדבר יותר נכבד, יהיה הערבות והשמחה יותר".

מסקנות, וואָס געפינען זיך אין ווידערשפּרוך מיטן פּשט פון דער תורה — קאָן אונז די תורה דאָס מויל ניט פאַרשליסן אָפּן אַרויסצוזאָגן דעם אמת... וואָרעם — ווי קאָן דען אַ רעליגיעז געזעצבוך צווינגען אונז צו גלויבן אין דעם, וואָס ס'איז ליגן?" [1]. „עס איז ביי מיר קיין ספק ניט — אין דער רלב"ג מוסיף מיט אַ איראָנישן שמייכל — אַז מיינע דעות וועלן ביי פילע ניט נושא חן זיין — צו פרעמד זיינען פאַר זיי די דאָזיקע דעות, צו שוועד איז זיי אין איינקלאַנג צו ברענגען מיט זייער געוויינהייט זעלבשטענדיק ניט צו דענקען, נאָר לעבן אויפן חשבון פון די אידעען, וואָס זיי האָבן פון אַנדערע בקבלה. אונזערע רייד זיינען אָבער בכלל ניט פאַר דעם סאָרט מענטשן — פאַר יענע איז געגוג, וואָס זיי גלויבן; פאָרשן און דענקען איז ניט פאַר זיי" [2]. אומבאַגרייפלעך שיינט עס דעם רלב"ג, ווי קאָן מען עס דעם דערגרייכטן אמת באַהאַלטן אין זיך און אים ניט אַנטפּלעקן פאַר אַנדערע. „דאָס איז דאָך די העכסטע שאַנד!" (זה יהיה בתכלית הגנות), רופט אויס דער רלב"ג, אונזער גאַנץ שטרעבן איז דאָך צו באַזייטיקן די מניעות, וואָס שטערן אויפן וועג פון פאָרשן, און דערווייטערן דעם מענטשן פונם העכסטן גליק [3]. זאָל מען אויך ניט זאָגן, וואָרנט דער רלב"ג: „דער מענטש מיט זיין שוואַכן שכל איז דאָך ניט אימשטאַנד דעם אמת צו דערגריין". אדרבה, דאָס איז דאָך דעם מענטשנס צוועק, זיין העכסט גליק און פאַרגעניגן, צו שטרעבן וואָס מער צו דערפאָרשן, וואָס מער זיך דערנעענטערן צום אמת און שטייגן אַלץ העכער און העכער אויפן שווערן, נאָר ליכטיקן וועג פון וויסן [4]. דער רלב"ג מיט זיין אומשטילבאַרן דראַנג נאָך וויסן קאָן אויך בשום אופן ניט מסכים זיין מיט דעם עניוותדיקן קוק, אַז „אם הראשונים כבני אדם אנחנו כחמורים", און מיר דאַרפן זיך גאָר ניט אונטערשיידן צו וועלן משיג זיין דאָס, וואָס די קדמונים, אונזערע אַמאָליקע חכמים, האָבן ניט גע־

---

[1] דאָרטן 6—7: „ולא יחשוב המעיין שתהיה התורה היא המניעה אותנו בהאמתת מה שיתאמת עינינו בזה הספר מזולת שיהיה האמת כן בעצמו... ולזה הוא מבואר שאם היה דרך העיון מביא אותנו באלו הענינים אל זולת מה שיראה מפשוטי התורה לא היינו נמנעים מלפני התורה מלהגיד בהם האמות... כי אין התורה נימוס יכריח אותנו להאמין הדברים הכוזבים".

[2] דאָרטן, 3—4: „בלי ספק רבים ירחיקו דברים, מצאם בהם דברים זרים אצלם מצד דעות באו להם לא מצד העיון ולא מצד הפנות התוריות, אלא שירשום מאחרים. אלא שדברינו אינם עם הכת הזאת, כי יספיק להם שיאמינו ולא ישתדלו בשידעו".

[3] דאָרטן, 6: „אבל מה שהביאנו לזה הוא עוצם תשוקתנו לחרים מכשול מדרך בעלי העיון באלו השאלות הגדולות אשר הטעות בהם מרחיק האדם מאד מהצלחתו".

[4] דאָרטן, 5.

קאָנט דערגרייכן. „אזאַ קוק — דערקלערט דער רלב״ג — איז ניט נאָר אַ סימן פון גייסטיקער שוואַכקייט — דאָס איז דאָך די פולשטענדיקע כפירה אין פראָגרעס און פאָרטשריט אויפן געביט פון וויסן. גייט מען אַרויס פונם געדאַנק, אַז מיר זיינען ניט בכוח צו פאַרברייטערן דאָס גע־ביט פון וויסן, וואָס מיר האָבן באַקומען בירושה פון אונזערע פאָרגייער, און אַז ניט אימשטאַנד זיינען מיר דאָס צו דערפאָרשן, וואָס פאַר אונ־זערע אָבות איז געבליבן פאַרהוילן — הייסט עס פשוט דן זיין אַלע חכמות למיתה, ניט גלויבן אין זייער וויטערן פאָרטשריט [1].

בנוגע צו דעם פונקט גייט זיך דער רלב״ג פונאַנדער מיט זיין רבין גופא, מיט אַריסטון און זיין אַראַבישן מפרש — אבן רשד. מיר האָבן שוין פריער אָנגעמערקט, אַז דער רלב״ג איז דער לעצטער אָנגעזעענער אַריסטאָטעליקער אין מיטלאַלטערלעכן אייראָפּע, ער איז דער איינציקער צווישן אַלע יידישע אַריסטאָטעליקער, וואָס האָט אָנגענומען די גאַנצע אַריסטאָטעלישע סיסטעם [2] (אין דעם לבוש, וועלכן די סיסטעם האָט באַ־קומען ביי אבן־רשדן) [3], אַפילו מיט די פרטים, וואָס זיינען סותר געוויסע יסודות פון דער יידישער אידעענוועלט.

און דאָך האָט דער רלב״ג, אַלס פרייער און אָריגינעלער פאָרשער, נאָך אין די יונגע יאָרן אַרויסגעוויזן פיל זעלבשטענדיקייט אין זיינע קריי־טישע דערקלערונגען צו אַריסטוס און אבן רשדס ווערק [4]. דעם רלב״גס פילאָזאָפישע פאָרשונגען פאַנגען זיך אָן פון דעם פונקט, ביי וועלכן ס'האָבן זיך אָפּגעשטעלט: אין דער מיטלאַלטערלעכער פילאָזאָפישער וועלט — אבן רשד, און אין דער רעליגיעז־רבנישער — מיימוני. דעם עמקן רבנו לוי בן גרשון באַפרידיקט כלל ניט דער ענטפער, וועלכן ס'האָבן געגעבן די אַראַבישע און יידישע אַריסטאָטעליקער אויף די פראַגן, וואָס האָבן אַזוי באַאומרויִקט די שאַרפסטע מוחות פונם מיטלאַלטער: די אומ־

---

1 דאָרטן, 4: „אלא שזו סבה חלושה מאוד, לפי שאיננו מחויב במה שנעלם מן הקודמים שיעלם מן הבאים אחריהם, כי הזמן מספיק בהוצאת האמת... ולולא זה לא נמצא איש הוקר בחכמות מההחכמות אם לא במה שלמדם מזולתו, ואם הונח הענין, כן לא היתה בכאן חכמה כלל וזה מבואר הבטול״.

2 אין דעם פרט איז דער רלב״ג געגאַנגען ווייטער אַפילו פון מיימונין.

3 דער רלב״ג האָט וואָרשיינלעך זיך באַקאַנט מיט אבן־רשדס ווערק אין דער העברעיִשער איבערזעצונג, ווייל דאָס רוב פאָרשער, ווי גייבויער, שטיינשניידער א״אַ, רעכענען, אַז דער רלב״ג האָט גוט נעקאָנט לאַטיין, נאָר די אַראַבישע שפּראַך איז אים געווען אומבאַקאַנט.

4 מער באַריכות וועגן די דאָזיקע רלב״גס פירושים, זע שטיינשניידער: העבר. איבערז. 65—73, 118—119, 155, 508.

שטאַרבלעכקייט פונם מענטשנס נשמה, דער תמצית פון רוח נבואה, דאָס געטלעכער אַלוויסן און די געטלעכע השגחה, דער מהות פון די הימלשע ספערן און די פּראָבלעם וועגן קדמות החומר (אייביקייט פונם חומר). אַן ענטפער אויף די אַלע פּראָבלעמען פּרוּווט דער רלב"ג געבן אין זיין באַרימט פילאָזאָפיש ווערק „מלחמות השם", וואָס איבער אים האָט ער געאַרבעט גאַנצע צוועלף יאָר (1317—1329)[1].

דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַרן רלב"ג אַלס דענקער און פּערזענלעכקייט איז זיין שוין פריער דערמאָנטער שטאַנדפּונקט וועגן דער פּאַרטשריטס־באַוועגונג אין דער וויסנשאַפט. אָט דאָ צעגייט ער זיך דיאַמעטראַל מיט אַריסטוס סיסטעם. די דאָזיקע סיסטעם איז געווען אַ ריזיקער, האַרמאָניש געבויטער בנין, נאָר ענג אַרומגעצוימט און פעסט געשלאָסן איז דער בנין, אָן רחבות און אָן לעבן און באַוועגונג. אַריסטו, דער גאָונישער אַרכיטעקט און סיסטעמאַטיקער, איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז זיין וויסנשאַפטלעכע סיסטעם איז אַ בנין אויף דורי דורות, און אַז אין אים איז געגעבן אַ באַפרידיקנדיקער ענטפער אויף אַלע וויכטיקע פּראָבלעמען. עס איז קלאָר, אַז דער באַגריף וועגן דינאַמישער אַנטוויקלונג און פּראָגרעסיוון פאָרטשריט אויפן געביט פון וויסנשאַפט איז געווען לחלוטין פרעמד דער אַריסטאָטעלישער סיסטעם. אַלץ דרייט זיך אינם ענג געשלאָסענעם קרייז אַרום איין און דעם זעלבן פּונקט, ניט רירנדיק זיך פונם אָרט... אָט דער דאָזיקער גייסט פון פאַרגליווערטקייט איז געווען באַזונדערס גוט צוגעפּאַסט צו דער מיטלאַלטערלעכער אָפּגעשטאַנענער אידעען־וועלט. דער סכום פון מענטשלעכן וויסן איז דאָך, לויט די דעמאָלטיקע באַגריפן, פעסט באַשטימט לדורי דורות; דער מקור פון חכמה איז דאָך באַהאַלטן אין די כתבי־הקודש, אין די פרומע חיבורים פון די „אבות הכנסיה", די באַגרינדער פון דער קריסטלעכער אמונה. די פילאָזאָפיע איז בלויז אַ „שפחה לפני גבירתה" — אַ נוצלעכע „דינערין", וואָס באַדינט איר „האַרין"[2]. און דער גרעסטער מייסטער און כהן גדול פון דער דאָזיקער חכמה, אַריסטו מיט זיין ריזן־סיסטעם, האָט ביי די קריסטלעכע סכאָלאַסטיקער באַקומען אַ גאַנץ קריסטלעך אויסזען, און אין דעם מיטלאַלטערלעכן לבוש איז דער גרויסער גריכישער דענקער געוואָרן דער עמוד הימיני פון דער קריסטלעכער קירך, איר פרומער און געהאָרזאַמער דינער. דער ענדציל פונם מיטלאַלטערלעכן פאָרשער־געדאַנק איז געווען

---

[1] די דאָזיקע דאַטן ווייזט אָן דער רלב"ג גופא („מלחמות השם", 1868, ז"ז 219, 291, 417).

[2] ancilla theologiae — האָט עס געהייסן אין לאַטיין.

ניט צו פאַרברייטערן די גרענעצן פון וויסן, נאָר סיסטעמאַטיזירן, ברענגען אין אַ סדר דעם סכום פון רעליגיעזע און פילאָזאָפישע ידיעות, וואָס מען האָט באַקומען פון די אָבות בירושה.

מיט דעם האָט זיך אָבער ניט געקאָנט באַפרידיקן דער פרייער יידישער דענקער, רבנו לוי בן גרשון, וואָס איז אין דער הינזיכט געווען דער אָנזאָגער פון אַ נייער תקופה. אמת, נאָך ניט קלאָר און גאַנץ באַוווסטזיניק, נאָר דאָך האָט דער רלב"ג פאַרשטאַנען, אַז דאָס מענטשלעכע וויסן דאַרף באַטראַכט ווערן ניט אין זיין סטאַטיק, אין זיין פאַרגליווערטקייט, נאָר אין דער דינאַמיק, אין דעם פּראָצעס פון ווערן און אין דעם דראַנג צו ווייטערער אַנטוויקלונג. זיין אומרויִקער פאָרשער־געדאַנק האָט זיך ניט געקאָנט באַפרידיקן מיט דעם מרה־שחורהדיקן גלויבן, וואָס האָט געוועלטיקט אינם מיטלאַלטער, אַז דעם מענטשנס שכל איז אָנגעצייכנט שטענדיק צו פאַרבלייבן אין דעם פאַרכישופטן קרייז, וועלכן ס'האָבן שוין פאָראויס באַשטימט די גדולים און בעלי רוח־הקודש פון אַמאָליקע צייטן. דער רלב"ג האָט דערפאַר ניט געוואָלט מסכים זיין מיט אריסטוס מיינונג וועגן קדמות העולם, און אַז די געשיכטע פונם מענטשן אויף דער ערד ציט זיך שוין אומענדלעכע צייטן. ווי איז עס מעגלעך, אַז די וועלט און דער מענטש זאָל זיין אַזוי אַלט, בעת די וויסנשאַפטן זיינען נאָך אַזוי יונג? (הנה לא יתכן שיאמר שיהיה המין האנושי קדום, ואלו החכמות מחודשות להם מזמן קרוב). ביי דעם אומרויִקן גריבלען פון דעם מענטשלעכן געדאַנק, ביי זיין שטענדיקן דראַנג נאָך וויסן, איז ניט צו גלויבן, אַז דער מענטש זאָל אַזוי אומענדלעך לאַנג בלאָנדזשען אין דער שטאָק־פינסטערניש פון ווילדקייט, און די חכמות זאָלן זיך באַווייזן ערשט אין אַזאַ שפּעטערער תקופה פון דער מענטשלעכער געשיכטע [1]. דעם רלב"ג האָט אָבער אויך ניט באַפרידיקט די יידישע רעליגיעזע לערע וועגן „בורא יש מאין", און אומבאַגרייפלעך האָט אים אויסגעוויזן דער געדאַנק, אַז די „סיבה ראשונה", וואָס איז גאָלע רוחניות, זאָל באַשאַפן ניט נאָר די „צורה" (די פאָרמען), נאָר אויך דעם חומר [2]. ער האָט זיך דערפאַר געשטעלט אויף אפלטונס שטאַנדפונקט, אַז די פאָרם און באַוועגלעכע מאַטעריע (גשם נעדר כל צורה) איז אַ קדמון און עקסיסטירט פון אייביק אָן. דערפאַר אָבער האָט דער רלב"ג, אין הסכם מיט אריסטוס לערע וועגן פאָרם און מאַטעריע (צורה וחומר) גערעכנט, אַז די פאָרמלאָזע מאַטעריע האָט בלויז עקסיס־

---

1 „מלחמות השם", 356—358.

2 „הצורה תתן דומה למה שבעצמה ולזה תתן הצורות, אך איך יתן הגשמיות מי יתן ואדע".

טירט בכוח, און די דאזיקע עקסיסטענץ האט זיך ערשט אין א באשטימטן מאמענט אנטפלעקט בפועל, בעת די פארמלאזע מאטעריע האט באקומען איר ממשותדיק זיין דורכדעם, וואס זי איז געקומען אין באוועגונג, ד"ה זיך באהעפט מיט דער פארם. און די פארם — דאס איז דאך די אפשפיגלונג פונם געטלעכן געדאנק, דאס איז דער געדאנק, וואס האט זיך פארקערפערט אין דער דורך באוועגונג אנטפלעקטער מאטעריע [1].

דער פעסטער גלויבן אינם שטענדיקן פראגרעס פונם מענטשלעכן וויסן און אין דער פרוכטבארער שאפונגסקראפט פונם פרייען פארשערגעדאנק האט גורם געווען, אז דער רלב"ג, ביי זיין גאנצער התפעלות פאר דעם טיפן אראבישן דענקער אבן רשד, האט דאך ניט געקאנט מסכים זיין מיט יענעמס לערע וועגן דער אומשטארבלעכקייט פונם מענטשנס נשמה. אבן רשד, ווי מיר ווייסן שוין, האט פאקטיש געלייקנט אין פערזענלעכער השארת־הנפש. לויט זיין שיטה, פארבלייבט ניט די נשמה נאכן מענטשנס טויט אלס זעלבשטענדיקער יש (סובסטאנץ), נאר אלס קליינער אויגנבליק אין דעם אומשטארבלעכן ערד־גייסט, דעם „שכל הפועל". אין דעם לעבעדיקן מענטשן איז בלויז פאראן בכוח די מ ע ג ל ע כ ק י י ט (הכנה) פון אומשטארבלעכקייט, און ערשט נאכן טויט און צעשיידן זיך מיטן חומר באהעפט זי זיך מיטן אקטיוון וועלט־אינטעלעקט, דעם „שכל הפועל". אט מיט דעם דאזיקן שטאנדפונקט קאן דער רלב"ג בשום אופן ניט איינשטימען. דאס איז דאך, נאך זיין מיינונג, א פארכישופטער ראד פון לאנגווייליקן און איינטעניקן געפלאנטער. וויבאלד נאכן טויט פון יעדן מענטשן, יהיה מי שיהיה, סיי א נאר און טויגעניכטס, סיי א חכם און גאון — באהעפט זיך זיין נשמה מיטן „שכל הפועל", — וואס־זשע פאר א זין האט אונזער אומשטילבארער דורשט נאך וויסן, אונזער דראנג צו דערגיין און דערפארשן דעם אמת? עס איז דאך נאריש צו גלויבן, אז אט די טייערע מתנה, מיט וועלכע דער מענטש איז באשאנקען, איז אינגאנצן לבטלה, און ברענגט קיין שום נוצן ניט. די נאטור אבער, זאגט דער רלב"ג, איז ניט קיין וותרן, אלץ איז ביי איר בארעכנט און געמאסטן [2].

די פראגע וועגן השארת־הנפש פארנעמט א גאנץ בכבודיקן ארט אין רלב"גס פילאזאפישער סיסטעם. קודם־כל גיט ער א גרינטלעכן קריטישן

---

[1] לויט אריסטוס טערמינאלאגיע הייסט די אנטפלעקונג פון דעם חומר דורך דער צורה „ענטעלעכיע".

[2] „מלחמות השם", 26. מיט ענלעכע טענות קעגן אבן רשד איז אויך ארויסגעטראטן אלבאלאג.

איבערבליק פון די דעות, וואָס די באַדייטנדיקסטע דענקער האָבן ביז אים ארויסגעזאָגט בנוגע דער פראַגע. דער רלב"ג גופא איז נוטה צו דער שיטה פון אַריסטוס באַרימטן מפרש — אַלכסנדר הפרדסי, וואָס האָט געלעבט אין סוף פונם צווייטן יאָרהונדערט לויט דער קריסטלעכער רעכענונג. דער דאָזיקער גריכישער דענקער מאַכט אַ אונטערשייד צווישן צוויי אַרטן פונם מענטשלעכן שכל: 1) דעם „מאַטעריעלן שכל" (השכל ההיולאני), וואָס איז נאָך ניט בפועל, נאָר בלויז בכוח און קאָן, גלייך ווי דער מאַטעריע, דורך אַנטוויקלונג אָננעמען פאַרשיידענע פאָרמען, און 2) דעם „דערוואָרבענעם שכל" (השכל הנקנה), וועלכער אַנטשטייט אויס דעם מאַטעריעלן שכל דורך פאָרשן און דענקען, און דורך די באַפרוכפּערונג פונם געדאַנק גייט ער איבער פון בלויזער מעגלעכקייט אין ווירקלעכן, אַקטועלן זיין. שטיצנדיק זיך אויף דעם דאָזיקן גרונדגעדאַנק, אַנטוויקלט דער רלב"ג מיט גרויסער דיאַלעקטישער חריפות זיין אייגענע שיטה וועגן דעם מהות פונם מענטשלעכן שכל און דעם מענטשס נשמה.

מען מוז דערביי געדענקען, אַז דער רלב"ג איז געווען אַ איבערצייגטער אַריסטאָטעליקער, און אין אַריסטוס שיטה איז דאָך דער שכל דער „מלך בכיפה", וואָס ווערט סיסטעמאַטיש אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע פונקציעס פונם מענטשלעכן אָרגאַניזם. די געפילן נעמען ניט קיין שום אָנטייל אין דעם דערקענטעניש־פּראָצעס* גופא; זיי קאָנען נאָר פילן און אויפנעמען די איינדרוקן פון אויסן; זיי האָבן צו טאָן בלויז מיט דערשיינונגען. דער שכל אָבער, נאָר ער איז אימשטאַנד אויפצונעמען דאָס, וואָס שטייט העכער פון די געפילן און שפּירונגען. פּונקט ווי בנוגע דעם אויסערלעכן וועלטאַל האָט אין אַריסטוס שיטה אונזער וועלט, די ערדישע פּלאַנעטע, פאַרנומען דעם צענטראַלן פּונקט, אַזוי האָט אויך אויפן געביט פון פאָרשונגס־וויסנשאַפטן געוועלטיקט דער מענטשלעכער דענקענדיקער „איך". דער דענקענדיקער „איך" — ער איז דער צענטער פון אַלעמען. זיינע באַגריפן און פאָרשטעלונגען האָט מען באַטראַכט אַלס די ענדגילטיקסטע און ריכטיקסטע אָפּשפּיגלונג פון דער אויסערלעכער וועלט; אָפן און אַנטפּלויזט שטייט יעדער אָביעקט פאַרן פאָרשנדיקן „איך", וואָס אַנטפּלעקט מיט דער שאַרף פונם געדאַנק יענעמס אמתן תמצית און מהות. אויך דער רלב"ג איז פעסט איבערצייגט, אַז דער אמתער מהות, דער געטלעכער מהות פון אַלץ, וואָס ס'איז, באַשטייט אינם געדאַנק; נאָר די אַלגעמיינע באַגריפן, די אַזויגערופענע „אוניווערסאַליען" — זיי זיינען עם דער ווירקלעך רעאַלער עצם פון דעם זיין. דער

* אין העברעיש הייסט עס: הכָּרה, ידיעה.

„מאַטעריעלער שכל" איז לויט דעם רלב"גס אַנשוויונג בלויז אַ מעגלעכקייט, אַ „הכנה", וואָס מיט איר ווערט דער מענטש געבוירן, און די טרעגערין פון דער דאָזיקער הכנה איז די „פאָרשטעלונגס־קראַפט" (הצורה הדמיונית), וואָס איז בלויז אַ טייל פון דער „נפש המרגשת"—די געפילס־קראַפט, מיט וועלכער ס'איז באַשאַנקען ניט נאָר דער מענטש, נאָר אויך די חיה.

די דאָזיקע „הכנה" גייט פאַרלוירן צוזאַמען מיטן מענטשנס טויט, ווײַבאַלד דער מענטש האָט זי בײַ זײַן לעבן ניט געהעריק אויסגענוצט און זי ניט פאַרוואַנדלט דורך פאָרשן און דענקען אינם „שכל הנקנה". און אָט דער שכל הנקנה פון דעם דענקענדיקן מענטשן איז, לויט דעם רלב"גס אויפֿפאַסונג, אינדיווידועל אומשטאַרבלעך (השכל הנקנה הוא נצחי), ניט קוקנדיק דערויף, וואָס ער האָט די אַבסטראַקטע באַגריפן (המושכלות) דערוואָרבן מיט דער הילף פון דעם מאַטעריעלן טייל פונם מענטשלעכן גייסט (הצורה הדמיונית); וואָרעם די באַגריפן און אידעען וועגן דעם אוניווערסאַלן און אַלגעמיינעם האָבן דאָך ניט קיין שמץ פון חומר, און אַלץ וואָס ס'איז ניט פאַרבונדן מיטן מאַטעריעלן און ס'איז לויטער רוחניות (צורה) — דאָס איז אומשטאַרבלעך. בײַ דעם סכאָלאַסטישן אופן פון דענקען, וואָס האָט געוועלטיקט אין מיטלאַלטער*, איז דער רלב"ג געווען זיכער, אַז דאָס דענקען קאָן ניט זײַן אָפּגעטיילט פון דעם אָביעקט פון דענק־פּראָצעס, און דאָס וואָס דעם מענטשנס „שכל הנקנה" ד ע נ ק ט — דאָס איז דער שכל גופא, ד"ה דאָס ד ע נ ק ע ן און דער ג ע ד אַ נ ק, די אידעע — זיינען היינו הך, איינס און דאָס זעלבע [1].

רבנו לוי בן גרשון געדענקט אָבער, און האַלט עס פאַר נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז אונזער „שכל הנקנה", וואָס איז אַ פּועל־יוצא פון דעם אַלגעמיינעם „שכל הפועל", איז דאָך שטאַרק אָפּהענגיק פון אונזער „נפש המרגשת", פון אונזערע געפילן און שפּירונגען [2]. ער, דער אריסטאָטעליקער און איבערצייגטער ראַציאָנאַליסט, איז דאָך מיט זײַן שאַרפן קריטישן פאַרשטאַנד געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די באַגריפן פונם דענקענדיקן און פאָרשנדיקן מענטשן גיבן ניט קיין פולשטענדיק ריכטיק און ענדגילטיק בילד וועגן דעם מהות פון די אָביעקטן, וועלכע דער מענטשן־פאַרשטאַנד טוט אויספאָרשן. וואָרעם דער מענטש, דער בשר־ודם, באַזיצט ניט אַזאַ פולשטענדיק „ריינעם" פאַרשטאַנד, וואָס ער זאָל

* זע אויבן, קאַפּיטל צוויי.

1 „מלחמות השם", 82 א"ו.

2 דער רלב"ג איז בלי־ספק געווען באַקאַנט מיט טאָמאַס פון אַקווינאָס טעזיס:
**Omnis nostra cognitio intellectualis incipit a sensu.**

זיין בכוח אויפנעמען און משיג זיין דאָס אבסאָלוטע און אבסטראַקטע, דאָס אַלגעמיין-אוניווערסאַלע, אָן דער הילף פון געפילן און שפירונגען. משיג זיין אין פולער מאָס דעם אוניווערסאַלן גייסט, זיך פולשטענדיק באַהעפטן מיטן „שכל הפועל" [1], דאָס איז פאַרן מענטשלעכן „שכל הנקנה" אוממעגלעך, ווייל זיין ווי̇סן איז דאָך אָפּהענגיק פון דעם מענטשנס באַגרענעצטע געפילן [2]. דער מענטש, זאָגט דער רלב"ג, קאָן בלויז שטרעבן ווי ווייט ס'איז מעגלעך זיך צו דערנעענטערן צום אמתן און פולשטענדיקן ווי̇סן. און וואָס גרעסער ס'איז אין דעם פּרט דעם מענטשנס ערפאָלג, וואָס מער עס דערנעענטערן זיך זיינע אבסטראַקטע באַגריפן (מושכליו) צו דער אידעאַלער איינהייט פון ווי̇סן, וואָס פון איר באַשטייט דער תמצית פונם „שכל הפועל" — אַלץ שטאַרקער וואַקסט זיין פרייד און גרעסער ווערט זיין גליק און פאַרגעניגן [3]. נאָר כל־זמן דער מענטש לעבט, טוט דער חומר, דאָס מאַטעריעלע פאַרטונקלען מיט זיינע ערדישע תביעות דאָס גייסטיקע זעען, און דערפאַר איז אויך די שמחה און דער תענוג ניט פולשטענדיק. ערשט נאָכן טויט פאַנגט אָן פאַר דעם מענטשנס אומשטאַרבלעכן גייסט, פאַר זיין „שכל הנקנה" דאָס פולשטענדיקע און אומגעשטערטע גליק. און דאָס גליק איז אַלץ גרעסער און שטאַרקער, וואָס מער דער מענטש האָט ביי זיין לעבן דערוואָרבן די „מושכלות" — די אַבסטראַקטע באַגריפן און אידעען, און געפלייסט זיך צו דערנעענטערן צום „שכל הפועל". אָבער נאָכן טויט פונם מענטשן קאָן שוין זיין גייסט, זיין „שכל הנקנה" ניט באַרייכערן זיין ווי̇סן, ער איז שוין ניט אימשטאַנד זיך דערווערבן נייע באַגריפן, ווייל, דערקלערט דער רלב"ג, אים פעלן דאָך דעמאָלט די חושים, די **אָרגאַנען פון געפיל און עמפינדונגען**, וואָס זיי זיינען דאָך די נויטווענדיקע כלי־מכשירים ביים מענטשן צו דערווערבן ווי̇סן [4].

---

[1] עס מוז דאָ אַנגעוויזן ווערן, אַז אין רלב"גס סיסטעם פאַרנעמט דער „שכל הפועל", דער ערד־גייסט, אַ בכבודיקערן אָרט ווי ביי מיימונין. לויט מיימוני, פאַרנעמט דער „שכל הפועל" די נידעריקסטע שטופע צווישן די הימלשע ספערן (די גלגלים), וואָס זיינען נֶאֱצָל (עמאַנירט) איינער פונם אַנדערן. ביי דעם רלב"ג אָבער שטייען אַלע גלגלים אויף איין און דער זעלבער שטופע, ווייל זיי צַלע ווערן עמאַנירט דירעקט פון דער סיבה ראשונה.

[2] „מלחמות השם", 86 א"ו.

[3] „וכל מה שיקרב יותר אחדות מושכליו לאחדות המושכלות אשר בנפש השכל הפועל היתה הצלחתו יותר עצומה, ותהיה שמחתו ותענוגיו במה שהשיג יותר חזק".

[4] „מלחמות השם", 90 : „אבל ראוי שנדע שאי אפשר שיקנה אחר המות מושכל לא השיג אותו בחייו, כי אין לו הכלים אשר יושג בהם המושכל והם החושים ושאר הכחות הנמשכים להם כמו הדמיון והכח הזוכר".

די מדרגה פון השארת הנפש, דער גראַד אומשטאַרבלעכקייט איז בכן ענג פאַרבונדן מיט דעם גראַד פונם דערוואָרבענעם וויסן [1]: דעם מענטשנס אומשטאַרבלעכער גייסט (דער „שכל הנקנה") איז אַלץ גרעסער און באַדייטנדיקער, וואָס מער וויסן דער מענטש האָט ביי זיין לעבן דערוואָרבן. ווי דער רמב"ם אַזוי איז אויך דער רלב"ג געווען איבערצייגט, אַז צו פּערזענלעכער אומשטאַרבלעכקייט זיינען זוכה בלויז יחידי סגולה, וואָס האָבן דורך פאָרשן און דורך דערווערבן לאָגישע אמתן (מושכלות) די „מעגלעכקייט", די הכנה, אומגעוואַנדלט אין אַן אַקטיווער גייסטיקער קראַפט, און דער „מאַטעריעלער שכל" איז מגולגל געוואָרן אין דעם אומשטאַרבלעכן „שכל הנקנה", וואָס איז כולו רוחניות, אָן אַ שמץ פון חומר. און בלויז אַזעלכע יחידי סגולה האָבן די זכיה, עס זאָל איבער זיי רוען די געטלעכע השגחה. וואָרעם, לערנט דער רלב"ג אין פולן הסכם מיט אבן רשדס לערע וועגן דעם געטלעכן וויסן, גאָטס דערהויבענע מחשבה נעמט אַרום נאָר די כוללות, די אַלגעמיינע דערשיינונגען, די געזעצן פונם גאַנצן וועלטאַל, וואָס זיינען כולל דאָס וויכטיקסטע, דאָס אוניווערסאַלע, דעם גאַנצן מין, אָבער ניט די פּרטים, דאָס צופעליקע, דאָס אומפאַרענדיקטע און מאַטעריעלע [2]. דער גראַד פונם באַשעפערס ספּעציעלער השגחה אויף יעדער לעבעדיקער באַשעפעניש איז בכן פאַרבונדן מיט דער אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג פונם באַטרעפנדיקן יחיד: וואָס אַנטוויקלטער ס'איז זיין גייסט (שכל הנקנה), וואָס מער זיין געדאַנק איז געווענדט ניט צום צופעליקן און פּערזענלעכן, נאָר צום אַלגעמיינעם און צו דער אַלץ אומפאַכנדיקער אייניקייט—אין אַלץ אַ גרעסערער מאָס רוט איבער אים די געטלעכע השגחה. די יחידי סגולה, וואָס האָבן אַזוי ווייט אַנטוויקלט זייער פאַרשטאַנד, ער זאָל זיין מסוגל משיג צו זיין די העכסטע אַבסטראַקטע באַגריפן — זיי געפינען זיך אונטער אַ אינדיווידועלער השגחה (מצד הטבע האישי), די אַלע איבעריקע אָבער, וואָס גראַבלען אין דער פינסטער און האָבן ניט אויסגענוצט זייערע גייסטיקע מעגלעכקייטן (דעם „מאַטעריעלן שכל") — איבער זיי געוועלטיקן בלויז די אַלגעמיינע געזעצן, וואָס גילטן פאַרן גאַנצן מענטשן־געשלעכט צוזאַמען (מצד הטבע המיניי) [3].

1 אויך אין זיין פּירוש אויף „קהלת" (ז׳ א) האַלט דער רלב"ג פאַר נייטיק אונטערצושטרייכן: „והחכמה היא תכלית האדם והשארותו כמו שבארנו בראשון מספר „מלחמות השם".

2 דעם דאָזיקן געדאַנק זאָגט אַרויס פאַר־אַחר־יד אויך אברהם אבן עזרא אין זיין פּירוש אויף דער תורה (בראשית, י"ח, 21): „הוא יתברך יודע הכל בדרך כלל ולא בדרך חלק".

3 „מלחמות השם", 164—165.

פון דעם ריין ראציאנאליסטישן שטאנדפונקט באטראכט אויך דער רלב"ג די פראפעטישע באגאבונג (שפע הנבואה). דער רלב"ג איז פעסט איבערצייגט, אז דער מקור פון רוח הנבואה איז דער זעלבער, וואס פון יעדן וויסן — שלמות השכל, דער פולקומער אוניווערסאלער פארשטאנד.

„מתנאי הנביא שיהיה חכם", „מענין הנבואה שהיא צריכה לשלמות השכל", „הגעת הנבואה נמשך אחר שלמות השכל", חזרט מערערע מאל איבער דער רלב"ג: בכדי צו זיין א נביא מוז מען זיין א חכם און א בקי אין אלע חכמות, דער „ענין הנבואה" גייטיקט זיך אין „שלמות השכל". צו דער מדרגה פון נבואה קאן דערגרייכן נאר דער מאן, וואס זיין שטארק אנטוויקלטער אינטעלעקט דערלויבט אים אויך אזוי ווייט צו געוועלטיקן איבער זיינע חושים און פאנטאזיע, אז ער איז אימשטאנד אין יעדן באליביקן מאמענט זיך איינגאנצן צו באפרייען פון זייער השפעה און אומגעשטערט זיך פארטיפן אין די התגלותן פון דעם „שכל הפועל"[1]. דער נביא געפינט זיך אין גרעסערער קרובהשאפט צום „שכל הפועל". פון אלע אנדערע מענטשן, ער איז דער מאן מיט די אפענע אויגן, וואס קאן, אדאנק זיין גרויסער חכמה, פארויסזאגן, וואס ס'וועט ערשט געשען... אדאנק אויך דער השפעה פונם „שכל הפועל" איז דער נביא אימשטאנד „וואונדער" צו באווייזן. די וואונדער אבער, שטרייכט דער רלב"ג אונטער, דאס זיינען ניט קיין צופעליקע דערשיינונגען, וואס זיינען סותר די פעסטגעזעצטע געזעצן — דאס זיינען בלויז דערשיינונגען פון אן אנדערער, העכערער ארט, וועלכע געפינען זיך אויך אונטער א באשטימטער געזעצמעסיקייט, נאר פון א אנדערער העכערער מדרגה, וואס אונטערשיידט זיך זייער פון דער מעכאנישער געזעצמעסיקייט, וואס געוועלטיקט אין דער נאטור[2].

זייער כאראקטעריסטיש פארן רלב"ג איז אויך זיין פלוגתא מיטן רמב"ם בנוגע דער פראגע וועגן גאטס אטריבוטן (תוארים). דער רמב"ם, ווי מיר וויסן[3], פלייסט זיך מיט גרויס חריפות צו דערווייזן, אז בנוגע צו דער גאטהייט קאן גערעדט ווערן נאר וועגן נעגאטיווע, אבער ניט וועגן פאזיטיווע אטריבוטן. דערמיט קאן דער רלב"ג כלל ניט מסכים זיין. מיר האבן שוין פריער געבראכט דעם רלב"גס אויסדרוק: „ההשגה היא חיות" — דערקענטניש איז לעבן. דאס פארשן, זאגט ער אויך אן אנדער ארט, דאס דערגרונטעווען זיך צו דעם אמתן תמצית פון אלץ וואס ארום.

---

[1] „מלחמות השם", צווייטע צטיילונג, קאפ' 6.

[2] „מלחמות השם", מאמרו' פרק י"א—י"ב.

[3] זע אונזער ווערק, באנד I, קאפ' 6.

אין דעם באַשטייט דעם מענטשנס העכסטע גליק [1]. און ווייל דער קוואַל פון יעדן וויסן איז גאָט, איז ער אויך דער קוואַל און די העכסטע מדרגה פון לעבן, שמחה און גליק, טאַקע ווי אונזערע חכמים זאָגן: שהשמחה במעונו. עס פּאַסטן דערפאַר פאַר גאָטס נאָמען אַזעלכע אַטריבוטן, ווי: איינִיקייט, זיין, גליקזעליקייט, וואָס באַצייכנען זיין שלמות.

דערפאַר אָבער טרעט דער רלב״ג אַרויס אַלס דעם רמב״מס טרייער תלמיד אין זיינע פּירושים אויף תנך. אויך דאָ וויל דער רלב״ג פון קיין פּשרות ניט וויסן; און אַפילו דאָרט, וווּ דער רמב״ם רעדט נאָר ברמז און איז מגלה טפח ומכסה טפחים, רעדט דער רלב״ג קלאָרע דיבורים, און אָפן און אומדערשראָקן פירט ער אויס אַלע לאָגישע פּועל־יוצאס פון זיין פרייען פאָרשער־געדאַנק. עס איז דאָך פאַראַן נאָר איין איינציקער אמת, דער ר אַ צ י אָ נ אַ ל י ס ט י ש ע ר אמת, דערפאַר איז פאַרן רלב״ג גאַנץ קלאָר, אַז באַשר די תורה טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּל פון געטלעכער חכמה, קאָן איר לערע בשום אופן ניט זיין אין סתירה מיט דער פילאָ־זאָפיע. „עס איז קלאָר, — דערקלערט דער רלב״ג — אַז מען דאַרף גלויבן נאָר אין דעם, וואָס זיין אמת ווערט באַוויזן דורך לאָגישע ראיות, און ווען עס טרעפט, אַז דער פּשט פון דער תורה איז סותר דעם דאָזיקן אמת, דאַרף מען דעם טעקסט פון דער תורה אַזוי אויסטייטשן, אַז ער זאָל צו־פּאַסן צו די לאָגיש־פילאָזאָפישע פּועל־יוצאס״ [2]. „און ניט איינמאָל — איז מוסיף דער רלב״ג מיט גרויס נחת־רוח — האָבן מיר זיך טאַקע איבערצייגט, אַז די זעלבע מסקנא, צו וועלכער מיר זיינען פריער געקומען אויפן וועג פון חקירה, שטימען טאַקע פולשטענדיק צוזאַמען מיט די דעות פון אונזער תורה״ [3]. און ער, דער טיפּישער ראַציאָנאַליסט, איז געוואָרן פעסט איבערצייגט, אַז טאַקע אין דער תורה גופא געפינען זיך די זעלבע דעות, וועלכע ער האָט מיט אַזאַ עמקות אַנטוויקלט אין זיין „מלחמות השם״. די מענטשן זעען דאָס, וואָס זיי ו ו י ל ן זען; און דער רלב״ג האָט געפונען אין דער תורה זיין אייגענע לערע וועגן „מעשה בראשית״, וועגן גאָט־פאָרשן, וועגן השגחה און הימלשע גלגלים, און

[1] „מלחמות השם״, 115: „כי ההצלחה האנושית אמנם תגיע בתכלית מה שאפשר בשנדע דבר דבר כפי מה שבטבעו שיודע לנו״.

[2] „מלחמות השם״, 6: „וזה כי הוא מבואר... שהוא ראוי שנאמין מה שיתבאר אמותו מצד העיון, ואם היה שתחלוק עליו התורה לפי מה שיראה מפשוטי דבריה, הנה ראוי שיפורשו הדברים ההם בדרך שיאותו אל העיון״.

[3] דאָרטן, 7: „ולזה היה מנהגנו באלו הדרושים לחקור בהם חקירה שלימה תחלה מצד העיון ואחר כך נתבאו לנו שמה שהביאנו אליו העיון בדבר דבר מאלו הדרושים הוא דעת תורתנו״.

אויך זיין ראַציאָנאַליסטישער קוק אויף די ניסים. ווען יהושע בן נון זאָגט: שמש בגבעון דום! וויל דאָ דער פּסוק בלויז דערציילן, אַז יהושע האָט עס אַרויסגעזאָגט דעם ווּנטש, דעם שונאס מפּלה זאָל פּאַרקומען נאָך איידער די זון וועט אונטערגיין. יעקב אָבינוס ראַנגלען זיך מיטן מלאך איז, לויט דעם רלב"גס איבערצייגונג, פּאַרגעקומען אין חלום, ניט אויף דער וואָר; די מעשה מיטן גן־עדן, ווו ס'האָט געלעבט דער ערשטער מענטש, דאָס איז אַ אַלעגאָריש־סימבאָליש בילד וועגן „מאַטעריעלן שכל" און „שכל הנקנה"; און אין „שיר השירים" זעט דער בעל „מלחמות השם" דעם תמצית פון זיין אייגענער פילאָזאָפישער שיטה. ירושלים — דאָס איז דער סימבאָל פונם דענקענדיקן מענטשן, וואָס איז ווי די הייליקע שטאָט אויסדערוויילט גאָט צו דינען. די „בנות ירושלים" — דאָס זיינען די אייגנשאַפטן פונם מענטשנס נשמה; שלמה המלך — איז דער ראַציאָנאַליסטישער טייל אינם מענטשן אאַז"וו [1]. ווי מיימוני, אַזוי האָט אויך דער רלב"ג אין יעדער מצווה געזוכט דעם נוצן, דעם אוטיליטאַרישן פּועל־יוצא, און אין יעדער ביבלישער מעשה — דעם מוסר, דעם דידאַקטיש־עטישן מיין. זיין פּירוש אויף דער תורה איז דערפֿאַר געשריבן לויט פאָלגנדיקן סדר: פריער גייט ביאור המילות, דערנאָך די סיסטעמאַטישע דערקלערונג פונם טעקסט (ביאור הפּרשה), און צום סוף ווייזט ער אָן די פילאָזאָפישע אידעען און דעם עטיש נוצלעכן מוסר („תועליות"), וואָס מען קאָן אַרויסנעמען פון יעדער פּרשה באַזונדער. און אָט דער עטיש־דידאַקטישער טייל פון רלב"גס פּירוש איז געשריבן אין אַזאַ האַר־ציקן טאָן און פּאָפּולערן סטיל, אַז דער פרייער דענקער און איבערצייגטער אַריסטאָטעליקער איז ביי די שפּעטערדיקע אָרטאָדאָקס־פרומע דורות גע־וואָרן איינער פון די באַליבטסטע ביבל־דערקלערער. זיין „מלחמות השם" און די דאָרט אַרויסגעזאָגטע פילאָזאָפישע אידעען האָבן אַרויסגערופן פילע פאַרביטערטע קעגנער, זיינע „תועליות" אָבער האָט מען מיט גרויס התפּעלות געלייענט, מען האָט זיי געגליכן צו די „טייערסטע שטיינער" און די „בעסטע בשמים" [2], און בכדי אויך דער פּשוטער עולם זאָל פון זיי קאָנען געניסן, האָט מען זיי אויף פּשוט יידיש־דייטש איבערגעזעצט און צוזאַמען מיט דער ביבל־איבערזעצונג געדרוקט [3].

---

[1] דאָך מוז אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז דער רלב"ג האָט בערך זיך ווייניק באַנוצט מיט דער אַלעגאָרישער מעטאָדע.

[2] זע די פאָררעדע פון יעקב מרקריאה צו דער ערשטער אויסגאַבע (ריוואַ־די־טרענטאָ, 1560) פון דעם רלב"גס „תועליות": „אבנים יקרות במדות גזית על התורה ונביאים... קח לך מר דרור קנה ובשם תועליות הרלב"ג".

[3] אין דער באַקאַנטער ביבל־אויסגאַבע פון יקותיאל בליץ.

# ערשטער קאַפּיטל.

דער „מורה נבוכים" און דער „מלחמות השם". — די בלום־שרעקן פון דער „שוואַרצער מַגֵפה". — די רבנים און מנהיגי־הדור און זייער שפּרענג קאָנסערוואַטיווע ריכטונג. — ר' יום־טוב ליפּמאַן און זיין „הנצחון". — די קולטורעלע ירידה פונם שפּאַנישן און פּראָוואַנסאַלישן יידנטום. — יצחק הישראלי, עמנואל בונפיס, אישתורי פַּרחי און שם־טוב אַרדוטיל. — יעקב דער בעל „הטורים". — בחיא בן אָשר און די פאַרשטאַרקונג פון די מיסטישע שטרעמונגען. — די עקלעקטיקער. — דוד בן ביליאַ; מאַיר אַלדַבּי און זיין „שבילי אמונה". — אַלדַבּיס קאַמף קעגן די „מתפּלספים", — די לעגענדע, אַז דער רמב"ם האָט חוזר בתשובה געווען און געוואָרן אַ הייסער מקובל.

עס איז גענוג בלויז צו פאַרגלייכן דעם גורל פון רמב"מס „מורה נבוכים" און דעם רלב"גס „מלחמות השם", בכדי צו באַקומען אַ קלאָרן באַגריף וועגן די גרויסע קולטור־היסטאָרישע שינויים, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער יידישער סביבה אין משך פון די הונדערט און פופציק יאָר, וואָס טיילן אָפּ אָט די צוויי חשובע רעליגיעז־פילאָזאָפישע ווערק. מיר האָבן אינם ערשטן בוך שוין אָנגעוויזן, אַז אינם רמב"מס צייטן, אונטער דער השפּעה פון דער אַראַבישער קולטור, וואָס האָט דעמאָלט דערגרייכט איר העכסטע מדרגה, האָט זיך געבילדעט אין שפּאַנישן און אויך פּראָוואַנסאַלישן יידישן קיבוץ אַ הויך געבילדעטע אינטעליגענץ מיט אַ פיל בּרייטערער וועלטאַנשויונג, ווי ביים פשוטן פאָלק. אין די אינטעליגענטע קרייזן און אייבערשטע שיכטן פון דער געזעלשאַפט האָבן זיך איינגעבירגערט פרייע אידעען און אָנשויונגען, וועלכע מען האָט געמוזט ברענגען אין געוויסן איינקלאַנג מיט דער מסורת־אָבות, מיט די אַלטע רעליגיעז־טראַדיציאָנעלע אָנשויונגען, אלא ניט איז געשטאַנען די געפאַר, אַז די אינטעליגענטע קרייזן וועלן גייסטיק אינגאַנצן פרעמד ווערן דער נאַציאָנאַלער קולטור, און די מחיצה צווישן זיי און דער פאָלקס־מאַסע וועט אַלץ מער וואַקסן. אָט צו דערפילן די דאָזיקע אויפגאַבע — ברענגען אין איינקלאַנג די אַלטע רעליגיעזע אָנשויונגען מיט די נייע פילאָזאָפישע אידעען, האָט אויף זיך גענומען דער רמב"ם מיט זיין קלאַסיש ווערק. דער

„מורה נבוכים״ האָט געהאַט אַן אומגעהייערן ערפאָלג, און באַלד איז ער געוואָרן דאָס באַליבטסטע בוך אין די אינטעליגענטע קרייזן. די יידישע אינטעליגענץ אין דער פּראָוואַנס, וואָס האָט קיין אַראַביש ניט געקאָנט, האָט, ווי מיר האָבן געזען[1], אָנגענומען ענערגישע מיטלען, וואָס גיכער צו באַקומען מיימונים ווערק אין דער העברעישער איבערזעצונג.

ביי גאַנץ אַנדערע צושטאַנדן איז געשאַפן געוואָרן דעם רלב״גס „מלחמות השם״. רבנו גרשונס ווערק איז דערשינען דירעקט אויף העב־רעיש, און בעת מען פאַרגלייכט דעם ווּיסנשאַפטלעכן סטיל פון „מלחמות השם״ מיט די שווערוואַגיקע איבערזעצונגען פון די אבן־תיבונס (יהודה און שמואל), קאָן מען ערשט רעכט אָפּשאַצן דעם גרויסן פאָרטשריט, וואָס די ווּיסנשאַפטלעכע טערמינאָלאָגיע פון דער העברעישער שפּראַך האָט גע־מאַכט אין משך פון די דאָזיקע 150 יאָר. דעם „מלחמות השם״ האָט אָבער געפעלט דאָס וויכטיקסטע — די געהעריקע אוידיטאָריע און דער האַר־מאָנישער געזעלשאַפטלעכער אָפּקלאַנג. איינזאַם און פאַרלאָזן איז ער גע־בליבן, און די גייסטיקע פּאָזיציעס, פאַר וועלכע ער האָט אַזוי מוטיק גע־קעמפט, זיינען שוין געווען פונם שונא אַרומגערינגלט און האָפענונגסלאָז פאַרשפּילט. דער רלב״ג האָט געקעמפט פאַרן פרייען פאָרשער־געדאַנק; ער האָט געוואָלט דערווייזן, אַז עס איז פאַראַן נאָר איינאיינציקער אמת, דער ראַציאָנאַליסטישער אמת, און אַז צווישן דער פילאָזאָפיע און דער יידישער רעליגיעזער לערע איז קיין סתירות ניטאָ — ער האָט אָבער דערגרייכט דעם פולן היפּוך: זיין עקשנותדיקער ראַציאָנאַליזם, וואָס וויל פון קיין שום פּשרות ניט וויסן, האָט צומבולטסטן פאַרשאַרפט די טיפע קעגנזאַצן צווישן פילאָזאָפישן פאָרשער־געדאַנק און רעליגיעזן גלויבן. זיין „מלחמות השם״ האָבן די פאַרביסענע קעגנער באַלד דערקלערט פאַר „מלחמות עם השם״ — מלחמות קעגן גאָט, און געפּסקנט, אַז ער איז „ווערט, מען זאָל אים אויפן פייער פאַרברענען״[2]. אפילו די, וואָס האָבן גערעדט מיט גרויס התפּעלות וועגן רלב״גס טיפע תלמודישע ידיעות, ווי, צום ביישפּיל, דער באַרימטער ריב״ש, אויך זיי האָבן מיט גרויס פאַר־

---

1 צווייטער באַנד, קאַפּיטל זעקס.

2 דעם נאָמען „מלחמות עם השם״ באַגעגענען מיר צום ערשטן אין שם־טוב אבן שם־טובס קבלה־ספר „ס׳ האמונות״. כאַראַקטעריסטיש איז פאָלגנדיקע דערקלערונג פון דוד מיסטר ליאון: „...מלחמות ד׳ לרלב״ג אשר בו ודאי לחם עם השם שהית ראוי להשרף מרוב כפירותיו בכל הפנות התוריות, ובפרט שדבר מה שדבר בפרסום ובעזות מצח וגלה פנים בתורה שלא כהלכה שכפר בחדוש העולם ובנסים ובידיעה הפרטית כמו שיודע מי שרגיל בספרו הנזכר״ (זע „העבר. ביבל.״ VIII, 64).

דרוס זיך פאַרהאַלטן צו זיינע פילאָזאָפישע אָנשויוּנגען און מיט צאָרן דערקלערט, אַז ווער עס באַקענט זיך מיט זיי, דער באַגייט אַ גרויסע זינד [1].

דעם רלב״גס „אַפּיקורסישע״ חקירות און זיין פרייע שטאָליץ־ראַציאָנאַליסטישע וועלטאַנשויונג האָט שוין ווייניק געפּאַסט פאַר דער אומרויִקער צייט, אין וועלכער דעם דאָזיקן דענקער איז באַשערט געווען צו לעבן. דער רלב״ג גופא באַקלאָגט זיך אויף די שווערע גזירות פון זיין צייט, ביי וועלכע עס איז אוממעגלעך רויִק זיך פאַרנעמען מיט וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען [2]. ער האָט געמוזט צוזען די גירושים אין פראַנקרייך, די אימהדיקע רציחות בשעת די בהלות פון די אויפגעשטאַנענע פאַסטעכער און מצורעים. דאָס אַלץ איז אָבער געווען בלויז דער ערשטער פאָרשפּיל. פיר יאָר נאָך דעם רלב״גס טויט, אין 1348, האָבן זיך אָנגעהויבן די בלוטיקע שרעקן פון דער „שוואַרצער מגפה״. ניט נאָר דער שוואַרצער טויט האָט זיינע ברייטע פליגל איבער גאַנץ מערב־אייראָפּע פאַרשפּרייט; האַרט לעבן אים האָט טריט ביי טריט געשפּרייזט זיין שרעקלעכער צווילינגס־ברודער — דער שיגעון מיט זיין „רויטן געלעכטער״. די פינסטערע, אומוויסנדיקע באַפעלקערונג, משוגע פאַר שרעק און פּחד, איז ניט געווען אימשטאַנד צו באַגרייפן, פון וואַנען ס׳האָט זיך גענומען אָט דער מאַווימדיקער גאַסט מיט זיין גיפטיקן אָטעם פון טויט און פאַרטיליקונג, און ווער ס׳איז שולדיק אין דעם גרויסן אומגליק. און אַ ש ו ל ד י ק ע ר מוז דאָך זיין — האָט מען געגלויבט אין די אומגעלומפּערטסטע קלאַנגען, די נאַרישסטע באָבע־מעשה האָט געגאָלטן פאַרן ריינעם אמת. דער מיטלאַלטערלעכער ווילדער אָבערגלויבן האָט ניט געוווּסט פון רחמנות און מענטשלעכקייט, און ער האָט געטריבן דעם מיט וואַנזיניקער שרעק אָנגעפילטן המון צו די אַכזריותדיקע רציחות און בלוטיקע מערדערייען. ס׳איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז אין דעם שרעקלעכן „עיפּוש״ (עפּידעמישע קראַנקהייט) זיינען שולדיק די יידן; דאָס פאַרסמען זיי עם די ברונימער און די טייכן, כדי צו פאַרטיליקן זייערע שונאים, די קריסטן. און דער פינסטערער המון האָט געגלויבט, און זיין גאַנצן גיפטיקן כעס האָט ער אויסגעלאָזן צו די שוצלאָזע יידן...

---

1 ריב״ש, שו״ת נומ׳ 45: „וכן הרלב״ג שהיה גם כן גדול בתלמוד והטוהו חכמות מדרך האמת וכו׳״.

2 „מלחמות השם״, 3: „כי זה מה שיוסף לנו קושי עצום באלו החקירות מצורף לזה מה שאנחנו בו מטרדת הזמן המוגעות כל עיון״.

פון מזרח־שפאניע ביז דער מדינה פוילן מיט אירע אלטע שטעט קראָקע און קאַליש [1] — אַלץ האָט פאַרפלייצט דער בלוטיקער מבול פון שיגעון און חיהשער ווילדקייט. מער פון אַלע האָבן געליטן פון דעם ווילדן פּעבל די יידישע קהילות אין דייטשלאַנד. אַלע צרות, וואָס די דייטשע יידן האָבן איבערגעלעבט אין דרייצנטן יאָרהונדערט, קאָנען זיך ניט פאַרגלייכן מיט די שרעקלעכע רדיפות אין די יאָרן פונם „שוואַרצן טויט" (1348—1350). עס זיינען חרוב געוואָרן די עלטסטע קהילות פון וואָרמס, מיינץ, פראַנקפורט, קעלן אאז"וו. אין דער שווייץ, אין בייערן, ביז עסטרייך און מערן — איבעראַל האָט מען אָן רחמנות די יידן געשאָכטן, געברענט, אין וואַסער געוואָרפן און זייער פאַרמעגן געראַבעוועט און צעשטערט. נאָך אַמאָל האָבן אויפגעלעבט די בלוטיקע סצענעס פון דער קרייץ־צוג־תקופה: די אומגליקלעכע קרבנות האָבן ניט געוואָלט אומקומען פון דעם שונאס מערדער־הענט, האָבן זיי אַליין איינער דעם אַנדערן ממית געווען, די אייגענע הייזער פאַרברענט און דאָרט דעם טויט געפונען צוזאַמען מיטן הויזגעזינד. אַ גרויסער בית־עלמין איז דאָס יידישע געטאָ געוואָרן; איבער דריי הונדערט קהילות זיינען אומגעקומען אין די שרעקלעכע יאָרן פון שיגעון און טויט.

די שווערע גזירות האָבן אינגאַנצן געבראַכן די קולטורעלע שאַפונגס־קראַפט פון די דייטשע יידן. אפילו די רבנישע וויסנשאַפט האָט שוין אויף דעם חורבן באָדן פון די דייטשע לענדער מער ניט געקאָנט געדייען, און בלויז נאָך אַ מקום־מנוחה געפונען אין מדינת עסטרייך, וואָס האָט בערך ווייניקער געליטן אין די שרעק־יאָרן פון דער „שוואַרצער מגפה". אויפן אָרט פון די ישיבות, וואָס זיינען אין דייטשלאַנד חרוב געוואָרן, האָט דער פון דער שטאָט פולדא אַנטלאָפענער רב ר' מאיר בן ברוך הלוי [2] געגרינדעט נייע אַכסניות של תורה אין ווין, קרעמזע און

---

1 אין אַן אַלטער קינה פון יענער צייט, ווו עס ווערן באַקלאָגט די קהילות, וואָס זיינען דעמאָלסט חרוב געוואָרן, ווערן אויך דערמאָנט אייניקע פוילישע קהילות:

מדינת פולין אזכרה — אשר נגזרה גזרה — מקהל וחבורה — כֻּלָּם קְהָלָיִךְ.
העיר קאַליש קראקא — וגם גלוגא — גם עמהם וְיִרְאָ כֻּלָם אנשי סגוליך.
(זע „עמודי העבודה", הוספות, VI).

2 דער דאָזיקער אָנגעזעענער רב האָט געפירט אַ אומרויִק וואַנדערלעבן. זיין פאָטער, ר' ברוך, איז געשטאָרבן אַלס „קדוש", דורך אַ מאַרטירער־טויט. תורה האָט ער געלערנט ביי אַלכסנדר הזוהן, וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען זוסלין מפראַנקפורט, דער בעל „האגודה" (וועגן דינים און שיטות התלמוד); אין די יונגע יאָרן איז ר' מאיר געווען רב אין ערפורט, דערנאָך אין פראַנקפורט־דמאַין. אין 1383 האָט ער זיך באַזעצט אין נירנבערג, נאָר אין צוויי יאָר אַרום זיך אומגעקערט קיין פראַנקפורט, ווו מע האָט

נייִשטאַדט. אַט פון די ישיבות זיינען אַרויס די באַדייטנדיקסטע רבנים פונם שפּעטערן דור: ר׳ יעקב בן משה מולין (דער מהרי״ל) [1], ר׳ משה מינץ, יעקב ווייל און דער גדול הדור, דער באַרימטער ר׳ ישראל בן פּתחיה איסֶרלין.

אַט די מנהיגי הדור איז אויסגעקומען צו פירן אַ האַרטן קאַמף קעגן פיל אומאַנשטענדיקע פאַרשטייער פון כּת הרבנים. אין די יאָרן פונם שרעקלעכן חורבן זיינען, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, פאַרטריקנט געוואָרן די קוואַלן פון רבנישן וויסן. די צאָל תלמידי־חכמים האָט זיך שטאַרק פאַרמינערט, און ביי אַזעלכע צושטאַנדן האָבן דעם כּסא־הרבנות ניט זעלטן פאַרנומען אַזוינע מענטשן, וואָס זיינען כּלל ניט ראוי געווען דערצו. „פילע, וואָס זיצן אויפן כּסא־הרבנות — קלאָגט זיך יעקב ווייל — האָבן גאַנץ קנאַפּע ידיעות אין תלמוד און זיינע מפרשים, און זיי געוועלטיקן מיט גרויס תקיפות איבער די הייליקע קהילות, נוצן אויס זייער מאַכט צו פּערזענלעכע עגאָיִסטישע צוועקן. די דאָזיקע מענטשן באַזיצן ניט אַפילו די מידות, וואָס לויט דעם תלמוד מוז האָבן יעדער בן ישראל, בפרט נאָך די רבנים און מדריכי העם, וואָס לערנען גאָטס וואָרט און דאַרפן זיין אַ ביישפּיל פאַר אַלעמען. און אָפט ווערט טאַקע דורך זיי גאָטס וואָרט געשענדט, וואָרעם מען ווייזט אויף זיי מיט די פינגער און מען זאָגט: אַט זעט די מענטשן, וואָס לערנען און דערקלערן די הייליקע תורה, און אַליין זיינען זיי ניט מקיים אירע געזעצן און געבאָטן״ [2].

ניט ווייניקער שאַרף טרעט אַרויס אַ צווייטער חשובער רב פון יענער צייט, ישראל איסרלין. אויך ער איז זיך מתרעם אויף די „פּאַרדאָרבענע דיינים״ פון זיין צייט, און שטרייכט אונטער דעם טרויעריקן אמת,

---

אים צוליב אַ מסירה אין תפיסה איינגעזעצט. אייפן באַפעל פונם מלך ווענצל איז ער (אין 1392) באַפרייט געוואָרן, און דער „כּתב״, וואָס ר׳ מאיר און די טובי־העיר פון פראַנקפורט האָבן דערביי געחתמעט, איז איינער פון די עלטסטע אָפיציעלע דאָקומענטן, וואָס זיינען צו אונז אויף יידיש־דייטש דערגאַנגען (אָפּגעדרוקט אין „צייטשריפט פ. העבר. ביבל.״, XI, 107—112). סוף 1393 האָט ר׳ מאיר זיך באַזעצט אין ווין און דאָרט פאַרבראַכט זיינע לעצטע יאָרן (מער באריכות וועגן ר׳ מאיר הלוי זע: י. פריימאַן אין דער פאָררעדע צו „לקט יושר״, 51; מ. ווינער אין „מאָנאַטשריפט״ 1868 383; וויס, „דור דור ודורשיו״, ב׳ 5; גרעץ, געשיכטע, ב׳ VIII; גידעמאַן, „געשיכטע ד. ערציהונגס־וועזען״, I.

[1] געבאָרן בערך 1360, געשטאָרבן אין וואָרמס אין 1427. ביאָגראַפישע פרטים וועגן דעם דאָזיקן חשובן רב זע: „ליטעראַטורבלאַט ד. אָריענטס״, 1848, 395—400.

[2] שו״ת נומ׳ 163,

אז „סמיכה האָבן זייער פילע באַקומען, נאָר למדנים זיינען גאַנץ ווייניק"[1]. אַט די „פאַרדאָרבענע דיינים" האַלט עס איסרלין פאַר נייטיק אָפּצודערמאָנען, אַז ניט מיט רדיפות און חרמות קאָן מען עס אַנדערע איבערציי‌גן אין דער ריכטיקייט פון זיין מיינונג[2], און דעם כּבוד פון דער תורה און דעם רעספּעקט צו רבנות טאָר מען ניט שיצן מיט דער געוואַלד פון דער אויסערלעכער רעגירונגס־מאַכט[3].

בּכדי צו פאַרהיטן, אַז דעם כּסא־הרבנות זאָלן ניט פאַרנעמען קיין ניט פּאַסיקע מענטשן, האָט נאָך דער באַגרינדער פון די ישיבות אין עסטרייך, ר' מאיר הלוי, געפּרוּווט איינפירן דעם מנהג פון „סמיכות": פאַרנעמען דעם רבנות־פּאָסטן אין וועלכער ס'איז קהילה קאָן נאָר דער תלמיד־חכם, אויף וועלכן ס'האָבן „סומך" געווען אָנגעזעענע רבנישע אויטאָריטעטן, אַז ער איז ראוי צו זיין רב[4]. נאָר ווי עס שיינט, האָט אויך די דאָזיקע תקנה ווייניק געהאָלפן, און מאיר הלוים תלמידים זיינען נאָך אַלץ געווען געצוווּנגען צו קעמפן קעגן „דיינים מקולקלים".

דאָס ליטעראַרישע שאַפן פון יענעם דור איז באַשטאַנען אויסשליסלעך אין פאַרגרעסערן די חומראָס פון דינים און געזעצן; אַלץ שטאַרקער מאַכן די סייגים און גרענעצן, וואָס מער אָפּצוימען די יידישע קהילה פון דער פיינדלעכער דרויסנוועלט. קיין הויך פון פרישן לעבן; „וישח אדם וישפל איש" — פאַרשטאַרצט פון ליידן זיינען די מענטשן געוואָרן, דער דערשראָקענער געדאַנק פרוּווט ניט זוכן קיין אויסוועגן, קיין ענטפער אויף די פראַגן, וואָס נאָגן אין די צעוויייטאָגטע הערצער. די מנהיגי הדור זעען פאַר זיך נאָר איינאיינציקע אויפגאַבע: זיין טרייע שומרים איבער דער מסורה פון די אָבות, אָפּהיטן מיט אַלע פרטים דעם מינדסטן מנהג פון די פריערדיקע דורות. זיי זיינען דערפאַר געווען די אַנטשיידנסטע קעגנער פון וועלכע ס'איז שינויים אין רעליגיעזן קולט. „ולא ראיתי ולא שמעתי לשנות

1 „פסקים וכתבים" נומ' 255: „מפני תקלת הדור מחשש דיינים מקולקלים, כי הנסמכים רבים אבל היודעים מועטים".

2 נומ' 253: „לבלתי תפנו דעתכם לגזור ולענות בנדוי וחרמות על כל אותן שכנגדיכם הן גדול או קטון או רבים או יחידי".

3 דאָרטן נומ' 64: „גמרת או סברת לנהוג שררות הרבנות של תורה בכוח שלטוני האומות".

4 דער באַקאַנטער בעל „צמח דוד", בעת ער שטעלט זיך אָפּ אויף דעם אינסטיטוט פון סמיכות, גיט ער דערביי פאָלגנדיקע דערקלערונג: „שמה שנתחדש סמיכה זו בין האשכנזים מטעם שבזמן ההוא היו רבים עוסקים בנתינת גיטין וקידושין אף שלא היו יודעין בטיב הלכתן, ע"כ נתקנה סמיכה זו לסימן לכל בני תפוצות אשכנז שכל מי שאינו נסמך למורנו לא יהיה לו רשות להתעסק בטיב גיטין וקידושין".

ומנהג", „ואין לשנות המנהג", חזרט איבער יעדעס מאָל איינער פון די רבני־שע אויטאָריטעטן אויס יענער צייט, ישראל מברונא [1]. „אַ מנהג איז שטאַר־קער פון אַ דין", דערקלערט אַנטשיידן דער זעלבער פּראָפעסער [2]. בעת דער באַרימטער תלמודיסט יוסף קולון, וואָס האָט געלעבט אין רענעסאַנס־איטאַליע, האָט ניט געפונען קיין שום איסור אין דעם, אַז יידן זאָלן זיך קליידן אין דער זעלבער הלבשה, ווי די קריסטלעכע באַפעלקערונג [3], האָט זיין בן־דור, ישראל מברונא, געפּסקנט, אַז ווער עס זיצט בגילוי־ראש, איז ער עובר אויפן גאַנצן יידישן דת, ווייל אַ ייד דאַרף זיין אָפּגעזונדערט ניט נאָר אין קליידונג, נאָר אפילו מיט זיין שוכוואַרג, און ווער עס פאָלגט ניט, דער איז אַן אַפּיקורס, און מען דאַרף אים מחרים זיין לשם שמים [4]. מיט דעם זעלבן שטרענג אָרטאָדאָקסן גייסט זיינען דורכגעדרונגען די פּאָפּולערסטע ווערק, וואָס שטאַמען פון יענער פאַרחושכטער צייט: יעקב מולינס „מנהגים" (מנהגי מהרי"ל), ישראל איסרלינס שו"ת „תרומת הדשן" און דער „לקט יושר" [5] פון איסרלינס תלמיד, יוסף בן משה.

איין אויסנאַם איז דאָך פאַראַן—דאָס איז דאָס באַקאַנטע פּאָלעמישע ווערק „הנצחון". זיין פאַרפאַסער איז דער פּראָגער רב און ראש־ישיבה ר' יום־טוב ליפּמאַן מילהויזן [6]. די גאַנץ ווייניקע ביאָגראַפישע ידיעות וועגן אים, וואָס מיר באַזיצן, האָבן מיר דער עיקר צו פאַרדאַנקען דעם „הנצחון" גופא. אין זיינע לעצטע ניין קאַפּיטלעך („סימנים") ווערט דערציילט, אַז אין יאָר 1399 האָט מען ליפּמאַנען און פילע אַנדערע אָנגעזעענע פאַר־שטייער פון דער קהילה אין תפיסה איינגעזעצט צוליב אַ מסירה פון

---

1 שו"ת נומ' 73: „נשאלתי — דערציילט דאָרט ווייטער ישראל מברונא — עשיר מארץ רוסיא אם רשאי לעשות טלית משי צבע אדום או ירוק לכבוד השבת ויום־טוב. והשבתי שלא יעשה כן".

2 דאָרטן נומ' 23: „ומנהג עוקר הלכה".

3 שו"ת נומ' 88: „אין הישראלי מחויב להשתנות מן הגוי כלל... אין שום איסור ללבוש לבוש הנהוג בין הגוים" (מיר ציטירן נאָך דער ווענעציאַנער אויסגאַבע, 1519).

4 שו"ת נומ' 34: „אנן דדיירינן בין האומות ואינהו אולי בגילוי הראש וחשיב כחוקות הגויים... חשוב חשתא כעובר על דתי יהודית... ואשכחן חלוקי יהדות בשנוי בגדים אפילו במנעלים וסנדלים... וכיון דמיחא ביה ולא אשגח עליה חשוב כאפיקורוס ונדוהו לשם שמים..."

5 דאָס דאָזיקע אין קולטור־היסטאָרישער הינזיכט זייער אינטערעסאַנט זאַמלבוך איז פאַרענדיקט אין 1470; צום ערשטן האָט עס פאַרעפנטלעכט אין 1903—4 אין „מקיצי נרדמים"־אויסגאַבע יעקב פריימאַן.

6 ליפּמאַן איז געווען אויך אַ צייט לאַנג רב אין ערפורט, קראָקע און אַנדערע שטעט (זע יהודה קויפמאַן „ר' יום־טוב ליפּמן", 1927, 15—16).

איינעם אַ משומד מיטן נאָמען פּעטער, וואָס האָט געמאַכט אַ בּילבּול אויף די יידן, אַז זיי האָבּן געלעסטערט דעם קריסטלעכן גלויבּן. ר׳ יום־טוב ליפּמאַן האָט אויפן געריכט גלענצנד באַוויזן די פאַלשקייט און אומבּאַ־גרינדעטקייט פון דער מסירה, דאָך האָט דער משפּט זיך פאַרענדיקט אויפן טראַגישסטן אופן: כ׳ אלול 1400 האָט מען 77 מיטגלידער פון דער קהילה דן געווען למיתה און אויפן אַנדערן טאָג האָט מען נאָך דריי טובי העיר אויפן שייטערהויפן פאַרבּרענט.

פילע שטעלן אין דעם „הנצחון" זאָגן עדות, אַז זיין פאַרפאַסער איז געווען גוט באַקאַנט מיט דעם עוואַנגעליום אין דער לאַטייניש־ער בּיבּל־איבּערזעצונג, און אַז ער פלעגט האָבּן אָפטע וויכּוחים מיט קריסט־לעכע גייסטלעכע און געלערנטע וועגן רעליגיעזע פראַגן („הנצחון", סימן 225, 260 אאז״וו).

מען דאַרף דערבּיי נעמען אין באַטראַכט, אַז גראָד אין יענער צייט, אין אָנהייב XVטן יאָרהונדערט, האָבּן אין די קריסטלעכע געלערנטע קרייזן פון אַלט־פּראָג די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט אַרויסגערופן די אידעען פון דעם גייסטרייכן ענגלישן רעפאָרם־פּרעדיקער וויקלעף. זיינע אָנהענגער און קעגנער פלעגן פירן היציקע וויכּוחים אין די זאַלן פון דעם פּראָגער אוני־ווערסיטעט, וווּ עס האָט דעמאָלט אָנגעפאַנגען זיין עפּאָכע־מאַכנדיקע טע־טיקייט דער בּאַרימטער יאַן הוס. אָט די רעליגיעזע יווירונג אין דער קריסט־לעכער געזעלשאַפט, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורכן געפיל פון אומ־צופרידנקייט מיט דער קירך און אירע אָפיציעלע פאַרטרעטער — האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויך אין דער יידישער סביבה. פילע האָבּן אין דעם געוואָלט זעען אַן „אתחלתא דגאולה", און געהאָפט, אַז דאָס וועט בּרענגען צום חורבּן פון דעם קריסטלעכן גלויבּן און צום ניצחון פון דער יידישער אמונה. אַ קריסטלעכע כראָניק פון יענער צייט בּאַקלאָגט זיך דערויף, וואָס „אַלע קריסטן און יידן, סיי פון העבּרעין שטאַנד, סיי פון פּשוטן פאָלק גייען איבּער אויפן צד פון די הוסיטן, און קיין שום שׂררה איז דערפאַר ניט אימשטאַנד די הוסיטן צו בּאַצווינגען". אין יאָר 1419 ווערט בּיים טעאָלאָגישן פאַקולטעט פונם ווינער אוניווערסיטעט אַרומגע־רעדט די פּראַגע וועגן דעם „בּונד פון די יידן מיט די הוסיטן און די וואַלדענזער"[1].

---

[1] מיר ציטירן לויט שיפּער, „די יידישע וועלט", 1928, I, 5—124; זע אויך שיפּערס „קולטורגעשיכטע", 67—69.

אַז דאָס איז ניט בלויז אַ בילבול מצד די קאַטוילישע קלעריקאַלע קרייזן אויף די זיי פאַרהאַסטע יידן זאָגט עדות דער היסטאָריש באַקאַנטער פאַקט, אַז אין די רעליגיעזע וויכוחים מיט די פּראַגער טעאָלאָגן פלעגט זיך אָפט באַטייליקן דער מקובל און פּייטן ר׳ אביגדור בן הקדוש ר׳ יצחק קאַרא, וואָס האָט זיך קונה־שם געווען מיט זיין סליחה „את כל התלאה״, אין וועלכער ער באַקלאָגט די גרויסע שחיטה אין פּראָג פון 1389. אים האָט די הוסיטן־באַוועגונג נעבראַכט אין אַזאַ התפעלות, אַז ער האָט זיין פּיוט וועגן גאָטס אייניקייט „אחד יחיד ומיוחד אל״ איבערגעזעצט אין דייטש און די הוסיטן פלעגן דאָס דאָזיקע ליד זינגען איןביידע שפּראַכן. באַזונדערס אַנטציקט האָט זיי דער פערז:

יודע, מוכאַמעדאַנער אונד אויך קריסט,
ערקעננע, דאַס גאָט אונקערפּערליך איסט [1]

אַדאַנק אָט דער פריינדשאַפט פון ר׳ אביגדור מיט די הוסיטן איז אַפילו אין דער יידישער סביבה געשאַפן געוואָרן אַ לעגענדע, אַז די גאַנצע הוסיטישע באַוועגונג איז געבוירן געוואָרן אונטער דער השפּעה פון דעם יידישן פּייטן אביגדור קאַרא [2].

אָט טאַקע צו יענער צייט [3] האָט אביגדורס תלמיד און חבר יום־

---

[1] יְהוּדִי, נוֹצְרִי, עֲרָבִי בִּינָה
לֹא נִרְאֵית לָאֵל כָּל תְּמוּנָה.

אין „ס׳ שירים זמירות ותשבחות״, ווו אביגדורס פּיוט איז אָפּגעדרוקט, פעלט דער דאָזיקער פערז.

[2] אַ פּאַרפאַסער פונם 15־טן י״ה דערציילט: „בימי מהר״י סג״ל ע״ה נתגלגל מעשה גדול על ידי מה״ר אביגדור קרא ע״ה שהיה מיושב בעיר פראגא שהיא עיר המלוכה במדינת פיהם. והוא היה נושא חן בעיני המלך ותקדים אותו אליו עד שלמד עמו כל כך שירע והורה אותו המלך שאמונת אותו האיש שוא ומדוחים. ויהי כשמת המלך עמד גלח אחד והיה שמו הוש גם בימי אביגדור הנז׳ והיה מושך אליו כל בני העיר ההיא והודיעם היחוד האמיתי והיו מחריבים את כל בית תרפותם ושרפו את פסיליהם באש והיו מייסרים הגלחים והכומרים בכמה מיני יסורין ונאספו אליהם רוב בני אותה מדינה ונתנו את לבם להפר אמונת אותו האיש״ (פאַרעפנטלעכט דורך ש. ד. לוצאַטו אין פּאָלאַקס „הליכות קדם״, 79—80. זע אויך: „אגרות שד״ל״, 866, און „עמק הבכא״, 75, אויסגאַבע 1852).

[3] אַז דער „הנצחון״ איז פאַרפאַסט געוואָרן פאַר 1410, זעט מען אויס דעם סימ׳ 335, ווו דער פאַרפאַסער ווייזט אָן, ווי פילע „מחשבי קצין״ פון זיין צייט פאַרזיכערן, אַז אין יאָר 1410 וועט קומען די גאולה.

טוב ליפמאַן זיין ווערק פאַרפאַסט [1], בכדי צו געבן זיינע ברידער דאָס נייטיקע געווער אין די הענט, יענע זאָלן וויסן, ווי אַזוי צו שיצן אין רע־ליגיעזע וויכּוחים די יסודות פון דער יידישער אמונה און מיט ערפאָלג אָפּווענדן די פּאָלעמישע אָנפאַלן פון די קעגנער. און ליפּמאַן גופא איז געווען אַ געשיקטער פּאָלעמיקער. ער זאַמלט צונויף אַט די אַלע פּסוקים און שטעלן אויס דעם תנ"ך, וועלכע די קריסטלעכע טעאָלאָגן פלייסן זיך איינצוהילן אין אַ קריסטלעכן לבוש און ווילן אין זיי זען דעם אייזערנעם באַווייז, אַז נאָר זייער אמונה איז טאַקע די איינציקע אמתע. און דער בעל ,,הנצחון" צעשטערט אומבאַרעמהאַרציק זייער גאַנצן בנין. מיט גרויס חריפות באַווייזט ער טריט ביי טריט, ווי אומבאַגרינדעט און אומ־באַהאָלפן זיינען אַלע זייערע פירושים און פשטלעך. די קריסטלעכע טעאָלאָגן האָבן טאַקע אינם בעל ,,הנצחון" דערזען זייער געפערלעכן קעגנער, זיי האָבן זיין ווערק אין לאַטיין איבערגעזעצט און דורות־לאַנג האָבן זיי אַרויסגעשטעלט זייערע בעסטע קעמפער, יענע זאָלן צעשטערן די טענות פונם פּראַגער רב און אָפּטעמפּן די שפּיצן פון זיינע פיין גע־שליפענע פּאָלעמישע פיילן [2].

עס איז אָבער כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער שווערער צייט, אַז אַט דער קונציקער פּאָלעמיקער, וואָס ביי אים פילט זיך אין זיין קאַמף קעגן קריסטנטום אַ געוויסער ראַציאָנאַליסטישער הויך — איז אויך גע־ווען אַ פאַרברענטער מיסטיקער. ער שרייבט אַ ספּעציעל ווערק וועגן די סודות, וואָס זיינען באַהאַלטן אין די אותיות פונם אַלף־בית [3], רעכנט דאָרט אויס דעם ,,קץ" און פאַרזיכערט, אַז משיח וועט קומען ניט שפּע־טער פון שנת ,,נקם לפ"ק" (1330), ווען עס וועט גענומען ווערן נקמה פאַר דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט פון די אַלע קדושים, וואָס האָבן זיך מוסר־נפש געווען על קידוש־השם. ער שרייבט אַ פירוש אויף מעשה־בראשית און מעשה־מרכבה [4], ווו ער דערווייזט, אַז דערגרייכן די העב־

---

1 דער „הנצחון" באַשטייט אויס 354 סימנים „נאָך דער צאָל פון די טעג אינם יאָר", לויט אַ דערקלערונג פונם פאַרפאַסער גופא („כל סימני הספר הנצחון הזה שנ"ד כמנין שנת הלבנה אשר ישראל מונין אחריה").

2 קעגן ליפמאַנס ווערק זיינען דערשינען: ,,Triumphator vapulans sive exfulatio", ,,Anti Lipmaniana", ,,Nizzachon", ,,Disputatio contra Lipmanni און פילע אַנדערע. מער באריכות וועגן דעם פרט זע יהודה קויפמאַנס „הרב יום־טוב ליפמאַן", 90—109.

3 „ספר אלפא ביתא" געדרוקט אין סוף ספר „ברוך שאמר" (שקלאָווער אויס־גאַבע, 1804, דף 17—52).

4 „ספר האשכול", צום ערשטן פאַרעפנטלעכט דורך יהודה קויפמאַן אין 1927,

סטע מדרגה און אַריינדרינגען אין די טיפסטע סודות קאָן מען נאָר דורך חכמת הקבלה, און ער איז אַפילו פעסט איבערצייגט, אַז אויך דער רמב"ם איז געווען אַ איבערצייגטער מקובל [1].

דער יידישער קיבוץ אין שפּאַניע האָט בערך ווייניק געליטן אין די שרעק־יאָרן פון דער „שוואַרצער מגפה", נאָר דער גרויסער חורבן, וואָס ס'האָט געטראָפן די דייטשע און פראַנצויזישע יידן, האָט שטאַרק געווירקט אויף די גייסטיקע שטימונגען פון די יידן אין צפון־שפּאַניע. דער וויכטיקסטער צענטער פונם יידישן פרייען געדאַנק — די פּראָוואַנס, האָט איבערגעלעבט אַלע שרעקן פון די בלוטיקע „גזירות". צוזאַמען מיטן עקאָנאָמישן חורבן איז אויך דאָס קולטורעלע שאַפן שטאַרק געפאַלן [2], און אַפילו אין קאַסטיליע האָט אַלץ בולטער זיך געלאָזט פילן דער איינזייטיקער גייסט פון אָפּגעזונדערטקייט, וואָס ס'האָט געבראַכט מיט זיך אויס דייטשלאַנד דער באַרימטער תלמודיסט ר' אשר בר יחיאל. דער חרם פונם רשב"א איז געבליבן אין זיין פולער קראַפט, און אויך אין שפּאַניע האָבן שוין פילע געהאַלטן פאַר געפערלעך צו פאַרנעמען זיך מיט פילאָזאָפיע און נאַטורוויסנשאַפטן, ווייל דאָס קאָן ברענגען צו אַפּיקורסות. אַ אויסנאַם איז געמאַכט געוואָרן פאַר מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע, ווייל זיי זיינען דאָך ענג פאַרבונדן מיט „חידוש החודש" און קאַלענדער־רעכענונגען [3]. און טאַקע אויף דעם געביט האָט דעם ראַ"ש אַ תלמיד געשאַפן דאָס איינציקע אמת וויסנשאַפטלעכע בוך, וואָס דאָס שפּאַנישע יידנטום האָט געגעבן אין משך פון דער ערשטער העלפט פון פערצנטן יאָרהונדערט. דאָס דאָזיקע ווערק איז יצחק בן יוסף הישראלים „יסוד עולם" [4], וואָס ס'איז ביז דער גייסטער צייט געווען אַזוי פּאָפּו־

---

[1] „ספר האשכול", 165: „הרי נתבאר שהרב ז"ל מודה לחכמת „הקבלה". ווי עס שיינט איז ליפּמאַן געווען אויך באַקאַנט מיט גבירולס „מקור חיים" (געוויס דורך פאַלקירה „ליקוטים"), זע „האשכול", 128: „דע שחכמינו ז"ל הוכיחו דאי אפשר לחומר וצורה להיות זה בלא זה".

[2] אַ טרויעריק בילד פון קולטורעלער ירידה אין דער פּראָוואַנס אינם סוף פון XIV-טן יאָרהונדערט גיט דער אַרצט לעאָן יוסף אין זיין פאָררעדע צו דער איבערזעצונג פון געראַרד דשולאַס מעדיציניש ווערק, זע ביילאַגע נומ' 7.

[3] אַפילו אבא מארי און זיינע אָנהענגער האָבן אין סאַמע ברען פון זייער מלחמה קעגן די ראַציאָנאַליסטן געהאַלטן פאַר נייטיק אונטערצושטרייכן די גרויסע נוצלעכקייט פון אַזעלכע וויסנשאַפטן, ווי מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע (זע שמעון בן יוספס בריוו אין צונץ „יובלשריפט", 165: „המלמדים הגיון מספר תשבורת ותכונה... חכמות אלו צריכות לתורה לתלמוד ולמשנה").

[4] די בעסטע וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבע פון דעם דאָזיקן ווערק איז דערשינען אין בערלין אין 1846—8.

לער און באַליבט. ישראלי איז געווען דער ערשטער צווישן די אייראָפּעאישע געלערנטע אין מיטלאַלטער, וואָס האָט אָנגעוויזן, ווי אַזוי מען דאַרף אויסרעכענען די לאַגע פון דער לבנה בנוגע צו יעדן ערדפּונקט באַזונדער[1], און ערשט דער באַרימטער קעפּלער האָט פאַרשטאַנען, ווי געהעריק אָפּצושאַצן די וויכטיקייט פון דעם דאָזיקן כלל.

א בן־דור פון ישראלי איז געווען אַ צווייטער יידישער אַסטראָנאָם און מאַטעמאַטיקער, עמנואל בן יעקב באָנפיס אויס טאַראַסקאָן, וואָס זיין אַסטראָנאָמיש הויפּטווערק „שש כנפים" האָט געשפּילט אַזאַ באַדייטנדיקע קולטורעלע ראָלע אין אַלטן מאָסקאָווישן רוסלאַנד. אין יאָר 1406 איז דערשינען אַ לאַטייניש איבערזעצונג פון „שש כנפים", פון לאַטייניש איז באָנפיסעס ווערק איבערגעזעצט געוואָרן אויף רוסיש, און דער „שעסטאָקריל" איז געוואָרן די וויכטיקסטע קוועלע, פון וועלכער דאָס מאָסקאָווישע רוסלאַנד האָט דורות־לאַנג געשעפּט אירע אַסטראָנאָמישע און מאַטעמאַטישע ידיעות[2].

דער „יסוד עולם" און „שש כנפים" זיינען ביידע פאַרבונדן מיט פּראָבלעמען, וואָס זיינען נוגע דעם יידישן ריטואַל („הלכות קידוש החודש" און „קביעת המועדים"); רעליגיעזע אינטערעסן האָט אויך באַצוועקט אַן אַנדער וויכטיק וויסנשאַפטלעך ווערק פון יענער צייט — דער „כפתור ופרח" פון אישתורי בן משה הפרחי. דער פאָטער זיינער איז

---

1 אין דער אַסטראָנאָמיע הייסט דאָס „דער פּאַראַללאַקס" פון דער באַטרעפנדיקער פּלאַנעט.

2 אויף דער עלטער האָט עמנואל בן יעקב איבערגעזעצט אויף העברעיש דעם באַרימטן „אלכסנדר־מוקדן־ראָמאַן". וואָס איז אין מיטלאַלטער געווען פאַררעכנט פאַר אַ קדמוניש ווערק, און אַלס זיין פאַרפאַסער האָט געגאָלטן דעם גרויסן אַריסטוס תלמיד קאַליסטען. דעם „תולדות אלכסנדר" האָט דער בעל „שש כנפים" איבערגעזעצט פון דעם לאַטיינישן נוסח — דעם פּראָטאָפּרעסוויטערס לעאָ „Historia de Praeliss". אין דער הקדמה צו דער איבערזעצונג דערקלערט דער עמנואל בן יעקב: „איך האָב מיר פאָרגענומען איבערצוזעצן דאָס דאָזיקע ווערק, וואָס איז אַזוי באַליבט ביי די קריסטן, אַז זיי האָבן עס אויסגעצירט מיט שיינע פּילפאַרביקע בילדער, געפּאַסט אין גאָלד און אין זילבער. דאָס רוב לעזער גלויבט אין אַלץ, וואָס דאָרט איז באַשריבן, איך בין אַפילו פון אַנדער מיינונג; יעדנפאַלס איז דאָס אַ נוצלעך ווערק און עס פאַרדינט אַוודאי, מע זאָל עס איבערזעצן. זאָלן אָבער די לעזער נים מיינען, אַז איך טו עס אויס גדלות אָדער בכדי דערמיט קונה־שם צו זיין — איך טו עס בלויז אויס פאַרגעניגן; איך טראַכט ביי מיר: ווען עס וועט מיר אויסקומען צו זיצן אין אַן אָנגעזעענער געזעלשאַפט אָדער אַפילו צווישן פּשוטע עמי־הארצים — וועל איך זיי דערציילן די געשעכענישן פון דעם דאָזיקן ספר, און גרויס וועט זיין זייער פאַרגעניגן, זיסער פון האָניק וועלן פאַר זיי זיין זיינע רייד (זע: Les ecriv. etc, ,692–699; Revue d. etudes juives, VI, 729).

געווען אַ שפּאַניער פון געבורט אויס דער שטאָט פלאָרענץ [1], נאָר אישתורי גופא איז, ווי עס שיינט, געבוירן געוואָרן אין דער פּראָוואַנס, ווייל ער רופט די דאָזיקע מדינה „ארץ מולדתי'' — מיין געבורטסלאַנד [2]. אישתורי האָט באַקומען אַ אַלזייטיקע דערציִונג; חכמת היהדות האָט ער געלערנט ביי זיין זיידן נתן אויס טראַנקעטיל, דערנאָך ביים „קדוש'' אלעזר אויס שינון און אויך ביים רא"ש, בעת יענער האָט געוווינט אין מאָנפּעליע. אַלגעמיינע וויסנשאַפטן און אויך אַראַביש און לאַטיין האָט ער געלערנט אין מאָנפּעליע ביי זיין קרוב, דעם באַקאַנטן אַסטראָנאָם יעקב בן מכיר. נאָכן גירוש פון 1306, האָט פרחי אַ קורצע צייט פאַרבראַכט אין פּערפּיניאַן און דערנאָך געלעבט זיבן יאָר אין באַרצעלאָנע, וווּ ער האָט איבערגעזעצט פון לאַטיין אויף העברעיִש פילע מעדיצינישע ווערק, צווישן זיי אויך דאָס אין יענער צייט זייער באַוווּסטע האַנטבוך „De remedii'' פון אַרמענגהאַד בלעז [3]. אין 1312 נעמט פרחי ווידער דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט; ער פאַרברענגט אַ קורצע צייט אין קאַיִר, און פון דאָרט לאָזט ער זיך קיין פּאַלעסטינע. אין אַ האַרציקן טאָן דערציילט ער [4], ווי אַזוי ער, אָרעם און בלויז, איז געווען נע־ונד איבער פרעמדע לענדער צווישן אומבאַקאַנטע פעלקער ביז ס'איז אים סוף־כל־סוף געלונגען צו דערשלאָגן זיך צום הייליקן לאַנד פון די אָבות, וווּהין זיין האַרץ האָט אַזוי געגלוסט. גאַנצע זיבן יאָר וואַנדערט דער נע־ונדניק איבער דעם אַלטן חרובן לאַנד [5]; ער פאָרשט אויס יעדער ווינקעלע, פאַרנאָטירט אַלץ, וואָס קאָן האָבן אַ אינטערעס צו דער פאַרגאַנגענהייט פונם לאַנד, און אַלס צייטיקע פרוכט פון דער דאָזיקער פלייסיקער אַרבעט איז אַנטשטאַנען זיין באַרימט ווערק „כפתור ופרח'', וואָס ער האָט פאַרענדיקט אין 1322 אין בייזאַן (דאָס אַלטע בית־שאון) [6].

---

1 פונם וואָרט Flora נעמט זיך דער העברעיִשער נאָמען פרחי.

2 דאָס יאָר, ווען ער איז געבאָרן געוואָרן, איז ניט באַקאַנט. מע איז זיך משער, אַז ער איז געבאָרן אינמיטן די אַכציקער יאָרן פונם דרייצנטן יאָרהונדערט.

3 מער באריכות וועגן פרחים איבערזעצונגען זע: שטיינשניידער, העבר. איבערז. 778 און 835; Les ecrivains juifs français, 405–9.

4 אין דער פאָררעדע צו „כפתור ופרח".

5 „כפתור ופרח", 46 עמ' ב': „הן הייתי כשני שנים בגליל דורש וחוקר ועוד חמש שנים בשאר ארצות השבטים לא מנעתי עצמי שעה אחת מרגל את הארץ ברוך העוזר" (מיר ציטירן נאָך איידעלמאַנס אויסגאַבע).

6 דער „כפתור ופרח" איז צום ערשטן געווען געדרוקט אין ווענעדיג אין 1549, נאָך דעם איינציקן זייער פאַרגרייזטן כתב־יד, וואָס איז דערגאַנגען צו אונדז; איבערגעדרוקט דורך איידעלמאַן אין בערלין אין 1852, און דורך לונץ אין ירושלים אין 1897 אין אַן אויסגעבעסערטער פאָרם. אין 1912 האָט ל. גרינהוט אַרויסגעגעבן דעם אויסגעבעסערטן טעקסט מיט אַ דייטשער איבערזעצונג.

פרחים ווערק איז אַ אמתער אוצר פאַר פּאַלעסטינע־פאָרשונג. ער גיט די וויכטיקסטע ידיעות וועגן דער פלאָרע פונם לאַנד, וועגן מאָסן און געוויכטן, וועגן אַרטיקע מטבעות אויס די פאַרשיידנסטע ציטן און וועגן אַלע אַנדערע פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו אַרכעאָלאָגיע. פילע אינ־טערעסאַנטע ידיעות גיט אויך דער „כפתור ופרח״ וועגן אָרטיקער כראָ־נאָלאָגיע, וועגן פאַרשיידענע סעקטעס אין פּאַלעסטינע אאַז״וו.

אויף אַלע אַנדערע געביטן פון ליטעראַטור און וויסן האָבן זיך אַלץ בולטער באַוויזן די סימנים פון ירידה. דער קוואַל פון העברעישער פּאָעזיע איז אינגאַנצן איינגעטריקנט געוואָרן אין קאַסטילישן לאַנד. דאָרט, ווו ס׳האָט אַמאָל יהודה הלוי ליד געקלונגען, האָבן איצט פאַר־נומען דעם בכבודיקסטן אָרט אַזוינע ווייניק באַגאַבטע פערזנשרייבער, ווי שם־טוב בן יצחק אַרדוטיל, וואָס איז אין 1345 אַרויסגעטראָטן מיט זיין פאַרבלאָזער מאַקאַמע „דער וויכוח צווישן דער פען און דער שער״ [1].

אַפילו אויפן געביט פון תלמודישן וויסן האָבן זיך ניט באַוויזן קיין נייע שעפערישע קרעפטן, בלויז פשוטע זאַמלער, וואָס זייער איינציקע אויפגאַבע איז געווען צו ברענגען אין אַ סדר, סיסטעמאַטיזירן דעם רי־זיקן מאַטעריאַל, וואָס ס׳האָט זיך אָנגעזאַמלט אין דעם משך פון די פרי־ערדיקע דורות. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, ווי אַזוי זינט דער אויס דייטשלאַנד אַנטלאָפענער ר׳ אשר בר יחיאל (רא״ש) האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן פון רב הכולל אין דער גרעסטער קאַסטילישער קהילה, האָט זיך אין דעם ספרדישן יידישן קיבוץ אַלץבולטער אָנגעהויבן צו שפּירן די השפּעה פון „נוסח אשכנז״ — פון דעם דייטש־פראַנצויזישן יידנטום. דאָס האָט זיך באַלד באַמערקבאַר געמאַכט אַפילו אין דער „פּוסקים״־ליטעראַטור, אין די זאַמלביכער פון רעליגיעזע דינים און מצוות. מיר האָבן געזעען, אַז דעם רמב״מס „משנה־תורה״ האָט שוין בשעתו ניט אינגאַנצן באַפרידיקט די דייטש־פראַנצויזישע יידן. אין פראַנקרייך איז באַלד אַרויסגעטראָטן משה מקוצי מיט זיין „סמ״ג״, וואָס איז לויט זיין מיינונג געווען מער צוגעפּאַסט צו די מנהגים און לעבנס־שמייגער פונם פראַנצויזישן יידנטום. אין דייטשלאַנד זיינען שטאַרק אָנגענומען גע־וואָרן דער „אור זרוע״ און דער „מרדכי״. אין פערצנטן יאָרהונדערט אָבער האָט דער „משנה תורה״ שוין ניט געקאָנט אינגאַנצן באַפרידיקן אַפילו די ספרדישע קהילות. מיימוני, וואָס האָט געהאַט אַ זייער קנאַפּן חוש פאַר דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג, איז געווען אַזוי פעסט זיכער, אַז ער האָט מיט זיין „משנה תורה״ געשאַפן אַ זאַמלבוך פאַר אַלע ציטן,

1 פאַרעפנטלעכט אין „דברי חכמים״, 47—55.

און מיט שטאָלץ האָט ער אַרויסגעזאָגט זײַן שטאַרקן בטחון, אַז זײַן ווערק וועט „בלי־ספק אָנגענומען ווערן פון גאַנצן ייִדישן פאָלק און עס וועט זיך באַנוצן נאָר מיט אים און ניט מיט קיין שום אַנדער ספר" [1]. די געשיכטע האָט אָבער באַוויזן, אַז דער רמב"ם האָט אַ טעות געהאַט. אינם לעבנסשטייגער און אין דער אידעען־וועלט פון דעם שפּאַ־ניש־ייִדישן קיבוץ זײַנען אין די שפּעטערע דורות פאָרגעקומען גרויסע שינויים. די תּלמודישע וויסנשאַפט אין שפּאַניע האָבן שטאַרק אַנטוויקלט אַזוינע גאוני התורה, ווי דער רמב"ן, דער רשב"א און דער רא"ש. זיי מיט זייערע חריפישע חידושים, חילוקים און שו"ת, אין וועלכע ס'האָט זיך געשפּירט די שטאַרקע השפּעה פון די דײַטש־פראַנצויזישע „בעלי התוספות", האָבן אויף אַזוי פיל באַרײַכערט די רבנישע ליטעראַטור, אַז עס איז נייטיק געוואָרן אַ נײַער קאָדעקס, אַ „כל־בו" פון ייִדישע דינים און געזעצן, וואָס זאָל געהעריק אויסנוצן דעם דאָזיקן נײַעם געוואַלטיקן מאַטעריאַל. אָט די ראָלע פון דעם נײַעם פּוסק האָט גלענצנד דערפילט דעם רא"שס זון, ר' יעקב. אין די דרײַסיקער יאָרן פונם XIV יאָרהונדערט איז דערשינען זײַן פיר־בענדיקער „טורים", וואָס האָט געהאַט אַזאַ גרויסע השפּעה אויף דער גאַנצער שפּעטערדיקער רבנישע ליטעראַטור.

ר' יעקב „בעל הטורים" איז ניט געווען קיין גאון התורה, קיין גרויסער חריף און „עוקר הרים" ווי זײַן באַרימטער פאָטער; ער האָט אָבער גע־האַט אַ באַדײַטנדיקן טאַלאַנט פון אַ אויסגעצייכנטן סיסטעמאַטיקער, און אַדאַנק דעם האָט ער זוכה געווען צו ווערן אַ גדול בישראל, זײַן ווערק זאָל פאַרנעמען איינע פון די בכבודיקסטע ערטער צווישן די מיטלאַלטער־לעכע „פּוסקים". יעקב דער בן הרא"ש האָט אויסגעשלאָסן פון זײַן זאַמל־ווערק די אַלע דינים און מצוות, וואָס זיי האָבן צו זײַן צײַט שוין ניט געהאַט קיין פּראַקטישן ווערט, דערפאַר אָבער האָט ער געשענקט די גרעס־טע אויפמערקזאַמקייט די פילע מנהגים, וואָס זײַנען געווען באַזונדערס אָנגענומען אין די דײַטשע קהילות. דעם גאַנצן ריזיקן מאַטעריאַל האָט ער איינגעטיילט אין פיר טייל: 1) טור אורח חיים — די הנהגות פונם מענטשן פון אינדערפרי ביז צום שלאָפן גיין, דאַן אַלע דינים און מנהגים פון שבת, ראש־חודש און ימים־טובים; 2) טור יורה דעה — דיני שחיטות וטריפות און דיני איסור והיתר; 3) טור אבן העזר — וועגן פאַמיליען־רעכט, די דיני אישות, קידושין, גיטין און חליצה; 4) טור חושן־משפט — וועגן בירגערלעכן רעכט, דינים בין איש לחבירו און

---

1 זע אונזער חערק ב' ז, ז' 196.

צווישן יחיד און קהל. אדאנק זיין קלאָרער פאַרשטענדלעכער שפּראַך און אויסגעצייכנטן סדר, וואָס לויט אים איז דער גרויסער מאַטעריאַל איינגעטיילט, איז דער „טורים" באַלד געוואָרן שטאַרק אָנגענומען בכל תפוצות ישראל [1]; ער האָט מיט דער צייט פאַרדרענגט אַלע אַנדערע רעליגיעזע זאַמלווערק, וואָס זיינען דערשינען פאַר אים, און ער איז אויך געוואָרן דער גרונדשטיין, אויף וועלכן דער „שלחן־ערוך" מיט אַלע זיינע „נושאי כלים" זיינען אויפגעבויט געוואָרן [2].

די ניכטער־טרוקענע זאַמלונג פון דינים און געבאָטן האָט אָבער ניט אַלעמען געקאָנט באַפרידיקן. דער בעל „הטורים" איז אַפילו געווען מיסטיש געשטימט, און ברענגט אָפט ראיות פון דער קבלה [3], נאָר בכלל איז זיין סטיל בלאַס און איינטאָניק, אָן אַ פונק פון התלהבות און פאַטעטישן פּאַטאָס. דער בעל „הטורים" האָט ניט געהאַט דעם כשרון פון אַ פּייערדיקן פּרעדיקער, ווי משה מקוצי בשעתו, וואָס האָט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי די דינים און מצוות איינצוהילן אין אַ לבוש פון האַרציקן מוסר און הייסער באַגייסטערונג. און דאָס, וואָס ס'האָט געפעלט דעם פּלייסיקן פּסקי און זאַמלער ר׳ יעקב בן אשר, מיט דעם איז געווען אין פולער מאָס באַשאָנקען זיין בן־דור, דעם רשב״אס אַ תלמיד, דער מיסטיקער און טאַלענטפולער פּרעדיקער אויס סאַראַגאָסאַ, ר׳ בחיי בן אשר.

בחיי בן אשר האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו שרייבן „אַ ווערק, וואָס זאָל דערקוויקן די פון שווערן גלות און גרויסע צרות פאַרמאַטערטע הערצער. פון גרויסע ליידן זיינען די מוחות דערשלאָגן און זיינען ניט אימשטאַנד זיך רויק פאַרטיפן אין דעם ים התלמוד, אויספאָרשן זיינע רייד, וואָס זיינען טייערער פון גאָלד און פון פּערל, בכדי קלאָר צו ווערן אין אַלע מצוות און דינים. זייער נשמה לעכצט נאָך די דערפרישנדיקע קוואַלן פון דרשות און הגדות" [4].

---

[1] דער „טורים" איז געווען דאָס ערשטע יידישע ווערק, וואָס ס'האָט דעם דרוק־וואַרשטאַט דערזען (אין פּיעווע־די־סאַקו, 1473).

[2] מער באַריכות וועגן די „ארבעה טורים" זע: וויס, „דור דור ודורשיו", V, 115—120.

[3] זע, למשל, אין טור אורח חיים סימ׳ 6, 35, 51, 113, 115, 120, 121 א״אַ.

[4] אין דער הקדמה צום „כד הקמח": „זה ספר דור דורשיו יגיעי כוח, יעפי הגלות והצרות ימצאו בו מנוח; כי על אודות התלאות יתבלבלו הרעיונים, ויסתתמו הלבבות ויתמעטו המבינים, בהיותם במוקשים לצוד את רגלם, יכבד עליהם עולם, כי יעמדו במיצר עולם, יצר ויקצר שכלם, להתבונן ולעלות בסולם מגבוה ייראו מעלות על הרי התלמוד החמוד מזהב ורב פנינים, אשר יסודי הדת עליו נשענים בביאור המצות והתר הדינים ובארץ נחלי דרשות והגדות ימצאו נחל עיונים ומנוחות שאננים".

צו דעם צוועק האָט ער זיין ווערק „כד הקמח" געשריבן. אין זעכ־ציק קאַפּיטלעך באַטראַכט בחיי בן אשר לויטן אלף־בית נאָך זעכציק וויכטיקסטע געבאָטן און כּללים, וואָס דער מענטש האָט נייטיק אין זיין לעבנס־וועג, דעם וועג פון מוסר און גערעכטיקייט. אמונה און ליבע צו גאָט דעם באַשעפער, בטחון אין דער געטלעכער השגחה און זיינע וווּנ־דערבאַרע דרכים, די שיינקייט פון תפילה און בית־הכּנסת, די גרויס־קייט פון „הכנעה" און „טהרת הלב" און דאָס נישטיקייט פון גאווה און חניפה, וועגן ואהבת לרעך כּמוך, וועגן כּיבוד אב ואם, וועגן שלום און תשובה, צדקה און מעשים־טובים, וועגן דער מתיקות פון דער האָ־פענונג אויף גאולה און וועגן דער פראַכטפולער הייליקייט פון שבת — וועגן צו רעדט בחיי בן אשר מיט דער פילפאַרביקער שפּראַך פון א באַ־גייסטערטן פּרעדיקער, באַצירט מיט האַרציקע משלים און דברי מוסר, גענומען אויס דער אגדה און מדרשים.

נאָך בולטער באַווייזן זיך אַלע אייגנאַרטן פון בחיים סטיל אין זיין באַקאַנטן פּירוש אויף תורה. אדאַנק דעם דאָזיקן פּירוש איז דער בעל „כד הקמח" געוואָרן איינע פון די פּאָפּולערסטע פּערזענלעכקייטן ביים פאָלק. „דער רבנו בחיי זאָגט" — באַגעגענען מיר כּמעט אויף יעדן בלאַט פון דער „ווייבערשער תורה", דעם „צאינה־וראינה". און דער פּשוטער לעזער האָט בתמימות געמיינט, אַז אָט דער אין „צאינה וראינה" אזוי אָפט ציטירטער מפרש איז דער רבנו בחיי, וואָס האָט פאַרפאַסט דעם באַליבטן מוסר־ספר „חובת הלבבות". אויף אַזא אופן זיינען די צוויי פאַרפאַסער, וואָס האָבן געלעבט אין פאַרשיידענע תקופות, פאַראייניקט געוואָרן אין דער פאָלקס־מסורה אין איין פּערזאָן — דער ליבער „רבנו בחיי". עס זיינען גאַנצע לעגענדעס געשאַפן געוואָרן וועגן דער „הייליקיים" פון רבנו בחיים פּירוש: מיט ניסים ונפלאות האָט ער זיך פאַר דער וועלט אַנטפּלעקט...[1].

נים אומזיסט ווייזט אָן בחיי בן אָשר אין דער הקדמה צו זיין פּירוש, אַז פון אַלע מפרשים איז ביי אים אַם חשובסטן דער רמב"ן, און אים נעמט ער זיך פאַרן מוסטער. נאָך עפּעטער ווי דער רמב"ן ברענגט בחיי בן אשר ראיות פון דער קבלה און שטיצט זיך ביי זיינע דערקלע־רונגען אויף „חכמת הנסתר". דער רמב"ן האָט ניט געוואָלט, אַז די מיס־טישע סודות זאָלן אַנטפּלעקט ווערן פאַרן ווייניק צוגעגרייטן לעזער, האָט

---

1 די אגדה וועגן דער וווּנדערבאַרער „אַנטפּלעקונג" פון בחיים פּירוש ברענגט גירונדי אין זיין „תולדות גדול ישראל", 62.

ער זיי דערפאר איינגעהילט אין שווער פארשטענדלעכע רמזים. דער „רבנו בחיי" איז אָבער ארויסגעגאנגען פון דעם שטאנדפונקט, אַז עס איז שוין געקומען די צייט די סודות פון דער קבלה זאָלן נתגלה ווערן לעיני כל ישראל, איז ער זיי טאקע מסביר אין אַ קלאָרער, לייכט פארשטענדלעכער שפראך און פלעגט זיי צוזאמען מיט אגדות און משלים אויס פארשיי־דענע מדרשים. אין דעם דאָזיקן שטרעבן צו באקענען די ברייטע קרייזן מיט די אמתן פון דער „חכמת הנסתר" שפירט זיך דער גייסט פון יענער צייט. אין משך פון די עטלעכע צענדליקער יאָרן, וואָס טיילן אָפּ דעם רמב״ן פון בחיי בן אשר, האָט זיך אויף אזוי פיל פארשטארקט די השפעה פון דער קבלה, אַז אפילו פילע ראציאָנאליסטן און פאָרשטייער פונם ראדיקאלן פילאָזאָפישן געדאנק האָבן זיך אָנגעהויבן צו רעכענען מיט דער אידעען־וועלט פון דער „חכמת הנסתר". אפילו אזא איבערצייגטער ראציאָנאליסט, ווי משה נרבוני, רעדט מיט רעספּעקט וועגן די מקובלים פון זיין צייט (התורנים המקובלים היום מאנשי אומתנו), און אין זיין פירוש אויף „מורה נבוכים" פארטיידיקט ער די בעלי קבלה פארן רמב״מס שארפער קריטיק. ווי די ראציאָנאליסטן־אריסטאָטעליקער פלעגן פריער זיך פלייסן אָנטאָן די תלמודישע אגדות אין אַ פילאָזאָפישן לבוש, אזוי פּרוּווט נרבוני דאָס אייגענע איבערחזרן אויך מיט אזעלכע קבלה־ספרים, ווי „שיעור קומה" א״א [1]. אפילו דער רלב״ג אליין, נאָך דעם ווי ער האָט מיט זיינע אויגן צוגעזען דעם גרויסן גירוש פון די פראנצויזישע יידן, האָט מיט התלהבות אויסגערופן: „אשרי המחכה ויגיע" — גע־בענטשט איז דער, וואָס וואַרט אויף ביאת משיח און וועט זיך אויף אים דערוואַרטן! און טאקע אין זיין פירוש אויף „דניאל" רעכנט ער אויס דעם „קץ" און ווייזט אָן, אַז אין יאָר 1358 וועט קומען דער גואל...

פילע פון דעם רלב״גס יינגערע צייט־חברים, וואָס האָבן אַלע זיי־ערע קרעפטן אָפּגעגעבן פילאָזאָפישע און וויסנשאפטלעכע פאָרשונגען, האָבן זיך ניט געקענט באנוגענען ניט מיט דעם איינציקן ראציאָנאלי־סטישן אמת, ניט מיט אלבאלאגס „צווייאַרטיקן אמת". אייניקע פון זיי האָבן נאָך געפּרוּווט פאראייניקן דאָס אומפאראייניקבארע, צונויפּפּאָרען די קעגנגעזעצלעכע עלעמענטן: פילאָזאָפישן ראציאָנאליזם מיט אסטראָלאָגיע, מיסטיק וכדומה; אנדערע ווידער זיינען אַלץ מער נוטה געווען צו דעם געדאנק, אַז עס איז טאקע פאראַן נאָר איין איינציקער אמת — דאָס איז דער אמת פון התגלות, וואָס ברענט מיטן פייער פון התלהבות און איז

[1] זע נרבוניס מאמר, וועלכן שמחה פינסקער האָט פארעפנטלעכט אין „כוכבי יצחק", XXX, 25—33.

באשיינט מיטן מיסטישן ליכט פון ,,רזין דרזין" — פון דער הייליקער חכמת הקבלה.

אַ טיפּישער פאַרטרעטער פון דער ערשטער גרופּע איז געווען דער פילאָזאָפיש געבילדעטער דוד בן יום־טוב אבן בילאַ. דער דאָזיקער שריפט־שטעלער איז געווען טעטיק אויף די פאַרשיידנסטע געביטן פון וויסנ־שאַפט. ער האָט געשריבן אַ ווערק איבער לאָגיק (,,כללי ההגיון"), וועגן עטיק, וועגן דער קרובהשאַפט צווישן מעדיצין און אַסטראָלאָגיע (,,כלל קטן"); ער האָט אויך פאַרפאַסט אַ האַנטבוך וועגן מעטריק און איבער־געזעצט (אין 1338) אַ ספּעציעלע אַרבעט איבער די מעדיצינישע איינג־שאַפטן פון דער שלאַנגען־הויט (מאמר בסגולת עור הנחש). אבן בילאַ האָט זיך אויך באַטייליקט אין חכמת היהחות, געשריבן אַ פילאָזאָפיש־אַסטראָלאָגישן פּירוש אויף חומש ,,מאור עינים", ווו עס פילט זיך שטאַרק די השפּעה פון קבלה[1], און אין אַ ספּעציעלן מאמר ,,יסודות המשכיל"[2] באַהאַנדלט ער מיימונים ,,שלשה עשרה עיקרים", ניט דערביי צו זיינע אייגענע ,,שלשת עשרה יסודות המשכיל", און די אַלע 26 יסודות צוזאַמען, שטרייכט אונטער אבן בילאַ, באַטרעפן די זעלבע צאָל, ווי דער שם־המפורש און ווי דאָס צוויי מאָל איבערגעחזרטע וואָרט ,,אחד" [3].

אבן בילאַ פלייסט זיך דערביי אונטערצושטרייכן, אַז זיינע סברות האַלט ער פאַר נייטיק צו באַגרינדן ניט מיט ראיות פון די חכמי אומות העולם, נאָר פון ,,אונזער הייליקער תורה", ווייל די פילאָזאָפן גופא מוזן דאָך ערשט דערווייזן די ריכטיקייט פון זייערע געדאַנקען און הנחות דורך לאָגישע סברות און ראיות אוים דער פיזיק און נאַטור־דערשיינונגען, די תורה אָבער זי איז גובר די דאָזיקע געזעצן, און אַנטפּלעקט זיך דורך ניסים און וווּנדער [4].

אמת, אבן בילאַ בויט זיינע ,,יסודות" אויפן מאָראַלִיש הויכן גרונד־געדאַנק, אַז דער מענטש דאַרף ניט וואַרטן אויף אַ באַזונדערן שכר

---

[1] אבן בילאַס פּירוש ציטירט ווייער אַפּט שמואל אבן צרצה אין זיין „מקור חיים". אינטערעסאַנטע פּרטים ברענגט ש. זאַקש אין זיין „הפליט", 31—33.

[2] פאַרעפנטלעכט אין „דברי חכמים", 56 –60.

[3] „והיו היסודות ששה ועשרים כמנין השם הנכבד ויתקיים מקרא שכתוב ד' אחד ושמו אחד".

[4] „שתורתנו הקדושה היא למעלה מן הסברות הפילוסופיות וזה לפי שמן הידוע שהסברות הפילוסופיות הן לקוחות מטבע המציאות והפילוסופים לא יאמתו בשום דבר אלא בראיה או במופת אשר הקדמותיו תהיינה מכת המורגשות והמושכלות והמבחינות, ותורתנו הקדושה היא באה כנגד כל אלה ותעשה נסים.. עד יעידו על זה"

פאר זיינע גערעכטע מעשים — דאָס העכסטע געצאָלט איז דאָס באַ־וווסטזיין, אַז זיין טאָן געפינט זיך אין פולן הסכם מיט דעם, וואָס דאָס מאָראַלישע געפיל פאָדערט פון אים [1]. נאָר בכלל פילט זיך שוין אין אבן בילאַס ארבעט דער גייסט פון ירידה און אָפּגעשטאַנענעם עקלעקטיזם.

נאָך טיפּישער אין דעם פּרט איז אבן בילאַס אַ יינגערער בן־דור — דער ארצט מאיר בן יצחק אַלדַבִּי, דער פאַרפאַסער פון דעם פּאָפּולערן רעליגיעז־פילאָזאָפישן ווערק „שבילי אמונה". וועגן אלדבים לעבן ווייסן מיר בלויז די ווייניקע פּרטים, וואָס ווערן געבראַכט אין „שבילי אמונה". זיין מוטער איז געווען דעם ראַ"שס טאָכטער, און ער ציטירט אים זייער אָפט אין זיין ווערק אונטערן נאָמען „זיידע" [2]. געבוירן איז ער אין טאָ־לעדאָ, נאָר עפּעס אויס אַן אומבאַקאַנטער סיבה האָט ער געמוזט אַנט־לויפן פון דער געבורטסשטאָט, און איז געווען נע־ונד אין פרעמדע מדינות, ווו ער האָט געלעבט אין גרויס דחקות [3]. אין דער פרעמד האָט ער אין יאָר 1360 פאַרענדיקט זיין „שבילי אמונה", און זיינע לעצטע יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין ארץ־ישראל.

אין דער נייער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור ווערט אלדבי באַשול־דיקט אין פּלאַגיאַט [4]; ער האָט דאָס אָבער בכלל ניט פאַרדינט. אין מיטל־אַלטער האָט בכלל נאָך ניט עקסיסטירט קיין שאַרפע גרענעץ צווישן אַן אייגן, אָריגינעל ווערק און פּשוטער איבעראַרבעטונג און קאָמפּילאַציע. אין מיטלאַלטערלעכע וויסנשאַפטלעכע קרייזן האָט מען געהאַט גאַנץ אַנ־דערע באַגריפן וועגן פּלאַגיאַט און ליטעראַרישע גנבות, ווי אין היינטי־קער מאָדערנער צייט. אפילו ערשטקלאַסיקע שריפטשטעלער האָבן גע־האַלטן פאַר פּאַסיק אויסצונוצן און איבערשרייבן גאַנצע פּרקים פון פרעמדע ווערק, ניט דערמאָנענדיק דערביי אפילו דעם נאָמען פונם באַ־טרעפנדיקן פאַרפאַסער (ווי צום ביישפּיל אַלבערטוס מאַגנוס בנוגע צום „מורה נבוכים"). און ניט איין ווערק, וואָס האָט אין מיטלאַלטער שטאַרק קונה־שם געווען, איז אין תוך גענומען בלויז אַ קאָמפּילאַציע פון פרעמדע

---

[1] „כי שכר המצוה היא המצוה עצמה לא שתהא דבר אחד והשכר דבר אחר, כי שכר הידיעה באמתתו ית' היא הידיעה עצמה ושכר מעשה הצדקה היא הצדקה עצמה, כי בעשותו מעשה הצדקה עשה צדק לנפשו החכמה כי פרע לה חובה ומה שכר גדול מזה".

[2] זע „שבילי אמונה", נתיב 3, 7 און 11.

[3] „כי מרוב עוני צר ומצוק מצאוני ואבד מנוס ממני... כי מארצי הוציאני ואל ארץ נזרה הוליכני"...

[4] זע: גרעץ „יאהרביכער", II, 166—8; שטיינשניידער, העבר. איבערז., 16.

ווערק און דורך אַנדערע געלערנטע ארויסגעזאָגטע געדאַנקען. אָבער דווקא בנוגע צו אַלדבין קאָן קיינער קיין טעות ניט האָבן. שוין אין דער הקדמה דערקלערט אַלדבי אָפן, אַז זיין אויפגאַבע איז בלויז צו געבן אין אַ פּאָפּולערער פאָרם דעם תמצית פון די ווערק, וואָס זיינע פאָרגייער האָבן פאַרפאַסט. „איך — איז אַלדבי מודיע — האָב דאָס ניט אַליין אויסגעטראַכט און ניט מיט מיין אייגענעם שכל בין איך דערצו דערגאַנגען, נאָר אויס טייערע ביכער געזאַמלט, אויס פרעמדע שפּראַכן איבערגעזעצט און ביי גרויסע חכמים אָפּגעשריבן. איך וויל כּלל ניט אין פרעמדע קליידער שטאָלצירן, און האָב ניט בדעה קונה־שם צו זיין און ווערן אַ מפורסם דורך דעם דאָזיקן בוך". און גלייך נאָך דער הקדמה גייט אַן אַקראָסטיך[1] מיט פאָלגנדיקער דערקלערונג: בכדי ער זאָל עדות זאָגן „כּי אני חברתי הביאור הזה" — אַז דאָס האָב איך דעם דאָזיקן פ י ר ו ש געשריבן.

אַ „זאַמלער" אויס „פרעמדע ביכער", און אָפּשרייבער" ביי „גרויסע חכמים", איז טאַקע אַלדבי דער טיפּישער עקלעקטיקער. אים קומט אפילו ניט אויפן געדאַנק צונויפשמעלצן די פאַרשיידענע עלעמענטן אין איין גוס, ער מישט זיי פשוט צונויף אין אַ מעכאַניש געמיש, און האָט דערביי קיין שום באַגריף ניט, אַז דאָס איז ניט קיין איינהייטלעכער מאַטעריאַל, און אַז דאָ שמעקט מיט וועלכע ס'איז סתירות. אין דעם ערשטן קאַפּיטל*, ווו עס ווערט גערעדט וועגן דעם באַשעפער און זיינע אייגנשאַפטן, שטרייכט אַלדבי אונטער אינם גייסט פון מיימוני גאָטס איינציקייט, אומפאַרענדערלעכקייט און אַבסאָלוטע ריינקייט פון וועלכן־ס'איז מאַטעריעלן עלעמענט. דעם דאָזיקן געדאַנק באַגרינדעט אָבער אַלדבי אויף אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן אופן: מיט „צירופי אותיות", נוטריקון און כּל המיני גימטריאות. בעת אַלדבי באַהאַנדלט די פראַגע וועגן ניסים, וועגן השגחה און בחירה חפשית, ברענגט ער אַ געמיש פון די פאַרשיידנסטע דעות, און שטיצט זיך דערביי אויף אויטאָריטעטן מיט גאַנץ סותרדיקע אָנשוידונגען, ווי למשל אויפן רמב"ן פון איין זייט און אויף אַריסטון מיט מיימונין פון דער אַנדערער. דאָס אייגענע חזרט זיך איבער אויך ביי אַנדערע פּראָבלעמען, ווי, למשל, בנוגע צו שכר ועונש (קאַפּיטל 9), ווו אַלדבי מאַכט ניט קיין אונטערשייד צווישן די גראָב־מאַטעריעלע אָנשויונגען פונם פשוטן פאָלק וועגן גיהינום און גן־עדן און די מער אַבסטראַקטע באַגריפן פון מיימוני, הלל אויס וועראָנע א"אַ.

---

1 אַ ליד, אין וועלכן ס'איז אַריינגעפלאָכטן דער נאָמען פון פאַרפאַסער.

* אַלדבים ווערק איז איינגעטיילט אין צען „נתיבים" — שטעגן, און יעדער „נתיב" ווידער — אין „שבילים" — שטעשקעס.

אין די ערשטע זעקס קאפיטלען פון „שבילי אמונה״ זעען מיר פאר זיך יודם־כל דעם נאטורפארשער. אלדבי באקענט אין א פאפולערער פארם מיט פארשיידענע נאטור־דערשיינונגען, באשרייבט דעם גאנג פון די גלגלים און פלאנעטן, דערקלערט די געזעצן פון ליקוי־חמה און ליקוי לבנה, רעדט וועגן פיזיאלאגיע, פאטאלאגיע און היגיענע, און ווייזט דער־ביי ארויס זיין בקיאות אלס פראקטיצירנדיקער ארצט. אין זיבעטן קא־פיטל פארשווינדט מיט אמאל דער נאטורפארשער, און מיר זעען פאר זיך דעם פרומען ירא־שמים און גאטספארכטיקן בעל־מוסר. אינם הארציקן נוסח פונם רא״שס „צוואה״ און די דברי־מוסר פונם בעל „הרוקח״ לערנט אלדבי. ווי אזוי דער מענטש דארף דערפילן זיין העכסטן ציל — דינען זיין באשעפער (עבודת בוראו). מיט דריי זאכן, לערנט אלדבי, קאן מען געהעריק „גאט דינען״: מיט תפילה [1], מיט מצוות און — מיט עניוות און אונטערטעניקייט. „טו אוים דעם לבוש פון גאווה — לערנט דער בעל „שבילי אמונה״ — און וויקל זיך איין אינם מאנטל פון עניוות, וועט זיין ווויל צו דיין נשמה... למ״ה ולמ״ה זיי געפאלן ביי זיך, וואָרעם פארהאסט ביי גאט זיינען די מיט די שטאלצע הערצער... [2] זיי פון די, וואס ווערן פארשעמט און באשפעט, אבער ניט פון די, וואס שענדן און זיינען מבזה יענעם...״

דעם דאזיקן וויכן און אונטערטעניקן טאן פארלאזט אבער אלדבי גלייך אינם ווייטערדיקן, אכטן קאפיטל, ווו עס האנדלט זיך וועגן „תורה שבעל־פה שניתנה בסיני״. דער גרויסער נס פון „תורה מסיני״ — שטרייכט אלדבי אונטער — איז באשטעטיקט דורך דער הייליקער מסורה, וואס גייט איבער פון דור צו דור, און ער איז דער יסוד פון אונ־זער אמונה... אלדבי ווייסט אבער, אז אין זיין צייט זיינען פאראן פילע „העוסקים בחכמת פילוסופי האומות״ — מענטשן, וואס פארנעמען זיך מיט גריכיש־אראבישער פילאזאפיע, און יענע ווילן על־פי חקירה, ראציאנאליסטיש דערקלערן דעם גרויסן נס. אלדבי איז פעסט איבער־צייגט, אז דאס קאן ברענגען בלויז צו „הריסות התורה״, טרעט ער דער־פאר ארויס מיט גרויסן רוגז קעגן די „תועי רוח״, קעגן די פארבלאנ־דזשעטע און פארפירטע „מתפלספים״, וואס דערקלערן דעם קיום המצוות, די געבאטן פון דער תורה, אין וועלכע עס אנטפלעקט זיך דער בונד, וואס הקדוש־ברוך־הוא האט געשלאסן מיט דער כנסת ישראל, בלויז פאר

---

1 וואָרעם תפילה — שטרייכט אלדבי אונטער — דאס איז דאך דער יסוד פון דער וועלט (התפילה עמודו של עולם).

2 „מאוד מאוד הוי שפל רוח... תועבת ד׳ כל גבה לב״.

א נעבן־זאך, באשר זיי באצוועקן בלויז דעם מענטשנס שכל צו לייטערן, ער זאל לייכטער פארשטיין און וויסן... די דאזיקע „מתפלספים" און „תועים" האלטן פאר אן אומוויכטיקער קלייניקייט (דבר קטן) די „דיקדוקי אביי ורבא" און די אלע כללים, וואס די חכמי התלמוד האבן פעסטגעשטעלט בנוגע צו „עשיית המצות". באטראכטנדיק די אלע מצוות און געבאטן בלויז אלס סימבאלן, האבן זיי פאקטיש מבטל געווען דעם קיום פון אזעלכע מצוות, ווי תפילה, תפילין לייגן און היתר ואיסור. זיי גיבן זיך אפ בלויז מיט „חכמות ספרי חכמי האומות", מיט פילאזאפיע און נאטורוויסנשאפטן, זוכנדיק אין זיי דעם סוד פון מעשה מרכבה... דער דאזיקער וועג — רופט אוים אלדבי מיט פאטאס — איז אבער דער וועג פון טויט און פארדארבונג, און די וואס באטרעטן דעם דאזיקן וועג, שליסן זיך דערמיט אוים פון קהילת ישראל... איך האלט דערפאר פאר א הייליקן חוב צוווארענען פאר יענעם געפערלעכן וועג און ראטעווען מענטשן פון כפירה [1]...

אלדבי איז פעסט איבערצייגט, אז ניט נאר תורת משה איז מסיני, נאר אויך די גאנצע תורה שבעל פה. „דו דארפסט גלויבן באמונה שלמה — דערקלערט אלדבי זיין לעזער — אז אלץ, וואס שטייט געשריבן אין דער משנה און אין תלמוד, איז דער קלארסטער אמת, די רייד פון דעם לע־בעדיקן גאט (דברי אלהים חיים)".

„אין גמרא שטייט אלץ" — דאס איז אלדבים טיפסטע איבערציי־גונג. „קוקט אייך אויפמערקזאם צו — שרייבט דער בעל „שבילי אמונה" — וועט איר גלייך זיך איבערצייגן, אז אלע חכמות אן א שום אויסנאם גע־פינען זיך אין תלמוד, און א פילאזאף פון די חכמי אומות העולם איז אפילו נים אימשטאנד זיי משיג צו זיין" (הנה התבוננו שכל החכמות כלולות בתלמוד ולא יחסר כל בו והחכם שבפילוסופי האומות לא יוכל להשיג אלה הדברים). אלדבי טרעט דערפאר ארוים מיט אזוי פיל פאר־ביטערונג קעגן „קצת מחכמי זמננו מעמנו", קעגן די פילאזאפיש געביל־דעטע פון זיין צייט, וואס יאגן זיך נאך פרעמדע קוואלן, פארשן די חכמות

---

[1] „וראיתי תועי רוח שחשבו שעשיית המצות שאביי ורבא נושאין ונותנין בהן הם דבר קטן... לא נתנו המצות אלא לצרף בהן את הבריות... והתועים ההם חושבים בפירוש לצרף בהן את הבריות לדעת... ומזה יצא להם באמת בטול העשיה בכלל המצות בתפלה ותפילין ובהיתר ואיסר. ואין נותנין דעתן רק בחכמות ספרי חכמי האומות בפילוסופי והטבעי וחושבין שזהו מעשה מרכבה... וזה באמת אבדון ומות וכל המאמינים בהן נבדלין מקהל ישראל שאין להם עסק במצות... ולכן ראיתי לבאר להם אלה המאמרים להוציאן מן הכפירה ההיא".

פון די אומות העולם אין דער האפענונג, אז דארט וועלן זיך פאר זיי אנטפלעקן די יסודות פונם פארבארגענעם אמת. נאך פאלשע בלאנדזשענ־דיקע ליכטער לויפן זיי נאך, און דעם לעבעדיקן קוואל פון ליכט, דעם איינציקן יסוד פון אמתן וויסן — די הייליקע תורה, האבן זיי פארלאזן. זיי, די פארבלאנדזשעטע, ווייסן נאר ניט און פארשטייען ניט, אז אלע חכמות און וויסנשאפטן פון די חכמי אומות העולם זיינען בלויז פסולת און נישטיקע ברעקלעך, וואס זיינען אראפגעפאלן פונם טיש פון אונזערע חכמים (כי כל החכמות הנמצאות ביד חכמי האומות הם לקט ופיאה שהניחו להם חכמינו).

מיט נאיווער פשטות דערציילט אלדבי, ווי אזוי די „מתפלספים", ד"ה די פריידענקער, מיט וועלכע ער פלעגט פירן וויכוחים, האבן געלאכט פון אים און זיינע חברים, און האבן מיט שפאט אנגעוויזן, אז קענן די „חכמות חיצוניות" קעמפן בלויז די עמי־הארצים און עבריינים, וואס זיינען ניט אימשטאנד משיג צו זיין די דאזיקע וויסנשאפטן, און זיינען געגליכן צו דער קאץ פון דער פאבל, וואס האט דערקלערט א פעט שטיקל פלייש פאר פארשטונקען און פארדארבן, ווייל עס האט צו הויך געהאנ־גען, און זי האט דערצו ניט געקאנט דערלאנגען. דערציילט ווייטער אלדבי, ווי בכדי צו וויסן „מה להשיב את אפיקורס", האט ער פלייסיק שטודירט די „ספרים חיצונים", און מיט גרויס חידוש באמערקט, אז צווישן א סך פאלשע סברות, וואס זיינען סותר די „דברי חז"ל", האט ער דארט אויך געפונען זייער ריכטיקע דעות, מיט וועלכע אויך אונזערע חכמים זיינען מסכים. „דאס איז — דערציילט מיט תמימות אלדבי — ביי מיר א גרויס חידוש געווען, ביז איך האב געפונען א דערקלערונג אין אן אלטן ספר. דארט ווערט דערציילט, אז בעת מען האט פארטריבן יכניהו דעם מלך יהודה, זיינען מיט אים צוזאמען אין גלות געגאנגען אויך די אנשי סנהדרין און אנדערע חכמי ישראל... און אט מיט זייער חכמה האבן זיך עס באקאנט די חכמי יוון און האבן דאס אויסגענוצט אין זיי־ערע „ספרי מחקר"... אויך ווערט דארט ווייטער דערציילט, אז דער גרי־כישער פילאזאף אריסטו, וואס אלע געלערנטע גייען אין זיין שיטה און באנוצן זיך מיט זיינע ווערק, איז געווען דער רבי פון אלכסנדר מוקדון, וועלכער האט געקיניגט איבער דער גאנצער וועלט. בעת אלכסנדר האט איינגענומען ירושלים, האט ער באשטימט אריסטון פארן משגיח איבער דעם ארכיוו, וואס ס'איז געבליבן פון שלמה המלך. אריסטו האט דורכ־געשטודירט שלמה המלכס מאנוסקריפטן, האט זיי איבערגעשריבן, גע־מאכט פארשיידענע הוספות און זיי אויסגעגעבן פאר זיינע אייגענע ווערק;

און בכדי מען זאָל דעם אמת ניט דערגיין, האָט ער דעם אָריגינאַל פאַרברענט'' [1].

אַ קעגנער פון די ,,מתפלספים'', איז אַלדבי דערפאַר אַ הייסער אַנהענגער פון קבלה. ער גלויבט אין גילגול הנפש, רעדט מיט התפעלות וועגן ,,סוד האותיות'', און איז זיך מתרעם אויף ,,קצת מבני עמנו המתפלספים'', וואָס לייקענען אין שדים. אינם שלום־קאַפּיטל פון זיין ווערק דערציילט אַלדבי די מעשה וועגן ארמילוס, וועגן משיח בן יוסף און משיח בן דוד, ווי ס'איז באַשריבן אין ספר ,,רזיאל''. ער רעדט אויך וועגן דעם גרויסן ,,יום השבת'' — דעם זיבעטן טויזנט פון נאָך בריאת העולם, און דעם ,,טיפן סוד'', וואָס שטעקט אין אים. די חכמי הנסתר האָבן עם באַקומען דעם דאָזיקן סוד פון די נביאים בקבלה, מען טאָר אים אָבער ניט מגלה זיין, מען דאַרף ניט דערציילן, ניט פאָרשן נאָך אים, וואָרעם ניט אַלע זיינען ראוי דערצו...

די ,,סודות'' פון חכמת הנסתר האָבן אָבער צו יענער צייט אַלץ מער אָנגעהויבן צו געוועלטיקן איבער די מוחות. פונקט ווי אַלדבי איז געווען איבערצייגט, אַז אַלע וויסנשאַפטן שטאַמען פון יידישע חכמים, אַזוי האָבן אַנדערע געפּלייסט זיך צו דערווייזן, אַז נאָר די חכמת הנסתר איז די איינציק ריכטיקע און אמתע פילאָזאָפיע. שוין אברהם אַבולפיה האָט דערקלערט דעם רמב"ם פאַר איינעם פון די גרעסטע מקובלים [2];

[1] „ואשתוממ בזה ימים... עד שראיתי כתוב בספר כי כאשר גלה יכניה מלך יהודה וגלו עמו סנהדרין וחכמי ישראל... ואז למדו מחכמתם חכמי יון והם הדברים האמתיים המפוזרים בספרי חכמי המחקר... עוד מצאתי כתוב כי ארסטו היוני אשר כל חכמי המחקר נגררים אחריו ושואבים מספריו היה רבו של אלכסנדרוס מוקדון שמלך על כל העולם. וכאשר כבש אלכסנדרוס ירושלים השליט לארסטו רבו על אוצר שלמה ע"ה, ואז חקר ודרש על ספרי שלמה ולקחם והעתיקם על שמו והוסיף הוא טעיות משלו, ואז גנז הספרים של שלמה כדי להטעות העולם שאריסטו עצמו חיברם משיקול דעתו"...

וועגן דער לעגענדע, אַז אַלע וויסנשאַפטן שטאַמען פון יידן, זע ביילאַגע, נומ' 6.

[2] „חיי הנפש", חלק א', קאַפּ' 1: „על דבר הסודות וסתרי תורה שגלה הרמב"ם. אלא שהרב ז"ל בחן הרבה מחכמי דורו מאותם שחשב לקבל מהם קבלות נפלאות וחכמות אמתיות, ומצא בפיהם קול ורוח ודבור אבל לא רוח הקדש ולא דברי ד'. וראה שהקבלה האמיתית האלהית המחיה את הנפש כמעט קט נשכחה מהדור ההוא ונפסקה לגמרי ואין משגיח אליה".

דער „חיי הנפש" איז ווי דאָס רוב פון אַבולפיהס ווערק געבליבן אין מאַנוסקריפּט. מיר האָבן זיך באַנוצט מיטן כתב־יד, וואָס געפינט זיך אין דער קאָלעקציע פון פירקוביטש, נומ' 185. דער כתב־יד איז ניט גאַנץ; עס פעלן די לעצטע בלעטער פונם ערשטן טייל, און די ערשטע פונם צווייטן. צום שלום געפינט זיך די צושריפט פונם אָפּשרייבער: „נשלמו ל"ו סודות המורה בידי שמואל בתח"ר ששון הספרדי זל"ה".

דעם „מורה נבוכים'' האָט ער געהאַלטן פאַר אַ ספר, וואָס איז פול מיט מיסטישע „שריקלעכע סודות'', און זיי צו דערקלערן האָט ער אַ ספּעציעל ווערק געשריבן מיטן נאָמען „חיי הנפש''[1]. נאָך אבולפיהן האָבן אויך אַנדערע בעלי־קבלה פאַרזיכערט, אַז דער רמב״ם איז אויף דער עלטער געוואָרן אַ הייסער אַנהענגער פון חכמת הנסתר. דעם רשב״אס תלמיד, דער מקובל שם־טוב בן־אברהם הלוי, דערציילט אין זיין „מגדל עוז'' (אַ פּירוש אויף „יד החזקה''), אַז ער האָט אין אַן אַלטן כתב־יד דעם רמב״מס אייגענע ווערטער געזען, וואָס דערווייזן אויף זיכער, אַז דער רמב״ם איז סוף ימיו געוואָרן אַ מקובל און זיך פאַרטיפט אין די „סודות מרכבה''[2]. אַנדערע ווידער דערציילן וועגן אַ צווייטן מאַנוסקריפּט, ווו דער רמב״ם איז זיך מודה ומתוודה, אַז אויף דער עלטער איז צו אים געקומען אַ זקן און יענער האָט פאַר אים אַנטפּלעקט די טיפע סודות הקבלה. „וואָלטן מיינע ספרים ניט געווען שוין פון לאַנג פאַרשפּרייט אויף דער וועלט, האָט דעמאָלט דער רמב״ם דערקלערט, וואָלט איך פיל, וואָס דאָרטן איז געשריבן, אויסגעמעקט''[3]. מען האָט זיך אָבער דערמיט ניט באַנוגנט. מען האָט „אַנטפּלעקט'' גאַנצע מיסטישע ווערק געשריבן פון דעם „בעל תשובה'', דעם בעל „המורה'' גופא, ווי, צום ביישפּיל, דעם אַפּאָקריפישן „מגילת סתרים''[4], וועלכן דער רמב״ם זאָל האָבן געשיקט זיין געליבטן תלמיד יוסף אבן עקנין. אין דער דאָזיקער מיסטישער „מגילה'' פאַרזיכערט דער איבערצייגטער אַריסטאָטעליקער און פאַרביטערטער קעגנער פון מיסטיק, משה בן מיימון, אַז די פילאָזאָפיע קאָן רחמנא ליצלן אַראָפּפירן פונם ריכטיקן וועג, און נאָר דער וועג פון קבלה איז פריי פון אבני נגף

1 אין דער פאָררעדע צו „חיי הנפש'': „ואגיד לח ל״ו סודות ונוראות עתידות... כאשר לקטתים ממאמר מורה הנבוכים''.

2 זע חיים, „דור דור ודורשיו'', V, 57; צונץ, „גאָטעסדינסטליכע פאָרטרעגע'', צווייטע אויסגאַבע, 417.

3 זע יצחק אַבּרבנאל, „נחלת אבות'', סוף פון דריטן קאַפּיטל; מאיר אבן גבאי, „עבודת הקדש'', 33 (מיר ציטירן נאָך דער קראָקעווער אויסגאַבע, 1577); גדליה אבן יחייא אין „שלשלת הקבלה'' און יוסף דעלמעדיגאָ אין „מצרף לחכמה'', 1629, 16.

4 דעם „מגילת סתרים'' האָט צום ערשטן פאַרעפנטלעכט משה הגולה אויס קיעוו אין זיין „שושן סודות'', 32—36 (מיר ציטירן נאָך דער קאָרעצער אויסגאַבע, 1774), איבערגעדרוקט אין „אגרות הרמב״ם'', III, 35—6.

און אויסגעשלאָסן איז דאָרט די געפאַר געשטרויכלט צו ווערן („אך אצל חכמת הקבלה אמתת הדרכים מסוקלים מאבני המכשול").

דעם פולשטענדיקן ניצחון פון קבלה און מסורה איבער דעם פילאָזאָפישן ראַציאָנאַליזם האָבן באַזונדערס מיטגעהאָלפן די פּאָליטישע געשעענישן אין שפּאַניע אין דער צווייטער העלפט פונם פערצנטן יאָרהונדערט. וועגן דעם אינם ווייטערדיקן קאַפּיטל.

# צווייטער קאַפּיטל

די קלעריקאַלע רעאַקציע אין שפּאַניע. — די הויף־יידן. — די מאָראַלישע ירידה פון דער יידישער אַריסטאָקראַטיע. — שלמה אַלעמים שטראָף־פּרעדיק. — די שנאה צו יידן ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. — די עקאָנאָמישע יסודות פון דער דאָזיקער שנאה. — דער קאַמף פאַר דער קיניגלעכער קרוין, און די צרות, וואָס יידן זיינען דערביי אויסגעשטאַנען. — די גזירות קעגן יידן און די יידן־פיינדלעכע אַגיטאַציע; די פּאָלעמישע ליטעראַטור; די וויכּוחים פון משה אויס טאָרדעסילאַ און שם־טוב אבן שפּרוט. — די אַגיטאַציע פון די קאַטוילישע גייסטלעכע. — די שחיטה אין סעווילע. — די מאַראַנען און די מוסרים־משומדים.

די שטורמישע פּאָליטישע געשעענישן אין קאַסטיליע אין דער צווייטער העלפט פונם פערצנטן יאָרהונדערט זיינען געווען דער אָנזאָג פון אַ נייער תקופה, די תקופה פון קלעריקאַלער רעאַקציע און פינסטערע גזירות פאַר די שפּאַנישע יידן. אין לאַנגן משך פון פילע דורות האָבן די קאַסטיליער געפירט אַ האַרטנעקיקן קאַמף מיט דעם אַנדערשגלויביקן שונא. מיט מסירת־נפש האָבן זיי זיך געשלאָגן פאַר יעדן שפּאַן שפּאַנישער ערד. און די מלחמה איז נאָך אַלץ ניט פאַרענדיקט געווען. נאָך אין די דרייסיקער יאָרן פונם פערצנטן יאָרהונדערט איז דאָס קריסטלעכע קאַסטיליע געשטאַנען אין אַ שטאַרקער סכּנה: דער מוסלמענישער דרום, די אַראַבער פון גראַנאַדע, האָבן אַ בונד געשלאָסן מיטן סולטאַן פון מאַראָקאָ און צוזאַמען מיט פאַראייניקטע קרעפטן געוואָלט צוריק באַקומען די פּראָווינצן, וואָס קאַסטיליע האָט ביי זיי פריער צוגענומען. די מוסלמענער האָבן אָבער געהאַט אַ גרויסע מפּלה, זייער חיל האָט צעשלאָגן דער טאַפּערער קאַסטילישער גענעראַל גאָנזאַלאָ מאַרטינעז, וואָס האָט געשמט פאַר אַ פאַרביטערטן שונא ישראל.

די שנאה צו יידן האָט זיך אין יענער צייט באַמערקבאַר פאַרשטאַרקט אין די פאַרשיידענע שיכטן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז דאָ האָבן גורם געווען בלויז רעליגיעזע מאָטיוון. דער שפּאַנישער אַדל, וואָס האָט דורות־לאַנג געפירט

אזא הארטנעקיקן קאמף מיט די מוירן, איז געווען זייער קריגעריש גע־
שטימט. דער קאסטילישער ריטער האט כל ימיו פארבראכט אויפן פערד,
איינגעשנירט אין פאנצער און אייזן, זיין האנט האט זיך ניט צעשיידט
מיט דער שפיז און דער שווערד. א געאיבטער און טאפערער קריגער, האט
ער אבער געהאט גאנץ קנאפע ידיעות אין פינאנסיעלע און מלוכישע
ענינים. פארנעמען זיך מיט האנדל האט מען געהאלטן פאר א אומכבוד;
געלט אויף פראצענט האט מען געקענט באקומען בלויז ביי יידן און מוירן.
עס איז דערפאר קיין חידוש ניט, וואס אין די קריסטלעכע מלוכות פון
שפאניע, אין קאסטיליע און אראגאן, האבן יידן געשפילט א גאנץ אנגע־
זעענע ראלע אויף אלע געביטן פון פאליטישן און בירגערלעכן לעבן.
יידישע מוכסים, וואס די רעגירונג האט זיי באפולמעכטיקט צו זאמלען
די שטייערן אין לאנד, יידישע באנקירן, פינאנץ־אגענטן, יועצים און
משולחים זיינען געווען זייער אנגעזעען ביים הויף. די דאזיקע הויפלייט,
„חצרנים", ווי זיי הייסן אין דער דעמאלטיקער רבנישער ליטעראטור [1],
זיינען אבער געווען פון א גאנץ אנדערן שניט, ווי די אמאליקע יידישע
שררות אין דער מוסלמענישער שפאניע, ווי למשל, חסדאי אבן שפרוט און
שמואל הנגיד. אויפגעוואקסן אויף דער רייכער אראבישער קולטור, האבן
יענע געוווסט צו שעצן קולטורעלע רייכטימער, זיי זיינען געווען ליבהא־
בער און באשיצער פון קונסט און וויסן, און גרויס איז געווען זייער
השפעה אויף דער אנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור. די קריסטלעכע
מיטלאלטערלעכע שפאניע איז אבער געשטאנען אויף א באדייטנדיק ני־
דעריקן קולטורעלן מצב. די שפאנישע ליטעראטור איז נאך געגאנגען אין
די קינדער־שיכלעך, אויפן וויסנשאפטלעכן געביט און אויך אין אפיציעלע
דאקומענטן האט נאך געוועלטיקט די לאטיינישע שפראך. ביי די יידן איז
שפאניש געווען בלויז די אומגאנגס־שפראך, אבער ניט די שפראך פון
קולטור [2]. די יידישע „חצרנים" ביי דעם קאסטילישן און אראגאנישן קי־
ניגלעכן הויף האבן בלויז זיך געפלייסט איבערנעמען דעם אויסערלעכן

[1] דעם אויסדרוק „חצרן", „חצרנים" באגעגנט מען גאנץ אפט אין די שו"ת
פון יענער צייט. דער ריב"ש, צום ביישפיל, דערציילט: והששה מהנאמנים והבית־דין
מאנו לחתום בברירה, כי לא ישרה בעיניהם, אלא שאחרי שאיים חצרן אחד מאדוננו
המלך שצוה החצרן הנזכר לתפסם ולאסרם והושמו בבית הסוהר".

[2] אמת, דער מלך אלפאנז דער צענטער האט אינמיטן דרייצנטן יארהונדערט
איינגעלאדן יידישע געלערנטע איבערצוזעצן אראבישע וויסנשאפטלעכע ווערק אויף דער
קאסטילישער שפראך. עס איז אבער העכסטווארשיינלעך, אז עס זיינען דערביי אויסגענוצט
געווארן בלויז די וויסנשאפטלעכע ידיעות פון די יידישע געלערנטע און זייער בקיאות
אין אראביש, די איבערזעצונגען גופא זיינען אבער געמאכט געווארן דורך קריסטלעכע
געלערנטע, אזוינע געלערנטע ווי רענאן, דאסי און אנדערע האבן שוין לאנג אנגעוויזן,

גלאַנץ פון דעם קאַסטילישן אַדל. די אויפגעקומענע יידישע מאַגנאַטן, די מוכסים, וואָס זיינען רייך געוואָרן פון די מלוכישע שטייערן און אַרענדירטע טאַמאָזשנעס, די פינאַנסיסטן, חלפנים און באַנקירן האָבן געלעבט אין דעם גרעסטן לוקסוס, נאָכטוענדיק די קאַסטילישע קריסטלעכע גראַנדן. זייערע פרויען און קינדער האָבן זיי געקליידט אין גאָלד און אין טייערסטע פערל; זיי פלעגן אַרויספאָרן אין רייך באַצירטע קאַרעטעס, אַרומגערינגלט מיט גאַנצע מחנות רייטער און לייבקנעכט, און די בעלער און מאַלצייטן זייערע האָבן געשמט מיט זייער גלאַנץ און בלענדנדיקער פראַכט. און אונטער דעם אויסערלעכן גלאַנץ — מאָראַלישע צעפוילטקייט און נישטיקייט. פילע זיכערע קוועלן אויס יענער צייט זאָגן עדות, ווי שטאַרק ס'האָבן אין דער סביבה פון די יידישע „חצרנים" און „בעלי זרועות" געוועלטיקט קליינלעכע קנאה, נישטיקע גאווה און ווילדע תאוות. קיינער האָט דעם אַנדערן ניט פאַרגונען, און מיט זייערע שטענדיקע אינטריגעס, רכילות און גיפטיקער לשון־הרע האָבן זיי געמערט מחלוקת אין די קהילות, געשאַפן אַן אַטמאָספער פון שנאה און רדיפות. בכדי צו האָבן די גאַנצע שליטה איבער די קהילות, האָבן די יידישע שררות מיט אַלע מיטלען געפלייסט זיך צו באַגרענעצן די מאַכט פון רבנות. אַלס חשובים בײַם קיניגלעכן הויף, איז זיי ניט שווער געווען צו פועלן בײַ דער רעגירונג, יענע זאָל זיי באַשטימען פאַר הויפט־פאַרטרעטער פון דער קהילה. און אַזאַ פאַרטרעטער פלעגט שוין אויך טראָגן דעם טיטל רב און מרא דאתרא [1], כאָטש ער איז געווען אַ פשוטער עם הארץ און געפירט אַ

---

אַז דאָס רוב מיטלאַלטערלעכע איבערזעצונגען פון אַראַביש אויף לאַטיין זיינען געמאַכט געוואָרן ניט דורך מענטשן, וואָס זיינען געווען בקי אין בײדע שפּראַכן, נאָר געוויינלעך דורך צחיי מיטאַרבעטער: דורך אַן אַראַבער אָדער אַ יידן, וואָס האָבן אין לאַטיין געהאַט גאַנץ קנאַפּע ידיעות אָדער לחלוטין ניט פאַרשטאַנען, און דורך אַ קריסטלעכן געלערנטן, אַ גוטן לאַטיינער, וואָס האָט קיין אַראַביש ניט פאַרשטאַנען. אין שפּעטערדיקער צייט האָבן יידישע משומדים און אויך געציילטע יידן יאָ גענומען אָנטייל אין דער שפּאַנישער ליטעראַטור, ווי, צום בײַשפּיל, דער באַנאַבטער דיכטער דער רב סאַנטאָ (שם־טוב), וואָס האָט געווידמעט דעם מלך דאָן־פּעדראָ דעם גרויזאַמען (1350—1369) זיין באַרימטע פּאָעמע „Danra general de la muerte" (מער באריכות וועגן דעם דאָזיקן דיכטער זע בײַ קייזערלינגן אין „ספרדים", קאַפּ' 2). דאָך האָט נאָך אינם פערצנטן יאָרהונדערט דער געלערנטער יוסף בן שם־טוב געפונען פאַר נייטיק איבערזעצן חסדאי קרשקשס פּאָלעמיש ווערק פון שפּאַניש אויף יידיש, „ווייל יידן זיינען ניט געוויינט צו לייענען וויסנשאַפטלעכע ווערק אויף שפּאַניש, רק אין העברעיִש" (לקצרו ולעמקו ולזרות לשונו לאשר לא הורגלו ללמוד החכמה בזולת לשוננו הקדושה).

1 דוד מיסר ליאון דערציילט אין איינער פון זיינע שו"ת: „שהרי היו נוהגים בספרד לקרא שם רב למי שהיה ממונה מן המלך ואע"פ שלא היה בקי בהוראת דינים ולא זהיר בפרישות ויראת חטא" (זע Rev. d. et. juives, 1892, 135; זע אויך אונזער ווערק, באַנד II, ז' 158).

אויסגעלאָסן לעבן. און די דאָזיקע ראשי־קהילה פלעגן מיט ביטול זיך פאַרהאַלטן צו די גייסטיקע פירער פונם פאָלק[1]. ניט געגעבן זיי קיין מאַטעריעלע מיטלען צום לעבן, בכדי יענע זאָלן לעבן אין גרויס דחקות[2].

,,אין דער פאַרווילדקייט פון אונזער פאַריתומט דור — קלאָגט זיך דער באַרימטער רב פון יענער צייט, ר׳ יצחק בר ששת, — זיינען מער פון אַלע שולדיק אונזערע גבירים, די גרויסע שררות און הויפּלייט. זייער גאַנץ טראַכטן איז נאָר וועגן זייער עשירות און זייער גרויסקייט, אָבער וועגן גאָט און זיינע געבאָטן ווילן זיי ניט געדענקען״[3].

,,גערעכטיקייט און יושר — רופט דער ריב״ש אויס אויף אַן אַנדער אָרט — ווערן מיט די פיס געטראָטן, פאַלשע ליגנער שענדן די בכבודיקסטע מענטשן, אויסגעלאַסענע און נידערטרעכטיקע שאַנד־מענטשן (אנשים ריקים ופוחזים, שפלים ונבזים) גייען מיט הויך אויפגעהויבענע קעפּ, און אין דעם זיינען אַלץ שולדיק אונזערע גראַנדן און פירשטן (ויד השרים והסגנים עשירי עם היתה במעל)[4]. ,,די מחלוקתן, לייענען מיר ווייטער, שטאַרקן זיך וואָס מער; יעדער וויל פאַרכאַפּן די מאַכט אין זיינע הענט, זיין דאָס אייבערשטע פונם שטייסל, און די הייליקע תורה האָבן זיי צעשפּאָלטן אויף טויזנט תורות״[5].

נאָך אַ טרויעריקער בילד פון מאָראַלישער צעפּוילטקייט אין דער סביבה פון דער יידישער געלט־אַריסטאָקראַטיע גיט שלמה אַלעמי אין זיין ,,אגרת המוסר״[6]:

---

1 שו״ת ריב״ש נומ׳ 373: „בני פריצי עמנו ינשאו, יצאו נצבים שונאים את הרבנות והראוי לה תכלית שנאה״.

2 שלמה אַלעמי, „אגרת המוסר״: „ועשירי היהודים ורועיהם מנהלים חכמיהם בלחם צר ומים לחץ לבשתם ולחרפתם וכראות המון העם חרפת החכמים דלותם ונבלותם יבחר להכניס בניהם בגריעה שבאמונתם מהכניס בברית התורה לרעות ברעתם״.

3 שו״ת ריב״ש אָנהייב נומ׳ 373: „הדור יתום ופרוץ מרובה על העומד... הן לריב ומצה יריבו ובמעל הזה היתה ראשונה יד השרים והסגנים העשירים והמיוחסים כי יחושו ויחוסו לכבוד עצמם ועשרם ולכבוד קונם אינם חשים״.

4 דאַרמן, נומ׳ 267.

5 דאַרמן, נומ׳ 222: „לפי שרבו המחלוקת ביניהם וכל אחד היה מבקש שררה ונוטל עטרה, ונעשה תורה כאלף תורות״. זע אויך דאַרמן נומ׳ 234, 251, 387, 447, 473. אויך, ביי פּראָפּיאַט דוראַן, „מעשה אפוד״, 5, 193. וועגן דעם פאַרביטערטן קאַמף צווישן די אַראַגאָניער יידן און זייער פון דער רעגירונג באַשטימטן „רב״, דעם „חצרן״ שלמה אַלקאָנסטאַנטיני, זע Jean Regne etc. № 2551.

6 דער „אגרת המוסר״ איז געשריבן אין 1415, עס ווערן דאָרט אָבער דער עיקר געשילדערט די צושטאַנדן פון פאַר דער קאַטאַסטראָפע, 1391.

„דאָס רוב פֿון די „גדולי הציבור'' — קלאָגט זיך אַלעמי — וואָס זיינען געוואָרן מקורבים אין די קיניגלעכע הויפֿן און מען האָט זיי אָנפֿאַרטרויט די שליסלען פֿון די שאַצקאַמערן און מלוכישע אוצרות, האָבן באַלד פֿאַרגעסן אין זייער פֿריערדיקן שטאַנד. זיי האָבן שטאָלצירט מיט זייער גרויסקייט און זייערע רייכטימער, פֿאַרגעסן האָבן זיי אין זייערע אָרעמע ברידער און אין זייער פֿאָלק, פֿון וואַנען זיי שטאַמען. זיי האָבן אויפֿגעבויט פּראַכט־פּאַלאַצן, געפֿאָרן אין די רייכע קאַרעטעס און אויף מיט טייערע שטיינער באַצירטע מוילאייזלען, איינגעהילט אין פּראַכטיקע קיניגלעכע מאַנטלען. זייערע פֿרויען און קינדער האָבן זיי אויסגעצירט ווי די פּרינצעסינס, באַהאַנגען מיט די טייערסטע פּערל און שענסטע בריליאַנטן. אויס גאווה און קליינלעכער הערשזוכט האָבן זיי געזייט שנאה און קנאה, געמסרט ביים מלך איינער דעם אַנדערן, זיך ניט אָפּגעשטעלט פֿאַר אומשולדיק בלוט־פֿאַרגיסן, בכדי צו שטילן דאָס נקמה־געפֿיל און די תאווה צו פֿרעמדן האָב און פֿאַרמעג... מיט חוצפּה זיינען זיי עובר אויף די געבאָטן פֿון דער תורה, זיינען מחלל שבת בפרהסיה, און ווער עס האָט דעם מוט אַרויסטרעטן קעגן זייערע שענדלעכע מעשים, דער האָט אַ ביטערן סוף און קומט נעבעך אום דורך זייערע מסירות... זיי האַסן די תורה, פֿאַראַכטן די וויסנשאַפֿט און קוקן מיט ביטול אויף די, וואָס לעבן פֿון אייגענער מי. אַלע מיטלען ווענדן זיי אָן, בכדי זיך צו באַפֿרייען פֿון די שטייערן און אַרויפֿוואַרפֿן דעם גאַנצן עול אויף די אָרעמעלייט [1].

„מחלוקת, רדיפֿות און מסירות זיינען געוואָרן אַ גאַנץ געוויינלעכע דערשיינונג אין די יידישע קהילות. עס איז געווען אַנצווייזן, אַז דורך אַ פֿאַלשער מסירה האָט מען אין יאָר 1374 איינגעזעצט אין תפֿיסה זיבן אָנגעזעענסטע רבנים פֿון יענער צייט, צווישן זיי אַזוינע גאוני הדור, ווי רבנו נסים בן ראובן (דער ר״ן) [2]. זיין תלמיד דער ריב״ש און דער באַרימטער דענקער, דער בעל „אור ה׳ ״ חסדאי קרשקש [3]. מען דאַרף נאָך דערביי נעמען אין באַטראַכט, אַז די יידישע קהילות אין שפּאַניע האָבן געהאַט אַן אייגענעם, פֿון דער רעגירונג באַשטעטיקטן בית־דין פֿון רבנים און דיינים. דער דאָזיקער יידישער געריכט איז געווען באַפֿולמעכ־

1 „אגרת המוסר״ 44—47 (מיר ציטירן נאָך דער ווילנער אויסגאַבע פֿון 1878).

2 מער באריכות וועגן דעם ר״ן זע: וויס, „דור דור ודורשיו״, V, 132—7.

3 זע וועגן דעם שו״ת ריב״ש נומ׳ 376: „כי זה קרוב לה׳ הדשים קמו אנשים בני בליעל מקרבנו והעלילו הרב הגדול רבנו נסים נ״ר וששה נכבדים מן הקהל ובתוכם החכם דון חסדאי נ״ר ואני ואחי ומסרו אותנו למלכות ועדין אנחנו נתונים בערבון על לא חמס״.

טיקט אפילו אויף דיני נפשות. אמת, ביי דיני־נפשות האט דער פסק־דין ניט געטארט דורכגעפירט ווערן אן דעם הסכם פון דעם קיניג; פאר די יידישע „חצרנים", וואס זיינען געווען גרויסע מומחהס אין הויף־אינטריגעס, איז אבער כלל ניט שווער געווען ארויסצובאקומען דעם קיניגס חתימה [1].

דער יידישער געריכט מיט זיינע רבנים און דיינים זיינען פאקטיש געווען א שפילצייג אין די הענט פון די יידישע „שרים, סגנים ועשירי עם". אט די יידישע גראנדן האבן אויסגענוצט דעם בית־דין צו זייערע אינטריגעס און פערזענלעכע קליינלעכע אינטערעסן. אין דער דאזיקער דעמאראליזירטער סביבה האבן אויך די גייסטיקע פירער פונם פאלק ניט געהאט דעם מוט זייער הוב צו דערפילן, אפן זיך אנטקעגנשטעלן די יידישע שררות און „בעלי זרועות" און קעמפן קעגן זייערע נידערטרעכטיקע אומגערעכטע מעשים. אויך פילע פון די רבנים זיינען מאראליש ניט געשטאנען אויף א באזונדערס הויכער מדרגה, און געגאנגען אין די זעלבע דרכים, וואס די „חצרנים".

„א טייל פון אונזערע רבנים, — קלאגט זיך אלעמי אין זיין „אגרת המוסר" — זיינען אראפ אויף קרומע וועגן; אויס שנאה און קנאה פון איינעם צום אנדערן, פארקויפן זיי די תורה און מאכן זי צו שאנד... וואס איינער איז מתיר, אסרט דער צווייטער, און מאכן פון איין תורה צוויי פארשיידענע תורות... זיי מערן גאנצע בערג פון פסקים, חידושים און פשטלעך, וואס קיינער דארף זיי ניט און קאנען קיינעם קיין נוצן ניט ברענגען. אומנוציקן שפינוועבס וועבן זיי טאג און נאכט, בכדי צו אנטפלעקן זייער נישטיקייט און נידערטרעכטיקייט (לגלות את נבלתם). בלינד זיינען זייערע אויגן צו זען, און פארשטאפט זייערע הערצער דעם פאלק די אויגן צו עפענען, אויפדעקן פאר אים די שאנד און זינד, וואס רינגלט אים ארום" [2]. דערצו האבן די רבנים זיך געפלייסט צו זיין פון די מחמירים; פאר יעדער קלייניקייט געשראקן מיט נידויים און חרמות. דאס האט נאך מער געשטארקט די מחלוקות און געמערט כלערליי מסירות. „איך האב מיך צוגעקוקט און געזען — קלאגט זיך אלבבי אין

[1] אויף אזא אופן איז א שטייגער אומגעקומען דער גענעראל־צינז־זאמלער יוסף פיכאן. זיינע שונאים איז געלונגען ארויסצונארן ביים קיניג דאן־זשואן דעם ערשטן א באפעל אויף באשטראפן מיט טויט א „געפערלעכע פערזאן"; דעם נאמען פונם פאר־משפטן האבן זיי פארן קיניג פארלייקנט, און אויפן סמך פון דעם דאזיקן באפעל האט מען דעם אומגליקלעכן פיכאן געקעפט (אין 1379).

[2] „אגרת המוסר", 41.

דער פאָררעדע צו זיין „שבילי אמונה'' — דאָס פאָלק בלאָנדזשעט אין דער פינסטער, די געבילדעטע ווערן וואָס ווי־עקער, די חכמים ווערן פאַר־שווונדן און די בעלי־אגרופים און געוואַלד־מענטשן זיינען פון אויבן, און טוען זייערע שענדלעכע מעשים''.

די ראשי הקהל האָבן אַזוי ווייניק געזאָרגט פאַר זייערע קהילות, אַז די עם־הארצות האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, און לויט דער ריב״ש דערציילט, איז אין זיין צייט די יידישע מאַסע אין קאַסטיליע געווען אַזוי פאַרגרעבט, אַז זיי האָבן אפילו די געוויינלעכע תפילות ניט געקאָנט לייענען [1]. מען דאַרף דערביי נעמען אין באַטראַכט, אַז אין פערצנטן יאָרהונדערט איז צווישן די שפּאַנישע יידן געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקער פּראָצענט פּשוטע יגיעי כפּים: ערדאַרבעטער און בעלי־מלאכות. כמעט גאַנצע קהילות האָבן זיך פאַרנומען מיט וועבעריי און פאַרבעריי [2].

די יידישע „חצרנים'' האָבן אָבער דעמאָראַליזירנדיק געווירקט ניט נאָר אויף די קהילות פון אינעווייניק, זיי האָבן אויך גורם געווען, וואָס די שנאה צו יידן האָט זיך אימהדיק געשטאַרקט אין דער אַרומיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג. דער שפּאַנישער אַדל האָט מיט קנאה און האַס געקוקט אויף די גאוותדיקע יידישע שררות און קיניגלעכע ראַטגע־בער, וואָס זיי זיינען פאַקטיש געווען די באַלעבאַטים איבער די פינאַנסן פון דער מלוכה. גרויס איז אויך צו זיי געווען די שנאה ביים פּשוטן פאָלק. די שטענדיקע מלחמות האָבן איינגעשלונגען קאָלאָסאַלע געלט־סומען. דאָס אַלץ האָבן געמוזט דעקן די ברייטע שיכטן פונם פאָלק — דער פּויער און דער בעל־מלאכה. די צינזן און אָפּצאָלונגען זיינען דער־פאַר געווען אומגעהייער גרויס; און בראש פון די מלוכה־פינאַנסן זיינען געשטאַנען לויטער יידישע „חצרנים''. די יידישע גענעראַל־צינז־זאַמלער האָבן פון זיך געשטעלט אַגענטן אויף צונויפמאָנען די צינזן און צאָלונ־גען, און די דאָזיקע אַגענטן און פאַרטרעטער פון די גענעראַל־מוכסים (ס׳רוב זייערע אייגענע און קרובים) זיינען געווען שטרענגע און אומ־ברחמנותדיקע מאַנער, און פלעגן זיך נאָך דערצו דערלויבן כלערליי רמאות און שווינדל. האָט דאָס פּשוטע פאָלק זייער פאַרביטערטע שנאה אריבערגעטראָגן פון די יידישע אַגענטן און פּיסקאַלן אויפן גאַנצן יידישן פאָלק...

---

1 שו״ת ריב״ש, נומ׳ 37: „מפּני שרובו עם הארץ ולא ידעו להתפלל אפילו מתוך הספר אלא בעמל גדול... ולזה מתפללין כלם יחד עם השליח צבור״.

2 זע ביי גרעצן, ב׳ VIII, 194, דעם דעקרעט פונם קיניג יאָהאַן דעם צווייטן. זע אויך ביי: Jean Regne, Catalogue des actes etc. נומ׳ 1289, 1946, 1953, 2054.

„עס איז קיין ספק ניט — שטרייכט אונטער אַלעמי — אַז אין די אַלע גזירות און צרות, וואָס מיר זיינען די לעצטע צייט אויסגעשטאַנען, זיינען שולדיק די „פריצי עמנו" — די אויסוואָרפן פון אונזער פאָלק. זיי האָבן אונז באַדעקט מיט שאַנד דורך זייער נידערטרעכטיקער הנהגה מיט דער אַרומיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג. מיר, וואָס לעבן אין גלות ביי פרעמדע פעלקער, האָבן פאַרשוועכט צווישן זיי גאָטס הייליקן נאָמען, וואָרעם מיר האָבן קעגן זיי באַגאַנגען כל המיני פאַלשקייטן, רמאות און אומפאַרשעמטע שפּיצלעך. מיר זיינען דערפאַר נמאס געוואָרן ביי זיי אין די אויגן. זיי האָבן געקוקט אויף אונז ווי אויף אַ באַנדע גנבים, ליגנער און רמאים, און ווי עפּעס אַ שענדלעכע מלאכה, אַ נידערטרעכטיקע מעשה, הייסט דאָס ביי זיי „יידישע שטיק"[1].

די קאַטוילישע קירך, וואָס איר אַקטיווע ראָלע האָט אַלץ מער זיך געשטאַרקט אין שפּאַניע, האָט מיט גרויס ערפאָלג אויסגענוצט די שנאה פון די פאָלקסמאַסן צו דער יידישער אַריסטאָקראַטיע, און קונציק פאַר־שטאַנען די דאָזיקע שנאה וואָס מער צו פאַרשאַרפן, און ניט נאָר צו די יידישע גבירים, נאָר צום גאַנצן יידנטום. די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע מצד די קאַטוילישע גייסטלעכע האָט זיך באַזונדערס געשטאַרקט נאָך דעם דינאַסטישן קאַמף צווישן אַלפאָנז דעם עלפטנס צוויי זין — פּעדראָ און הענריך. אין דעם קאַמף צוליב דעם קאַסטילישן טרוין האָבן די יידישע „חצרנים" גענומען אַ שטאַרקן אָנטייל. און טאַקע זייער אַריינמישן זיך אין די הויף־אינטריגעס און אין דעם בלוטיקן ברודער־קאַמף פון די צוויי פּרעטענדענטן האָט געהאַט די טרויעריקסטע פאָלגן פאַר דעם גאַנצן שפּאַנישן יידנטום. די יידן האָבן געהאַלטן מיט פּעדראָס צד, ווייל דער צווייטער פּרעטענדענט, הענריך, וועלכן ס'האָט געשטיצט די קלעריקאַלע פּאַרטיי, האָט זיך פאַרהאַלטן מיט גרויס שנאה צו יידן. אין משך פון דעם עקשנותדיקן קאַמף האָבן שטאַרק געליטן פילע יידישע קהילות, צווישן זיי אויך די גרעסטע אין גאַנץ קאַסטיליע — די פון טאָלעדאָ. און ווען דער קאַמף האָט זיך פאַרענדיקט (אין 1369) מיטן טראַגישן טויט פונם געזעצלעכן יורש, פּעדראָ, און דעם טראָן האָט באַשטיגן זיין

---

1 „אגרת המוסר", 48: „והנה אמת נכון הדבר כי רוב הגזירות והצרות אשר נתחדשו עלינו היו בסבת פריצי עמנו אשר גלו חרפתנו ובסבת רוע הנהגתנו עם העמים שכנינו, עם היותנו עבדים נכבשים להם וחללנו שם קודש אלהינו בקרבם, כי הלכנו אתם באונאה ומרמה וקבענום בחוקים לא טובים בערמה, עד אשר מאסונו והחזיקונו כגנבים רמאים מנאפים יעצרת בוגדים, וכל מלאכה נמבזה ונמאסה, אותה מכנים מלאכת היהודים".

ברודער הענריק, האָבן די יידן געמוזט זייער באַצאָלן דערפאַר, וואָס זיי האָבן געהאַלטן מיט דעם אומגעקומענעם קיניג. אַ בולט בילד וועגן די צרות און שרעק, וואָס די יידישע באַפעלקערונג האָט געהאַט אויסצושטיין אין משך פון דער „מלחמות אחים", גיט אַ שריפטשטעלער פון יענער צייט, שמואל אבן סינה אבן סרסה, דער פאַרפאַסער פונם באַקאַנטן פירוש אויף תורה „מקור חיים". אין דער פאָררעדע צו זיין פירוש אויף די אגדתות פון תלמוד „מכלל יופי" [1] דערציילט אבן סרסה: „דאָס יאָר 1368 איז געווען אַן עת צרה פאַר אַלע קהילות פון קאַסטיליע און ליאָן; אַלע קללות פון דער תוכחה זיינען אויף אונז פאַר אונזערע גרויסע זינד מקויים געוואָרן. אין דער הייליקער קהילה פון טאָלעדאָ, וואָס זי איז געווען דער שײַנדל און די קרוין פון אונזער פאָלק, זיינען מער פון צען טויזנט מענטשן אומגעקומען אין משך פון צוויי חדשים, בעת דער מלך דאָן ענריק האָט די שטאָט באַלאַגערט. נשים רחמניות — ווייכהאַרציקע פרויען האָבן זייערע אייגענע קינדער אומגעבראַכט און מיט זיי זייער הונגער געשטילט. דער הונגער איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט אויפגעגעסן אַלע ספר־תורות און אַלע אַנדערע ספרים און חפצים פון לעדער. אַפילו וואָלענע זאַכן פלעגט מען אויפן פייער צוסמאַליען און עסן. פילע זיינען אַרויס פון דער שטאָט און זיך אַליין איבערגעגעבן אין די הענט פון דעם שונא. „בעסער — האָבן זיי געזאָגט — אומקומען פון דער שווערד איידער שטאַרבן פאַר הונגער"... פילע הייליקע קהילות זיינען פון הונגער אומגעקומען, און אַ סך האָבן אין דער דאָזיקער צייט פון שרעק זייער פאָלק פאַרלאָזן (ומרוב הצרות יצא הרבה מישראל מהכלל). „מען האָט אונז גערויבט און געפּלינדערט; מיר זיינען געבליבן נאַקעט און בלויז, קוים וואָס די נשמה האַלט זיך אין אונז, און דער בן־דוד קומט נאָך אַלץ ניט" [2].

און אויף די קהילות, וואָס זיינען אַזוי פיל צרות אויסגעשטאַנען, האָט מען נאָך דער מלחמה אַרויפגעלייגט גרויסע קאָנטריבוציעס, און די

---

1 די פאָררעדע איז צום ערשטן פאַרעפנטלעכט אין „אוצר הספרות", II, 3־טע אָפּטיילונג, 121—3.

2 וועגן די הונגער־שרעקן אין טאָלעדאָ אין 1368 דערציילט אויך אַן אַנדער בן דור, מנחם אבן זרח, אין דער פאָררעדע צו זיין „צידה לדרך". אויך ער באַשרייבט, ווי מוטערס האָבן אייגענע קינדער געשאָכטן און מיט זיי זייער הונגער געשטילט: „הקהל הקדוש קהל טוליטולה לקו כפלים במצור עד אשר אכלו בשר בניהם ובנותיהם וימותו במצור כשמונת אלפים איש גדולים וקטנים במצור ובמצוק מרעב וחוסר כל".

קלעריקאַלע פּאַרטיי, וואָס אַדאַנק איר האָט דער יונגער הענריק די קיניג־קרוין באַקומען, האָט געפּועלט ביים קיניג, אַז אין יאָר 1371 זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פילע באַגרענעצונגען און גזירות קעגן יידן: דער פאַרבאָט, יידן זאָלן ניט טאָרן טראָגן קיין קריסטלעכע נעמען, אויף ס'ניי באַשטעטיקט דעם אַלטן באַפעל, יידן זאָלן טראָגן אויפן אייבערשטן מלבוש אַ ספּעציעלן צייכן, און נאָך פילע אַנדערע.

בכדי וואָס מער אויפצורייצן דעם פאַנאַטישן המון קעגן די יידן, האָבן די קאַטוילישע גייסטלעכע מיט דער איינוויליקונג פונם קיניג גע־צוווּנגען די יידן, זיי זאָלן מיט זיי פירן עפנטלעכע רעליגיעזע וויכּוחים. די לאַגע פון די יידישע גייסטלעכע איז געווען אַ העכסט קריטישע: זיי האָבן פּאַקטיש געמוזט פירן מלחמה מיט געבונדענע הענט, ריכטיקער — מיט אַ געשלאָסן מויל. בשעת די וויכּוחים האָבן זיי זיך געמוזט היטן מיט עפּעס אַ וואָרט פּוגע בּכבוד זיין די קריסטלעכע אמונה, אויס מורא ניט דעררגזענען די קאַטוילישע גייסטלעכע און ניט דערוועקן דאָס נקמה־גע־פיל ביי דעם המון. מען האָט געמוזט זיין דער קונציקסטער דיאַלעקטי־קער, דער גרויסער מומחה אין די שפּיציקסטע איינפאַלן און שאַרפזיניק־סטע המצאות, בכדי זיין אימשטאַנד אָפּצווועענדן די אַלע ווידעראַנאַנדן, מבטל זיין די אַלע קלאָץ־קשיות און גראָבע אָנפאַלן אויף דער יידישער אמונה מצד די קאַטוילישע גייסטלעכע, און דערביי ניט פּוגע בכּבוד זיין און ניט קריטיקירן די קריסטלעכע רעליגיע מיט אירע דאָגמען. עס איז דער־פאַר געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע פּאָלעמישע ליטעראַטור, עס זיינען דערשינען האַנטבּיכער, וואָס לערנען די טכסיסי מלחמה, ווי אַזוי צו פירן רעליגיעזע וויכּוחים.

אין יאָר 1374 האָט משה כּוהן אויס טאָרדעסילאַ [1] פאַרעפנטלעכט זיין „עזר האמונה", ווו אין פאָרם פון אַ וויכּוח צווישן אַ יידן און אַ קריסט[2] ווערט דערציילט וועגן זיין אייגענעם וויכּוח צו וועלכן מען מען האָט אים מיט געוואַלד געצוווּנגען, ער זאָל האַלטן אין דער שטאָט אַווילאַ אין אַ קאַטוילישער קירך, ווו עס זיינען געווען פאַרזאַמלט אַ סך קריסטן, מוסולמענער און די גאַנצע יידישע קהילה. אַם אינטערעסאַנטסטן איז דער לעצטער, אַכט־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל, ווו עס ווערן פּאָלע־

1 בשעת דעם דינאַסטישן קריג האָט מען משה כּוהן געגומען געפאַנגען, און מיט מסירת־נפש איז ער בייגעשטאַנען אַלע נסיונות, מיט וועלכע מע האָט אים געוואָלט צווינגען, ער זאָל אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן.

2 דער וויכּוח צווישן „יהודי" און „נוצרי" ווערט געפירט פונם 3־טן קאַפּיטל ביזן 24־טן.

מיש באַלויכטן פאַרשיידענע שטעלן אויס דעם עוואַנגעליום און זייער שאַרף קריטיקירט דער ביי די קאַטאָליקן אַזוי אָנגענומענער מנהג זיך מתוודה זיין אין באַגאַנגענע זינד פאַרן גלח [1].

דער פאַרפאַסער האָט זיין ווערק צוגעשיקט דער טאָלעדער קהילה, בכדי זי זאָל זיך דערמיט באַנוצן ביי די רעליגיעזע וויכוחים, און דערביי טאַקע שטרענג געוואָרנט, אַז די יידישע דיספוטאַנטן זאָלן בשעתן וויכוח זיך היטן פאַר צו שאַרפע אויסדריקן, ווייל, שטרייכט משה כוהן אונטער, „די קריסטן זיי האָבן דאָך די מאַכט, און קאָנען מיטן פויסט צווינגען דעם אמת צו פאַרשווייגן" [2].

מיט זעקס יאָר שפּעטער (אין 1380) האָט שם־טוב בן שפרוט אויס טוטעלאַ זיין „אבן בוחן" פאַרענדיקט, ווו ער באַשרייבט זיין עפנטלעכן וויכוח, וואָס ער האָט געפירט מיטן קאַרדינאַל פּעטער דע לונא (דער שפּעטערדיקער פּויפּסט בענעדיקט דער XIII) וועגן „חטא הקדמון" (אדם הראשונם זינד מיטן עץ־הדעת) און וועגן דער פּראָבלעם פון שכר ועונש. אַלס הילפסבוך פאַר די יידישע דיספוטאַנטן האָט ער אויך איבערגעזעצט אויף העברעיִש די פיר ערשטע עוואַנגעלישע ביכער און זיי פאַרזאָרגט מיט קריטישע באַמערקונגען. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ ספּעציעלן פּירוש „פרדס רמונים" [3] אויף אייניקע תלמודישע אגדות. צווישן די תלמודישע אגדתות זיינען כידוע פאַראַן זייער פילע, וואָס זיינען געשריבן אין גאַנץ פאַנטאַסטישן סטיל (ווי, למשל, רבה בר־בר־חנהס גוזמאס וכדומה). אָט די פאַנטאַסטישע לעגענדעס און וואונדער־מעשיות פלעגן די קריסטלעכע אָפּאָנענטן זייער גערן אויסנוצן אַלס פּאָלעמישן מאַטעריאַל, בכדי צו דערווייזן, אַז די יידישע אמונה איז פול מיט בלעריי נאַרישקייטן און באָבע־מעשיות. נאָר שוין סעדיה גאון איז אין זיין פּאָלעמיק מיט די קאַראַימען ארויסגעגאַנגען פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַ ייד אַ מאמין איז כלל ניט

1 כתב־יד, 104: „ויעיד תקן שכל עבירות ועושק יעשו אפי' בעל אשת איש ועשה כל רעות שבעולם, ילך אצל כומר איזה שיהיה והכומר יכפר לו כל עונותיו שעשה ונמצא נקי ויכופר במעט כופר שיתן לכומר ואח"כ יחזור לפשעם וחטאתם ויחזור לכומר ויכפר".

2 דער „עזר האמונה" איז ניט געדרוקט. מיר האָבן זיך באַנוצט מיט אַ כתב־יד, וואָס געפינט זיך אין לענינגראַדער אַזיאַטישן מוזיי, אין פרידלאַנדס קאָלעקציע. דער כ"י באַשטייט אויס 104 זייטן. אויפן שער איז אָנגעשריבן: „עזר האמונה להר"ר משה כוהן טורסילה. פלפולים באמונת הנוצרים, חברו בשנת ה' קל"ד".

3 צום ערשטן דערשינען אין סביוניטה אין 1554, איבערגעדרוקט דורך אליעזר צווייפל אין זשיטאָמיר אין 1866.

מחוייב צו גלויבן אין דעם אגדישן טייל פֿונם תלמוד. אויך דער רמב״ן האָט אין זיין וויכוח מיט פּרא־פּאָבלאָ אָפֿן דערקלערט, אַז ער גלויבט כּלל ניט אין דעם ווערטלעכן פּשט פֿון פֿילע אגדתות [1]. אויך יחיאל אוים פּאַריז האָט אין זיין וויכוח מיט דעם משומד דאָנין דערקלערט: „די תלמודישע אגדה, אויף וועלכער דו שטיצסט זיך ביי דיינע אָנפֿאַלן אויף דער יידישער אמונה, איז פֿאַר אונז כּלל ניט קיין הלכה מסיני. ווער עס וויל, גלויבט אין איר, ווער ניט — וועט אים אויך קיינער ניט ווערן און וועט חלילה דורכדעם ניט פֿאַררעכנט ווערן פֿאַר אַן אַפּיקורס״. משה אוים טאָרדעסילאַ האָט אין דער פֿאָררעדע צו זיין ווערק אָנגעוויזן, אַז פֿילע תלמודישע אגדות טראָגן דעם זעלבן כּאַראַקטער, ווי די משלים און דברי־מוסר פֿון „כּלילא ודימנא״, אין אַנדערע ווידער שטעקט בלי־ספק אַ טיפֿער פֿאַרבאָרגנער מיין, דאָך איז דער ייד דער מאמין ניט מחוייב אין זיי צו גלויבן. אויף דעם שטאַנדפּונקט שטייט אויך אַבן שׂפּרוט; ער פֿלייסט זיך בלויז צו דערווייזן אין זיין „פּרדס רמונים״, אַז אין פֿילע פֿון די תלמודישע פֿאַנטאַסטישע לעגענדעס, וואָס איבערראַשן מיט זייערע גוזמאות און אומגעלומפּערטע איינפֿאַלן, זיינען פֿאַרבאָרגן זייער טיפֿע פֿילאָזאָפֿישע ענינים.

אָט די זייער אָפֿטע עפֿנטלעכע וויכוחים מיט די גיפֿטיקע אָנפֿאַלן אויף דער יידישער אמונה האָבן נאָך מער פֿאַרשאַרפֿט די פֿאַנאַטישע שנאה אין דער קריסטלעכער סביבה צו דער יידישער באַפֿעלקערונג. מען האָט אָנגעפֿאַנגען אַלץ מער צו באַגרענעצן די יידן אין זייערע רעכט און דריקן זיי מיט נייע גזירות. נאָך דעם טראַגישן טויט פֿון דעם אומגליקלעכן פּיכאָן * האָט מען אין נאָמען פֿונם קיניג ביי דער יידישער גריכטס־קאַמער צוגענומען דאָס רעכט צו פֿאַרנעמען זיך מיט קרימינעלע ענינים. אין 1385 איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַ קיניגלעכער באַפֿעל, אַז קיין שום ייד און אויך קיין מוסלמענער האָט ניט דאָס רעכט צו פֿאַרנעמען די שטעלע פֿון אַ שאַצמייסטער ביים קיניגלעכן הויף. מען האָט אַפֿילו באַנייט דעם אַלטן קירכלעכן פֿאַרבאָט, יידן זאָלן ניט טאָרן וווינען מיט קריסטן צוזאַמען. דער קלעריקאַליזם אין שפּאַניע איז געוואָרן אַלץ מער אַקטיווער, און זיין מאַכט איז געוואַקסן פֿון טאָג צו טאָג. די קאַטוילישע גייסטלעכע, וואָס האָבן פֿריער בלויז געקעמפֿט קעגן דער צו שטאַרקער השפּעה פֿון דער פֿרעמדער קולטור, ווערן וואָס ווייטער אַלץ מער אויפֿפֿאָדערנדיק־אַגרעסיוו. זיי האָבן זיך שוין מער ניט באַנוגנט מיט דער אויפֿגאַבע צו

[1] זע „מלחמת חובה״, 3: „ואען ואומר, אני איני מאמין באגדה זו כלל״.

* זע אויבן, 219.

שיצן די קריסטלעכע קולטור, נאָר געשטרעבט צו פּארטיליקן יעדן זכר פון פרעמדע קולטורן. זייער דעוויז איז געוואָרן: איין מלוכה, און די איינציקע קריסטלעכע אמונה דאַרף געוועלטיקן איבער דעם גאַנצן שפּאַנישן לאַנד; און מיט דער שאַרף פון דער שווערד דאַרפן אומברחמנותדיק פּארטיליקט ווערן אַלע פרעמדע עלעמענטן, וואָס געהערן צו אַן אַנדער שטאַם און גלויבן אין אַן אַנדער אמונה. דער חלום פון דער איינציק־גאַנצער קאַטוילישער שפּאַניע האָט זיך אָבער געפונען אין אַ שאַרפער סתירה מיט דער גרויסער ראַלע, וואָס ס'האָבן געשפּילט אין דער קריסטלעכער שפּאַניע די אַראַבער און בפרט די יידן. אַרויסטרעטן מיט צו שטאַרקע מיטלען קעגן די אָרטיקע מוסולמענער האָט מען אָבער מורא געהאַט: די מוסלמענער קאָנען דאָך אויף דעם זעלבן אופן אָפּצאָלן די קריסטן, וואָס וווינען אין דער אַראַבישער גראַנאַדע און אין צפון־אַפריקע. דערפאַר אָבער האָט די קאַטוילישע קירך געקאָנט אויסלאָזן איר גאַנצן צאָרן אויף דעם שוץ־ און מאַכטלאָזן קעגנער — אויף די יידן. די קאַטוילישע גייסטליכע האָבן זיך שוין מער ניט באַנוגנט דערמיט, וואָס זיי פלעגן באַשולדיקן די יידן, אַז זיי באַגנבענען די קיניגלעכע שאַצקאַמער און מאַכן חרוב דאָס לאַנד — אין נאָמען פון דער אמונה האָבן זיי געפאָדערט, מען זאָל די יידן אינגאַנצן אויסראָטן אָדער זיי צווינגען אָננעמען די הייליקע טבילה. די גייסטלעכע האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען, ווי לייכט ס'איז צו דערוועקן דעם ווילדן פאַנאַטיזם און דעם ברען פון רעליגיעזער שנאה אין דעם שפּאַנישן פאָלק, וואָס ס'האָט אין משך פון לאַנגע דורות געפירט אַזאַ עקשנותדיקן קאַמף מיט דעם אַנדערש־גלויביקן שונא, און געזיפּצט אונטער די שווערע אָפּצאָלונגען, וואָס זייערע מאָנער און זאַמלער זיינען על־פי רוב געווען יידן.

„טויט אָדער טבילה!" — אָט דער דעוויז פון דעם קריגעריש'ן קאַטוילישן קלערוס האָט געפונען דעם באַגייסטערטן און אומדערמידלעכן שליח אין דעם פאַנאַטישן, האַלב־משוגענעם גלח פון דער סעווילִיער פּראַכוויע, פערנאַנד מאַרטינעז. פון דער קירכלעכער בימה האָט ער געשאָטן פעך און שוועבל אויף די „שונאים פון קריסטוסן", מיט גרויס פייער געפּרעדיקט, אַז יעדער גאָטספאָרכטיקער קריסט איז מחויב צו צווינגען יידן, זיי זאָלן אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן; די קליינע יידישע קינדער דאַרף מען ביי זייערע עלטערן צונעמען און דורך טבילה זייערע קינדערשע נשמות ראַטעווען; מיט געוואַלד דאַרף מען אויך די יידישע שולן און בתי־מדרשים צונעמען און אין קירכן זיי פאַרוואַנדלען. און די דאָזיקע גיפטיקע זוימען, וואָס מאַרטינעז און זיינע פילע מיטהעלפער האָבן געזייט, איז געפאַלן אויף דעם ריכטיקן באָדן; זיי האָבן אויי־

סעראָרדנטלעך פאַרשאַרפט אין דער קריסטלעכער באַפעלקערונג די טיפע שנאה צו יידן, וואָס האָט זיך ביי איר דורות־לאַנג אָנגעזאַמלט דורך רע־ליגיעזע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע סיבות. און אין 1391 האָט דער שרעקלעכער שטורעם אויסגעבראָכן, וואָס האָט געבראַכט אַן אמתן חורבן דעם יידישן קיבוץ אין שפּאַניע. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס אומגליק אין סעווילע, ווו מאַרטינעז האָט זיינע פאַנאַטישע פּרעדיקן געהאַלטן. דער אויפגעבראַכטער המון האָט דאָרט עטלעכע טויזנט יידן אומגעבראַכט. די שחיטה אין סעווילע איז געווען דער ערשטער אָנזאָג, דער ערשטער פונק פון דעם אויסגעבראָכענעם פייער, וואָס ס'האָט באַלד דאָס גאַנצע לאַנד צרומגעכאַפּט. דעם זעלבן שרעקלעכן סוף, וואָס די סעווילער קהילה, האָבן אויך געהאַט דאָס רוב אַנדערע קהילות פון קאַסטיליע און אַראַ־גאָניע. אין טאָלעדאָ, קאָרדאָווע, וואַלענסיע און אין אַנדערע שטעט — אומעטום האָט דער דורך די פאַנאַטישע פּרעדיקן אויפגערייצטער המון ווי אַ ווילדע חיה באַפאַלן די יידישע הייזער, געהרגעט, גערויבעוועט, אין פייער געברענט. העכער זיבעציק קהילות זיינען דעמאָלסט אומגעקומען. אויפגעוואַכט האָבן די אַמאָליקע שרעקן פון די קרייצצוגן. די שפּאַנישע יידן זיינען אָבער ניט געווען אימשטאַנד זיי אַריבערצוטראָגן מיט דער זעלבער פאַנאַטישער עקשנות, ווי זייערע דייטשע ברידער...

די דייטשע יידן זיינען געגאַנגען אויף מסירת־נפש און מקריב געווען זייער לעבן פאַר דער אמונה פון זייערע אָבות. בלויז געציילטע יחידים האָבן דעם קריסטלעכן גלויבן אָנגענומען, און דאָס אויך נאָר לפּנים, און ווי נאָר די סכּנה איז אַריבער, האָבן זיי גלייך מחזיר בתשובה געווען און צום יידישן גלויבן צוריקגעקערט. אַנדערש איז געווען די לאַגע אין שפּאַניע. אויך דאָרט האָבן אין די אָרטאָדאָקסישע קרייזן פילע זיך מוסר־נפש געווען; אין טאָלעדאָ, למשל, האָט דעם ראַ"שס אַן אוראייניקל, דער פרומער יהודה בן אשר, מיט זיינע אייגענע הענט גע־שאָכטן זיין גאַנצע פאַמיליע, און דערנאָך האָט ער גופא און אויך זיינע תלמידים זיך דאָס לעבן גענומען [1]. פילע צענער טויזנטער שפּאַנישע

---

[1] זע „יוחסין", פיליפּאָווסקיס אויסגאַבע, 225; חסדאי קרעשקעס בריוו אין „שבט יהודה" (ווינער אויסגאַבע, 129). אין אַ לאַנגער קינה, וווּ עס ווערן אויסגערעכנט כמעט אַלע קהילות פון קאַסטיליע און אַראַגאָניע, וואָס האָבן געליטן אין יענעם בלוטיקן יאָר, ווערט אויך דערמאָנט דער „קדוש" יהודה בן אָשר:

ורב יהודה תחלה — אשר היה איש תחלת
הקריב אשתו לעולה — ובניו בקרב ישראל.

(פאַרעפנטלעכט אין „לעטטערבאָדע", VI, 33—37).

די סעווילער שחיטה באַקלאָגט אויך אַ צווייטע קינה, וואָס ס'איז פאַרעפנטלעכט

יידן [1], וואָס האָבן געלעבט אין רייכטום און וווילטאָג, זיינען אָבער דעם נסיון ניט ביייגעשטאַנען, בעת די שאַרף פון דער שווערד איז זיי איבער דעם האַלז געלעגן, און זיי האָבן אין דער טבילה זייער רעטונג גע־פונען.

צווישן די דאָזיקע נייגעבוירענע קריסטן זיינען געווען פילע, וואָס האָבן דעם קריסטלעכן גלויבן אָנגענומען נאָר לפנים, „עד יעבור זעם", האָפנדיק, אַז ווי נאָר די געפאַר וועט אַריבערגיין, וועלן זיי זיך צוריק אומקערן צו דער אמונה פון זייערע אָבות. אַ טייל פון די דאָזיקע „בלומרשטע" קריסטן איז טאַקע מיט דער צייט ווירקלעך געלונגען, ניט קוקנדיק אויף די קירכלעכע שפּיאָנען און אינקוויזיטאָרן, עוקר זיין פון שפּאַניע, און אין אַנדערע לענדער זיך אָפן דערקלערן אַלס יידן. די אָבער, וואָס זיינען געבליבן אויפן אָרט, האָבן געמוזט אָפיציעל שפּילן די ראָלע פון פרומע קריסטן; אין דער שטיל, אין די פאַרבאָרגענע חדרים האָבן זיי אָבער זיך געהאַלטן פעסט אין דער יידישער אמונה מיט אירע מנהגים, פאַרהאַלטנדיק זיך מיט גרוים שנאה צו דעם מיט געוואַלד זיי אויפגע־צוווּנגענעם צלם.

אָט אויף אַזאַ אופן האָט זיך אין שיינעם שפּאַנישן לאַנד געבילדעט דער אייגנאַרטיקער אינסטיטוט פון „אנוסים", אָדער „מאַראַנען". און אין קאַמף מיט זיי האָבן באַלד העל אויפגעפלאַקערט די שייטערהויפנס, און די אינקוויזיציע מיט די גאָטספאַרכטיקע קירך־פאַרטרעטער האָבן כיט זייערע בלוטיקע מעשים און אוממענטשלעכער אכזריות דאָס לאַנד מיט שאַנד באַדעקט אויף לאַנגע, לאַנגע דורות...

נאָר ניט אַלע „אנוסים" האָבן געחלומט וועגן דער מעגלעכקייט זיך צוריקקערן צו זייער אַלטן גלויבן. צווישן דער יידישער אינטעליגענץ

---

אין „גנזי נסתרות", I—II, 56—57. דער שפּאַנישער חורבן פון 1391 ווערט אויך באַ־קלאָגט אין אַ סך אַנדערע קינות, וואָס זיינען אויפגעהיט אין מאַנוסקריפּטן. אין דער ערשטער קאָלעקציע פון דער פירקאָוויטש־זאַמלונג האָט זיך אונטער דעם נומ׳ 165 גע־פונען אַ מאַנוסקריפּט, וועגן וועלכן דער קאַטאַלאָג דערציילט: „דיוואַן פאָן געדיכטען פערשידענען אינהאַלטס; זי אומפאַסען איינען צייטרוים פאָם יאַהרע 1391 ביז 1428, אונד זינד די מייסטען קלאַגעליעדער איבער דען עקסיל אונד ליידען דער יודען אין שפּאַניען, וואָ זיע אויך פערפאַסט וואָרדען פאָן דען דאָרטיגען ראַבבינערס. אים גאַנצען זינד עס 156 קאָמפּאָזיציאָנען, דאָך פעהלען ביז 124. ווי פילע פעהלען נאָך פון 156 אַב וייטער".

דער כתב־יד גופא פעלט אין דער זאַמלונג.

1 לויט אייניקע קוועלן, האָט די צאָל פון די געשטדטע יידן אין 1391 דער־גרייכט ביז צוויי מאָל הונדערט טויזנט.

אין שפּאַניע זײַנען דאָך געווען פילע, וואָס האָבן אונטער דער השפּעה פון די ראַציאָנאַליסטיש־פילאָזאָפישע אידעען זיך גאַנץ קאַלט פאַרהאַלטן צו מסורת־אָבות און בכלל צו רעליגיעזע פּראָבלעמען. און ווען ס'איז אין 1391 פאַר זיי אַזוי שאַרף געשטעלט געוואָרן די פראַגע: אָדער מסירת־נפש און דער טויט פון אַ מאַרטירער, אָדער אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן און רויִק געניסן אויס דעם פולן בעכער פון לעבן — האָבן זיי לאַנג ניט באַדאַרפט טראַכטן און פאַר זיך אויסגעקליבן די צווייטע ברירה.

די תמימהדיקע תורה — קלאָגט זיך שלמה אלעמי — האָבן זיי (די יידישע ראַציאָנאַליסטן) באַצירט מיט פילאָזאָפישע סברות און אָנגעטאָן אין גריכישע קליידער. דאָס געזעץ פון משהן דעם געטלעכן מאַן האָבן זיי געוואָלט פאַראייניקן מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע, און געמיינט, אַז זיי טוען אָן אונזער תורה גרויס כּבוד, ווען זיי באַרויבן איר חן און פאַרדאַרבן איר שיינקייט, בעת זיי מאַכן פון איר בלויז אַ לייטער, בכדי די פילאָזאָפיע זאָל קאָנען אין דער הויך זיך דערהויבן. זיי געפינען, אַז אַריסטו און אַפלאַטונען מיט זייערע חקירות האָבן מיר פיל מער צו פאַרדאַנקען, איידער משה רבנו מיט זיין תורה. האָט מען זיך דען צו וווּנדערן, וואָס די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך געשטעלט די פראַגע: צי איז כּדאַי פאַר דער תורה זיך מקריב צו זיין, ליידן דעם יאָך און די שאַנד פונם גלות, וואָס רויבט דאָך די מעגלעכקייט רויִק זיך פאַרנעמען מיט פילאָזאָפיש פאָרשן? אדרבה, נאָר דער, וואָס באַפרייט זיך פון דער שווערער ירושה, וואַרפט אַראָפּ דעם יאָך פון גלות און טיילט זיך אָפּ פון דעם שווער פאַרפאָלגטן קיבוץ — ערשט דער קאָן פריי אָפּאָטעמען און אומגעשטערט זיך פאַרטיפן אין דעם טעמפּל פון פאָרשן און וויסן'' [1].

אין מאַראַליש־עטישן זין זיינען די דאָזיקע מענטשן ניט געשטאַנען אויף אַ באַזונדערס הויכער מדרגה, בנוגע אָבער צו וויסן און בילדונג,

[1] „אגרת המוסר", 41—42: „הערימו סוד לחדש פני התורה התמימה ולהסבירה בסברות יוניות, צידוניות והתיות, וילבישוה בגדי יונית... חשבו לחבר תורת משה עבד ד' אל היונית להשלימם ולהשוותם חשבו להגדיל כבודה ומעלתה ושחתו הודה וחללו יפעתה כי עשו אותה סולם והיונית עליתה... לפי דבריהם הועילונו אפלטון וארסטו בחקירתם ממשה רבנו בתורתו... ואם בתורת ד' צדיק לא יחיה באמונתו למה נמות עליה ונסבול עול הגלות וחרפתו המטריד את האדם מהשגתו? הלא הפורק עולה. מעל צוארו ויבדל מעדת הגולה להפיר ברית האלה מקל עולו ויניח מעצב הגלות ורגזו וימצא מנוח לכף רגלו להשיג העיון בשלמותו?"

זיינען זיי געווען דאָס זעמלמעל פון דער דעמאָלטיקער יידישער אינטע־ליגענץ. דאָס זיינען געווען שריפטשטעלער, קינסטלער, געלערנטע, מעדי־צינער, פּאָליטישע טוער אאז״וו, און אדאנק זיי האָט די קריסטלעכע שפּאַניע מיטאמאָל באַקומען גאַנצע קאַדרען אינטעליגענטע קרעפטן, איז וועלכע זי האָט זיך אזוי געניייטיקט. צווישן די דאָזיקע פרישגעבאַ־קענע קריסטן זיינען געווען ניט ווייניק אמתע קאַריעריסטן, וואָס האָבן אוים דער „טבילה״ געוואָלט מאַכן דעם כּישוף־שליסל, וואָס עפנט פאַר זיי אַלע אוצרות פונם לעבן. בכדי נושא־חן זיין ביי זייערע נייע גלויבנס־ברידער, האָבן זיי זיך שטאַרק געפּלייסט אַרויסווייזן זייער איבערגעגעבנ־קייט דער קירך און דעם קריסטנטום, און דערביי זיך ניט אָפּגעשטעלט אַפילו פאַר מסירות, און אָפט געמסרט די „אַנוסים״, אַז זיי זיינען ניט קיין אמתע קריסטן, נאָר פאַרבאָרגענע יידן. אָט אַזוי זיינען אַ סך משומדים געוואָרן מוסרים, מלשינים און פאַרביסענע שונאי ישראל. דאָ האָבן מיט־געהאָלפן פאַרשיידענע מאָטיוון: אייניקע האָבן מיט די רדיפות אויף די גע־וועזענע ברידער און דער אמונה פון זייערע אָבות געוואָלט פאַרדעקן זייער גלייכגילטיקייט צו רעליגיעזע פּראָבלעמען, אַנדערע האָבן מיט זייערע מסירות אויף די אַנוסים באַצוועקט צו באַפרייען זיך פון דעם אָדער יענעם געפערלעכן קאָנקורענט, נאָך אַנדערע האָבן דאָס געטאָן פּשוט דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך געפילט איינזאַם און פרעמד אין דער נייער קריסטלעכער סביבה, האָבן זיי געוואָלט דער גאַנצער יידישער קיבוץ זאָל זיי נאָכטאָן און אויך איבערגיין צום קריסטנטום.

„צווישן די געשמדטע—דערציילט דער שוין אָפט ציטירטער ריב״ש—זיינען דאָ פילע, וואָס אין דער התחלה איז דאָס טאַקע געווען פאַר נויט, נאָר מיט דער צייט האָבן זיי שוין מיטן פרייען ווילן געפעלשט אין דער תורה, אָפּגעזאָגט זיך פון אַלע אירע מצוות און געגאַנגען נאָך פרעמדע געבאָטן. זיי האָבן אָבער ניט נאָר אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול פון דער תורה, — זיי מסרן נאָך די אומגליקלעכע יידן, וואָס לעבן צווישן זיי, טראַכטן אויף זיי אוים בילבולים, בכדי זיי אויסראָטן פונם פאָלק, און אויסמעקן דעם יידישן נאָמען. אויך די אַנוסים, וואָס זיינען אין האַרצן טריי געבליבן זייער אמונה און טראַכטן וואָס גיכער זיך באַפרייען פון שמד — אויך זיי מסרן אָט די רשעים און גיבן זיי איבער אין די הענט פון דער רעגירונג״ [1].

1 שו״ת ריב״ש, נומ׳ 11: „יש מהם שהיה יכולת בידם לצאת מן הארץ ההיא ולמלט נפשם מן השמד, אלא מאחר שנשתמדו אף אם תחלתן באונס, אחר כן פרקו עול שמים נתקו מוסרות התורה מעליהם ומרצונם הולכים בחקות הגוים ועוברים על כל

די קאַטוילישע קירך האָט אין די דאָזיקע משומדים געפונען די גע־ווונטשנסטע מיטהעלפער אין איר קאַמף קעגן דעם יידנטום. יענע זיינען דאָך געווען די „יודעי ספר", די בקיאים אין דער רעליגיעזער יידישער ליטעראַטור, פלעגן זיי אַרויסטרעטן אויף די „דיספוטן'', פירן וויכוחים מיט די רבנים און שרייבן גיפטיקע פּאַמפלעטן קעגן דער „פאַלשער רבנישער לערע''. די יידישע געלערנטע האָבן, נאַטירלעך, ניט געקאָנט בלייבן בלויז אַלס שטומע עדות, זיי האָבן זייערע קעגנער באַגעגנט מיט דעם זעלבן געווער: מיט צוגעשפּיצטע פּאָלעמישע פיילן, מיט שאַרפע פּאַמפלעטן און סאַטירישע פלוגשריפטן. אָט די פּאַמפלעטן און קאַמף־שריפטן, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין היץ פון געפעכט, זיינען דאָס אינטערעסאַנטסטע בלאַט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור, וואָס דאָס שפּאַנישע יידנטום האָט געשאַפן אין סוף פון פערצנטן און אינם אָנפאַנג פון פופצנטן יאָרהונדערט. וועגן דער דאָזיקער פּאָלעמישער לי־טעראַטור אינם ווייטערדיקן קאַפּיטל.

---

מצות התורה, ולא עוד אלא שרודפים אחר היהודים האמללים אשר ביניהם להעלילם כדי להכהידם מגוי ולא יזכר שם ישראל עוד, וגם על האנוסים אשר לבם לשמים ומשתדלים לצאת מתוך השמד אלה הרשעים מוסרים אותם למלכות כמו ששמענו מקצתם אשר בבלנסיה וברצלונה".

# דריטער קאַפּיטל.

פּאַמפלעטן אַלס קאַמף־מיטל. — שלמה באָנפעד אַלס דיכטער און פּאַמפלע־טיסט. — יהושע אַלורקי און דער משומד פּוילוס אויס בורגאָס. — אַלור־קיס בריוו; דער מאַראַן פּראָפיאַט דוראַן און זיין לעבנס־דראַמע. — דוראַנס פּאַמפלעט „אל תהי כאבותיך" און זיין פּאָלעמיש ווערק „כלימת הגוים". — די פּאָררעדע צו זיין „מעשה אפוד" און איר קולטור־היסטאָרי־שער באַטייט. — די דריי שטרעמונגען אין דער יידישער אינטעליגענץ פון יענער צייט.

איינער פון די פריער דערמאָנטע משומדים, וואָס זיינען געוואָרן די געפערלעכסטע קעגנער פון זייער אַלטן שטאַם, דער אַרצט אַשטרוק ריימוך (Francisco Dios Carne), האָט זיך געווענדט צו זיין געוועזענעם חבר, עין־שאַמפּיאָל (שאלתיאל) בונפאַס, מיט אַ סאַרקאַסטישן בריוו, אין וועלכן ער מאַכט חוזק פון דער יידישער אמונה און לויבט ביז אין די הימלען דעם קריסטלעכן גלויבן מיט זיינע דאָגמען. בונפאַס האָט גע־ענטפערט אין אַ גאַנץ ווייכן און געלאַסענעם טאָן, און זיך געהיט ניט צו באַליידיקן מיט אַ וועלכן ס'איז וואָרט די קריסטלעכע אמונה. מיט פיל גרעסערן מוט איז קעגן ריימוכס בריוו אַרויסגעטראָטן שאלתיאל בונפאַ־סעס פריינד, דער איינציקער באַגאַבטער יידישער דיכטער אין שפּאַניע פון יענער צייט, שלמה בן ראובן באָנפעד. דאָס איז געווען אַ מאַן פון גאַנץ הויכער בילדונג; אַ בקי אויפן פילאָזאָפישן געביט, איז ער געווען כמעט דער ערשטער צווישן די יידישע מיטלאַלטערלעכע געלערנטע, וואָס האָט געשעפּט זיינע ידיעות וועגן אַריסטוס סיסטעם ניט אויס אבן רשדס ווערק, נאָר אויס דער לאַטיינישער איבערזעצונג פון בועציוס. ער איז אויך געווען באַקאַנט מיט די רוימישע קלאַסיקער און מיט די באַרימטע אַראַבישע דיכטער, און ער ווייזט מיט פולן רעכט אָן, אַז זיין מוזע האָט זיך אויפגעצויגן ניט בלויז אויף די פעלדער פון יהודה, ווייל „זיין האַרץ האָט אויך באַצווונגען דאָס לאַטיינישע ליד און ניט זעלטן געבלאָנדזשעט אין די געצעלטן פון אַראַביע" [1].

---

1 וּמִנַּחַל קְדוּמִים אֶשְׁאֲבָה שִׁיר — וּמִטּוּרֵי יְהוּדָה מַחְצָבִי
בְשִׁיר לַעַז לְאַט נוֹעַץ לְבָבִי — וְאוּר יָהֵל וְיַהֵל שָׁם עֲרָבִי.

באַנפעד האָט געשריבן אַ סך ליבע־לידער [1] און האָט אויך פאַרפאַסט דעם מוסטער פון האָראַצס Ars poetica, אַ דידאַקטישע פּאָעמע, ווו ער לערנט די כּללים פון פּאָעטישער קונסט: מען דאַרף דיכטן אין אַ קלאָ־רער שפּראַך, פאַרשטענדלעך אפילו פאַר קינדער; די סטראָפן דאַרף מען לאַנג לייטערן, פיילן און שלייפן, איידער מען שיקט זיי אויף דער וועלט אַרויס [2]. פון די העברעיִשע דיכטער האָט אויף אים דעם גרעסטן רושם געמאַכט שלמה גבירול, און ער פּרוּווט ניט זעלטן דיכטן אין זיין נוסח. וווינענדיק אין סאַראַגאָסע, פון וואַנען מען האָט אַמאָל דעם יונגן גבירול פאַרטריבן, איז באָנפעד אויך געקומען אין אַ קאָנפליקט מיט דער אָרטי־קער קהילה, האָט דער דיכטער זיין גאַנצן צאָרן אויסגעגאָסן אויף די „נידערטרעכטיקע נאַראָנים" (אוילים נבלים) אויס סאַראַגאָסע אין אַ ליד [3], וואָס ס'איז געשריבן גענוי נאָך דעם מוסטער פון גבירולס באַ־קאַנט ליד „נחר גרוני". ער האָט זיך אָבער מיט דעם ליד אַליין ניט באַ־גנוגנט און האָט קעגן די סאַראַגאָסער פאַרפאַסט נאָך אַ צווייטן פאַמ־פלעט [4], ווו ער שילדערט מיט בייסנדיקן סאַרקאַזם דעם אָרטיקן לעבנס־שטייגער.

באָנפעד איז בכלל געווען אַ געפערלעכער קעגנער: זיינע שפּיציקע סאַרקאַזמען האָבן געטראָפן ווי גוט געצילטע פיילן, זיינע עפּיגראַמען זיינען געווען אַזוי קונציק געשליפן, אַזוי שאַרף און גיפטיק.

עס טרעפט ניט זעלטן — פשוטע מענטשן באַגרייפן,
וואָס גרויסע חכמים קאָנען ניט פאַרשטיין.
האָט דאָך בלעם אַליין גאָטס מלאך ניט באַמערקט
און זיין אָרעמער אייזל האָט אים גלייך דערזען" [5].

1 אייניקע פון זיי האָט פאַרעפנטלעכט יוסף פאַטאַי אין בלוי־פעסטשריפט „וזאת ליהודה", 1926, 220—23.

2 בְּרַח מֵרַעְיוֹן חֶבְיוֹן דְּבַר שִׁיר — בְּחַר מִלִּין יָבִינוּן עֲלוּלָיו
דְּבַר צַחוֹת וּמֵאֵין מַפְתְּחוֹת יַד — רְצוֹנְךָ יִפְתְּחוּ אִישִׁים נְעוּלָיו —
בְּרוֹר וּצְרוֹר וְשׁוּב וּשְׂרוֹף וְלַבֵּן — כְּכוּר שִׁירְךָ עֲדֵי תַבְדִּיל בְּדִילָיו
וְאַל תָּחוֹס עֲלֵי הַגֵּר וְתָרוּץ — לְשַׁלְּחוֹ חוּץ, כְּנָחוּץ אֶל בְּעָלָיו.

דער איינציקער מאַנוסקריפּט פון באָנפעדס דיוואַן געפינט זיך אין אָקספאָרדער ביבליאָטעק. אויסצוגן האָט פאַרעפנטלעכט א. קאַמינקאַ אין „ממזרח וממערב", II, 109—127, און אין דעם פריער ציטירטן זאַמלווערק „וזאת ליהודה", 288—295.

3 פאַרעפנטלעכט דורך איידלמאַן אין „דברי חפץ", 1853, 20—23, איבערגעדרוקט מיט אויסגעבעסערטן טעקסט דורך אייגערסן אין „מאָנאַטסשריפט", 1884, 523.

4 געדרוקט אין „אורחות חיים", 263—364.

5 זע „ליטעראַטורבלאַט ד. אָריענטס", 1843, 689.

איינעם א מלשין, וואס האט זיך פארנומען מיט גיפטיקע מסירות, האט באנפעד פאלגנדיקע עפיגראמע געשיקט:

„פון דער בין האסטו בלויז איר שטעכיקן גיפט באקומען
און פארטיילסט אלעמען שמארציקע וווּנדן;
נאר פון דער בינס זיס־טריפנדיקן האניק
האט דיין גיפטיק מויל קיין איינציקן טראפן ניט גענומען" [1].

די שרעקלעכע קאטאסטראפע פון 1391 האט געמאכט אויפן דיכטער א געוואלטיקן רושם. „אין אונזער מערב־לאנד, קלאגט זיך דער דיכטער, איז די ליכטיקע זון פארגאנגען, ווייל מער זיך ניט באוויזן. ווי קאן מען האפן אויף טעג פון פרייד, ווען יעדער טאג ברענגט אונז א נייעם חורבן... פארשטומט איז מיין פריילעך געזאנג, די פינסטערע צייט האט מיין ליד פארביטערט און אין טרויער מיין הארפע איינגעהילט... ווי קאן איך זינגען ביי דער שטאק־פינסטערער נאכט, און אויף דעם קומענדיקן קאיאר איז די האפענונג פארלארן... פארהאסט איז מיר דאס לעבן אונטער דעם יאך פון דער גרויזאמער צייט. טיף געבויגן בין איך אונטער דער שווערער לאסט פון גיפטיקער שנאה, פינסטערער נויט און שרעקלעכן חורבן" [2]. רירנדיק איז זיין ליד „ראה סוסים בלב ים", וואס ער האט געשיקט זיין פריינד, וועלכער האט אין דער בהלה־צייט זיין גאנץ פארמעגן אנגעווארן. ער לייגט פאר זיין ליבן פריינד (דוד צח) מיט אים צוזאמען פארלאזן די רעשדיקע געמארקן פון לעבן, אוועקגיין וואס ווייטער פון דעם מענטשלעכן געטומל, און דארט, אויפן שויס פון די בליענדיקע פעלדער, באפריינדעט מיט די פייגל פון וואלד, פארגעסן אין דעם עלנד פון לעבן, פארשן די פארבארגענע סודות און רויק דעם וווּנדערזאפט פון חכמה געניסן [3].

---

1 זע שטיינשניידער: „פאעטען אונד פאלעמיקער אין נארדשפאניען אים 1400"; „העברעישע ביבליאגראפיע" XIV, 97.

2 שמש יקר ירדה תוך מערבנו — מה זה ולא עלתה על חוג מסבנו ?...
העוד ימי גיל אכן בראות זמן קו לקו — יוליד חדשות להרבות מעצבנו...
. . . . . . . . . . . . רוח זמן עוכרה כינור נגינתי
כי איך לפי יערב ניב בעוד שיר יערב – מזרח וממערב אוחיל זריחתי...
אני קץ בחיי לצוק עת . . . . . . . . . . . . . .
אני שח לקורות זמן רב תמורות — ועל מחמורות מצוקה וחרמה.

3 „וזאת ליהודה", 200:
לכה, דודי צח, ונלכה על פני חוץ — למרחקים בבין שיחים משתקים
בבין שיחים ובין אחים כאחים — בתוך גנים ולא בינות נקיקים

ווי אלעמי אזוי האט אויך באנפעד אין דעם שרעקלעכן חורבן גע־זען א שטראף דערפאר, וואס „די אמונה איז אין די הערצער פארלאשן געווארן און פילע פון דער יידישער אינטעליגענץ האבן מיט פרעמדע אידעען אונטערגעגראבן די יסודות פון דער אמונה״[1]. „אט די דאזיקע אידעען — רופט אויס דער דיכטער — ווי פאלין זייגען זייערע פרוכטן און ביטער ווי גאל זייערע בלומען. זיי האבן פארגיפטעט די הערצער, און ווי א פאל־נעץ די פיס פון מיינע פריינד געפאנגען גענומען״[2].

דער מיסיאנערישער בריוו פון דעם משומד ריימוך האט שטארק אויפגעבראכט שלמה באנפעד, און זיין גאנצן צארן האט ער אויסגעגאסן אין א מייסטערהאפטן פאמפלעט פול מיט בייסנדיקן סארקאזם און שטאלצן פאטאס[3]. באנפעדס פאלעמישער טאלאנט באווייזט זיך דא אין זיין גאנצן גלאנץ. מיט קונציקער האנט שליידערט ער אין זיין פיינד די פיין־צוגעשפיצטע פיילן; מיט גיפטיקער איראניע קריטיקירט ער די קריסט־לעכע דאגמען, וועלכע רייַמוך האט מיט אזא התפעלות געשילדערט אין זיין בריוו. באנפעד קאן ניט פארשטיין, ווי איז דאס געשען, וואס גאט בכבודו ובעצמו האט זיך אין מענטשלעכער געשטאלט אנטפלעקט, פאר די מענטשנס זינד זיך מקריב געווען און זיין אומשולדיק בלוט פארגאסן, און דאך איז נאך אזא הייליקן קרבן די וועלט אלץ ניט בעסער גע־ווארן און ווי פריער איז זי אויך איצט איינגעטונקט אין שאנד און זינד. איר זייט זיך אזוי אפט מתוודה אויף אייערע זינד, שרייבט באנפעד ווי־טער מיט א סארקאסטישן שמייכל, און אייערע פריסטער וואשן אייך ריין ווי ניי־געבארענע קינדער, און איר פאנגט גלייך אן ווידער צו זינדיקן און טוט אייערע שענדלעכע מעשים. „ביי אייך, ווענדט ער זיך מיט אי־ראניע צום „מאעסטרא אסטרוק רייַמוך״ און זיינע חברים, האבן זיך מיט אמאל געעפנט די אויגן און אין דער שטאק־פינסטערניש האט איך

ונקבץ אהלנו מערוגות — חבצלת ושושנת עמקים
ורעינו יהיו כל צפרי חן – וזיז שָׂדי ויונים על אפיקים
ולא נראה בתהפוכות זמנים — ולא נבין בסרה מעמיקים
ופעם נלעגה על הזמנים — ופעם נדרשה סודות עמוקים
עסיס חכמה לאט נשתה בצמא — ומסלת זמיר נאכל רקיקים...

1 „ממזרח וממערב״, II, 110.

2 דארטן, 125 :

דעות פריחן רוש ופרחן לענה — דעות בקדרות הזמן התלבנו
הם קרעו מאין חנית וסגור סגור – לב אוהבי גם פח לרגלי טמנו.

3 דער פאמפלעט איז צוזאמען מיט רייַמוכס בריוו פארעפנטלעכט אין דעם „קיבוץ ויכוחים״ (1844).

מיט אמאל א גרויס ליכט דערזען. אויף אייער נייעם גלויבן פרעגט איר ניט קיין קשיות, די ווילדסטע זאכן נעמט איר אן אן חקירה, און אפילו ווען מען זאגט אייך אויף לינקס רעכטס און רעכטס לינקס, מאכט איר א פרום פנים און זאגט, אז איר גלויבט באמונה שלמה. איר זייט דאך קלוגע, פראקטישע מענטשן... (אמונתכם היא חכמתכם ובינתכם תושיבכם בין נדיבים).

ניט ווייניקער אינטערעסאנט איז א צווייטער פאמפלעט פון באנ־פעדם א בן־דור, דער אפענער בריוו, וואס דער ארצט יהושע בן יוסף אבן וויוואס אלורקי האט געשיקט צו איינעם פון די גיפטיקסטע און געפער־לעכסטע משומדים־מיסיאנערן—שלמה הלוי אוים בורגאס (1351—1435), וועלכער האט נאך דער שמד געטראגן דעם נאמען פוילוס־דע־סאנטא־מאריא, און מיט דער צייט געווארן בישאף אין זיין געבורטס־שטאט. א גרויסער בקי אין תלמודישער ליטעראטור, איז שלמה הלוי אין די יונגע יארן געווען אין פריינדלעכן בריוו־פארקער מיט דעם קאסטילישן קיניגס הויף־ארצט מאיר אלגואדעז [1] און דעם בארימטן רב ריב"ש, וועלכער האט אין זיינע שו"ת ניט געקארגט אין שבחים און שטארק געלויבט שלמה הלוים חכמה און פרומקייט [2]. שלמה אוים בורגאס איז ווירקלעך געווען א זייער פראקטיש־קלוגער מענטש, וואס האט גוט פארשטאנען זיין פרומקייט דעמאלסט ארויסווייזן, ווען עס האט אים געקאנט מאטעריעלן נוצן ברענגען. ווארעם טייער פון אלץ איז ביי אים געווען כבוד און וועלטלעכע תענוגים. און ווען שלמה הלוי איז אין די בלוטיקע טעג פון 1391 דעם נסיון ניט בייגעשטאנען און דעם קאטוילישן גלויבן אנגענו־מען, איז פאר קיינעם קיין סוד ניט געווען, אז דאס האט ער געטאן אויס־שליסלעך צוליב „עולם הזה", און ער וועט שוין וויסן ווי אויסנוצן די „טבילה" צו ריין מאטעריעלע צוועקן, בכדי צו פארנעמען א בכבודיקן פלאץ אין געזעלשאפטלעכן לעבן [3]. שלמה הלוי גופא האט אבער פאר־

---

[1] שלמה הלוי האט אלגואדעזן געשיקט זיין הומאריסטיש פורים־געשאנק „אשא עיני אל ההרים" (פארעפנטלעכט אין „לעטטערבאדע", X, 78—84, און אויך אין „חיקב", 40—42; איבערגעדרוקט אין אויסגעבעסערטן טעקסט דורך אבראהאמס אין Jewish Quarterly Rewiew, I, 1900, 258-63. גרעצס השערה, אז שלמה הלוי האט זיין הומארעסקע געשריבן שוין נאך דער שמד, און אז ער איז מיט איר אויסן אפצושפאטן פונם יידישן גלויבן — איז לחלוטין אומבאגרינדעט.

[2] שו"ת נומ' 187—192. דער ריב"ש קריינט שלמה הלוין מיט פאלגנדיקע שבחים: „באר מים חיים עמוקים, החכם המעולה, חכם עדיף מנביא".

[3] דער באקאנטער שריפטשטעלער יוסף בן שם־טוב, בעת ער דערמאנט אין זיין פירוש צו אפודים פאמפלעט (וועגן וועלכן עס וועט שפעטער גערעדט ווערן) שלמה הלוים נאמען, האלט ער דערביי פאר נייטיק אונטערצושטרייכן: „פוילוס לא היה מאמין כלל בזאת האמונה והחליף את דתו לשם כבוד, עושר ושררה".

זיכער־ט, אַז דאָס האָבן עס די טיפע ווערק פון דעם געטלעכן טאָמאַס אַק־ווינאַ געעפנט אים די אויגן און אים איבערצייגט, אַז די קריסטלעכע אמונה איז די איינציק ריכטיקע. און בכדי קיינער זאָל ניט מסופק זיין, אַז ער איז דעם קריסטנטום איבערגעגעבן מיטן גאַנצן הארצן, איז ער געוואָרן דער פאַרביסנסטער שונא פון דעם יידישן גלויבן און אָן רחמנות גערודפט זיינע געוועזענע ברידער. דאָס איז ער געווען דער פּאַקטישער באַשעפער פון דעם, אין 1412 דערשינענעם „עדיקט”, וועלכער האָט די יידן דערקלערט אַלס רעכטלאָזע פּאַריער[1]. שוין באַלד נאָך דער שמד האָט שלמה הלוי אָנגעהויבן פאַנאַנדערצושיקן פּאַמפלעטן און שימף־שריפטן קעגן דער יידישער אמונה זיינע געוועזענע באַקאַנטע און פריינד, צווישן זיי אויך דעם נאַוואַרישן קיניגס הויף־אַרצט אָראַבוענאַ. דאָס האָט שטאַרק אויפגעבראַכט שלמהס געוועזענעם תלמיד, דעם פריער דער־מאָנטן יהושע אַלורקי, און ער האָט זיך צו אים געווענדט מיט אַן אויס־געצייכנטער פּאָלעמישער שריפט[2].

אַלורקי מאַכט זיך פאַר אַ תם און בעט שלמהן, ער זאָל אים דער־קלערן, אויס וואָסערע מאָטיוון האָט ער, זיין געוועזענער רבי, „משנה געווען סדרי בראשית” און אַ פרעמדן גלויבן אָנגענומען? זאָל מען דאָס דערקלערן דורך דעם גלוסטן צו עושר און כבוד, דעם גאַרן נאָך ערדישע תענוגים, דאָס וועלן געניסן פונעם שוימיקן בעכער פונעם לעבן? „אָדער אפשר האָבן עס גאָר דיינע פילאָזאָפישע פאָרשונגען גורם געווען: דו האָסט אין רעליגיעזע פראַגן געזען לויטער בלענדעניש און נאַרישקייטן, האָסטו דערפאַר דיר אויסגעוויילט דעם באַקוועמסטן וועג הן פאַרן גוף הן פאַר דער נשמה, בכדי צו לעבן אָן פאַרכט און אָן שרעק? אָדער אפשר האָט דאָס גרויסע אומגליק דיין מוט געבראָכן? דו האָסט געזען: שרעק־לעך איז אונזער בראָך, אָפּגעווענדט האָט גאָט זיין אָנגעזיכט פון אונז; מיר זיינען געוואָרן צו שפּייז פאַר די חיות אויף דער ערד און פאַר די

---

1 לויט דעם דאָזיקן „עדיקט” האָבן יידן געהאַט דאָס רעכט צו וווינען בלויז אין ספּעציעלע קוואַרטאַלן (juderias), אַרומגעצוימטע מיט אַ מויער מיט איין איינציקן טויער. יידן ווערט פאַרווערט צו פאַרנעמען די שטעלע פון צינז־זאַמלער, באַשעפטיקן זיך מיט קרעדיט־אונטערנעמונגען, מיט מעדיצינישער פּראַקטיק, מיט אַפּטייקערייַ און מיט פאַרשיידענע אַנדערע מלאכות; עס ווערט אויך פאַרבאָטן יידן זאָלן האַנדלען מיט קריסטן צוזאַמען, אָדער האַלטן קריסטלעכע באַדינטע. יידן ווערט אויך פאַרבאָטן צו האָבן אַן אייגענע גערירכטסקאַמער ווען וועלכע ס׳איז ענינים: סיי בירגערלעכע, סיי קרימינעלע. אַ ייד טאָר ניט טראָגן דעם הערן־טיטל „דאָן”, טאָר ניט טראָגן קיין געווער, ניט פוצן די באָרד אאַז״וו.

2 פאַרעפנטלעכט אין „דברי חכמים”, 1849, 41—46.

פייגל אין די הימלען — האָסטו געמיינט, אַז אויסגעמעקט ווערט שוין אונזער געדעכעניש פון דער וועלט?"

אַלורקי מאַכט בלומרשט, אַז עס איז פאַר אים אויסער ספק, אַז שלמה הלוי האָט מחמת פעסטער איבערצייגונג דעם קאַטוילישן גלויבן אָנגענומען. „איך האָב געזען, ווי דו שרייבסט צו אַראַבוּענאַ אוים נאַוואַרא, אַז שוין אין סוף בית שני האָט זיך באַוויזן דער גואל המשיח, אויף וועלכן ס'האָבן געהאָפט אונזערע אָבות, און מיט זיין לעבן און שטאַרבן האָט ער דערפילט אַלץ, וואָס די נביאים האָבן וועגן זיין אַנט־פּלעקונג פאָרויסגעזאָגט". שטעלט אַלורקי זיין געוועזענעם רבין אַכט שאלות, וואָס זיינען סותר דעם גרונד־יסוד פון דעם קריסטלעכן גלויבן. ווי איז צו פאַרענטפערן — פרעגט אַלורקי אין איינער פון זיינע שאלות— דעם גלויבן, אַז דער גואל איז שוין געקומען אויף דער וועלט, מיט דער הבטחה פון די נביאים, אַז דעמאָלט, „באחרית הימים", ווען משיח וועט די וועלט דערלייזן, וועלן פעלקער מער קיין מלחמות ניט פירן, מען וועט מער קיין בלוט ניט פאַרגיסן, איין מענטש וועט אויף דעם אַנדערן קיין שווערד מער ניט אויפהויבן, פרידן און ברידערשאַפט וועלן די וועלט רעגירן? צי איז דען איצט די וועלט ניט איינגעטונקט אין בלוט נאָך אפשר מער ווי פריער? צי ברענגט דען ניט יעדער קומענדיקער טאָג נייע מלחמות מיט הימלשרייענדיקע רציחות?

אַלורקי גייט אָבער ווייטער און שטעלט זיין געוועזענעם רבין פאָלגנדיקע האַרבע שאלה: אם ראוי לבעל דת מצד שהוא בעל דת — צי איז אַ אויפריכטיקער רעליגיעזער מענטש מחוייב אַלס מאמין קריטיש אויספאָרשן די עיקרים פון זיין אמונה? צי קאָן ער זיך אינגאַנצן פאַר־לאָזן אויף מסורת אָבות, אָדער ער מוז זעלבשטענדיק אויף אייגענעם חשבון זוכן און זיך איבערצייגן, אויב זיין אמונה איז ווירקלעך די אמתע, צי אפשר איז גאָר אַן אַנדער גלויבן די טרעגערין פונם געטלעכן אמת? ווי עס שיינט — זאָגט ווייטער אַלורקי — ביסטו געגאַנגען אויפן צווייטן דרך, רעכענענדיק אים פאַרן איינציק ריכטיקן, און דערפאַר האָסטו דיין אַלטן גלויבן פאַרלאָזן; שטיי איך אָבער ווידער פאַר אַן אומפאַרענטפער־טער האַרבער פראַגע: ווייבאַלד אַזוי, קאָן דאָך קיין שום ווירקלעך רע־ליגיעזער מענטש ניט בלייבן רויִק ביי זיין דת, וואָס ער האָט פון זיינע אָבות בירושה באַקומען, ער מוז שטענדיק לעבן אין ספקות: טאָמער בלאָנדזשעט ער? אפשר איז דער אמתער גלויבן, דער ריכטיקער געטלע־כער אמת פאַר אים נאָך אַלץ פאַרבאָרגן?... דו — איז אַלורקי מוסיף מיט אַ באַהאַלטענעם, סאַרקאַסטישן שמייכל — האָסט נאָך לאַנגן גריב־לען און פאָרשן געפונען, אַז דער קריסטלעכער גלויבן איז אמתער פונם

יידישן: פאַרוואָס ביסטו אָבער ניט געגאַנגען נאָך ווייטער, ניט אויסגעפאָרשט אויך דעם איסלאַם און טאַקע פילע אַנדערע אמונות אויך, וואָרום עס קאָן דאָך זיין אַ סברא, אַז ניט איינע פון די דריי באַקאַנטע אמונות איז די פון גאָט אַנטפּלעקטע, נאָר גאָר אַן אַנדערע... אפשר איז אָבער דער ערשטער וועג דער ריכטיקער, און מען מוז נאָך לאַנגן שיקול־הדעת קומען צום אויספיר, אַז יעדער רעליגיעזער מענטש דאַרף זיך טאַקע האַלטן אין דעם דת, וואָס איז פאַר אים געהייליקט געוואָרן דורך מסורת־אָבות. יעדער ווערט געהייליקט און געבענטשט מיטן אייביקן לעבן דורכדעם, וואָס ער דינט גאָט אויף זיין שטייגער און דערפילט טריי די געבאָטן, וואָס ס'פאָדערט פון אים זיין גלויבן, דער גלויבן פון זיינע אָבות [1]

אָט דעם דאָזיקן הומאַניסטיש־עטישן געדאַנק, צו וועלכן דאָס דעמאָלטיקע מיטלאַלטערלעכע איראָפּע איז נאָך לאַנג ניט געווען דערוואַקסן, האַלט אַלורקי פאַר דעם איינציק לאָגיש־מעגלעכן. אלא ניט, זאָגט אַלורקי, וואָלט מען דאָך געמוזט קומען צום אומגעלומפּערטן אויספיר, אַז גאָטס משפט איז חלילה אומגערעכט, וואָרעם ווי קאָן מען עס באַשטראָפן אַ מענטשן און פאַרשפאַרן פאַר אים די טויערן פון אייביקן לעבן דערפאַר, וואָס ער האָט טריי דערפילט זיין חוב, האָט געדינט גאָט מיטן גאַנצן הארצן לויט די געבאָטן פון זיין אמונה, אין וועלכער ער איז דערצויגן געוואָרן און באַקומען בקבלה פון זיינע אָבות? ווי איז אָבער דאָס צו פאַרענטפערן מיט דער קריסטלעכער לערע, אַז נאָר די קירך און אירע דינער קאָנען עפענען די טויערן פון גן־עדן? ווי איז אויך צו דערקלערן דאָס, וואָס דו האָסט אָפּגעטאָן?

שטעל זיך פאָר — שרייבט אַלורקי ווייטער — אַ מאמין אַ קריסט, וואָס וווינט אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל ערגעץ אויף אַ ווייטן אינזל, און יענער האָט קיין שום באַגריף ניט, אַז עס זיינען גאָר פאַראַן מוסלמענער, צי יידן אויף דער וועלט. אויף אַנדערע פאַרוואָרפענע אינזלען וווינען אויך גאַנץ אָפּגעזונדערט אַ מוסלמענער און אַ ייד, און קיינער פון זיי

---

[1] „דברי חכמים", 46: „עדיין נשאר עליך להבחין בינה ובין דת הישמעאלים ואחרת בין כלם מאותם שיחייב הדעת שאפשר להמצא, כי אפשר לעבור בסברא שאין אחת משלש אלה אלהית ושהאלהית היא אחרת וילך אל בלתי תכלית... יתחייב אחד משני ענינים אם שכל בעל דת מה יהיה נושע בדתות ואין לדתות זו על זו, או שהאל יעות משפט ויעניש שלא כדת, וזה שבעל דת... אחר שהוא מוכרח בכך ועובד את ד' כפי מה שתחייב מצות אמונתו יתחייב שיהיה נושע ומוצלח בה, ואם לא כן לא יהיו דרכיו משפט חלילה וחס, כי איך יעניש האל להולך בדרך לא טוב אם הוא מוכרח בזה ואין ספק בידו לחזור למוטב"...

וויים ניט, אַז עס זיינען גאָר פאַראַן אַנדערע אמונות אויף דער וועלט. יעדער פון זיי איז איבערצייגט, אַז עס עקסיסטירט נאָר איין איינציקע פון גאָט אַנטפּלעקטע אמונה און דאָס איז — זיין אמונה, וואָס ער איז איר איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן. איז דאָך אָבער קלאָר, אַז עמעצער פון זיי לעבט אין טעות, גייט אויפן פאַלשן וועג, און די פון זיינע אָבות בירושה באַקומענע מסורה איז ניט די ריכטיקע. ווי קאָן אָבער קומען אויפן געדאַנק, אַז אַזאַ אויפריכטיק־רעליגיעזער און גאָטספאַרכטיקער מענטש וועט ווערן שווער באַשטראָפט דערפאַר, וואָס ער האָט ניט אָנער־קענט דעם אמתן דת, וועגן וועלכן ער האָט דאָך ניט געוווּסט און ניט געקאָנט וויסן? ווי האָט ער געקאָנט תשובה טאָן, בעת די וועגן פון תשובה זיינען פאַר אים געווען פאַרשלאָסן? און מיט וואָס פאַר אַ רעכט דער־קלערט עס די קריסטלעכע קירך, אַז ווער עס האָט די הייליקע „טבילה" ניט אָנגענומען, דער איז פאַרלוירן אויף אייביק? ווי קאָן מען עס גאָר גלויבן, אַז גאָט, דער סימבאָל פון יושר און גערעכטיקייט, זאָל פאַרמשפּטן אויף אייביקע ליידן מילי־מיליאָנען נפשות נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבן געבלאָנדזשעט און ניט געוווּסט, אַז זיי בלאָנדזשען?...

שלמה הלוי האָט געמוזט ענטפערן אויף אַזאַ שאַרפן אָנפאַל; זיין ענטפער[1] איז אָבער אַזוי בלאַס און אומבאַטייטיק, אַז עס איז ניט כּדאַי אויף אים זיך לענגער אָפּצושטעלן. כאַראַקטעריסטיש איז בלויז די אונ־טערשריפט: לפנים בישראל לא ידע אל — אין די פריערדיקע יאָרן, ווען איך האָב אַלס ייד נאָך דעם אמתן גאָט ניט געקאָנט, האָב איך געהייסן שלמה הלוי, ועתה כי עיניו יחזו את אלהים, איצט ווען מיינע אויגן זעען דעם אמתן גאָט — יקרא פאולו דבורגש.

ווייטערע פּרטים וועגן יהושע אַלורקי זיינען אונז אומבאַקאַנט. אייניקע פאָרשער מיינען, אַז שלמה הלוים אָפּאָנענט איז דער זעלבער יהושע אַלורקי, וואָס האָט נאָך דער שמד אָנגענומען דעם נאָמען Geronimo de Santo Fe און געוואָרן ניט קיין קלענערער יידן־פאַרפאָלגער ווי פאולו דבורגס[2]. עס איז אָבער זייער שווער צו גלויבן, אַז אַזאַ אויסגעצייכנטער און פיין־דענקענדיקער פּאָלעמיסט, וואָס האָט געקעמפט קעגן משומדים־מיסיאָנערן, זאָל אַזוי גיך מגולגל ווערן אין דעם גיפטיקן און געפערלעכן

---

1 פאַרעפנטלעכט אין „אוצר נחמד", II, 5—6.

2 די יידן האָבן אים דערפאַר געקריינט מיטן שימפּנאָמען „מגדף", צונויפגעש־טעלט פון די „ראשי־תיבות" אויס זיין נייעם קריסטלעכן נאָמען.

שונא ישראל [1], וואס אדאנק אים איז פארגעקומען דער בארימטער „וויכוח" אין טארטאזא, וועלכער האט געדויערט קארגע צוויי יאר (1413—1414) און געדינט אלס שעת־הכושר צו צווינגען מיט געוואלד די טויזנטער יידן, זיי זאלן גיין צו דער „היילקער טבילה" [2].

קעגן פאלו אוים בורגאס איז ארויסגעטראטן אויך א צווייטער זייער באגאבטער יידישער פאלעמיקער, פראפיאט דוראן (זיין יידישער נאמען איז געווען יצחק בן משה הלוי) מער באקאנט אונטער די ראשי־תיבות אפודי (אני פרופיאט דוראן). וועגן זיין לעבן איז זייער ווייניק באקאנט. מען איז זיך משער, אז ער איז א געבוירענער אוים קאטאלאניע און אז ער האט זיך דערצויגן אין דייטשלאנד [3]; נאר ווי עס שיינט איז אים זייער ניט געפעלן געווארן דער דארטיקער סדר הלימוד, וואס מען פאר־נעמט זיך אויסשליסלעך מיט תלמוד, און אפילו תנ"ך ווערט ניט געהעריק שטודירט [4]. ער האט זיך באלד צוריקגעקערט קיין שפאניע און דארט זיין ווייטערע בילדונג באקומען. ער האט גרינדלעך שטודירט פילאזאפיע און נאטורוויסנשאפט, געווען א גוטער קענער פון לאטיין, אראביש און אויך שפאניש. נאך דער בלוטיקער קאטאסטראפע פון 1391 געפינט זיך

---

1 אז די דאזיקע פארשער האבן טאקע א טעות, און יהושע אלורקי, דער פאר־פאסער פונם פאמפלעט און דער משומד דע־סאנטא־פע זיינען צוויי גאנץ פארשיידענע פערזאנען, קאן מען זיך איבערצייגן אוים פאלגנדיקן פרט: דער באקאנטער געלערנטער יוסף בן שם־טוב, בעת ער רעדט אין דער פארדעדע צו זיין פירוש אויף אפודים פאמ־פלעט וועגן די פארשיידענע פללים, מיט וועלכע עס באנוצן זיך די יידישע פאלעמי־קער — איז ער דערביי מוסיף: „ועל דרך זו דבך החכם הלורקי בויכוח שעשה, לפי מה שהגיע אלינו מאגרת שחבר בזה". די דאזיקע שורות האט בן שם־טוב געשריבן אין 1451. עס איז זייער שווער צו גלויבן, אז בן שם־טוב זאל שרייבן אין אזא רויקן טאן וועגן דעם „חכם לורקי", וואלט יענער ווירקלעך שפעטער געפעלשט אין זיין פאלק און ארויסגעטראטן אלס נידערטרעכטיקער מלשין און צורר ישראל.

2 אין די צוואנגס־טבילות בעת דעם טארטאזער וויכוח האט די הויפטראלע געשפילט א פאנאטישער דאמיניקאנער ווינצענטי פערער. מיטן קרייץ אין דער האנט פלעגט ער וואנדערן בראש פון א גאנצער באנדע מאנאכן פון שטאט צו שטאט, ארייג־רייסן זיך אין די שולן און בתי־מדרשים און מיט א דונערנדיקער שטימע פאדערן פון די דערשראקענע יידן, זיי זאלן זיך שמדן.

3 אין אנהאנג פון צווייטן קאפיטל אין זיין „כלימת הגוים", שרייבט אפודי: „שמעתי בזמן הבחרות בהיותי בישיבות רבות באשכנז". די דאזיקע פראזע געפינט זיך אין ביידע מאנוסקריפטן, מיט וועלכע מיר האבן זיך באנוצט. שטיינשניידער ווייזט אבער, אז אין דעם מאנוסקריפט, וועלכן ער האט געזען, האט די באטרעפנדיקע פראזע גאר אן אנדער נוסח: „שמעתי מאשכנזי אחד ומאישי חכמת הקבלה" (זע „העבר. ביבל." X, 109).

4 זע „מעשה אפור", 25.

שוין אפודי צווישן די „אנוסים". אויך ער איז א שיין־קריסט געוואָרן, און דאָס וואָס ער איז דעם נסיון ניט בייגעשטאַנען און לפנים געלייקנט אין דעם דת פון די אבות, האָט אים פיל יסורים פאַרשאַפט. ער האָט גע־פילט דעם קַיִן־צייכן אויפן שטערן און טיף געקרענקט האָט אים דאָס גע־פיל פון שאַנד און בושה. אין 1394 האָט ער באַקומען די ידיעה, אז ס'איז געשטאָרבן זיינער א גוטער פריינד און אַנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער טוער, אברהם בן יצחק הלוי אוים גראַנאַ, וועלכער האָט פיל געליטן בשעת די בהלות פון 1391. אפודי האָט גלייך אַוועקגעשיקט א טרייסט־בריוו דעם זון פונם געשטאָרבענעם. און דער דאָזיקער טרייסט־בריוו איז א זייער אינטערעסאַנטער מענטשלעכער דאָקומענט, אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אַזוי בולט אָפּ די טיפע דראַמע, וואָס ס'האָבן איבערגעלעבט פאַרבאָרגן אין זייערע הערצער די „אנוסים" אין שפּאַניע. „געשטאָרבן דיין פאָטער— שרייבט אפודי אין זיין הספד — געגאַנגען פון דער וועלט איז דער אויס־דערוויילטער און געדרעכטער מענטש, וואָס איז מיר אַזוי טייער און ליב, נאָר אַפילו מיין טרויער מוז איך פאַר אַלעמען באַהאַלטן, פאַרבאָרגן מוז איך מיינע טרערן, וואָרעם גרוים איז גאָטס שטראָף איבער מיר, אַנגע־טרונקען האָט ער מיך מיטן בעכער פון גאַל און ביטערן ווערמוט; דאָס פאַרפלוכטע טבילה־וואַסער (המים הזדונים) האָט איבער מיין קאָפּ גע־שטיגן — און פאַרשטומט זיינען מיינע לעפצן, א לעבעדיקער בר־מינן בין איך, וואָס קאָן זיין שטים ניט דערהויבן"[1].

אפילו דעם היינטיקן לעזער איז איצט ניט מעגלעך קאַלטבלוטיק צו לייענען די הארציקע, אין יאוש און געבעט געטרענקטע שורות, ווו דער דאָזיקער אומגליקלעכער מאַראַן באַרירט זיין טיפע וווּנד. מיט צאַפּלדיקע ווערטער רעדט ער וועגן די „אנוסי העם", וועגן די „צוואַנג־קריסטן"; און פון זיין אָנגעווייטאָגט האַרץ רייסט זיך אַרוים די שמאַרציקע פראַגע, וואָס לאָזט ניט רוען זיין געוויסן: צי וועט גאָט מוחל זיין די גרויסע זינד, צי וועט ער פאַרגעבן די אומגליקלעכע, וואָס זיינען דעם נסיון ניט בייגע־שטאַנען און אונטער דער שאַרף פון דער שווערד געלייקנט אין זיין תורה? צי איז שוין באַשלאָסן דער גזר־דין, און זיי זיינען אויף אייביק פאַרלוירן? גאָט איז דאָך אָבער א אל מלא רחמים; פאַר אים זיינען דאָך אָפן אַלע הערצער, ער ווייסט דאָך, אז גרוים איז געוועזן די נויט און שרעקלעך די גזירות; ער וועט פאַרגעבן, ער וועט זיי, די פאַראומערטע, מיט הערצער פאַריאושטע, באַוויליקן מיט זיין גענאָד. ער איז אָבער אויך

---

1 „מעשה אפוד", 197.

דער אל קנוא ונוקם! ער וועט באַצאָלן דעם בלוט־דאָרשטיקן שונא פאַר דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט, פאַר די גרויסע שרעקלעכע ליידן...[1]

אויך פּראָפיאַט שטרייכט אונטער, אַז אין דעם גרויסן נאַציאָנאַלן אומגליק זיינען זייער פיל שולדיק די אייגענע ראשי־עם, די „מאשרי מתעים" מיט זייערע נידערטרעכטיקע מעשים, שטענדיקע אינטריגעס און מחלוקת. „זיי — רופט אויס פּראָפיאַט — די שלעכטע פאַסטעכער פונם פאָלק, זיינען אין אַלעם שולדיק!"[2].

אונטער דעם שווערן איינדרוק פון דער איבערגעלעבטער גרויסער קאַטאַסטראָפע האָט אפודי אַ ספּעציעל ווערק „אגרת השמדות" געשריבן, וווּ ער באַשרייבט אין כראָנאָלאָגישן סדר די אַלע רדיפות און גזירות, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט איבערגעלעבט זינט חורבן בית שני ביז צו זיין צייט [3].

אפודי האָט סוף־כל־סוף באַשלאָסן (1396) אַראָפּוואַרפן פון זיך די איס אַזוי פאַרהאַסטע קריסטלעכע מאַסקע, און עפּנטלעך זיך אַלס ייד דערקלערן. צו דעם צוועק האָט ער זיך צונויפגערעדט מיט זיינעם אַ חבר, אויך אַ מאַראַן, דוד בוניט בונגורן, עוקר זיין פון שפּאַניע און זיך דערלאַנגען קיין ארץ־ישראל. אפודי האָט באַדאַרפט צו דעם צוועק וואַרטן אויף זיין חבר אין איינער פון די פּראָווּאַנסאַלער האַפנשטעט. בונגורן איז אָבער ניט געקומען; ער האָט בלויז אַ בריוו צוגעשיקט, וווּ ער איז אפודין מודיע, אַז פּוילוס אויס בורגאָס האָט אים איבערגערעדט, ער זאָל בלייבן ביי זיין נייעם גלויבן, און ער גיט טאַקע אפודין די זעלבע עצה, ער זאָל אויך אַזוי טאָן. שטאַרק דערצאָרנט און אויפגעבראַכט, האָט אפודי גע־ענטפערט זיין געוועזענעם חבר מיט אַ סאַטירישן בריוו, וואָס ווערט מיט פולן רעכט אָנערקענט אַלס די גלענצנדסטע סאַטירע פון דער גאַנצער יידישער מיטלאַלטערלעכער פאַמפלעטן־ליטעראַטור. דער דאָזיקער פאַמ־

---

1 דאָרטן, 195.

2 דאָרטן, 193—4. אויף אַ צווייטער שטעלע („מעשה אפוד", 5) רעדט אויך פּראָפיאַט מיט גרויס גרימצאָרן וועגן די תלמודיסטן פון זיין צייט, וואָס האָבן גע־שטרעבט זייער תורה אויסנוצן צו ריין עגאָיסטישע צוועקן און געחלומט וועגן כסא הרבנות נאָר בכדי די מאַכט צו באַקומען, אָנוואַרפן אויף דער קהילה אַן אימה, געוועל־טיקן מיט דער שטרענגער האַנט און די קעגנער צו פאַרפאָלגן מיט נידויים און חרמות.

3 גרעץ איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט דערוויזן, אַז אפודי איז דער מחבר פון „אגרת השמדות", און אַז מיט דעם דאָזיקן ווערק האָבן זיך באַנוצט די פאַר־פאַסער פונם „שבט יהודה" און אויך דער דיכטער שמואל אוסקא (זע גרעץ יידישע געשיכטע, ב' VIII, ביילאַגע 1).

פלעט איז טאקע א אמת מייסטער־ווערק פון איראָניע און סאַרקאַזם. עס פילט זיך אין יעדער שורה, מיט וואָס פאַר א ביטול און פאַראַכטונג דער פאַרפאַסער קוקט אויף זיין קעגנער; ער האַלט זיין אָפּאָנענט גייסטיק און מאָראַליש פאַר קליין און נישטיק, אַריינלאָזן זיך מיט אים אין וויכוחים — ער פאַטשט אים נאָר מיט שפּאָט און געלעכטער, און יעדע פון די אַזוי קונציק צוגעשפּיצטע פיילן צילן ניט נאָר אין דעם משומד בונגורן, נאָר אויך אין זיין פאַרפירער, דעם מיסיאָנער פּוילוס אוים בורגאָס. „אל תהי כאבותיך" — זיי ניט ווי דיינע עלטערן! מיט די ווערמער הייבט זיך אָן יעדער אָפּזאַץ פון דעם דאָזיקן מייסטער־בריוו, און זיי זיינען אויך געוואָרן דער „שער־בלאַט", דער נאָמען, אונטער וועלכן אפודים סאַטירע איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור, און אַריין אין דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע.

„אל תהי כאבותיך" — זיי ניט ווי דיינע אָבות, וואָס האָבן גע־גלויבט אין איינציקן גאָט, וועלכער האָט אונטער דונערן און בליצן באַפוילן: „לא תעשה לך כל תמונה". אל תהי כאבותיך! — יענע זיינען פאַרנאַרישט געווען, געגלויבט אין גאָטס איינציקייט און געמיינט, אז דאָס איז טאַקע דער פשט פון „שמע ישראל ד׳ אלהינו ד׳ אחד!" דו אָבער ווייסט איצט, אַז זיי האָבן געלעבט אין טעות, דו ווייסט דאָך פונם גרויסן סוד, אַז איינס איז דריי, און דריי — איינס... אל תהי כאבותיך, וואָס האָבן געגלויבט, אַז גאָט איז גאָלע רוחניות, האָט ניט קיין געשטאַלט און קיין קערפּערלעכע תמונה; פאַרבלאָנדזשעט זיינען זיי געווען און ניט געוווּסט פון דעם אמת, וואָס האָט זיך פאַר דיר און פאַר דיין נייעם רבין אַנטפּלעקט, אַז אַן אומשולדיקע יונגפרוי איז גאָטס מאַמע געווען און האָט זיך פאַר א קרבן געבראַכט... אל תהי כאבותיך! אאַז״וו, אאַז״וו. און אונטער דעם אַזוי רויִק אויסגעהאַלטענעם און קונציק געטאָקטן סטיל פילט זיך דער טיף באַהאַלטענער זודיקער כעס; און יעדע פראַזע, יעדער זאַץ שניידט זיך איין ווי דער שמאַרציקער צייכן פון א שטראָפנדיקער רוט.

דער הויף־אַרצט און געלערנטער איבערזעצער פון אַריסטוס „ספר המידות" (פון לאַטיין אויף העברעיִש), מאיר אַלגואַדעז (אַלוַדיש),[1] האָט גלייך פאַרשטאַנען, ווי אָפּצושאַצן די בייסנדיקע קראַפט פון אפודים סאַטירע; און ער האָט זי פאַרשפּרייט אין א סך אָפּשריפטן[2]. די קאַטוי־

---

1 וועגן מאיר אַלגואַדעז זע ביילאַגע, נומ׳ 8.

2 צום ערשטן אָפּגעדרוקט, מיט יוסף בן שם־טובס א פירוש און מיט יצחק עקרישס פאָררעדע, אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין 1554, איבערגעדרוקט אין אברהם נייגערס „מלא חפנים" (מחמת צענזור־טעמים — ניט אין אַלע עקזעמפּלאַרן) און אויך אין דעם זאַמלבוך „קבוץ ופוחים" (1844).

לישע גייסטלעכע אבער האבן אין דער התחלה ניט פארשטאנען דעם אמתן כאראקטער פון דעם מייסטער־ווערק, און געמיינט, אז דער פארפאסער מיינט עס טאקע ערנסט מיט זיין אויסרוף „אל תהי כאבותיך״ [1] און לויבט די דאגמען פונם קריסטלעכן גלויבן. דערנאך אבער, ווען מען האט זיי אויפגעקלערט דעם אמתן באטייט פון דעם ווערק, האבן זיי עס עפנטלעך פארברענט אויפן שייטערהויפן. דער בארימטער דענקער פון יענער צייט, חסדאי קרשקש, וואס אין זיין הויז האט זיך אפודי א שטיק צייט אויפגעהאלטן, איז געווען אזוי אנטציקט פון אפודים פאלעמישן טאלאנט, אז ער האט אים געבעטן, ער זאל א ספעציעל פאלעמיש ווערק שרייבן און דארט אין פאפולערער, לייכט־פארשטענדלעכער פארם קריטיש אויסלייגן די הויפט־עיקרים פון דער קריסטלעכער קירך. אפודי האט גלייך מסכים געווען, ווייל ער האט געפונען, אז אונטער דער ווירקונג פון די מיסיאנערישע פרעדיקן האט „אין פילע אויפגעבליט דער גיפטיקער זאמען פון אפיקורסות״ (כי צרעת המינות במצחות האנשים פורחת). שוין אין 1397 [2] האט ער פארענדיקט זיין באקאנט פאלעמיש ווערק „כלימת הגוים״, וואס ער האט קרשקשן געווידמעט.

וועגן דעם רושם, וואס דאס דאזיקע ווערק האט אין יענער צייט געמאכט, זאגט עדות דער באקאנטער דענקער און פאלעמיקער יוסף בן שם־טוב, וועלכער דערקלערט, אז ער קען ניט קיין שום אנדער פאלעמיש ווערק, וואס זאל זיך קאנען גלייכן צו אפודים „כלימת הגוים״ [3]. אפודי, וואס האט אליין איבערגעלעבט די שרעקן פון 1391, מיטגעזען די ווילדע בלוטיקע מעשים פון אזוינע פאנאטישע קריסטוס־דינער, ווי פערנאנד מארטינעז און ווינצענטי פערער — רעדט מיט טיפער שנאה און גרויס פאראכטונג וועגן דער „נארישער אומה מיטן לאנגן שווערד אין דער האנט״ (לאומה סכולה לחרב גדולה), וואס מיינט, אז מיט געוואלד און רציחות קאן מען מענטשן ברענגען אין גן־עדן אריין. דאס קריסטנטום

---

[1] ביי די קאטוילישע גייסטלעכע האט די סאטירע געטראגן דעם פארגרייזטן נאמען „Alteca Boteca“.

[2] די דאזיקע דאטע ווערט אנגעוויזן אין דער צושריפט פון אן אומבאקאנטן אפשרייבער אויס קאטאלאניע. די באטרעפנדיקע צושריפט געפינט זיך אין פילע מאנוסקריפטן פון אפודים ווערק. זי געפינט זיך אויך אין דער עלטערער אפשריפט, מיט וועלכער מיר האבן זיך באנוצט (זע ביילאגע נומ׳ 9). לויט דער מעלדונג אין „קרית ספר״, 1929, VI, 60, האט י. ד. אייזנשטאדט אין זיין „אוצר הויכוחים״ (1928) צווישן אנדערע פאלמישע ווערק פארעפנטלעכט אויך דעם „כלימת הגוים״. לײדער האבן מיר אבער ניט געהאט די מעגלעכקייט זיך צו באקענען מיט אייזנשטאדטס זאמלווערק.

[3] „בספרו הידוע ספר הכלימה והוא מאמר נכבד מאוד יגמלהו השי״ת, כי לא ראיתי כמוהו בשלמות ובמעלה ובכבוד״.

איז דערפאַר אין זיינע אויגן „די שאַנד פון די פעלקער" (כלימת הגוים וחרפת ערלים) [1].

אַלס געוועזענער קריסט, איז אפודי געווען גוט באַקאַנט מיט דער קריסטלעכער רעליגיעזער ליטעראַטור, און מיטן שאַרפן אויג פונם פאַר־ביטערטן שונא דעקט ער אויף אַלע סתירות, אַלע קינדיש־נאַיווע גוזמאות, און צעוואַרפט ווי קאָרטן־שטיבלעך די קונציקע פילפולישע פּשטלעך און סכאָלאַסטישע סברות פון די קריסטלעכע טעאָלאָגן [2]. ערטערווייז ווייזט אפודי אַרויס אַ אמת קריטיש־געשיכטלעכן חוש, און אין אייניקע זיינע באַמערקונגען וועגן דער ערשטער אַנטוויקלונגס־שטופע פון דעם יונגן קריסטנטום געפינט זיך בלי־ספק אַ קערן פון אמת וויסנשאַפטלעך־היס־טאָרישער קריטיק.

דער „כלימת הגוים" איז, ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, געווידמעט דעם טיפן דענקער חסדאי קרשקש. קרשקשס פאַמיליע האָט אפודי אויך געווידמעט אַלע זיינע איבעריקע ווערק: זיין מאַטעמאַטיש ווערק וועגן אַסטראָנאָמיע און חשבון העיבור „חשב האפוד", און זיין הויפּט־ווערק, וואָס איז געווען זייער אָנגענומען הן ביי יידן הן ביי קריסטן — אַ פילאָזאָפיש־קריטישע פאַרשונג וועגן דער העברעיִשער שפּראַך „מעשה אפוד" (1403) [3]. אַ ספּעציעל קולטור־היסטאָרישן ווערט האָט דעם פאַר־פאַסערס גרויסע פאָררעדע, וועלכע איז געווען אַזוי שטאַרק באַליבט אין די פריערדיקע צייטן פאַר די פופצן כללים, וואָס ווערן דאָרט געגעבן, ווי אַזוי צו דערלייכטערן פאַרן זכרון די „דרכי העיון" און די „ידיעות התורה" [4]. פאַר דעם קולטור־היסטאָריקער איז אָבער צום אינטערע־סאַנטסטן די שאַרפזיניקע שילדערונג, וואָס אפודי גיט אין דער פאָררעדע

1 „כלימת הגוים", וואָס איז געשריבן אין אַזאַ שאַרפן טאָן, האָט אין דער קריסטלעכער אייראָפּע ניט געקאָנט פאַרעפנטלעכט ווערן. דעם אָפּשרייבערס צושריפט, און דעם תוכן הענינים האָט שטיינשניידער אָפּגעדרוקט אין „אוצרות חיים", 364—5. דעם אינהאַלט פון פאַמפלעט האָט מ. זענגער איבערגעגעבן אין „מאָנאַטסשריפט", III, 320—7. זענגער האָט אויך אָנגעוויזן, אַז אפודיס ווערק האָט שטאַרק אויסגענוצט שמעון דוראַן אין זיין „קשת ומגן". זע אויך שטיינשניידערס „ספרות ישראל", 182. זע פריער־דיקע באַמערקונג.

2 באַזונדערס אינטערעסאַנט זיינען אין דעם פרט די קאַפּיטלען 7 און 10.

3 פאַרעפנטלעכט מיט אייניקע ביילאַגעס דורך י״ט פרידלענדער און יעקב כהן אין 1865.

4 באַזונדערס אינטערעסאַנט זיינען די כללים 7—9, ווו דער פאַרפאַסער גיט זייער שאַרפזיניקע באַמערקונגען וועגן דער ראָלע, וואָס דער ריטם שפּילט אין דעם מענטשלעכן גייסטיקן טאָן און שאַפן.

וועגן פאַרשיידענע שטרעמונגען אין דער דעמאָלטיקער יידישער אינ־טעליגענץ.

נאָך דער קאַטאַסטראָפע פון 1391 איז אפודי, דער פילאָזאָפיש גע־בילדעטער מאַן און הייסער אָנהענגער פון מיימוני[1], געוואָרן אַ בעל־תשובה און פול מיט חרטה־שטימונגען. ער איז אין דער פאָררעדע זיך מודה ומתוודה, אַז ער איז געגאַנגען אויף אַ פאַלשן וועג, חרטה האָט ער, וואָס ער האָט ניט געפאָלגט זיינע לערער און מדריכים און צופיל צייט (יותר מהראוי) אָפּגעגעבן פילאָזאָפישער חקירה[2]. ער ווייסט אָבער, אַז ביי פילע פון זיין צייט איז גרוים דער דאָרשט נאָך גריכישער פילאָזאָפיע און נאַטורוויסנשאַפטן, זיינען זיי אין דער סכנה אַראָפּ פונם גלייכן וועג, זיי קאָנען נכשל ווערן און אינגאַנצן פאַרלוירן גיין; דערלאַנגט ער זיי „די רפואה פאַר דער קרענק״, ער רעקאָמענדירט די וויסנסדורשטיקע, זיי זאָלן קודם־כל איידער זיי וועלן זיך אַריינלאָזן אין פילאָזאָפישער חקירה דורכלייענען דאָס פראַכטפולע ווערק פונם גרויסן מאַן, יהודה הלוי, זיך באַקענען אינם „כוזרי״ מיט הלוים שאַרפער קריטיק, וואָס איז געווענדט קעגן דער גריכישער פילאָזאָפיע[3]. דער אפודי רעדט וועגן דריי יידישע שטרעמונגען, וואָס האָבן געוועלטיקט אין דער יידישער אינטע־ליגענץ פון זיין צייט.

הכת האחת — די ערשטע גרופע, דאָס זיינען די „בעלי חכמת התלמוד״, וואָס זיינען העכסט איבערצייגט, אַז דער איינציקער ריכטיקער וועג, וואָס פירט צום אמתן גליק און צום אייביקן לעבן, איז — זיך פאַר־טיפן אין ים התלמוד, אויספאָרשן זיינע אוצרות, אויפדעקן זיינע פאַר־באָרגענע רייכטימער. פילע פון זיי גייען אַזוי ווייט, אַז זיי קוקן מיט ביטול אויף אַלע אַנדערע חכמות; ניט נאָר זיי מיינען, אַז ס׳איז אַ שאָד די צייט צו פטרן אויף די דאָזיקע וויסנשאַפטן, וואָס זיי האָבן אין זייערע אויגן קיין שום ווערט ניט, זיי זיינען אויך פעסט איבערצייגט, אַז ווער עס פאַרנעמט זיך מיט גריכישער פילאָזאָפיע און „חכמות הטבעיות״, פאַר דעם איז אָנגעגרייט דער גיהינום און איז פאַרמשפט אויף אייביקע ליידן.

---

[1] באַקאַנט איז אפודים פירוש אויף „מורה נבוכים״. אפודי איז איבערצייגט, אַז אַזאַ ווערק ווי „מורה נבוכים״ איז „זיין גלייכן ביי קיין שום אומה ניטאָ״ (לא תשוער מעלתו וערכו אשר כמוהו וממנו לא חובר עד היום באיזה אומה שהיתה).

[2] „מעשה אפוד״, 25: „וגם אני אודה כי טעיתי בזה מדרך השכל ולא שמעתי לקול מורי ולמלמדי לא הטיתי אזני״.

[3] ווי איניקע פאָרשער ווייזן אָן, האָט אפודי געשריבן ספּעציעלע דערקלערונגען צו הלוים „כוזרי״, זע: Les ecrivains juives fr., 751.

הכּת השנית — די צווייטע גרופּע, דאָס זיינען די „מתפלספים״, וואָס גייען אין די וועגן פון די פילאָזאָפן, ווי אַריסטו און זיינע אָנהענגער. זיי ווילן פאַרענטפערן די סתירות צווישן תורת משה און אַריסטוס פילאָזאָפיע און פאַרזיכערן, אַז בכדי צו דערגרייכן אמתע שלימות און מידות טובות מוז מען קודם־כּל זיין אַ מושלם אין לאָגיק און פילאָזאָפישער חקירה, טיף אַריינדרינגען אין דער אידעען־וועלט, וואָס די חכמי־יוון האָבן געשאַפן, ווארעם אין די דאָזיקע אידעען זיינען נאָך זייער מיינונג פאַרבאָרגן די סודות פון דער תורה. זיי שטיצן זיך דערביי אויפן גרויסן אויטאָריטעט פון רבנו משה בן מיימון און פאַרזיכערן, אַז אויך ער איז מיט זיי איין דעה, אויך ער האָט גערעכנט, אַז פאַרנעמען זיך מיט פילאָזאָפישער חקירה איז וויכטיקער, ווי מיט הויות אביי ורבא. דער אפודי האַלט דאָס אָבער פאַר אַ געוואַלטיקן טעות. מיימוני, פאַרזיכערט אפודי, איז פאַר די דאָזיקע פילאָזאָפירנדיקע געוואָרן אַ „אבן נגף וצור מכשול״ נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבן דעם גרויסן גאונס דעות ניט ריכטיק פאַרשטאַנען. און ער פליסט זיך צו דערווייזן, אַז מיימוני איז געווען גאַנץ ווייט פונם געדאַנק, אַז אַריסטוס דעות זיינען וויכטיקער פון גאָטס וואָרט און זיינע געבאָטן, וואָס זיינען פאַרצייכנט אין דער הייליקער תורה [1].

אפודי איז דערפאַר פעסט איבערצייגט, אַז נעענטער ווי די „מתפלספים״ איז צום אמת די „כּת השלישית״ — די בעלי חכמת הקבלה, וועלכע גלויבן, אַז די טיפע חכמה, וואָס איז אין דער דעה באַהאַלטן, גייט איבער בקבלה פון דור צו דור, פון משה רבנו און די נביאים, ביז די שפּעטערדיקע צייטן. די דאָזיקע חכמה, וואָס נעמט אַרום אַלע געטלעכע און וווּנדערבאַרע סודות וועגן באַשעפער און זיינע מלאכים, וועגן מעשה בראשית און אַלץ, וואָס דערפילט דעם חלל פון דער וועלט, קאָן מען ניט דערוועבן אויפן וועג פון חקירה — דאָס איז אַ א נ ט פּ ל ע ק ו נ ג, וואָס גייט איבער בקבלה. און זי משיג זיין, באַגרייפן און פילן אירע וווּנדערבאַרע סודות, דאָס איז דאָך, לויט דער דעה פון די בעלי הקבלה, די העכסטע מדרגה פון מענטשלעכן גליק! דאָרט באַהעפט זיך דער מענטש מיט זיין באַשעפער... די פילאָזאָפן אָבער זיינען ניט אימשטאַנד מיט זייער גאַנצער חקירה אַריינדרינגען אין די דאָזיקע סודות, ווארעם אַריסטו

[1] „מעשה אפוד״, 9: „ואיך אפשר שידמה משכיל שהרב יאמר על כיוצא באלה הידיעות שתהיינה סבה אל קנין ההצלחה האחרונה הנצחית לאדם, ושהם יותר גדולות במעלה מהחכמה אשר יסודתה בהררי קודש הוא הדבור האלהי במצותיו התוריות אשר בא עליהם הגדתו הצודקת שהן חיינו ואורך ימינו״.

און זיינע תלמידים זיינען דאך ווייט פון „אלהי ישראל" און זיינע אנט־פלעקונגען.

און אפודי געפינט, אז די „תורה, די נביאים און די מאמרי חז"ל שטימען פיל מער מיט די דעות פון דער דאזיקער דריטער גרופע, איידער מיט די דעות פון די חכמי המחקר". ער שטעלט זיך אבער אפ אויף דעם זעלבן שוואכן פונקט פון די בעלי הקבלה, אויף וועלכן ס'האט שוין אנ־געוויזן יצחק אלבאלאג. די קייט פון דער הייליקער מסורה האט זיך דאך איבערגעריסן אונטער דעם שווערן יאך פון גלות; עס פעלט די אלגעמיינע הסכמה; די בעלי קבלה גופא זיינען דאך צווישן זיך ניט אייניק, עס זיינען ביי זיי חילוקי־דעות אין די וויכטיקסטע פראגן, יעדער באזונדער פארזיכערט, אז דער אנדערער האט א טעות; איז דאך גרוים די סכנה, אז די פארגרייזטע און געפעלשטע קבלה קאן אראפפירן פונם ריכטיקן וועג. אפודי געפינט דערפאר, אז דער איינציקער זיכערער וועג, וואס קאן פירן דעם מענטשן צום אייביקן גליק — דאס איז דאס געטלעכע ווארט, דאס לעבעדיקע אומשטארבלעכע ווארט פון דעם ספר הספרים — פון דער ביבל. זוכן דארף מען ניט די סודות פון דער תורה, נאר די תורה גופא. והגית בה יומם ולילה — מען דארף שטענדיק לערנען און געדענקען די געטלעכע ספרי הקודש, מיט ליבע טראגן זיי אין הארצן. אפילו בלויז לייענען דעם ביבל־טעקסט, פארזיכערט אפודי, דאס אליין רופט שוין אויך ארוים דעם „שפע האלהי", דעם געטלעכן זעגן; ווארעם, רופט אוים אפודי מיט פאטאס, די ביבל — דאס איז דער קדשי קדשים פון דער יידישער אומה, דאס איז איר שירעם און שוץ, וואס האט זי געראטעוועט אין דעם לאנגן שווערן גלות! נאר זי האט איר געגעבן די קראפט ביישטיין אלע שרעקלעכע גזירות. אדאנק דער ביבל „פארגיט גאט די זינד דעם יידישן פאלק" (שיסלח השם לעונות האומה). די ביבל איז אבער צונויפ־געוואקסן מיט איר שפראך, און דורטן איז פעסט איבערצייגט, אז אין דעם וואונדערבארן צוזאמענשמעלצן פון דעם געטלעכן געדאנק מיטן ביבלישן העברעישן וואָרט איז פארבאהאלטן א סודותדיקע אומבאַ־גרייפלעכע קראפט. קיין שום איבערזעצונג קאן זיך ניט גלייכן מיטן הייליקן ביבלישן טעקסט...

אינטערעסאנט איז פאלגנדיקער כאראקטעריסטישער שטריך: אפודי פארהאלט זיך מיט א געוויסער אומצופרידנקייט און קאלטקייט צום תלמוד. ער ברענגט אייניקע מאל דעם אלטן סארקאסטישן אויסדרוק: ס'שטייט אין פסוק „במחשכים הושיבני" — ער האט מיך פארשפארט אין דער פינסטערניש — זה תלמוד בבלי, דאס מיינט מען עס דעם תלמוד בבלי. דער אפודי געפינט, אז דער תלמוד און זיינע מפרשים נעמען צו

צו פיל צייט, און מען גיט זיך דערפאַר גאַנץ ווייניק אָפּ מיט דער ביבל 1. מיט גרויס ביטערקייט רעדט דער אַפודי וועגן די דייטשע און פראַנצויזישע יידן, וואָס פאַרנעמען זיך אויסשליסלעך מיט די סוגיות התלמוד און זיינען אַזוי פאַרטאָן אין פילפול און אין „חידושים", אַז אין דער ביבל דערמאָנען זיי זיך נאָר איין מאָל אין וואָך, בעת זיי לייענען שבת „שנים מקרא ואחד תרגום". ווער ווייסט, זאָגט ווייטער אַפודי, אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס זיי האָבן פאַרלאָזן די ספרי הקודש און אָפּגעשוואַכט געוואָרן איז דורכדעם דער הייליקער בונד, האָט זיך גאָט אָפּגעווענדט פון זיי, און ס'האָט זיך אויף זיי אויסגעגאָסן דער גרויסער צאָרן פון „גירושים, גזירות און שמדים". און אפשר טאַקע פאַר דער זעלבער זינד האָט אויך אונז אין שפּאַניע דאָס גרויסע אומגליק געטראָפן. מיר האָבן פאַרגעסן אין זיינע געטלעכע ספרים, האָט גאָט זיין פנים פון אונז פאַרבאָרגן... און די קהילות פון אַראַגאָן זיינען אפשר דערפאַר געבליבן בשלום, און דער שרעקלעכער שטורעם האָט זיי ניט געטראָפן, ווייל די הייליקע תפילות און די מזמורי תהילים זיינען תמיד געווען אויף זייערע לעפצן. דאָס לעבעדיקע ביבלישע וואָרט איז געווען זייער סגולה, און עס האָט זיי באַשיצט אין דער גרויסער נויט...

דאָס אַלץ באַרירט אַפודי אין זיין הקדמה, בכדי קלאָר צו מאַכן די אויפגאַבע, וואָס ער האָט זיך געשטעלט אין זיין ווערק. בכדי דעם ביבל־טעקסט ריכטיק צו פאַרשטיין, מוז מען דאָך קודם־כל גוט באַקאַנט זיין מיטן גייסט פון איר שפּראַך און מיט די געזעצן, וואָס געוועלטיקן אין דער דאָזיקער שפּראַך. צו דעם צוועק האָט ער באַשלאָסן קריטיש באַטראַכטן דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס זיינע פאָרגייער האָבן אויף דעם געביט געזאַמלט, ברענגען אים אין אָנשלוס מיט די אַלגעמיינע געזעצן פון דעם מענטשנס וואָרט און לאָגישן דענקען, און דאָס אַלץ איבערגעבן אין קלאָרער, לייכט־פאַרשטענדלעכער פאָרם.

---

1 דאָרטן, 14: „ואשר הביא האנשים אל ההתרשלות מהעסק במקרא הוא העיון בחכמת התלמוד הבבלי... והניחו המקרא לגמרי והשליכיהו אחרי גוום והרבה מהם יכוונו אל השגת עומק המשא והמתן ולהקשות קושיות ולפרק פירוקיו לאלפיו ולרבבות לא להשגת תכלית אחר מהידיעה במשפטי התורה והעולה מהסוגיות אבל להתגדר ולהתפאר זה על זה"...

# פערטער קאַפּיטל

די פאַרשטאַרקונג פון די מיסטישע שטרעמונגען נאָך דער „סעוויליער שחיטה". — דער בעל־קבלה און בעל־נס משה באָטאַרעל. — אברהם אויס גראַנאַדע און זיין „ברית מנוחה". — דער קאַמף קעגן דער ראַציאָנאַלי־סטישער פילאָזאָפיע פון דריי פּראָגטן. — די רבנים מנחם אבן זרח און ר' יצחק בר ששת (ריב"ש). — דער מיסטיקער שם־טוב און זיין „ספר האמונות". — פון מיימונין צוריק צו יהודה הלוי. — חסדאי קרשקש אַלס תורני און אַלס פּאָלעמיקער. — קרשקש אַלס דענקער. — זיין דרך און שיטה. — די גרענעצן צווישן די געביטן פון רעליגיע און פילאָזאָפיע. — די קריטיק פון אַריסטוס שיטה און פון דער גאַנצער גריכישער פילאָזאָפיע. — קרשקס ווענן מיימונים שלשה עשרה עיקרים. — קרשקש אידעען ווענן דעם חלל פון דער וועלט און ווענן גאָטס אייגנשאַפטן. — ניט דאָס וויסן, נאָר די ליבע איז די גרונד־אייגנשאַפט פון גאָטס מהות. — קרשקשס שטאַנדפּונקט בנוגע דער פראַגע ווענן גאָטס וויסן און בחירה־חפשית. — דער צוועק פון „מעשה בראשית". — קרשקש פאַרהאַלטן זיך צו קבלה און ראַציאָנאַליזם. — „ואָהבת את ה' אלהיך" אַלס גרונט־פּרינציפּ פון טאָן און שאַפן. — די וועלט־באַשאַפונג אַלס נויטווענדיקייט. — די אומענדלעכקייט פונם וועלטאַל.

מיר האָבן אין פאָריקן קאַפּיטל געקאָנט זען, ווי אַזוי די טראַגישע געשעענישן פון יענער תקופה האָבן אפילו אַזעלכע קלאָרע קעפּ און פילאָ־זאָפיש געבילדעטע מענער ווי פּראָפיאַט דוראַן געבראַכט צו תשובה־שטימונגען, וועלכע האָבן געפירט צו די וועגן פון מיסטיק. די פאַרמאַ־טערטע הערצער האָבן געזוכט טרייסט און האָפענונג אין דעם וואונדער־באַרן און איבערנאַטירלעכן, און מיט פאַרשמאַכטע ליפּן זיינען זיי צו־געפאַלן צום צויבער־קוואַל פון חכמת הנסתר. דער „זוהר" ווערט אַלגע־מיין אָנערקענט אַלס אַ הייליק בוך, וואָס ס'האָט על־פּי־רוח־הקודש באַ־שאַפן דער געטלעכער תנא רבי שמעון בן יוחאי. עס באַווייזן זיך אויף דער געזעלשאַפטלעכער בימה אַזוינע מיסטיקער און בעלי־מופתים, ווי משה באָטאַרעל, וואָס האָט מיסטיפיצירט דעם עולם, אויסגעטראַכט אַזוינע קדמונים און קדושים שלא היו ולא נבראו, און זיי אויסגעגעבן אַלס פאַרפאַסער פון הייליקע ספרי־קבלה, וואָס זיינען קיין מאָל אויף דער וועלט

ניט געווען. אין זיין פירוש אויף „ספר יצירה״, וואס ער האט געשריבן אין 1409 ספעציעל פאר זיין באקאנטן, דעם קריסטלעכן געלערנטן מאֵישטרו יואן [1], ברענגט ער אלס איבערצייגטער אנהענגער פון חכמת הנסתר פילע אמוראים, גאונים, דעם פייטן אלעזר קליר און אנדערע גדולים, בכדי צו דערווייזן, אז די חכמת הקבלה איז שוין פון קדמונישע צייטן שטארק חשוב און באליבט ביים פאלק. עס איז אפילו צו יענער צייט אלס דעוויז ארויסגעשטעלט געווארן פאלגנדיקער זאץ: „ווער עס פארשט ניט גאט אויפן דרך פון קבלה, דער איז בכלל פון די קטני אמונה... אזא מענטש האט ניט קיין קלארן באגריף וועמען ער דינט, און אויף אים רוט דערפאר ניט די געטלעכע השגחה״ [2]. דעם דאזיקן געדאנק האט ארויסגעזאגט א פייערדיקער מיסטיקער פון יענער צייט, אברהם בן יצחק אוים גראנאדע אין זיין ספר „ברית מנוחה״ [3]. אין זעקס־און־צוואנציק „דרכים״ האט דער פארפאסער זיין ווערק איינגעטיילט לויט דער צאל, וואס כ׳באטרעפן די אותיות פונם שם הויה. מיטן סוד — זאגט אברהם בר׳ יצחק אין דער פאררעדע — פון דעם הייליקן נאמען, מיט זיינע אותיות, תגין און ניקוד — איז אלץ אין דער וועלט באשאפן געווארן פונם אנהייב ביזן סוף. און דער דאזיקער סוד איז איבערגעגעבן געווארן בקבלה פון דור צו דור זינט אדם הראשונס צייטן ביז ר׳ עקיבה און ר׳ יהודה הנשיא, און זיי האבן איבערגעגעבן דעם תנא ר׳ שמעון בן יוחאי. זינט ר׳ שמעון בן יוחאי בלייבט דער סוד באהאלטן, און בלויז רמזים ווערן אנטפלעקט פאר די יחידי סגולה...

זייער כאראקטעריסטיש פאר יענער תקופה איז באזונדערס איין שטריך, וואס טרעט אזוי בולט ארוים ביי דעם בעל „ברית מנוחה״ — די האפענונג אויף באלדיקער גאולה, און די פעסטע איבערצייגונג, אז די אלע אקארשט איבערגעלעבטע גזירות און צרות זיינען עם די „חבלי

---

1 צום סוף פון דער פאררעדע צום פירוש שרייבט באטארעל: „והואיל ורואה אני זה האיש מאֵישטרו יואן מוכתר בכתר המעלה... ורציתי לגלות כבשי דרחמנא, והרי אמרו חז״ל גוי העוסק הרי הוא ככהן גדול שלפני ולפנים פנה״ (מיר ציטירן לויט דעם מאנו־סקריפט, וואס געפינט זיך אין דער ערשטער קאלעציע, פירקאוויטש נומ׳ 325).

2 „ברית מנוחה״, 16: „וכבר אמרת שכל איש מבני ישראל שאינו יודע למי הוא עובד הרי הוא בכלל קטני אמונה... האדם הזה אינו יודע למי עובד, גם הקב״ה אינו משגיח בו בפרט״.

3 פארעפנטלעכט זיינען בלויז די ערשטע צען „דרכים״ (קאפיטלען) פונם „ברית מנוחה״. מיר האבן זיך באנוצט מיט דער ערשטער אויסגאבע פון 1648 (אין אמסטערדאם). דאס ווערק איז אויך איבערזעצט אין איטאליעניש (זע שטיינשניידער, „מאנאטסשריפט״, 1898, 515).

משיח", די גרויסע ווייען, אונטער וועלכע עס ווערט א נייע ליכטיקע תקופה געבוירן — די תקופה פונם לאַנג־דערוואַרטן „קץ", ווען גאָטס שליח, משיח בן דוד, וועט די וועלט דערלייזן. אברהם בן יצחקס בן־דור, דער דיכטער שלמה דאַפּיערא [1], וואָס האָט אליין שטאַרק געליטן פון די דעמאָלטיקע גזירות, פאַרענדיקט דאָס רוב זיינע קינות און קלאָגלידער מיט א פרייילעכן אַקאָרד, אין וועלכע עס קלינגט אזוי שאַרף די האָפענונג אויף באַלדיקער גאולה. „גרויס איז דער בראָך — קלאָגט דער דיכטער אין איינער פון זיינע עלעגיעס — שרעק און אומגליק פון אַלע זייטן, קלאָג און פּלאָג רינגלט אונז אַרום, אדום און סדום געוועלטיקן איבער אונז, מיר גייען געפאַנגען — פאַריאָמערט, פאַרוואָגלט, אין דרייען געבויגן. דאָך — ניט פאַרצווייפל, מיין האַרצגעליבטע! אָט באַלד דערשיינט דער וועכטער דער טרייער, און אָנזאָגן וועט ער: „שטיי אויף פון דיין טרויער!" שטיי אויף, מיין געליבטע, פאַרלאָז דעם טאָל פון יאָמער, דעם זיסן האָניק פון פרייד טו געניסן! וואַרף אַראָפּ דעם קנעכטישן מאַנטל פון גלות, באַווייז זיך אין די פּראַכט־געוועגטער פון שיינקייט און גליק!" [2].

אויך דער בעל „ברית מנוחה" דערלאַנגט דעם כּוס הנחמה, דעם בעכער פון טרייסט, זיינע פאַרטרויערטע ברידער: „אונזערע גרויסע צרות — לייענען מיר אין דעם „ברית מנוחה" — דאַרפן דאָך ניט אונ־זערע הערצער מיט קאַלטן יאוש דערפילן. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אז גראָד פאַרן באַגינען שטאַרקט זיך די פינסטערניש. דאָס זעען מיר אויך איצט: וואָס מער עס שטאַרקט זיך דער גלות און אַלץ גרעסער וואַקסט דער אומרעכט אויף דער וועלט — איז דאָס א רמז אויף א באַלדיקער גאולה. א סך פון די אויפגעקלערטע, בעת זיי האָבן די שרעקלעכע צרות דערזען, האָבן זיי גלייך דעם מוט פאַרלוירן און די אמונה פון די אָבות פאַרלאָזן; מיר אָבער, די פרומע און גאָטספאָרכטיקע, מיר פאַרלאָזן זיך אויף גאָטס גענאָד, מיר ווייסן דאָך: ער איז דער גאָט פון רחמים, ער וועט ניט פאַרלאָזן דעם שארית יוסף, דעם רעשט פונם פאָלק ישראל! ער וועט אונז ביישטיין אין דער גרויסער נויט און וועט אונז אַרויסהעלפן פון די חבלי משיח" [3].

---

1 זע ביילאַגע נומ' 10.

2 זע דאַפּיעראַס עלעגיע, וואָס ה. בראָדי האָט פאַרעפנטלעכט אין זיין מאָנאָ־גראַפיע „ר' שלמה דאַפּיאֵרה", 1893, 30—35.

3 „ברית מנוחה", דף ס"ו: „שכאשר האור בא אז החושך יתאמץ מאוד ויעלה כי המשחיתים מתפשטים בעולם וזהו רמז הגאולה כאשר יבוא יתאמץ הגלות ורבים מן המשכילים יכשלו בראותם בלבול הגלות והצרות הגדולות וכדי להנצל מפני חרב היונה

אַט דאָס, וואָס די פילאָזאָפיש געבילדעטע אינטעליגענץ, די „מתפלספים", זיינען בשעת דער קאַטאַסטראָפע דעם נסיון ניט בייגע־שטאַנען, און פילע פון זיי האָבן זייער שטאַם פאַרלאָזן און איבערגעגאַנגען צום קריסטנטום — דאָס האָט אינגאַנצן דיסקרעדיטירט אין די אויגן פון פאָלק ניט נאָר די „חכמת יוון", די גריכיש־אַראַבישע פילאָזאָפיע, נאָר אַפילו די נאַטורוויסנשאַפטן אויך. אַלץ שטאַרקער זיינען געוואָרן די מיסטישע שטימונגען, און פון דריי פאַרשיידענע ריכטונגען איז מען קעגן דעם ראַציאָנאַליסטישן אַריסטאָטעליזם אַרויסגעטראָטן און אים דעם קריג דערקלערט.

קעגן דער פילאָזאָפיע און אירע „אַפּיקורסישע" אידעען זיינען קודם־כל אַרויסגעטראָטן די אָנגעזעענסטע רבנישע אויטאָריטעטן פון יענער צייט. מנחם בן אברהם בן זרח, וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט אַלע שרעק פון יענער בלוטיקער בהלה־צייט און מיט אייגענע אויגן צוגעזען ווי די מערדער האָבן געשאָכטן אַלע זיינע אייגענע [1], רופט אויס מיט גרויס גרימצאָרן אין דער פאָררעדע צו זיין רעליגיעזן זאַמלווערק „צידה לדרך": „גאָטה הייליק וואָרט ווערט צו שאַנד און צו שפּאָט. פילע פון די „מתפלספים" מאַכן חוזק פון די פרומע און גאָטספאָרכטיקע, וואָס זיצן כל ימיהם און לערנען תורה. נאָך וואָס, זאָגן זיי, פאַרברענגט איר די גאַנצע צייט אין דינים און געזעצן, האָט צו טאָן מיט טמא און מיט

---

יצאו מן הדת וזהו שכתוב ועת צרה היא ליעקב וממנה יושע שיושיעם הקב"ה ברוב רחמיו ולא ימאסם לכלותם להפר בריתו אתם כי מלא רחמים הוא ויחנן השם צבאות שאירות יוסף ואשרי האדם המחזיק בתומתו ללכת בדרך הטובה ולהרחיק את עצמו מן הרעה בימים האלה אולי ימלט מן הצרות הנקראים חבלי משיח".

1 מנחמס פאָטער, אַ געבאָרענער אויס פראַנקרייך, האָט זיך באַזעצט נאָכן גירוש פון 1306 אין נאַוואַרע. אין 1328 איז פאָרגעקומען אַ בלוטיקער איבערפאַל אויף די אָרטיקע יידן; בשעת דער שחיטה זיינען אומגעקומען מנחמס עלטערן און פיר זיינע יינגערע ברידער. מנחם גופא, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען 13 יאָר, איז געלעגן שווער פאַרוואונדעט צווישן די הרוגים ביז שפּעט אין דער נאַכט, און זיין פאָטערס אַ באַקאַנטער ריכטער האָט אים דאָס לעבן געראַטעוועט. דער פאַריתומטער בחור האָט זיך דערלאַנגט קיין טאָלעדאָ, ווו ער האָט געלערנט ביים ראַ"שס זון, יהודה. בשעת דעם גרעאַנגל צווישן די צוויי ברידער פאַר דער קיניגס־קרוין, האָט מנחם זיין גאַנץ פאַרמעגן פאַרלאָרן. אַדאַנק דער מאַטעריעלער שטיצע פון דעם רייכן מעצענאַט און הויף־באַאַמטן, שמואל אברבנאל, האָט מנחם געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרענדיקן זיין זאַמלבוך פון יידישע דינים און געזעצן „צידה לדרך", וואָס איז, לויט דער מעלדונג פון פאַרפאַסער, געשריבן ספּעציעל פאַר די יידישע שררות און הויף־לייט, וועלכע מוזן בײַ זייער אַמטן פאַרקער מיט דעם קריסטלעכן אַדל ניט זעלטן עובר זיין אויף געוויסע מצוות און מנהגים" (זע וועגן די אַלע פּרטים די פאָררעדע צו „צידה לדרך", ערשטע אויסגאַבע, 1567).

טהור, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט עסן? וועגן דער ריינקייט פונם גוף זאָרגט איר אַזוי שטאַרק, וואָס טראַכט איר אָבער ניט וועגן אויסאיידלען די נשמה, באַפרייען זי פון נאַרישן אָבערגלויבן און ווילדן אומוויסן? באַטרונקען פון די פאַרשאָלטענע ביטערע געטראַנקען, וואָס זיי האָבן געשעפּט פון די גריכישע קוואַלן (בשתותם מי המרים המאררים אשר דלו מבור היוני), פּרעדיקן זיי מיט גדלות פאַרן גאַנצן פאָלק זייערע אפּיקורסישע געדאַנקען. זיי, וואָס גייען אויף קרומע וועגן און גראַבלען אין דער פינסטער, מיינען, אַז מיט זייער חכמה האָבן זיי אַריינגעדרונגען אין אַלע סודות פון די ווייטע הימלען און אַנטפּלעקט זיינען פאַר זיי אַלע געטלעכע מעשים. כדי אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם עול פון דער תורה און אומגעשטערט דערפילן די תאוות און זינדיקע באַגערן פון זייערע אויסגעלאַסענע הערצער, דערקלערן זיי מיט צביעות, אַז „רחמנא ליבא בעי“, אַז ניט די מעשים, ניט דער קיום המצוות זיינען וויכטיק, נאָר דאָס פאַרשטיין און וויסן. ווי איז צו זיי, וואָס זינדיקן אַליין און ברענגען אויך אַנדערע צו זינד! (אוי לנפשם כי חוטאים ומחטיאים הרבים).

ניט ווייניקער שאַרף איז אַרויסגעטראָטן קעגן די „מתפלספים“ דער ווייט באַקאַנטער ר׳ יצחק בר׳ ששת (ריב״ש) וועמעס שו״ת מיר האָבן שוין מערערע מאָל ציטירט [1]. דאָס איז געווען אַ שטרענגער אָרטאָדאָקס, וואָס האָט געקעמפט קעגן דעם מינדסטן פרייען געדאַנק אויפן רעליגיעזן געביט. מיט קולי קולות איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן דעם רב פון אושקע, ר׳ חיים גאַליפּאַפּאַ, און אים באַשולדיקט, אַז ער „צעשטערט די פעסטונג פון דער אמונה“, בלויז דערפאַר, וואָס יענער האָט דערקלערט, אַז מען מעג זיך קעמען אום שבת, און ער איז אויך געווען אַ שטיקל מקיל אין אַזעלכע פראַגן, ווי יין נסך [2]. אַליין ניט פרעמד פון פילאָזאָפישער בילדונג [3], איז ער דאָך געווען אַ קעגנער פון נאַטורוויסנשאַפטן, ווייל יענע

[1] דער ריב״ש איז געבאָרן אין 1326, געווען רב אין סאַראַגאָסאַ און וואַלענסיאַ; נ;ך דער קאַטאַסטראָפע פון 1391, וועלכע ער באַקלאָגט אין זיין עלעגיע „לשוד עירי“ איז ער אַנטלאָפן פון שפּאַניע און זיך באַזעצט אין אַלזשיר, וווּ ער איז געשטאָרבן אין 1408. פון די ווייטסטע מדינות האָט מען זיך צו אים געווענדט מיט שאלות וועגן פאַרשיידענע רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע אָנגעלעגנהייטן, און די „שו״ת ריב״ש“ (518 נומערן) זיינען איינע פון די וויכטיקסטע קוועלן, וואָס שילדערן דעם קולטורעלן מצב ביי די יידן אין שפּאַניע פאַר יענער תקופה.

[2] שו״ת ריב״ש, נומ׳ 394.

[3] זע, צום ביישפּיל, די שו״ת: נומ׳ 118 און 438—439 וועגן דעם מהות פון גאָטס וויסן.

„צעשטערן די יסודות פון דער תורה און האקן אונטער אירע וואָרצלען" (מפני שהם מתאמצים לעקור עקרי תורתנו הקדושה). זייער פאַרפירונגס־קראַפט איז אַזוי גרויס, שטרייכט אונטער דער ריב"ש, אַז אפילו אַזעלכע גאוני התורה ווי דער רמב"ם און דער רלב"ג זיינען דורך זיי אַראָפּ פונם ריכטיקן וועג און צייטנווייז אַרויסגעזאָגט אַזוינע געדאַנקען, וואָס שמעקן ממש מיט אַפּיקורסות „ואסור לשומעם". בפרט אין אונזערע צייטן, איז מוסיף דער ריב"ש, האָבן מיר דאָך געזען, ווי פילע פון די וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט די דאָזיקע חכמות, האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם עול פון דער תורה און זיך אָפּגעקערט פון אַלע מצוות און געבאָטן [1].

מען דאַרף ניט חקירהן — זאָגט דער פאַרביטערטער און פאַרוואָגלטער ריב"ש — מיר דאַרפן זיך אינגאַנצן סומך זיין אויף אונזערע חכמים, אפילו ווען זיי זאָגן אויף רעכטס לינקס און אויף לינקס רעכטס, וואָרעם זיי האָבן דאָך באַקומען בקבלה „איש מפי איש עד משה רבנו ע"ה" דעם ריכטיקן פּשט און באַטייט פון אַלע מצוות, מיר קאָנען און דאַרפן אָבער זיך ניט פאַרלאָזן אויף די גריכישע און אַראַבישע חכמים, וואָס זאָגן בלויז אַרויס זייערע אייגענע סברות" [2].

מיט נאָך אַ גרעסערן ירגזון טרעט אַרויס קעגן די ראַציאָנאַליסטן און פרייידענקער דער התלהבותדיקער מיסטיקער שם־טוב בן שם־טוב, דער פאַרפאַסער פונם באַקאַנטן קבלה־ספר „ספר האמונות". שוין אין דער פאָררעדע צו זיין ווערק איז שם־טוב בן שם־טוב זיך שטאַרק מתרעם אויף די „מתפלספים" דערפאַר, וואָס די חכמת היהדות באַקומט ביי זיי אַ ריין פילאָזאָפישן לבוש, און לויט זייער שיטה דערגרייכט צו דער מדרגה פון אומשטאַרבלעכקייט בלויז דער, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט „חכמות עיוניות" און שאַרפט זיין געדאַנק מיט פילאָזאָפישע חקירות. עס איז קלאָר, טענהט שם־טוב בן שם־טוב [3], די דאָזיקע לערע פון די חכמי יוון, אַז נאָר דורך פילאָזאָפישער חקירה באַהעפט זיך דעם מענטשנס נשמה צום „שכל הפועל" — לייקנט פאַקטיש אָפּ דעם גלויבן אין שכר ועונש. דער מענטש מעג זיין אַ צדיק תמים מיט די שענסטע און איידלסטע מידות, זיין גאַנץ לעבן מעג זיין אַ גאָלדענע קייט פון מעשים־טובים און מסירת־נפש, וויבאַלד אָבער ער האָט זיך ניט פאַרטיפט אין די „מושכלות", אין די אַבסטראַקטע פילאָזאָפישע באַגריפן — „לא נשאר ממנו מאומה", „היה

1 דאָרטן נומ' 45.

2 דאָרטן, נומ' 447.

3 מיר ציטירן נאָך דער ערשטער פעראַרער אויסגאַבע פון 1556.

כלא היה", ווערט זיין נאָמען פארגעסן און פארלוירן, און עס בלייבט פון אים קיין זכר ניט איבער. דער רשע אָבער, ער מעג טאָן „כל רעות שבעולם", אבי נאָר דאָס האָט אים ניט געשטערט צו דערווערבן וויסנ־שאַפטלעכע ידיעות — באַהעפט זיך זיין אינטעלעקט צום „שכל הפועל", און ער געפינט זיך אונטער דער השפעה פון דער געטלעכער השגחה. בעת איך בין ווי ווייט מעגלעך אריינגעדרונגען אין זייערע געדאַנקען, רופט אויס דער בעל „ספר האמונות", — אויפגעפלאַקערט האָט אין מיר דער פלאַם פון צאָרן. איך האָב ארויסגעזען, אַז די דאָזיקע לערע איז אַ שרעק־לעך אומגליק פארן פאָלק ישראל, אַז דאָס ברענגט צו שמד און כפירה. מיר האָבן דאָך געזען, ווען עס איז געשען דער גרויסער בראָך און אויס־געגאָסן איז איבער אונז געוואָרן דער צאָרן פון גזירות און שמדות, זיי־נען אונזערע געלערנטע און „מופלגים בחקירה" גלייך אָפטריניק געוואָרן און האָבן כופר בעיקר געווען. עס איז קיין שום ספק ניט, אַז דורך זייער שולד זיינען עס אונזערע קהילות חרוב געוואָרן. זיי, די ווילקענעוודיקע און „פילאָזאָפירנדיקע", זיינען די ערשטע פורצי גדר געווען און אין דער תורה געפעלשט; און נאָך זיי זיינען נאָכגעגאַנגען פילע פון פשוטן פאָלק, און מיר זיינען געבליבן פארוויסט און פארלאָזן. ווייבאַלד זיי זיינען געקו־מען צום באַשלוס, אַז לית דין ולית דיין, אַז עס ווערט ניט באַצאָלט ניט פאַר גוטס ניט פאַר שלעכטס, און נאָר די פילאָזאָפישע חקירה איז דער עיקר, בלויז זי איז גורם די שפע פון דער השגחה — קאָן מען דאָך דאָס פיל לייכטער דערגרייכן, ווען מען איז אַ „בן חורין", און מען קאָן פירן אַ פריי און רויִק לעבן, ניט בלייבן אַ קנעכט אין פינסטערן גלות [1].

און מער פון אַלע איז אין דעם שולדיק, לויט שם־טוב בן שם־טובס מיינונג, דער רמב"ם. „דאָס האָבן עס זיינע ווערק, רופט ער אויס מיט גרימצאָרן, גורם געווען, וואָס די קינדער פון דעם יידישן פאָלק האָבן כופר געווען אין דעם גאָט פון זייערע אָבות!" [2]. זיינע דעות זיינען פיל

---

[1] „ספר האמונות", דף ד' עמ' א': „וכאשר חקרתי דבריהם מה שיכולתי לעמוד עליהם, בערה בקרבי שלהבת, כי פרחה בבני ישראל צרעת ממארת, וראיתי כי בכל הדורות האלה כפרו והמירו המופלגים בחקירה, ואין ספק כי כאשר תקפונו הצרות וגזרות השמד בסבה זו אבדו קהילנו, כי המפולפלים והמתחכמים עזבו התורה ופרצו גדרה ונמשכו אחריהם בני האומה עד שיבשו עצמותינו אבדה תקותינו, כי אחר שהסכימו כי אין דין ואין חשבון על טוב ועל רע ולטובים מהם ימשך השפע אחר התבוננותם בנמצאות הנה הוא פנוי ויגיע אל מחוז חפצו בהיותו בן חורין ולא בהיותו עבד".

[2] דאָרטן, שער ב', פרק ד': „עד שספריו וחזקתו הם היו סבת כפירת בני ישראל בד' אלקי אבותם", אָט די דאָזיקע שאַרפע רייד קעגן דעם בעל „המורה" האָבן

געפערלעכער פון אריסטוס לערע, ווארעם ער איז דאך געווען א גאון התורה, א גדול בישראל, און מיט זיין גרויסן אויטאריטעט האט ער פילע אראפגעפירט פון וועג.

עס איז כאראקטעריסטיש, וואס שם־טוב בן שם־טוב שטעלט ארויס אלס מיימונים פולן קעגנזאץ —דעם בעל „ה„וזרי". ווער עס וויל גאט דינען — רופט אויס מיט התפעלות שם־טוב בן שם־טוב — דער מוז ליב קריגן דאס בוך פונם לוי. די טיפע דעות, וואס ווערן דארט ארויס־געזאגט, זיינען דער פולער היפך פון דעם, וואס ס'לערנט דער מחבר פונם „מורה נבוכים"... ניט וויניקער שארף טרעט שם־טוב בן שם־טוב ארויס קעגן דעם צווייטן יידישן פרייען דענקער — ר' לוי בן גרשון. „דער דא־זיקער מענטש — רופט אויס מיט כעס שם־טוב בן שם־טוב — האט גע־האט די הפקירות צו אנטפלעקן אין זיין בוך „דאס גערעאנגל מיט גאט" (בספר מלחמותיו עם השם) אזוינע זאכן, וואס די פריערדיקע מורדים האבן געהאלטן פאר נייטיק צו פארהוילן" [1]. דער רלב"ג איז דערפאר אין זיינע אויגן א „נידערטרעכטיקער רשע" [2].

אין די פילאזאפיע ביי שם־טוב בן שם־טוב אין די אויגן דער אבן־נגף פארן פאלק ישראל — האלט ער דערפאר די קבלה פאר די הייליקע, איינציק אמתע תורה, וואס איז דער יסוד אין די שטיצע פונם גאנצן יהדות. ווי דער בעל „ברית מנוחה" אזוי איז אויך שם־טוב בן שם־טוב פעסט איבערצייגט, אז די סודות פון חכמת הנסתר זיינען איבערגעגאנגען בקבלה פון דור צו דור נאך פון אדם הראשונען אן, און יענעם האבן זיך די דאזיקע סודות אנטפלעקט און ער האט זיי פארשריבן אין דעם היי־ליקן קבלה־ספר „רזיאל" [3]. מיט גרויס כוונה און מיט יראת־הכבוד פלייסט זיך דער דאזיקער התלהבותדיקער מיסטיקער איבערצוגעבן „אות באות און ווארט ביי ווארט" די גאלדענע קייט פון קבלה און מסורה, ווי ס'האבן

דעם התלהבותדיקן מיסטיקער פילע ניט געוואלט מוחל זיין. מיט צוויי דורות שפעטער האט דער באקאנטער רבנישער שריפטשטעלער משה אלאשקאר געהאלטן נאך פאר נייטיק ארויסצוטרעטן מיט א פאמפלעט קעגן שם־טוב בן שם־טוב, ווו דער בעל „ספר אמונות" ווערט דערקלערט אלס „ליגנער, זייפן און רמאי". „אמר הכותב — שרייבט אלאשקאר אין זיינע „השגות" — לא אמת ולא יציב אבל שוא ודבר כזב ושוד ושקר; אמר הכותב: נוח לו לזה המשיב שלא היה נברא או שהיתה שליָתו נהפכת על פניו ולא היה כותב דברים כאלו על עמוד העולם; והנה מזוייף הזה גנב דעתנו מדברי הרמב"ם ז"ל בכדי לגנוב דעת הבריות"...

1 דארטן, שער ד', פרק י"ט.

2 זע „החלוץ", VII, 93.

3 „ספר אמונות", שער ג', פרק ב'.

זי איבערגעגעבן „די חכמים און די גאוני הישיבה פון בבל". ער שטיצט זיך דערביי ניט נאָר אויפן „זוהר" און אויפן „ספר הבהיר", וואָס ער האַלט זיי פאַר גאַנץ קדמונישע ספרים, ער ציטירט אויך גאַנץ אָפט אַלס גרויסע אויטאָריטעטן אין חכמת הקבלה אַ „גאון גדול רב קשישא"[1] און אויך די בעלי־קבלה ר' משה מבורגוס [2] און ר' יצחק הכוהן[3], וועגן וועלכע עס רעדט אויך מיט גרויס רעספּעקט יצחק אַלבאַלאַג.

עס איז דערביי כדאי דאָ אָנצומערקן איין כאַראַקטעריסטישן שטריך. דער דאָזיקער ספרדישער מיסטיקער פלייסט זיך באַזונדערס אונטערצושטרייכן, וואָס פאַר אַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון דער חכמת הקבלה עס האָבן געשפּילט די „חכמי אשכנז", די בעלי הקבלה פון די ריין־פּראָווינצן. ער ציטירט דערביי ניט נאָר ר' יהודה חסיד און אלעזר דעם בעל „הרוקח", נאָר אויך פילע אַנדערע דייטשע מיסטיקער, וואָס זייערע ווערק זיינען צו אונז ניט דערגאַנגען. ער איז פעסט איבערצייגט, אַז גראָד די „חכמי אשכנז" זיינען געווען די טרייע טרעגער פון דער אומגעפעלשטער „שלשלת הקבלה"; זיי האָבן עס באַקומען די סודות פון דער דאָזיקער חכמה אוים בבל פון די „גאוני הישיבה הקדושה שבמתא מחסיא" (די גאונים פון דער ישיבה אין סוראָ), פון דאָרט האָבן זיי אויך באַקומען דעם הייליקן „ספר הבהיר", און אדאַנק זיי, די „חכמי אשכנז", איז דער דאָזיקער ספר באַקאַנט געוואָרן אויך אין דער פּראָוואַנס און אין שפּאַניע [4].

ווי דער ריב"ש אזוי דרינגט אויך דער בעל „ספר האמונות", אַז דער עיקר איז — אמונה, בלינדער, פעסטער גלויבן אָן שום ספיקות; אַז אַלץ, וואָס ס'איז איבערגעגעבן דורך מסורה פון די אָבות, איז דער ריכטיקער לויטערער אמת. אַלע מעשיות וועגן שדים און מזיקין, וועגן כישוף, כוחות הטומאה און מלאכי חבלה, וועגן גיהנום און גן־עדן, אַלץ וואָס גייט איבער בקבלה פון דור צו דור, פון די הייליקע ספרים, דעם „הבהיר" מיטן „זוהר" ביז אדם הראשון, און דאָס ווערט באַשטעטיקט דורכן „הסכם פונם המון" (בהסכמת ההמון) — דאָס אַלץ איז הייליק און מען דאַרף אין דעם גלויבן באמונה שלמה [5]. נאָר דורך אַזאַ בלינדן און פעסטן גלויבן קאָן געהאָלפן ווערן דאָס פאָלק ישראל...

---

[1] דאָרטן, שער ג', פרק י"ד.

[2] דאָרטן, שער ה', פרקים א—ב.

[3] דאָרטן, שער ה', פרקים ט—י.

[4] דאָרטן, שער ג', פרק ב', שער שמיני, פרק ט'.

[5] דאָרטן, שער ה', פרק א', שער ה' פרק כ', שער ו' פרק ח'.

מען דארף ניט חקירהן, טענהט דער בעל „ספר האמונות", ניט הערן די געלערנטע און ווילקענעוודיקע, דער העכסטער אויטאָריטעט איז — „הסכמת ההמון". אזא ארט קעגנער איז פאקטיש ניט געווען באזונדערס געפערלעך פאר דער פילאָזאָפיש-ראציאָנאַליסטישער שטרעמונג. צו אלט-פרענקיש איז געווען דער דאָזיקער קעגנער, צו שטארק איז נאָך געווען ביים שפאנישן יידנטום דער אינטערעס צו פילאָזאָפישע פראָבלעמען, עס זאל זיך קאָנען באפרידיקן מיט דער תורה פון דעם דאָזיקן פארברענטן מיסטיקער. אין דער זעלבער צייט איז אָבער אויס דעם פילאָזאָפישן לאַגער גופא ארויסגעטראָטן א געלערנטער, באוואָפנט מיטן שטארקן געווער פון אלזייטיקן וויסן, און ער האָט געהאט דעם מוט דער ערשטער צו שטורעמען די ריזיקע, אין משך פון לאנגע דורות באוווּנדערטע פעסטונג, וואָס האָט אזוי קונציק אויפגעבויט דער גרויסער גריכישער דענקער — אריסטו. דער דאָזיקער מאַן, וואָס האָט מיט זיין שטארקער האַנט אומ-בארעמהארציק דערשיטערט די יסודות פון דער אריסטאָטעלישער שיטה, וועל-כע אלע ביז אים האָבן געהאלטן פאר אומבאצווייפלבאר אויף אייביקע צייטן — איז געווען חסדאי בן אברהם קרשקש.

* *
*

חסדאי קרשקש שטאמט פון א זייער חשובער און אָנגעזעענער פאמיליע אין בארצעלאָנע. דער זיידע זיינער, חסדאי בן יהודה, א באַ-דייטנדיקער תלמודיסט, איז געווען דעם ריב"שס רבי. חסדאי גופא [1], וואָס האָט געלערנט תורה ביים בארימטן רבנו ניסים (ר"ן), האָט געשעמט אלס אײנער פון די באדייטנדיקסטע תלמודיסטן פון זיין צייט. די גרעסטע רבנים (צווישן זיי אויך דער ריב"ש) פלעגן זיך ווענדן צו אים מיט שו"ת קיין סאראגאָסע, ווו ער האָט געלעבט א לענגערע צייט. אלס מאַן פון אלזייטיקן וויסן און פילאָזאָפישער בילדונג, האָט קרשקש פארנומען א אָנגעזעענע שטעלע ביים מלך פון אראַגאָן זשואַן דער ערשטער [2]. די

1 חסדאיס געבורטס-יאָר איז אומבאַקאַנט. מע איז בלויז משער, אַז ער איז געבאָרן בערך אינם יאָר 1340. געשטאָרבן איז ער באַלד נאָך 1410.

2 וועגן זיין אָנגעזעענער לאַגע ביים אַראַגאָנער הויף שרייבט יוסף יעבץ אין זיין „אור החיים" (קאַפּ' צוועלף): „הרב ר' חסדאי אשר גבה בשכלו על כל הפילוסופים אשר בזמנו, אפילו חכמי אדום וישמעאל וכל שכן חכמי ישראל, וגדול לאלהיו היה, כי קרא אל ד' וענהו במקהלות רבבות עמים רבים ונתקדש השם על ידו, ורבים מגדולי המלכות נתיהדו בלבם ואהוב להמלך אבי אביו של מלך ספרד והגדול שבְכל יועציו, כִי בלעדיו לֹא ירים המלך את ידו לַעשות קטנה אוֹ גְדולה".

קאַטאַסטראָפע פון 1391 האָט שווער געטראָפן קרשקשן: זיין זייער באַגאַבטער צוואַנציק־יאָריקער זון איז אַלס „קדוש" אומגעקומען אין באַרצעלאָנע. אין זיין באַקאַנטן בריוו, וואָס ער האָט געשיקט צו די קהילות פון אַוויניאָן [1], דערציילט ער וועגן דעם טראַגישן טויט פון זיין געליבטן זון אין פאָלגנדיקע האַרציקע שורות: „פילע האָבן זיך מוסר־נפש געווען פון גאָטס נאָמען וועגן, צווישן זיי אויך מיין זון מיין איינציקער, אַ יונגער חתן. אַלס אומשולדיקן קרבן האָב איך אים געבראַכט; און טרייסטן טו איך מיך דערמיט, אַז ווייל און גוט איז אים, וואָס אויף אים איז געפאַלן דער גורל און זיס און ליכטיק אין זיין חלק" [2].

דעם זונס טויט און די בלוטיקע גזירות אויף די ספרדישע קהילות האָבן בלי־ספק געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף חסדאים רעליגיעזע שטימונג. די פאָלקס־לעגענדע שילדערט דעם באַרימטן רב און דענקער אַלס געטלעכן און הייליקן מאַן, וואָס האָט געהאַט בכוח ווונדער צו שאַפן, און „דורך זיי גאָטס נאָמען צו דערגרייכן אין די אויגן פון די אומות העולם" (ונתקדש השם על ידו) [3]. און חסדאים בן־עיר, שלמה דאַפיעראַ, דערקלערט אין זיין הספד אויף חסדאים טויט: „אַוועק איז פון אונז דער געזאַלבטער כרוב! אַפגעטאָן האָט זיך פאַר אונזערע זינד דער הייליקער אָרון מיט די לוחות צוזאַמען!" [4]

קרשקש איז ווירקלעך געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן זיין פאָלק און זיין אמונה, און דעם קאַמף פאַר דעם יידישן גלויבן האָט ער אָפּגעגעבן זיינע ריזיק גרויסע גייסטיקע כוחות. אין 1396, אין דעם זעלבן יאָר, ווען דער אפודי האָט פאַרענדיקט זיין „כלימת הגויים", האָט קרשקש אויף שפּאַנישער שפּראַך פאַרעפנטלעכט זיין גלענצנד פּאָלעמיש ווערק „Tratado" [5], וווּ עס ווערן אַזוי שאַרף קריטיקירט די וויכטיקסטע

---

[1] דער דאָזיקער „כתב", וואָס קרשקש האָט געשיקט אין מרחשון קנ"ב, ווו עס ווערן איבערגעגעבן די שרעקלעכע פּרטים פון דער גרויסער שחיטה, איז אַ זייער וויכטיקער היסטאָרישער דאָקומענט (פאַרעפנטלעכט אין „שבט יהודה", ווינערס אויסגאַבע, 1855).

[2] „רבים קדשו ד' בתוכם בני יחידי חתן, שה תמים העליתיו לעולה, אצדיק עלי הדין ואתנחם לטוב חלקו ולנעימות גורלו".

[3] זע דאָס אויבן ציטירטע ווערק פון יוסף יעבץ; אויך יוסף מיכאלס „אור החיים" 421—2; וויים, „דור דור ודורשיו", V, 139.

[4] ח. בראָדי, „ר' שלמה דאפיארה", 28:

נלקח כרוב ממשח ושח רומו — וכל יודעיו עלי יומו אהה; נשמו
נלקח ארון קודש בלוחות דת — בעד חטאת המוננו אשר נכתמו.

[5] דער אָריגינאַל איז פאַרלאָרן געגאַנגען, דערגאַנגען צו אונז איז בלויז די העברעישע איבערזעצונג „ספר ביטול עיקרי הנוצרים", וועלכע ס'האָט פאַרענדיקט

עיקרים פון דעם קריסטלעכן גלויבן[1]. ווי זיין בן־דור, דער בעל „הנצחון״, דעקט אויך קרשקש אויף די פילע סתירות אין די דערציילונגען, וואָס די פיר עוואַנגעליסטן ברענגען. באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר אונזער יידישן דענקער זיינען די צאָרנדיקע שורות, אין וועלכע ער פּאָלעמיזירט קעגן דעם באַקאַנטן עוואַנגעלישן זאַץ, אַז „עס שלאָגט דיך איינער אויף דער רעכטער באַק — שטעל אונטער אויך די לינקע״. „ווי — רופט קרשקש אויס — זיך אַליין מיטן גוטן ווילן איבערגעבן אויף שאַנד און דערני־דערונג? דאָס איז אַ בלוטיקע זינד, אַ שווער פאַרברעכן קעגן דעם גרונט־געבאָט: ואהבת לרעך כמוך. אויף יעדן מענטשן ליגט דער חוב זיך פאַר־האַלטן מיט אַכטונג און מיט ליבע צו זיין פּערזענלעכקייט, אויך דאַרף מען דעם צווייטן ניט ברענגען אין נסיון, ניט געבן אים די מעגלעכקייט זיך מיט אומרעכט צו באַשמוצן און זיך פאַרזינדיקן קעגן דעם צלם אלהים, וואָס שטעקט אין יעדן מענטשן. יענעם אַרויספאָדערן אויף אַ זינד — איז אַ דאָפּלטע זינד״.

ניט ווייניקער שאַרף טרעט אויך קרשקש אַרויס קעגן דער לערע פון דעם שליח פּוילוס, אַז גאָטס צאָרן האָט געקאָנט באַגיטיקט ווערן בלויז דורך דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט פון גאָטס אייגענעם זון. אימהדיק און אומגעלומפּערט האָט ביי קרשקשן אין די אויגן אויסגעזען דער געדאַנק, אַז בלויז דער טראַגישער טויט פון דעם אייגענעם אומשול־דיקן זון האָט געקאָנט גאָט באַפרידיקן און אין ליבע אומוואַנדלען זיין האַס און גרימצאָרן אויף די זינדיקע מענטשן. אוממאָראַליש רעכנט ער דעם געדאַנק, אַז דער אומשולדיקער קרבן זאָל זיין באַוויליקט פון גאָט, און זאָל ביי אים אָנגענומען ווערן אַלס ענדגילטיקע כפרה פאַר די אַלע קומענדיקע זינד, וואָס עס ווערן פאַרבראָכן באַגאַנגען דורך די שפּעטערדיקע פאַרדאָרבענע דורות...

קרשקש אַליין איז געווען אַ עדות און צוגעזען, ווי פילע אין זיין דור זיינען אָפּטרינניק געוואָרן, האָבן געפעלשט אין זייער אמונה און גע־

---

אין 1451, יוסף בן שם־טוב. קרֶשקש ווייזט אָן, אַז דאָס ווערק האָט ער פאַרפאַסט אויפן ווונטש פון אייניקע אָנגעזעענע הויף־לייט (וואָרשיינלעך יידישע): „שרים ונכבדים בקשו ממני ויפצרו בי לחבר מאמר יודיע בו הספקות והבטולים אשר יעשו שומרי תורת משה ע״ה נגד אמונת הנוצרים״. אין גרעצס השערה, אַז דאָ רעדט עס חסדאי וועגן ק ר י ס ט ל ע כ ע „שרים ונכבדים״ — איז שווער צו גלויבן.

1 דער חטא פון אדם הראשון, דער גואל אַלס קרבן, די דרייאייניקייט, די גאָטהייט אין מענטשלעכן לבוש, די יונגפרוילעכע געבורט, דאָס סימבאָלישע געניסן פונם געטלעכן קרבן (דער הייליקער אָוונטמאָלצייט), די טבילה, ישו אַלס גואל, ברית חדשה, דער גלויבן אין רוחות און שדים.

וואָרן די גיפטיקסטע שונאים פון זייערע געוועזענע ברידער. און אין דעם געוואַלדיקן שמד, צווישן די דאָזיקע „מומרים להכעים" און מלשינים האָבן אַזאַ באַדייטנדיקע ראָלע געשפּילט די פאָרשטייער פון די ראַציאָנאַליסטיש־פילאָזאָפישע קרייזן. ער האָט אָבער זיך ניט געקאָנט באַנוגענען מיט דעם פּועל־יוצא, צו וועלכן אַנדערע גאָטספאָרכטיקע מענער פון זיין צייט זיינען געקומען: צו פאַרבאָטן יעדער חקירה בכלל, דערקלערן יעדע ווויסנשאַפט אַלס כפירה, וואָס שטאַמט פון פרעמדע „פאַרגיפטעטע" קוואַלן. ניט פאַרבאָטן, נאָר קריטיש באַלייכטן, ניט זיך אָפּצוימען פון אַלע פרעמדע וועגן, נאָר מוטיק זיי אויספאָרשן, מיט דער שיין פון וויסנשאַפט אויפדעקן זייערע פאַלשע צילן, זייערע שטעכיקע שטרויכל־שטיינער און געפערלעכע זומפּן. אָט די אויפגאַבע האָט פאַר זיך חסדאי קרשקש געשטעלט.

קרשקש האָט אַזוי קלאָר פאַרשטאַנען, ווי נוצלאָז עס זיינען די אַלע פּרוּוון פון די פשרה־מאַכערס, וואָס פלייסן זיך צו דערווייזן, אַז די תורת משה שטיצט זיך אויף די אייגענע יסודות, וואָס אַריסטוס פילאָזאָפיע, וועלכע איז דאָך, לויט קרשקשס איבערצייגונג, אַזוי פרעמד, אַזוי גרונט־פאַרשיידן דעם גאַנצן מהות פון דער יידישער אמונה. ער איז געקומען צום באַשלוס, אַז מען מוז קודם־כל מאַכן אַ סוף צו דעם „עירבוב התחומין"; עס דאַרפן שאַרף אָנגעמערקט ווערן די גרענעצן, וואָס טיילן אָפּ דאָס רעליגיעזע געביט פונם ספּעקולאַטיוו־פילאָזאָפישן. נאָר בכדי מיט ערפאָלג צו דערפילן די פאַר זיך געשטעלטע אויפגאַבע, האָט קרשקש געוואַגט אויף אַזאַ אונטערנעמונג, וואָס האָט אין מיטלאַלטער אויסגעזען אַלס אומדערהערטע חוצפה: אַרויסטרעטן מיט דער שאַרף פון קריטיק קעגן אַריסטוס אומבאַגרענעצטן אויטאָריטעט, באַווייזן, אַז אָט דער אַריסטישער גראַנדיעזער, פעסט־געשלאָסענער און פון אַלע אַזוי באַוואונדערטער בנין, איז געבויט אויף גאַנץ שוואַכע יסודות.

„פילע פון אונזער פאָלק — שרייבט קרשקש אין דער הקדמה צו זיין הויפּטווערק — האָבן די פּראָפעטישע רייד פון אונזערע נביאים און די סודות, וואָס זיינען אין זיי באַהאַלטן, באַצירט מיט פרעמדע אידעען. דאָס האָבן מיט באַגייסטערונג געטאָן אַפילו אונזערע גדולים בראש מיט דעם גרויסן גאון רבנו משה בן מיימון. ביי זיין גרויס חריפות און אויסערגעוויינלעכן תלמודישן וויסן, איז ער געווען אַזוי ווייט אַנטציקט פון דער פילאָזאָפישער אידעען־וועלט, אַז פילע פון אירע גאַנץ שוואַכע און אומבאַגרינדעטע הנחות האָט ער אין זיין „מורה נבוכים" אויסגעגעבן פאַר די ווינקלשטיינער, אויף וועלכע עס שטיצן זיך די יסודות פון דער תורה. זיין כוונה איז געווים געווען לטובה, צווישן זיינע נאָכפאָלגער האָבן זיך

אָבער באַוויזן אַ סך ווידערשפּעניקע קנעכט (עבדים המתפרצים), זיי האָבן געפּעלשט און פאַרדאָרבן די לערע פון זייער רבין, און פון גאָטס לעבע־דיק וואָרט געמאַכט אַפּיקורסות און כּפירה. ביי דעם גרויסן פּלאָנטער האָט יעדער געפּרוווט אַריינלייגן אין דעם ביבל־טעקסט אַן אַנדער מיין. אַלע זיינען ביי אונז געווען אַזוי פאַרבלענדט פון דער גריכישער פילאָ־זאָפיע, אַז קיינער האָט דעם מוט ניט געהאַט צו פּרוון קריטיש זי באַ־לייכטן. דערפאַר האָב איך, וואָס מיינע אויגן זיינען דערלויכטן געוואָרן, אָנגענומען דעם באַשלוס, אָביעקטיוו, אָן שום פּניות, זוכנדיק בלויז דעם ריינעם אמת, באַטראַכטן די ווינקלשטיינער, אויף וועלכע עס שטיצט זיך אונזער תורה, אויספאָרשן דעם צענטראַל־פונקט, וואָס ברענגט אַלץ אין באַוועגונג״.

קרשקש האַלט פאַר נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז ער האָט כּלל ניט בדעה צו קעמפן קעגן מיימוניז, וואָס זיין נאָמען איז ביי אים באַליבט און חשוב [1]; „אָבער, איז קרשקש מוסיף, דער אמת איז ביי מיר טייערער פון אַלץ, און דאָרט, ווו עס האַנדלט זיך וועגן חילול השם — „אין חולקין כּבוד לרב״. און ווייל די הויפּט־סיבה פון אַלע מיימונים טעותן נעמט זיך פון אַריסטוס לערע און זיינע הנחות, האָב איך מיר געשטעלט די אויפגאַבע צו דערווייזן פאַר דער גאָרער וועלט, אַז די דאָזיקע הנחות פונם גריכישן דענקער זיינען פאַלש און אומבאַגרינדעט, און אַז אין רע־ליגיעזע פראַגן קאָן נאָר די תורה געבן אַ באַפרידיקנדיקן ענטפער און אַריינברענגען ליכט אין אַלע טונקעלע פּראָבלעמען״.

צו דעם דאָזיקן צוועק האָט קרשקש פאַרפאַסט זיין באַרימט ווערק „אור ה׳״. העכער פינף יאָר האָט ער געאַרבעט איבער דעם דאָזיקן ווערק [2], וואָס ס׳האָט אייגנטלעך לויט דעם פאַרגענומענעם פּלאַן געזאָלט זיין בלויז דער טעאָרעטישער טייל פון אַ גרויס ריזן־ווערק „נר אלהים״, אַ מין „כּל־בו״ פון יידישן וויסן, ווי מיימונים „משנה תורה״. דאָס דאָזיקע ווערק איז שוין אָבער קרשקש ניט ביכולת געווען אויף דער וועלט צו

[1] דאָך האָט זיין ווערק אַרויסגערופן אַ גרויסע אומצופרידנקייט צווישן די מיימו־ניסטן, און קרעשקש האָט געהאַלטן פאַר נייטיק צו בעטן זיין תלמיד זרחיה, יענער זאָל אין זיין נאָמען האַלטן אַ ספּעציעלע דרשה, בכדי צו באַרויִקן די אויפגעבראַכטע אָנהענ־גער פונם בעל „מורה נבוכים״ (זע „החלוץ״, VII, 96—101).

[2] לויט אַ צושריפט אין סוף פון דעם מאַנוסקריפּט, מיט וועלכן ס׳האָט זיך באַנוצט דער פאַרלעגער פון דער ווינער אויסגאַבע „אור ה׳״, איז דאָס ווערק פאַרענדיקט געוואָרן אין 1410 (בחודש זיו שנת מאה ושבעים). קרעשקש אַליין ווייזט אָבער אָן, אַז אייניקע קאַפּיטלעך פון זיין ווערק האָט ער שוין געהאַט אָנגעשריבן אין 1405 (ווי צום ביישפּיל דער אַכטער קאַפּיטל פון מאמר שלישי).

ברענגען, וואָרעם ער איז געשטאָרבן באַלד נאָכדעם, ווי ער האָט פאַרענ־דיקט זיין „אור ה׳״ [1].

קרשקש גיט אין זיין ווערק פאַקטיש פיל מער ווי ער זאָגט צו. אויפן ערשטן קוק קאָן אויסוויזן, אַז דער פאַרפאַסער שטייט אויפן ריין אָרטאָ־דאָקסישן שטאַנדפונקט: מען טאָר ניט רירן קיין פּינטעלע פון דער הייליקער מסורה און פון דעם, וואָס די קדמונים האָבן מתקן געווען. דאָס איז אָבער בלויז דער אייבערשטער לבוש. דער אָרטאָדאָקסער רב איז אין דער זעלבער צייט אַ טיפער דענקער, וואָס האָט ניט נאָר אונטערגעגראָבן דעם שטאַרקן בנין, וועלכן דער אַלטער גריכישער גאון האָט אַזוי קונציק אויפגעבויט, נייערט אויך געלייגט די ערשטע גרונטשטיינער פון דער נייער פילאָזאָפיע, און באַרייכערט די פילאָזאָפישע וועלט מיט נייע פרוכט־באַרע אידעען, וואָס זיי האָט שפּעטער מיט אַזאַ ערפאָלג אויסגענוצט דער גרויסער פילאָזאָפישער גאון ברוך שפּינאָזע [2].

---

[1] דער „אור ה׳״ איז צום ערשטן געדרוקט אין פערראַראַ אין 1555 און איבער־געדרוקט אין יאָהאַניסבורג אין 1861. מיט אַ יאָר פריער (1860) איז דער „אור ה׳״ דערשינען אויך אין ווין, און דער פאַרלעגער האָט זיך ביי דער אויסגאַבע באַנוצט מיט אַן אַלטן מאַנוסקריפּט. ליידער איז דער טעקסט פון „אור ה׳״ שטאַרק פאַרגרייזט אין אַלע אויסגאַבן. אַלס ביישפּיל געניגט אָנצוּווייזן אויף אַזאַ מין מיספאַרשטייעניש. אין דער ערשטער, פעראַרער, אויסגאַבע זייגען אין סוף פון מאמר שני פאַרוועגדט צוויי עמודים. די שפּעטערע עם־האַרצישע אַרויסגעבער האָבן ניט באַמערקט דעם טעות, און אויף אַזאַ אופן איז אינדערמיט פון דעם אַריינפיר צום דריטן מאמר אַריינגערוקט אָן אַ שום סמיכת־הפרשיות אַ באַדייטנדיקער טייל אוים דעם לעצטן קאַפּיטל פון צווייטן מאמר. ח. פלענסבערגס זייער לאַנגער פּירוש צום ערשטן מאמר „אור ה׳״ (ווילנע, 1907) קאָן אויך גאַנץ ווייניק דערלייכטערן דעם לעזער אַריינצודרינגען אינם טיפן תוך פון דעם האַרבן טעקסט, וואָס איז געשריבן אין אַ טונקעלער שווערער שפּראַך. אַ בעסערן מזל האָט געהאַט בלויז דער טייל אוים דעם צווייטן מאמר (הכלל החמישי), ווו עס האַנדלט זיך וועגן בחירה חפשית. אים האָט אַרויסגעגעבן מיט קריטישע באַמערקונגען און מיט דייטשער איבערזעצונג פ. בלאָך („די ווילענספרייהייט פאָן חסדאי קרֶשקש״, 1879). בלאָך ווייזט אגב אָן, אַז אין דעם מאַנוסקריפּט פון „אור ה׳״, וואָס געפינט זיך אין האַלבערשטאַטס קאָלעקציע, איז דאָ אַ אינטערעסאַנטע צושריפט פון איינעם פון קרשקשס תלמידים. עס ווערט דאָרט אָנגעוויזן, אַז קרשקש פלעגט האַלטן פאַר אַן ענגן קרייז פאָרלעזונגען איבער פילאָזאָפיע. דער תלמיד באַקלאָגט זיך, אַז קרשקש פלעגט אויך זיינע לעקציעס לייענען אין אַזאַ קנאַפּער און שווער פאַרשטענדלעכער שפּראַך, ווי זיין בוך איז געשריבן („בלמדי לפני הרב ז״ל לא ירדתי לסוף דעתו בזה... והנה הרב ז״ל מדבר גם כותב בקצור נמרץ״).

[2] וועגן קרשקשס השפעה אויף שפּינאָזען זע די אינטערעסאַנטע אַרבעט פון מ. יואל „דון חסדאי קרשקש״. אויף זייט 71 שרייבט ער: „אַלע קאַמע צו דעם וואָס אין שפּינאָזאָס סיסטעם דאָס כאַראַקטעריסטישע אויסמאַכט, אין חסדאי זיך פאָרפינדען״. זע אויך דעם זעלבן פאַרפאַסערס אַרבעט „שפּינאָזעס טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט״ און ד. ניימאַרקס אַרטיקל אין „העתיד״, II.

קרשקש פאנגט קודם־כל אָן מיט אַ קריטיק קעגן מיימונים דאָג־מאַטיק. שוין אין זיין אַריינפיר („הצעה״) ווייזט ער אָן, אַז מיימוני גרייזט דערמיט, וואָס צווישן די תרי״ג מצוות רעכנט ער אויך דעם גלויבן אין גאָט דעם מנהיג העולם. שוין דאָס וואָרט גופא—געבאָט (מִצְוָה)—זאָגט, אַז ס׳איז פאַראַן דער מְצַוֶה, וואָס גיט די מצוות. דער גלויבן אין גאָט דעם באַשעפער — דאָס איז דער גרונט־שטיין, דער יסוד און מקור פון אַלע געבאָטן און געזעצן פון דער תורה. קרשקשן שטעלן אויך ניט צופרידן די דרייצן רעליגיעזע גרונטפּרינציפּן (שלשה עשרה עיקרים), וואָס מיימוני האָט אַרויסגעשטעלט [1]. קרשקש געפינט, אַז מיימוני האָט דאָ צונויפגעמישט צוויי פאַרשיידענע אַרטן דאָגמען: צוזאַמען מיט אַזעלכע עיקרים, וואָס אָן זיי קאָן די אמונה בכלל קיין קיום ניט האָבן, האָט ער אויך אַרויסגעשטעלט אַזעלכע, וואָס זיי זיינען טאַקע זייער וויכטיק, און דער מאמין איז מחוייב אין זיי צו גלויבן, אלא ניט ווערט ער אָנגערופן מין, ער הייסט אָבער ניט קיין כופר בעיקר, ווייל די תורה קאָן אַ קיום האָבן אויך אָן זיי. אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט, האָט קרשקש איינגעטיילט זיין ווערק אין פיר אָפּטיילונגען (מאמרים): דער ערשטער מאמר באַהאַנדלט דעם גרונטפּרינציפּ, וואָס איז דער ווינקלשטיין פון יעדער אמונה בכלל — דער גלויבן, אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט (אמונת מציאות האל יתברך), דער צווייטער באַטראַכט די גרונט־דאָגמען פון דער אָפּנבאַרטער רעליגיע. אַזעלכע דאָגמען (עיקרים) שטעלט קרשקש אַרויס ניט מער ווי זעקס, חוץ דעם גלויבן אין גאָט און אין תורה מן השמים: 1) גאָטס אַלוויסן (ידיעת השם בנמצאות), 2) די געטלעכע השגחה, 3) גאָטס אַלמאַכט, 4) די נבואה, 5) דער פרייער ווילן (הבחירה) און 6) דער צוועק פון מעשה בראשית. אין דער דריטער אָפּטיילונג ווערט גערעדט וועגן די פּרינציפּן, וואָס אין זיי איז טאַקע מחוייב צו גלויבן יעדער מאמין, דאָך קאָן מען זיי ניט רעכענען פאַר גרונט־דאָגמען פון דער אמונה. אין דער לעצטער אָפּטיילונג ווערן באַלויכטן די דעות און סברות, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען בקבלה און דער שכל איז זיי מחייב, נאָר ניט קוקנדיק דערויף, וואָס זיי האָבן טאַקע אַ גרויסן באַטייט און ווערט, דאָך זיינען זיי ניט קיין מוז־זאַך, און יעדער קאָן זיך צו זיי פאַרהאַלטן ווי זיין ווילן איז.

[1] „אור ה׳״, מאמר שלישי, דף 45, עמ׳ א׳ (מיר ציטירן נאָך דער יאָהאַניסבורגער אויסגאַבע): „והתמה מהרב המורה שסדר... י״ג עיקרים אשר שמם יסודות לדת והנה אם קרא עקרי האמונות האמתיות אשר הכפירה בהם מינות הנה ימצאו יותר מפו״ב ואם קרא עקרי פנות ויסודות הדת אשר לא תצוייר זולתם, הנה אינם יותר מז׳ כשנמנה בהם מציאותו יתב׳ או ח׳ אם ונמנה ג״כ בפנות היות התורה תורת אלהיה מן השמים״.

מיימוני, ווי מיר וויסן, איז געווען פעסט איבערציייגט, אַז אַלץ, וואָס אַריסטו האָט געלערנט בנוגע דעם עולם התחתון, וועלכער געפינט זיך נידעריקער פון דער לבנה, איז ריינער אמת, וואָס לית מאן דפליג. אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט, האָט מיימוני, בכדי צו דערווייזן מיט לאָגישע ראיות די עקסיסטענץ פון דעם איינציקן גאָט, וואָס איז פריי פון דעם מינדסטן חומר (על היותו לא גוף ולא כח בגוף) — זיך גע־שטיצט אויף פינף־און־צוואַנציק „הקדמות" פון אַריסטוס פיזיק. די דאָ־זיקע הקדמות, שטרייכט מיימוני אונטער — „זיינען אַלע פעסט דער־וויזן און קיינער קאָן וועגן זיי נים זיין אין ספיקות (חמש ועשרים הקדמות כולם בא עליהם המופת אין ספק בדבר מהם) [1].

טרעט טאַקע קרשקש קודם־כל אַרויס מיט אַ צעשמעטערנדיקער קריטיק קעגן אָט די „פעסט דערוויזענע" הקדמות. מיט אומגעהייערער חריפות אַנטבלויזט ער אַלע שוואַכע זייטן פון דער אַריסטאָטעלישער פיזיק, און דערווייזט, ווי אַלטפרענקיש און ווינשאַפטלעך ניט באַגרינדעט עס זיי־נען אירע גרונט־באַגריפן.

די גריכישע אַנטיקע וועלט האָט אין דער צאָל געזען ניט דעם פונם מענטשלעכן גערענק באַשאַפענעם באַגריף, נאָר אַ שאַפנדיקן עצם, אַ זעלבשטענדיקן יש. דערביי מוז מען נעמען אין באַטראַכט, אַז די צאָלן זיינען ביי די אַלטע גריכן ניט געווען קיין באַגריפן פון התפשטות, פון שטח־פאַרהעלטענישן, נאָר פאַרקערט — פון שאַרף אָפּגעגרענעצטע, מיט דער האַנט און מיטן אויג אָנגעטאַפּטע און אָפּגעצאַמטע איינהייטן. יעדע צאָל — אַ גרענעץ, אַ מחיצה, אַ געשלאָסענע גאַנצקייט. דענקען זיך דעם מהות פון התפשטות ניט קערפּערלעך, נאָר אַלס ווייטקייט, אַלס באַגריף פון אויסשפּרייטונג און רחבות — איז געווען פרעמד דער אַלטער גריכי־שער וועלט. פרעמד איז איר אויך דערפאַר געבליבן דער באַגריף פון אומענדלעכער רחבות, פון אַ וועלטאַל מיט אומבאַגרענעצטע ווייטן...

אָט אויף די באַגריפן איז טאַקע געבויט די אַריסטישע פיזיק. אַריס־טו דענקט זיך די דרויסנדיקע וועלט אַלס שאַרף אָפּגעגרענעצטן און געשלאָסענעם כדור, וואָס אין זיין מיטלפּונקט געפינט זיך די ערדישע פּלאַנעטע. גאַנץ אין גייסט פון די אַלט־גריכישע באַגריפן, דערווייזט אַריסטו מיט לאָגישע ראיות, אַז אויסער דעם דאָזיקן אין זיך אָפּגעשלאָ־סענעם כדור קאָן קיין שום אַנדערער ניט עקסיסטירן. אַריסטו דערקלערט דעם באַגריף פון „רוים" (וואָס ווערט, אגב, ביי אים ניט שאַרף אָפּגע־

---

[1] „מורה נבוכים", אָנהייב צווייטער טייל.

טיילט פון די באַגריפן „פּאַרנעם" און „אָרט") אַלס גרענעץ צווישן דעם קערפּער, וואָס נעמט אַרום, און דעם, וואָס ווערט אַרומגענומען. די „צייט" איז ביי אים די צאָל באַוועגונגען בנוגע צום „פריער" און צום „שפּעטער". אַרויסגייענדיק פון אָט די פּרינציפּן, קומט אַריסטו צו די הנחות, אַז אויסער אונזער שאַרף אָפּגעגרענעצטער וועלט קאָן מער גאָרניט עקסיסטירן, ניט קיין רוים און ניט קיין צייט; אַז ליידיקער רוים אָן קערפּערלעכן יש קאָן גאָרניט געמאָלט זיין, באשר — „די נאַטור האָט פּחד פאַר ליידיקן רוים". און אָט די פעסט אָפּגעזונדערטע און אָפּגעגרענעצטע וועלט מוז דאָך האָבן אַ איין־איינציקן מנהיג, ווייל אַריסטו (און נאָך אים אויך מיימוני) איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז די אומענדלעכע קייט פון סיבות און פועל־יוצאס איז אומדענקבאַר....

טריט ביי טריט צעשטערט קרשקש אָט דעם דאָזיקן אַריסטאָטעלישן בנין. מיט הונדערטער יאָרן פאַר די באַרימטע פּרווון פונם איטאַליענישן פיזיקער טאָרריצעלי, האָט דער יידישער מיטלאַלטערלעכער דענקער דערוויזן, ווי אומבאַגרינדעט עס זיינען אַריסטוס הנחות, אַז אַ ליידיקער רוים איז אַן אוממעגלעכע זאַך, און אַז אין אַזאַ רוים קאָן גאָר קיין שום באַוועגונג ניט פאָרקומען [1]. קרשקש ווייזט אָן מיט גרויס חריפות, ווי פול מיט סתירות ס'איז אַריסטוס לערע וועגן די „נאַטירלעכע ערטער" פאַר יעדן יסוד באַזונדער, ווי וואַסער, לופט וכדומה, וועלכע רינגלען אַרום די ערד, לויט אַריסטוס פיזיק, אין פאָרם פון קאָנצענטריש־געקייַלעכטע שיכטן [2]. און דאָס נעמט זיך, ווייזט קרשקש אָן, אַלץ דערפון, וואָס אַריסטו האָט אַ גאַנץ פאַלשן באַגריף וועגן דעם רוים. אַריסטו האָט אַ טעות בעת ער מיינט, אַז דער רוים דאָס איז די גרענעץ צווישן דעם קערפּער, וואָס נעמט אַרום, און דעם וואָס ווערט אַרומגענומען. „דער אמתער פּאַרנעם און רוים, זאָגט קרשקש, דאָס איז דער חלל, די לערקייט" (בשהמקום האמתי הוא הפנוי). יעדער יש, אַלץ אין דער וועלט — לערנט קרשקש — איז אַרומגערינגלט פון דער אומענדלעכער, אומטייַלעוודיקער, ליידיקער רחבות [3]. וואָס ביי אַלבאַלאַגן איז געווען בלויז אַ פאַרגעפיל, אַ דערשפּירונג, דאָס איז ביי קרשקשן אַ געוויסהייט, אַ גרונטפּרינציפּ,

---

1 „אור ה'", המאמר הראשון, הכלל השני, דף 9, עמ' ב': „ולזה לא ימנע מציאות התנועה הטבעית וההכרחית למציאות הרקות, וכשלא יחוייב בזה המופת המנעות מציאות הרקות חוץ לעולם".

2 דאַרטן, 10.

3 דער באַגריף פון ליידיקער רחבות טראָגט אין דער העברעישער עלטערער ליטעראַטור דעם אויסדרוק „חללו של עולם".

אויף וועלכן ער האָט זיין וועלטאַנשויונג געבויט. ער איז געווען דער ער־שטער פון די מיטלאַלטערלעכע געלערנטע, וואָס האָט אויפגעריסן די ענגע, פעסטע ארומגעגרענעצטע אריסטאָטעלישע וועלט, און זיין שאַרף אויג האָט אין די אומענדלעכע ווייטן אַריינגעדרונגען. קרשקש קומט דערביי צום אָריגינעלן אויספיר, אַז די אויסשפרייטונג (התפשטות) איז איינע פון גאָטס מידות (אַטריבוטן). פילע פון די קדמונים — ווייזט אָן קרשקש — ארויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפונקט, אַז דער פאַרנעם און דער שטח גיט יעדן יש זיין באַשטימטע פאָרם, פלעגן מיטן וואָרט „מקום" באַצייכענען די פאָרם, ד"ה דעם מהות און עצם פון דער זאַך[1]... און ווייל גאָט איז דאָך די פאָרם פון אַלץ, וואָס עקסיסטירט (הוא הצורה לכלל המציאות), ווייל ער באַשאַפט, באַשטימט און באַגרענעצט אַלץ — האָבן אונזערע חכמים גאָט אליין באַקרוינט מיטן נאָמען „מקום" און געברויכן גאַנץ אָפט דעם אויסדרוק „ברוך המקום"; וואָרעם ער איז דאָך „מקומו של עולם", דער חלל פון דער וועלט. און דער דאָזיקער פאַר־גלייך, באַמערקט ווייטער קרשקש, איז טאַקע וווּנדערבאַר. וואָרעם פונקט ווי די לערקייט דרינגט דורך די קלענסטע טיילן פון יעדן שטאָף, אַזוי זיינען מיט גאָטס גלאַנץ דורכגעדרונגען אַלע טיילן פון דער וועלט, ווי אין פסוק שטייט: מלא כל הארץ כבודו. גאָט איז דער יסוד פון אַלץ, וואָס עקסיסטירט[2].

קרשקש טרעט אויך אַרויס קעגן דעם פון אריסטון אַרויסגעשטעלטן כלל, אַז אַן אומענדלעכע קייט פון סיבות און תולדות איז אַ אוממעגלעכע זאַך. דער בעל „אור ה'" זאָגט שאַרף און בולט אַרויס דעם פאַר דער נייער וויסנשאַפט אַזוי וויכטיק און פרוכטבאַר געוואָרענער געדאַנק, אַז דאָס, וואָס ס'הייסט לויט דעם מענטשנס באַגריפן „אומענדלעכע קייט", קאָן בלי־ספק עקסיסטירן[3]. אויך וואַרפט קרשקש אָפּ אַריסטוס דעה, אַז אונ־זער וועלט איז די איינציק עקסיסטירנדיקע; מען קאָן, לערנט דער בעל „אור ה'", לייכט זיך דענקען, אַז ס'עקסיסטירן נאָך אַנדערע וועלטן. מיר וועלן נאָך שפּעטער זעען, ווי אַזוי קרשקש, אַרויסגייענדיק פון דעם דאָ־

---

1 ווי אַלע אַנדערע מיטלאַלטערלעכע געלערנטע, האָט אויך קרשקש גערעכנט, אַז דער תמצית און דער רעאַלער מהות פון יעדער זאַך איז איר פאָרם.

2 דאָרטן דף י' עמ' ב'. דעם דאָזיקן געדאַנק געפינען מיר שפּעטער ביי שפינאָזען: די אויסשפרייטונג (התפשטות) געהערט צו גאָטס מידות, אָדער מיט אַנדערע ווערטער: גאָט איז אַן עצם, וואָס איז זיך מתפשט („עטיק", II, לימוד ב').

3 דאָרטן, מאמר ראשון, כלל שני, פרק ג', י"ב, עמ' א': „ובכלל אין המנעות מציאות עלולים בלתי בעל תכלית".

זיכן פאַר אַ מיטלאַלטערלעכן דענקער זייער אָריגינעלן געדאַנק, קומט צו גאַנץ אינטערעסאַנטע מסקנות; דערווייל באַנוגנט זיך קרשקש בלויז מיט דעם אויספיר, אַז וויבאַלד ס'איז ניט דערוויזן די א י י נ צ י ק י י ט פון דער וועלט, קאָן זי דאָך ניט דינען אַלס ראיה, אַז אויך די באַוועגנדיקע קראַפט איז אַ איין איינציקע.

אָט אַזוי טרעט ביי טריט, מיט דער הילף פון קונציקער דיאַלעקטיק און טיפן לאָגישן אַנאַליז, קומט קרשקש צום אויספיר, אַז אויף ריין פי־לאָזאָפיש־ספּעקולאַטיוון שטייגער קאָן מען ניט דערווייזן די אחדות אלהים — גאָטס א י י נ צ י ק י י ט[1]; דערצו, זאָגט קרשקש, „ננעלו דלתי העיון" — זיינען פאַרשלאָסן די טויערן פון חקירה. „די פעסטע, אומדער־שיטערטע איבערצייגונג קאָן אונז געבן בלויז דער גלויבן; די תורה האָט אונז, גלויביקע, די אויגן געעפנט, יעדן ספק אויס אונזערע הערצער פאַר־טריבן מיט איר דערקלערונג: שמע ישראל, ה' אלהינו ה' אחד!"[2].

דאָ טרעט קרשקש צו מיט דער שאַרף פון זיין קריטיק צו מיימונים גרונטזאַץ, אַז גאָט, וואָס איז נאָך זיין מהות די איינהייטלעכקייט גופא און דערצו נאָך אָן אַ שמץ פון וועלכן ס'איז תומר, דאַרף מען בשום אופן ניט באַקליידן מיט פאַרשיידענע און פילאַרטיקע אייגנשאַפטן; מען טאָר אויך ניט, בכדי ניט צו געהערן צו די מגשימים, וואָס זינדיקן מיט אַנטראָפּאָמאָרפיזם, זיך פאָרשטעלן די גאָטהייט מיט פּאָזיטיווע תוארים (אַטריבוטן), נאָר מיט בלויז נעגאַטיווע[3]. דער עמקן קרשקש ווייזט אָבער אָן, אַז ניט אַליין, וואָס שיינט פילאַרטיק צו זיין, איז עס אַזוי אויך אין דער אמתן, און דערפון, וואָס אין אונזער מענטשלעכער השגה שפּיגלען זיך גאָטס תוארים אָפּ אַלס פאַרשיידנאַרטיקע אייגנשאַפטן, איז נאָך קיין ראיה ניט, אַז זיי זיינען אויך אין זייער טרעגער פאַרשיידנאַרטיק און ניט קיין האַרמאָנישע איניקייט[4]. קרשקש קאָן אויך ניט באַגרייפן, פאַרוואָס טאָר מען זיך ניט באַנוצן בנוגע צו גאָט מיט אַזעלכע תוארים, וואָס האָבן פּאַקטיש ניט קיין רעאַלן תוך נאָר זיינען בלויז אַ „בחינה

1 צו דעם זעלבן אויספיר איז אין זיין צייט אויך געקומען דער אַראַבישער דענקער אַלגאַזאַלי אין „תהפות אל פילוסופיא", זע S. Munk, Melanges, 376.

2 „אור ה'", מאמר ראשון, כלל שלישי, פרק ד': „אמנם שיהיה אחד מנהיג והאחר בלתי מנהיג לדבר הנה בזה ננעלו דלתי העיון, ולהסיר המבוכה הזאת והספק הזה, ולבטל כל ערעור מהשרש הגדול הזה, האירה התורה עינינו אנחנו קהל המאמינים באמרה: שמע ישראל ד' אלהינו ד' אחד".

8 זע אונזער ווערק, באַנד I, קאַפּיטל זעקס.

4 דאָרטן, דף י"ז, עמ' ב': „שאם היות התוארים נבדלים בחקנו הם מתוארים (בתכלית האחדות) בחקו.

שכלית", ד"ה אַ ריין לאָגישער באַגריף ווי, למשל: אייביק, איינציק, זיין אאַז"וו. חוץ לזה, איז שאַרפזיניק מוסיף דער בעל „אור ה'", זיינען דאָך די נעגאַטיווע אַטריבוטן, וועגן וועלכע עס רעדט מיימוני, ניט מער ווי אַ דיאַלעקטישער פילפול, אָן אַ שום רעאַלן אינהאַלט. די מאָדערנע וויסנשאַפט ווייסט גאַנץ גוט, אַז אַ פולשטענדיקע פאַרניינונג איז בכלל אַ אוממעגלעכע זאַך, ווייל די שלילה, דאָס ניין־זאָגן איז דאָך אַ פועל־יוצא פון דעם פאַרגלייך, וואָס ווערט געמאַכט צווישן רעאַלע פאַרגלייכבאַרע זאַכן. ערשט דורך דעם פאַרגלייכן קומט מען צום נעגאַטיוון באַשלום, אַז דאָס איז ניט ענלעך צו יענעם. אַלץ, וואָס רינגלט אַרום דעם מענטשן, גיט דאָך דעם געדאַנק זיינעם בלויז פּאָזיטיווע ערכין; דער ניין, די שלילה, קאָן דערפאַר זיין בלויז אַ פועל־יוצא פון דעם געראַנגל, וואָס קומט פאָר צווישן די ערכין אין דעם מענטשנס באַוווסטזיין [2]. דער מענטש קומט, למשל, צום אויספיר, אַז די און די זאַך איז טונקל און ניט באַשיינט מיט ליכט, נאָר דורכדעם, וואָס ער פאַרגלייכט די דאָזיקע זאַך מיט אַנדערע, ליכטיקע און באַשטראַלטע. אָט דעם אמת האָט שוין באַגריפן דער יידישער דענקער פונם פערצנטן יאָרהונדערט, חסדאי קרשקש. בעת מיר זאָגן — שטרייכט קרשקש אונטער — אַז גאָט ווייסט איז ניט באַגרענעצט, אַז גאָט איז ניט מאַכטלאָז אאַז"וו, באַשטעטיקן מיר פאַקטיש עפעס גאַנץ פּאָזיטיווס; מיר זאָגן דערמיט: גאָט איז קלוג, גאָט איז מעכטיק, וכדומה [3].

מיר זעען אַלזאָ, אַז בנוגע צו דער פראַגע וועגן פּאָזיטיווע געטלעכע תוארים איז קרשקש אינגאַנצן מסכים מיטן רלב"ג [4]. בעת אָבער קרשקש גייט ווייטער איבער צו דער דערקלערונג, וואָס ער פאַרשטייט אייגנטלעך אונטער די דאָזיקע אַטריבוטן, דאַן זעט מען גלייך גאַנץ בולט אַרויס, ווי דיאַמעטראַל פאַרשיידן ס'זיינען די וועלטאָנשויונגען פון די דאָזיקע צוויי

---

[1] דאָרטן, דף י"ז, עמ' ב': „וכ"ש הקדמות שאיננו אלא בחינה שכלית שהוא בלתי הווה והמציאות שהוא הוראת היותו בלתי נעדר והאחדות שהוא מורה על היותו בזולת ריבוי בעצמו".

[2] מער באריכות וועגן דעם זע: A. Потебня, Мысль и язык, 4ое изд., 178—179.

[3] „אור ה'", דף י"ז, עמ' ב': „ולזה אין המלט מחיוב תארים עצמיים לו יתברך, ומהם שכבר יראה כשניחד לו יתברך ידיעה ויכולת והיה מה שיורה עליו שם הידיעה הוא העדר סותרו והוא הסכלות ושם היכולת העדר הלאות, הנה בהכרח יורה כל אחד מאלו השמות המיוחסים לו על דבר חיובי... אמנם אין המלט מהיות העדר הסכלות מורה על ענין חיובי וכו'".

[4] זע אויבן, קאַפּיטל זיבן.

באדריטנדיקסטע דענקער, וואָס דער יידישער מיטלאַלטער האָט זינט מיימוני געגעבן. דער רלב״ג שטייט אויף דעם ריין ראַציאָנאַליסטישן שטאַנדפּונקט פון אריסטון, וועלכער איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז די שאַפונגסקראַפט פון דעם אוניווערסאַלן געטלעכן גייסט קאָן זיך אַנט־פּלעקן בלויז אויפן געביט פון דענקען, וואָרעם יעדע אַנדערע אַרט שאַפן האָט דאָך אַ ציל אויסער זיך, און דער אוניווערסאַלער גייסט, וואָס איז בתכלית השלמות, מוז דאָך האָבן זיין העכסטן ציל אין זיך גופא, ניט אויסער זיך. און אָט דאָס דענקען פון דעם העכסטן אינטעלעקט קאָן דאָך ניט זיין בלויז ביכולת, אין דער פּאָטענץ — עס איז אַ שטענדיקער, אומ־אונטערבראָכענער אַקטיווער דענק־פּראָצעס. און דער טרעגער, דער אָב־יעקט פון דעם געטלעכן דענקען קאָן זיין נאָר דער אוניווערסאַלער גייסט גופא, וואָרעם דער ווערט פון יעדן דענקען שאַצט זיך דאָך לויט זיין תוך און תמצית, דעם העכסטן ווערט וואָס מען קאָן זיך נאָר דענקען האָט דאָך אָבער בלויז דער וואָס איז בתכלית השלמות — דער אוניווערסאַלער געטלעכער גייסט. דאָס געטלעכע דענקען איז בכן, לויט אריסטוס מיינונג, דאָס „דענקען איבער דער העכסטער שטאַפּל פון דענקען", און אָט אין דעם שטענדיקן וועגן זיך דענקען, זיין אייגן „איך" דערפאָרשן, באַשטייט די אומפאַרגלייכלעכע גליקזעליקייט פון דער גאָטהייט.

אַרויסגייענדיק פון אָט דעם אריסטאָטעלישן גרונט־געדאַנק, אַז חקירה איז די העכסטע מדרגה פון שאַפן און אַז „אין ספּעקולאַטיוון דענקען באַשטייט דער גרעסטער און שענסטער תענוג", וואָס קאָן נאָר געמאָלט זיין — האָט דער רלב״ג, ווי מיר האָבן פריער געזען[1], גערעכנט פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע געטלעכע אַטריבוטן — פרייד און גליק־זעליקייט. און די דאָזיקע געטלעכע גלקזעליקייט איבערשטייגט אויף אַזוי ווייט דאָס געפיל פון גליק און פרייד, וואָס דערפילט אַ פּשוטן בשר־ודם בעת ער פאַרטיפט זיך אין דער געדאַנקען־וועלט — אויף וויפיל דאָס געטלעכע דענקען איבערשטייגט אָן אַ שום ערך דעם מענטשנס דענקען און טראַכטן.

קעגן דעם דאָזיקן געדאַנק טרעט אַרויס קרשקש מיטן געווער פון זיין שאַרפער דיאַלעקטיק. ער ווייזט קודם־כל אָן, אַז דער רלב״ג, וואָס שטרייבט שטענדיק אונטער, אַז די גאָטהייט טאָר מען ניט באַקליידן מיט וועלכע ס'איז קערפּערלעכע באַגריפן, פאַלט דאָ אַליין אַריין אין אַנ־טראָפּאָמאָרפיזם, און זעט אין גאָט אַזעלכע אייגנשאַפטן, וואָס זיינען בפירוש פאַרבונדן מיט קערפּערלעכע חושים. עס איז ממש צו באַוווג־

---

[1] זע אויבן זייט 183.

דערן, ווי קונציק און פיין אַט דער מיטלאַלטערלעכער געלערנטער צעגלי־דערט די האַרבע שאלה וועגן דעם אויפנעם־פּראָצעס פון די מענטשלעכע חושים. גאַנץ אין גייסט פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט ווייזט אָן דער בעל „אור ה׳״, אַז די גרויס פון גליק און נחת־געפיל, וואָס ס׳געניסט דער מענטש בעת ער דערווערבט געוויסע ידיעות און באַגריפן, ווערט געשאַצט און געמאָסטן לויט דער נערוון־אָנשטרענגונג און סכום ענערגיע, וואָס דער מענטש האָט געפּטרט, בכדי די דאָזיקע ידיעות צו דערגרייכן. וואָס שווערער עס געלינגט אונז צו באַגרייפן א וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעם, וואָס מער כוחות מיר פאַרווענדן, בכדי זי משיג צו זיין — אַלץ שטאַר־קער און גרעסער איז דערנאָך אונזער פרייד און פאַרגעניגן. דערפאַר פאַר־האַלטן מיר זיך קאַלטבלוטיק צו די ידיעות, וואָס מיר האָבן שוין פון לאַנג דערוואָרבן, און זיי דערפילן אונז שוין ניט מיטן גליקלעכן געפיל פון נחת און פרייד. עס איז קלאָר, פירט אויס קרשקש, אַז מען קאָן דאָ בכלל ניט טראַכטן וועגן וועלכן ס׳איז פאַרגלייך צווישן דעם מענטשלעכן און געטלעכן וויסן: ביי גאָט כביכול קאָן דאָך קיין רייד ניט זיין ניט וועגן דערווערבן וויסן, ניט וועגן איבערגאַנג פון אומוויסן צו וויסן [1].

ניט דאָס וויסן און דענקען, לערנט קרשקש, איז דער מקור פון געטלעכער גליקזעליקייט. נאָר די ליבע גרויסע ליבע, אָן גרענעץ און סוף — אָט דאָס איז דער עצם פון גאָט כביכול. זי איז דער מקור פון אַלע הויות, פון אַלץ וואָס ס׳איז. אויס דעם דראַנג פון זיין גרויסער ליבע איז גאָט — דער באַשעפער, וואָס שאַפט אומאויפהערלעך דאָס פולקומע גוטע. און אָט אין דעם אומאויפהערלעכן פּראָצעס פון שאַפן און משפיע זיין דאָס גוטע און דאָס פולקומע, וואָס איז דאָך דער סימ־באָל פון זיין העכסטער שלמות — איז דער קוואַל פון זיין אומענדלעכער גליקזעליקייט; טאַקע ווי אין פּסוק שטייט: ישמח ד׳ במעשיו. די געט־לעכע גליקזעליקייט אַנטפּלעקט זיך, בכן, אין דעם באַוווסטזיין פון זיין

---

[1] דאָרטן, מאמר ראשון, כלל שלישי, דף י״ט: „שאין ראוי להקיש בין השגתינו להשגתו כלל, כי הערבות אשר לנו בהשגה היא בשנוציא אותה מן הכח אל הפועל ולזה כשנתחדש מידיעה מה היתה נעלמת ממנו, הנה נתפעל מהשמחה למה שנעתקנו מהסכלות אל הידיעה פתאום, וכבר יורה על זה שהשמחה היותר חזקה היא בעת התחדשות חזקה, והנה אחר שנשיגה יחליש מאוד הערבות וממה שיורה גם כן על זה כשיהיה המושכל עמוק מאוד יהיה הערבות יותר... עד שהמושכל הבלתי עמוק... לא נשיג בו ערבות כל כך כמו במושכל העמוק... ומה שיורה על אמתות זה שאין המלט ממנו היא שאנחנו לא נשיג ערבות במושכלות הראשונות ולזה אין ראוי שנקיש מערבות השגתינו שהיא לסבת העתק מהסכלות אל הידיעה והתחדשות השגה, לפי שכל מושכליו מושכלות ראשונות תמיד בזולת העתק ושינוי והתחדשות השגה, ולזה הוא מבואר שלא ייוחס לו ערבות מזה הצד אשר חשבו״.

גרויסער ליבע, וואָס ווערט פאַרקערפּערט אין דעם אומאויסטערבראָכענעם שאַפונגס־פּראָצעס פון דעם אמת גוטן און געוווּנטשטן[1]. דער דאָזיקער געדאַנק, אַז ניט דאָס וויסן, נייערט די ליבע איז דער רינג, וואָס פאַראייניקט אונז מיט גאָט דעם באַשעפער, וועלכער שאַפט און איז משפּיע, ווייל זיין מהות באַשטייט אין דעם שאַפן דאָס גוטע און פולקומע — אָט דאָס איז דער צענטראַלפונקט פון קרשקשס וועלטאַנשויונג. מיט אים זיינען פאַרבונדן אַלע זיינע הנחות און באַווייזן. עס איז דערפאַר גאַנץ באַגרייפלעך, וואָס קרשקש איז אַזאַ שאַרפער קעגנער פון מיימוניס און רלב״גס דעה, אַז די ספּעציעלע השגחה, וואָס רוט איבער דעם יחיד, איז ענג פאַרבונדן מיטן גראַד פון יענעמס השכלה און בקיאות אין פילאָזאָפישע פּראָבלעמען. „די השגחה — דערקלערט קרשקש — דאָס איז אַ פועל־יוצא פון גאָטס ליבע צו זיינע באַשעפענישן, און ניט דאָס ספּעקולאַטיווע וויסן איז גורם די דאָזיקע געטלעכע ליבע[2].

קרשקש שטימט אויך ניט איין מיט מיימוניס, אַז נאָר דאָס גוטע שטאַמט פון גאָט, ניט אָבער דאָס שלעכטע, וואָס האָט לויט מיימונים וועלטאַנשויונג בכלל ניט קיין רעאַלע עקסיסטענץ — ווי פינסטערניש באַטייט בלויז די אָפּוועזנהייט פון ליכט, אַזוי הייסט שלעכטס בלויז די שלילה און הכחשה אין דעם גוטן. קרשקש שטעלט זיך אין דעם פּרט אויפן דיאַלעקטישן שטאַנדפּונקט פון דער קבלה, וואָס ווייסט בכלל ניט וועגן אַבסאָלוטע קעגנזאַצן און מאַכט ניט קיין שאַרפע מחיצה צווישן גוטס און שלעכטס — דאָס שלעכטע איז דאָך אַ שטאַפּל צום גוטן. דאָס וואָס דער מענטש באַטראַכט אַלס שלעכטס, באַצוועקט דאָך אויך דאָס גוטע, ווייל עס איז דאָך געשיקט דורך דער השגחה אין נאָמען פון יושר און גערעכטיקייט, אַלץ איינס סיי ס'איז אַן עונש דעם רשע סיי אַ נסיון און וואָרעניש דעם צדיק. און די געטלעכע גערעכטיקייט איז דאָך דער סימבאָל פון גוטס[3], גלייך ווי די מצוות און געבאָטן זיינען אונז געגעבן,

---

1 דאָרטן, דף י״ט, עמ׳ ב׳.

2 דאָרטן, מאמר שני, כלל שני, דף כ״ח, עמ׳ א׳: „ולפי שהשגחה הזאת מצד האהבה מהבורא אל ברואיו מבלי בחינה אל ההשכלה כלל... אחר שאין האהבה לסבת ההשכלה״.

3 דאָרטן, 27—28: „ואמנם הספק אשר יסודו ההקדמה האומרת שאין הרע המגיע מהשם בעצמות, ואם היה שהוא מעניש לרשע כבר היה מגיע ממנו רע בעצמות הנה אין התרו ממה שיקשה וזה שהרע המגיע לו להשגחה על הצדיק הנה תכליתו טוב והרע המגיע לו מצד העונש הנה למה שהוא עלול לתכלית פועל היושר והצדק הנה הוא טוב להיות היושר האלהי הוא טוב בעצמו. ולזה כבר יתאמת שהרע המגיע לרשע איך שיהיה אם להשגחה על הצדיק ואם לפעל הצדק והיושר הנה הוא טוב״.

בכדי דורך זיי צו דערווייזן בפועל אונזער ליבע צו גאָט און דורכדעם דערגרייכן צו אמתער שלמות, אַזוי איז אויך דאָס שלעכטע, וואָס קומט איבער אונז אַלס נסיון — אין גרונט גענומען רק דאָס גוטע; ווייל ערשט דער נסיון טאַקע גיט אונז די מעגלעכקייט אונזער גרויסע ליבע צו באַ־ווייזן. „נאָך מער — איז קרשקש מוסיף — ערשט דורכן נסיון אַנטפּלעקט זיך אונזער אמתע ליבע, און מיר דערזעען דעמאָלט באַשיימפּערלעך, אַז אונזער ליבע איז גאָר פריער קיין אמתע ליבע ניט געווען" (אבל קודם הנסיון ההוא לא ידע היותנו אוהבים, לפי שהאמת שלא היינו אוהבים אלא אחר הנסיון)[1].

פלוצלונג, גאַנץ אומדערוואַרט, דערזעען מיר אין אונזער געלאַסענעם טיפן דענקער דאָס מיט שרעקלעכן צער פאַרחושכטע געזיכט פונם אומ־גליקלעכן פאָטער, וואָס איז ערשט דעם בלוטיקן נסיון בייגעשטאַנען און זיין איינציקן זון אַלס „אומשולדיקן קרבן" געבראַכט... „נאָר דורך שווערע נסיונות — זאָגט קרשקש — אַנטפּלעקן מיר אונזער ליבע; ערשט נאָכדעם ווי אברהם אָבינו האָט דערוויזן, אַז ער איז גרייט מקריב זיין אוים ליבשאַפט צו גאָט זיין איינציקן זון, האָט גאָט אויסגערופן: כי עתה ידעתי כי ירא אלהים אתה!"...

נאָך אין זיין פּאָלעמיש ווערק Tratado רעדט קרשקש וועגן דער שווערער ירושה פונם „חטא הקדמון", וואָס דריקט איבער דעם מענטש־לעכן געשלעכט, וועלכער נייטיקט זיך אין אויסלייזונג. צו דעם דאָזיקן געדאַנק, אין וועלכן עס פילט זיך די השפעה פון דער קריסטלעכער אי־דעען־וועלט, קערט זיך קרשקש אום אין זיין „אור ה'". די עקידה, דער באַווייז פון אברהם אָבינוס גרויסער ליבע צו גאָט, זאָגט קרשקש, האָט מכפּר געווען פאַרן גאַנצן יידישן קיבוץ, האָט אים אויסגעלייזט פונם „חטא הקדמון". און אַלס סימבאָל פון דער אויסלייזונג און כפּרה פאַר דער גאַנצער אומה דינט די מצוות מילה, דער הייליקער בונד פונם גאַנצן קיבוץ [2].

אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז דער איינציקער איז ערב פאַרן כלל, אַז דאָס אחריות־געפיל פונם יחיד איז ענג פאַרבונדן מיטן אחריות פונם גאַנצן קיבוץ, טרעט קרשקש אַנטשיידן אַרויס קעגן דעם רלב"גס אוטיליטאַריסטישן ראַציאָנאַליזם, וואָס טיילט אָפּ די פילאָזאָ־פיש דענקענדיקע פערזענלעכקייטן פונם המון, דעם קאָמפּאַקטן קאָלעקטיוו. לויט דעם רלב"ג איז דאָך די השגחה ענג פאַרבונדן מיט דער אינטע־

---

1 דאָרטן, דף כ"ו, עמ' ב'.

2 דאָרטן, 28—29.

לעקטועלער אַנטוויקלונג פונם מענטשן; וואָס מער דער מענטש דערנעענטערט זיך דורך זיין פילאָזאָפישער דענקונגס־קראַפט צום „שכל הפועל״, אַלץ קלאָרער באַגרייפט זיין שכל ווי זיך צו דערוויטערן פונם שלעכטן און זיך דערנעענטערן צום גוטן; און טאַקע דאַדורך געפינט זיך דער דאָזיקער מענטש אונטער דער שוץ פון „השגחה פרטית״. מיר וועלן נאָך ווייטער זען, מיט וואָסערע טענות קרשקש טרעט אַרויס קעגן דעם רלב״גס ראַציאָנאַליסטישער שיטה בכלל. דאָ שטעלן מיר זיך נאָר אָפּ אויף דעם, ווי קרשקש שטרייכט אונטער, אַז דער יחיד איז ניט אימשטאַנד זיך צו באַפרייען פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן גאַנצן קיבוץ. דער יחיד קאָן ניט זיין כולו זכאי בעת דער קיבוץ איז כולו חייב. „די וועלט — זאָגט קרשקש — ווערט געמשפּט לויט די מעשים פונם רוב, און דער יחיד מוז ערב זיין פאַר זיין דור, פאַר דעם קיבוץ, אין וועלכן ער לעבט״. אין דעם זעט קרשקש דעם „יושר אלהי״ — די געטלעכע גערעכטיקייט [1].

דאָ קומען מיר אין באַרירונג מיט דעם כאַראַקטעריסטישסטן פונקט פון קרשקשס וועלטאַנשויונג: זיין אַרט פאַרענטפערן די סתירה צווישן בחירה חפשית און דעם פונדאַמענטאַלן זאַץ, אַז „הכל צפוי״ — אַלצווויסנדיק איז דער בורא עולם. דער רלב״ג, ווי מיר האָבן פריער געזען [2], האָט קיין אַנדער אויסוועג ניט געפונען ווי דערקלערן, אַז גאָטס וויסן האָט ניט צו טאָן מיט איינציקע פרטים; די געטלעכע מחשבה נעמט אַרום נאָר די כוללות, די אַלגעמיינע דערשיינונגען, די געזעצן פונם גאַנצן וועלטאַל, וואָס זיינען כולל דאָס וויכטיקסטע, דאָס אוניווערסאַלע; דעם גאַנצן מין, אָבער ניט די פרטים, דאָס צופעליקע, דאָס אומפאַרענדיקטע און מאַטעריעלע [3]. פּאַקטיש ליגט אין דעם דאָזיקן געדאַנק אַ געוויסע באַגרענעצונג פון דעם געטלעכן אַלוויסן. קרשקש וואַרפט אַנטשיידן אָפּ רלב״גס דעה. „אַ סך ווערטער, נאָר ווייניק לאָגיק — זאָגט קרשקש מיט רוגז — מ׳האָט זיך מיט דער מיינונג ניט וואָס צו רעכענען״ [4]. נאָר איידער קרשקש באַקענט מיט זיין אייגענעם שטאַנדפּונקט, שטעלט ער זיך אָפּ באַריכות אויף די טענות און ראיות, מיט וועלכע עס טרעטן אַרויס די

---

1 דאָרטן, דף כ״ו, עמ׳ ב׳: „וזה שהשרש אצלנו בקבלה האמיתית היות העולם נדון אחרי רבו... הנה כבר יעבור בחק היושר האלהי להיות נידונים אחר הרוב... כי הייעודים שהזכירה הוא לכללות האומה הנידונים אחר הרוב״.

2 אויבן, זייט 181.

3 „מלחמות השם״, דריטער מאמר, פערטער קאַפּ׳.

4 „אור ה׳״, דף כ״ג, עמ׳ א׳: „ואם האריך הרבה בנמגומיו... איננו ממה שראוי לשום לב אליו״.

צוויי אַנטקעגנגעזעצטע ריכטונגען: א) די וואָס מיינען „שטבע האפשר נמצא", אַז עס איז ניטאָ קיין פאָרויס באַשטימטער „מוז" אויף דער וועלט, אַלץ איז ניט מער ווי אַ אפשר און געפינט זיך בלויז אין דער מעגלעכקייט, און דער ווילן, דער רצון, איז פריי אין זיין בחירה, און קען אומגעשטערט דערפילן זיינע באַשלוסן; ב) די אַנדערע ווידער זיינען איבערצייגט, אַז „טבע האפשר בלתי נמצא": אַלץ געשעט לויט די שטרענגע געזעצן פון נויטווענדיקייט, אַלע געשעענישן זיינען בלויז רינגלעך אין דער אייזערנער קייט פון סיבות און תולדות[1].

קרשקש איז פאַקטיש נוטה צו דער צווייטער ריכטונג. ער לייקנט אין בחירה חפשית, ער האַלט אָבער פאַר נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז צו דער דאָזיקער פראַגע דאַרף מען צוטרעטן מיט דער גרעסטער פאָר־זיכט, ווייל אַזאַ אָפן אַרויסגעזאָגטע מיינונג קען דאָך ברענגען דעם גרעסטן היזק, וואָרעם פילע פון דעם פשוטן המון קאָנען דאָך דערמיט פאַרענטפערן די שענדלעכסטע מעשים (אלא שהפרסום הזה מזיק להמון למה שיחייבהו התנצלות לעושי הרעה).

דער מענטש — זאָגט קרשקש — באַזיצט אויף אַזוי ווייט אַ פרייען ווילן, אַז ער קען ווירקלעך אויף זיין אייגענעם באַראָט אויסקלייבן איינע פון צוויי גאַנץ פאַרשיידענע, אַפילו אויך אַנטקעגנגעזעצטע מעגלעכקייטן. נאָר אָט די בחירה, שטרייכט קרשקש אונטער, איז אין גרונט גענומען ניט קיין פראָדוקט פון דעם פרייען אומבאַגרענעצטן מענטשלעכן רצון— נייערט אַ פועל־יוצא פון באַשטימטע תנאים און אומשטאַנדן, וואָס זיי צווינגען עס דעם מענטשן אָננעמען נאָר דעם באַשלוס און ניט קיין אַנדערן. די החלטות פונם מענטשלעכן רצון זיינען בלויז אויף אַזוי ווייט פריי, וואָס מיר פילן דערביי ניט קיין שום אונס און הכרח, ס'איז ניטאָ דאָס באַוווּסטזיין פון צוואַנג און פון מוז; אָבער אין תוך גענו־מען זיינען טאַקע אונזערע החלטות ניט קיין גאַנץ פרייע, זיי זיינען אַ מוז־זאַך, אַלס באַשימטע תולדות פון געוויסע סיבות[2].

---

[1] דאָרטן, מאמר שני, כלל חמישי, פרק א־ב.

[2] דעם דאָזיקן געדאַנק זאָגט קרשקש אַרויס אין פאָלגנדיקע שווערוואָגיקע שורות: „ואולם הב׳ הלקוחה מהרצון למה שהוא מבואר שהאדם לו שירצה ושלא ירצה הוא גם כן מערכה על הדרוש. כי האומר בהעדר טבע האפשר יאמר כי הרצון מניע יניעהו יחייב חול הרצין בדבר חהוא או בהפכו המניע ההוא יהיה סבת הרצון ולזה יהיה המניע הוא המחייב הול הרצון עם השאר רצון לא חיוב והכרח כי הוא לעצמותו אשר שירצה אחד מהתהפכים בשוה לולי מניע יחייבהו שירצה האחר והוא לא ירגיש בשום הכרח ואונס" (דאָרטן, דף ל״ה, עמ׳ א׳).

יעדע זאַך אָדער דערשיינונג, זאָגט קרשקש, איז פאַר זיך אַליין גענומען בלויז אַ צופאַל, אַ מעגלעכקייט; באַטראַכט מען עס אָבער אין דער קייט פון סיבות און תולדות — דאַן איז עס אַ חיוב, אַ נויטווענדיקייט [1]. דאָ קאָן אָבער קיין שום רייד ניט זיין וועגן פאַטאַליזם. מען קאָן ניט זאָגן: וויבאַלד אַלץ איז אַ גזרה־זאַך, אויב דעם און דעם מענטשן, למשל, איז אָנגעצייכנט צו ווערן אַן עושר — נאָך וואָס דאַרף ער זיך אָנשטרענגען און פטרן כּוחות און ענערגיע, בכדי צו דערווערבן אַ גרויס פאַרמעגן, אָדער: וואָס פאַר אַ זין האָט מקיים צו זיין אַלע מצוות און געבאָטן, וויבאַלד אַלץ געשעעט לויט די אייזערנע געזעצן פון הכרח און נויטווענדיקייט? מען דאַרף דאָך אָבער דערביי געדענקען, אַז מאַקע אָט די ענערגיע־אָנשטרענגונג אין ערשטן פאַל, אָדער דאָס דערפילן פון מצוות און געבאָטן אין צווייטן פאַל — זיי גופא זיינען דאָך די נויטווענדיקע רינגעלעך אין דער קייט פון דערשיינונגען, זיי זיינען עס די סיבות, וואָס דורך זיי ווערט אַ הכרח־זאַך, אַ אייזערנע נויטווענדיקייט דער און דער פועל־יוצא [2]. דערמיט פאַלט דאָך אויך אַוועק די טענה, אַז ביז ס'איז ניט פאַראַן קיין בחירה חפשית, מוז מען לייקענען אין שכר ועונש, ווייל עס וואָלט דאָך געווען דאָס גרעסטע אומרעכט צו באַשטראָפן פאַר אומפרייוויליקע עבירות. זיינען דאָך, לויט קרשקשס שטאַנדפונקט, דער שכר ועונש גופא ניט מער ווי נויטווענדיקע תולדות, וואָס ווערן אַרויסגערופן דורך באַשטימטע סיבות: אין איין פאַל איז די סיבה — קיום המצוות און מעשים־טובים, אין אַנדערן פאַל — זינדיקע מעשים און עבירות. קומען דאָ מיט טענות וועגן אומגערעכטיקייט האָט דאָ דעם אייגענעם זין ווי באַשולדיקן דאָס פייער פאַר דער עוולה, וואָס ער ברינט אָפּ דעם מענטשן, וועלכער איז דאָך אומגערן געקומען מיטן פייער אין אַ צו נאָענטער באַרירונג [3].

אמת, קרשקש פאַרשטייט זייער גוט, אַז דערמיט בלייבט נאָך ניט פאַרענטפערט איין זייער הארבע טענה. מיר מאַכן דאָך אַזאַ גרויסן אונטערשייד צווישן מעשים, וואָס ווערן געטאָן מיטן אייגענעם ווילן, און

---

1 דאָרשן, דף ל"ה, עמ' ב': „ואבל כבר היו הדברים אפשריים בבחינת עצמם ומחוייבים בבחינת סבותם". זע אויך דף כ"ד, עמ' ב': „אין ספק שהיות הדבר מחוייב בצד מה לא יחייב חיוב הדבר בעצמותו".

2 דאָרשן, מאמר שני, כלל חמישי, קאַפּ' 3.

3 דאָרשן, דף ל"ה, עמ' א': „וזה שאם היו הגמול והעונש מתחייבים מהעבודות והעברות התחייב המסובבים מן הסבות, הנה לא יאמר בהם היותם עול, כמו שאיננו עול הקרבות אל האש שישרף, ואם היה קרבתו אליו בזולת רצון.

אַזוינע האַנדלונגען, וואָס ווערן געטאָן ניט מיטן פרייען ווילן, נאָר אויס אונס והכרח. מיר זאָגן, אַז דער מענטש איז פאַראַנטוואָרטלעך בלויז פאַר די ערשטע, ניט פאַר די לעצטע. ווייבאַלד אָבער די ערשטע אַרט מעשים אונטערשיידט זיך פון דער אַנדערער בלויז דערמיט, וואָס דער מענטש מיינט נאָר, אַז ער האַנדלט פריי, אין דער אמתן אָבער טוט ער אויך דאָ ניט אויס פרייען ווילן, נאָר אויס נויטווענדיקייט — האָט מען דאָך ניט וואָס צו מאַכן אַן אונטערשייד צווישן די צוויי אַרטן האַנדלונגען. און מען קאָן ווידער שטעלן אַזאַ מין פראַגע: פאַרוואָס זאָל ניט קומען קיין עונש אויך פאַר אַזעלכע מעשים, וואָס ווערן געטאָן ניט אויס פרייען ווילן, נאָר אויס הכרח? אויך דאָ מוז דאָך די סיבה אַרויסרופן מיט נויטווענדיקייט די באַשטימטע תולדה [1]. ווי איז ווייטער צו פאַרענטפערן אויך די האַרבע שאלה: מיר האָבן דאָך בקבלה, וואָס פאַר אַ גרויסער עונש ס'וואַרט אויף די מינים ואפיקורסים פאַר זייערע פאַלשע דעות, פאַר זייער ניט גלויבן אין דער תורה אָדער אין תחית המתים. ווי קאָן מען עס אָבער בכלל ריידן וועגן שטראָף ביי דברים שבלב, אין גלויבן־פראַגן? עס איז דאָך אַלעמען קלאָר, אַז אין אמונה־זאַכן איז פּאַראַליזירט דער פרייער ווילן, דער מענטש קאָן זיך ניט צווינגען, ער זאָל גלויבן אין דער אָדער אין יענער רעליגיעזער דאָגמע [2].

זייער כאַראַקטעריסטיש איז קרשקשס ענטפער. מיר ווייסן, וואָס פאַר אַ גרויס געוויכט ס'לייגט די מיסטיק בכלל און די קבלה בפרט אויף דעם עמאָציאָנעלן מאָמענט, אויף דעם התלהבות־געפיל און דעם ברען פון „התפשטות הגשמיות". קרשקש רעכנט זיך אויך זייער שטאַרק מיט אָט דעם דאָזיקן פאַקטאָר. גאָט איז דאָך לויטער ליבע, דאָס אַבסאָלוט גוטע. אויס זיין אומענדלעכער ליבע גיט ער מצוות און געבאָטן, זיי זאָלן מעורר זיין דעם מענטשן, דערוועקן אין אים דעם חשק טאָן דאָס גוטע און גערעכטע, בכדי ענלעך צו זיין צו אים כביכול. גאָט אין זיין אומבאַגרענעצטער ליבע שאַפט דאָס גוטע, און דאָס גוטס טאָן איז דער מקור פון אומענדלעכער פרייד און גליקזעליקייט. טאָן גוטע, גערעכטע מעשים, גיין אין זיינע דרכים — דאָס הייסט אים כביכול נאָכטאָן, אין זיין ווילן גוטס צו טאָן, אין זיין שמחה און תענוג דאָס גוטע צו טאָן. און

---

[1] דאָרטן, אָנפאַנג קאַפּ׳ 5: „והוא איך יסכים היושר האלהי בגמול ועונש עם החיוב, ואם היה שיסכים, מה ההפרש בין החיוב אשר בבחינת הסבות בזולת הרגש אונס והכרח ובין החיוב אשר בהרגש אונס והכרח, וזה שכבר יחשב שאם מלשה המצות והעבירות הם סבות והגמול והעונש מסובבים להם עם חיוב המעשים, הנה לא היה ראוי שיובדל חיוב בזולת הרגש הכרח מהחיוב בהרגש הכרח".

[2] דאָרטן, קאַפּיטל 5.

דאָס געפיל פון גליקזעליקייט בשעת דעם גוטס טאָן דערנעענטערט דעם מענטשן צו גאָט; פעלט דאָס דאָזיקע געפיל — דערווייטערט זיך דורכדעם דער מענטש פון גאָט. און מיט אייזערנער נויטווענדיקייט, ווי אומפאַרמיידלעכע פועל־יוצאס פון באַשטימטע סיבות, האָבן מיר אין ערשטן פאַל דאָס, וואָס מיר רופן שכר, און אין צווייטן פאַל — די שטראָף, דעם עונש. ניט די מעשים גופא, סיי גוטע, סיי שלעכטע, זיינען דער עיקר, נאָר די מיט זיי פאַרבונדענע כוונה, די עמאָציע, דאָס תענוג־געפיל, וואָס דערפילט די נשמה בשעת די האַנדלונג ווערט געטאָן. סתם מקיים זיין די מצווה — דאָס הייסט נאָך ניט דערפילן גאָטס רצון; זי ווערט ערשט פון גאָט באַוויליקט, ווען זי באַגלייט דערביי די התלהבותדיקע כוונה און איז דורכגעדרונגען מיטן געפיל פון פרייד און גליק. אמת, אויך די כוונה, דער התלהבותדיקער ברען, אַנטשטייען ניט אויס דעם פרייען אומבאַגרענעצטן מענטשלעכן ווילן, אויך זיי זיינען אַ פועל־יוצא פון אַ באַשטימטן סכום ענג צונויפגעפלאָכטענע סיבות. דאָס אייגענע איז דאָך אָבער אויך דער פאַל בנוגע צו שכר ועונש: זיי קומען ניט אַלס געצאָלט פאַר דעם מעטשנס טאָן, וואָס געשעט אויס פרייען אומבאַגרענעצטן ווילן, נאָר טאַקע אויך אַלס נויטווענדיקער פועל־יוצא פון דער אויס געטלעכער ליבע געבוירענער וועלטאָרדענונג, ביי וועלכער כוונות און שטרעבונגען, וואָס דערנענטערן צו גאָט, ברענגען צו שכר, און אַנטקעגנגעזעצטע שטרעבונגען, וואָס דערווייטערן פון גאָט, ברענגען צו עונש. דעמאָלט אָבער ווען ביי אונזערע מעשים פעלט דער באַוווּסטזיין פון פרייהייט, ווען אונזער טאָן ווערט אַרויסגערופן ניט אויס אייגענעם ווונטש, נאָר אויס צוואַנג, אַ שום חשק און אינעווייניקסטן ברען—קאָן דאָ בכלל קיין רייד ניט זיין ניט וועגן דערנעענטערן זיך, ניט וועגן זיך דערווייטערן פון גאָט, און ניט וועגן דערמיט פאַרבונדענעם שכר ועונש [1].

איצט איז גאַנץ באַגרייפלעך, פאַרוואָס אויך רעליגיעזע איבערצייגונגען זיינען פאַרבונדן מיט שכר ועונש. אמת, אין רעליגיעזע איבער־

---

1 דאָרטן, דף ל"ז, עמ' א': „ואמנם ההבדל אשר בין החיוב בזולת הרגש אונס והכרח ובין החיוב אשר באונס והכרח הנה הוא הראוי ממה שאומר... שהתכלית הנכסף בעבודות ובפעולות הטוב הוא החשק והשמחה בהם שאינו דבר זולתי ערבות הרצון לפעול הטוב, וזה לפי שהוא יתברך בתכלית האהבה והערבות להשפיע לפעול הטוב, והיה הקשר והדבקות אם כן ללכת בדרכיו כפי מה שאפשר ולזה כאשר היה החפץ והערבות הזה בנפש היה פעל נפשיי אשר באמצעותו יהיה הדבקות והפרוד ולזה היה ראוי שימשך ממנו הגמול והעונש כהמשך המסובב מן הסבה. וכאשר נעדרה הנפש מן החפץ הזה כמו שיהיה אדם מרגיש אונס והכרח בפעולותיו הנה הפועל ההוא לא יפעלהו הנפש ולא יתחייב ממנו דבקות ופרוד שיהיה... לוזה לא היה ראוי לגמול ועונש כלל".

ציי̈גונגען איז נימאָ קיין שום בחירה חפשית (שהאדם על האמונות בלתי בחוריי ואין לרצון שום מבוא עליהם), זיי זיינען דאָך אָבער „דברים שבלב", זיי ברענגען אין באַוועגונג די טיפסטע קלאַנגען פון דער נשמה, זיי דערוועקן די גרויסע באַגייסטערונג, דעם פּאַטאָס, באַשענקען דעם מענטשן מיטן זיסן געפיל פון גליק און פרייד. זיינען די רעליגיעזע איי־בערצייגונגען אימשטאַנד צו דערנענטערן דעם מענטשנס נשמה צו גאָט, דעם מקור פון ליבע און גוטס, דאַן קומט די באַלוינונג; זיינען אָבער די רעליגיעזע אָנשויונגען שעדלעכע און זיי באַשמוצן און פאַרפירן בלויז די נשמה, וואָס ווערט דורכדעם דערווייטערט פון גאָט — דאַן ווארט אויף איר אומפאַרמיידלעך די שטראָף, פּונקט ווי דאָס פייער מוז פאַר־ברענען דעם מענטשן, ווען יענער קומט מיט אים אין צו נאָענטער באַ־רירונג [1].

דאָ שטעלט זיך קרשקש אָפּ אויף דעם לעצטן פון די זעקס עיקרים, וואָס אויף זיי שטיצט זיך, לויט זיין מיינונג, די גאַנצע יידישע אמונה. דאָס איז די פראַגע וועגן „תכלית": אין וואָס באַשטייט דער ציל און ענדצוועק פונם גאַנצן „מעשה בראשית", פון „מתן תורה" און פון דעם מענטשנס עקסיסטענץ? מיר וויסן, אמת, אַז די תורה באַצוועקט אויס־צובעסערן דעם מענטשן, דערנענטערן אים צו אמת מאָראַלישער און גייסטיקער שלמות (שלמות המדות ושלמות הדעות), זי זאָרגט פאַר זיין קערפּערלעכן און גייסטיקן גליק, און דורך דערפילן אירע מצוות און נע־באָטן דערגרייכט ער דאָס אייביקע לעבן. וועלכער איז אָבער דער א י י ן ־ א י י נ צ י ק ע ר, דער לעצטער און העכסטער ציל? איינער פון די נאָר־וואָס אויסגערעכנטע, אָדער גאָר אַן אַנדערער? [2] און אויב אַן אַנדערער— אין וועלכער שייכות געפינען זיך מיט אים די איבעריקע צילן, וואָס דינען בלויז אַלס פאַרשטאַפּלען צו אָט דעם העכסטן ענדצוועק? עס איז קלאָר, אַז דער וויכטיקסטער פון די אויסגערעכנטע צילן איז — אומשטאַרב־לעכקייט. אַלע זיינען דאָך מסכּים, אַז ריין קערפּערלעך גליק איז בלויז אַ פאַרשטופּע; קיינער וועט זיך אויך ניט שפּאַרן, אַז וויכטיקער פון מאַ־טעריעלן גליק איז מאָראַלישע שלמות, וועלכע רייניקט די נשמה פון

[1] דאָרטן, ענדע קאַפּ' 5: „ולזה כבר הותר הספק הגדול והתישב שהגמול והעונש באמונות הוא מפאת הערבות והשמחה אשר לנו בהם וההריצות בהשתדלות השגתה".

[2] דאָרטן, מאמר ב', כּלל ששי, פּרק א', דף ל"ח, עמ' א': „והנה כאשר בדקנו בה ובמה שבא מזה בקבלה מצאנו שכבר תעמיד אותנו בשלמות המדות והדעות ובהצלחות גופיות ונפשיות ולפיכך נשאר עלינו לחקור בו אם התכלית האחרון באחד מאלו או אם הוא בדבר זולת אלו".

יעדן פסולת. דערפאַר אָבער, שטרייכט קרשקש אונטער, בנוגע צום דריטן ציל — גייסטיקע פאַרפולקומונג (שלמות הדעות) מוזן מיר ריידן מער באריכות, „ווייל אין דעם פונקט זיינען געשטרויכלט געוואָרן אַ טייל פון אונזערע חכמים״ (לפי שמעדו בו רגלי קצת חכמי אומתינו).

מיט דער גאַנצער שאַרף פון זיין קריטיק טרעט קרשקש אַרויס קעגן די ראַציאָנאַליסטן פון מיימונים חדר און ספּעציעל קעגן דעם רלב״ג. זיי, די ראַציאָנאַליסטן, זאָגט קרשקש, שטעלן אַרויס אַלס עפּסטגעזעצטן כּלל, אַז נאָר דער געדאַנק איז דער שליח פון אומשטאַרבלעכקייט, אַז נאָר דורך פילאָזאָפיש פאָרשן און שאַרפן דעם שכל מיט אַבסטראַקטע באַגריפן (מושכּלות) ווערט דערוואָרבן דער „שכל הנקנה״, וואָס נאָר ער, זייענדיק אָן אַ שמץ פון קערפּערלעכער ביימישונג, איז אומשטאַרבלעך. און וואָס רייכער דער „דערוואָרבענער שכל״ איז מיט פילאָזאָפישע באַגריפן — אַלץ גרעסער איז זיין גליקזעליקייט[1]. די מצוות און געבאָטן באַטראַכטן זיי בלויז אַלס מיטלען, וואָס דאַרפן דערלייכטערן דעם מענטשן אינם דערווערבן די „מושכּלות״, די פילאָזאָפישע אידעען און באַגריפן; די מצוות אָבער, וואָס קאָנען ניט מיטהעלפן דעם שכל צו פאַרשאַרפן — די האָבן קיין שום זין ניט, און ס׳איז ניט כּדאי זיי מקיים צו זיין (ואם לא התעצם השכל בהם אין יתרון בעשיית המצות). לויט די דאָזיקע דעות, פּירט קרשקש אויס, דאַרפן די צדיקים און די קדושים, וואָס האָבן זיך מוסר־נפש געווען פאַר גאָטס נאָמען וועגן, ניט האָפן אויף השארת הנפש און אומשטאַרבלעכקייט, אויב זיי האָבן זייער שכל ניט געשאַרפט און זיך ניט פאַרנומען מיט פילאָזאָפישער חקירה; נידערטרעכטיקע מענטשן אָבער, מוסרים און מלשינים, וויבאַלד זיי האָבן דערגרייכט פילאָזאָפישע בילדונג און דערוואָרבן אויף אַזאַ אופן דעם „שכל הנקנה״ — זיי מוזן אומפאַרמיידלעך אומשטאַרבלעך בלייבן (אי אפשר מבלתי שישאר נצחי)[2]. וואָרעם פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט אויס וואָלט דאָך

---

[1] דאָרטן, דף ל״ט, עמ׳ א׳: „ואמר שהוא מוסכם מהם שהשכל יתעצם במה שישיגהו מהמושכלות ויתחדש מהם שכל נקנה בלתי מעורב עם השכל ההיולני ולהיותו נבדל מההיולני, עם היותו שנתהוה ונתחדש ישאר נצחי לפי שאין לו סבות ההפסד... ולזה תהיה ההצלחה הנצחית במושכלות הנקנות וכל עוד שנשיג מושגים רבים תהיה ההצלחה יותר גדולה״.

[2] דאָרטן, מאמר ב׳, כלל ב׳, פרק ב׳: „שאם ההשגחה לשלם באמצעות ההודעה, כבר יתכן שתגיע מזאת ההודעה לרשעים כשהם שלמים השכל מצד ההתאחדות אשר להם בשם יתברך מפני שלמות שכלם״. זע אויך ווייטער אין דעמזעלבן מאמר: „הוא מבואר שהספק שחדשו ברשע אשר קנה מהמושכלות אם היה שיענש עונש נפשיי״... (דף כ״ח, עמ׳ א׳) „ומהם שהוא רחוק בחק היושר האלהי שיהיה הגמול והעונש האמתי לאדם לזולת העובד או הממרה״ (דף ל״ט, עמ׳ ב׳).

טאַקע געווען די גרעסטע לאָגישע סתירה, אַז דער „שכל הנקנה", וואָס איז דערפאַר אומשטאַרבלעך, ווייל ער איז ריין פון דעם מינדסטן חומר, זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך און מוזן באַשטראָפט ווערן פאַר די ערדישע זינד, וואָס דער קערפּערלעכער זינדיקער טייל פון דעם מענטשן איז באַגאַנגען.

קרשקש באַנוגנט זיך אָבער ניט דערמיט, וואָס ער שטרייכט אונטער, אויף ווי שטאַרק דאָס אַלץ איז סותר די יידישע מסורה און געפינט זיך אין פולן קעגנזאַץ מיט דער יידישער וועלטאַנשויונג. מיט דעם גאַנצן גלאַנץ פון זיין שאַרפער דיאַלעקטיק פלייסט ער זיך אויך צו דערווייזן, ווי ווייט אומבאַגרינדעט די דאָזיקע אָנשויונגען זיינען אויך פון דעם וויסנשאַפטלעך־פילאָזאָפישן שטאַנדפּונקט [1].

לויט דעם רלב"גס שיטה [2] איז דאָך דער „שכל הנקנה" (דער דערוואָרבענער פאַרשטאַנד) איינגאַנצן אָפּגעטיילט פונם „מאַטעריעלן שכל" און אויך פון זיין טרעגערין, די „נפש המרגשת", מיט דער „צורה דמיונית" (פאָרשטעלונגס־קראַפט), וואָס זיינען דאָך שטאַרבלעך גלייך מיטן מענטשן. עס קומט אויס, זאָגט קרשקש, אַז אין דעם פאַרגענגלעכן און שטאַרבלעכן ווערט אויף אַ אומבאַגרייפלעכן אופן עפּעס גאָר נייס און אויסטערלישס באַשאַפן; עס אַנטשטייט אומשטאַרבלעכס און ניט־פאַרגענגלעכס; און אָט דער אומשטאַרבלעכער גייסט לעבט זיך זיין אָפּגעזונדערט לעבן, ער זאַמלט און באַרייכערט זיך מיט אַלץ נייע אַלגעמיינע באַגריפן, די אַזוי גערופענע „אוניווערסאַליען" (מושכלות), און טאַקע די דאָזיקע מושכלות, זיי זיינען עס דער תמצית פונם אומשטאַרבלעכן גייסט. הכלל, דאָס אָקאָרשט פונם מענטשן געדאַכטע, דער אַבסטראַקטער באַגריף, ווערט עס דער דענקענדיקער גייסט גופא, ער ווערט עס דער פאָטער, דער באַשעפער פון די דאָזיקע באַגריפן, און שעפּט דעם גרעסטן תענוג אָט טאַקע דערפון, וואָס ער דערווערבט די אוניווערסאַלע מושכלות. עפּעס אַ כישוף־קרייז, אַן אימהדיקער פּלאָנטער פון סכאָלאַסטישן שפּינוועבס [3].

---

[1] דאָרטן, דף ל"ט, עמ' ב': „נראה מבואר שהדעות האלו הם כנגד שרשי התורה ועקריה ואם שהם נפרדים בעצמם מצד העיון".

[2] זע אויבן, דאָס ערשטע בוך, קאַפּיטל אַכט.

[3] דאָרטן, דף ל"ט, עמ' ב': „שלפי הדעות האלו השכל הנקנה הנשאר הוא נבדל בלתי מעורב עמו, הנה אם כן איננו צורה לו ואיננו מקרה דבק לו, אחר שהונח נבדל ומתעצם מהמושכלות ועוד שכבר יצוייר הפסד האדם בזולת הפסדו... ומהם שהמאמר בשהשכל מתעצם במושגיו והוא מחודש נבדל לשכל ההיולני הוא מבואר ההפסד מפנים מהם שלפי שהונח בלתי היולני הנה אין לו חומר נושא ינשא עליו ויתהות ממנו ולפי שהונח מחודש יתחייב שיתהוה מלא דבר והוא מאמר מבואר הבטול,

און מע וויל אונז נאָך פאַרזיכערן, זאָגט ווייטער קרשקש, אַז אַט די אַבסטראַקטע באַגריפן זיינען עס דער מקור, וואָס אויף זיי שטיצן זיך די עיקרים פון אונזער תורה (עיקרי התורה תולדות הפילוסופיה)? נאָר וויבאַלד אומשטאַרבלעכקייט דערגרייכט מען בלויז דורך פילאָזאָפישע „מושכּלות", און נאָר זיי זיינען עס דער אומשטאַרבלעכער גייסט, וואָס לעבט איבער דעם מענטשן — צו וואָס דאַרף מען עס איינגאַנצן די תורה מיט אירע פילע מצוות און געבאָטן? אַלגעמיינע אוניווערסאַלע באַגריפן קאָן מען דאָך געפינען אין אַ פיל גרעסערער מאָס אין די ווערק פון די אַסטראָנאָמען, מאַטעמאַטיקער און אַנדערע געלערנטע פאַרשטייער פונם אַבסטראַקטן מענטשלעכן געדאַנק [1].

און אַט די סכאָלאַסטישע דעות — שטרייכט קרשקש אונטער — וואָס דער אַבסטראַקטער געדאַנק פון די פילאָזאָפן האָט געבוירן, האָבן פאַרפירט אַ טייל פון אונזערע חכמים, און ניט פאַרשטאַנען און ניט באַגריפן האָבן זיי, אַז זיי גראָבן דערמיט אונטער די פעסטונגג פון דער תורה און צעשטערן אירע גדרים, און דאָס אַלץ צוליב אַזעלכע אידעען, וואָס האָבן אַליין קיין פעסטן יסוד ניט [2].

די דאָזיקע חכמים, ווייזט קרשקש ווייטער אָן [3], זיינען געווען אַזוי שטאַרק אונטער דער השפּעה פון די ראַציאָנאַליסטישע אידעען, אַז אַפילו דער מקור פון רוח־נבואה איז לויט זייער מיינונג איין־און־דערזעלבער ווי פון יעדן וויסן — שלמות השכל, דער פולקומער אוניווערסאַלער פאַרשטאַנד. יעדער נביא מוז דערפאַר זיין אַ טיפער דענקער, אַ פילאָזאָף — „מתנאי הנביא שיהיה חכם", „הגעת הנבואה נמשך אחר שלמות השכל". פרעגט זיך אָבער: פאַרוואָס זיינען עס די געטלעכע נביאים געווען דווקא

---

כי ההתהוות מלא דבר הוא מהנמנעות... ומהם שהמאמר הזה הוא מאמר סותר נפשו כי כשהונח שהשכל מתעצם ממושגיו הנה אין הכוונה בו השכל ההיולני וזה שהשכל שהתעצם כבר הונח נבדל מההיולני ואם נכוין בו אל השכל הנקנה הנה אמרנו שהוא מתעצם במושגיו כבר נניחהו נמצא קודם היותו... והוא מביאר הגנות וההפסד וכו׳ וכו׳".

1 דאָרטן, דף ל״ז, עמ׳ א׳: „כאלו תאמר שנפש האדם כאשר נתישבה באמתות האמונות והם אצלו מושכלות כאשר הם חוץ לנפש, כבר תתעצם בהם הנפש ותשאר נצחית והוא הגמול האחרון לאדם... והנה אם היה זה כן כבר היה די לנו בהישיר אותנו בקצת הדעות שבאו בתורה ולא היינו צריכין לרבוי מופלגות מן המצוות וענפיהם וענפי ענפיהם האלהיים אלא אם כן היה הרבוי תולדות הפילוסופיא. והנה מה שבא מהם בתורה מעט מזער ואם היתה הנפש מתעצמת מאומתות המושכלות הנה בספר היסודות ובספר החרטומים אמותות מושכלות הרבה מאוד, ותהיה הנפש ההנדסי אם כן כולה מאומתות הרבה מנפש התוריות".

2 דאָרטן, דף כ׳ עמ׳ א׳.

3 קרשקש פּאָלעמיזירט דאָ הויפּטזאַכלעך קעגן דעם רמב״ם און דעם רלב״ג.

ביים יידישן פֿאָלק און ניט ביי די גריכן, וואָס ביי זיי האָבן דאָך דער־גרייכט אַזאַ הויכע מדרגה די פילאָזאָפיע און אַנדערע וויסנשאַפטן?[1].

מיר זעען בכן — פירט קרשקש אויס — אַז אויך דאָס וויסן, די שלמות הדעות, איז גלייך ווי דער קיום המצוות ניט דער העכסטער ענד־צוועק פון דער געטלעכער לערע. זיי ביידע זיינען בלויז מיטלען צום העכסטן ציל; „קליין איז דער דאָזיקער ציל אין פאַרנעם, נאָר אומגע־הייער גרויס אין באַטייט, ער געהערט הן צו דעם געביט פון וויסן, הן צום געביט פון פּראַקטישן טאָן, און דאָס איז — די ל י ב ע צו גאָט"[2].

פון די צוויי געבאָטן אין דער תורה: „וידעת את ה'" און „ואהבת את ה' אלהיך", האָט קרשקש געהאַלטן דעם לעצטן פאַר דעם וויכטיקסטן און באַדייטנדיקסטן. עס שטייט געשריבן — שטרייכט קרשקש אונטער — „ואהבת את ה' אלהיך בכל לבבך" — דאָס איז דער יסוד פון דער גאַנ־צער תורה, דער העכסטער ציל פון דעם מענטשנס לעבן. און דער תמצית און צוועק פון אַלע מצוות און געבאָטן באַשטייט אין דעם דערוועקן אין אונזער נשמה די דאָזיקע ליבע, פאַרשטאַרקן דאָס התלהבות געפיל, דעם דראַנג צו גאָט דעם באַשעפער. און אין דער דאָזיקער ליבע, אין דעם התלהבות־געפיל איז דער מקור פון אונזער אומשטאַרבלעכקייט.

בלייבנדיק טריי דער אַלטער טערמינאָלאָגיע, באַטראַכט קרשקש די נשמה אַלס דעם מענטשנס „פאָרם", ד"ה אַלס דעם תוך און רעאַלן תמצית פונם מענטשנס וועזן; „און אַלס גייסטיקער עצם איז זי (די נשמה) פעיִק צו אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג נאָר בלויז אין דער פּאָטענץ, אָבער נאָך ניט בפועל" (שנפש האדם אשר היא צורתו, עצם רוחני מוכן אל ההשכלה ובלתי משכיל בפועל עצמו). אַלס גייסטיק וועזן קאָן שוין די נשמה ניט גיין לאיבוד; ניט אָבער דורך אַבסטראַקטן דענקען דער־גרייכט זי אומשטאַרבלעכקייט, ניט דורך דעם אַנטפּלעקט זי איר אמתן תמצית און פון בלויזער מעגלעכקייט פאַרקערפּערט זי זיך אין רעאַלן זיין. ניט אין דענקען, ניט אין אַלגעמיינע „מושכלות" באַשטייט די העכסטע שטאַפּל פון שלימות ביי דעם מענטשנס נשמה, ניט אין דעם איז איר העכסטער ציל און תכלית. ווייל דער מקור פון העכסטער שלמות אין

---

[1] דאָרטן, דף ל"ד, עמ' א': „והוא אצלי כדמות הנפלאות, וזה שכאשר נקח דעת הפילוסופים ישאר הפלא איך היה שלא נמצא בכל זה הזמן אשר הועתקו אלינו קורותיו מי שהגיע לזאת המדרגה אחר נתינת התורה אלא מהאומה הנבחרת והנה חכמת היונים והכשדים מפורסמות מאוד ולזה יחס מניעת ההשגה מהם לפלא".

[2] דאָרטן, דף מ', עמ' א': „וכאשר חקרנו בה ובחלקיה מצאנו בה חלק קטון הכמות גדול האיכות, שאיננו מן הדעות במוחלט ומן הפעולות במוחלט והוא אהבת השם יתברך ויראתו האמתית".

דער וועלט, גאָט־ברוך־הוא, איז דער תמצית פון ליבשאַפט און גוטסקייט, און אַט די אומבאַגרענעצטע ליבע איז די סיבה און באַוועגנדיקע קראַפט פון זיין אומאונטערבראָכענעם טאָן און שאַפן — איז אויך די העכסטע מאָס פון דער נשמהס שלימות איר ליבע און שטרעבונג צום גוטן. און נאָך העכער די מדרגה פון שלמות, אַלץ שטאַרקער איז אין דער נשמה די ליבע, אַלץ ברענענדיקער איז דער דראַנג צום אורקוואַל פון ליבע[1].

און קרשקש קערט זיך נאָך אַמאָל אום צו דעם רלב״גס לערע וועגן דעם „שכל הנקנה״, וועלכער איז ביי קרשקשן אין די אויגן בלויז אַ סאָפיסטישער פּילפּול אָן אַ וועלכן ס׳איז רעאַלן אינהאַלט (והמאמר שהמושכלות הנקנות יתעצמו נבדלות מהנושא ויתהוו ממנו שכל נבדל אין ידים לו). אַלס „ריינע סאָפיסטיק״ (הטעאה מבוארת) דערקלערט אויך קרשקש דעם רלב״גס דעה, אַז כּל־זמן דער מענטש לעבט און דער חומר שטערט דעם מענטשן זיך פריי אָפּצוגעבן דעם אַבסטראַקטן דענקען און וויסן, איז אויך דער תענוג און די פרייד פון דעם אינטעלעקטועלן פאָרשן ניט קיין פולשטענדיקע, און ערשט נאָכן טויט געניסט דער אומשטאַרבלעכער „שכל הנקנה״ דאָס פולשטענדיקע און אומגעשטערטע גליק; און די מדרגה פון דעם דאָזיקן גליק איז אַלץ גרעסער און שטאַרקער, וואָס מער „אַלגעמיינע באַגריפן״ (מושכלות) דער „שכל הנקנה״ האָט אינם מענטשנס לעבן דערוואָרבן. אויפן שאַרפזיניקסטן אופן דערווייזט קרשקש, אַז דאָס געפיל פון פרייד און גליק אין אונזער לעבן איז ענג פאַרבונדן מיט דעם באַוווּסטזיין, אַז דאָס געשטרעבטע און געוווּנטשטע איז דערגרייכט. דאָס גליק־געפיל ביים דערגרייכטן וויסן איז אַ פועל־יוצא פון אונזער ווילנאָנשטרענגונג (המרצת הרצון), פון דער שטאַרקער תשוקה, מיט וועלכער דער עמאָציאָנעלער טייל פון אונזער נשמה איז דורכגעדרונגען. אין דעם באַפרייען זיך פון אונזער שטאַרק געשפּאַנטער ענערגיע, מיט וועלכער ס׳איז פאַרבונדן אונזער איבערגאַנג פון אומוויסן צום וויסן, אין דעם פּלוצימדיקן איבערגאַנג פון אומרויִקער אָנגעשטרענגטקייט צו דער רויִקער באַפרידנקייט — איז דער מקור פון אונזער גליק־ און תענוג־געפיל, פּונקט ווי די מעלאָדיע אין דער מוזיק איז פאַר אונזער אויער אַלץ אָנגענעמער און זיסער — וואָס פאַרשיידנאַרטיקער עס זיינען

1 דאָרטן, 40—41: „לפי שהוא ידוע שהשם יתברך מקור ומבוע מהשלמיות כולם והוא יתברך לשלמותו אשר הוא עצמותו אוהב חטוב למה שנראה מפעולותיו בהמצאת המציאות בכללו והתמדתו וחדושו תמיד וזה אמנם ברצונו הפשוט... ויתחייב מזה שכל אשר יהיה השלמות יותר גדול יהיה האהבה והערבות בחפץ יותר גדול... שלפי מדרגת חשוב האחוב תהיה מדרגת האהבה״.

אירע טענער און גרעסער צווישן זיי די הפסקות (אינטערוואַלן) ביים „שכל הנקנה” אָבער, לויט דער רלב״ג און זיינע אָנהענגער שטעלן זיך אים פאָר, קאָן גאָר נאָכן מענטשנס טויט קיין רייד ניט זיין וועגן תענוג־ און גליק־געפיל: זיי שטעלן זיך אים דאָך פאָר אָן שטרעבונגען און גלוס־טונגען, ער איז דאָך לויטער אַבסטראַקטער געדאַנק, אָן אַ שמץ פון ווילן, פון עמאָציעס [1].

קרשקש שטרייכט מערערע מאָל אונטער, אַז ער מיינט כלל ניט אָפּלייקענען די גרויסע ראָלע פון פאָרשן און וויסן; ער וויל בלויז דערמאָ־נען, אַז ניט אין דעם באַשטייט דער גאַנצער מהות פונם מענטשנס לעבן, דאָס איז בלויז דאָס מיטל צו דערוועקן און צו שטאַרקן די ליבע צו גאָט. ניט אָבער דאָס באַגרייפן, ניט דעם מענטשנס שכל מיטן אַבסטראַקטן געדאַנק גיבן דעם מענטשן די פרייד און דאָס גליק־געפיל, די גליקזע־ליקייט פון דער דערגרייכטער ליבע — נאָר דאָס גלוסטן און וועלן, דער פאַטאָס פון דביקות (המרצת הדבקות) און דער שטורמישער ווילנס־דראַנג [2]. און וואָס גרעסער די תשוקה, וואָס הייסער ס'איז דאָס גלוסטן פונם מענטשנס נשמה צו גאָט — אַלץ שטאַרקער ווערט דער ליבעס־באַנד צווישן גאָט און דעם מענטשן, וואָרעם גאָט איז דאָך ניט בלויז געדאַנק און חכמה, נאָר אויך ליבע, שאַפנדיקע ליבע, וואָס אַנטפּלעקט זיך אין דעם אומדערמידלעכן שאַפונגס־פּראָצעס, אין דער ליבע צו שאַפן דאָס גוטע [3]; און אין דער דאָזיקער ליבע איז זיין, כביכול, תענוג און גליק־

1 דאָרטן, דף מ״א, עמ׳ ב׳: „וזה שהערבות אשר נמצא בחיינו הוא להשגת הדבר הנכסף... והיה הכוסף איננו זולת המרצת הרצון להשיג הדבר הנכסף אשר הרצון כבר התבאר היות זולת ההשכלה... ולזה יתחייב שכאשר היה הדבר הנכסף גדול הערך ויקר היה הכוסף יותר חזק והערבות בהשגה יותר גדול... אשר כשנעתק בעל הכח אל הפועל להיותו יותר רחוק היה הערבות יותר גדול בהעתקו מן הקצה אל הקצה, כאשר קרה בינגוני המושיקה שהנעימה אשר היא ביחס הכל וביחס הכפל, יותר ערבות למרחק הנעימות אשר ביחס ההוא ולהעתקה מן הקצה אל הקצה. ולזה אחר המות שההשכלה בפועל תמיד ואין שם העתק ומרחק בין הכח אל הפועל ולא כוסף למה שאין לשכל רצון כמו שקדם, הנה לא יתכן וכל שכן שלא יתחייב שיהיה לשם ערבות”.

2 דאָרטן, 41, עמ׳ ב׳: „ולהיות כח השכלי זולת כח המתעורר והכח המדמה הנה נתאַמה שהאהבה והערבות בחפץ זולת ההשכלה... ולפי שהתבאר שהאהבה והערבות בה זולת ההשכלה הנה העצמיי לשלמות הנפש הוא דבר זולת ההשכלה והוא האהבה”.

3 דאָרטן, 41, עמ׳ א׳: „ואחר שהתבאר במה שקדם... שאהבת השם יתברך אל הטוב עצומה הוא מבואר שכל אשר תהיה האהבה בין השם יתברך ובין האדם יותר גדולה יהיה הדבקות יותר חזק ויותר גדול. אויס דעם געדאַנק האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט שפּינאָזעס לערע וועגן „דער אינטעלעקטועלער ליבע, מיט וועלכער גאָט ליבט זיך גופא”.

זעליקייט. דאָס גוטע, וואָס ווערט פון גאָט געשאַפן, איז בכן דער מקור פון דער צווייפאַכער גליקזעליקייט: מצד דעם, וואָס איז משפיע דאָס גוטע, און פון דעם, וואָס איז דאָס גוטע מקבל [1]. קרשקש שטעלט זיך דאָ פאַקטיש אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דער קבלה, וועלכע דערקלערט, אַז אָן דער מיטווירקונג פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט קאָן גאָטס גנאָד זיך ניט אַנטפּלעקן, ווייל „אין שפע יורד מלמעלה אלא אם קודמת לו התעוררות מלמטה", און „מעולם לא התעוררה מדת הרחמים מלמעלה בלי התעוררות שבלב מלמטה". קרשקש שטרייכט אויך דערפאַר אונטער צוזאַמען מיט די בעלי־הקבלה און מיסטיקער דעם גרויסן באַטייט פון דער תפילה. אין דעם אויסגיסן פון דעם מענטשנס הארצן פאַר זיין באַשעפער, אין דעם דבקות־ און פּאַטאָס־געפיל, מיט וועלכן דער מענטש באַהעפט זיך צו גאָט — דערגרייכט דער מענטש די העכסטע מדרגה פון תענוג און גליקזעליקייט; און אין דעם פּרט, איז קרשקש מוסיף, זיינען טאַקע אונזערע חכמים זייער גערעכט בעת זיי זאָגן, אַז „הקב"ה מתאוה לתפלתן של צדיקים" [2]. עס איז דערפאַר לייכט באַגרייפלעך, וואָס קרשקש ווייזט יעדעס מאָל אָן, אַז די ליבע צו גאָט דערוועקט אינם מענטשן ניט נאָר די „שלמות הדעות", דאָס אינטעלעקטועלע וויסן, נייערט אויך דאָס אַקטיווע מאָראַלישע טאָן, דאָס דערפילן פון עטישע געבאָטן. „די תורה, זאָגט קרשקש, זי ווייזט דעם ריכטיקן וועג פון ליבע ניט נאָר פאַר די מושלמים, פאַר די מענער פון גרויסן וויסן, נאָר אויך פאַר יעדן מאמין באַזונדער" [3].

הכלל: די ליבע צו גאָט, צו דער העכסטער מדרגה פון דעם אַבסאָלוט גוטן — אָט דאָס איז דער העכסטער ציל פון דער תורה. דאָס איז אויך דער איינאיינציקער ציל, וואָרעם — איז נאָך אַ ציל פאַראַן, דאַן איז יענער דער וויכטיקסטער און העכסטער. ערשט איצט האַלט קרשקש פאַר מעגלעך אַרויסצוזאָגן ביזן סוף זיין שטאַנדפּונקט. טאַקע נאָר די ליבע צו גאָט און ניט דער שכר און די האָפענונג אויף עולם־הבא מיטן גן־עדן איז דער העכסטער ציל; אומבאַגרענעצט דאַרף

---

1 דאָרטן, 19, עמ' ב': לפי שהשמחה הזאת משותפת לבורא יתברך בהשפעתו מהטוב לנבראים במה שיקבל מההשפעה".

2 דאָרטן, 19, עמ' ב'.

3 דאָרטן, 42, עמ' ב': „אומר עוד שהתורה בלי ספק תקנה אהבה בלב תשלמים והבלתי שלמים הנמשכים אחריה וזה שכבר נתאמת בזולת זה המקום שהכל יכספו הטוב ולזה אין ספק שהטוב המוחלט יתברך אצל כל בעל דת יחשקו אותו ויכספוהו הכל".

זיין די דאָזיקע ליבע שאינה תלויה בדבר, זי דאַרף ניט זיין פאַרבונדן מיט קיין שום שכר, מיט קיין שום אַנדערע פניות און אויך ניט מיט וועלכן ס'איז אַנדערן צוועק, אַניט וועט דאָך אָט יענער צוועק זיין דער טייערסטער און באַליבטסטער [1]. און ניט אומזיסט, שטרייכט קרשקש אונטער, האָבן אונזערע חכמים געזאָגט, אַז „ס'איז טייערער איין שעה תשובה און מעשים־טובים אויף דער וועלט פון דער גאַנצער עולם־הבא".

קרשקש לייקנט אָבער דערביי כלל ניט אָפּ, אַז עולם־הבא און דאָס אייביקע גליק איז דער העכסטער און שענסטער שכר. און אין דעם איז פון קרשקשס שטאַנדפּונקט אויס קיין שום סתירה ניטאָ. מיר ווייסן דאָך שוין, אַז קרשקש באַטראַכט דאָס פון גאָט געשאַפענע גוטע אַלס קעגנזייטיק גליק: פול מיט גליקזעליקייט איז ניט נאָר דער, וואָס איז מקבל דאָס גוטע, נאָר אויך דער, וואָס איז משפיע. דעם מענטשנס העכסטער און שענסטער ציל איז טאַקע די אומבאַגרענעצטע ליבע צו גאָט, ניט טראַכטנדיק וועגן וועלכן ס'איז שכר און באַלוינונג, אָבער גאָט, וואָס שאַפט און איז משפיע דאָס גוטע — זיין גליקזעליקייט באַשטייט דאָך אין דעם אומענדלעכן און אומבאַגרענעצטן באַגליקן, אין דעם אומאונטערבראָכענעם אויסגיסן די שפע פון זיין ליבע איבער די מענטשן. און אָט אין דעם געטלעכן ציל ליגט פאַרבאָרגן דעם מענטשנס אומשטאַרבלעכקייט [2].

צוזאַמען מיט דער פראַגע וועגן דעם העכסטן ציל פון מתן־תורה איז אויך ענג פאַרבונדן קרשקשס זייער אינטערעסאַנטער ענטפער אויף דער ווייטערדיקער פּראָבלעם: אין וואָס באַשטייט בכלל דער ציל פון דעם מענטשן און פון דער גאַנצער „מעשה בראשית"? דער געוויינלעכער ענטפער, וואָס איז געווען גילטיק ביי אַלע גאָטספאַרכטיקע מענער אין מיטלאַלטער: די וועלט איז צוליב דעם מענטשן באַשאַפן, בכדי דער מענטש זאָל קאָנען גאָט דינען — דער האָט שוין דעם רמב"ם אויך ניט באַפרידיקט. ער האָט אָנגעוויזן, אַז אַזאַ ענטפער איז פאַקטיש קיין ענטפער ניט,

---

[1] דאָרטן, 42, עמ' א': „ואחר שהתבאר זה מעניין זאת האהבה אומר שהוא מחוייב שלא תהיה לתכלית אחר חוץ ממנה וזה שאם היתה לתכלית אחר היה התכלית ההוא יותר אהוב... וכאשר היה זה כן יחוייב שיובן זה אף בגמול הנצחי רוצה לאמר שאין ראוי שתהיה האהבה הזאת לתכלית העולם הבא, וזה שכל אשר תהיה לתכלית מה יהיה בהכרח התכלית יותר אהוב ועבודת האהבה חלושה ממדרגתה המחייבת לה".

[2] דאָרטן, 42, עמ' א': „ולפי שהחיים הנצחיים והדבקות הנצחי מזיו שכינתו הוא הטוב שאי אפשר שיצוייר טוב כמוהו והתכלית האחרון זה עניינו כבר יתישב שיתחייב מזה מציאות תכלית אחרון יותר מאחד... אלא שמציאות ב' התכליות מחוייבי׳ כמו שקדם אבל בבחינות מתחלפות: כי הנה בבחינת המצוה התכלית האחרון הוא האהבה ובבחינת המצוָה התכלית האחרון הוא הקנאת הטוב והדבקות הנצחי בזיו השכינה".

וואָרעם מען קאָן דאָך ווייטער פרעגן: און וואָס באַצוועקט אייגנטלעך דעם מענטשנס גאָט דינען, צי ווערט דען דורכדעם פאַרגרעסערט גאָטס שלמות?[1] דער רמב״ם דערקלערט דערפאַר דידאָזיקע פּראָבלעם פאַר אומלייזבאַר. „מיר מוזן, זאָגט ער, דערקלערן: כן רצה השם או גזרה חכמתו — אַזוי איז גאָטס ווילן און אַזוי האָט ער מיט זיין חכמה באַשלאָסן". קרשקש גופא שטרייכט אונטער, אַז בנוגע צו דער פראַגע צעגייט ער זיך אינגאַנצן מיטן רמב״ם[2]. דער פאַרפאַסער פונם „אור ה׳" איז געווען דער ערשטער און דער איינציקער צווישן די מיטלאַלטערלעכע דענקער, וואָס האָט קלאָר און שאַרף אַרויסגעזאָגט, אַז די פראַגע גופא וועגן דעם תכלית און ציל האָט בכלל קיין שום זין ניט, וואָרעם עס קאָן בכלל קיין שום רייד ניט זיין וועגן אַ וועלכן ס׳איז זייטיקן, אויסער דעם לעבן שטייענדיקן ציל. אָט דער מיטלאַלטערלעכער גאָטספאַרכטיקער רב אוים סאַראַגאָסאַ איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געהאַט דעם מוט אַרויסצוזאָגן דעם געדאַנק, אַז דאָס העכסטע ציל פון דעם מענטשן אויף דער ערד איז דאָס לעבן גופא, דער אומדערמידלעכער און אומאויפהערדיקער פּראָצעס פונם מענטשנס לעבן און שטרעבן. טאַקע דערפאַר, ווייל גאָט איז ליבע און דאָס אַבסאָלוט גוטע, מוז ער לויט זיין מהות נאָך שטענדיק און אָן אויפהער שאַפן. דערפאַר טאַקע האָט קיין שום זין ניט די פראַגע: צו וואָס פאַר אַ תכלית איז די וועלט אָדער דער מענטש באַשאַפן. דער שאַפונגס־אַקט גופא איז פאַר זיך דער העכסטער ציל, וואָרעם גאָטס עצם און מהות איז דאָך די ליבע, און זיין תמצית ווערט נתגלה דורך דעם, וואָס מיר באַצייכענען מיטן באַגריף „דאָס גוטע", ד״ה אין דעם אומענדלעכן און אומאונטערבראָכענעם שאַפונגס־אַקט; און ביי דעם באַשאַפענעם גופא קאָן קיין אַנדער ציל ניט זיין, ווי ליבן אָט די באַשאַפנדיקע קראַפט און זיין פאַרבונדן מיט דעם באַשעפער מיט דעם ליבעס־באַנד[3].

---

1 „מורה נבוכים" III, פרק 13: „ואפילו היה הכל מפני האדם ותכלית האדם כמו שנאמר לעבוד השם, השאלה קיימי: והוא מה התכלית בהיותו עובד? והוא יתברך לא יוסף שלמות אם יעבדוהו".

2 דאָרטן, מאמר שני, כלל ששי, פרק ה׳: „והנה כבר נחשב שדברינו בתכלית הזה עם דברי הרב המורה בתכלית המרחק. די באַטרעפנדיקע שטעלע אין דעם שלום פונם פינפטן קאַפיטל איז דורך אַ פאַרזען פון די אַרויסגעבערס אָפּגעדרוקט אין דער מיט פון דעם אַריינפיר צום מאמר שלישי (זע אונזער באַמערקונג, אויבן, זייט 265).

3 דאָרטן: „אלא שכבר התבאר במה שקדם היות הטבה והחנינה ענין עצמי לשלם ולטוב המוחלט ולפי שהכל יכספו הטוב הוא מבואר שהפועל כשיפעל לתכלית טוב נפסק השאלה והתכלית ההוא כי להיותו טוב תכליתו בעצמו. ולזה הטוב המוחלט אשר ההטבה לו דבר עצמי הנה בשיפעל דבר תכליתו ההטבה הנה תפסק השאלה מה התכלית ההוא בהיותו טוב תכליתו בעצמו הת׳".

דאָ טרעט שוין גאַנץ בולט אַרויס קרשקשס אָרגינעלער געדאַנק, אַז „מעשה בראשית" איז אַ שאַפונגס־אַקט אויס נויטווענדיקייט. דאָס שאַפן איז ביי גאָט אַ מוז־זאַך, ער קאָן ניט אַנדערש, ער מוז שאַפן, ער מוז אויסגיסן זיין אומענדלעכע מאַכט, אַנטפּלעקן די גאַנצע גרייס פון זיין ליבע — ווייל אין דעם באַשטייט זיין מהות, זיין עצם. און דעם דאָזיקן גרונט־געדאַנק חזרט קרשקש מערערע מאָל איבער[1]. ער האַלט אָבער פאַר נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז בעת ער רעדט וועגן „נויטווענדיקייט, הייסט נאָך ניט, אַז ער לייקנט אין פרייען ווילן[2]. קרשקשס דערקלערונג, וואָס אייגנטלעך ער פאַרשטייט אונטער דעם באַגריף „ווילן", דערמאָנט זייער אָן שלמה גבירול, ביי וועלכן דער באַגריף „חפץ" (ווילן) גיסט זיך דאָך צונויף מיט חכמה, מיטן געטלעכן פאַרשטאַנד. גאָט שאַפט, לויט קרשקשס דעה, אָן אַ שום צוואַנג און פאָדערונג פון וועלכער ס'איז אויסער אים שטייענדיקער סיבה. ער נעמט אַרום מיט זיין מחשבה, באַגרייפט און דערקענט מיט פולשטענדיקן ישוב־הדעת אַלץ, וואָס ער שאַפט. ער איז אין פולן באַוווסטזיין, אַז אַלץ ווערט דורך אים געשאַפן און נאָר דורך אים; און אָט דער דענקענדיקער פרינציפ, די באַוווסטזיניקע הסכמה צו שאַפן, וועלכע באַגלייט דעם שאַפונגס־אַקט — אָט דאָס הייסט ווילן[3].

איצט, אַז מיר האָבן זיך באַקאַנט מיט קרשקשס אידעענגאַנג, איז גאַנץ באַגרייפלעך, פאַרוואָס קרשקש רעכנט ניט די „אמונת החידוש" פאַר איינעם פון די עיקרים פון דעם יידישן גלויבן. ער שטרייכט עס אַליין אפילו אונטער[4]. אמת, ער טרעט צו מיט דער גרעסטער פאָרזיכ־

---

[1] דאָרטן, 19, עמ' ב': „הנה אם כן הוא אוהב ההטבה והשפעה הטוב בהכרח"; דאָרטן: „למה שנתאמת שהערבות הוא לו הנה הוא לו בהכרח לעצמותו" אאַז"וו. דעם דאָזיקן געדאַנק האָט שפּעטער שפּינאָזע אַרויסגעזאָגט אין זיין געוויסן זאַץ: דעם ווילן קאָן מען ניט באַטראַכטן אַלס סיבה חפשית, נאָר אַלס סיבה פון נויטווענדיקייט („עטיק" ערשטער טייל, לימוד 32).

[2] דאָרטן, 52, עמ' א': „ואומר עוד שמהנהתינו זאת רוצה לאמר חיוב המציאות ממנו יתחייב שיהיה על צד הרצון וזה אמנם לשני סבות: הא' כי מהנחתינו חיוב המציאות מהשכלה שכלית יחוייב שיהיה על צד הציור ולהיותו מקנה המציאות על צד הציור שלם, רוצה לאמר ציור נימוס הנמצאות וציור היותו מקנה מציאות הנימוס והנמצאות עצמו דרך כלל ודרך חלק, וזה שאין שם דבר שלא יקנה המציאות והמהות מציורו ולהיות התחלה שכלית ירצה במה שיצייר. והנה אין ענין לרצון זולת זה אלא היותו מצוייר שהוא רוצה ומקנה דרך ההשכלה וציור מציאותם"...

[3] דאָרטן, 53, עמ' א': „בעבור זה לא שמנו אמונת החדוש פּנה אשר לא יצוייר מציאות התורה בלעדיה".

[4] זע אויבן, זייט 266.

טיקייט צו דער דאַזיקער פּראָבלעם, וואָס צוליב איר האָבן מרעיש־עולם געווען די תורנים און אָרטאָדאָקס־גלויביקע אין זייער קאַמף קעגן די ראַציאָנאַליסטן. גרינטלעך, בהדרגה און מיט גרויס חריפות, ווי קרשקשם שטייגער איז, גיט איבער דער בעל „אור ה'" די מיינונגען פון אַריסטון, מיימונין און באַזונדערס פון דעם רלב"ג בנוגע צו דער פראַגע וועגן וועלט־באַשאַפונג. דער רלב"ג, ווי מיר ווייסן[1], האָט פּאַקטיש געלייקנט אין דעם יידיש־רעליגיעזן זאַץ וועגן „בורא יש מאין", ד"ה, אַז די סיבה ראשונה, וואָס איז גאַלע רוחניות, זאָל האָבן געשאַפן ניט נאָר די פאָרם (צורות), נאָר אויך דער חומר, די מאַטעריע. ער האָט זיך דערפאַר גע־שטעלט אויף אַפלטונס שטאַנדפּונקט, אַז ס'האָט פון אייביק אָן עקסיס־טירט אַ פאָרם־ און באַוועגונגסלאָזע מאַטעריע (גשם קדום דק מכל צורה) און ערשט אין אַ באַשטימטן מאָמענט ווערט די דאָזיקע מאַטעריע אַרויס־געריסן אויס דעם תוהו־ובוהו און באַקומט אַ רעאַלע ממשותדיקע עק־סיסטענץ דורך דער באַוועגונג, ד"ה דורך דער פאָרם, וואָס ווערט געבוירן אויס דער געטלעכער מחשבה. קרשקש דעקט קונציק אויף די שוואַכע זייט פון דער דאָזיקער דעה[2] און דערווייזט, אַז זי מוז ברענגען צו די גרעסטע סתירות. עס עקסיסטירט און קאָן עקסיסטירן בלויז א י נ צ י ק ע פרייע און אומאָפּהענגיקע סיבה ראשונה; גייען מיר אָבער אַרויס פון דער הנחה, אַז ס'עקסיסטירט אַלס קדמון אַ פאָרמלאָזער חומר, וואָס איז ניט פון דער סיבה ראשונה באַשאַפן, גיבן מיר פּאַקטיש צו, אַז ס'עקסיסטירן צוויי „ערשטע סיבות" (עילות ראשונות), איינע בתכלית השלמות און די אַנדערע — איר פולער קעגנזאַץ[3]. ניט דאָס, ווייזט קרשקש אָן, איז דער עיקר, צי איז די מאַטעריע אַ קדמון אָדער אין דער גרענעץ פון צייט באַשאַפן; דער תוך פון דער פראַגע באַשטייט אין דעם גרונטגעדאַנק, אַז אַלס זעלבשטענדיקע, אומאָפּהענגיקע סיבה ראשונה עקסיסטירט זי ניט, און קאָן ניט עקסיסטירן. הכלל, סיי־ווי: צי אויס פרייען ווילן, צי אויס אייזערנער נויטווענדיקייט — אַלץ איינס מוז מען

1 דאָרטן, מאמר שלישי, כלל ראשון, פרקים 4—5.

2 דאָרטן, זע 51, עמ' ב': „זה יתבאר בקלות אם תחלה שהנחת גשם מחייב המציאות לעצמו יחייב שיהיה בלתי משתלשל מעלה זולתו, יתחייב אם כן שנניחהו עלה ראשונה ושיהיו שני עלות ראשונות, האחת בתכלית השלמות והאחת בתכלית החסרון".

3 „וזה שכבר התבאר במה שקדם שאין שם דבר מחוייב המציאות בבחינת עצמו כי אין השם יתברך... ושכל מה שזולתו איך שהונח רוצה לומר מחודש או קדום הוא אפשר המציאות בבחינת עצמו והוא נאצל ממנו; אם כן אין שם לא חומר ולא צורה ולא גשמות שלא יהיה נאצל ממנו והנה האצילות לא ימלט משיהיה אם על צד החיוב אם על צד הרצון ואיך שיהיה כבר נודה על מציאות גשמי נאצל מצורה והצורה אם כן מאצילה ונותנה מה שאין דומה לה ולא תאציל ולא תתן למקבל כי היא תתן המציאות למקבל".

קומען צום אויספיר, אַז הן דאָס גייסטיקע, הן דאָס מאַטעריעלע, הן פאָרם, הן גשמיות, אַלץ אַנטשטייט אויס א י י ן און איינציקער סיבה ראשונה, און אַז דאָס גייסטיקע, די פאָרם, רופט אַרויס צום זייַן (תתן המציאות) דאָס מאַטעריעלע [1]. אַט טאַקע דאָס מיינט דער פסוק וועגן „יש מאין": ניט אַז בעת „מעשה בראשית" האָט דער שאַפונגס־אַקט געווירקט אויף עפּעס א פּאַסיוון, פאַרמלאָזן אָבער אייביקן „אַיִן", נאָר אַז ביידע, הן די פאָרם, הן דער חומר, זיינען אַרויסגערופן געוואָרן אויס דעם „אַיִן", אויס דעם ניט זיין, צו זייער רעאַלער עקסיסטענץ דורך דער קדמונישער אור־קראַפט, די סיבה ראשונה [2]

דער רלב"ג האָט פעסט געהאַלטן מיט אַריסטוס שיטה, וואָס טיילט אָפּ מיט א שאַרפער מחיצה די פאָרם פון דער מאַטעריע, און באַטראַכט די ערשטע אַלס פולסטן היפך פון דער צווייטער; דערפאַר האָט ער אָבער בשום אופן ניט געקאָנט מסכים זיין מיטן געדאַנק, אַז די העכסטע מדרגה פון רוחניות — גאָט, זאָל זיין דער באַשעפער פון זיין פולסטן היפך, וואָס איז אַזוי פרעמד זיין מהות — די מאַטעריע. קרשקש אָבער איז בנוגע צו דער פראַגע געשטאַנען אויפן מער דיאַלעקטישן שטאַנדפונקט פון דער קבלה, וואָס האָט אין דעם חומר ניט געזען דעם פולן היפך פון גייסט; זי האָט דעם חומר כלל ניט באַטראַכט אַלס זעלבשטענדיקן און אָפּגעזונדערטן עצם, ווייל אויך אין אים האָט זי געזען פונקען פון רוחניות נאָר אין א ווייניקער געלייטערטער פאָרם. מיר האָבן שוין פריער געזען (אויבן זייט 269), אַז קרשקש באַטראַכט דעם באַגריף פון רוים און התפשטות אַלס איינער פון גאָטס „מידות" (אַטריבוטן). דעם דאָזיקן געדאַנק אַנטוויקלט קרשקש נאָך ווייטער; און אויך אין דעם פרט שטעלט ער זיך אויפן שטאַנדפונקט פונם „זוהר". לויט דעם „זוהר" טראָגן אַפילו די „קליפות" דעם „חותמו שה הקב"ה" (גאָטס שטעמפל), ווייל אַלץ איז צונויפגעגאָסן אין איין איינהייט, אַלץ טראָגט דעם אָפּגלאַנץ פון ליכט און

[1] דאָרטן: „ואין הכונה באמרו יש מאין... שהאַין יהיה הנושא... אבל הכונה... הוא שנתהוה אחר ההעדר ושלא היה לו נושא נמצא קודם... אלא שהחומר והצורה יחד שניהם נאצלו אחר ההעדר... ושכָל מציאותם נאצל ממנו".

[2] דאָרטן, 52, עמ' א': „שלמַה שהתבאר שמציאות החומר והנשמות נאצל ממנו יתברך ולא מהתחלה אחרת; אין דרך לצאת מהספק הזה איך נאצל זה המורכב בעל חומר ונשמות מהאחד הפשוט בתכלית הפשיטות אלא כשיאמר שְׁלמַה שהיה המציאות בכללו הוא אחד טוב בתכלית השלמות מה שאפשר לפי המקבל והיה מדרך הטוב להשפיע הטוב על צד החנינה כי מזה הצד יהיה שלמות לטוב להשפיע והיה הטוב במה שהוא טוב הוא אחד פשוט הנה אם היותו מורכב מחלקים אשר מזה הצד הוא רבים אין הטוב והשלמות הנמצא לא במה שהוא רבים אלא במה שהוא אחד".

גייסט, און אַלע מדרגות שטרעבן און גלוסטן איינע צו דער אַנדערער, ווייל יעדע באַזונדער וויל נתעלה ווערן, דערגרייכן דעם העכסטן שטאַפּל פון שלמות. אויך קרשקש איז פעסט איבערצייגט, אַז די פון גאָט באַ־שאַפענע מאַטעריע קאָן ניט זיין אינגאַנצן פרעמד זיין מהות. אין דער גאַנצער פיל־ און פאַרשיידנאַרטיקייט פון די באַשאַפונגען מוז, לויט קרשקשם מיינונג, זיין אַ יסוד, וואָס פאַראייניקט און פאַרברידערט זיי. הן אין די רוחניותן, הן אין די גשמיותן מוז זיין עפּעס, וואָס פאַרבינדט זיי אַלעמען מיט דער אַבסאָלוטער איינהייט, מיט דעם מקור פון זיין — מיט גאָט. און דאָס איז — די ליבע, וואָס געבוירט דאָס גוטע און די לייטזעליקייט. דער גאַנצער וועלטאַל איז אַ אַנטפּלעקונג פון גאָטס מהות — דאָס אַבסאָלוט גוטע, און אַלץ טראָגט דעם שטעמפּל פון דעם דאָזיקן מהות — הן די רוחניות הן די גשמיות (דאָרטן, 53, עמ׳ א׳).

אָט איצט ערשט קערט זיך קרשקש צוריק אום צו דער פון אים שוין פריער באַרירטער פראַגע וועגן „חידוש העולם״: צי איז די וועלט באַ־שאַפן אין דער גרענעץ פון צייט, אָדער זי איז אַ קדמון? קרשקשן איז נאַטירלעך זייער טייער די יידישע מסורה, און ער ווייס זייער גוט, אַז „כפי מה שבא בקבלה והוא שהשם יתברך חדשו והמציאו בעת ידוע״, ד״ה, אַז גאָט האָט, לויט דער יידישער קבלה, די וועלט באַשאַפן אין דער גרענעץ פון צייט; דאָך מוז ער צוגעבן, אַז ווייבאַלד „מעשה בראשית״ איז אַן אַקט פון נויטווענדיקייט, מוז מען קומען צום לאָגישן פועל־יוצא, אַז דער באַשאַפונגס־אַקט איז אַן א י י ב י ק ע ר[1]. „מעשה בראשית״ איז דאָך, לויט קרשקשן, אַ באַוווּסטזיניקער אַקט פון דער גאָטהייט, און דעם באַשעפערס ווילן קאָן דאָך ניט זיין אומבאַשטענדיק און פאַרענ־דערלעך. ווייבאַלד דער שאַפונגס־אַקט איז אַ נויטווענדיקער פועל־יוצא פון דעם געטלעכן מהות, די סיבה ראשונה מ ו ז שאַפן, ווייל זי קאָן ניט אַנדערש — מוז דער שאַפונגס־אַקט זיין אַן אייביקער און אומאונטער־בראָכענער, און די שינויים פון דער צייט קאָן מען אויף אים קיין שליטה ניט האָבן[2]. קרשקש קומט דערפאַר צו דעם זעלבן אויספיר ווי אַלבאַלאַג בשעתו, אַז דער שאַפונגס־אַקט איז אַן אייביקער און אומאונטערבראָכע־נער. גאָט אַלס טרעגער פון דעם אַבסאָלוט־גוטן קאָן ניט אויפהערן צו

1 דאָרטן, 65, עמ׳ א׳: „הנה מכל אלו הפנים יראה מצד העיון שהעולם נצחי״.

2 דאָרטן, 52, עמ׳ א׳: „ועוד שהנחנו אותו קדום לפי שיחס הפועל והמתפעל אל כל העתים יחס אחד יחוייב בהכרח אצליתו וחייבו (והידושו ?) יתברך ממנו תמיד כמו שהונח כי אין שם עת מיוחד יהיה אצילות המציאות בו והזמן האחר אצילות התמיד. ולזה יחוייב מהנחתנו זאת רוצה לומר אצילות המציאות תמיד על צד החיוב חיוב יכלת בב״ת נפעל תמיד״.

שאַפן, „ער איז משפיע און באַנייט אָן אויפהער, מיט דעם באַוווסטן ווילן שאַפט ער אַלץ, וואָס ס'עקסיסטירט" (שהשם יתברך ממציא ומחדש תמיד הנמצאות ברצונו).

אָט דער געדאַנק וועגן אייביקן און שטענדיקן מעשה בראשית (החידוש התמידי), וועגן דעם אומאויפהערלעכן שאַפונגס־אַקט פון דעם געטלעכן טעטיקן ווילן, ברענגט קרשקשן צו זייער אָריגינעלע מסקנאָס. „ווער ווייסט — זאָגט קרשקש — צי וועט אונזער וועלט, אויף וועלכער מיר עקסיסטירן, אייביק דויערן; מען קאָן זיך אויך דענקען, אַז די דאָזיקע וועלט וועט חרוב ווערן און אויף איר אָרט וועט אַ נייע וועלט אַנטשטיין, אַ מער פּאַסנדיקע און אויף אַזוי פיל פולקומער, ווי די בעלי־חיים זיינען פולקומער פון די פלאַנצן" [1]. קרשקש דערמאָנט דערביי אין ערגעץ ניט אַלבאַלאַגן, מעגלעך ער איז אים אומבאַקאַנט געבליבן, דערפאַר אָבער שטיצט ער זיך אויף יהודה הלוי[2], בעת ער דערמאָנט די באַקאַנטע תלמודישע לעגענדע, וואָס ווערט געבראַכט אין נאָמען פון רב אַבוהן, אַז אונזער וועלט איז ניט די ערשטע, וואָרעם „גאָט האָט באַשאַפן וועלטן און זיי חרוב געמאַכט, באַשאַפן און זיי ווידער חרוב געמאַכט". יהודה הלוי, שטרייכט קרשקש אונטער, האָט אָנגעוויזן, אַז די דאָזיקע אַגדה געפינט זיך כּלל ניט אין סתירה צו דער ביבלישער דערציילונג וועגן „מעשה בראשית", ווייל די תורה הייבט זיך אָן בלויז פון דעם מאָמענט, זינט ס'איז באַשאַפן געוואָרן די וועלט, אויף וועלכער דאָס מענטשלעכע לעבן האָט זיך אָנגעפאַנגען [3].

---

[1] דאָרטן, 53, עמ' א': „שהיו הווים ונפסדים בעת ידוע... ואפשר שזה שאנחנו בו ישאר נצחי, אפשר שיפסד ויבוא אחריו עולם אחר הולך מזה מהלך השלמות במדרגת החי מהצומח, כי בזה דלתי החקירה נעולות והדברים עתיקים למקבלי האמת".

[2] דאָרטן, 65, עמ' ב': „שלא תתן האמת במוחלט שלא יפסד העולם להגיע אל הטוב ממנו להיות הולך מהלך השלמות אל עולם אחר כמו שאפשר בזה שאנחנו בזה וכמו שקדם".

[3] „כּוזרי", מאמר א', פרק 67. ס'איז גאַנץ כאַראַקטעריסטיש, וואָס מיימוני אַלס טרייער תלמיד פון אַריסטוס שיטה, האָט זיך פאַרהאַלטן מיט גרויס ביטול („מורה נבוכים", וו, פרק 30) צו דער דאָזיקער תלמודישער אגדה און דערקלערט דעם דאָזיקן געדאַנק וועגן חרובע און ניי־באַשאַפענע וועלטן פאַר „אָפּשיילעך" (מגונה). דער באַקאַנטער געלערנטער דוד קויפמאַן זאָגט אַרויס אַ השערה („מאָנאַטסשריפט", 1884, 208—214), אַז די שטעלע אין „כּוזרי", וואָס קרשקש ציטירט, איז פאַרגרייזט דורך דעם איבערזעצער, און אין אַראַבישן אָריגינאַל האָט דער באַטרעפנדיקער טעקסט אַ גאַנץ אַנדערן

ווײַבאַלד אָבער די וועלט־באַשאַפונג איז אַ פּועל־יוצא פון גאָטס אומענדלעכער גוטסקייט, ווי קאָן מען עס דען באַהויפּטן, אַז די גאָטלעכע שאַפונגס־קראַפט באַגרענעצט זיך בלויז מיט אונזער וועלט. עס איז דאָך גיכער צו גלויבן, אַז צוזאַמען מיט אונזער וועלט עקסיסטירן אין דער אומענדלעכער רחבות פונם וועלטאַל נאָך אַנצאָליקע אַנדערע וועלטן[1].

אַט אַזוי האָט דער דאָזיקער טיפער מיטלאַלטערלעכער דענקער מיט זיינע אָפענע אויגן אריינגעדרונגען אין די סודות פון דער נייער וועלט, אין דער וועלט פון נייע אַנשויונגען און באַגריפן, וואָס עס האָבן אַנט־פּלעקט די גאונים פון דער שפּעטערדיקער צייט, קאָפּערניק און קעפּלער...

---

פּשט. די דאָזיקע השערה יוערט אָבער ניט באַשטעטיקט דורך דער נייער וויסנשאַפט־לעכער אויסגאַבע פונם „כוזרי" (וואַרשע, 1911), וואָס איז דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון ציפּרינוביץ, וועלכער האָט אויפסניי פאַרגליכן די העברעיִשע איבערזעצונג מיטן אַראַבישן טעקסט.

1 דאָרטן, 66, עמ׳ א׳: „כי למה שהתבאר שהייתה (שהוית ?) העולם רצונית על צד ההטבה והחנינה והוא מבואר שאין שם כילות וצרת עין להטיב כל אשר יוסיף בעולכות יוסיף בהטבה, ולזה כבר יתכן שיהיו בכאן עולמות רבים... ולפי שההויה על צד החגיגה יחשב בה שתחייב ריבוי ההטבה בריבוי עולמות".

# פינפטער קאַפּיטל

דער באַטייט פון חסדאי קרשקש. — די עפּיגאָנען. — פילאָזאָפיש געביל־דעטע טעאָלאָגן. — ר׳ שמעון בר צמח דוראַן (רשב״ץ) און זיין שאַפן. — שמעון דוראַן אַלס דאָגמאַטיקער; זיין שטאַנדפּונקט בנוגע צו דער פראַגע וועגן ביאת המשיח. — דוראַן אַלס סניגור פאַרן יידנטום. — וואָס הייסט „אַפּיקורסות״? — יוסף אַלבאָ און זיין „עיקרים״. — די השפּעה פון זיינע פאָרגייער. — דער באַטייט פון אַלבאָס ווערק. — דער בעכער פון טרייסט, וואָס דער בעל ה„עיקרים״ דערלאַנגט.

קרשקש איז בלי־ספק איינער פון די אָריגינעלסטע און באַדייטנדיק־סטע דענקער, וואָס דאָס אייראָפּעיִשע מיטלאַלטער האָט פאַרמאָגט. דער בעל „אור ה׳״, וואָס האָט געלייגט די ערשטע יסודות פון אַ נייער פילאָ־זאָפישער וועלטאַנשויונג, איז געווען פון די, וואָס גייען צו ווייט פאַרויס זייער צייט, דערפאַר האָט ער אין זיין דור קיין שטאַרקן אָפּקלאַנג ניט געקאָנט געפינען, און ערשט מיט פילע דורות שפּעטער האָט אַן אור־אייניקל פון די גולי ספרד, דער גאונישער ברוך שפּינאָזע, מיט גרויס דערפאָלג אויסגענוצט די טיפע געדאַנקען פון דעם האַלבפאַרגעסענעם מיטלאַלטערלעכן דענקער פאַר זיין גראַנדיעזן מאָנומענטאַלן פילאָזאָפישן בנין. פאַר ז י י ן צייט איז קרשקש באַטייט הויפּטזאַכלעך באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט מיט דער גאַנצער מאַכט פון זיין פילאָזאָפישער דיאַלעקטיק דערשיטערט דעם אַלטן אַריסטאָטעלישן בנין. דער פעסטער אומבאַגרענעצטער גלויבן אין אַריסטוס פילאָזאָפישע און וויסנשאַפט־לעכע הנחות האָט זיין שליטה אָנגעוווירן. דורכדעם האָט אויך דער קאַמף פון דער מסורה קעגן דער ראַציאָנאַליסטישער פילאָזאָפיע ביסלעכווייז זיין אימפּעט און פאַרביטערטקייט פאַרלוירן. דאָס רוב פון די יידישע געלערנטע, וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן נאָך קרשקשן, זיינען שוין געווען ניט קיין אַריסטאָטעליקער און ניט קיין קעגנער פון אַריסטוס שיטה, נאָר בלויז פילאָזאָפיש־געבילדעטע ט ע אָ ל אָ ג ן, וואָס האָבן פאַר זיך געהאַט

איין באשטימטן ציל: פארטיידיקן די יידישע אמונה, באשיצן זי פאר די אנפאלן פון אירע פארביטערטע קעגנער — די קאטוילישע גייסטלעכע מיט די מומרים־משומדים. ניט וועגן שלום מאכן צווישן דער אמונה און דער ראציאנאליסטישער פילאזאפיע האבן איצט גערדאגהט די יידישע געלערנטע — זייער אויפגאבע איז געווען ברענגען אין א סיסטעמאטישן סדר די יסודות פון דער יידישער לערע, לאגיש באגרינדן און פעסטשטעלן די פרינציפן פון דעם גאנצן בנין, וואס טראגט דעם נאמען „חכמת היהדות״.

דער באדייטנדיקסטער פון די דאזיקע געלערנטע טעאלאגן איז בלי ספק קרשקשס יינגערער בן־דור, דער בארימטער רב פון יענער צייט, ר׳ שמעון בן צמח דוראן, באקאנט אונטער די „ראשי־תיבות״ רשב״ץ [1]. דער רשב״ץ שטאמט אוים א זייער חשובער פאמיליע, וואס האט אויס־געוואנדערט אוים דער פראוואנס און זיך באזעצט אין שפאניע. געבוירן אין 1361, האט שמעון דוראן זיינע יונגע יארן פארבראכט אויף דעם אינזל מאיארקא, וואס האט דעמאלט געהערט צו דער אראגאנישער מלוכה. אויסער תלמודישע לימודים האט דער יונגער דוראן זיך באקאנט אויך מיט פארשיידענע בראנזשעס פון אלגעמיינע וויסנשאפטן, ווי לאגיק, פי־לאזאפיע, מאטעמאטיק און אסטראנאמיע [2]. דערצו נאך ספעציעל שטו־דירט מעדיצין און א שטיקל צייט געווען אפילו באשעפטיקט אלס פראק־טישער ארצט [3], ניט נאר אין מאיארקא, נאר אויך דערנאך אין אראגאניע, ווו ער האט זיך פערזענלעך באקענט מיט קרשקשן [4]. בעת דער שרעק־לעכער קאטאסטראפע פונם יאר 1391 האט דער רשב״ץ זיין גאנץ פאר־

---

1 וועגן דעם רשב״צס לעבן און שאפן זיינען פאראן צוויי ספעציעלע ארבעטן: ה. יהלום „ר׳ שמעון בר צמח דוראן״, אין „מאנאטסשריפט״, 1874—5; י. גוטמאן „די שטעלונג דעם שמעון ב. צמח דוראן אין דער געשיכטע ד. יודישען רעליגיאנספילאזא־פיע״, אין „מאנאטסשריפט״, 1908—9.

2 זע דעם רשב״צס שו״ת, חלק ב׳, נומ׳ 52. „ואם בחכמות חיצוניות, הקישיות, מופתיות, עיוניות, שכליות, טבעיות, רפואיות, הגיוניות, למודיות, הן כל ראתה עיני גרגיר או אשכול״.

3 וועגן זיין מעדיצינישער פראקטיק דערמאנט דוראן מערערע מאל; זע, צב״ש, זיין „מגן אבות״, חלק ד׳, 62, עמ׳ א׳: „כי נכסים היו לנו ומלאכת הרפואה היתה לנו אשר החכמה ההיא תחיה בעליה דרך כבוד בארץ אדום״.

4 שו״ת, חלק ג׳, סימן 30: „וכן ראיתי במיורקה בפני רבני צרפת וקטלניא ובורגאן בפני הרב ר׳ יצחק צרפת והל׳ ר׳ חסדאי קרשקאש״.

מעגן אָנגעוואָרן, עס איז אים אָבער געלונגען צו אנטלויפן מיטן לעבן [1]. צוזאמען מיט פילע אנדערע אנטלאָפענע האָט ער זיך דערלאַנגט קיין אַלזשיר, און נאָך דעם ריב״שס טויט (1408) האָט אים די אָרטיקע קהילה אויסגעקליבן פאַרן רב הכולל.

שוין אין די יונגע יאָרן האָט דער רשב״ץ געשטט אין דער רבנישער וועלט, און נאָך דעם ריב״שס טויט איז ער פון אַלעמען אָנערקענט גע־וואָרן אַלס דער גדול הדור, דער גרעסטער תלמודישער אויטאָריטעט פון זיין צייט. מען האָט זיך צו אים געווענדט מיט רעליגיעזע און ריין גע־זעלשאַפטלעכע פראַגן מארבע כנפות הארץ, און זיינע דריי־בענדיקע שו״ת זיינען אַ אמתער אוצר פאַר די, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דער קול־טור־געשיכטע פון די שפּאַנישע און צפון־אַפריקאַנישע יידישע קהילות פון דער ערשטער העלפט פון פופצנטן יאָרהונדערט [2].

דער דאָזיקער גדול התורה איז אויך געווען אַ גרויסער בקי אין דער יידישער און אַראַבישער פילאָזאָפיע; נאָר ניט די פילאָזאָפישע פראָבלע־מען האָבן געוועלטיקט איבער זיין מוח און זיין נשמה. ער איז געווען קודם־כל אַ תורני, אַ טעאָלאָג, וואָס ביי אים האָט די תורה מן השמים זיך כלל ניט גענייטיקט אין אַ וועלכן ס'איז הכשר מצד דער פילאָזאָפיע. ביי אים אין די אויגן זיינען די יסודות פון דער יידישער אמונה געווען גענוג פעסט און שטאַרק און זיי האָבן זיך ניט גענייטיקט אין קיין שום הילף פון דרויסן.

לויט דעם רשב״צס מיינונג קאָן די פילאָזאָפיע בלויז באַהילפיק זיין ביים באַלייכטן די רעליגיעזע פּראָבלעמען, און קאָן נוצן דעם מוח צו שאַרפן און שלייפן דעם געדאַנק (ללטוש המחשבה). אַליין אַ פּראַק־טישער אַרצט און באַהאַוונט אין נאַטורוויסנשאַפטן, שטרייכט דוראַן אונ־טער, „אַז דער מענטש דאַרף בלייבן טריי דער טראַדיציע, אָבער אויך פון

---

1 זע „מגן אבות“, V, 62, עמ׳ א׳: „בעון הדור נגזרה שמד בכל אותן ארצות והיתה לנו נפשנו לשלל והנחנו כל נכסינו שם והניצול בידינו נתננו אותו לעכו״ם כדי שיעמוד טעמנו בידינו ולא נבוא לידי אונס“ (מיר ציטירן לויט יעלינעקס אויסגאַבע 1863). אָפּקלאַנגען פון דעם שרעקלעכן אומגליק הערן זיך אויך אין דעם רשב״צס קינות (זע צונץ, „ליטעראַטורגעשיכטע“, 521). דער רשב״ץ איז בכלל געווען גוט געאיבט אין דער טעכניק פון שירים שרייבן. עס זיינען דערגאַנגען צו אונז אייניקע זיינע ידידות־בריוו געשריבן אין פערזן (פאַרעפנטלעכט אין „צפנת פענח“, 20—32, אין „קובץ על יד“, VII, 1896); זע אויך קויפמאַנס נאָטיץ אין „מאָנאַטסשריפט“, 1897. וועגן רשב״צס „תחינות“ זע „ליטעראַטורבלאַט ד. אָריענטס“, 1844, ז׳ 451.

2 דוראַן איז געשטאָרבן אין 1444. וועגן זיינע תלמודישע אַרבעטן זע ווייס, „דור דור ודורשיו“, V, 184—198.

תקירה זיך ניט דערוויטערן" (ומה שראוי לאדם הוא שיאחז בקבלה וגם מהחקירה אל ינח ידו). „דער מענטש, זאָגט דוראַן, איז דאָך פון גאָט באַשאַפן אַלס בעל שכל, ליגט אויף אים דער חוב אויסצופאָרשן מיט זיין גערדאַנק אַלץ אין דער וועלט, און זאָל ער ניט געגליכן ווערן צו דעם, וואָס האָט אייגענע אויגן, נאָר ער האַלט זיי פאַרמאַכט, און פאַרלאָזט זיך אויף דער געניטסקייט פונם וועגווייזער. אונזער תורה האָט כלל ניט געבאָטן צו גיין אין אַזאַ דרך, זי פאַרבייט ניט דעם וועג פון חקירה" [1]. „זאָל מיך — זאָגט ער אין אַן אַנדער שטעלע — קיינער ניט חושד זיין דערפאַר, וואָס צוזאַמען מיט פסוקים אוים כתבי הקודש ברענג איך אויך די דעות פון די חכמי אומות העולם. אין דעם איז קיין שום זינד ניטאָ, וואָרעם דער חוב פון יעדן פאַרשטאַנדיקן מענטשן איז אָנערקענען דעם אמת, ניט רעכענענדיק זיך דערמיט, ווער ס'איז דער טרעגער פונם אמת" [2]. נאָר טאַקע דערביי האַלט דער רשב"ץ פאַר נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז ביי די „בעלי המחקר" איז דער אמת צונויפגעמישט מיט פילע פאַלשע דעות, וואָס פירן צו ספקות, ווייל דעם מענטשנס שכל איז דאָך זייער מצומצם. און די „אנשי מחקר זיינען אַזוי פיל ווייט פון דעם נביא, ווי באַשפענישן אָן דעם כוח הדיבור זיינען ווייט פון דעם מיטן וואָרט באַשאַנקענעם מענטשן". דוראַן ציטירט דערפאַר אַזוי גערן דעם אַראַבישן דענקער אַבוכאַמעד אַלגאַזאַלי, וואָס האָט די אמונה געהאַלטן העכער פון דער פילאָזאָפיע און גערעכנט, אַז דעם סוד פון רוח־הקודש קאָן משיג זיין נאָר דער נביא אַליין, און ווי אַ קינד איז ניט אימשטאַנד צו פאַרשטיין די רייד פון אַ דערוואַקסענעם, אַזוי קאָן דער פילאָזאָף ניט באַגרייפן דאָס, וואָס גאָט אַנטפּלעקט דעם נביא ברוח הקודש. דוראַן רעדט דערפאַר מיט רוגז וועגן די „מתפלספים", וואָס גלויבן נאָר אין דעם, וואָס דער שכל איז מחייב, און וואַרפן אָפּ און לייקענען אין דעם, וואָס קאָן ניט דערוויזן ווערן מיט לאָגישע סברות [3]. פאַר אים איז קלאָר, אַז גערעכט איז טאַקע

1 „אוהב משפט", קאַפּ' 6, 11, עמ' א': „מאשר ברא השם האדם בעל שכל, ראוי לו לחקור בכל הדברים מצד העיון ולא יהיה כאדם שיש לו עינים ועוצם אותם ונסמך על פקח מוליכו וזה הדרך לא מנעה אותו התורה כלל".

2 אין דער פאָררעדע צו „מגן אבות": „ואולי יחשדני שומע כי אני מכנים בתוך דברי קדושה דברי האומות, ואין עלי אשמה בזה כי אין ראוי לחכם למנוע דברי האמת מפי אומרם והיה מי שיהיה".

3 „מגן אבות" חלק ב', פרק ג', 22, עמ' א': „אלה המתפלספים בזה שלא האמינו אלא במה שמחייב השכל, אבל מה שלא הגיע בו העיון במופת שכלי הם מכחישים אותו ומספקים".

יהודה הלוי, וואָס האָט דערקלערט „מה בין אלהי אברהם ואלהי אריסטו"[1], וואָרעם „די תורה מן השמים האָט אַנטפּלעקט אַ סך געטלעכע סודות, וואָס דער מענטשלעכער שכל איז ניט אימשטאַנד דערגרייכן צו זיי מיט בלויזער חקירה". און אָט די דאָזיקע סודות, וואָס דעם מענטשנס שכל קאָן ניט משיג זיין, ליגן באַהאַלטן אין די אותיות פונם שם המפורש און אין די אַנדערע געטלעכע שמות (בסוד שם המפורש ושאר שמות המקובלים); און דער שליסל פון די דאָזיקע סודות ווערט איבערגעגעבן פון דור צו דור, פון די נביאים ביז צו די בעלי הקבלה[2]. ער איז כלל ניט מסופק, אַז דער בעל „הזוהר" איז דער געטלעכער תנא בן יוחאי[3], און אַז די קבלה איז די טיפסטע חכמה, און קיין אַנדער חכמה קאָן זיך צו איר ניט גלייכן. „זי, די חכמת הקבלה — רופט אויס דער רשב"ץ מיט התפעלות — זי איז די איינציקע חכמת האמת, זי, די ריינע און אומפאַר־גלייכלעכע, זי איז די חכמה פון אונזערע נביאים, נאָר זי דערנעענטערט דעם מענטשן צו גאָט, זי איז דער שטאָלץ און דער ליכטיקער גלאַנץ פון דער מענטשהייט, זי אַנטפּלעקט די טיפע סודות פון „מעשה בראשית", און מיט „צירופי אותיות"[4] באַלייכט זי די ווונדערבאַרע וועגן פון „מעשה מרכבה". קעגן איר זיינען אַלע אַנדערע חכמות בלויז אָנפאַנגער־שטאַפּלען, זי איז די האַרין, און זיי אַלע אירע דינסטן"[5]. אַלס גרויסער תלמודי און גוטער קענער פון פילאָזאָפיע, רעדט דער רשב"ץ מיט גרויס הדרת הכבוד וועגן דעם רמב"ם. ער האַלט אים אָבער גרויס בלויז אַלס פּוסק און דענקער, און וויל כלל ניט אָנערקענען זיין אויטאָריטעט אין פראַגן וועגן רעליגיעזער עטיק. אויף דעם געביט, אין „דברים שבלב",

---

1 דאָרטן, 4.

2 דאָרטן, 30, עמ' א': „כי היא (תורה מן השמים) גלתה לנו מסורת האלהית מה שלא יגיע אליו מחקר שכל האנושי עמו שהוא נרמז בסוד שם המפורש ושאר השמות המקובלים ביד הנביאים והחכמים המקובלים מהם".

3 זע, למשל, זיינע שו"ת, II, נומ' 128; III, נומ' 20.

4 וועגן די סודות פון „צירופי אותיות" זע זיינע שו"ת, III, נומ' 54, 55, 56 און פילע אַנדערע.

5 דאָרטן, II, נומ' 52. „כי החכמה הפנימית אשר אין בה תרמית ומעלתה על שאר החכמות גדולה, היא חכמת האמת חכמת הקבלה, היא חכמת נביאינו ובה מתנשאים נשיאינו, היא היא חכמת התורה אשר מכל סיג טהורה, בה יתקרבו לאל בני אדם, היא זיום, היא הודם, היא הדרם, היא תאיר במעשה בראשית נתיבה, היא תגלה הדרי מרכבה, תודיע סוד חשמל, וכל עיון בו בזולתה עָול, ובפירוש השמות תגלה לנו תעלומות ופלאות, ובצירוף האותיות נוטריקונות וגימטריאות... ושאר החכמות אינם רק שיחות, ואליה הֵמָה פתוחות, ואִם היא גברת — הֵמָה שפחות".

אין פראגן וועגן אינטימע נשמה־איבערלעבונגען, ווי עס האנדלט זיך וועגן התלהבותדיקער באגייסטערונג, הייסע האפענונגען און זיסע חלומות — דא ווענדט זיך דוראן ניט צום בעל „המורה", נאר צו די מענטשן פון גרויסן עקסטאז און ברענענדיקן פאטאס — צו די פארחלומטע מיסטי־קער. גלייך ווי דער אפודי, אזוי ווענדט זיך אויך שמעון דוראן גאנץ אפט צום באגייסטערטן באשעפער פונם „כוזרי"[1] און נאך עפטער צו די בעלי קבלה מיט רבנו משה בן נחמן בראש, וועלכן דער רשב"ץ רופט ניט אנדערש ווי „מלאך אלהים"[2]. אויפן רמב"נס אויטאריטעט שטיצט זיך דער רשב"ץ בעת ער רעדט וועגן ביאת המשיח[3], גילגול הנפש[4] און אנדערע פראגן. דוראן קאן בשום אופן ניט מסכים זיין מיט דעם רמב"מס און רלב"גס דעה, אז די געטלעכע השגחה איבער דעם מענטשן איז לויט דער מדרגה פון דעם מענטשנס שלמות אין פילאזאפישע פראבלעמען, און אז גאט כביכול ווענדט אפ זיין אנגעזיכט ניט נאר פון רשעים און אין זינד באפלעקטע, נאר אויך פון די, וואס האבן זיך ניט געפלייסט צו שארפן דעם פארשטאנד און דערווערבן וואס מער „מושכלות"[5]. דעם רמב"מס רייד וועגן דער דאזיקער פראגע געפינט דוראן פאר „טונקל און אומבאגרייפלעך" (סתומים וחתומים); מיט נאך מער אומצופרידנקייט רעדט דוראן וועגן דעם רלב"גס שיטה און זיינע השערות וועגן דעם „שכל הנקנה". דוראן נוצט דערביי אויס די שארפע ראיות פון קרשקשן[6], ער דערמאנט אים אבער ניט ביים נאמען. דוראן איז, ווי עס שיינט, בכלל ניט געווען פון קרשקשס חסידים. אין דעם רייסטער פון זיינע 14 חיבורים, וואס דוראן האט אלס 80יאריקער זקן צונויפגעשטעלט[7], ווייזט ער אן, אז ער האט אין 1439 אנגעשריבן א פאלעמיש ווערק „אור

---

1 וועגן יהודה הלוים השפעה אויף שמעון דוראן, זע גוטמאנס פריער ציטירטע ארבעט, 1908, 671—2.

2 „מגן אבות", חלק ג', 88 עמ' ב': „עד כאן דברי הרב הקדוש אדוננו הרמב"ן ז"ל והם דברים טהורים קדושים כראוי למלאך אלהים כמוהו".

3 דארטן, 88—92.

4 דארטן, זע אויך דעם רשב"צס שו"ת, II, נומ' 1, „מגן אבות", חלק ג', 83—84.

5 „אוהב משפט", קאפ' 18, דף כ"ו, עמ' א': „וזהו דרך אלו החכמים בענין זה והוא ענין ירחיקהו העיון שיהיה דין מי שמרד והפליג בעול כדין מי שישב ובטל לו מלהשיג המושכלות להיות נידונין שניהם בהסתר פנים, זה וגם בענין איכות דבקות ההשגחה הזו אין דבריהם מתקבלים אל הדעת ודברי הרב ז"ל סתומים וחתומים".

6 „מגן אבות", 82, 86.

7 דער דאזיקער רייסטער איז אפגעדרוקט אין סוף פון זיינע שו"ת, אמסטער־דאמער אויסגאבע, 1734.

החיים" קעגן קרשקש „אור ה'". מיט א יאָר שפּעטער, שטרייכט דאָן דוראַן אונטער, האָט ער אויף דער זעלבער טעמע נאָך צוויי קליינע אַר־בעטן פאַרפאַסט. די דאָזיקע ווערק זיינען צו אונז ניט דערגאַנגען. עס איז אָבער קיין ספק ניט, אַז דוראַן האָט פּאָלעמיזירט ספּעציעל קעגן די אָנשויונגען אין „אור ה'", ווו קרשקש טרעט אַרויס ניט אַלס טעאָלאָג, נאָר אַלס פריייער דענקער, וואָס זוכט נייע וועגן. דאָך איז דוראַן גאַנץ ווייט פון דעם פאַנאַטיקער שם־טוב בן שם־טוב, ער זאָל דערקלערן די פרייע דעות פון די יידישע דענקער פאַר שעדלעכע אַפּיקורסות. דאָ באַ־רירן מיר דעם אינטערעסאַנטסטן פונקט פון דוראַנס וועלטאָנשויונג — זיין פאַרהאַלטן זיך צו דער דאָגמאַטיק, צו די „עיקרים" פון דער יידישער אמונה.

אין דער גאַנץ ברייטער הקדמה צו זיין פירוש אויף „איוב"[1] קריטיקירט דוראַן, ווי אויך קרשקש אין „אור ה'", דעם רמב"מס „שלשה עשרה עיקרים". צווישן די רעליגיעזע דאָגמען אונטערשיידט דוראַן די פונדאַמענטאַלע יסודות, וואָס הייסן ביי אים „אָבות", און דאָן די אַזוי גערופענע „תולדות", וואָס זיינען בלויז לאָגישע פועל־יוצאס פון די פונדאַמענטאַלע „אָבות". רעכנט מען ביידע גרופּעס צוזאַמען, דאַן איז זייער צאָל, לויט דוראַנס מיינונג, פיל מער פון דרייצן; גרונט־יסודות אָבער, וואָס זיינען די „אָבות" פון אַלע איבעריקע, דאַרף מען רעכענען בלויז דריי: 1) מציאות האל — אַז עס איז דאָ א גאָט אויף דער וועלט, 2) אַז די תורה איז געגעבן מן השמים, און 3) דער גלויבן אין שכר ועונש, אָדער ווי עס הייסט ביי דוראַנען, האמונה בגמול — דער גלויבן, אַז געצאָלט און געמאָסטן ווערט אַלץ. נאָר ניט וועגן דער צאָל פון די גרונט־דאָגמעס איז די גאַנצע פּלוגתא צווישן דוראַן און דעם רמב"ם. דוראַן טרעט הויפּטזאַכלעך אַרויס קעגן דעם געדאַנק, אַז ווער עס אָנער־קענט ניט איינעם פון מיימונים „שלשה עשרה עיקרים" — דער הייסט אַן אַפּיקורס און א כופר בעיקר. מיר ווייסן דאָך — ווייזט דוראַן אָן — אַז צווישן די חכמי התלמוד זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געלייקנט אין ביאת המשיח [2], האָט מען זיי דען דערפאַר באַשולדיקט אין אַפּיקורסות? ניט זיי און אויך ניט די, וואָס האָבן דערקלערט, אין פולער סתירה מיט דער אַלטער יידישער מסורה, אַז די וועלט איז א קדמון, אָדער

---

[1] דעם דאָזיקן פירוש „אוהב משפט" האָט דוראַן פאַרפאַסט אין 1405. געדרוקט אין ווענעדיק אין 1590.

[2] דוראַן מיינט דאָ הלל דעם צווייטנס שפּראַך: „אין להן משיח לישראל שכבר אכלוהו בימי חזקיה מלך יהודה" (סנהדרין, דף צ"ח עמ' א').

אז פאר אונזער וועלט האָבן שוין עקסיסטירט פיל אַנדערע וועלטן (שהקב"ה היה בונה עולמות ומחריבן)[1]. מען קאָן דאָ ניט קומען מיט דער טענה, — זאָגט ווייטער דוראַן — אז ווער עס לייקנט אין חידוש העולם, דער איז אויך סותר דעם גלויבן אין ניסים. „די תורה קאָן אונז ניט צווינגען, מיר זאָלן גלויבן אין פאַלשע דעות!"[2] פאַרנעמען מיר זיך מיט דער פּראָבלעם וועגן „מעשה בראשית", דאַרפן מיר זוכן נאָר דעם ריינעם אמת, ניט אין זינען האָבן דערביי קיין שום זייטיקע פניות[3], און ווייבאַלד עס וועט טאַקע דערוויזן ווערן מיט פעסטע ראיות, אז די וועלט איז אַ קדמון, וועט מען דעמאָלסט אויך אויסטייטשן אין דעם זין די באַטרעפנדיקע פסוקים אין דער תורה, ווי מיר טוען דאָס אויך ביים פאַרטייטשן די ערטער, וווּ עס ווערט גערעדט וועגן גאָט אין קערפּער־לעכע אויסדריקן[4]. אַזאַ אַרט אויסטייטשן דעם פשט געפינט דוראַן פאַר גאַנץ באַרעכטיקט. דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט טרעט ערשט אַרויס אין זיין גאַנצער לאָגישער קאָנסעקווענץ, בעת דוראַן שטעלט די פראַגע: ווער הייסט אַן אפּיקורס און כופר בעיקר, און ווער בלויז אַ פאַרבלאָנדזשעטער? דער ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע איז העכסט מערקווערדיק פאַר אַ מיטלאַלטערלעכן גאָטספאָרכטיקן רב. אַן אפּיקורס הייסט לויט דוראַנס מיינונג בלויז דער, וואָס איז באַוווּסטזיניק „מקצץ בנטיעות" און דערקלערט אַ קאַמף קעגן דעם יידישן גלויבן, ווי, למשל, אלישע בן אבויה, וועלכער האָט עפנטלעך געפּרעדיקט וועגן צוויי „רשויות", און דערביי זייער גוט געוווּסט, אז ער גראָבט דערמיט אונטער דעם גרונט־יסוד פון אונזער תורה, וואָס לערנט, אז „ה' אלהינו ה' אחד". גאָר אַנדערש איז אָבער מיט אַזעלכע פאַרשער, וואָס שטייען פעסט אויפן באָדן פון אונזער אמונה. זיי זוכן דעם אמת, דעם ריינעם אמת, און צו וואָסערע פועל־יוצאס זיי זאָלן ניט קומען — קומט זיי אַפילו ניט אויפן געדאַנק, אז דער פון זיי דערגרייכטער אמת קאָן זיך געפינען אין סתירה מיט די געטלעכע ווערטער פון דער הייליקער תורה. זיי זיינען פולשטענדיק איבערציינגט, אז מיט זייער אמת שטימט פולשטענדיק איין דער פשט פון דער תורה,

---

1 „אוהב משפט", קאַפּ' 9, 14—15.

2 דאָרטן, 15: „התורה לא תכריחנו להאמין דעת כוזב".

3 „מגן אבות", חלק ג', 93, עמ' ב': „ונאמר אנחנו כי אמונת החדוש אנו צריכים אליה מפני האמת בעצמו... לא מפני דבר אחר... ואין עיקר האמונה בחדוש כדי שיתאמתו הנסים ואין צריך לחומה זו".

4 „אוהב משפט", 15: „ואלו התבאר לנו במופת שהעולם הוא קדמון היינו מוציאים הפסוקים המורים על החדוש מפשוטן כמו שעשינו בפסוקים המורים על ההגשמה",

אז נאָר אזוי און אנדערש קאָן גאָר דער פשט ניט זיין, אז די דאָזיקע פאָרשער גרייזן, און זייערע אויספירן זיינען פאַלש, זאָל זיין, אז זייערע דעות געפינען זיך אין פולער סתירה מיט דער מסורה, אָבער — זיי גלויבן דאָך אין דעם אמת פונם לעבעדיקן וואָרט אין דער הייליקער תורה, און זיי זיינען ניט קיין אפּיקורסים און כופרים בעיקר. און זאָל אונז גאָט היטן, רופט דוראַן אויס, מיר זאָלן דערקלערן פאַר אַפּטריניקעס די, וואָס זיינען זיך טועה און גלויבן ניט אין „חידוש העולם", אָדער וואָס מיינען, אז די נבואה וועגן „ימות המשיח" איז שוין מקויים געוואָרן „בימי חזקיהו". מיר קאָנען און טאָרן אויך ניט באַשולדיקן אין אפּיקורסות דעם רמב"ם, דערפאַר וואָס ער מיינט, אז די מעשה וועגן בלעמען מיטן אייזל איז בלויז אַ משל, אָדער דעם רלב"ג, דערפאַר וואָס ער גלויבט אין „קדמות החומר". מען קאָן אויך דערפאַר בשום אופן ניט מסכים זיין מיטן רמב"ם בעת ער דערקלערט פאַר כופרים די „מגשימים", ד"ה די, וואָס באַקליידן גאָט מיט קערפּערלעכע אייגנשאַפטן. אמת, די דאָזיקע מענטשן זיינען זיך טועה, זיי זיינען אָבער ניט קיין כופרים, וואָרעם זיי זיינען פעסט איבערצייגט, אז זיי בלייבן טריי דער יידישער אמונה און רוען אונטער איר שוץ [1].

די דאָזיקע אָנשויונגען, וואָס דוראַן זאָגט אַרויס אין דער הקדמה צו זיין „אוהב משפט", האָט ער ווייטער אַנטוויקלט אין זיין הויפּטווערק „מגן אָבות" [2], אין וועלכן ער האָט פאַר זיך געשטעלט אַ דאָפּלטע אויפ־גאַבע: זיין אַ סניגור פאַר דער יידישער אמונה, באַשיצן זי פאַר די בילבולים פון אירע גיפטיקע שונאים, און דערביי טאַקע געבן דעם איי־גענעם פאָלק אין פאָפּולערער פאָרם אַ קלאָרן און געלייטערטן באַגריף וועגן די גרונט־אָנשויונגען פון דער יידישער רעליגיעזער וועלט. אין הסכם מיט דוראַנס לערע וועגן דריי גרונט־עיקרים אין דער יידישער אמונה, באַשטייט אויך זיין ווערק אויס דריי טייל [3]. דער ערשטער טייל באַהאַנדלט דעם ערשטן יסוד — וועגן דער עקסיסטענץ פון גאָט און די פיר „תולדות", וואָס זיינען מיט איר פאַרבונדן: 1) מציאות האל, 2) גאָטס איינציקייט, 3) גאָטס אייביקייט און 4) גאָטס אַטריבוטן. דער צווייטער טייל, וואָס טראָגט אַן אונטערקעפּל „חלק שוסינו", און באַ־

---

1 „אוהב משפט", קאַפּ׳ 91, 14—15.

2 פאַרפאַסט אין 1423—5, געדרוקט אין ליוואָרנאָ אין 1785.

3 דער פערטער טייל, אַ פירוש אויף „פרקי אבות", איז פאַקטיש אַ חיבור פאַר זיך, געשריבן אין אַ ווייכן הארציקן טאָן, פול מיט דברי מוסר.

האנדלט די דאָגמע וועגן תורה מן השמים, טראָגט א ריין אפּאָלאָגעטישן כאַראַקטער. דער פאַרפאַסער פירט דאָרט וויכּוחים מיט די קאַראַימען, דאַן מיט קריסטלעכע און מוסולמענישע טעאָלאָגן. באַזונדערס שאַרף טרעט ער אַרויס קעגן דער דעה פון די קריסטלעכע טעאָלאָגן, אַז זינט דאָס עוואַנגעליום איז געשאַפן געוואָרן, האָט שוין די יידישע אמונה איר גאַנצן ווערט אָנגעוווירן [1]. דער דריטער און גרעסטער טייל באַהאַנדלט אַלס „תולדות״, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער לערע וועגן שכר ועונש, די פיר רעליגיעזע פראַגן: 1) וועגן גאָטס אַלוויסן, 2) וועגן גאָטס השגחה, 3)וועגן ביאת המשיח, 4) וועגן תחית המתים.

דוראַן האָט געהאָפט, אַז זיין „מגן אבות״ וועט ווערן א אמת פאָלקס-בוך. זיין האָפענונג איז אָבער ניט מקויים געוואָרן. דוראַנס בוך איז באַלד פאַרדרענגט געוואָרן דורך אַן אַנדער אַפּאָלאָגעטיש ווערק, וואָס ס׳איז ערשינען גלייך נאָך דעם „מגן אבות״, און ס׳האָט זוכה געווען צו ווערן איינס פון די באַליבטסטע און פּאָפּולערסטע ווערק ביי יידן. דאָס איז דער „עיקרים״ פון חסדאי קרשקשס תלמיד יוסף אַלבּאָ [2].

ניט בלויז מענטשן, נאָר אויך ביכער האָבן א פאַרשיידן מזל. און אויסטערליש פאַרפאָלגט זיינען דעם מזלס וועגן. קרשקשס טיף און מאָנומענטאַל ווערק איז בלויז איין מאָל געדרוקט געווען (1556), און דערנאָך גאַנצע דריי הונדערט יאָר געמוזט וואַרטן אויף א נייער אויס-גאַבע. אינם לאַנגן משך פון די הונדערטער יאָרן איז דער בעל „אור ה׳״ אַזוי גרינטלעך פאַרגעסן געוואָרן, אַז אפילו אַזא אויסגעצייכנטער קענער פון יידישער פילאָזאָפיע ווי שלמה מונק, האָט אין זיין געשיכטלעכער

---

1 דער פערטער קאַפּיטל פון דעם צווייטן טייל, וואו דוראַן קריטיקירט שאַרף די קריסטלעכע לערע, האָט די צענזור פאַרבאָטן, און ער פעלט אין ליוואָרנער אויס-גאַבע. דוראַנס זון, שלמה, האָט דעם דאָזיקן קאַפּיטל אַריינגעשטעלט אונטער א באַזונ-דערן נאָמען „קשת ומגן״ אין זיין ווערק „מלחמת מצוה״. ער איז אויך דערנאָך פאַר-עפנטלעכט געוואָרן אין דעם פּאָלעמישן זאַמלבוך „מלחמת חובה״ (38—60). דער טייל פון דוראַנס ווערק, ווו ער פּאָלעמיזירט מיט די מוסולמענישע געלערנטע טעאָלאָגן, האָט שטיינשניידער פאַרעפנטלעכט אונטער דעם נאָמען „סתירת אמונת הישמעאלים״ (אין „אוצר טוב״, 1881, 1—35). דאָרט איז אויך פאַרעפנטלעכט די דייטשע איבערזעצונג (Islam u. Judenthum, Magazin etc. 1880).

2 מיר באַזיצן גאַנץ קנאַפּע ידיעות וועגן זיין לעבן. עס איז בלויז באַקאַנט, אַז ער איז א געבאָרענער אויס מאָנרעאַל (אין אַראַגאָניע) און אַז ער האָט נאָך אַלס יונגער-מאַן אָנטייל גענומען אין דעם היסטאָריש-באַוואוסטן וויכּוח אין טאָרטאָזע (1413—14). זיין ווערק האָט ער פאַרענדיקט אין 1428 אין אָריאַ, ווו ער איז געווען באַשעפטיקט אַלס פּרעדיקער. געשטאָרבן איז ער לויט איניקע קוועלן אין 1444.

אַרבעט קרשקשס נאָמען ניט דערמאָנט [1]. שמעון דוראַן האָט געשמט אין די שפּעטערדיקע דורות אַלס גרויסער תּלמודי, אָבער זיינע רעליגיעז־פילאָזאָפישע ווערק זיינען כמעט ווי פאַרגעסן געוואָרן. גאַנץ אַנדערש האָט אויפגעשיינט דאָס מזל פון יוסף אַלבאָס „עיקרים". דער „עיקרים" איז איינס פון די ערשטע יידישע ווערק, וואָס ס'האָט דעם דרוק־וואַר־שטאַט דערזען; מען האָט עס דערנאָך פיל מאָל איבערגעדרוקט, אַ דור נאָך אַ דור האָט זיך מיט אַלבאָס חקירה־ספר געקוויקט, מען האָט אויף אים אַ סך פירושים געשריבן [2], אין לויבלידער באַזונגען [3], אויף אַנדערע שפּראַכן איבערגעזעצט, און עס האָט זיך אַפילו אַ פאָרשער געפונען (ש. באַק), וואָס האָט מיט התפּעלות דערקלערט דעם בעל „העיקרים" אַלס „דעם ערשטן יידישן דענקער, וועלכער האָט דעם מוט געהאַט צו מאַכן אַ פשרה צווישן דער רעליגיע און פילאָזאָפיע און דערוויזן, ווי ענלעך זיי זיינען איינס צום אַנדערן..." [4]

און דאָס אַלץ ניט קוקנדיק דערויף, וואָס שוין אין סוף פונעם פופצנטן יאָרהונדערט האָט יעקב אבן חביב, דער פאַרפאַסער פון דעם אַלעמען באַוווּסטן „עין יעקב", עפנטלעך באַשולדיקט דעם בעל ה„עיקרים" אַלס פּלאַגיאַטאָר, באַווייזנדיק מיט וואָגיקע ראיות, אַז אַלבאָ האָט שטאַרק אויסגענוצט זיין רבינס ווערק (דעם „אור ה'"), אין ערגעץ ניט דערמאָנענ־דיק קרשקשס נאָמען אַפילו [5]. און אַז אבן חביבס באַשולדיקונג האָט טאַקע אַ פעסטן יסוד, האָבן אין דער נייער צייט דערוויזן מ. יואל [6] און דערנאָך ה. פלענסבערג אין זיין פירוש אויף „אור ה'" (ז' 22). דאָס איי־גענע חזרט זיך אויך איבער בעת מען פאַרגלייכט דעם „עיקרים" מיט שמעון דוראַנס ווערק. פריער ה. יהולום [7] און נאָך אים י. גוטמאַן [8], האָבן באַוויזן טריט ביי טריט, ווי אַזוי אין די וויכטיקסטע פראַגן, וואָס

---

1 S. Munk, Melanges, 461—511

2 יעקב בן קאָפּעלמאַן אין 1584, גדליה ליפשיץ אין 1761 און אַנדערע.

3 יהודה אַריה די מודינה און גדליה ליפשיצס איסנאַבע.

4 זע יידיש־רוסישע ענציקלאָפּעדיע, II, 117.

5 „עוד חשב (ר' יוסף אַלבאָ) לגנוב לב התלמידים... מצינו בספרו זה דברים ערבים ומדרש מתוקים כתובים בספר „אור ד'" שיסד הרב ר"ח (רבי חסדאי) והוא אינו מזכיר דבר בשם אומרו אלא כמשנה את טעמו להעלימו כותב ההוא כאלו הוא מסיח לפי תומו" (מיר ציטירן נאָך יואלן, אין זיין אַרבעט וועגן קרשקש, ז' 78).

6 דאָרטן, 76—78.

7 „מאָנאַטסשריפט", 1874, 457—463.

8 דאָרטן, 1909, 5860, 67—69.

בילדן די ווינקלשטיינער פון זיין גאנץ ווערק (וועגן די דריי גרונט־יסודות פון דער אמונה, וועגן שכר ועונש אאז"וו) נוצט דער בעל ה„עיקרים" זייער געטריי אוים דעם רשב"ץ, ערטערווייז אפילו וואָרט ביי וואָרט, און טאַקע אָליין ניט „בשם אומרו", אין ערגעץ ניט דערמאָנענדיק אפילו דעם רשב"צס נאָמען [1]. עס טרעפט אויך ניט זעלטן, ווען אלבאָ ווערט נכשל: די ראיות און דעות, וואָס ער ברענגט אויף זיין אייגענעם חשבון, געפינען זיך אין פולער סתירה מיט די גרונט־געדאַנקען, וואָס ער האָט גענאַשט ביי אַנדערע, און גיט זיי אוים פאַר זיינע אייגענע. ער חזרט, למשל, כמעט ווערטלעך איבער [2] דעם רשב"צס גלענצנדיקע שטעלע, ווו יענער דער־קלערט, ווען מען קען רעכענען פאַר א כופר ומין און ווען ניט; ווייטער פאַרגעסט אָבער אלבאָ אין דעם דאָזיקן פונדאַמענטאַלן זאַץ, און רעכנט אוים [3] גאַנצע זעקס „אמונות", וואָס געהערן אפילו ניט צו די „עיקרים" פון דעם יידישן דת, דאָך איז יעדער ייד מחוייב אין זיי צו גלויבן, אלא ניט ווערט ער פאַררעכנט פאַר א „מין", וואָס „אין לו חלק לעולם הבא". און דאָ דערקלערט אלבאָ פאַר א „כופר בעיקר" אויך דעם. וואָס איז פון די „מגשימים" און באַקליידן גאָט מיט קערפּערלעכע פאָרמען.

און דאָך איז דער „עיקרים" א גאַנץ באַדייטנדיקע דערשיינונג אויפן געביט פון יידישער טעאָלאָגיע. זיין פאַרפאַסער איז טאַקע געווען ניט קיין אָריגינעלער דענקער און שריפטשטעלער, דערפאַר אָבער האָט ער פאַרמאָגט אין באַדייטנדיקער מאָס דאָס, וואָס ס'האָט געפעלט ביי קרשקשן און אויך ביי דוראַנען: א טאַלענט פון א אויסגעצייכנטן סיסטע־מאַטיקער און גלענצנדן פּאָפּולאַריזאַטאָר. א געניטער בעל־דרשן, באַ־האַנדלט אלבאָ די רעליגיעז־פילאָזאָפישע פּראָבלעמען אין אזא קלאָרער פּאָפּולערער פאָרם, אז זיי ווערן „שוה לכל נפש", צוגענגלעך און פאַר־שטענדלעך פאַר יעדן באַזונדער. אלבאָ האָט ניט באַרייכערט דעם יידישן רעליגיעז־פילאָזאָפישן געדאַנק, דערפאַר אָבער האָט ער געגעבן דאָס, וואָס קיינער ביז אים האָט ניט געגעבן: די יידישע רעליגיעזע וועלטאַנשויונג

---

1 גוטמאַן האַלט אַפילו נייטיק אָנצומערקן, אַז ביי דער פראַגע וועגן שכר ועונש ברענגט דאָך אַלבאָ איין ראיה, וואָס זי איז ביי דוראַנען ניט פאַראַנען (וועגן דער ליידערונג, וואָס דעם מענטשנס נשמה באַקומט דורך יסורים של אהבה). גוטמאַן האָט אָבער אַ טעות בעת ער מיינט, אַז אַלבאָ איז אין דעם פּרט זעלבשטענדיק. אויך די ראיה האָט דער בעל ה„עיקרים" גענאַשט ביי אַ אַנדערן, אמת, ניט ביי דוראַנען, נאָר ביי קרשקשן (זע פריער קאַפּ' 4).

2 „עיקרים", I, קאַפּ' 2.

3 דאָרטן, קאַפּ' 23.

אַלס אַ גאַנצן בנין, אַלס איינהייטלעכע סיסטעם, און דאָס ניט אין פאָרם פון אַ טיפן חקירה־ספר, נאָר אַלס פאָלקסבוך, דורכגעדרונגען מיטן האַר־ציקן טאָן פון אַ באַגייסטערטן פּרעדיקער.

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, ווי אַלבאָ גייט אַרויס פון דוראַנס שטאַנדפּונקט, אַז יעדער דת איז געבויט אויף דריי גרונט־פּרינציפּן (עיקרים): 1) מציאות השם, 2) תורה מן השמים און 3) שכר ועונש [1]; ניט יעדער אמונה אָבער, זאָגט אַלבאָ, וואָס אָנערקענט די דריי עיקרים, קאָן שוין דורכדעם גערעכנט ווערן אַלס ריכטיקער און אמתער גלויבן. דער אמת געטלעכער גלויבן (דת אלהית) איז נאָר דער דת, וואָס אָנער־קענט צוזאַמען מיט די דריי עיקרים אויך די „וואָרצלען" (שרשים) און „צווייגן" (ענפים), וואָס זיינען לאָגישע פועל־יוצאס פון די דאָזיקע דריי גרונט־יסודות. למשל, אויס דעם גרונט־פּרינציפּ „מציאות האל" שפּראָצן אַרויס פיר תולדות: גאָטס פולשטענדיקע איינציקייט, גאָטס אַבסאָלוטע רוחניות, זיין אומאָפּהענגיקייט פון צייט און זיין פולשטענדיקע שלמות. מיט די תולדות געפינט זיך אָבער אין שטאַרקער סתירה די לערע וועגן דריי־איניקייט, וועגן גאָטס פאַרקערפּערונג אין מענטשלעכער געשטאַלט אאז"וו. די צווייטע דאָגמע — תורה מן השמים, איז אויך, לויט אַלבאָס מיינונג, ענג פאַרבונדן מיטן באַגריף וועגן ידיעת השם — אַז גאָט איז אַלוויסנדיק, דאָן מיט דער לערע וועגן געטלעכער אַנטפּלעקונג דורך נבואה און אויך מיטן כלל, אַז תורת משה איז גילטיק פאַר אַלע צייטן [2]. אָט דער לעצטער פּונקט, אַז תורת משה איז גילטיק פאַר אַלע צייטן (הדת האלהית אי אפשר לה שתתחלף בהתחלף הזמנים, אבל מחויב לה שתהיה נצחית) האַלט אַלבאָ אויס פאַלעמישע צוועקן פאַר נייטיק באַזונ־דערס אונטערצושטרייכן; אין משך פון גאַנצע עלף פּרקים באַהאַנדלט אַלבאָ די דאָזיקע פראַגע [3] ביז ער קומט צום אויספיר, אַז „תורת ה' תמימה בכל דור ודור בלתי חסרה דבר". אַלבאָ באַנוגנט זיך אָבער ניט דערמיט, ער וויל אויך דערווייזן, אַז נאָר דער יידישער דת גרינדעט זיך

---

1 דערפאַר איז אויך אַלבאָס ווערק, ווי דוראַנס „מגן אבות", איינגעטיילט אין דריי חלקים, לויט דער צאָל פון די עיקרים. זיי גייט נאָך פאָראויס אַלס אַריינפיר אַ באַזונדערער טייל, וואָס אַלבאָ האָט אים לכתחילה אָנגעשריבן אַלס זעלבשטענדיק ווערק. נאָר ערשט שפּעטער, דערציילט אַלבאָ גופא (ביים שלוס פונם ערשטן טייל), האָט ער לויט דער פאָדערונג פון זיינע גוטע פריינד באַאַרבעט די דאָרט באַרירטע פראַגן אין גאַנצע דריי באַזונדערע טיילן.

2 דאָרטן, I, קאַפּ' 13.

3 דאָרטן, III, קאַפּ' 13–23.

אויף דער אמתער מסורה, נאָר ער אָנערקענט די דריי גרונט־פּרינציפּן (עיקרים) מיט אַלע זייערע לאָגישע אויספירן; און דערביי קריטיקירט ער שאַרף אין פאָרם פון א וויכוח מיט א קריסטלעכן טעאָלאָג (חכם אחד מחכמיהם) די קריסטלעכע אמונה. די שפּעטערדיקע קריסטלעכע צענזור האָט אפילו געהאַלטן פאַר נייטיק צו אסרן די דאָזיקע פּאָלעמישע פּרקים (III, קאַפּ׳ 25—26), און באַפוילן אירע אַגענטן אויסצורייסן פון אַלע געדרוקטע עקזעמפּלאַרן די אַפּיקורסישע בלעטער [1].

אין וואָס באַשטייט אָבער דער העכסטער תכלית פון דעם דת און אויך דער העכסטער ציל פונם מענטשן (עיקר תכלית האנושי)? [2] די זעלבע פראַגע, ווי מיר ווייסן, האָט שוין געשטעלט חסדאי קרשקש. אין אַלבאָס ענטפער פעלט די טיפקייט און חריפות פון זיין רבין, דאָך איז אויך אַלבאָס ענטפער זייער אינטערעסאַנט, ווייל אין אים שפּיגלען זיך גאַנץ בולט אָפּ די דעמאָלטיקע שטימונגען.

דער ציל פונם מענטשן באַשטייט אין זיין פאַרפולקומונג; און דער וועג פון מענטשנס שלימות באַשטייט ניט נאָר אינם כלל „ואהבת לרעך כמוך”, נאָר אויך אין דער שטרעבונג ענלעך צו ווערן צום העכסטן סימ־באָל פון שלימות — צו גאָט, וואָס האָט דאָך דעם מענטשן באַשאַפן בדמותו ובצלמו — לויט זיין בילד און געשטאַלט [3]. אין דער דאָזיקער שטרעבונג צו שלימות איז דער מקור פון אייביקער גליקזעליקייט; ניט אָבער בלויז אין ווייסן און פילאָזאָפישן דענקען באַשטייט די העכסטע מדרגה פון שלימות. די פילאָזאָפן — זאָגט אַלבאָ — דרייגעןְ, אַז נאָר דורך אַבסטראַקטן דענקען און פילאָזאָפישער חקירה איז מען זוכה צו

---

1 מורטאַרא ברענגט אוים דעם „ספר הזיקוק” פאָלגנדיקן באַשלוס פון דער קאַטוילישער צענזור: „ס׳ העיקרים, מאמר ג׳, פרק כ״ה, ראוי למחוק כל הפרק לגמרי וליותר טוב יחתך מתוך הספר לגמרי” (זע „העבר. ביבליאָגראַפּיע”, V, 99). און מע האָט טאַקע דעם דאָזיקן פּסק מקיים געווען. פון אַלע זעקס „עיקרים”־אויסגאַבן, וואָס זיינען שוין ביז דעמאָלסט געווען געדרוקט, האָט מען די אַפּיקורסישע בלעטער אויסגע־שניטן, און אין די שפּעטערדיקע אויסגאַבן האָט מען שוין דעם באַטרעפנדיקן פּרק געדרוקט מיט שטאַרקע פאַרקירצונגען. פולשטענדיק האָט אים פאַרעפנטלעכט ערשט אין דער נייערער צייט (1876) אין ליוואָרנאָ יוסף יַרָא אין „וויכוח על נצחיות התורה”.

2 „עיקרים”, III, קאַפּ׳ 2.

3 דאָרטן, I, קאַפּ׳ 34: „הנה ביארו מזה שהתורה האלהית ראויה שתכלול שני אלו הענינים, את הסרת העול והחמס מבין אנשי המדינה הנרמז בואהבת לרעך כמוך ואת הערת האנשים אל השלמות האנושי הנרמז בפסוק זה ספר תולדות אדם שיכתוב בו ביום ברוא אלהים אדם בדמות אלהים עשה אותו שבאר שיש באדם צורה אנושית היא בדמות אלהים ועל כן ראוי שיזהר שלא יבזה אותה לא בעצמו ולא בחברו ושישתדל בהשארותה והדבקה בעליונים במקום אשר ממנה חוצבה”.

השארת הנפש. דערצו זיינען אבער מסוגל בלויז איינער פון טויזנט, גע־ציילטע יחידים פון א גאנץ דור; די אבער, וואס דערגרייכן ניט צו אזא הויכער מדרגה פון וויסן, זיינען זיי צו די בהמות געגליכן, און ווי די בהמות גייען די מיליאנען מענטשן פארלוירן. א גאנץ דור עקסיסטירט בכן בלויז פון איינציקע דענקער ווענן, ווי אפלטון און סאקראט למשל. איז אבער א דור אזוי פאריתומט, אז ס'האט קיין באדייטנדיקן דענקער ניט געבוירן, האט דעמאלט דאס גאנצע מענטשנגעשלעכט קיין שום עקסיסטענץ־בא־רעכטיקונג, און אויסגעמעקט ווערט זיין זכרון [1]. דער פילאזאף מיינט, זאגט ווייטער אלבא, אז נאר דער פילאזאפיש דענקענדיקער מענטש איז אומשטארבלעך, בלויז זיין נשמה באהעפט זיך מיט דעם דענקענדיקן גייסט, משה רבנו האט אבער געזאגט: „ואתם הדבקים בה' אלהיכם חיים כולכם היום" — איר א ל ע, וואס לעבט איצט, זייט איר באהעפט צו אייער גאט [2]. „די אמונה — פארזיכערט אלבא — אט דאס איז דער מקור פון אונזער גליקזעליקייט. אין איר איז דער יסוד פון אונזער אייביק לעבן (האמונה סבת ההצלחה וכן היא סבת החיים הנצחיים). דער מענטש איז דאך ניט אויס גאלע רוחניות, ער איז א בשר־ודם, פעסט פארבונדן מיטן חומר, דערפאר קאן ער ניט דערגרייכן קיין אמתע שלימות אן אקטיווע מעשים. דורך מעשים־טובים, שטרייכט אלבא מערערע מאל אונטער, דורך טאן דאס גוטע און גערעכטע אויס ליבע צו גאט דעם באשעפער, דורך דערפילן מיט גרויס ליבשאפט גאטס ווילן און געבאטן אין פראק־טישן לעבן — ליגט דער וועג פון דעם מענטשנס שלימות" [3]. „די ליבע צו גאט — חזרט אלבא איבער דעם זאץ פון זיין רבין — איז דער תמצית פון דער גאנצער תורה (האהבה אל השם יתברך תכלית כל התורה). און קעגנזייטיק איז די ליבע: אויך גאט יתברך איז דורכגע־דרונגען מיט גרויס ליבשאפט צו די מענטשנקינדער, און ניט אומזיסט באטרעפט „אחד" בגימטריא „אהבה" [4]. און דאך, פירט אויס אלבא, ווי

---

[1] דארטן, III, קאפ' 3: „ואם הוא אפשר ההשגה הנה אין ספק שלא יושג זה לכלל האנשים ולא לרובם אלא לאדם אחד מאלף או ליחיד בדור כאלו תאמר סאקראט ואפלטון ודומיהם, אבל שאר האנשים שלא השכילו כמותם ולא הגיעו למעלתם יהיו אצלם במדרגת החמור והחזיר אחר שלא הגיעו לפי דעתם אל התכלית האנושי ויתיה מציאות כלם לבטלה זולת האיש ההוא שהוא יחיד בדורו; ואם ימצא דור אחר שלא יהיה בו איש שלום כסוקראט דרך משל, יהיה אז מציאות כל המין לבטלה בזמן ההוא".

[2] דארטן, I, קאפ' 21.

[3] דארטן, III, קאפ' 4, 5, 27, 28.

[4] דארטן, IV, קאפ' 45: „כי אהבה בגימטריא עולה לאחד". דאס הייסט ביידע ווערטער באטרעפן איין און דיזעלבע צאל (13).

גרויס ס'זאָל ניט זיין די ליבע צום מענטשנגעשלעכט, דאָך איז זי ניט צו פאַרגלייכן צו דער ברענענדיקער ליבע, מיט וועלכער גאָט־ברוך־הוא באַגליקט זיין אויסדערוויילט פאָלק ישראל [1]. אמת, גרויס זיינען די ליידן פון פאָלק, אומענדלעך זיינען זיינע יסורים, דאָס זיינען אָבער בלויז „יסורים של אהבה", ליידן אַלס נסיון, וואָס פאַרשטאַרקן נאָך דעם בונד פון דער ליבע...

אַלץ שווערער און שווערער איז געוואָרן די לאַגע פון יידן אין שיינעם שפּאַנישן לאַנד; שטאָקפינסטערע וואָלקנס האָבן באַדעקט דעם הימל איבערן געטאָ. עס האָט זיך שוין געפילט דער שווערער, שטיקנדיקער שרעק פונם אָנקומענדיקן שטורעם, און נאָענט איז שוין געווען דער טאָג, ווען די שייטערהויפנס פון דער אינקוויזיציע וועלן איבער דעם גאַנצן לאַנד אויפלייכטן מיט זייערע טייוולאָנישע פלאַמען, און אָנגעפילט וועט ווערן דער חלל פון דער וועלט מיט די שרעקלעכע טויט־געשרייען פון די טויזנטער קרבנות, וואָס די גאָטספאַרכטיקע תליינים האָבן מיט די אומ־מענטשלעכע יסורים געפּייניקט און אין פייער געוואָרפן אין נאָמען פון מענטשן־ליבע און אייביקער גליקזעליקייט... און אָט, אויף דער שוועל פון דער בלוטיקער דראַמע, איידער דאָס שפּאַנישע יידנטום איז געצוווּנגען געוואָרן ביז צום לעצטן טראָפּן אויסטרינקען דעם ביטערן בעכער פון ליידן און שאַנד, האָט דער בעל ה„עיקרים", דער פּרעדיקער יוסף אַלבאָ, מיט זיין ליבנדיקער האַנט זיינע ברידער דעם בעכער פון טרייסט דער־לאַנגט. „איר טאָרט ניט, איר דאַרפט ניט פאַרלירן די האָפענונג", דערמאָנט יעדעס מאָל יוסף אַלבאָ. אמת, גרויס זיינען די ליידן פון פאָלק, איבער יע־דער מאָס זיינען זיינע שמאַרצן; „מיר ווערן ווי די שאָף געשאָכטן (כצאן למאכל), אומדערטרעגלעך איז געוואָרן דער עול פון גלות און ווי שווע־רע וואָלקנס דריקן אויף אונז די צרות". מיר זיינען געוואָרן צו שאַנד און צו שפּאָט, מיר ווערן מיט די פיס געטראָטן, מיר ווערן געוואָרפן אין די טיפסטע אָפּגרונטן פון דערנידעריקונגען, אוממעגלעך איז אונז שוין נאָך נידעריקער צו פאַלן [2]. און דאָך דאַרפן מיר דעם יאוש פון אונזערע הערצער פאַר־טרייבן [3] — רופט אויס יוסף אַלבאָ — הבטחון, התקוה והתוחלת, בטחון

---

1 דאָרטן, III, קאַפּ' 37: „שאהבת השם יתברך אל ישראל יותר מכל אומה ולשון אינה כאהבת ההדמות ולא כאהבת הטבעית אבל אהבה בחידית נמשכת אל רצון האוהב בלבד בלי שום טעם, כּנה הכתוב אהבת השי"ת אל ישראל בשם חשק".

2 דאָרטן, IV, פרק 50: „ואחר שאנחנו בתכלית השפלות והדלות... רב שֶׁבָּענוּ בוז כשהגענו אל הקצה הזה שהוא בתכלית הבזיון... כי אי אפשר להגיע אל קצה יותר גדול ושפל מזה"...

3 דאָרטן, קאַפּ' 46—47.

און האפענונג, אט דאס איז אונזער שוץ און שטיצע. ווייל מיר האבן דערגרייכט די לעצטע שטופע פון שאנד און דערנידעריקונג, ווייל מיר זיינען געשליידערט ביז צום לעצטן ראנד פון אפגרונט, דארפן מיר זיכער האפן אויף באלדיקע דערלייזונג; „צריכין לקבל החסד היותר גדול" — דארפן און מוזן מיר באשאנקען ווערן מיטן גרעסטן גנאד. ווארעם גאט איז דאך דער גאט פון גרויס געגאד און גערעכטיקייט, דער גאט פון חסד ואמת, פון ליבע און רחמים — ער וועט אונז באוויליקן, ער וועט אויסגיסן זיין גרויסן חסד אויף אונז, זיינע פארחושכטע, פאראומערטע קנעכט...

פעסט און שטארק, זאגט ווייטער אלבא, איז אונער בונד מיט גאט, און כל־זמן מיר טראגן דעם צייכן פון דעם דאזיקן בונד אויף אונזער לייב [1] — ווי גרויס עס זאלן ניט זיין אונזערע צרות און ליידן, מיר טארן דאך די האפענונג ניט פארלירן, אז קומען וועט דער טאג פון גאולה. מיר זיינען איצט גלייך צו א שווערן קראנקן, וואס ליגט אויפן טויטנבעט, מען איז זיך שוין מיאש פון אים, נאר כל־זמן עס צאנקט נאך א פונק פון לעבן, איז נאך אלץ אינגאנצן די האפענונג ניט פארלוירן. אלע פעלקער ארום אונז רעכענען אונז שוין פאר פארלוירן, נאר כל־זמן מיר טראגן נאך דעם צייכן פון אונזער בונד מיט גאט — ווייסן מיר אויף געווים, אז אין דער אומה איז נאך דא לעבן, נאך ניט אויסגעלאשן איז די אלטע קראפט, זי וועט נאך אויפשטיין צו נייעם לעבן [2].

די תחית האומה — די אויפלעבונג פון דער אומה איז אבער פארבונדן מיטן גלויבן אין ביאת המשיח. דא קומען מיר אין בארירונג מיט א גאנץ אינטערעסאנטן פונקט אין אלבאס וועלטאנשויונג. אלבא איז ניט אינגאנצן מסכים מיט דוראנען, אז דער גלויבן אין ביאת המשיח קאן ניט גערעכנט ווערן צו די גרונט־דאגמען פון דער יידישער אמונה. דער בעל ה„עיקרים" פאלעמיזירט אפילו קעגן די אמונות, וואס ביי זיי איז דער גלויבן אין דעם גואלס דערשיינען דער וויכטיקסטער ווינקלשטיין [3]. און דאך רעכנט אלבא, אז גלויבן אין ביאת המשיח איז א חוב פאר יעדן יידן, און ווער עס לייקנט אין אים, דער איז א „מין", וואס ווערט אן זיין חלק עולם־הבא, ווייל דער דאזיקער גלויבן איז געהייליקט פון דער מסורה, פון דעם גאנצן היסטארישן עבר פונם יידישן פאלק, און מיט אים איז

---

1 בריתו של אברהם אבינו — ברית מילה.

2 דארשן, IV, סוף קאפ' 45.

3 דארשן, I, קאפ' 4, 15 און סוף קאפ' 23.

פארבונדן דער קיום האומה. ניט אינגאנצן קלאר און באוווסטזיניק, אבער דאך גאנץ באשטימט זאגט אלבא ארוים דעם געדאנק, אז דער גלויבן אין ביאת הגואל איז ניט קיין רעליגיעזער, נאר א נאציאנאלער סימבאל. ער וועט קומען, ער מוז קומען, דער לאנג דערווארטער גואל! „מיר ליידן דאך אזוי פיל פון די פעלקער ארום אונז", און מיר ווארטן און האפן אויף אים טריי און פעסט, „ווי דער טרייער וועכטער, וואס שטייט אויף דער וואך; ער ווארט אויפן קאיאר, און זיכער איז ער, אז פארביי וועט גיין די נאכט און קומען וועט דער ליכטיקער באגינען מיטן זונענשיין" [1].

און ניט נאר פאר דער יידישער אומה אליין וועט קומען דער גואל — ער איז דער וועלט־דערלייזער; און ליכט און שלימות וועט ער ברענגען דעם גאנצן מענטשנגעשלעכט! (שיבוא המשיח כדי שעל ידו יושלם המין האנושי וישיג תכליתו).

בעת מיר לייענען די דאזיקע הארציקע בלעטער, ווערט פאר אונז אנטפלעקט דער סוד, פארוואס אלבאס „עיקרים" איז געווען אזוי באליבט און טייער ביי די שפעטערדיקע דורות...

---

1 דארט, IV, קאפ׳ 47, 48, 50.

# זעקסטער קאפיטל.

די קאטוילישע קירך מיט אירע גזירות. — די יידישע פרעדיקער. — אפאָלאָגעטן. — חיים בן מוסא און זיין „מגן ורומח“. — יצחק נתן און זיין קאָנקאָרדאַנציע. — יוסף בן שם־טוב אלס בעל־דרשן און פּאָלעמיסט. — זיין פילאָזאָפיש ווערק „כבוד אלהים“. — יוסף בן שם־טוב אלס פאָרזעצער פון חסדאי קרשקש; זיין פאַרהאַלטן זיך צו אַריסטו. — יוסף בן שם־טובס שטאַנדפּונקט וועגן אומשטאַרבלעכקייט; זיין פלוגתא מיט דעם רמב"ם און דעם רלב"ג. — נאָר די תורה גיט אומשטאַרבלעכקייט. — נאַטור־געזעצן און רעליגיעזע געזעצן. — יוסף בן שם־טוב קעגן די „מתפלספים“. — דער פאַרשלאָסענער קרייז. — אברהם ביבאַגי און זיין „דרך אמונה“. — פילאָזאָפיש־עטישער דרוש; זיין אָנגעזעענסטער פאָרשטייער יצחק עַראַמה. — עַראַמה אַלס בעל־דרשן; זיין פאַמפלעט קעגן די ראַציאָנאַליסטן „חזות קשה“. — זיין קאַמף מיט דער „פילאָזאָפישער צרעת“.

מיר האבן שוין פריער אנגעוויזן, אז דוראַנס און אלבאָס ווערק האבן פאר זיך געהאט צוויי אויפגאבן: געבן זייערע ברידער א קלאָרן באגריף וועגן דער יידישער אמונה און אירע דאָגמען, און טאקע דערביי האלטן מלחמה מיט די קריסטלעכע טעאָלאָגן און אָפּענטפערן אויף די גיפטיקע בילבולים פון די מומרים־משומדים. די דאָזיקע משומדים, אלס פריש געבאקענע קריסטן, האבן זיך געווידמעט מיטן גאנצן ברען צו זייער מיסיאָנערישער ארבעט, און זיי האבן טאקע ערטערווייז געהאט א געוויסן דערפאָלג ביי די ווייניק באוווסטזיניקע און אפּגעשטאַנענע שיכטן. די קאטוילישע קירך איז געוואָרן אלץ מער קריגעריש און אַגרעסיוו, און די יידישע געלערנטע האבן געמוזט מיטן מויל און מיט דער פען פירן א עקשנותדיקן פארטיידיקונגס־קאמף. זיי האבן געמוזט פירן וויכוחים, האלטן דרשות, שרייבן פארטיידיקונגס־שריפטן און פּאָלעמישע פאמפלעטן. אָט דערמיט דערקלערט זיך דער ריזיקער וווּקס פון דער פּאָלעמישער ליטעראַטור אינדערמיט פונם פופצנטן יאָרהונדערט. זי האט צו זיך צוגעצויגן די בעסטע יידישע ליטעראַרישע קרעפטן פון יענער צייט.

א גאַנץ בכבודיקן פּלאַץ אין דער דאָזיקער ליטעראַטור פאַרנעמט יוסף אלבאָס א בן־דור, חיים אבן מוסא, געבוירן אין 1380 אין בכורה

לעבן סאלאמאנקע. אלס פראקטישער ארצט [1] האט ער געהאט א צוטריט צום קיניגלעכן הויף, ווו עס פלעגט אים אפט אויסקומען צו פירן פאלעמישע וויכוחים אויף רעליגיעזע טעמעס. אויף דער עלטער האט ער פארפאסט (1456) זיין פאלעמיש ווערק „מגן ורומח", וואס ס'האט שטארק אויסגענומען אין יענער צייט [2].

„ווייל, שרייבט ער אין אנפאנג פון זיין ווערק, אומוויסנדיקע מענטשן, וואס זיינען ווייניק באהאוונט אין רעליגיעזע וויכוחים, לאזן זיך לייכט פארפירן דורך קריסטלעכע טעאלאגן, בפרט דורך די טענות פון אזוינע גענוטע פאלעמיסטן, ווי די מומרים אבנר, שלמה אויס בורגאס, יעראנימא לארקי און אנדערע — האב איך באשלאסן אפצוווענדן אין א ספעציעל ווערק אלע זייערע טענות, צונישט מאכן זייערע ראיות, וואס זיי ברענגען אויס יידישע קוועלן, בכדי אונזערע ברידער זאלן האבן א שטיצע און זאלן ארויסזען באשיינפערלעך, ווי אומבאגרינדעט ס'זיינען די באשולדיקונגען פון אונזערע שונאים... און ווייל איינער פון די גרעסטע אויטאריטעטן צווישן די קריסטלעכע פאלעמיסטן איז ניקאלאי דע־לירא [3], הייב איך קודם־כל אן פון זיין פאלעמיש ווערק און טרעט ארויס קעגן זיינע טענות" [4].

טיפיש איז זיין ענטפער די קריסטלעכע פאלעמיסטן, וואס געוואלדעווען אזוי שטארק איבער דער „גרויסער מאראלישער פארדארבנקייט" ביי די יידן: „זיי קלאגן זיך נאך אויף אונז, אז מיר פירן א זינדיק לעבן, און זיי ברענגען דערויף ראיות אויס דער ביבל. שוין גאנצע פערציק יאר, אז איך אלס ארצט בין אן איינגייער אין די הויפן פון די מלכים און שרים, און עס איז ממש אוממעגלעך איבערצודערציילן די שרעקלעכע נידערטרעכטיק־אוממאראלישע מעשים [5], וואס איך האב דארט צוגעזען,

---

1 עס איז אויפגעהיט אין איבערזעצונג זיינע א איבערזעצונג פון א אראביש מעדיציניש ווערק (זע שטיינשניידער, העבר. איבערז., ז' 706).

2 דאס ווערק איז דערגאנגען בלויז אין כתב־יד און דאס ניט בשלימות. אייניקע פראגמענטן האבן פארעפנטלעכט גרעץ (אין זיין געשיכטע), און ד. קויפמאן אין „בית תלמוד", II, 113—116.

3 א קריסטלעכער געלערנטער, וואס שטאמט פון יידן (1270—1340); פארפאסער פון א פאלעמיש ווערק קעגן יידן „De Messua Ej usque Adventu Praeterito".

4 „בית תלמוד", II, 113—114.

5 אלס ביישפיל פון דער צינישער אויסגעלאסנקייט, וואס ער האט צוגעזען ביים קריסטלעכן אדל, דערציילט אבן מוסא: „והנה אכתוב אחת מאיש אחד שכב עם אשה וצוה לבעלה שיהיה רסן סוס בפיו ויאכל כבקר תבן ויאיר לו בשתי נרות בעוד שהיה מזנה עם אשתו בפניו".

שוין ניט ריידנדיק וועגן די אַלע גזילות, הריגות און רויבערייען, וואָס ווערן דאָרט אָפּגעטאָן".

אבן מוסא שטעלט ארויס צוועלף כּללים פאַר די חברים זיינע, וואָס פירן וויכּוחים מיט קריסטלעכע טעאָלאָגן. וויל מען האָבן דערפאָלג אין די דאָזיקע וויכּוחים, שטרייכט ער אונטער, מוז מען זיך פעסט האַלטן אין די דאָזיקע כּללים. די וויכטיקסטע פון זיי זיינען: 1) דער יידישער דיס־פּוטאַנט דאַרף זיך האַלטן ביים ווערטלעכן פשט פונם ביבלישן טעקסט, און ניט אריינלאָזן זיך אין אַלעגאָרישע פשטלעך; 2) מען דאַרף גלייך דערקלערן, אַז מיר אָנערקענען ניט דעם אויטאָריטעט ניט פונם תּרגום, ניט פון דער גריכישער ביבל־איבערזעצונג; 3) אויך דאַרף מען אָפן דער־קלערן, אַז די דרושים פון דער אַגדתא האַלטן מיר כּלל ניט פאַר הלכה למשה מסיני, און עס איז ניט קיין חיוב צו גלויבן אין זיי; 4) מען דאַרף דערקלערן, אַז מיר רעכענען זיך ניט מיט ראיות, וואָס ווערן גע־בראַכט אויס די עוואַנגעליעס און אויס די אַפּאָסטאָלישע געשיכטעס, ווייל מיר, יידן, האַלטן זיי ניט פאַר באַגלויבט.

אָט דער ערשטער כּלל, וואָס אבן־מוסא שטעלט ארויס, אַז מען דאַרף זיך אויף די דיספּוטן האַלטן ביים ווערטלעכן פשט פון דער תּורה, דערקלערט אויך דעם טעם, פאַרוואָס אבן־מוסא פאַלט אַזוי אָפּט אָן אין זיינע פאָלעמישע ווערק אויף די יידישע פריידענקער־דרשנים, וואָס באַפּוצן אַזוי גערן זייערע פּרעדיקן מיט אַלעגאָרישע פירושים און ציטאַטן אויס די חכמי אומות העולם: „אָט די ניי־מאָדישע דרשנים — קלאָגט זיך אבן־מוסא — וואָס טרעטן ארויס אויף דער בימה פאַר קריאת התורה און האַלטן דרשות אויף ספּעקולאַטיוו־פילאָזאָפישע טעמעס, לאָזן ניט ארויס פונם מויל די פילאָזאָפן ווי אריסטו, אַלכּסנדר (הפרדוסי), טימאָסטעוס, אַפלטון, אבן־רשד און פּטאָלאָמעוס, די נעמען אָבער פון אביי ורבא ווערן גאָרניט דערמאָנט. און די תּורה ליגט נעבעך אויפן שולחן און וואַרט, ווי די פאַרלאָזענע פרוי וואַרט אויף איר מאַן, וואָס פאַרברענגט די צייט מיט זיינע געליבטע, און אויף איר קוקט ער זיך אפילו ניט אום"[1].

שטאַרק מתרעם איז זיך אויך אבן מוסא אויף די פּרעדיקער, וואָס פאַרהאַלטן זיך קריטיש, שטיצנדיק זיך אויף דעם באַקאַנטן זאָג פון הלל דעם צווייטן, צו דער דאָגמע וועגן ביאת המשיח, און באַאומרויִקן דערמיט די הערצער פון די תּמימותדיקע צוהערער. אין יענער עת צרה, ווען די גזירות האָבן זיך אַזוי געשטאַרקט און געמערט, האָט אבן מוסא

1 „בית תּלמוד", II, 118.

געהאַלטן באַזונדערס געפערלעך אונטערצוגראָבן דעם גלויבן אין נאַציאָנאַלער גאולה. אין זיין לאַנגן בריוו צו זיין זון יהודה[1], און אין דעם „מאמר היעודים", וואָס איז מיט דער צייט פאַרלוירן געגאַנגען, פלייסט זיך דערפאַר אבן־מוסא צו דערווייזן, ווי פעסט און זיכער ס'איז דער גלויבן אין ביאת המשיח, אין דעם ליכטיקן גואל, וואָס וועט דאָס גלות־פאָלק דערלייזן.

אָט דער דאָזיקער שטאַנדפונקט, וועלכן די יידישע פּאָלעמיסטן האָבן אַזוי שטאַרק אונטערגעשטראָכן, אַז בעת די וויכּוחים דאַרף מען זיך טריי האַלטן ביים ווערטלעכן פשט פונם ביבל־טעקסט — האָט גורם געווען, וואָס טאַקע אין יענער צייט איז דערשינען די ערשטע ביבלישע קאָנקאָרדאַנציע אויף העברעיִש. יצחק בן קלונימוס אויס דער פּראָוואַנסאַלער פאַמיליע נתן, וועלכע האָט געגעבן אַ גאַנצע ריי טיכטיקע געלערנטע איבערזעצער, האָט, ווי חיים בן מוסא, געפירט אָפטע וויכּוחים מיט קריסטלעכע טעאָלאָגן, און אפילו צוויי פּאָלעמישע ווערק אָנגעשריבן [2]. די קריסטלעכע דיספּוטאַנטן פלעגן שטענדיק ביי זייערע וויכּוחים ברענגען ראיות אויס דער ביבל, און בכדי אימשטאַנד זיין גלייך זיי אָפּענטפערן, האָט יצחק נתן געפונען, אַז ס'וואָלט דערצו זייער נוצלעך געווען אַ ספּעציעל האַנטבוך, ווו די ביבלישע פּסוקים זאָלן זיין גרופּירט נאָכן אלף־בית לויט די ערשטע ווערטער פון יעדן פּסוק; אויף אַזאַ אופן וואָלט די יידישע אָפּאָנענטן לייכט געווען גלייך נאָכצוזען און פאַרגלייכן די פון זייערע קעגנער צו פּאָלעמישע צוועקן געבראַכטע ביבלישע ציטאַטן. העכער צען יאָר האָט ער געאַרבעט איבער זיין האַנטבוך, און אין 1447 איז זיין „מאיר נתיב" דערשינען, וואָס ס'האָט געדינט אלס מוסטער פאַר אַלע שפּעטערדיקע קאָנקאָרדאַנציעס [3]. אין נתנס ווערק זיינען די ביבלישע ביכער צום ערשטן איינגעטיילט אין קאַפּיטלעך נאָך דעם מוסטער פון דער לאַטיינישער ביבל־איבערזעצונג [4].

1 פאַרעפנטלעכט אין „בית תלמוד", II, 117—125.

2 די דאָזיקע צוויי ווערק „תוכחת מטעה" און „מבצר יצחק", ווו נתן פּאָלעמיזירט מיט דעם מומר יעראָנימאָ לאָרקי, זיינען צו אונז דערגאַנגען. אין כּתב־יד איז פאַרבליבן בלויז זיין עטיש ווערק „מאמץ כח". מער באַריכות וועגן יצחק נתן זע Les ecrivains Juifs fr. ,582—585.

3 לויט דער מיינונג פון פאַכגעלערנטע, האָט פאַר יצחק נתנען ביי זיין אַרבעט אלס פאָרבילד געדינט די לאַטיינישע קאָנקאָרדאַנציע, וועלכע ס'האָט באַאַרבעט דער פראַנציסקאַנער אַרלאָטאָ די פּראַטאָ אין 1290.

4 ס'איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס יצחק נתנס בן־דוד, פּרץ טרעווא, האַלט אפילו פאַר נייטיק אונטערצושטרייכן אין דער פאָררעדע צו זיין לערנבוך „מקרי דרדקי" (צום

דער באַדייטנדיקסטער פון די געלערנטע יידישע פֿילאָסאָפֿן, וואָס האָבן געלעבט אינדערמיט פון פופצנטן יאָרהונדערט, איז בלי־ספק יוסף בן שם־טוב, דער זון פונם קנאַישן מקובל שם־טוב בן שם־טוב. יוסף בן שם־טוב איז געווען אַ מאַן פון פּאָליטישע ווייסן, איינער פון די געלערנטסטע מענער פון זיין צייט [1]. ער איז געווען אַ גרינטלעכער קענער פון נאַטורוויסנשאַפטן און אַ גרויסער בקי אין דער אַריסטאָטעלישער פילאָזאָפיע מיט אַלע אירע אַראַבישע, קריסטלעכע און יידישע מפרשים.

אַ קאַסטיליער פון געבורט (געבוירן בערך 1400), האָט ער געלעבט אַ לענגערע צייט אין טאָלעדאָ און אין אַנדערע שפּאַנישע שטעט. ער גופא דערציילט [2], אַז ער האָט אַ שטיק צייט פאַרנומען אַ שטעלע ביים קיניגלעכן הויף, און פון דאָרט פלעגט מען אים אָפט שיקן אין שליחות אין פאַרשיידענע שטעט. אין 1452 האָט מען אים קאָמאַנדירט קיין סעגאָוויע פאַר פסח, ער זאָל דאָרט פאַרהיטן די געפאַר פון פאָלקס־אומרוען קעגן יידן. מחמת אַן אומבאַקאַנטער סיבה האָט מען אויף אים ביים הויף געוואָרפן אַן אומחן, ער האָט געהאַט גרויסע צרות אויסצושטיין און געמוזט פירן אַ נע־ונד־לעבן. ביי זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן האָט ער אַזוי שטאַרק אָנגעשטרענגט די ראיה, אַז ער איז אַ שטיק צייט געווען אין דער סכנה צו בלייבן אַ סגי־נהור. דעמאָלסט איז ער געוואָרן, ווי עס שיינט, אַ פּראָפעסיאָנעלער פּרעדיקער און פלעגט האַלטן דרשות אין פאַרשיידענע יידישע קהילות. מחמת זיין אויגן־קראַנקהייט האָט ער ניט געשריבן, נאָר דיקטירט פאַר אַן אָפּשרייבער זיין אינטערעסאַנט ווערק „עין הקורא" — דאָס ערשטע אין דער העברעיִשער ליטעראַטור וויסנשאַפטלעך האַנטבוך פאַר האָמילעטיק (דרוש), ווו עס ווערן אויף אַ ריין מעטאָדאָלאָגישן אופן

ערשטן געדרוקט בשנת ה' רֹחֹם ליצירה, 1487), אַז אויך ער באַצוועקט מיט זיין ווערק באַהילפיק זיין די יידישע דיספּוטאַנטן: „וכי יש עשיר חומד ללמוד בנו ללמוד וללמד... ישוב על עקב בשתו יחשב בנו לפלא יועץ וחכם חרשים, יקו לעשות ענבים ויעש באושים, כי במקרא לא קרא, ואיך תהיה משנתו סדורה... ואם בפסוק תחלתו יהגה, ראשיתו מצער אחריתו ישגא, ועל יד ירבה ויתרומם, ועשה לו כאשר זמם, ואם לא ישיג למשפטים וחקים יעמוד הוא בין הדבקים ובמשפטים וחקים לא ישאר ריקם" (מיר האָבן זיך באַנוצט מיט דעם זעלטענעם עקזעמפּלאַר „מקרי דרדקי", וואָס געפינט זיך אין אַזיאַטישן מוזיי אין לענינגראַד).

[1] אַ פולשטענדיקן רייסטער פון יוסף בן שם־טובס ווערק זע: שטיינשניידער, ערש אונד גרובער לעקסיקאָן, 2־טע סעריע, ב. 27, 92; S. Munk, Melanges, 507—9

[2] אין שלוסוואָרט צו זיין העברעיִשער באַאַרבעטונג פון קרשקשס שפּאַניש פאָלעמיש ווערק „ביטול עיקרי הנוצרים".

געגעבן די כּללים פון דרשנער־קונסט, און מיט פיל ציטאַטן און משלים דערקלערט ער, ווי אַזוי דער רעליגיעזער פּרעדיקער דאַרף זיך באַנוצן מיט דעם פּשט פונם ביבל־טעקסט [1].

ווען זיינע אויגן זיינען אויסגעהיילט געוואָרן, האָט יוסף בן שם־טוב זיך ווידער גענומען צו דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט און איז גע־שטאָרבן, לויט גרעצס השערה [2], אַלס „קדוש" אין 1460.

אַלס מקורב צום קיניגלעכן הויף, האָט יוסף בן שם־טוב געהאַט די מעגלעכקייט צו קומען אין נאָענטער באַרירונג מיט די קריסטלעכע גע־לערנטע און טעאָלאָגן, מיט וועלכע ער פלעגט, ווי ער גופא דערציילט, האַלטן, לויט דעם מנהג פון יענער צייט, גאַנץ אָפטע רעליגיעזע וויכּוחים אין דער אָנוועזנהייט פון די הויפלייט און דער קיניגלעכער פאַמיליע [3].

בן שם־טוב האָט זיך אָבער ניט באַנוגנט בלויז מיט וויכּוחים בעל־פּה. כּדי צו שטאַרקן דעם מוט פון זיינע ברידער און אָפּשוואַכן די מיסיאָנערישע טעטיקייט פון די קאַטוילישע גייסטלעכע און די מומרים, האָט ער פּאָפּולאַריזירט און געמאַכט צוגענגלעך פאַר דעםברייטן לעזער־פּובליקום צוויי מייסטערהאַפטע פּאָלעמישע ווערק פון דעם פריערדיקן דור. ער האָט געמאַכט אַ פּירוש און פאַרזאָרגט מיט אַ לאַנגער הקדמה אפודים באַרימטן פּאַמפלעט „אַל תהי כאבותיך", און פאַרעפנטלעכט אַ העברעיִשע באַאַרבעטונג פון חסדאי קרשקשס פּאָלעמיש ווערק Tradate [4].

און טאַקע מיט קרשקשס שאַפן איז ענג פאַרבונדן יוסף בן שם־טובס וויכטיקסטע וויסנשאַפטלעך ווערק. בן שם־טוב איז ניט נאָר דער באַטייטיקסטער דענקער, וואָס דאָס שפּאַנישע יידנטום פון פופצנטן יאָר־הונדערט האָט פאַרמאָגט, ער איז אויך קרשקשס נושא־כּלים און נאָכפאָל־גער אין זיין שאַרפער קריטיק, מיט וועלכער ער טרעט אַרויס קעגן דער

---

1 זע די פאָררעדע צו „עין הקורא", פאַרעפנטלעכט דורך א. יעלינעק אין „קונטרס המפתח", 31. דער „עין הקורא" איז געבליבן אין כּתב־יד. פילע ציטאַטן ברענגט פון דאָרט דער בעל־קבלה מאיר אבן גבאי אין זיין „עבודת הקודש" (זע חלק ב׳, קאַפּ׳ 5; חלק ג׳, קאַפּ׳ 67 און פילע אַנדערע ערטער).

2 גרעצס געשיכטע, ב׳ VIII, סוף נאָטע 4.

3 צום סוף פון זיין פּירוש אויף אַריסטוס „ספר המידות" שרייבט יוסף בן שם־טוב: „וכבר התוכחתי עליהם והתעצמנו ניצוח עם גדולי חכמי הנוצרים נגד מלכים ויועצי ארץ פעמים רבות" („מאָנאַטסשריפט", 1883, 81). אין זיין פאָררעדע צו אפודים באַקאַנטן „אל תהי כאבותיך" שרייבט ווידער יוסף בן שם־טוב: „וגם קצת דברים אשר חדשתי אלי בזה וקצת ויכוחים שעשיתי עם חכמי האומה... ועתה ראיתי לכתוב פה וכוח אחד קצר נתוכחתי עם א׳ מגדולי חכמיהם על זה הדרוש (על דבר השלוש)".

4 פאַרעפנטלעכט אין „קיבוץ וכּוחים", 1844.

ראַציאָנאַליסטישער שיטה פון די יידישע אַריסטאָטעליקער. אין דעם פּרט איז באַזונדערס אינטערעסאַנט בן שם־טובס אין 1442 ערשינענע פילאָ־זאָפישע אַרבעט „כבוד אלהים"[1].

דער געשיכטע־שרייבער גרעץ, וואָס זיין שנאה צו די בעלי־קבלה גייט אזוי ווייט, אַז בנוגע צו זיי פאַרלירט ער לחלוטין די נייטיקע וויסנ־שאַפטלעכע אָביעקטיוויטעט — פאַרזיכערט, אַז יוסף בן שם־טוב טרעט אַרויס קעגן זיין פאָטער דעם אָרטאָדאָקסן קאַבאַליסט און זיינע אָנהענ־גער[2]. לייענט מען אָבער אויפמערקזאַם און אָן זייטיקע פניות דעם „כבוד אלהים", איבערצייגט מען זיך אין דעם פולן היפך פון גרעצס באַהויפּטונג. בן שם־טוב פאַררופט זיך מערערע מאָל אויף זיין פאָטער[3]; ער איז אינ־גאַנצן מסכים מיט זיין קאַמף קעגן די ראַציאָנאַליסטן, און שטרייכט בפירוש אונטער, אַז זיין פאָטער איז פולקום גערעכט בעת ער באַשולדיקט די „מתפלספים", אַז דורך זיי זיינען פילע יידישע קהילות חרוב געוואָרן[4]. בן שם־טוב געפינט בלויז, אַז די מעטאָדע, מיט וועלכער זיין פאָטער האָט זיך אין זיין פּאָלעמיק באַנוצט, איז ניט קיין ריכטיקע געווען. וויל מען קעגנער באַקעמפן און בייקומען, זאָגט יוסף בן שם־טוב, דאַרף מען אַרויסגיין פון די הנחות און פּרינציפּיעלע כללים, וועלכע ווערן אָנערקענט פון ביידע צדדים. זיין פאָטער אָבער איז אַרויסגעגאַנגען פון אַזעלכע הנחות, וואָס דער צד שכנגד האָט אַמאָנטשיידנסטן אָפּגעוואָרפן[5]. און בן שם־טוב גופא איז טאַקע אַ נאה דורש ונאה מקיים. ער באַנוצט זיך מיט קרשקשס וויסנשאַפטלעכער מעטאָדע[6]. מיר ווייסן שוין, ווי פעסט

---

[1] געדרוקט אין פעראַראַ אין 1555.

[2] זע גרעץ־שפ"ר, העברעישע אויסגאַבע, ב' VI, 179.

[3] אויף איין זייט (דף כ"ח, עמ' א') ציטירט דער פאַרפאַסער דריי מאָל זיין פאָטער.

[4] „כבוד אלהים", 27: „...ויסכים בזה מה שנמצא בנסיון מזה הזמן הארוך... כי השתדלו בקנין אלה הידיעות וההשקפה אליהם היה הסבה אל אבדן קהילות יעקב ברוב (קשטיליא וארגאן) ויותר גדולי המעלה שבהם יצאו מהכלל (ונשתמדו)". די אין קלאַמערן גענומענע ווערטער האָט די קאַטוילישע צענזור אויסגעשטראָכן. די צייט איז אָבער שטאַרקער פון דעם צענזאָרס טינט. האָט זי די פאַרב פונם טינט דורכגעפרעסן און די אויסגעשטראָכענע ווערטער זיינען תחית־המתים אויפגעשטאַנען. זע וועגן דעם אונזער אַרטיקל אין Новый Путь, 1918, № 2, Кто сильнѣе.

[5] דאָרטן, דף ג, עמ' ב': „אשר בהם התוכה אדוני אבי ז"ל בספרו הנזכר בלתי מקובלות לבעלי ריבו המתפלספים היונים, כבודו במקומו מונח, הנה לא השיב על דבריהם ולא סר מעלינו תלונות מופתיהם".

[6] בן שם־טוב פאַררופט זיך אויף קרשקשן אין אָנהייב פון זיין ווערק (דף ג', עמ' ב').

מיימוני איז געווען איבערצייגט, אז אלץ, וואס אריסטו האט ארויסגע־זאגט וועגן דעם עולם התחתון, וואס געפינט זיך אונטער דער לבנה, איז לית מאן דפליג, אז ס'איז לויטער אמת [1]. דערפאר טאקע האט דער רמב״ם ארויסגעשטעלט זיינע באוווסטע פינף־און־צוואנציק „הקדמות", גענומען אוים אריסטום פיזיק, וואס מיט זייער הילף פלייסט ער זיך צו דערווייזן אויפן ריין פילאזאפישן אופן די עקסיסטענץ פון אן א י י נ־צ י ק ן אוניווערסאלן באשעפער. בכדי אונטערצוגראבן אט די פעסטע שטיצע פון די יידישע ראציאנאליסטן, האט קרשקש מיט גרוים חריפות אויפגעדעקט די שוואכע זייטן און גרויסע סתירות פון אריסטום פיזיק. בן שם־טוב גייט נאך ווייטער: בכדי אינגאנצן צו צעשטערן דעם גרונט־יסוד פון די יידישע ראציאנאליסטן, גייט ער אויך ארוים פון אריסטון, אבער ניט פון זיין פיזיק, נאר פון זיין עטיק. ס'איז זייער כאראקטעריס־טיש, וואס בן שם־טוב טרעט כלל ניט ארוים אלס אריסטום קעגנער, נאר, אדרבה, אלס זיין הייסער פארערער. מיט התפעלות דערקלערט ער, אז מען דארף דאנקען דעם באשעפער דערפאר, וואס „ער האט מיט זיין גרוים גענאד פון זיין אומענדלעכער חכמה מזכה געווען א פשוטן בשר־ודם, איינעם פון די חכמי אומות העולם" [2]. אריסטום „ספר המידות" איז גע־ווען איינס פון די ביי בן שם־טוב באליבטסטע ספרים, און בכדי צו מאכן דאס דאזיקע ווערק שוה לכל נפש, האט ער אויף דער העברעישער איבער־זעצונג, וואס דער געלערנטער יידישער הויף־ארצט מאיר אלגואדעז האט פארעפנטלעכט, געמאכט א גאנץ גרויסן פירוש, וואס איבער אים האט ער געארבעט יומם ולילה איבער דריי חדשים נאכאנאנד [3]. אין זיין „כבוד אלהים" הייבט טאקע בן שם־טוב אן מיט א גרינטלעכער אנאליזע

1 „מורה נבוכים", II, קאפ' 22: „שכל מה שאמרו ארסטו בכל הנמצא אשר מתחת גלגל הירח עד מרכז הארץ הוא אמת בלא ספק ולא יטה ממנו אלא מי שלא יבינהו".

2 „כבוד אלהים", דף ט״ו, עמ' א': „ברוך שחלק מחכמתו לבשר ודם וחלק כזאת בלב איש מחכמי אומות העולם".

3 מיר האבן זיך באנוצט מיט אן אלטן כתב־יד פון דעם דאזיקן פירוש. דעם כתב־יד האט פארענדיקט אום זומער 1470 דוד מיימון. דער כ״י, וואס געפינט זיך אין פירקאוויטשעס ערשטער קאלעקציע נומ' 379 אנטהאלט גאנצע 319 דפים אין קווארטא. פון שם־טובס הקדמה פעלט אין דער האנטשריפט. נאכן שלום געפינט זיך פאלגנדיקע צושריפט פונם אפשרייבער: „אודה לאל שעזרני ברחמיו לסיים כתיבת פיר' המדות מהחכם האלקי ר' יוסף ן' שם־טוב כאן בעיר מאקדה יום ד', ששה ימים לחדש אב שנת מאתים ושלשים לפרט... השם ברחמיו יזכני להגות בו ולהבינו במעלת ענינו וסדורו האלקי לעבדהו וליראהו לי ולזרעי אחרי. ובעבור שיפורסם לכל מי הסופר הסכמתי לחתום שמי דוד מיימון".

פון די עטישע הנחות, וועלכע דער גרעסטער גריכישער דענקער זאָגט אַרויס דערהויפּט אין דעם ערשטן און לעצטן קאַפּיטל פון זײַן „עטיק". דעמאָלסט ערשט שטעלט בן שם־טוב די פראַגע: צי שטימען טאַקע אין דער אמתן אָט די דאָזיקע הנחות צוזאַמען מיט דעם וואָס ס׳לערנט תורת משה?

מיט ווערטלעכע ציטאַטן אויס אַריסטוס „עטיק" [1] דערווייזט בן שם־טוב, אַז לויט אַריסטוס אָשוווּנג באַשטייט דעם מענטשנס העכסט גליק און ציל אין שלימות הדעות, אין פאַרפולקומען דעם מענטשנס שכל. די גליקזעליקייט פון דער אומדערמידלעכער פאָרשונגס־קראַפט איז ניט נאָר די העכסטע און שענסטע — זי איז אויך די איינציק פרייע און זעלבּ־שטענדיקע, וואָס איז ניט אָפּהענגיק פון קיינעמס ווילן. דער מעצענאַט און בעל־צדקה, למשל, בכדי ער זאָל קאָנען טאָן גוטס, נייטיקט זיך דאָך הן אין מיטלען הן אין מענטשן, אויף וועלכע ער זאָל קאָנען משפּיע זײַן מיט זײַן גוטסקייט. דער שכל אָבער ער איז אַ וועלט פאַר זיך, פרײַ און אומגעשטערט שוועבט ער אין די הויכע געמעכער פונם געדאַנק. די מדרגה פון וויסנשאַפטלעכער שלימות ווענדט זיך אָבער ניט נאָר אָן דער פאָר־שונגס־קראַפט אַליין, נאָר אויך אין דעם אָביעקט פונם פאָרשן; און וואָס העכער ס׳איז דער עצם, וואָס מיט אים באַשעפטיקט זיך דעם מענטשנס געדאַנק, אַלץ גרעסער און פולקומער איז די גליקזעליקייט. און ווייל דער העכסטער און פולקומסטער עצם איז דאָך דער געטלעכער גייסט — איז טאַקע דאָס פאָרשן פון זײַן מהות, דאָס דערגרונטעווען זײַן גרויסקייט די העכסטע מדרגה פון מענטשלעכער שלימות, די העכסטע שטאַפּל פון זײַן גליק [2].

צי דערגרייכט מען אָבער דורכדעם אומשטאַרבלעכקייט? צי איז דאָס אַ באַווייז אויף השארת הנפש, ד"ה אַז דער דאָזיקער העכסטער שכלדיקער טייל פונם מענטשנס גייסט בלייבט לעבן אויך נאָך דעם מענטשנס טויט? דאָ באַרירט בן שם־טוב מיט גרויס חריפות דעם טונקלסטן און פאַרפּלאָנטערטסטן פּונקט פון אַריסטוס פילאָזאָפיע: די

---

[1] בן שם־טוב באַנוצט זיך מיט דער לאַטיינישער איבערזעצונג (כפי מה שהועתק מהלטין).

[2] „כבוד אלהים", דף ח׳, י׳, י״ג: „ובעבור שהעיון באל יתברך הוא העיון היותר נעלה לאין שיעור כי הוא יוקר העיון כפי יוקר הדרוש וכמו שהיה הוא יתברך היותר נעלה לאין שיעור יחס על זולתו היה העיון בו יותר נעלה ולכן היה זה תכלית האחרון לאדם".

לערע וועגן דעם מהות פון דער מענטשלעכער נשמה. אריסטו באַטראַכט די נשמה אַלס די פאַרווירקלעכונג בפועל פון אַן אָרגאַנישן קערפּער, וואָס באַזיצט לעבן בלויז בכוח [1]. אַט די אַנטפּלעקונג אין דער ווירקלעכקייט פון אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם, וואָס איז פריער געווען בלויז אין דער מעג־לעכקייט, אַנטהאַלט אין זיך אַלס העכסטע שאַפונגס־שטופע אויך אַלע נידעריקע מדרגות. די אויפגאַבע פון די געוויקסן באַשטייט בלויז אין ציען חיונה און וואַקסן; ביי די חיות קומען נאָך צו די אייגנשאַפטן פון גע־פיל, באַוועגונג און ווילן; ביים מענטשן קומט נאָך צו דער העכסטער פּרינציפּ, דער פּרינציפּ פון גייסט (vous), וואָס געוועלטיקט איבער אַלע אַנדערע. צי איז אָבער דער דאָזיקער גייסט פון יעדן מענטשן באַזונדער אומשטאַרבלעך? צי אָנערקענט אריסטו בכלל די אומשטאַרבלעכקייט פון דער נשמה? בן שם־טוב שטרייכט באַזונדערס אונטער, אַז אריסטו גיט אויף דער דאָזיקער פראַגע קיין שום תשובה ניט, אָדער ריכטיקער גע־זאָגט די פראַגע ווערט ביי אים אַפילו גאָר ניט געשטעלט. בן שם־טוב איז זייער גוט באַקאַנט מיט דער אריסטו־ליטעראַטור, ער ווייסט, וואָסערע דעות ס'האָבן אַרויסגעזאָגט בנוגע צו דער פראַגע אריסטוס מפרשים, ווי אַלכּסנדר הפרדוסי אין דער אַלטער צייט און אבן רשד אין מיטלאַלטער. בן שם־טוב האָט אַפילו געשריבן אַ ספּעציעלן פירוש צו אבן־רשדס אַר־בעט וועגן דעם אינדיווידועלן מענטשלעכן שכל און זיין פעיִקייט צו קומען אין „דבקות” מיטן „אַקטיוון פאַרשטאַנד” (שכל הפועל) [2]. „איך האָב כלל ניט בדעה — שרייבט בן שם־טוב, — זיך אַריינלאָזן אין חקירה, אויף ווי וויט ריכטיק עס זיינען די אַלע דערקלערונגען פון די דאָזיקע מפרשים; דאָ ווערט בלויז געשטעלט פאָלגנדיקע פראַגע: צי איז זיך מתחייב פון דעם אַלץ, וואָס אריסטו זאָגט אַרויס וועגן דעם מענטשנס העכסטן ציל און גרעסטער גליקזעליקייט, אַז דעם מענטשנס נשמה בלייבט אומשטאַרבלעך נאָך זיין טויט? און איך דערקלער בפירוש, אַז אין אַלע

---

1 לויט אַריסטוס טערמינאָלאָגיע הייסט דאָס „ענטעלעכיא”. אין de anima, 1, II. ווערט דער מהות פונם מענטשנס נשמה דערקלערט אין פאָלגנדיקן זאַץ: „די נשמה איז די ערשטע פולשטענדיקע אַנטפּלעקונג פון אַ מיט אברים באַשאָנקענעם קערפּער, וואָס האָט לעבן בלויז אין דער מעגלעכקייט”. וועגן דעם אויך אין: de anima, 3, 1.

2 וועגן דעם דאָזיקן פירוש, וואָס טראָגט דעם נאָמען „פירוש על המלה לאפשרות הדבקות”, זע באריכות שטיינשניידערס אַרטיקל אין „מאָנאַטסשריפט”, 1883, 514—520, 459—79, וווּ עס ווערן אויך געבראַכט לענגערע ציטאַטן. בן שם־טוב געפינט, אַז אבן־רשד איז טאַקע אַ פיל־זייטיקער דענקער (שלמותו בחכמה), נאָר פול מיט סתירות (מבולבל).

אריסטוס ווערק, הן אין זיין פיזיק, הן מעטאַפיזיק, הן אין זיין „פּאָלי־טיק" ווערט דערויף ניט געבראַכט קיין איין איינציקער באַווייז"[1].

אויס אַריסטוס לערע — זאָגט ווייטער בן שם־טוב — קאָן מען נאָר דרינגען, אַז דעם מענטשנס העכסט גליק איז פאַרבונדן מיט דעם דענקענ־דיקן טייל פון זיין נשמה, אַז נאָר אין דעם פאַרשן, אין דעם שלייפן דעם שכל אַנטפּלעקט זיך דער אמתער מהות פונם מענטשן, וואָס מאַכט אים העכער איבער אַלץ אויף דער ערד (כאשר יתבאר מדברי אריסטו שהאושר השלם הוא עיון מיוחד מפני שזה הפעל הוא לחלק מן הנפש אשר בו האדם אדם והוא השכל). פונקט ווי ביי דעם גלענצנדיקן זינגער באַשטייט דאָס בעסטע און שענסטע, וואָס ער פאַרמאָגט, אין זיין זינגען, אַזוי איז דאָס העכסטע און שענסטע ביים מענטשן, וואָס איז באַשאָנקען מיט אַ שאַרפן שכל — זיין פאָרשנדיקער גייסט, זיין פילאָזאָפישער געדאַנק. אָט נאָר דאָס קאָן מען דרינגען פון אַריסטוס לערע. עס ווערט אָבער ביי אים כלל ניט באַרירט די פראַגע: צי וועט דאָס דאָזיקע גליק דויערן אייביק, אפילו נאָך דעם מענטשנס טויט? בעת מיר זאָגן, אַז די שיינע מעלאָדיע איז דאָס שענסטע און בעסטע מיט וואָס דער זינגער איז באַשאָנקען, באַ־רירן מיר דאָך דערביי ניט די פראַגע, צי איז די דאָזיקע שיינקייט אייביק און אומשטאַרבלעך; אַזוי אויך בעת מיר רײדן וועגן דעם העכסטן גליק, וואָס ס'גיט דעם מענטשן דער דענקענדיקער און פאָרשנדיקער טייל פון דער נשמה — פאַרבינדן מיר דאָס ניט מיט דער פראַגע: צי איז דער דאָזיקער טייל באַשאָנקען מיט אומשטאַרבלעכקייט[2]. הויך און שטאָלץ דערהויבט דעם מענטשן זיין פאָרשער־גייסט, די העכסטע מדרגה פון שלימות דערגרייכט דער מענטש בעת זיין שאַרפער געדאַנק דרינגט אַריין אין די טונקעלע טיפענישן פון געטלעכן מהות; דאָס אַליין איז פאַר זיך גופא דאָס העכסטע גליק, די גרעסטע שטאַפּל פון פרייד; ווו איז אָבער דאָ דער לאָגישער מוז, אַז די דאָזיקע שלימות דאַרף אומבאַדינגט אויך

---

[1] „כבוד אלהים", 15—16 : „ואני אין דעתי במקום הזה לחקור מעומק זה הדרוש חקירה מופתית ולא להעתיק סברת האנשים בו אבל מראה לעין אם יתחייב ממה שזכר אריסטו בספריו בתכלית האנושי ובהצלחתו וטובו העליון שישאר נפשו אחריו אם לאו... אבל לא מצאתי אליו שייחד מופת בזה הדרוש בכל ספריו ולא גם כן שחקר ממנו לפי מה שהגיע אלינו מדבריו בחכמה הטבעית ולא בחכמת האל יתברך ולא בחכמה המדינית... ולכן הוא מבואר שלא כיון ארסטו שיתחייב מזאת ההצלחה העצומה ההשארות אחר המות ולא יתחייב משרשיו". — דעם זעלבן געדאַנק שטרייכט בן שם־טוב אונטער אויך אין זיין פריער דערמאָנטן פירוש אויף אבן־רשד „אפשרות הדבק ת" („מאָנאַטסשריפט", 1883, 467).

[2] דאָרטן, 16, עמ' א'.

זיין אומשטארבלעך? מיר זעען דאָך, אז בײמער לעבן פיל לענגער ווי חיות, כאָטש חיות שטייען דאָך אויף א העכערער שטופע ווי געוויקסן. און ווי אָפט זעען מיר, אז א פּשוטער אומוויסנדיקער מענטש לעבט פיל לענגער ווי דער גרויסער חכם, „וואָרעם דאָס גליק ווערט ניט געמאָסטן מיט דער מאָס פון לענג און דויער, נאָר געשאַצט לויט דעם ווערט פון זיין מהות" (כי לא תבחן ההצלחה מצד ההשארות אבל מצד טבע עצמותו מבואר בנפשו). דער רלב"ג, ווי מיר ווייסן [1], האָט אנטשיידן אָפּגע־וואָרפן אבן רשדס דעה, אז בנוגע צו אומשטארבלעכקייט איז קיין שום נפקא מיניה ניט צווישן דער נשמה פון א חכם און דער נשמה פון אַן עם־הארץ. בן שם־טוב אָבער געפינט, אז דעם רלב"גס ראיות האָבן ניט קיין ממש. דער רלב"ג וויל דערווייזן, אז „קנית החכמה", דאָס דערווערבן חכמה, מוז זיין פארבונדן מיט „השארת הנפש"; ער האָט אָבער א טעות— די חכמה און דאָס שלימות פון וויסן איז שוין פאר זיך גופא א גרויס גליק (וזה שקר מבואר ממה שקדם, שהעיון וחכמה טוב בעצמו). שוין דאָ, אין אונזער לעבן אויף ד ע ר וועלט, געניסן מיר פיל מער גליק און פארגעניגן ווען מיר זיינען רייך אין וויסן, איידער ווי ווען מיר טאַפּן אין דער פינסטער פון אומוויסן און עם־הארצות, גאָרניט נעמענדיק דער־ביי אין באַטראַכט, צי איז א י י ב י ק דאָס דאָזיקע גליק, צי ניין [2].

הכלל, שרייבט בן שם־טוב אונטער, אין אריסטוס לערע וועגן דעם העכסטן גליק, וואָס דער מענטש דערגרייכט דורך שלימות הדעות, איז ניטאָ קיין שום רמז, אז דאָס דאָזיקע גליק דויערט אויך נאָך דעם מענטשנס טויט. אריסטוס תלמידים און מפרשים האָבן זיך, אמת, גע־פלייסט ווי מעגלעך אַנצופילן אָט דעם חלל אין אריסטוס שיטה, נאָר טאַקע דאָס, וואָס יעדער באַזונדער קומט מיט אַן אנדערן פשט, באַווייזט צומבולטסטן, אז אריסטו האָט די דאָזיקע פראַגע געלאָזט אָפן און ניט געפּרוּווט אפילו געבן אויף איר וועלכן ס'איז ענטפער. מיר האָבן, פּירט אויס דער בעל „כבוד אלהים", דאָס פולע רעכט צו דערקלערן, אז אומ־שטארבלעכקייט און השארת הנפש זאָגט צו ניט די גריכישע פילאָזאָפיע, נאָר אונזער תורה. בלויז זי ברענגט צו אייביקער גליקזעליקייט, נאָר אירע וועגן פירן צום העכסטן און זיסטן גליק, וואָס איבער אים האָט דער טויט קיין שליטה ניט און שיינט מיטן ליכט פון אומשטארבלעכקייט [3].

1 זע פריער קאַפּ' 8.

2 כבוד אלהים", 17, עמ' א': „וזה הזמן אשר אנחנו חיים על פני האדמה נהיה יותר מצליחים ומעולים עם היותנו חכמים מהיותינו מעמי הארץ, מבלי בחינה אם נשאר לנצח בזאת ההצלחה או לא נשאר".

3 דאָרטן, 17, עמ' ב'.

אויך ער, דער פײַנער און גרינדלעכער קענער פון אַראַביש־גריכישער פילאָזאָפיע, שטרײַכט צומשאַרפסטן אונטער, ווי ווײַט עס גייען זיך פונאַנדער די וועגן פון דער פילאָזאָפיע און די „דרכי התורה"; „די דאָזיקע צוויי וועגן, דערקלערט בן שם־טוב, זײַנען גרונט־פאַרשיידן אין זייער כאַראַקטער און זייער גאַנצן מהות" (אם כן הוא מבואר תכלית הביאור ששתי הדרכים נבדלים במין ובמהות). בן שם־טוב איז זיך דערפאַר שטאַרק מתרעם אויף דעם רמב"ם [1] און זײַנע אָנהענגער, וואָס פלײַסן זיך צו דערווײַזן, אַז די ספּעקולאַטיווע פילאָזאָפיע און די רעליגיע זײַנען נאָך זייער עצם איינס און דאָס זעלבע, שטרעבן צו איין און דעם זעלבן ציל, נאָר וואָס זיי באַנוצן זיך דערבײַ מיט פאַרשיידענע מיטלען: די תורה, וואָס ווענדט זיך צו דער פּשוטער ניט־אַנטוויקלטער מאַסע, מוז באַהאַלטן די פילאָזאָפישע אמתן אונטער דעם שלייער פון רמזים און משלים, די פילאָזאָפיע אָבער, וואָס האָט אין זין בלויז די יחידי סגולה, רעדט קלאָרע דיבורים און זי דאַרף זיך ניט באַנוצן מיט מעטאַפאָרן און פאַרשטעלטע אָנצוהערעניש. „אַפילו, שטרײַכט בן שם־טוב אונטער, ווען זיי האָבן געזען, אַז די סתירות זײַנען געוואַלדיק גרויס, האָבן זיי דאָך זיך געפלײַסט די סתירות צו פאַרדעקן, געפּרוּווט דערווײַזן, אַז זיי לעבן בײַדע אין גרעסטן פרידן; סודות התורה זײַנען בײַ זיי מגולגל געוואָרן אין פילאָזאָפישע סילאָגיזמען, „מעשה בראשית" און „מעשה מרכבה" — אין פיזיק און מעטאַפיזיק, און אַלע מצוות־עשה און לאַ־תעשה אין דער תורה זײַנען אויסן די זעלבע עטישע כללים ווי דער „ספר המידות", וואָס טראָגט אויף זיך אַריסטוס נאָמען" [2].

אָט דער דאָזיקער אויספיר זייערער, רופט אויס בן שם־טוב וועגן „הסכמת הדת והפילוסופיא", אַז ס'איז ניט פאַראַן קיין שום סתירות צווישן דעם דת און דער פילאָזאָפיע — דאָס איז פאַלש פונם אָנהייב ביזן סוף (שקר מבואר), און דער פאָטער מײַנער האָט שוין פון לאַנג דער־

---

[1] קעגן דעם בעל „המורה", טרעט בן שם־טוב אַרויס אויך אין זײַן פירוש צו „השארת הדבקות": „ראינו הרב האלהי מורה צדק דחוק מאוד בכל זה" („מאָנאַטס־שריפט", 1883, 464).

[2] „כבוד אלהים", 18, עמ' א': „וכאשר ראו דוחק ההסכמה הזאת ביניהם העמיקו שיחתן לחקור ולבקש אופן ההסכמה האמתית ביניהם, עד שהיו סודות התורה דרושים ידועים בפלוסופיה, ותהיה מרכבת יחזקאל אשר חוייבנו עליה ההסתר מאוד, ידועה לחכמי היונים והישמעאלים, ושיהיו מדות הפילוסופיא מה שהתבאר בספר הזה המיוחס לארסטו הנקרא ניקומכיאה הוא אשר כיוון אל דרושיו יתברך בתורה ובמצות עשה ולא תעשה". זע אויך בן שם־טובס פריער ציטירטן פירוש („מאָנאַטסשריפט", 1883, 464).

וויזן אין זיין ספר, צו וואָסערע גרונט־פאַלשע און שעדלעכע פּועל־יוצאס דאָס קאָן ברענגען [1].

דעם מענטשנס שלימות און גליק, רופט אוים בן שם־טוב, באַשטייען אויס פאַרשיידענע בחינות. די ערשטע בחינה, דאָס איז בעת מען באַטראַכט דעם מענטשן אַלס רינגעלע אין דער קייט פון די נאַטור־דערשיינונגען און אַלס מיטגליד פון דעם סאָציאַלן קיבוץ. לעבן אַלס נוצלעך מיטגליד פון דעם אָרגאַניזירטן קיבוץ, לעבן נאָך באַשטימטע געזעצן, וואָס דורך זיי ווערט ער דערהויבן העכער פון אַלע איבעריקע בעלי־חיים — אין דעם באַשטייט די ערשטע בחינה פון שלימות, און מיט איר פאַרבונדענע גליקזעליקייט. די צווייטע, העכערע מדרגה, איז די שלימות הדעות, בעת דער מענטש פלייסט זיך מיט זיין שכל אויסצופאָרשן ווי ווייט נאָר ס׳איז מעגלעך די דערשיינונגען פון דער וועלט, לויט דעם סדר און די געזעצן פון דער נאַטור, און דאָס אַלץ אויסנוצן אין לעבן, פאַר זיין גליק און שלימות וועגן [2]. אָט די דאָזיקע בחינות פון שלימות קאָן דער מענטש דערגרייכן מיט דער הילף פון זיין אייגענעם נאַטירלעכן שכל, און נייטיקט זיך ניט דערביי ניט אין התגלות, ניט אין רוח נבואה. בן שם־טוב איז אָבער טיף איבערצייגט, אַז דעם מענטשנס העכסטער אידעאַל וועגן גליק און שלימות קאָן זיך ניט באַנוגענען מיט דעם ערדישן פּראַקטישן לעבן און דעם מעכאַנישן סדר העולם, וואָס ווערט רעגירט דורך די אייזערנע געזעצן פון דער נאַטור. און טאַקע דער דאָזיקער אידעאַל, וואָס לעבט אינם מענטשן און שטרעבט אין די הימלישע הייכן, זאָגט צום בעסטן עדות, אַז ס׳איז פאַראַן אַן אַנדער וועלט, מיט אַ גאַנץ אַנדערער קייט פון מעגלעכקייטן, אויסער דער ריין מאַטעמאַטישער געזעצלעכקייט פון די נאַטור־פּראָצעסן. אָט דער העכסטער אידעאַל — דער אידעאַל פון א י ב י ק ע ר גערעכטיקייט און פון דער פאַרקערפּערונג פונם אומפאַרגענגלעכן און אַבסאָלוט גוטן — דער קאָן דערגרייכט ווערן נאָר דורך התגלות, דורך דער מן־השמים אַנטפּלעקטער תורה. די רעליגיע פון דער געטלעכער התגלות,

1 דאָרטן, 22, עמ׳ א׳. עס איז אויך קיין ספק ניט, אַז אין בן שם־טובס טענות פילט זיך די השפּעה פון דעם אַראַבישן דענקער אַלגאַזאַלי, וועמעס „הפלת הפילוסופים״ עס ציטירט טאַקע בן שם־טוב און שטרייכט אונטער, אַז אבן־רשדס ענטפער אויף אַלגאַזאַלים ווערק האַלט ער פאַר צו שוואַך און ניט איבערצייגנדיק (דאָרטן, 24, עמ׳ א׳).

2 דאָרטן, 21, עמ׳ א׳: „ואושר שלם שני והוא העיון בשכל במה שיקיץ בו שכלו באופן היותר שלם שאפשר ואמנם זאת ההצלחה כלה פונה אל שיהיה יותר מעולה ושלם במוחלט באלה החיים ולא יעלה בו למעלה מהדברים הטבעיים״...

זאָגט בן שם־טוב, האָט זיך איר אייגענע געזעצמעסיקייט, זי ווערט רעגירט ניט דורך די נאַטור־געזעצן, נאָר דורך אַנדערע, העכערע; און טאַקע אַט די דאָזיקע געזעצן, די געזעצן פון געטלעכער גערעכטיקייט, ניט די מעכאַנישע געזעצן פון דער מאַטעמאַטיק און נאַטורוויסנשאַפטן — זיי זיינען עס די אַנטפּלעקונג פון דעם העכסטן ממשותדיקן אמת. „דערפון—שטרייכט בן שם־טוב אונטער — איז אָבער כּלל ניט געדרונגען, אַז די רעליגיע פון התגלות, אַט די העכסט־מעגלעכע מדרגה פון שלימות, געפינט זיך אין סתירה מיט די יסודות פונם לאָגישן דענקען, און לייקנט אין די הנחות, וואָס דער מענטשלעכער שכל איז מחייב"[1]; נאָר וואָס דען — די געזעצן, וואָס געוועלטיקן איבער דעם געביט פון דער אמונה, אונטערשיידן זיך פון די געזעצן, וואָס מיר באַאַבאַכטן אין די נאַטור־דערשיינונגען; דאָס זיינען געזעצן פון אַ העכערער מדרגה. די תורה, פאַרזיכערט בן שם־טוב, געפינט זיך ניט אונטער דער שליטה פון די מעכאַנישע נאַטור־געזעצן, זי ווערט רעגירט דורך באַזונדערע, געטלעכע געזעצן, און „אין דעם פּרט איז טאַקע דער רמב"ן גערעכט געווען, בעת ער האָט דערקלערט, אַז די תורה באַשטייט פון גאַלע ניסים"[2]. און די גרויסע סודות פון דער תורה[3], וואָס אַנטפּלעקן זיך אין זייער גאַנצן מהות בלויז פאַר נביאים און בעלי רוח־הקודש, זיינען נאָך בן שם־טובס איבערצייגונג סימבאָליש פאַרקערפּערט אין די מצוות און געבאָטן. די מעשים, דאָס טאָן און דערפילן, שטרייכט בן שם־טוב מערערע מאָל אונטער, ערשט דורכדעם באַקומט דער ווונטש און דער געדאַנק זיין תיקון, זיין רעאַלן מהות[4]. עס לעבן אָבער אין טעות די וואָס מיינען, אַז מען קאָן מיטן מענטשלעכן שכל מסביר זיין אַלע געטלעכע

---

[1] דאָרטן, 19, עמ' ב': „ולהיות האמונה הדבר היותר חשוב ונעלה לאין שיעור מכּמה שאפשר שידומה, אין ראוי שנקבל שהיא תחלוק על המושכלות הראשונות ולדברים המתחייבים מהם חיוב הכרחי". דעמזעלבן געדאַנק חזרט בן שם־טוב איבער אין זיין פאָררעדע צו אפודים „אל תהי כּאבותיך". ער ווייזט דאָרט אָן, אַז ס'איז אַ גרויסע נפקא מיניה צי מיר זאָגן, אַז די נבואה איז העכער פונם מענטשלעכן שכל, אָדער ווען מיר דערקלערן, אַז די נבואה איז סותר דעם מענטשלעכן שכל" (יש הבדל בין אומרנו שהנבואה למעלה מהשכל האנושי ובין אומרנו שהיא סותרת את השכל).

[2] דאָרטן, 21, עמ' א': „ולכן הטיב הרמב"ן זכרו לברכה במה שאמר כי התורה כלה נסים".

[3] בן שם־טוב איז אויך ווי דער רמב"ן פעסט איבערצייגט, אַז אין די ווערטער און אין די אותיות פון דער תורה זיינען פאַרבאָרגן טיפע סודות. באַזונדערס בולט מערט דער דאָזיקער געדאַנק אַרויס אין בן שם־טובס פירוש אויף אבן רשד (זע „מאַנאַטסשריפט", 1883, 466).

[4] „כּבוד אלהים", 20, עמ' א': „כי אני אומר שהם המעשים אשר קרא אלהינו יתברך ויתברך גאים ומעולים והם שש מאות ושלש עשרה".

מצוות און געבאָטן. מיט דער נוצלעכקייט און פּראַקטישער צוועקמעסיקייט אַליין, דערקלערט בן שם־טוב, קאָן מען ניט דערקלערן די טעמי המצוות, וואָס זיינען דאָך ניט קיין פּועל־יוצא פון די נאַטורגעזעצן, גייערט פון דער געטלעכער אַנטפּלעקונג. אַפילו אין דער נאַטור גופא, .איז בן שם־טוב מוסיף, באַגעגענען מיר אַזעלכע דערשיינונגען, וואָס מיר זיינען ניט אימ־שטאַנד זיי משיג צו זיין און זייער עצם דערקלערן. אָט, למשל, די קראַפט פון מאַגנעט: מיר זעען, ווי דאָס אייזן ווערט דורך דער קראַפט צוגעצויגן, מיר צווייפלען ניט, אַז די דאָזיקע קראַפט עקסיסטירט, נאָר איר מהות איז פאַר אונז פאַרבאָרגן[1]. דערפון — שטרייכט בן שם־טוב אונטער — איז אָבער כּלל ניט געדרונגען, אַז די געזעצן פון דער דורך דער התגלות געגעבענער תורה זיינען אַלס „גזרת המלך" געגעבן אָן שום סדר און טעם, און זיינען ניט אונטערגעוואָרפן אַ באַשטימטער געזעצמעסיקייט פון סיבות און תולדות; נאָר די דאָזיקע געזעצמעסיקייט איז אָבער פון אַן אַנדער אַרט און מין, און מיר מיט אונזער פּשוטן פאַרשטאַנד זיינען ניט אימשטאַנד זי צו באַגרייפן אָן דער הילף פון די נביאים אָדער פון זייערע תלמידים און גייסטיקע יורשים[2].

בן שם־טוב טרעט דערפאַר גאַנץ שאַרף אַרויס קעגן מיימוניז און זיינע אָנהענגער, וואָס שילדערן די נביאים בלויז אַלס דענקער און וויסנ־שאַפטס־מענטשן, און די רוח נבואה באַטראַכטן זיי אַלס „באַהעפטונג פונם אַקטיוון פאַרשטאַנד מיטן כּוח המדמה". דער רוח הקודש, די פּראָפעטישע התגלות, זאָגט בן שם־טוב, איז ניט קיין פּועל־יוצא פונם אַבסטראַקטן פי־לאָזאָפישן געדאַנק, און ניט דורך וויסנשאַפטלעכע ידיעות און בקיאות אין חקירה דערגרייכט מען די מדרגה פון אַ נביא. ווי דער בעל „אור ה'", אַזוי שטרייכט אויך בן שם־טוב אונטער, אַז איר גלאַנץ־תקופה האָט דאָך די פילאָזאָפיע דערגרייכט אין אַריסטוס ציַיטן, אונזערע גרעסטע נביאים זיינען אָבער געווען באַדייטנד פריער, מיט הונדערטער יאָרן פאַר אַריסטון. „מיר וויסן דאָך — זאָגט בן שם־טוב ווייטער — אַז ביי די גריכן און אַראַבער זיינען געווען גרויסע וואונדערבאַרע דענקער (חכמים נפלאים היו), זיי האָבן געלעבט רויִק און זיכער אונטער דער שוץ פון זייערע לענדער,

1 דאָרטן, 22, עמ' ב': „ולא יודע אלינו מאמתתו אלא שיש כח במגניטום בו תמשוך הברזל... מציאותו מבואר אצלנו ואמתתו נעלמת ממנו".

2 דאָרטן, 22—23: „וכשנאמר גזרת מלך אין הכונה בזה שאין להם סבה חלילה, אבל שהוא מוסכלת ממנו ולא יחוייב שנדע אותה... אבל על הכונה הראשונה יש לה מעשים אחרים במין ודעות אחרות בסוג ומפני שזה בלתי אפשר לעמוד על אמתתו מזולת נביא או מקובל ממנו".

און קיינער פון זיי האָט דאָך ניט זוכה געווען דער רוח נבואה זאָל איבער אים רוען; און אונזערע חכמים, וואָס ווערן געטריבן פון איין בראָך צום אנדערן, פון איין צרה צו דער צווייטער און זיינען ניט געווען ביכולת זיך רויק פאַרנעמען מיט וויסנשאַפטן — דאָך רוט די שכינה אויף זיי און זי באַגלייט זיי אין זייער וואָגל..." [1].

דערמאָנענדיק זיך דערביי וועגן די צרות, וואָס זיין דור האָט גע־האַט אויסצושטיין, רופט בן שם־טוב מיט באַגייסטערונג אויס: „און אפילו איצט, בעת גאָט האָט זיין צאָרן אויף זיין פאָלק אויסגעגאָסן און אונזער פאַרוואָגלטע אומה געפינט זיך ביי די לייבן אין מויל — צי איז דען ניט דאָס גרעסטע ווונדער, וואָס פון אזוי פיל שטאַרקע פעלקער איז אפילו זייער נאָמען פאַרגעסן געוואָרן, און דאָס פאָלק ישראל איז דאָך ניט אונטערגעגאַנגען!" [2].

דער נביא איז אַלזאָ, לויט בן שם־טובס שטאַנדפונקט, העכער פונם פילאָזאָף, און דער רוח נבואה איז ניט פאַרבונדן מיט וויסנשאַפטלעכע חקירות. בן שם־טוב האַלט אָבער פאַר נייטיק דערביי אונטערצו־שטרייכן, אז „נאָר אַן אומפאַרשטאַנדיקן מענטשן קאָן קומען אויפן גע־דאַנק, אז וויסנשאַפטן זיינען בכלל אַן איבעריקע זאַך" [3]. דאָ שטעלט בן שם־טוב ארויס דעם זעלבן פרינציפ, וואָס האָט מיט אַ סך דורות שפּע־טער, אין דער תקופה פון דער „השכלה", געשפּילט אזאַ באַדייטנדיקע ראָלע אין דער פּראָגראַם פון די משכּילים: וועגן די דאָפּלטע התחייבות — אלס מענטש און אלס ייד. די געזעצן פון אריסטוס לערע בילדן דעם מענטשן, די געזעצן פון דער תורה — דעם יידן. דער ייד נייטיקט זיך אין וויסנשאַפטלעכע ידיעות ניט אלס אָנהענגער פון דת משה וישראל, נאָר אלס מענטש אַ בעל־שכל; און וויל ער זיין אַ מושלם, מוז ער שטרעבן צו אַלגעמיינעם וויסן און זיין אַ בקי אין פילאָזאָפיע און אין חכמות הטבע [4]. אלס אָנהענגער פון דת משה, איז דער ייד ניט מחוייב נאָכצו־פאָרשן און מיט ראיות צו באַווייזן די „טעמי המצות", נאָר אלס מענטש,

---

[1] דאָרשן, 21, עמ׳ ב׳. דעם זעלבן געדאַנק זאָגט בן שם־טוב אַרויס אויך אין זיין פריער ציטירטן פירוש („מן נאַטשריפט", 1883, 575).

[2] דאָרשן, 22, עמ׳ א׳.

[3] דאָרשן, 26, עמ׳ ב׳.

[4] דאָרשן, 22, עמ׳ ב׳: „ואם ירצה להיות איש שלם מצד שהוא איש מדבר לא מצד שהוא איש ישראל, ראוי שיקרא ההגיונות הלמודיות והטבעיות והאלהיות בסדור... מבואר שהידיעות האלה אינם מיוסדות לאיש ישראל מצד שהוא איש ישראל אבל מצד שהוא אנושי".

וואָס איז באַשאָנקען מיט דעם פאָרשער־געדאַנק, זוכט ער און קלערט נאָך דעם צוועק און באַטייט פון יעדן געבאָט באַזונדער. ניט אָבער פאַר בקיאות אין וויסנשאַפטן און אין אַלגעמיינע חכמות איז דאָס יידישע פאָלק געוואָרן דער „עם סגולה וגוי קדוש", און ס'איז אויף אים געזאָגט געוואָרן: „עם נבון וחכם". אין דעם פּרט, שטרייכט בן שם־טוב אונטער, האָבן אַנדערע פעלקער פיל מער אויפגעטאָן — נאָר ספּעציעל פאַר דער „יידישער חכמה" (חכמת ישראל), דערפאַר ווייל דאָס פאָלק ישראל איז דער טרעגער פון דער הייליקער תורה, וואָס זי איז דאָך די העכסטע בחינה פון שלמות [1].

דער פילאָזאָפיש געבילדעטער בן שם־טוב פאַרשטייט זייער גוט, אַז מען קאָן ניט שטעלן קיין צוימען פאַרן מענטשנס פרייען פאָרשער־געדאַנק; ער האָט אָבער געלעבט אין אַ שווערער צייט. אַלץ חוצפּהדיקער און אומברחמנותדיקער זיינען געוואָרן די שונאים, וואָס האָבן פון אַלע זייטן געשטורעמט דעם יידישן קיבוץ און זיין אמונה, און די פאָרכט און זאָרג פאַרן קיום האומה האָט געצווונגען דעם דאָזיקן פילזייטיקן געלערנטן אַרויסצוטרעטן צוזאַמען אין איין קאָמפּאַניע מיט די אָרטאָדאָקסע „מחזיקי הדת". „מען מוז מודה זיין, שרייבט בן־שם־טוב, אַז די צוציִונגס־קראַפט פון דער ספּעקולאַטיווער פילאָזאָפיע איז זייער גרויס, און עס איז גאַנץ לייכט זיך צו פאַרפּלאָנטערן אין דעם אַזוי קונציק געפלאָכטענעם פילאָזאָפישן געוועב פון דער „גריכישער וויסנשאַפט". מיר ווייסן דאָך זייער גוט, וואָס פאַר אַ שרעקלעכן חורבן ס'האָט אָנגעמאַכט די לערע פון אונזערע ראַציאָנאַליסטן, אַז אין דעם אָפּגעבן זיך מיט וויסנשאַפטן, אין דעם פילאָזאָפישן פאָרשן באַשטייט דעם מענטשנס העכסטע־ציל און דער סוד פון זיין אומשטאַרבלעכקייט [2]. מיר האָבן געזען, ווי פילע פון די אָנגעזעענסטע לייט אין די קהילות האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן פון די פילאָזאָפן און דענקער, מיט ביטול האָבן זיי געקוקט אויפן דת און דער מסורה, זיי זיינען דעם נסיון ניט בייגעשטאַנען און ניט געוואָלט קיין קרבנות ברענגען — זיי זיינען דאָך אַרויסגעגאַנגען פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז ניט אין דער רעליגיע, נייערט אין דעם פילאָזאָפישן דענקען איז די העכסטע מדרגה פון שלימות, און דאָס טאַקע דאָ אויף דער וועלט. האָבן זיי טאַקע פאַרלאָזן די אמונה פון זייערע אָבות, און

1 דאָרטן, 25, עמ' א'.

2 בן שם־טוב צילט דאָ קודם־כל אין דעם רמב"ם; אין איין אָרט רופט ער אים אַפילו אָן ביים נאָמען (דף ז', עמ' א').

גורם געווען דעם חורבן פון פילע גרויסע קהילות אין קאַסטיליע און אַראַגאָניע"[1].

„מיר ווייסן אויך זייער גוט אויס דער געשיכטע, איז בן שם־טוב מוסיף, אַז אין די לענדער, ווו הין עס האָבן ניט אַריינגעדרונגען די פילאָזאָפיש־ראַציאָנאַליסטישע אידעען, האָבן די טויזנטער און די צענער טויזנטער פון אונזערע ברידער זיך מוסר־נפש געווען אויף קידוש־השם און זיינען אומגעקומען דורך פייער און שווערד. אַזוי, למשל, דערציילט דער רלב"ג[2], אַז אין פראַנקרייך האָבן אין די יידישע קהילות הונדערטער טויזנטער זיך מקריב געווען פאַר דעם איינציקן בורא און זיין הייליקן נאָמען; ביי אונז אָבער אין שפּאַניע איז אַזעלכעס ניט פאָרגעקומען טאַקע אויס דער פריער אָנגעוויזענער סיבה".

נעמענדיק דאָס אין באַטראַכט, שרייבט ווייטער בן שם־טוב, איז טאַקע ניט אומגערעכט געווען „המאושטרא (מאַעסטראָ) החכם המופלא ר' אשר" (דער רא"ש), בעת ער האָט געדאַנקט גאָט, וואָס ער האָט אים אָפּגעהיט צו קומען אין מגע־ומשא מיט די וועלטלעכע וויסנשאַפטן (בריך רחמנא די שזבין מיניה). דערפאַר טאַקע האָט דער רשב"א און זיינע אָנהענגער פאַרבאָטן צו באַשעפטיקן זיך מיט די חכמות הטבע אין די גאָר יונגע יאָרן. די דאָזיקע גאוני ישראל זיינען חלילה ניט געווען קיין קעגנער פון אַלגעמיינעם וויסן, זיי האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען צו שעצן זייער ווערט און נוצן; זיי האָבן אָבער געזען, ווו הין עס פירן די מתפלספים מיט זייערע פרעדיקן און שריפטן — דאָס גאַנצע לאַנד איז איבערפולט געוואָרן מיט אַפּיקורסות (ואיך נהפך כל המלכות למינות).

אָט אַזוי האָט זיך דער עיגול פעסט צוזאַמענגעשלאָסן! אונטער דעם דרוק פון די גזירות און צרות, וואָס דאָס שפּאַנישע יידנטום איז אויסגע־

---

[1] דאָרטן, 27, עמ' א: „מה שנמצא בנסיון מזה הזמן הארוך אשר הועתקו אלינו קורותיו כי השתדלו בקנין אלה הידיעות וההשקפה אליהם היה הסבה אל אבדן קהלת יעקב ברוב קשטיליא וארגאן, ויותר גדולי המעלה שבהם יצאו מהכלל ונשתמדו לראותם אשר ההזיקו אותם בחכמים אשר ידעו באלה החכמות וכמעט מהסבה סרו מהר מהדרך אשר צוה ד' אלהינו אותם אשר יאמינו שהם חכמים בראותם דעות בעלי הידיעות אשר לא יחשב דת בעיניהם אבל חשבו שהידיעה העיונית תכלית האנושי האחרון ושאין הנה שלמות אחר באמת בחרו להחיית החיים האלה באופן היותר שלם שאפשר להם".

[2] בן שם־טוב מיינט דאָ בלי ספק סאָלגנדיקע שטעלע אין דעם רלב"גס פירוש אויף תורה (ויקרא 26, 33): „ואכלה אתכם ארץ אויביכם, מורה על הצרות הגדולות שעברו על עמנו שמתו מהם רבים מכלל הרג קצת הקהלות הקדושות וגרוש היהודים מארץ צרפת שמתו בסבתו כפלים כיוצאי מצרים ברעב ובדבר".

שטאַנען, זיינען די ווייטע — דערנעענטערט געוואָרן, און די קעגנער האָבן אין זייערע חלוקי דעות פאַרגעסן. דער באַדייטנדיקסטער יידישער דענקער פונם 15טן י"ה אין שפּאַניע איז געוואָרן איין דעה מיט די אָר־טאָדאָקס־שטרענגע „מחזיקי הדת", און ער באַגריסט עפנטלעך דעם קנאַישן שטאַנדפּונקט, וועלכן ס'האָט פאַרטראָטן דער טיפּישער פאָר־שטייער פונם פאַרפרומטן און בילדונגס־פיינטלעכן דייטשן יידנטום...

* * *

די איבעריקע שריפטשטעלער פון יוסף בן שם־טובס דור, וואָס האָבן געשריבן אויף רעליגיעז־פילאָזאָפישע טעמעס, זיינען גאַנץ ווייניק אינטערעסאַנט הן פון וויסנשאַפטלעכן, הן פון ריין ליטעראַרישן שטאַנד־פּונקט. קיין „אייגנס" איז ביי זיי ניט בנמצא, זיי חזרן בלויז איבער די געדאַנקען און סברות פון זייערע פאָרגייער, און מאַכן דערצו ברייטע פּרושים. דער טיפּישסטער פון זיי איז דער פילזייטיק געבילדעטער אברהם בן שם־טוב ביבאַגי, א געבורטיקער אוים סאַראַגאָסאַ. פּרטים וועגן זיין לעבן זיינען זייער ווייניק באַקאַנט. מען ווייס בלויז, אַז זיין ערשט ווערק (אַ פּירוש אויף אבן רשדס אַ חיבור) האָט ער פאַרענדיקט אין 1446 אין דער שטאָט וואָיעשקאַ [1], אין די זיבעציקער יאָרן פון דעם 15טן יאָרהונ־דערט איז ער געשטאַנען בראש פון א ישיבה אין סאַראַגאָסאַ [2], געשטאָרבן איז ער נאָך אין 1489 [3]. ווי יוסף בן שם־טוב, אַזוי האָט אויך ביבאַגי געפירט וויכּוחים מיט קריסטלעכע טעאָלאָגן, און נאָך אין די יונגע יאָרן, ווי ביבאַגי גופא דערציילט, האָט ער אין הויף ביים אַראַגאָנישן מלך יאָהאַן דעבאַטירט מיט עפּעם „אַ גרויסן חכם" [4]. אויף דער עלטער האָט ער פאַרענדיקט אַ גרויס ווערק אין דריי טייל „דרך אמונה" [5], ווו ער פּרוווט סיסטעמאַטיש דערקלערן די יסודות און דעם מהות פון דער יידי־שער אמונה, און טרעט אויך אַגב אַרוים אַלס סניגור און באַשיצט זי פאַר די בילבולים און פיינדלעכע אָנפאַלן. ביבאַגי באַווייזט דאָ גרויס בקיאות ניט נאָר אין דער אַראַביש־יידישער ליטעראַטור, נאָר אויך אין

---

1 „והשלמתיו פה וואישקה שנת מאתים ושש לפרט האלף הששי".

2 זע Melanges, 507.

3 וועגן ביבאַגיס וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט האָט שטיינשניידער אַ ספּעציעלע אַרבעט געשריבן („מאָנאַטסשריפט", 1883, 79—96, 125—142).

4 „דרך אמונה", 99: „אכתוב לך מה שקרה לי עם חכם אחד מופלא בבחרותי על שלחן המלך דן גויאן במלכות ארגון".

5 געדרוקט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין 1521.

דער טעאָלאָגיש־קריסטלעכער [1]. און דאָך איז נאָך שמעון דוראַנס און יוסף אַלבאָס ווערק גאַנץ שווער צו געפינען עפּעס נייס אין ביבאַגיס „דרך אמונה". אַלס טיפּישער עקלעקטיקער איז ביי אים דאָ „מכל המינים". ער ציטירט נאָכאַנאַנד די גריכישע פילאָזאָפן און די בעלי קבלה. די גלגלים און דער „שכל הפועל" זיינען ביי אים צונויפגעמישט מיט דער „אומפאַרגלייכלעכער און זייער געטלעכער חכמה" פון קבלה־ספרים, ווי „ספר היכלות", „שיעור קומה" און „ספר הבהיר", וואָס „זיינען טייערער פון גאָלד און פון פּערל" [2]; מעשה בראשית איז צונויפגעקניפּט מיט נוטריקון, גימטריאות און מיט „צירופי אותיות" וואָס זייערע טיפע סודות זיינען באַקאַנט דער „אמתער קבלה" (שנודע בקבלה אמתית).

אַ געוויסן קולטור־היסטאָרישן אינטערעס האָבן בלויז די שטעלן אין „דרך אמונה", ווו ביבאַגי איז זיך מתרעם אויף „די היינטיקע חכמים, וואָס האַלטן פעסט די שאַלעכץ און דעם תוך וואַרפן זיי אוועק, און בכדי אַרויסווייזן פאַרן עולם זייער פרומקייט און גאָטספאַרכטיקייט, ריידן זיי מיט ביטול און מיט גאווה וועגן דעם רמב"ם און זיינע אָנהענגער" [3] אויף די גאַנץ אָפּטע באַשולדיקונגען, אַז די פילאָזאָפיש־געבילדעטע האָבן נעגעבן דעם גרעסטן פּראָצענט משומדים און אַפּטריניקעס, ענטפערט ביבאַגי: „איך האָב אָבער געזען אויך זייער פיל למדנים, וואָס זייער גאַנץ בקיאות האָבן זיי געשעפּט נאָר פונם ים־התלמוד, מיט פילאָזאָפיע האָבן זיי זיך קיינמאָל ניט באַשעפטיקט, און דאָך האָבן זיי געפעלשט אינם דת פון זייערע אָבות און זייער פאָלק פאַרלאָזן. איך רייד שוין ניט וועגן די וואָס זיינען לוימער בורים און עם־הארצים און טוען אָפּ אין זייערע פּאַלאַצן און הויפן די שענדלעכסטע מעשים" [4].

---

[1] ביבאַגי ציטירט די לאַטייניש ווערק פון יעווסעוויוס, באָעציוס, דונס סקאָט, אָקאַאַמאַ א. פ. אַנד. בכלל איז צו באַמערקן, אַז די יידישע געלענטע פון יענער צייט האָבן אויס ריין פּאָלעמישע צוועקן פלייסיק שטודירט די קריסטלעכע סכאָלאַסטיקער. ביבאַגים אַ בן־דור, אליהו חַבִילְיָה, האָט איבערגעזעצט אויף העברעיִש פילע ווערק פון טאָמאַס ד'אַקווינאָ און אָקקאַמאַ, בכדי די יידישע לַמדנים זאָלן האָבן די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט די באַרימטע קריסטלעכע געלערנטע.

[2] „דרך אמונה", 64 : „וספרים כמו ספר היכלות וספרי שיעור קומה וספר הבהיר בהם חכמה אלהית לא יערכנה זהב ולא יכילנה שכל שום חוקר".

[3] דאָרטן, 43 : „כמו שקרה לקצת חכמי זמננו הלוקחים הקליפות ומשליכים התוכיות בהראותם חסידים נגד ההמון הרב ומלעיגים ומקנטרים על הרב ז"ל ותלמידיו מבלי בחינה".

[4] דאָרטן, 45 : „ומכל שכן מי שלא קרא ושנה אשר אנחנו רואים מהם העמיקו שחתו האנשים החטאים האלה בְנַפְשותם בְחצריהם ובטירותיהם".

ווי יוסף בן שם־טוב, אזוי איז אויך אברהם ביבאגי געווען א פרע־דיקער. בשעת איין שבתדיקער דרשה, וואס ביבאגי האט געהאלטן אין שול (ווארשיינלעך אין סאראגאסא), האט דער קריסטלעכער המון געמאכט אן איבערפאל איבער דער ארטיקער יידישער באפעלקערונג, און ביבאגי האט זיין דרשה ניט פארענדיקט. ס'האט זיך שוין דעמאלסט אנגעהויבן דער לעצטער אקט פון דער בלוטיקער דראמע, בעת דאס שפאנישע יידנ־טום האט זיך געראנגלט אין שווערן גסיסה־קראמף. די צוויי שפאנישע מלוכות, אראגאן און קאסטיליע, האבן זיך אקארשט פאראייניקט אונטער דער קרוין פון פערדינאנד און איזאבעלא, און איבער דעם גאנצן לאנד האבן העל אויפגעלויכטן מיט איער גיהינום־פייער די שייטערהויפנס פון דער אינקוויזיציע. די יידישע קהילות זיינען שוין געווינט געווען צו איי־בערפאלן און העצעס פונם אויפגערייצטן המון, און אויפן צווייטן שבת האט דער עולם געבעטן ביבאגין, ער זאל פארענדיקן זיין איבערגעריסענע דרשה. האט אברהם ביבאגי, „בכדי צו טרייסטן און שטארקן די דורך בהלות און מהומות פאראומערטע הערצער", געהאלטן א דרשה וועגן דער הייליקייט פונם יום השבת, וואס איז דאך די קרוין פון „מעשה בראשית"—פון דער אנטפלעקטער געטלעכער לייטזעליקייט. „זה ינחמנו"—אזוי האט געהייסן די דאזיקע דרשה, וואס ביבאגי האט געהאלטן אויפן צווייטן שבת נאך דער בהלה...[1]

אבער אויך אויפן געביט פון דרוש האט זיך געבילדעט א פעסט געשלאסענער קרייז. זינט שמואל אבן תיבון און יעקב אנאטאלי, האבן די יידישע אריסטאקראטיקער געפרווט אויסנוצן די בימה אין די שולן אלס טריבונע צו פארשפרייטן זייערע ראציאנאליסטישע אידעען. מיר האבן געזען, וואס פאר א שארפן קאמף דאס האט ארויסגערופן אין די ארטאָ־דאקסע יידישע קרייזן. נאך דער קאטאסטראפע צום סוף פערצנטן יאר־הונדערט (די סעווילער שחיטה) באווייזן זיך אין דער יידישער האמי־לעטיק (דרוש) גאנץ נייע טענדענצן. אלץ אומברחמנותדיקער ווערט דער קאמף פון דער קאטוילישער קירך; זי באנוגנט זיך שוין ניט דערמיט, וואס זי צווינגט די יידישע געלערנטע צו פירן עפנטלעכע וויכוחים וועגן רעליגיעזע פראגן מיט משומדים און אפטריניקע — אויף איר דרינגלעכן ווונטש ווערט ארויסגעגעבן א געזעץ, אז יידן זיינען מחוייב קומען הערן

---

1 געדרוקט אין 1522 אונטער פאלגנדיקן שער: „זה החבור נקרא „זה ינחמנו" חברו החכם השלם נ"ר אברהם ביבאגיי ז"ל". די דאזיקע דרשה, וואס איז איינגעטיילט אין 15 שערים, איז איצט די גרעסטע ביבליאגראפישע זעלטנהייט. מיר האבן זיך באנוצט מיט דעם עקזעמפלאר, וואס געפינט זיך אין לענינגראדער אזיאטישן מוזיי.

די מיסיאָנערישע פּרעדיקן. דאָס פּראָטעסט־געפיל קעגן אַזעלכע מעשי־נוגש האָט זיך ביי דער יידישער באַפעלקערונג אויסגעגאָסן אין אַ שטאַרק אַנטוויקלטער פּאָלעמיש־אַפּאָלאָגעטישער ליטעראַטור, האָט אויך געפונען אַ שאַרפן אָפּקלאַנג אין דער האָמילעטישער ביבל־דערקלערונג און אין די דרשות אין די שולן און בתי־מדרשים. די יידישע פּרעדיקער האָבן זיך געפליסט צו פּאַראַליזירן די השפעה פון די מיסיאָנערישע דרשות, צו שטאַרקן אין די הערצער פון זייערע צוהערער דעם פעסטן ביטחון אין די יסודות פון דעם יידישן גלויבן. דערפאַר טאַקע זיינען, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, כמעט אַלע יידישע געלערנטע פון יענער צייט געווען אויך פּרעדיקער, און יוסף בן שם־טוב האָט אַפילו אַ ספּעציעל האַנטבוך געשריבן וועגן דרוש און פּרעדיקער־קונסט.

ניט אָבער בלויז אַפּאָלאָגעטישע צילן האָבן פאַר זיך געשטעלט די יידישע פּרעדיקער, ניט נאָר קאַמף קעגן די מיסיאָנערישע דרשות איז געווען זייער אויפגאַבע. מיר האָבן שוין ביי אברהם ביבאַגים פּרעדיקן באַמערקט, ווי שטאַרק עס קלינגט נאָך איין באַשטימטער מאָטיוו — „זה ינחמנו!" טרייסטן, שטרקן די צעבראָכענע פאַראומערטע הערצער. די פּרעדיקן באַקומען דערפאַר אַ ריין דידאַקטישן כאַראַקטער, דער גרונט־טאָן — דברי מוסר און רעליגיעזע עטיק. אין דער קולטור־געשיכטע באַגעגנט מען זיך אָבער גאַנץ אָפט מיט דער אייגנאַרטיקער דערשיינונג, וואָס אחד־העם האָט אַמאָל באַצייכנט מיט די ווערטער „שמות שנתרוקנו מתוכנן". דאָס איז די מאַכט פון דער מסורה, פון דער בירושה באַקומע־נער טראַדיציע... אין משך פון דורות האָבן די פּרעדיקן אין יידיש־שפּאַנישן קיבוץ געטראָגן אַ ספּעקולאַטיוו־פילאָזאָפישן כאַראַקטער; דאָס איז געווען אַ לאָגישער פועל־יוצא פון דעם קולטורעלן מצב אין אַ באַשטימ־טער תקופה. די פאָרם, דער לבוש לעבט אָבער אָפט איבער דעם תוך. די „שמות" בלייבן נאָך אַלץ ביים אַלטן קלאַנג, כאָטש זייער „תוכן" האָט די צייט שוין פון לאַנג מיט אירע שאַרפע ציין אויסגעפרעסן. דער פילאָ־זאָפישער גייסט איז אין שפּאַנישן יידנטום שוין פון לאַנג אָפּגעשטאָרבן, נאָר דער לבוש, די פילאָזאָפישע פאָרם אַלס טראַדיציאָנעלער, פעסטגע־שטעלטער נוסח, איז נאָך געבליבן. די עטיש־דידאַקטישע האָמילעטיק פון אברהם ביבאַגים דור, די פרום גאָטספאָרכטיקע דרשות, אָרטאָדאָקס־יידישלעך נאָך זייער אינהאַלט, טראָגן נאָך אַלץ די פילאָזאָפישע פאָרם, וואָס האָט שוין פון לאַנג פאַרלוירן איר געוועזענעם אינהאַלט...

דער טיפּישסטער פאָרטרעטער פון אָט דער אייגנאַרטיקער עטיש־פילאָזאָפישער האָמילעטיק איז יצחק בן משה עָראַמה, דער גוט באַקאַנ־

טער פאַרפאַסער פון „עקדת יצחק", איינס פון די פּאָפּולערסטע יידישע חקירה־ספרים.

די קנאַפּע ידיעות וועגן עראַמהס לעבן האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דער עיקר דעם פאַרפאַסערס הקדמה צום „עקדת יצחק". געבוירן בערך אין 1420, איז עראַמה שוין אין די יונגע יאָרן געווען אַ ראש־ישיבה אין דער שטאָט זמורה, דערנאָך געווען רב און פּרעדיקער אין טאַראַגאָן און אין טראַגו. אויף דער עלטער איז ער געווען רב און ראש־ישיבה אין קַלאַת־יוד. נאָך דעם גרויסן גירוש פון 1492 האָט עראַמה זיך באַזעצט אין נעאַפּאָל, ווו ער איז געשטאָרבן אין 1494. וועגן דעם גרויסן יראת־הכבוד, מיט וועלכן זיין דור האָט זיך צו אים פאַרהאַלטן, זאָגט עדות די אויפשריפט, וואָס מען האָט אויסגעקריצט אויף זיין מצבה:

לֹא גַל אֲבָנִים זֶה — אֲבָל מִזְבֵּחַ,
יִצְחָק לְעוֹלָה בָּא — וְאֵל זוֹבֵחַ.

עַראַמה איז געווען גוט באַקאַנט מיט דער יידיש־אַראַבישער פֿי־לאָזאָפֿיע, נאָר פיל מער האָט אים אימפּאָנירט די חכמת הקבלה. גרויס און הייליק איז ביי אים געווען דער זוהר, און אַלס „אמת געטלעך" האָט ער דערקלערט ניט נאָר ר' שמעון בן יוחאי, נאָר אויך אַנדערע בעלי־קבלה (ולמקובלים אשר הם האלהיים באמת)[1]. דער ביי אונזערע עלטער־זיידעס אַזוי שטאַרק באַליבטער „עקדת יצחק" זאָגט עדות, אַז עַראַמה איז בלי־ספק געווען אַ גענייטער און באַגאַבטער פּרעדיקער, אָבער אָן אָריגינעלן גייסט, אָן דעם רוח־הקודש פון אמתער באַגייסטערונג, און דער שטעמפּל פון לאַנגווייליקער מיטלמעסיקייט ליגט איבער דעם גאַנצן שטח פון דעם דאָזיקן פינפבענדיקן חיבור[2]. עראַמה בויט זיינע דרשות אויפן יסוד פון פסוקים אויס דער תורה, פלעכט זיי צוזאַמען מיט תלמודי־שע אַגדות, עטישע כללים און פילאָזאָפיש־טעאָלאָגישע סענטענצן, און די דאָזיקע פאַרשיידנאַרטיקע עלעמענטן בלייבן בלויז אַלס מעכאַניש געמיש און ווערן ניט צונויפגעשמאָלצן אין אַן איינהייטלעכער אָרגאַניש גאַנצער זאַך. עראַמהן, דעם עפּיגאָן פון דער ירידה־תקופה, פעלט די נאַיווע פשטות פון דער דייטש־פראַנצויזישער שול, דער התלהבותדיקער ברען פון די מקובלים און אויך די סיסטעמאַטישע אויסגעהאַלטנקייט פון די פריידענקער־ראַציאָנאַליסטן. ער איז שטענדיק ניט קאַלט און ניט וואַרעם, און זעלטן־ווען ער דערהויבט זיך איבער דעם פלאַכן שטח פון

---

1 „חזות קשה", 27, עמ' ב' (מיר ציטירן נאָך דער פּרעסבורגער אויסגאַבע).

2 דער „עקידת יצחק" איז געשריבן אין פאָרם פון אַ פירוש אויף תורה.

באַנאַלער דרשנות, צוגעפּעפּערט מיט סכאָלאַסטישן פּילפּול. דער בעל „עקדת־יצחק" נוצט אויס מיט אַ ברייטער האַנט די ביי די ראַציאָנאַליסטן אַזוי באַליבטע אַלעגאָרישע מעטאָדע, און אין דער זעלבער צייט האַלט ער שטאַרק מלחמה מיט די ראַציאָנאַליסטן און טרעט אַרויס אַקעגן דער „פילאָזאָפישער צרעת" מיט אַ ספּעציעלן פּאַמפלעט „חזות קשה".

אָט דער דאָזיקער צאַרניק־בייזער פּאַמפלעט האָט בלי־ספק אַ געוויסן קולטור־היסטאָרישן אינטערעס. טיפּיש איז עראַמאַהס באַשרייבונג ווי מען פלעגט יידן צווינגען אויסהערן מיסיאָנערישע פּרעדיקן, און ווי ער גופא האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ וויכוח מיט אַ קריסטלעכן טעאָלאָג וועגן גאָטס לייטזעליקייט און ליבע [1]. כאַראַקטעריסטיש איז אויך, ווי דער גאָטספאַרכטיקער פאַרפאַסער איז זיך מתרעם אויף די דעמאָלטיקע ישיבות: „איך האַלט עס פאַרן גרעסטן אומגליק — שרייבט עראַמה — וואָס אין דער זעלבער צייט, בעת מיר ווערן געיאָגט און געפּלאָגט אין גלות, און מיר פאַלן אַלץ טיפער און טיפער אין די אָפּגרונטן פון יאָמער אַלס שווער געצאָלט פאַר די אַלטע זינד — טוען נאָך אונזערע אייגענע באַשיצער און קעמפער (שרי צבאותינו ואנשי מלחמתנו) אין אונז פעלשן; ווי פאַררעטער טוען זיי אונז פאַרפירן אויף פרעמדע וועגן, פול מיט שטרויכלונגען און נעצן; מיט פאַלשע רייד טוען זיי אונטערגראָבן די יסודות פון דער אמונה, צעשטערן דעם ביטחון אין די הערצער פונם פאָלק. איצט, בשעת חירום, ווען דאָס אומגליק וואַקסט אַזוי אימהדיק אין די געצעלטן פון יעקבס הויז — פאַרשפּרייט זיך אַלץ מער אַ נייע אָנשטעקנדיקע קרענק צווישן די פירער און עלטסטע פון אונזער אומה (זרחה צרעת חדשה בראשינו ובזקנינו), אַלץ מער וואַקסט די צאָל פון די, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט די פרעמדע חכמות, וועלכע זיינען דאָך די געפערלעכסטע קעגנערינס פון אונזער תורה און אמונה. מען באַנוגנט זיך ניט דערמיט, וואָס מען לערנט דאָס אַלץ אין דער אייגענער שפּראַך, נייערט דאָס רוב פון אונזער יוגנט ווערט אויפגעצויגן אויף פרעמדע שפּראַכן, און עד־היום איז דאָס די הויפּט־באַשעפטיקונג אין אונזערע ישיבות; און די תורה און דער תלמוד ווערן דאָרט פאַרגעסן, קיינער אינטערעסירט זיך ניט מיט זיי (ומתורה ומתלמוד בטלה ישיבה אין פרץ ואין יוצאת ואין צוחה ברחובותינו) [2].

דער פּאַמפלעט איז געשריבן אין פאָרם פון אַ חלום, אַ „שווער זעעניש" (חזות קשה), וואָס איז בלויז אַן אַלעגאָרישער פירוש צו די־

1 „חזות קשה", קאַפּ' 4.

2 דאָרטן, 34, עמ' א'.

ביבלישער דערציילונג וועגן שרהן מיט הגרן. שרה — דאָס איז די אָנט־פּלעקטע רעליגיע, די תורה מן השמים, און הגר — די חכמת הפילוסופיה, וואָס איר אויפגאַבע איז בלויז צו באַדינען, מסביר זיין און דערלייכטערן משיג צו זיין די רעליגיעזע אמתן. די „שפחה" איז אָבער באַלד צו שטאָלץ געוואָרן, „ותקל גבירתה בעיניה" — און זי האָט מיט פאַראַכטונג געקוקט אויף איר האַרין; האָט דעמאָלט די באַליידיקטע שרה געפאָדערט פון אברהמען, ער זאָל דערוויטערן די צו חוצפּהדיק געוואָרענע דינסט[1].

זייער כאַראַקטעריסטיש איז דערביי פאָלגנדיקער דעטאַל: עראַמה גופא שטרייכט אונטער, אַז אין זיין שנאה צו דעם פרייען פילאָזאָפישן געדאַנק איז ער ניט פריי פון דער השפעה פון דער קנאַישער און זייער קריגעריש געשטימטער קאַטוילישער קירך. די מיטלאַלטערלעכע סכאָלאַסטישע פילאָזאָפיע האָט זיך דעמאָלט געפונען אין דער קריסטלעכער אַי־בערגאַנגס־תקופה, ביי בולטע סימנים פון צייטווייליקער ירידה און בעת די קאַטוילישע קירך אין שפּאַניע איז געוואָרן אַלץ אַגרעסיווער. ווייזט טאַקע עראַמה אָן אויף דער קירך, אַז מען דאַרף זיך אין דעם פּרט לערנען פון די קאַטוילישע טעאָלאָגן: יענע האַלטן דאָך אייזן־פעסט אין דעם כּלל, אַז די פילאָזאָפיע איז בלויז אַ באַדינערין ביי דער טעאָלאָגיע, זיי אָנערקענען דערפאַר נאָר די פילאָזאָפישע הנחות, וואָס זיינען מסכּים מיט דער אמונה, וואָרעם זיי זיינען איבערצייגט, אַז דער געטלעכער דת איז העכער פון דער פילאָזאָפישער חקירה, וועלכע איז גאָר ניט אימשטאַנד משיג צו זיין די גרויסע וווּנדער פון דער התגלותדיקער אמונה[2].

עראַמה געפינט דערפאַר, אַז די קריסטלעכע טעאָלאָגן שטייען אויף אַ פיל ריכטיקערן שטאַנדפּונקט, און זיינען ווייניקער געפערלעך, ווי די „בוגדי יהודה", די יידישע ראַציאָנאַליסטן, ווייל יענע האָבן אויסדערוויילט דעם וועג פון גלויבן (בחרו להם דרך האמונה) און צוליב דער פילאָזאָפיע האָבן זיי ניט מוותר געווען פון דער אמונה אפילו כּחוט השערה, ניט ווי אונזערע „מתפלספים" און פרייידענקער. באַזונדערס פאַרהאַסט זיינען אים די „פשרנים" — די שלום־מאַכערס צווישן דת און פילאָזאָפישער חקירה. לפנים פאַרזיכערן די „פשרנים", אַז זיי האַלטן

1 דאָרטן, קאַפּ' 11.

2 דאָרטן, 15, עמ' ב' און אין פילע אַנדערע שטעלן. עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס עראַמהס בן־דור, דער אָרטאָדאָקס־פרומער יוסף יעבץ, שטרייכט אויך אונטער אין זיין „אור החיים" (דף מ'), אַז מע דאַרף זיך אין דעם פּרט נעמען אַ מוסר פון די קריסטלעכע טעאָלאָגן („מלעיג על המצות, חולק על הקבלה, הפך החגרים ואדומים המחזיקים בחוקי דתם החלושה באסמכתות חלושות והיקשים מזוייפים)".

טייַער די תורה און אירע געבאָטן, אין דער אמתן אָבער פאַרפירט זיי די פילאָזאָפיע אויף גאַנץ פאַלשע דרכים, וואָס ברענגען צו פולשטענדיקן הריסת הדת. אַלץ, וואָס אין דער תורה, קלאָגט זיך עראַמה, אַלע אירע ניסים און דברי נבואה, פלייסן זיי זיך צו דערקלערן אויף אַ לאָגיש־נאַטירלעכן אופן, בכדי עס זאָל זיך ניט געפינען אין סתירה מיט דער פילאָזאָפיע; אַלץ מוז זיין צוגעפאַסט צו דעם, וואָס אַריסטו האָט געלערנט (באופן שתקבל כל מה שגזר עליו ארסטו מהיותו נמצא או לא). צוליב דער פילאָזאָפיע צעשטערן זיי אומברחמנותדיק די יסודות פון דער אמונה. די געטלעכע תורה, וואָס איז אַנטפּלעקט געוואָרן אויפן באַרג־סיני, איז ביי זיי מגולגל געוואָרן אין משלים און אַלעגאָריעס פאַרן פשוטן המון, וואָס איז מיט זיין גראָבן שכל ניט אימשטאַנד משיג צו זיין די ריין פילאָזאָפישע אמתן (אינה תורה על דרך האמת אבל שמוה למשל לכתות ההמון אשר לא ידעו ולא יבינו אמתת הפילוסופיה), און נאָר די געבאָטן פון דער תורה דאַרפן אָנערקענט ווערן, וואָס קאָנען געבראַכט ווערן אין פולן הסכם מיט די פילאָזאָפישע סברות[1].

נאָר וויבאַלד אַזוי — רופט אויס עראַמה — וואָס טויג בכלל די געטלעכע תורה? צי וואָלט דען ניט גלייכער געווען הן פאַר איר הן פאַר אונז און פאַר כל ישראל, זי זאָל גאָר ניט געווען נתגלה ווערן? וואָרעם האַלט מען זיך ביים ווערטלעכן פשט פונם טעקסט, קומט דאָך אויס צו דרינגען לויט די ראַציאָנאַליסטן, אַז די גאַנצע תורה איז פול מיט שקרים און באָבע־מעשיות, בכדי צו פאַרפירן דעם פשוטן המון, פאַרבלענדן די נאַראָנים די אויגן מיט פאַנטאַסטישע חלומות, בכדי זיי זאָלן בלאָנדזשען אין דער פינסטער ווי בהמות און זאָלן ניט אימשטאַנד זיין צו דערגיין דעם אמת און פירן אַ באַוווסטזיניק מענטשן־לעבן. אַלאַ־וואָס־דען, דערקלערט מען דעם טעקסט אויף אַן אַלעגאָרישן אופן און מען אַנטפּלעקט אין אים אַ פאַרבאָרגענעם פילאָזאָפישן תוך — פרעגט זיך ווידער די שאלה: אַז מיר האָבן שוין די פילאָזאָפישע אמתן, צו וואָס נוצט אונז נאָך די תורה מן השמים?[2].

מיר וועלן אָבער — דערקלערט עראַמה — ניט נאָכגיין די דאָזיקע „מתחכמים", וואָס ווילן אונז איינריידן, אַז דער פשט פון דער תורה איז בלויז פאַר נאַראָנים (שפשוטי התורה לא הונחו אלא לפתאים)[3];

---

1 דאָרטן, 16.

2 דאָרטן, 16, עמ' ב'.

3 דאָרטן, 18, עמ' ב'. כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס אויך עראַמה איז זיך סומך אויף אַלגאַזאַלים „הפלת הפילוסופים" און קרויגט אים מיטן נאָמען „הפילוסוף האלהי" (דאָרטן, 12, עמ' ב').

מיר וועלן זיך ניט לאָזן פירן פון די „פשרנים", די „בוגדי יהודה", וואָס מאַכן פונם לעבעדיקן געטלעכן וואָרט אַ טרוקענעם פירוש צו פילאָזאָפישע סברות, און די גאַנצע תורה ווערט ביי זיי אַ זייטיקער צוגאָב צו דער ספּעקולאַטיווער פילאָזאָפיע [1].

און עראַמה דערקלערט אַ קאַמף קעגן דער „פילאָזאָפישער צרעת", קעגן די „בנים משחיתים", וואָס „אונטערשטייען זיך צו מאַכן צו שפּאָט די תורה און אירע געבאָטן און לייקענען אין אירע וואונדער [2]. אָט זיי, די פשרה־מאַכערס (בעלי הפשרות) — רופט אוים מיט פּאַטאָס דער בעל „עקדת יצחק" — וואָס האָבן די תורה געמאַכט אומטערטעניק דער פילאָזאָפיע, זיינען עס שולדיק, וואָס דער טאָג פון דער גאולה האָט זיך פון אונז אַזוי דערווייטערט! זינט די „שפחה תירש גבירתה", זינט מען האָט די דינסט אַרויפגעזעצט אויפן פּלאַץ פון איר הארין, פאַלן מיר אַלץ נידעריקער און נידעריקער און עס נעמט קיין סוף צו אונזערע צרות... [3]

---

1 דאָרשן, 18, עמ׳ א׳: „ההפוך דבריה דברי אלהים חיים אל דעת הפילוסופיא, לא תוסיף ולא תגרע עד שנשארה תורה שלמה במדרגת פילוסופיא קטנה וחסרה".

2 דאָרשן, 30, עמ׳ ב׳: „בנים משחיתים ומלעיגים על הנחות התורה וכל נפלאותיה ומרימים יד כנגדה".

3 דאָרשן, 33, עמ׳ ב׳.

# זיבעטער קאַפּיטל

דער בעל־קבלה דער נעלם. — די ספרי קבלה „ספר הקנה" און „ספר הפליאה". — זייער מיסטישער סטיל. — די קבלה אַלס העכסטער אויטאָ־ריטעט. — די „סודות התלמוד". — דער אַסקעטישער קאַמף קעגן די תענוגים פון עולם הזה. — דער רוגז אויף די רבנים. — דער קאַמף פאַר אַ „לאַנג־פאַרלוירענער זאַך". — דער לעצטער אַרויסטריט פון די מיימוניסטן. — שם־טוב בן יוסף אַלס פשרה־מאַכער צווישן די „צוויי ליכטער". — דער ערטער פון מיטלאַלטער און זיין סאַטירע „עלילת דברים". — דער ראַציאָנאַליסט־אַריסטאָטעליקער און זיין דאָגמע. — דער ליטעראַרישער ווערט פון דער סאַטירע. — דער לעצטער יידישער דיכטער אין אַנדאַלוזיע סעדיה אבן דאַנאַן. אבן דאַנאַן אַלס ליבע־דיכטער. — אבן דאַנאַן אַלס מיימוניסט און פאַמפלעטיסט.

ערשט איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז דאָס האָבן עם די „פשרה־מאַכערס" דערוויטערט דעם „קץ", און דורך זייער שולד איז די גאולה נאָך ניט געקומען. אָבער נאָך פאַר דעם בעל „חזות קשה" איז אַרויסגעטראָטן אַן אַנדער קנאישער פאָרשטייער פון די „מחזיקי הדת", און יענער האָט ניט נאָר צווישן די ראַציאָנאַליסטישע פריידענקער, נאָר אַפילו אינם לאַגער פון די רבנים געזען אַ סך שולדיקע, וואָס דער גלות האָט זיך נאָך ניט געענדיקט און דער גואל איז נאָך ניט געקומען. דאָס איז דער התלהבותדיקער מקובל, וואָס זיין נאָמען און זיין לעבן זיינען איינגעהילט אין טיפן סוד, דער פאַרבאָרגענער און אומבאַקאַנטער מחבר פון צוויי פּאָפּולערע און ווייט באַקאַנטע מדרשים: „ספר הקנה" (אַ פירוש אויף מצוות על דרך הקבלה) [1] און „ספר הפליאה" (אַ מיסטישער פירוש אויף „מעשה בראשית") [2].

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז דער נאָמען פון פאַרפאַסער איז אומבאַקאַנט געבליבן. אין „ספר הקנה" רופט ער זיך — קנה אבן גדור בנו נחום, אין „ספר הפליאה" הייסט ער: אלקנה בן ירוחם בן אביגדור

---

1 דאָס ערשטע מאָל געדרוקט אין פּוריצק 1776.

2 געדרוקט אין קאָרעץ אין 1784.

ממשפחת רם. עס איז אָבער קיין שום ספק ניט, אז דער נאָמען „גדור״ טראָגט דאָ א ריין סימבאָלישן כאראַקטער: ער איז עס דער „פאַרצוימער״, דער באַשיצער, וואָס מאַכט א גדר. און טאַקע גאַנץ אָפט פאָלגט גלייך נאָכן נאָמען א דערקלערונג: „בעל הגדר בתורת אל״ — דער וואָס מאַכט א צוים אַרום גאָטס תורה[1]. אין ביידע ווערק שטרייכט דער פאַרפאַסער אונטער, אז ער שטאַמט „ממשפחת ר׳ נחוניא בן הקנה״, און אין „ספר הקנה״ ווערט אָנגעוויזן, אז דאָס ווערק איז געשריבן „בשנת ארבע אלפים״, ד״ה אין דריטן יאָרהונדערט לויט קריסטלעכער רעכענונג. דער היסטאָריקער גרעץ האָט אָבער מיט אייזערנע ראיות דערוויזן, אז ביידע ווערק שטאַמען פון איין און דעם זעלבן פאַרפאַסער, וועלכער האָט געלעבט אין שפּאַניע. גרעץ האָט נאָר א שטיקל טעות בעת ער שרייבט, אז דער אומבאַקאַנטער פאַרפאַסער פון די ביידע מיסטישע ווערק האָט געלעבט אין לעצטן פערטל פונם פופצנטן יאָרהונדערט[2].

ביידע ווערק הייבן אָן אין א ריין פאַנטאַסטיש־מיסטישן סטיל: „אויפן הר הזיתים האָב איך געטאָן שטיין (הייתי עומד) און א שטימע האָב איך דערהערט, נאָר קיין מענטשן האָב איך ניט געזען. זאָגט די שטימע צו מיר: אלקנה מיין זון! שטיי אויף פון דאַנען, קער אום צו דיין הויז און צו דיין ישיבה. א גאַנצער מייל איז געווען פון דאָרט ביז מיין הויז, די ערד האָט זיך אָבער פון איר אָרט גערירט, און דורך „קפיצת הדרך״ בין איך גלייך פאַר מיין הויז געשטאַנען. האָב איך פאַר זיך א זקן דערזען, און דערשראָקן בין איך זייער געוואָרן, וואָרעם אויסגעזען האָט ער ווי א הימלשע דערשיינונג (כי דמו לבר אלהין). און ער האָט צו מיר געזאָגט: שרעק זיך ניט, איך בין אליהו! אומבאַשרייבלעך גרויס איז געווען דאָ מיין פרייד, און אַנטפּלעקט האָט ער פאַר מיר דאָס, וואָס ס׳איז פאַרבאָרגן אין די הימלשע היכלן, און געלאָזט מיך זען גרויסע וואונדער. צוגעפירט האָט ער מיך צו א גרויסן שטיין פון העליש פייער, האָט מיר אָנגעוויזן וואָס ס׳שטייט דאָרט אָנגעצייכנט מיט שוואַרצן פייער אויף

---

1 דער ערשטער פאַרפאַסער, וואָס ציטירט די ווערק פון דעם דאָזיקן מיסטיקער, משה הגולה אויס קיעוו, רופט אָן דעם בעל „הקנה״: „הנה כתב אביגדור בחבורו במצוות״ („שושן סודות״, 28, עמ׳ ב׳); אין א צווייטער שטעלע (דאָרט, 46, עמ׳ א׳) שרייבט משה הגולה: „בעל הגדור בחבורו במצוות ע״ד אמת״.

2 די ביבליאָגראַפן האָבן דערוויזן, אז שוין אין דער ערשטער העלפט פונם פופצנטן יאָרהונדערט זיינען באַקאַנט געווען אָפּשריפטן פון „הקנה״ און „ספר פליאה״ (זע שטיינשניידער אין „העבר. ביבליאָגראַפיע״, XV, 59; XVIII, 4). יעלינעקס ראיות (אין קונטרס תרי״ג, 41), אז דער פאַרפאַסער פון די צוויי מדרשים שטאַמט אויס איטאַליע, איז כלל ניט איבערציינגנדיק.

וויסן פייער. ווי נאָר איך האָב דעם שטיין דערזען און די אויפשריפט באַטראַכט, זאָגט צו מיר אליהו: אלקנה מיין זון! האָסטו פאַרשטאַנען, וואָס ס'שטייט דאָ געשריבן? האָב איך געזאָגט: יאָ!...״

אין נאָך מער פאַנטאַסטישן סטיל איז געשריבן די הקדמה צו „ספר הקנה״ [1]:

„אָט דאָס זיינען די רייד פון אבן גדור, דעם מאַן, וואָס האָט אַ צוים געמאַכט אַרום גאָטס הייליקער תורה: איך בין אַמאָל אויף אַ שיף געשטיגן און אין ים זיך געלאָזט; האָב איך דערזען, ווי עס שווימט אונטער דער שיף אַ גאַנץ גרויסער באַרג. זאָג איך צו די מענטשן וואָס אויף דער שיף: וואָס זעט איר? האָבן זיי געזאָגט: אַ גרויסער באַרג באַוועגט זיך אונטער אונז. האָב איך ווייטער געפרעגט: מיט וואָס באַשעפטיקט איר זיך? האָבן זיי געענטפערט: מאמיני השם יתברך אנחנו — מיר גלויבן אין אונזער גאָט, און אויס גרויס ליבע צום באַשעפער טרויערן מיר אונזער גאַנץ לעבן אויף גלות השכינה און פאַרברענגען אונזערע טעג אין תעניתים. ווי איך האָב די דאָזיקע ווערטער דערהערט, האָב איך אויסגערופן: אין כמוך באלים ה'! ווער קאָן זיך גלייכן צו דיר, אַלמעכטיקער גאָט, ווער קאָן דיינע מעשים דערגרונטעווען! דו האָסט דאָך אָנגעהויבן פאַר מיר, דיין קנעכט, דיינע וווּנדער צו אַנטפּלעקן — דערקלער זשע מיר: וואָס באַטייט דער דאָזיקער באַרג, וואָס גייט אונז נאָך אינמיטן ים, און ווער זיינען עס די דאָזיקע מענטשן? האָט גאָט געשיקט אַ גרויסע שלאַנג, דער ווײדל שטעקט אין ים און דעם קאָפּ שפּאַרט זי אין די הימלען. זי האָט זיך געשטעלט צווישן ים און צווישן באַרג, האָט מיך באַגריסט, און צו מיר אַזוי געזאָגט: דער באַרג — דאָס איז תפארת ישראל, די שיינקייט פונם פאָלק ישראל, וועלכע לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער קרוין פון חכמה, וואָס טראָגט דעם נאָמען ים... און די דאָזיקע מענטשן, וואָס פאַרברענגען אין תעניתים און אין טרויער די טעג פון שווערן גלות — דאָס זיינען די „ספירות״, וואָס גלוסטן נאָך דעם הימלשן וואַסער (צמאים למים עליונים), ווי די עלנדע און שמאַכטנדיקע לעבצן נאָכן דערפרישנדיקן קוואַל״ [2].

„און מיינע אויגן שוועבן איבער דער ברייט פונם ים, באַטראַכטן גאָטס גרויסע ווּנדערבאַרע מעשים. און בעת איך האָב זיך געפונען אינ־

---

[1] די פאָררעדע איז געווען אָפּגעדרוקט באַזונדער אונטער דעם נאָמען „קנה בינה״ נאָך אין יאָר 1610 (אין פּראָג) מיט הוספות און מיט אַ פּירוש.

[2] דער פאַרגלייך פון חכמה און תורה צו פריש־קוואַלנדיק וואַסער איז זייער באַליבט ביי די מקובלים.

דערמיט פונם ים, האָט אויפגעשיינט פאַר מיינע אויגן אַ העל־בלענדנדיק ליכט, און איך האָב דערזען ווי איינער לויפט מיר אַנטקעגן און זאָגט אָן די בשורה: „משיח וועט קומען אין דער צייט פון ר״ן, ווען געוועלטיקן וועט די קרוין״[1]. בעת איך בין אַראָפּ פונם שיף און געלאָזט זיך גיין מיטן וועג, באַגעגנט מיך ווידער איינער, גריסט מיך און זאָגט: „האַר מיינער! בר״ן לממשלת הכתר וועט אויסגעלייזט ווערן ישראל!..״

כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הקדמה די דערציילונג, ווי אַזוי דער „ספר־הקנה״ איז אויף דער וועלט געקומען:

„אינם יאָר פיר טויזנט (לבריאת העולם) האָט מיין פאָטער געהערט אין חלום: דיין שנור, די פרוי פון דיין זון קנה איז מעוברת, זי וועט אַ זון געבוירן, זאָלסטו אים אַ נאָמען געבן נחום, ווי דיין פאָטער האָט געהייסן. האָט די שנור געבוירן אַ יינגל, איך האָב אים אַ נאָמען געגעבן נחום״. און שוין צו דריי יאָר זיינען פאַר דעם קינד אַלע סודות געווען אַנטפּלעקט. האָבן זיך באַוויזן פאַר אונז, דערציילט ווייטער דער פאַרפאַסער, דריי מענער, איינער איז געווען שוואַרץ, דער אַנדערער ווייס און דער דריטער געל. דער זיידע און דער פאָטער זיינען שטאַרק דערשראָקן געוואָרן, נאָר דאָס וווּנדערבאַרע קינד איז רויִק צוגעגאַנגען צו זיי און געפרעגט: צו וואָס זייט איר אַהער געקומען? האָט דער ווייסער געזאָגט: איך בין געקומען אייך צו באַקענען מיט דער תורה שבכתב; דער שוואַרצער האָט געענטפערט: „איך וועל אייך באַקענען מיט דער משנה און דעם תלמוד, און דער מיטן געלן פנים האָט געזאָגט: איך וועל אייך דערקלערן די ביבל בייטאָג און די משנה ביינאַכט... איך וועל איבערגעבן אין אייערע הענט די אותיות פונם אלף־בית אין די וווּנדערלעכסטע פאַרבינדונגען און באַהעפטונגען, איך וועל אייך באַקענען מיט די טיפע סודות פון נוטריקון און גימטריאות, דעמאָלט וועט איר פאַרשטיין, אַז די „נגלות״, דאָס פאַר אַלע פשוטע און אָפענע, דאַרף צעשטערט ווערן, און נאָר די נסתרות, דאָס פאַרבאָרגענע און פאַרהוילענע, וועט אוים דעם צעשטערטן ווידער אויפבויען אַ גאַנצן פעסטן בנין (והרסו הריסות הנגלות, והנסתרות יחזרו ויבנו ההריסות בנין חזק, בנין שלם).

אין דער דאָזיקער מיסטישער דערציילונג שטעקט די גרונט־טענדענץ פונם אומבאַקאַנטן פאַרפאַסער. גרעץ[2], וואָס אים זיינען אַזוי פאַר־

1 „ספר הקנה״, דף ט״ו, עמ׳ ב׳: „ובהיותי בתוך הים בא אור גדול לעיני וראיתי אחד רץ ובא אלי מבשר ואומר: ביאת המשיח בר״ן לממשלת הכתר״. ר״ן — ד״ה 250 פון זעקסטן טויזנט לבריאת עולם, אָדער 1490 לויט דער קריסטלעכער רעכענונג.

2 זיין געשיכטע, באַנד 8, נאָטע 8.

האַסט די מקובלים און מיסטיקער, פליסט זיך צו דערווייזן, אַז דער פּראָ־פעסער פון די דאָזיקע צוויי מיסטישע מדרשים האָט „אויס חוצפּה און עם־הארצות" געהאַט די העזה חוזק צו מאַכן פון די בעלי התלמוד און פון פילע מצוות אין דער תורה. נאָר ניט אומזיסט זאָגן די בעלי התלמוד, אַז „השנאה מקלקלת השורה". די שנאה צו די בעלי קבלה איז ביי גרעצן אַזוי גרויס, אַז ער פאַרגעסט אין דעם פאַל אין דער וויכטיקסטער פאָדע־רונג, וואָס ווערט דעם געשיכטע־שרייבער געשטעלט: דערפאָרשן דעם אמת בלי משא פנים און אָן זייטיקע פניות. בנוגע צום „בעל הקנה" דער־לויבט זיך אָבער דער היסטאָריקער גרעץ אַזוינס, וואָס טאָר זיך ניט דער־לויבן קיין שום אויפריכטיקער געלערנטער און פאָרשער. ער רייסט אַרויס האַלבע ציטאַטן, האַקט איבער אין דער מיט, אַזוי, אַז דער גע־דאַנק קומט אַרויס פאַרקריפּלט, פאַרדאָרבן, און ניט זעלטן באַקומט ער אויף אַזאַ אופן אַזאַ אויסזען, אַז ער ווערט דער פולער היפך פון דעם, וואָס דער פאַרפאַסער מיינט באמת. די שנאה פאַרבלענדט אַזוי ווייט אונזער געשיכטע־שרייבער, אַז ער האָט פּשוט ניט באַמערקט די אייגנאַר־טיקע דיאַלעקטישע מאַניער פון דעם בעל „ספר הקנהס" אַרט שרייבן און דיספּוטירן. דער „ספר הקנה" איז געשריבן אין פאָרם פון אַ פּאָ־לעמישן געשפּרעך צווישן דעם זיידן, דעם זון און דעם וווּנדער־קינד. איינער פרעגט און דער אַנדערער ענטפערט, ניט זעלטן — מיט אַ נייער פראַגע, שאַרף צוגעשפּיצט מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל. דער פאַרפאַסער איז אַן אויסגעצייכנטער דיאַלעקטיקער, און בכדי צו דערווייזן די ריכטי־קייט פון זיין ליבלינגס־געדאַנק, אַז די קבלה איז די קרוין פון אַלע חכמות, פליסט ער זיך אויף אַ דיאַלעקטישן אופן לעכערלעך מאַכן דעם שטאַנד־פּונקט פון זיינע קעגנער. ביי אַזאַ אַרט שרייבן איז טאַקע כלל ניט שווער מיט אַרויסגעריסענע האַלבע ציטאַטן און צופעליקע פראַזן צו דערווייזן, וואָס מען וויל נאָר: ניט נאָר, אַז דער פאַרפאַסער מאַכט חוזק פון די בעלי־התלמוד, נאָר אַפילו פון גאָט אַליין, וועגן די נביאים איז שוין כלל ניט צו ריידן — אין „ספר פליאה" ווערן זיי דאָך דערקלערט אַלס פּשוטע „נאַראָנים":

„האָט דער זון געזאָגט צום פאָטער — אַזוי לייענען מיר אין „ספר הפליאה"[1], — די נביאים זיי זיינען דאָך נאַראָנים, ווייל אונזערע חכמים האָבן דאָך געזאָגט: זינט דאָס בית־המקדש איז חרוב געוואָרן איז דער רוח נבואה נאָר ביי די טיפּשים. ענטפערט דער פאָטער: נאַראָנים זיינען זיי נאָר אין עניני דעלמאָ, אין פּשוטע פראַגן פון ערדישע, וועלטלעכע

---

[1] „ספר הפליאה", עמ' א' (מיר ציטירן נאָך דער קאָרעצער אויסגאַבע, 1784).

ענינים, גרויסע חכמים זיינען זיי אָבער אין געטלעכע זאַכן... "די בעלי קבלה, זיי זיינען דאָך די יורשים און תלמידים פון די נביאים, זיי זיינען עס די טרעגער פון דער מסורה, וואָס איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור ביז משה רבנו, דער ערשטער און גרעסטער פון אַלע נביאים.

...די טרייע יורשים פון די נביאים און די אמתע טרעגער פון דער מסורה זיינען די בעלי התלמוד, און נאָר אַדאַנק זיי איז צו אונז דערגאַנגען די חכמת האמת, די חכמת הקבלה, ווארעם אין יעדן וואָרט פון די חכמי התלמוד זיינען פאַרבאָרגן די טיפסטע, ווונדערלעכסטע סודות".

אָט מיט דעם געדאַנק, אַז די בעלי התלמוד זיינען די טרעגער און לערער פון חכמת הנסתר, זיינען דורכגעדרונגען ביידע ווערק פון דעם אומבאַקאַנטן מיסטיקער.

"ווען ניט די חכמי התלמוד — לייענען מיר ווייטער [1] — וואָס האָבן איבערגענומען די סודות פון דער תורה ביי די נביאים, די נביאים ביי משה רבנו, וואָס האָט גערעדט מיט גאָט פנים אל פנים — וואָלטן מיר אין ידיעת התורה געווען נאָך גרעסערע עמי־הארצים פון אַלע אומות העולם; נאָר זיי, אונזערע חכמים, האָבן געוויזן דעם ריכטיקן וועג פאַר די, וואָס האָבן געבלאָנדזשעט אין דער פינסטער; זיי האָבן דערלויכטן אונזערע אויגן און מיר געניסן דעם גלאַנץ פון דער שכינה אַדאַנק די אַנטפּלעקטע סודות, וואָס זיינען פאַרבאָרגן אין די ווונדערלעכע הייליקע שמות".

"די תנאים און אמוראים — זאָגט ווייטער דער בעל "ספר הפליאה" — האָבן געלערנט די חכמה במתיבתא דרקיע, אַלע זיינען זיי געשטאַנען ביים באַרג־סיני בשעת מתן־תורה, און דערנאָך האָט זיי דער באַשעפער פון דער וועלט אַראָפּגעשיקט אויף דעם עולם; זיי זיינען אמת, און די תורה זייערע איז אמת" [2].

"באַטראַכט נאָר אויפמערקזאַם — לייענען מיר אין "ספר הקנה" [3] — די כוונות פון די בעלי התלמוד, וועט איר זיך גלייך איבערצייגן, אַז אַלע זייערע רייד זיינען גאָלע "משל ומליצה" און דאָרט ווו זיי רײדן וועגן פשוטע מאַטעריעלע זאַכן, זיינען דאָס רמזים אויף הויכע ענינים פון גאָלע רוחניות. וועט איר זיך אָבער האַלטן אינם ווערטלעכן פשט פון זייערע רייד, וועט איר דערמיט צעשטערן דעם גאַנצן בנין, ווארעם טאָקע

1 דאָרטן, 50, עמ' ב', זע אויך דף י"א, עמ' ב'.

2 דאָרטן, 74, עמ' א'.

3 "ספר הקנה", 3, עמ' א'.

די פאַרבאָרגענע סודות — ווי זיינען עס דער עיקר און דער יסוד פון זייער תורה, וואָס דאַרף דערהויבן און פאַרשפּרייטן גאַנץ גרויסקייט און שטאַרקייט; וואָרעם יעדעס וואָרט, וואָס זייער מויל ברענגט אַרויס, איז ברענענדיק פייער".

„וויי, וויי צו דעם — רופט פּאַטעטיש אויס דער בעל „הפליאה" — וואָס גאַרט ניט און שטרעבט ניט אַריינצודרינגען אין די סתרי תורה!" (וי וַי ואוי למי שאינו רודף להשיג ולדעת סתרי תורה).

דער פּראָפעסאָר ווענדט דערפאַר אָן די גאַנצע קראַפט פון זיין דיאַלעקטיק, בכדי צו דערווייזן, צו וואָסערע דברי שטות און לעכערלעכע הנחות עס מוזן קומען די, וואָס האַלטן זיך בלויז אין דעם ווערטלעכן פּשט, און ווילן ניט נאָכפאָרשן נאָך די סודות, וואָס ליגן אין דער טיף פאַרבאָרגן. און כלל ניט „חוזק צו מאַכן" פון די חכמי התלמוד, ווי גרעץ מיינט, נאָר טאַקע אַלס פּאָלעמיש מיטל קעגן זיינע קעגנער, שטעלט זיך דער פּראָפעסאָר אָפּ אויף דעם וויכוח, וואָס ווערט געפירט אינם תלמוד וועגן דעם וואָרט „אור": צי באַטייט דאָס דאָזיקע וואָרט „באַגינען" אָדער „בין-השמשות". אים איז וויכטיק צו דערווייזן, אַז אין דעם אויסטייטשן פון אַט דעם פּשוטן וואָרט „האָט דער תנא פאַרבאָרגן אַ טיפן סוד", וואָרעם דער „שיין פון ליכט" איז דער סימבאָל פון „אור החכמה", וואָס מיט זיין הילף פאַרטרייבט דער מענטש פון גאַנץ הויז דאָס אומריינע און שעדלעכע" [1].

דעם זעלבן טעות האָט אויך גרעץ בעת ער איז זיך מתרעם אויפן בעל „הקנה", פאַרוואָס יענער שפּאַט אָפּ פון מצות ציצית און תפילין. אין דער אמתן איז דער פּראָפעסאָר, דער פאַרברענטער מיסטיקער, מער ניט אויסן נייערט צו דערווייזן, אַז ניט נאָר אַלס אָנדענק און צייכן זיינען די דאָזיקע מצוות געגעבן: עס שטעקט נאָך אין זיי אַ טיפער רמז, באשר זיי זיינען פאַרבונדן מיטן סוד פון „צינורות", וואָס זיינען משפיע די געטלעכע מידה פון חסד [2].

---

[1] „הקנה", 68: „ונאמר כי התנא קרא ליל י"ד — אור, אל"ר: ומאחר שהתנא ירד ממתיבתא דרקיע איך לא ידע דקוב"ה היום קרא אור ולא לילה, ולמה יכחישו התורה בסברות כוזבות ודברים בטלים לאמר האמת שקר?... ודע בני: או"ר— ר"ו עליון וז"ר להבינו, ראית איך כסא התנא הסוד גילה הטעם לפיים השוטים ואמר למה יבדוק בלילה, בעבור שאור הנר יפה לבדיקה ובני אדם מצויין בבתיהם... ומהאור שהוא ת"ת אור החכמה שהוא נר הבינה יפה לבער מן הבית כל החמץ המצוי שם ולבטלו ולגרשו מבית ה'".

[2] „הקנה" 40—46.

באזונדערס כאראקטעריסטיש איז דער וויכוח, וואס ווערט געפירט אין „ספר הקנה", פארוואס זיינען עם די פרויען פטור פון א סך מצוות, וועלכע זיינען חל בלויז אויף מענער.

„זאגט דאס ווונדערקינד דעם פאטער און דעם זיידן: אדער איר ביידע צעשטערט און איך וועל אויפבויען, אדער איך וועל צעשטערן און איר וועט אויפסניי אויפבויען. האבן זיי צו אים געזאגט: וואס באטייטן דיינע ווערטער? וואס זיינען זיי אויסן? האט דאס ווונדערקינד געענטפערט: ביז צו די הימלען דארף מען די שטים דערהויבן און פרעגן דעם רבונו־של־עולם: צו וואס האט ער באשאפן די אומגליקלעכע פרוי, וואס אויף איר טוט ניט ווארטן ניט קיין שכר און ניט קיין עונש? מען האט זי באפרייט פון דעם רוב מצוות, אפילו פון דער מצווה, וואס זי איז שקול קעגן אלע מצוות צוזאמען — פון תלמוד תורה. ווייל עס שטייט: ולמדתם את בניכם, האבן די חכמי התלמוד גערדרונגען, אז דאס מיינט מען ניט סתם קינדער, נאר ספעציעל זין און ניט קיין טעכטער. און זיי האבן זיך דערמיט נאך ניט באנוגנט, זיי האבן מתקן געווען, אז תפילין זיינען שקול קעגן לימוד התורה, און אויך פון תפילין־לייגן האבן זיי די פרוי באפרייט. עס שטייט געשריבן: דו זאלסט לערנען תורה, ווארעם — היא חייך ואורך ימיך. וואס־זשע? מענער דארפן לאנג לעבן און פרויען ניט? און מען האט זיך נאך דערמיט ניט באנוגנט, וואס מען האט זי, די אומגליקלעכע, ביז צו דער ערד דערנידעריקט, זי פאר אומווערדיק דערקלערט וויכטיקע חובות און מצוות צו דערפילן — האט מען זי נאך צו א קנעכט געגליכן און אפן דערקלערט: יעדע מצווה, וואס איז חל אויף דער אשה, איז אויך חל אויפן עבד. דערקלערט־זשע מיר למען־השם: ווי האט מען עס זיך דערלויבט א בת ישראל, א פרייע טאכטער פון פאלק ישראל, גלייכן צו אן עבד כנעני, צו א פארקויפטן קנעכט?"[1].

דער פארפאסער קערט זיך מערערע מאל אום צו דער דאזיקער פראגע, פרעגט קשיאס אויף די בעלי התלמוד און אויף גאט אליין, און דאס אלץ מיט א באשטימטן ציל: בכדי צו דערווייזן, אז בנוגע צו דער פראגע קאן מען מיטן ווערטלעכן פארטייטשן דעם פשט פון פסוק גארניט מאכן, און איין כתירה מוז אויסוואקסן נאך דער אנדערער. בלויז די חכמת הקבלה איז, נאך זיין מיינונג, ביכולת צו פארענטפערן די אלע סתירות: דער גרויסער אונטערשייד אין די התחייבותן, וואס זיינען חל אויף די ביידע געשלעכטער בנוגע צו קיום המצוות, האט א אוניווערסאל־קאסמישן

1 „ספר הקנה", 23; דארטן, 71. זע אויך „ספר הפליאה", 74.

טעם, ווייל ער איז פאַרבונדן מיט דער געשלעכטלעכקייט פון די „ספירות" גופא: יענע זיינען דאָך אויך איינגעטיילט אין מענלעכע און ווייבלעכע, אין אַקטיווע און פּאַסיווע...[1]

דער אומבאַקאַנטער פאַרפאַסער, וואָס איז אַזוי פעסט איבערצייגט, אַז ניט נאָר אין ביבלישן טעקסט, נאָר אויך אין די מאמרי חז"ל זיינען פאַרבאָרגן די טיפסטע סודות, רעדט מיט ביטול וועגן די דאָזיקע תלמידי־חכמים, וואָס באַמערקן ניט דעם מיסטישן תוך פונם תלמוד. „וויים, מיין זון — לייענען מיר אין „ספר הקנה" — אפילו דער וואָס האָט געלערנט ספרא און ספרי און די גאַנצע תלמודישע ליטעראַטור, בלייבט ער אַלץ אַן עם־הארץ, וויבאַלד ער פּרוווט ניט אַריינדרינגען אין זייער אמתן תוך — אויספאָרשן די דאָרט פאַרבאָרגענע סודות"[2].

עס איז דערפאַר קיין חידוש ניט, וואָס דער דאָזיקער מיסטיקער רעדט מיט אַזאַ צאָרן וועגן די ראַציאָנאַליסטן. „די וואָס פלייסן זיך צו דערקלערן דעם פּשט פון דער תורה על־פּי חכמת הטבע, ד"ה לויט די געזעצן פון דער נאַטור, און פאַרזיכערן, אַז דער שכל באַהעפט זיך מיטן העכסטן אינטעלעקט—זיי פאַרפירן בלויז און נאַרן אָפּ די קינדער פון אונזער הייליקער תורה"[3]. „די — רופט אויס מיט כעס דער פאַרפאַסער אין אַן אַנדער אָרט — וואָס מאַכן פון אַלץ אַלעגאָריעס און חלומות — אויסגעמעקט זאָל זייער נאָמען ווערן, און פאַרגעסן זאָל זייער געדעכעניש ווערן אין די קומענדיקע דורות!"[4].

דער דאָזיקער פאַרברענטער מיסטיקער באַנוגנט זיך אָבער ניט בלויז דערמיט, וואָס ער פירט אַ קאַמף קעגן די ראַציאָנאַליסטן; ווי אברהם אַבולפיה בשעתו, אויף ווועמעס ווערק ער שטיצט זיך גאַנץ אָפט[5], אַזוי טרעט אויך דער בעל „ספר הקנה" שאַרף אַרויס קעגן די רבנים און תורנים.

---

1 „ספר הפליאה", 74.

2 „ספר הקנה", 23.

3 „ספר פליאה", 45: „ולכן יש לך לדעת כי ההולכים לפרש התורה ע"פ הטבע ואומר כי השכל נדבק בשם, אין זה רק התול וגניבה שהם גונבים דעת בני תורתנו הקדושה".

4 דאָרטן, 80, עמ' א'.

5 וועגן דעם, ווי שטאַרק דער דאָזיקער מיסטיקער נוצט אויס די ווערק פון זיינע פאָרגייער, אברהם אַבולפיה און אַנדערע, זע ביי יעלינעק זיין „קונטרס תרי"ג", 40—41. דאָס באַרעכטיקט אָבער נאָך אַלץ ניט דעם שטרענגן פּסק־דין, וואָס שטיינשניידער טראָגט אַרויס בנוגע צום בעל „ספר הקנה": „דער פרעכער פלאַגיאַטאָר אונד פעלשער" („פּאָלעמ. א. אַפּאָלאָג. ליטעראַטור", 368—9).

„דאָרט אין די הימלען — רופט אויס דער בעל „הקנה" — זיינען פאַרצייכנט די זינד פון די בעלי התלמוד, וואָס פאַרנעמען זיך מיט פוסטע און נאַרישע זאַכן!.. פאַרגעסן האָבן זיי אין דער מסורת פון די תנאים ואמוראים, וואָס יעדעס וואָרט זייערס איז הייליק. א טייל פון די אחרונים האָבן ניט משיג געווען די סודות, וואָס זיינען באַהאַלטן אין די רייד פון אונזערע חכמים און האָבן ניט פאַרשטאַנען, ווי גייטיק און וויכטיק ס'איז צו דערגיין די דאָזיקע סודות און פאַר אַנדערע זיי אַנטפּלעקן"[1]

באַזונדערס שאַרף טרעט אַרויס דער דאָזיקער מיסטיקער אַקעגן אַ געוויסן טייל רבנים פון זיין דור, וועלכע ער רופט אפילו אָן אויף איין אָרט „ריקים ופוחזים" (נידערטרעכטיקע מענטשן)[2]. אין דעם דאָזיקן קאַמף, וואָס ער פירט קעגן די דאָזיקע רבנים, טרעט באַזונדערס בולט אַרויס איין איינגאַרטיקער שטריך, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם בעל „הקנה": זיין אַסקעטישע שטימונג, זיין שנאה צו די, וואָס גיבן זיך צו פיל אָפּ מיט עולם־הזה־זאַכן.

„ווי איז צו די — רופט אויס דער בעל „הקנה" — וואָס לעבן אין ווילטאָג און צירן זיך אויס אין די רייכע פילפאַרביקע קליידער. זיי פאַר־געסן גאָר, אַז מען איז אין גלות און אַז מיר זיינען געהאַסט און געיאָגט צווישן די אומות העולם. אין שוואַרצן טרויער דאַרפן זיי זיין געקליידט, וויינען און קלאָגן דאַרפן זיי, ניט שטאָלצירן אין די שיינע קליידער, וועלכע מען וועט דאָך מאָרגנדיקן טאָג מיט שפּאָט און מיט שאַנד פון זיי אַראָפּרייסן, און ווי נאָר מען וועט זיי אין זייערע צירונגען באַגראָבן, וועט דער שונא זיי אויס די קברים אַרויסגראָבן און זייער קערפּער וואַרפן פאַר די הינט און פאַר די פייגל"[3]

„ווי צו די עלטערן, וואָס דערלאָזן, אַז זייערע קינדער זאָלן פאַר־ברענגען זייער צייט מיט טאַנצן און זינגען, מאַכן פריילעכע סעודות, געניסן די שענסטע מאכלים און די בעסטע וויינען, און זיי פאַרגעסן גאָר, אַז עס לויערט אויף זיי דער טויט, און עס קאָן אויף זיי פאַלן דער גורל אומקומען ניט מיט דעם נאַטירלעכן טויט, נאָר דורך מיתות משונות"[4].

---

1 „ספר הקנה", 2: „תוך מתיבתא דרקיע נזכר עון בעלי התלמוד הנושאים ונותנים להבל ולריק".

2 דאָרטן, 37, עמ׳ ב׳: „דייני חוצה לארץ השונין ומתנין בתלמוד וסוברים שעולין במעלת סנהדרין יושבין דין לדין כלומר להורות: ראו מעלתינו וחריפתינו שאנחנו דייני ישראל. ולא די להם שהם ריקים ופוחזים אלא שהן יושבין בתחלת שעה שביעית ומקלקלין המנחה".

3 דאָרטן, 122, עמ׳ ב׳.

4 דאָרטן.

און דער מיסטיקער, דער שטרענגער מוכיח, באַשולדיקט אין דעם אַלץ די רבנים פון זיין צייט: „צי האָסטו, מיין זון, געזען אַזאַ וווּנדער־לעכע זאַך? מיר וווּנדערן זיך אַלץ: פאַרוואָס דויערט אַזוי לאַנג דער גלות. זע זשע אָבער: אונזערע רבנים, וואָס זיינען אַזוינע שטרענגע מדקדקים, פייערן מיט קולות וברקים פאַר אַ מינדסט פינטעלע פון יעדן דין, מערן מיט יעדן טאָג אַלץ נייע חידושים — און פרעסן און זויפן ווי די ווילדע חיות, טרינקען וויין גאַנצע עמערס, די פּנימער זיינען זיי פאַרלאָפן מיט בלוט, באַגאָסן מיט שמאַלץ און מיט גשמיות... און זיי פאַרגעסן גאָר, אַז די שכינה איז אין גלות; דאָס פאָלק זיינען זיי ניט מדריך, און זאָגן אים ניט קיין מוסר... זייערע טעג און זייער גאַנץ לעבן פאַרברענגען זיי דער־מיט, וואָס זיי זאָרגן נאָר וועגן דעם גוף און טראַכטן גאָרניט וועגן דער נשמה... זיי לערנען, זיי ווייסן און—זיינען נ י ט מקיים; אַפילו דעם תלמוד לערנען זיי נאָר מיט איין כּוונה — כּדי זיך גרויס מאַכן פאַרן המון: איך בין עם דער גדול בתורה!" [1].

באַזונדערס טיפּיש איז אין דעם פּרט דעם בעל „הקנה" דערציי־לונג, ווי אַזוי ער האָט זיך באַגעגנט מיט אַ רב, אַ זקן אַ מהודר פּנים; האָט ער ביים רב געבעטן, ער זאָל אים דערלויבן קומען צו אים אַהיים הערן פון זיין מויל תורה. „האָט מיך דער זקן ביי דער האַנט גענומען, און מיך אין זיין הויז געבראַכט. און דאָס הויז איז געווען פול מיט פּרויען און מיט קעפּסווייבער, מיט דינסטן און קנעכט־מוידן, וויין שטייען גאַנצע פעסער און פול זיינען די שפּייכלערס מיט אַלע מיני מאַכלים. זאָג איך צו אים: יאָ, רבי! גאָט האָט אייך געבענטשט מיט אַלעם גוטן, דאָס איז אָבער ניט דער פּאַסיקער דרך פאַר אַ תלמיד־חכם. האָט זיך יענער קעגן מיר אַנידערגעזעצט און אַזוי געזאָגט: מיין זון! איך זע דו בלאָנדזשעסט און טוסט דאָס, וואָס גאָט האָט פיינט. לויט דיין אויסזען נאָך ביסטו אַ בן־גדולים, דיינע עלטערן האָבן אָבער זייער ניט גוט געטאָן, וואָס זיי האָבן דיך ניט געפירט בדרכי העולם, ניט צוגעוויינט דיך צו די פאָדערונגען פונם רעאַלן לעבן. וואָרעם דער רבונו־של־עולם האָט דאָך באַשאַפן דעם מענטשן מיט אַלע חושים, ער האָט אים באַשאָנקען מיט אויגן, זיי זאָלן קאָנען געניסן דאָס ליבע און שיינע, ער האָט אים מיט הענט באַזאָרגט, בכדי זיין ביכולת זיינע ווונטשן צו דערפילן, ער האָט אים באַשאָנקען מיט חשק און תאוות, דאַרף דער מענטש די דאָזיקע תאוות באַפרידיקן

[1] דאָרטן, זע אויך „ספר הפליאה", 78, עמ' ב': „נראה שלא למדו תורה לאהבת אלהינו כדכתיב: ואהבת את ד' אלהיך, וכתיב: ולמדת אותם את בניך, רק להתהדר ולהתגאות על ההמון ולומר: אני רבי, והוא רע בעיני ד'".

און פון אלעמען געניסן, אויך פון פרויען־שיינקייט. און דו, מיין זון, פאלג מוין עצה, ניט אומזיסט האט דאך אונז גאט באשאפן: מען דארף עסן און טרינקען און אלץ געניסן, אלא ניט וועלן מיר הונגעריקע און אומבאפרידיקטע אין קבר גיין". ווי איך האב אזעלכע מיאוסע ווערטער (דבריו המכוערים) דערהערט, האב איך צו גאט מתפלל געווען, און איינגעפאלן איז דאס הויז און געטויט אונטער זיך אלע איינוווינער. די שטאט אבער האב איך מחזיר בתשובה געווען" [1].

דער היסטאריקער גרעץ האט זיך שטארק מתרעם געווען איבער דער „העזה און חוצפה" פון דעם דאזיקן „אומוויסנדיקן" מחבר, שטיינשניידער האט אין אים געזען דעם „פרעכען פלאגיאטאר אונד פעלשער"; די ביידע זייער חשובע פארשער האבן אבער ניט באמערקט דאס ווערטפולע און מערקווערדיקע, וואס ס'האט פארמאגט אט דער אומבאקאנטער פארפאסער, דער כפול־שמונהדיקער פאנאטיקער און קנאישער בעל־מקובל: דעם ברען פון אמתער מסירת־נפש, פון התלהבותדיקער איבערגעבנקייט צו זיין אידעאל, זיין קדשי־קדשים. זיין פייערדיקער פאטאס, זיין פילפארביקער, שטורמיש־צארנדיקער סטיל האט מיט אייזערנער געוואלט נעפאקט דעם לעזער, אים ארויסגעריסן פון זיין גלייכגעוויכט, אים געמאנט און גערופן... און טאקע אין דעם ברויזנדיקן טעמפעראמענט, אין דעם נצחניש־קריגערישן פאלעמישן טאלאנט ליגט דער סוד פון דער גרויסער פאפולאריטעט, וואס די צוויי מדרשים פון דעם פארבארגענעם נעלם האבן זיך דערווארבן אין משך פון גאנצע דורות... [2]

אין דער פערזאן פון בעל „הקנה" און „ספר הפליאה" דערשיינט די קבלה פאר די שפאנישע יידן אין א נייעם לבוש — אינם מרה־שחורהדיקן לבוש פון א ס ק ע ז ע, וואס פירט מלחמה מיט „עולם הזה" און

---

1 „ספר הקנה", 26, עמ' ב'.

2 נאכדעם, ווי דער דאזיקער קאפיטל איז שוין געווען אנגעשריבן אין רוסיש (1918), איז דערשינען ש. א. האראדעצקים ארטיקל („התקופה", X, 283—329), וווּ עס ווערט מיט גרויס התפעלות גערעדט וועגן דעם בעל „הקנה" און „ספר הפליאה". ליידער דערוויילט אבער האראדעצקים ארטיקל, אז ניט נאר שנאה, נאר אויך ליבע איז אפט „מקלקלה השורה". דער ארטיקל איז ניט געשריבן אין פארם פון א קולטור־היסטארישער פארשונג, נאר אין דעם התלהבותדיקן נוסח פון „שבחי בעל שם־טוב" און „קהל חסידים". ביי האראדעצקין איז דער אומבאקאנטער מיסטיקער א „איש הרוח, וואס איז כולו קודש, ריין ווי קרישטאל; ער רוט אין גאט, און רעדט שטענדיק מיט גאט" (דארטן, ז' 326). איז זיך דער מיסטיקער, דער קנאישער אסקעט און בעל־מוסר מתרעם אויפן שטייגער לעבן פון זיין צייט, רעדט שוין האראדעצקי אויף דעם סמך וועגן דער „פארדארבענער סביבה" (בתוך הסביבה המשחתה), וואס אין איר איז דעם דאזיקן „איש אלהים" נעבעך אויסגעקומען צו לעבן.

זעט אין דעם גוף און זײַנע פאַרלאַנגען — די זינד, די סיטרא אחרא. וואָס שווערער און פינסטערער ס'ווערט די לאַגע פונם שפּאַנישן ייִדנטום, אַלץ שטאַרקער ווערט די דאָזיקע שטרעמונג, און אויף איר ניצחונדיקן טריומף־וועג צעטרעט זי די געוויקסן פונם פרײַען פאָרשער־געדאַנק און לייגט ניצחונדיק אַרויף איר שטעמפּל אויף דעם רבנישן וועלטבאַנעם, און מאַכט אים פאַר איר טרײַען אָנהענגער און דינער...

אָבער אויך די קעגנערישע ריכטונג, די טרעגער פונם ראַציאָנאַליסטיש־פילאָזאָפישן געדאַנק, ווילן זיך נאָך אַלץ ניט אונטערגעבן. זיי קעמפן מיט מסירת־נפש פאַר „אײַנע לענגסט פערלאָרענע זאַכע", און חלומען נאָך אַלץ וועגן ניצחון... אין דער זעלבער צייט ווען די מאַנוסקריפּטן פון „הקנה" און „ספר הפליאה" האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן איבער די ייִדישע קהילות, און יצחק עראַמה האָט זײַן „חזות קשה" געשריבן, האָט געפירט זײַן וויסנשאַפטלעכע אַרבעט דעם בעל „כבוד אלהימס" זון, שם־טוב בן יוסף [1]. אין זײַן לאַנגן פּירוש אויפן „מורה נבוכים" פּרוווט ער איפּסנײַ שלום מאַכן צווישן די „צוויי ליכטער" (שני המאורות) — צווישן דעם „שכל" (פילאָזאָפיע) און דעם „געזעץ" (רעליגיע) [2]. דעם רמב"ם אַ פײַערדיקער חסיד, דערקלערט ער מיט ביטול, אַז „דעם ליכטיקן אָנדענק פון דעם גרויסן גאון קאָנען ניט פאַרטונקלען די נאַרישע רבנים, וואָס האָבן אַפילו אַ שם אין די קהילות, דאָך ווייסן זיי גאָרניט און פאַרשטייען גאָרניט און טאַפּן אין דער פינסטער, בעת דעם רמב"ם דרך איז דער וועג פון העלן ליכט, וואָס שײַנט מיטן אַמאָליקן גלאַנץ ביז היינטיקן טאָג" [3]. און שם־טוב בן יוסף וואָרנט דעם לייענער, ער זאָל „ניט דערלאָזן צו פאַרטונקלען דעם געדאַנק, ניט דערלויבן, מען זאָל אים מיט פאַלשע דעות פאַרפירן און זיך לאָזן אײַנריידן זיי זײַנען אַ גאַנצע תורה, ווי דאָס פּאַסירט טאַקע מיט אַ סך נאַרישע רבנים פון אונזער צייט, וואָס

---

[1] שם־טוב בן יוסף האָט געמאַכט פּירושים אויף אייניקע ווערק פון אבן־רשד, האָט אויך געשריבן אַ ספּעציעלע אַרבעט וועגן דעם ענדציל פון „מעשה־בראשית" און וועגן דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דער פאָרם און דער מאַטעריע (1461). אין דעם יאָר 1489 שרײַבט ער זײַנע „דרשות התורה", וואָס האָבן אין זעכצנטן יאָרהונדערט אויסגעהאַלטן דרײַ אויפלאַגעס (זע שטיינשניידער, ציט. ווו., 120, און אויך S. Munk, Melanges, 508—9.

[2] זע די פאָררעדע צו זײַן פּירוש אויפן „מורה" און אויך: דאָרטן, III, קאַפּ' 51.

[3] זײַן פּירוש, III, קאַפּ' 26: „מבלתי שישיג לו גנות מהרבנים הסכלים אשר יש להם שם על פני חוץ ולא ידעו ולא יבינו בחשיכה יתהלכו, ודרך הרב כאור נוגה הולך ואור עד נכון היום" (מיר ציטירן נאָך דער יעסניצער אויסגאַבע פון 1742),

רעכענען, אַז זיי דערנעענטערן זיך צו גאָט דערמיט, וואָס זיי גלויבן אין אַלע מיני שקרים און פּוסטע חלומות״ [1].

דאָס אינטערעסאַנטסטע איז אָבער, וואָס שם־טוב בן יוסף, דער איבערצייגטער אַריסטאָטעליקער, וויל כּלאַחר־יד צו נישט מאַכן חסדאי קרשקשס עפּאָכע־מאַכנדיקע אַרבעט: זיין פּאָלעמיק קעגן די יסודות פון אַריסטוטוס פיזיק. דער פאַקט גופא — אויפהייבן די שאַרף פון דער קריטיק קעגן דעם וויסנשאַפטלעכן אויטאָריטעט פונם גרויסן וועלט־גאון, דאָס איז ביי שם־טובן אין די אויגן אַן אומדערהערטע העזה. ניט זייענדיק ביכולת וויסנשאַפטלעך אָפּוועגדן קרשקשס אייזערנע ראיות, באַנוגנט זיך שם־טוב בן יוסף מיט דער פאַרזיכערונג, אַז „ווער ס׳איז נאָר אימשטאַנד מיט זיין שכל צו אונטערשיידן דעם אמת פון דעם שקר, דער וועט גלייך אײַנזען די טעותן פון ר׳ חסדאין״ [2].

שם־טוב בן יוסף איז געווען אַ שוואַכער קעגנער, און זיין קאַמף קעגן די „הרבנים המשכילים״ האָט קיין גרויסן רושם ניט געמאַכט. נאָר אין איין צייט מיט אים איז אַרויסגעטראָטן אַ צווייטער קעמפער, און אין זיין מלחמה קעגן די אָרטאָדאָקסישע רבנים און מקובלים האָט ער זיך באַנוצט מיטן שאַרפסטן געווער — מיט דער בייטש פון דער סאַטירע און די שפּיציקע פיילן פון שפּאָט און סאַרקאַסטישן געלעכטער.

דער נאָמען פונם סאַטיריקער איז ניט אויף זיכער פעסטגעשטעלט, ווייל ער איז אַרויסגעטראָטן אונטער אַ פּסעוודאָנים, דער ערשטער פּסעוודאָנים אין דער יידישער ליטעראַטור — פּלמון בן פּלת. דאָך, ווי מיר וועלן ווייטער זעען, קאָן מען אויפן סמך פון גוט באַגרינדעטע השערות באַהויפּטן, אַז זיין אמתער נאָמען איז געווען יוסף בן משולם. דערפאַר אָבער ווייזט דער סאַטיריקער גאַנץ גענוי אָן די צייט פון זיין ליטעראַרישן אַרויסטריט: אין פרילינג 1468. דעמאָלט איז נעמלעך דערשינען זיין סאַטירע „עלילות דברים״, איינס פון די גלענצנדיקסטע ווערק, וואָס די

1 דאָרטן, II, סוף קאַפּ׳ 47: „ולא יתבלבלו דעותיך ומחשבתך ותאמין דעות בלתי אמתיות רחוקות מאוד מן האמת ותחשבם תורה, כמו שחשבו רבים ממשכלי הרבנים הנמצאים בזה הזמן, כי יחשבו כי יתקרבו להשם בהאמין כל נמנע ושקר, ועליהם נאמר: פתי יאמין לכל דבר״.

2 אַריינפיר צום צווייטן טייל, הקדמה א׳: „יבוטל מעלינו כל הטעיות שעשה הרב רבי חסדאי על הרב על ביאור זאת ההקדמה כי באלו השני מופתים אין ספק ולא דחיה אלא מסכל מתעקש ובלתי מבין הדברים, ואף יבוטל מעלינו כל הטעיות שעשה הרב רבי חסדאי על הביאורים שעשה אריסטו על זאת ההקדמה הם הזיות יבינם מי שנתן לו השם שכל ודעת להבין האמת והשקר״.

העברעישע ליטעראַטור באַזיצט אין דער בראַנזשע[1]. לויט דער דערקלע־רונג פון פּראָפעסער גופא, באַטייט דער נאָמען פון זיין סאַטירע — „רייד פון קריג און צאָרן". קריג דערקלערט ער אַלע נאַרישע פאַרעלטערטע מנהגים פון זיין צייט, אַלץ וואָס ס'איז נים על־פּי שכל הישר, וואָס ס'שמעקט מיט שימל. זיין שפּאָט און געלעכטער, זיינע סאַטירישע, גיפ־טיקע פיילן שליידערט ער אין לאַגער פון די „מורדי אור" — די אָרטאָ־דאָקסישע רבנים און מקובלים. דער דאָזיקער רייך באַגאַבטער סאַטירי־קער, אַ גלענצנדיקער סטיליסט און מייסטער פון ביבלישער פּראָזע, איז געווען אַ ראַציאָנאַליסט־אַריסטאָטעליקער פונם עקסטן לינקן פליגל. זיין „אני מאמין" איז געווען — „שלמון השכל", דער אומבאַגרענעצטער אַליינהערשנדיקער פאַרשער־געדאַנק — אָט דאָס איז דאָס איינציקע אומ־שטאַרבלעכע אין מענטשן, דאָס וואָס פאַרבינדט דעם מענטשן מיטן וועלט־גייסט, דעם „שכל הפועל". דערוועגבן „מושכלות", אַבסטראַקטע פילאָ־זאָפישע באַגריפן — דאָס איז די העכסטע אויפגאַבע פון מענטשן. דער־רמב"ם און דער רלב"ג זיינען ביי אים די גרעסטע אויטאָריטעטן; ער איז פּעסט איבערצייגט, אַז נאָר זיי האָבן ריכטיקע באַגריפן וועגן דעם מהות פון גאָט, און וועגן גאָטס אַלוויסן קאָן מען נאָר ריידן אין דעם זין, ווי דאָס דערקלערט דער בעל „מלחמות ה'": אַז גאָטס וויסן נעמט נאָר אַרום די כּללים, דאָס אַלגעמיינע, אָבער נים דעם פּרט, דעם יחיד[2].

אין איין וויכטיקן פּרט האָט זיך אָבער דער בעל „עלילות דברים" שאַרף אונטערשיידט פון דעם רוב ראַציאָנאַליסטן אוים יענער תקופה. ער האָט געהאַט די מעלה, וואָס ס'האָט אַזוי געפעלט דעם בעל „מורה נבוכים" און זיינע אָנהענגער — דעם היסטאָריש־קריטישן חוש, דאָס געפיל פאַר געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. ער גיט אַ גאַנץ אָביעקטיוון און, אין אַלגע־מיין, ריכטיקן איבערבליק וועגן די ערשטע עטאַפּן אין דער אַנטוויק־לונג פון מסורה און קבלה. ער גיט אַן אויסגעצייכנטע כאַראַקטעריסטיק פון רש"ים שאַפן, און אונטערשטרייכט זייער שאַרפזיניק, אַז רש"ים פּירוש אויף תלמוד האָט אַ גרעסערן וויסנשאַפטלעכן ווערט, ווי זיין פּירוש אויף חומש, וווּ עס זיינען אַזוי נאַיוו צונויפגעמישט פּשט און דרוש[3]. דער סאַטיריקער פאַרהאַלט זיך מיט גרויס רעספּעקט צו די חכמי התלמוד און זייער שאַפן, דערפאַר אָבער קריטיקירט ער זייער שאַרף זייערע „נושאי כּלים", די מפרשים, פּוסקים און בעלי התוספות. ער באַ־

[1] צום ערשטן געדרוקט אין „אוצר נחמד", IV, 179—214 (1863).
[2] „אוצר נחמד" IV, 191—2, אויך 206—7.
[3] דאָרטן, 182, 199.

שולדיקט די גאונים און רבנים פון די שפּעטערדיקע דורות, אַז זיי זיינען געגאַנגען אויף קרומע וועגן, האָבן פאַרקריפּלט און פאַרדרייט דעם פּשט פון די מאמרי חז"ל און אויף זייער סמך אויסגעטראַכט אַזוינע דינים און געזעצן, וואָס „לא שערום אבותיכם" — וואָס האָבן זיך אפילו ניט גע־חלומט אונזערע זיידעס; זיי, די עפּיגאָנען, האָבן געשאַפן גאַנצע בערג חידושים, שאלות־ותשובות און כל המיני פּשטלעך, זיי רופן דאָס „פּילפּול", דאָס דאַרף אָבער ריכטיקער הייסן „בילבול" — וואָס צעמישט און פאַרפלאָנטערט דעם געדאַנק [1]. „די ביבל און דער תלמוד — קלאָגט זיך דער בעל „עלילות דברים" — ליגן אין אַ ווינקעלע, קיינער פרעגט ניט נאָך זיי, קיינער אינטערעסירט זיך ניט מיט זיי, נאָר ווער עס פאַרנעמט זיך מיט פּילפּול, דער איז אין גרויס כבוד, דער זיצט גאַנץ אויבנ־אָן, ער מעג אויסער פּילפּול גאָרניט קענען (והמקרא והתלמוד מונחים בארון אין דורש ואין מבקש להם, אך העוסק בפלפול הוא הקדוש והוא ראש וקצין ואם אין לו ידיעת דבר בלתו). פרעגט די פריערדיקע דורות, צי האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט דעם פּילפּול, אין וועלכן איר זייט אַזוי פאַרטאָן? מאַכט אַ פאַרגלייך צווישן זיי און אייך, פאַרגלייכט זייער קול־טורעלן מצב מיט אייערן — דעמאָלט וועט איר ערשט האָבן אַ באַגריף, ווי אומוויסנדיק איר זייט, ווי נידעריק איר זייט געפאַלן, און פאַלט נאָך אַלץ נידעריקער און נידעריקער. „אוי, איר אָרעמע פירער (הראשים הרשים) — ווענדט ער זיך צו די, וואָס שטייען בראש פון פאָלק — אייך איז פאַרהאַסט וויסן און אויפקלערונג, ווייל איר האָט מורא, טאָמער וועט דאָס פאָלק ליכטיקע אויגן באַקומען און דערזען, ווי נישטיק איר, זיינע מנהיגים, זייט, ווי אומוויסנדיק איר זייט!" „אוי, מיין פאָלק — רופט ער ווייטער אויס מיט פּאַטאָס — דיינע וועכטער זיינען דיינע פאַרקנעכטער, דיינע פירער — פאַרפירער! פעסט פאַרשלאָסן האָבן זיי פאַר דיר די טויערן פון חכמה און וויסן און קיין איינציקער ליכטיקער שטראַל דרינגט ניט דורך צו דיר!" [2]. מיט דעם זעלבן גרימצאָרן פאַלט אָן דער סאַטירי־קער, דער איבערציינגטער ראַציאָנאַליסט, אויף די בעלי הקבלה; ער לאַכט

---

1 דאָרטן, 183. אויפן פּילפּול איז זיך אויך שטאַרק מתרעם דעם סאַטיריקערס אַ בן־דור פונם קענגנערישן לאַגער, דער קנאי און פאַרפרומטער ירא־שמים יוסף יעבץ אין זיין „אור החיים": „לא שתו לבם רק לפלפול לבד להודיע את גבורתם שיכולים בפלפולם לטהר את השכל, ובזה הוציאו כל ימיהם ולא באו לתכלית התורה, אין צריך לומר לתכלית הכל שהוא המעשה והחסידות אלא אפילו לידיעת הדינים הצריכים בכל יום".

2 דאָרטן, 183: „עמי, מאשריך — מאסריך ורועיך — רעוך קדקוד! הם נעלו לפניך דלתות התורה והחכמה עד לא נשאר בך יודע עד מה".

אוים זייער באשעפטיקונג מיט „צירופי אותיות", שפאט אפ פון די בילדער און צייכענונגען, אין וועלכע זיי זאמלען די ספירות". „זיי ציילן אלץ די אותיות פון גאטס נעמען, אבער גאט איז פון זיי פרעמד און זיי באגרייפן אים ניט". זיי זיינען, פארזיכערט דער בעל „עלילות דברים", ניט בעסער פון די אמאליקע „עובדי הבעל", זיי זיינען די אייגענע געצנדינער ווי יענע...

ווי שארף דער סאטיריקער טרעט ניט ארויס קעגן זיינע אידעישע קעגנער, איז ער דאך געצוווּנגען ערטערווייז צוריידן בלויז מיט אנצוהערעניש, איינהילן זיינע רמזים אין ביבלישע ציטאטן און פארגלייכונגען. דער סאטיריקער וויל אבער קלאר און שארף שטעלן יעדעס פינטעלע אויפן שין, ער טראכט צו מיטלען, בכדי זיין שפאט זאל זיין וואס גאליקער, זיינע פיילן — וואס שפיציקער. דאס דערגרייכט ער אויף פאלגנדיקן קונציקן אופן. ער שרייבט אויף זיין סאטירע א פירוש, און מאכט דעם אנשטעל, אז דעם דאזיקן פירוש האט כלומרשט געשריבן א פרעמדער, איינער א יוסף בן משולם, וואס האט געפונען אן אלטן האלבפארפוילטן כתב־יד, און ווייל דער אינהאלט פונם מאנוסקריפט האט אים פאראינטערעסירט, האט ער אויף אים א פירוש געמאכט. און דער מפרש בעט מיט א תמעוואטן פנים ביי זיינע לייענער, זיי זאלן אויף אים קין תרעומות ניט האבן, טאמער וועלן זיי אין דעם דאזקן ווערק געפינען וועלכע אפיקורסישע געדאנקען — ער איז דאך ניט מער ווי א מפרש, און קאן ניט ערוב זיין פאר דעם מחברס אידעען און אנשויונגען. אז דאס אלץ איז אבער בלויז ניט מער ווי אן אנשטעל, בכדי צו מיסטיפיצירן דעם עולם, איז לייכט ארויסצוזען פון די פאלגנדיקע דאטן: די סאטירע איז, ווי מיר ווייסן, געשריבן אין יאר 1468, און שוין אין פינף יאר ארום, אין פרילינג 1473, האט אין איטאליע דער באקאנטער אברהם פאריצאל[1] איבערגעשריבן די סאטירע *מיטן פירוש צוזאמען*. בכן איז דער פירוש געשריבן געווארן ניט צו אן אלטן האלב־פארפוילטן כתב־יד, נאר צו א גאנץ פרישער זאך. און דווקא דער פירוש שפיצט אמשארפסטן צו די פיילן, וואס דער דאזיקער סאטיריקער ווארפט אין זיינע קעגנער. דער פירוש דערקלערט עס און שטרייכט תמימותדיק אונטער, אז „אין דעם דאזיקן ספר" איז „רב" און „עם־הארץ" איינס און דאס זעלבע, און „מורים" (לערער, וועגפירער) גראמט זיך גאנץ גוט מיט „חמורים", הייסט דאס וואס מען רופט „יראי אלהים" מיינט מען עס פשוט „ההמונים הגסים" — גראבע גאס־מענטשן אאז"וו.

---

1 זע דעם זעקסטן טייל פון אונזער ווערק.

אינם סטיל פון די ביבלישע נביאים ווענדט זיך דער סאטיריקער צו די רועי ישראל: „איר קאנט זיך אפילו ניט פארענטפערן דערמיט, אז איר האט געגרייזט און געזינדיקט בלויז אוים אומוויסן. ווארעם אזוי זאגט גאט דער אלמעכטיקער: נאך חתימת התלמוד האב איך אייך געשיקט א געטלעכן מאן, דעם צווייטן משהן (ד"ה משה בן מיימון), ער האט אייך געגעבן זיין „משנה תורה", ווו ער האט אייך דערקלערט די גאנצע תורה מיט אלע אירע מצוות און געבאטן. ער האט אויך א בוך געשאפן, וואס זיין ווערט איז ניט צו שאצן. א מורה־דרך האט דאס געזאלט זיין פאר אלע „נבוכים", פאר אלע, וואס צווייפלען און זוכן... איר זייט אבער ניט געגאנגען אין זיינע וועגן, אפגעווענדט האט איר זיך פון אים, מיט חוצפה זיין ווונדערלעך ווערק אויפן שייטערהויפן געברענט, און זיין משנה־תורה, וואס נעמט ארום די גאנצע תורה שבכתב און דעם גאנצן תלמוד, האט איר געפעלשט, און זיין גרויסע שיינקייט פארדארבן; איר האט אים ארומגערינגלט מיט אייערע פירושים און הוספות, איר רופט דאס אויסבעסערן און דערקלערן — איר האט אבער בלויז פארקריפלט און פארדארבן; ניט דערקלערט האט איר, נאר פארטונקלט און פארדרייט, ווארעם זיין דרך איז נישט גלייך צו אייערע וועגן, זיין לאגיק איז ניט אייער פילפול און ניט דערגרייכן קאנט איר זיין גרויסקייט"[1].

דער סאטיריקער ווענדט זיך אבער מיט זיינע שטראף־רייד ניט בלויז צו די פאלקס־פירער, נאר אויך צום פאלק גופא. מיט שפאט און מיט סארקאסטישן געלעכטער ווייזט ער פאר זיין דור, ווי טיף ער שטעקט אין פינסטערע און נארישע גלויבענישן, ווי ווילד און אומגעלומפערט זיינע מנהגים זיינען. די דאזיקע טאלענטפולע בלעטער האבן ניט נאר אן עטנאגראפישן אינטערעס, זיי זיינען אויך פון באדייטנדיקן היסטאריש־ליטערארישן ווערט. אין דער מאדערנער אייראפעישער ליטעראטור באגעגנט מען ניט זעלטן אזוינע ווערק, וואס טראגן אויף זיך דעם שטעמפל פון „סטיליזאציע". מען פרוווט, למשל, נאכמאכן דעם אייגנארטיקן סטיל פון די איטאליענישע נאוועליסטן אוים דער רענעסאנס־תקופה, אדער מען שרייבט אינם נוסח פון דעם דייטשן ניבעלונגען־ליד צי פון די רוסישע אמאליקע „בילינעס". און מען פלייסט זיך דערביי ניט נאר סטיליזירן דעם נוסח, נאכמאכן דעם סטיל, די פארם פון די אלטע קונסט־ווערק, נאר אויך קאפירן די פרימיטיווע וועלטאנשויונג פון יענער תקופה. אין דער העברעישער ליטעראטור אבער, אין דעם קונסט־שאפן פון דעם אלטן וואנדער־פאלק, זעען מיר א גאנץ אנדער דערשיינונג, עפעס אזוינס, וואס מען

---

1 דארטן, 185.

קאָן ניט געפינען ביי קיין שום אַנדער אומה. די יידישע קולטור האָט איבערגעלעבט אויך איר טויזנטיאָריקן וועג פיל עליות און ירידות. פון די באַדייטנדיקע ליכטיקע הייכן האָט זי דער ביטערער גורל פונם אייביקן נע־ונדניק גאַניץ אָפט אַראָפּגעוואָרפן אין די טונקעלע טיפן; און פון דער נידער הייבט זי אויפסניי אָן מיט גרוים מי, טריט ביי טריט, אויפצוקלאַ־מערן פון שטאַפּל צו שטאַפּל. ביי אַזאַ זיגזאַגיקן גאַנג פון דערהויבונגען און דערנידערונגען פּאַסירט ניט זעלטן, אַז אין פאַרשיידענע תקופות, וואָס זיינען אָפּגעטיילט מיט אַ לאַנגער קייט פון דורות, חזרן זיך איבער איינע און די זעלבע קולטורעלע דערשיינונגען, עס באַווייזן זיך ביי גלייכע קולטורעלע צושטאַנדן ענלעכע אידעען־שטרעמונגען, וואָס באַקומען אויך אין דער ליטעראַטור איין און דעם זעלבן לבוש, אַנטפּלעקן זיך אין גאַנץ ענלעכע פאָרמען. דאָ קאָן קיין שום רעדע ניט זיין וועגן „סטיליזאַציע", וועגן „נאָכמאַכן"; מיר האָבן פאַר זיך איין און דעם זעלבן סטיל, איין און דעם זעלבן נוסח. ווער עס איז באַקאַנט מיט דער נייַ־העברעיִשער ליטעראַטור אויס דער השכלה־צייט און געדענקט די קונסט־פולע סאַטירעס פון יצחק ערטערס „הצופה לבית ישראל", דעם וועלן ממש איבעראַשן די טאַלענטפולע בלעטער פון „עלילות דברים". ער וועט שטוינען, אויך ווי ווייט די דאָזיקע צוויי שריפטשטעלער, וואָס זיינען אָפּגעטיילט מיט כמעט גאַנצע פיר הונדערט יאָר, שרייבן ניט נאָר מיט איין סטיל און ניט איין מאַניער, נאָר אפילו דער תוך, די טעמען און די לעבנס־דערשיינונגען, וואָס קענען זיי טרעטן זיי אַרויס מיט דער בייטש פון זייער סאַטירע, זיינען איינע און די זעלבע. נישט מער, וואָס ערטער־ווייז פילט זיך, אַז דער שפּאַניער אויס דעם פופצנטן יאָרהונדערט אָטעמט אַ מער פרייע לופט און זיין אויג איז מיט אַ ברייטערן פאַרנעם, ווי דער גאַליציאַנער משכיל פונם נייַנצנטן יאָרהונדערט. און דאָ קאָן קיין שום רייד ניט זיין וועגן וועלכער ס'איז השפעה, וואָרעם דער „עלילות דברים" איז דאָך צום ערשטן פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1863, גאַנצע צוועלף יאָר נאָך ערטערס טויט. ערטערס סאַטירעס זיינען אָפט געשריבן אין פאָרם פון חלומות און אַנטפּלעקונגען. אין איינער פון זיי שפּאַט ער אָפּ פון אלעזר קלירס פיוטים מיט זייער ווילדן „אַץ־קוצץ־לשון", וואָס קיין פּשוטער בן־אדם קאָן דעם פשט ניט דער'גיין. און אויך אין „עלילות דברים" ווערט אין גייסטרייכער פאָרם אַ פאַנטאַסטישער חלום באַשריבן[1], ווי פאַרן „כסא הכבוד" טרעט אַרויס מיט גרוים געוויין אַן אומגליקלעכע

---

1 דאָרטן, 185—7.

פרוי און בעט שטיצע און הילף. אויף דער פראגע: „ווער ביסטו, טאכ־טער?״ ענטפערט די פרוי: אינם לאנד פון שנער, אין בבל בין איך גע־בוירן, א טאכטער פון כוהנים און נביאים, און געצעלט פון די אנשי כנסת הגדולה איז מיין וויג געשטאנען, די לעצטע נביאים זיינען מיינע דערציער געווען, וווּנדערבאר איז געווען מיין פראכט און שיינקייט און — זע, וואס די פייטנים האבן אויס מיר געמאכט: זיי האבן פון מיר מיין פראכט־מאנטל אראפגעריסן, מיין קערפער מיט וווּנדן, ביילן און גע־שווירן באדעקט, קיין גאנצער אבר איז אין מיר ניט געבליבן, איך בין פארקריפלט, פארדרייט, מיין אויסזען דערוועקט שרעק. ואני תפילה — תפילה איז מיין נאמען!...

אין זיין „תשליך״ און „סיני סנסני וסמנגלף״ לאכט ער פון די נארישע מנהגים: ווארפן די חטאים אין וואסער, אדער באהענגען דאס בעט פון א יולדת מיט קוויטלעך, בכדי אפצושרעקן די מכשפות און מזיקים, זיי זאלן קיין שליטה ניט האבן איבער דעם ניי־געבוירענעם קינד. אט קענען די זעלבע אבערגלויבנס טרעט ארויס מיט זיין שפאט און גע־לעכטער אויך דער בעל „עלילות דברים״. „זעט — רופט ער אויס — ווי יעקבס קינדער לאזן זיך צו די ברעגן פון די טייכן, טרייסלען אויס זייערע פאלעס אין די וואסערן, און מיט זייערע לעפצן שעפטשען זיי תפילות — דאס ווארפן זיי אריין אין די טיפע אפגרונטן אלע זייערע חטאים פאר א גאנץ יאר, און מיט גרויס שמחה לויפן זיי אהיים — זיי האבן זיך דאך ריין געוואשן פון אלע זינד. און אין אכט טעג ארום, ערב יום־כיפור, כאפט מען ארעמע עופות, יעדער מאנסביל א האן, יעדע נקבה א הון, און מען דרייט מיט זיי איבער די נארישע קעפ און מען שרייט און מען פילדערט: „זה חליפתי״, „זאת תמורתי״. דערנאך גייט איבער דער סאטיריקער צו אנדערע מנהגים [1]; ער לאכט אפ פון די העוויות און פון דעם ווארפן און שאקלען זיך בשעת דעם דאווענען, בכדי מקיים צו זיין דעם פסוק „כל עצמותי תאמרנה״. „באווייזט זיך די לבנה — לייענען מיר ווייטער — לויפט געשווינדט ארויס דאס פאלק ישראל, פארשפרייט זיך אויף די בערג און אויף די געמארקן, שפרינגען ווי די ווילדע צאפעס און זיינען מתפלל פאר דער לבנה. טוט א פרוי א קינד געווינען, זעט ווי זיי גורטן אן זייער לענדן מיט די שווערדן, מאכן א עיגול ארום דער יולדת מיטן ניי־

1 עס איז שווער צו זאגן אויף זיכער, אז די אלע פונם עטנאגראפישן שטאנד־פונקט זייער אינטערעסאנטע מנהגים זיינען געווען אנגענומען ביי די שפאנישע יידן. עס איז אויך מעגליך, אז דער סאטיריקער האט באזוכט אויך די שכנישע לענדער, ווי איטא־ליע ופרובינציה, און האט זיך דערביי באקאנט מיט די מנהגים פון די דארטיקע יידן.

געבוירענעם קינד, און זאָגן ווילדע שפּראַכן מיט משונהדיקע השבעות. די ווינקלען און די ווענט באַצייכענען זיי מיט ציורים, מאָלן אויס אָדם וחוהן מיטן נחש — דאָס פירן זיי עס מלחמה מיט ניט־גוטע, שדים און מלאכי חבלה. ווערט עמעצער קראַנק, ווענדט מען זיך ניט צו קיין דאָק־טאָר, נאָר צו מכשפים און אָפּשפּרעכערס, מען צעלייגט פייערן אַרום דעם קראַנקן פון אַלע פיר זייטן, מען ציט פון אים אַראָפּ דאָס וועש און מען פאַרשפּרייט עס קעגן דעם שיין פון דער לבנה, מען מעסט אויס דעם קראַנקן מיט שטריק אין דער לענג און אין דער בּרייט, מען מאַכט דערפון ליאַלקעס און פּופּן, און מען האַלט אין איין שפּרעכן, מען איז משביע מיט בּלערליי השבעות, מען רייסט קברים, מען רופט צו די טויטע, און עס איז קיין גרענעץ ניטאָ צו זייערע ווילדע נאַרישקייטן".

„זאָל מען זיך ניט פאַרענטפערן דערמיט, זאָגט ווייטער דער בעל „עלילות דברים"[1], אַז אויך ביי אַנדערע פעלקער זיינען פאַראַן זייער פיל נאַרישע מנהגים — עפנט אויף די תורת־משה: צי וועט איר דאָרט גע־פינען אַ זכר פון זיי? צי ווערט דאָרט ניט געוואָרנט, אַז „כמעשה ארץ מצרים וכמעשה ארץ כנען לא תעשו" — איר זאָלט ניט נאָכטאָן ניט די מצרים און ניט די פעלקער פון כּנען! דערוווייטערט די פרעמדע אָפּגעטער פון אייערע געצעלטן, וואַשט אייך ריין פון דעם גאַנצן שמוץ, לאָזט אייך ניט מער פאַרפירן פון די פינסטערע אָפּשפּרעכערס (לקול מלחשים), וואָס האָבן זיך אַזוי שטאַרק געמערט ביי אייך. גרויס איז אַ צאָל זיינען אייערע נאַרישע גלויבונגען, אייך פעלט אָבער דער איינציקער אמתער גלויבן!"

„נאָר מיט וויסן, רופט אויס דער דאָזיקער איבערצייגטער מיימוניסט, מיטן פאָרשער־געדאַנק פונם געבילדעטן שכל קאָן מען אמת גאָט דינען! וועט איר אָבער אויך ווייטער גיין אויפן וועג פון אָבערגלויבן, וועט איר ווערן גלייך צו די עמלקים, מדינים און אַנדערע ווילדע פעלקער; בלויז דעם נאָמען וועט איר נאָך טראָגן „עם ישראל", אָדער אפשר וועט אפילו דער נאָמען ישראל אויך פאַרגעסן ווערן (ולא יזכר רק שם ישראל עוד, או לא יזכר שם ישראל עוד)".

זייער כאַראַקטעריסטיש זיינען די שלוס־בּלעטער פון דער סאַטירע. אין נאַכט־שוואַרצע פאַרבן שילדערט דער סאַטיריקער דעם גייסטיקן מצב פון זיין דור, ער זעט אַרום זיך לויטער אָבערגלויבן און ווילדן שימל, דאָך האָט ער די האָפענונג ניט פאַרלוירן, און ער גלויבט אין אַ ליכטיקער צוקונפט. „יאָ, מיר טאַפּן אַלע ווי בּלינדע אין דער פינסטער, מיר זיינען איינגעשלאָפן אַלע און זיינען פאַרטאָן אין פאַנטאַסטישע חלומות; דאָך

[1] דאַרטן, 188—189, 204.

ווייל איך גלויבן, אז ערגעץ אין א פארבארגן ווינקל זיצט דער איינציקער, וואס וואכט, און ער, דער וואכענדיקער, וועט אלע איינגעשלאפענע אויפוועקן! מיר ווייסן דאך, ווי פון איין פונק פלאקערן אויף אן א צאל ליכטער..." [1] מיר האבן דאך געזען, זאגט דער סאטיריקער ווייטער, וואסערע גרויסע ווונדער איין משה בן מיימון האט מיט זיינע ווערק באוויזן. גרויס איז געווען די צאל פון זיינע קעגנער, מען האט זיינע ספרים אויף די שייטערהויפנס געברענט, דאך זיינען פילע אדאנק אים זעענדיק געווארן, אלע קעגנער זיינען שוין נים אימשטאנד געווען אויסצולעשן דאס ליכט, וואס דער גרויסער מאן האט אנגעצונדן, ווארעם שטארק און אומבאזיגבאר איז די מאכט פון וויסן און פארשטאנד...

און דער סאטיריקער חלומט וועגן דעם גרויסן טאג פון ליכטיקער גאולה, ווען עס וועט דערשיינען דער פון גאט באגנעדיקטער שליח, דער שפראצלינג פון „שרש ישי", וואס זיין חכמה וועט זיין „ברייטער פונם ים". אלע וועלן ווארטן אויף זיין באפעל, ער וועט זיין די פאן פאר אלע פעלקער (עומד לנס עמים), די טרייסט פון דער גאנצער מענטשהייט. אויפוועקן וועט ער אלע אוים דעם שלאף פון פינסטערניש און אומוויסן, ער וועט מיט זיין געטלעכן גייסט דערלייכטן די אויגן פונם גאנצן גלות־פאלק, אונטער זיין שוץ וועט די חכמה די וועלט רעגירן, עס וועט מער נים געוועלטיקן קיין שטרייט און קיין קריג, און מיט אפענע פארשטאנדיקע אויגן וועט דער מענטש שרייטן אויפן וועג פון ליכט און אמת...

וואס פאר א ביטערע אנטוישונגען זיינען אבער פארגעשטאנען אונזער טאלענטפולן סאטיריקער. בעת ער האט געחלומט וועגן דעם גלענצנדן נצחון פון ליכט און וויסן, איז שוין געווען געחתמעט דער שרעקלעכער גזר, און די נאכט־פינסטערע פליגל פון דער בלוטיקער אינקוויזיציע האבן שוין באדעקט די קאטוילישע שפאניע. נים דאס „ליכט פון וויסן", נאר דער גיהנום־פייער פון די שייטערהויפנס האבן הער אויפגעפלאקערט אויף דעם פירענעישן האלב־אינזל, און נים די שבחים און לויב־געזאנגען דעם אליינהערשנדיקן פארשטאנד און זיינע דערגרייכונגען האבן געשטיגן אין די הימלען, נאר די זיפצן און געשרייען פון די טויזנטער אויף טויט געפייניקטע...

שוין איז דער גורל געווען באשלאסן. די חיילות פונם קאטוילישפרומען פערדינאנד האבן שוין באלאגערט דעם לעצטן „עיר המקלט" פון

[1] „אם אנחנו כלנו הוזים שוכבים, אולי ימצא בקצה הארץ ע״ר אחד יעיר כל הנרדמים, כי הנה כה דברי באש, נאם ד׳, אשר בן רשף קטן ממנו ידלק נרות אין מספר".

דער אַראַבישער קולטור און מאַכט אין שפּאַניע — די וווּנדערשיינע גראַנאַדע. און געציילט זיינען שוין געווען אירע טעג... און טאַקע דאָרטן, אין דער שטאָלצער גראַנאַדע, האָט דעמאָלט געלעבט דער לעצטער יידישער דיכטער פון אַנדאַלוזיע און געזונגען זיין ליד — דאָס לעצטע שוואַנען־ליד פון דער יידישער מוזע אין שפּאַנישן לאַנד. דאָס גרויסע אומגליק, וואָס ס'האָט באַלד געטראָפן דאָס שפּאַנישע יידנטום, האָט אָבער דאָס דאָזיקע ליד דערשטיקט; אויסגעלאָשן זיינען געוואָרן זיינע קלאַנגען, און צו אונז זיינען דערגאַנגען בלויז אָפּגעריסענע אַקאָרדן; ניט קיין גאַנצע לידער און געזאַנגען, נאָר צופעליקע סטראָפעס און אָפּגעריסענע פערזן. דאָס איז בלויז אַ שוואַכער ווידער־קול פון אַ אויסגעלאָשן ליד; אַ זכר, אַ געדעכעניש וועגן אַ דיכטעריש שאַפן, וואָס ס'איז בשעת דער גרויסער קאַטאַסטראָפע געגאַנגען לטמיון...

סעדיה בן מיימון אבן דאַנאַן האָט דער דיכטער געהייסן. ווי דער בעל „עלילות דברים", אַזוי איז אויך אבן דאַנאַן געווען דעם מיימונים אַ הייסער חסיד. ער איז געווען דיין אין גראַנאַדע, פיל זיך אָפּגעגעבן מיט יידישער פילאָלאָגיע [1], האָט געשריבן אַ ספּעציעלע אַרבעט וועגן יידישער געשיכטע [2], נאָר זיין אמתר באַרוף איז געווען דיכט־קונסט. אין דעם דיכטערישן שאַפן פון דעם דאָזיקן לעצטן יידיש־אַנדאַלוזישן דיכטער האָבן ווידער אויפגעוואַכט די שוין לאַנג פאַרשטומטע אַקאָרדן אויס דער גלאַנץ־תקופה פון דער יידיש־שפּאַנישער דיכטונג. עס האָבן זיך ווידער געלאָזט הערן שטורמישע לידער פון הייסער ליבע און ברענענדיקער ליידנשאַפט. ער שרייבט ליבגעזאַנגען די „טעכטער פונם וויינשטאָק", אין וועלכע ער איז פאַרליבט „זינט די גאַנצע יונגע יאָרן". דער דיכטער איז אָבער פאַרליבט ניט בלויז אין דעם וויינשטאָקס טעכטער, און ניט נאָר זיי באַזינגט ער אין זיינע לידער. „ביי וועמען דאָס האַרץ איז קראַנק פון ליבע — זאָל ער זוכן גענעזונג אין די בליענדיקע סעדער, ביי דעם בלומען־דופט און פויגל־געזאַנג; זאָל ער מונטער זיין געליבטע אומאָרעמען, איר געזיכט מיט קושן באַדעקן — דיביימער מיט זייער געדיכטן שאָטן וועלן זיי דאָך באַהאַלטן און קיינעם דעם סוד ניט דערציילן". „פאַרבלייב ביי מיר, דו שיינע, דו מיין, — מיין האַרץ און נשמה האָסטו געפאַנגען. בלייב אין מיין צימער ביז דיין פאָטער קערט אום; אין מיינע

---

[1] עס איז אויפגעהיט אין כתב־יד זיין קאַפּיטאַל ווערק „ספר השרשים". אין דעם ערשטן קאַפּיטל (במשקלי השירים), וואָס נייבויער האָט פאַרעפנטלעכט אין „מלאכת השיר", ברענגט אבן דאַנאַן קליינע פראַגמענטן פון זיינע אייגענע לידער.

[2] זיין מאָנאָגראַפיע „סדר הדורות" איז געדרוקט אין „חמדה גנוזה" (1856).

אָרעמס פאַרוויל ביז די מוטער דאָן קומט" [1]. „פעסט ביי מיין ברוסט ליגט מיין געליבטע, פעסט אָן איר ברוסט דריקט זי איר ציטער*; די סטרונעס באַרירט בלויז איר האַנט, און די סטרונעס פון מיין האַרצן צע־רייסט זי, און אומהיילבאַר בלייבן די ליבע־ווונדן" [2]. „מיין געליבטע — ווי די זון טוט זי בלענדן, ווי דער מאָרגנשטערן שיינט זי אויף מיין גע־לעגער. ווי די לבנה־שטראַלן שימערירן אירע ראָזע באַקן, און די נאַכט־שוואַרצע לאָקן האַלטן מיין האַרץ געפאַנגען!" [3]. „מיין געליבטערס ברע־מען זיינען, ווי געשפּאַנטע בויגנס — זיי שליידערן די פיילן־בליקן אין דאָס שמאַכטנדיקע האַרץ. מיט פייערדיקע קושן האָב איך אירע ליפּן באַדעקן געוואָלט און דער פלאַם פון איר אָטעם האָט מיין האַרץ פאַר־ברענט" [4].

אלס אמתער דיכטער קאָן ער ניט ביישטיין קעגן דעם שאַפונגס־דראַנג, און ער מוז דיכטן און שאַפן בעת ער דערפילט אין זיך דעם רוח־הקודש. „ווי נאָר — דערציילט דער דיכטער — דער מוזעס הייליק פייער באַרירט מיין האַרץ — מוז איך דיכטן, און איך שאַף מיינע העברעיִשע און אַראַבישע לידער!" (אש מבנות השיר בערה בי — לשיר בְּעִבְרִי או בַּעֲרָבִי). ווי משה אבן עזרא, אלחריזי און עמנואל רומי בשעתם, אַזוי רעדט אויך אבן דאַנאַן מיט גרויס התפעלות וועגן דעם גרויסן באַטייט פון דעם דורך גאָט געבענטשטן דיכטער, און די דיכט־קונסט איז ביי אים אמתער גאָטסדינסט. „ווייסט איר, מיינע ברידער, ווער ס'האָט די דיכ־טער געבוירן, און פון וואַנען זייערע לידער שטאַמען? זיי זיינען פון נביאימס געשלעכט, און גאָטס ברענענדיק וואָרט טוט אויף זייערע לעפּצן רוען" [5]. „דער מוזעס געליבטע — זיי זיינען די שטערן, וואָס באַלייכטן

---

1 שבי יעלת החן לפני שבי — הלא לך לבבי בז ונפשי שבי,
ועד יעבור אביך לחדרי עלי — ועד תעבור אמך בחיקי חבי.

* ציטער — דער העברעיִשער כִּנור, אַ שפּיל־אינסטרומענט.

2 צבית חן בתוך חיקי — והכנור בתוך חיקה
מְנַגֶּנֶת כְּיָדֶיהָ — וְהוֹרֶגֶת בְּיַד חָשְׁקָה.

3 לי עגובה ברה כחמה וטובה — על יצועי תאיר כמו המאורות
כלבנה יפה אדומה לבנה — אך קווצות שערה בלבי שחורות.

4 אין אָריגינאַל אַן אימאיבערזעצבאַרער וואָרט־שפּיל:
גבות צביה קשתות דרכו — לירות בחץ עינה ללב חושקה
דלק לנשק את שפתה — ואֵש מלחמה דלקה בלב דולקה.

5 מי הוא אבי המשוררים אם תדעו — אַחַי, ואֵי מזה חרוזים באו?
אולי נביאים הם ואם הם הללו — תורת ד' באמת נבאו,

די ערד און דער בית־המדרש איז זייער געצעלט. ווי וואונדער־שיין איז זייער מזל: זיי געוועלטיקן איבער דעם וואָרט, און דער פלאַם פון באַגייסטערונג רוט אין זייערע הערצער"[1].

אבן דאַנאַנס לעבנסלוסטיקע מוזע האָט זייער ווייניק האַרמאָנירט מיט די דעמאָלטיקע שטימונגען און פילע האָבן אים ניט געוואָלט מוחל זיין זיינע עראָטישע לידער[2]. זיין בן־דור, אברהם גבישון, וואָס רעדט מיט גרויס רעספעקט וועגן אבן דאַנאַן אַלס חשובן תלמודיסט און רופט אים „הרב הגדול נר ישראל", וואַרפט אים אָבער דערביי פאָר זיין „זינד", וואָס ער האָט געשריבן „פריוואָלע און עראָטישע" לידער[3].

עלנט און פאַראייַנזאַמט פילט זיך דערפאַר דער דיכטער. „איך שרייב — קלאָגט זיך אבן דאַנאַן — און זיי ווילן ניט לייענען, איך טו זיי באַלערן — זיי ווילן ניט הערן, איך אַנטפּלעק די אוצרות פון מיין נשמה — זיי ווילן ניט גלויבן. איך מעג פרעדיקן ווי הלל — זיי קערן זיך אָפּ פון מיר; מיין ליד מעג זיין זיסער פון די לוויימס געזאַנג — טויב זיינען זייערע אויערן"[4]. „איך פרעדיק דעם אמת — קלאָגט זיך דער דיכטער אין אַן אַנדער ליד — פאַר אַ ליגנעריש דור. איך רוף אומזיסט צו זיי — קיינער וויל ניט הערן. איך וויל שלום, און מיין דור דערקלערט מיר קריג; איך זאָרג פאַר זייער גליק — און זיי טראַכטן שלעכטס אויף מיר; איך דעק אויף די טיפעניש פון מיין האַרצן — און זיי שפּינען אין דער פינסטער בילבולים אויף מיר"[5].

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז דער סיכסוך צווישן דעם דיכטער און דער סביבה נעמט זיך בלויז דערפון, וואָס ער האָט „פריוואָלע" לידער געזונגען; אַממייסטן קעגנער האָט זיך דער דיכטער געשאַפן מיט זיינע סאַטירעס און פאַמפלעטן. אבן דאַנאַן איז דאָך געווען ניט בלויז אַ דיכטער, נייערט אויך אַ געלערנטער. אויפן געביט פון

---

[1] כוכבי ארץ גבירי בני שיר — יושבי דוכן בבית הבחירה;
חלקכם טוב בתבונה ולכם — מענה לשון ונפש יתירה.

[2] אַן אָפּקלאַנג פון די דאָזיקע אָנפאַלן געפינען מיר אַפילו אין איינעם פון דאַנאַנס לידער: „למה תריבני עלי חשקי".

[3] „עומר השפחה", 131, עמ' ב': „אח"כ ראיתי כי הרב הגדול ר' סעדיה בן דאנן ז"ל בעל הערוך, כי נראה מתוכו שלא הניח מקרא משנה תלמוד רבה תנחומא שלא למד גם עשה שרשם על כל הכ"ד, ואעפ"כ בשיריו מצאנו כמה וכמה משירים דופים וגופניים".

[4] „אכתוב ולא יקראו, אשנה ולא ילמדו — אראם גבורות והם לא יאמינו לי,
לא יאזינו ואם אדרוש כהלל, ולא — יפנו לשירי ואם אשיר כמו מחלי".

[5] אבקש שלום — אנשי זמני יריבוני — ואחשוב עליהם טוב והם יחשבו רעה
ואראם עצת נפשי, ויתלחשו עלי — ואקריב וירחיקם לבבם אשר תעה.

פילאָזאָפיע און וויסן האָט בײַ אים געגאָלטן אַלס גרעסטער אויטאָריטעט דער בעל „מורה נבוכים"; אויף די אַנטי־מיימוניסטן און קעגנער פון ראַציאָנאַליסטישער פילאָזאָפיע האָט ער געקוקט ווי אויף „מורדי אור" און פינסטערע אומוויסנדיקע מענטשן, און ער האָט געקעמפט קעגן זיי מיט דעם זעלביקן געווער ווי דער בעל „עלילות דברים": מיט דער בײַטש פון סאַטירע און מיט סאַרקאַסטישן געלעכטער. איינע פון זײַנע סאַטי־רעס איז צו אונדז דערגאַנגען בשלימות [1]; און מען מוז מודה זײַן — זי שטימט גאַנץ ווייניק מיטן דיכטערס פאַרזיכערונג, אַז ער איז אַ רודף־שלום און וויל מיט אַלעמען לעבן אין פרידן.

„זעט — רופט אויס אַבן דאַנאַן — ווי די דאָזיקע שמאָל־קעפּיקע מענטשן האַסן יעדעס וויסן, טוען פאַרן ליכט פון דער זון זיך באַהאַלטן, און ווי די פלעדערמײַז באַווײַזן זיי זיך בלויז אינם שאָטן פון דער נאַכט. זיי, די בלאָנדזשענדיקע, דערקלערן קריג דעם „מורה", דעם וועגווײַזער. זיי לעסטערן און שענדן דאָס בוך, וואָס ס'האָט צעשטערט די פעסטונגען פון געצנדינסט און אַבערגלויבן, דאָס בוך, וואָס ס'היילט די טיפסטע ווונדן, דאָס בוך, וואָס ס'איז דער לײַכטטורעם פאַר אַלע, וואָס דאַרשטן נאָך וויסן, דאָס בוך, וואָס פלאַנצט דעם בוים פון לעבן און וואָרצלט אויס די דערנער און ווילדע געוויקסן, דאָס בוך, וואָס ס'האָט אַנטפּלעקט די גרויסע וווּנדער און רײַכע אוצרות פון דער תורה און האָט געמאַכט צו שפּאָט און צו שאַנד אַלע כופרים און פאַרפירער"...

„זיי, לייענען מיר ווייטער, וואָס שעפּטשען מיט די ליפּן „ה' אחד", — איינציק איז אונזער גאָט און פרײַ איז ער פון דעם מינדסטן חומר, — שילדערן אים ווי ער זיצט אויף אַ קיניגלעכן שטול אַרומגערינגלט מיט כיתות פון מלאכים. און אַז דער „מורה" האָט באַוויזן ווי אומוויסנדיק און פינסטער זיי זײַנען און האָט זייער שאַנד פאַר דער גאַרער וועלט אַנטפּלעקט, האָבן זיי, די פאָלקס־נאַראָנים (אוילי עם), וואָס האָבן מיט זייערע בלינדע אויגן זײַן ליכט און גלאַנץ ניט געקאָנט אָפּשאַצן — זייער גאַנצן האַס אויף דער „חכמה יונית" אויסגעגאָסן און אין איר די גרעסטע געפאַר דערזען... יאָ, וואָלט איר, בלינד־פינסטערע, אימשטאַנד געווען צו זען און צו באַגרײַפן, וואָלט איר געוווּסט, אַז אונזער תורה איז דער קוואַל פון חכמה און פון וויסן; זי האָט מיט איר ליכט געשײַנט פאַר אַלע פעלקער, און די גריכישע דענקער, בעת זיי האָבן געפאָרשט נאָך דעם פילאָזאָפישן אמת, האָבן זיי אים אין דת משה געפונען..."

1 פאַרעפנטלעכט אין „דברי חכמים" 81—82 (1849).

# אַכטער קאַפּיטל.

דער גרויסער גירוש. — די צרות און ליידן פון די פאַרטריבענע; די אָפּקלאַנגען פון דער קאַטאַסטראָפע אין דער העברעישער ליטעראַטור. — די אָפּטריניקע צווישן די גערבילדעטע און די הויף־יידן. — דער אָרטאָדאָקסישער שריפטשטעלער יוסף יעבץ און זיין „אור החיים". — יצחק אַבּרבּנאל און „חבלי משיח". — יצחק אַבּרבּנאל אַלס ביבל־דערקלערער. אַבּרבּנאל אַלס אָנזאָגער פונם באַלדיקן „קץ". — משיחס צייטן. — שלום.

יאַנאָנס היימאַטשטאָט איז געפאַלן. דער צלם האָט גובר געווען די מאַכמעדישע פאָן. און אונזער דיכטער האָט די בייטש פון דער סאַטירע געמוזט פאַרבייטן אויפן וואַנדערשטעקן. אינם יאָר 1492, בעת דער גאונישער גענועזער, קאָלומבוס, האָט זיך געלאָזט איבער דעם ים־אוקינוס א נייע וועלט צו אַנטדעקן, איז חרוב געוואָרן די לעצטע פעסטונג פון דער אַראַבישער קולטור אין אייראָפּע — גראַנאַדע, און טאַקע דאָרט, אין דעם וואונדער־פּאַלאַץ אַלהאַמבּראַ האָט זיך פאַרענדיקט דער לעצטער אַקט פון דער בלוטיקער דראַמע, און באַשלאָסן איז געוואָרן דער גזר איבער דעם שפּאַנישן יידנטום. דער קַנאישער אינקוויזיטאָר טאָמאַסאָ טאָרקוואָמאַדאָ האָט געבענטשט מיטן צלם אין דער האַנט דאָס גאָטפאַרכטיקע פּאָר, פערדינאַנד און איזאַבעלאַ, בעת זיי האָבן געחתמעט דעם „גירוש"־באַפעל, אַז אין משך פון פיר חדשים מוזן אַלע יידן, וואָס ווילן ניט אָננעמען דעם קאַטוילישן גלויבן, פאַרלאָזן אַלע דריי שפּאַנישע לענדער: קאַסטיליע, אַראַגאָן און סיציליע.

אויף איין מאָל איז דורך דער דער תּליָנישער האַנט חרוב געוואָרן דער גרויסער קולטור־צענטער, וואָס האָט אין משך פון איבער פינף הונדערט יאָר גייסטיק געוועלטיקט איבער דער גאַנצער דיאַספּאָראַ. הונדערטער טויזנטער האָבן געמוזט נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און זיך לאָזן אין וואָגל, אין די אומבאַקאַנטע ווייטן, ווו אין יעדן ווינקל האָט אויף זיי געלויערט אומגליק און שרעק. פילע פון די „גדולים", פון די רייכע יידישע שררות, זיינען דעם נסיון ניט בייגעשטאַנען, און בכדי דאָס לאַנד ניט צו פאַרלאָזן האָבן זיי דעם קאַטוילישן גלויבן אָנגענומען.

טויזנטער פאמיליעס האבן דורכן „שמד" זיך אויסגעקויפט פון גלות [1], צווישן זיי אויך דער רייכער מוכסן און פון דער רעגירונג באשטימטער קאסטילישער „רב" הכולל, אברהם שניאור.

אט וועגן דער פעלשונג, וואס ס'זיינען באגאנגען קעגן זייער פאלק פילע פון די יידישע גראנדן און אינטעליגענטן, שרייבט דער היסטאריאָגראף פון יענער צייט אברהם בן שלמה אוים טורטיאל: „אין יאר 1492 האט גאטס צארן זיך אויסגעגאסן אויף זיין פאלק ישראל... ווארעם אימהדיק גרוים זיינען געווען אונזערע זינד, און אונזער שולד האט ביז צו די הימלען דערגרייכט... צוליב די חכמות חיצוניות איז די תורה כמעט פארגעסן געווארן. און מיט תורה שבעל־פה האבן זיך נאך פארנומען בלויז די ארעמע שיכטן (כי אם העניים והאביונים)... און ווען ס'איז אויסגעגאסן געווארן דער גרויסער צארן, האבן דאס רוב פון די יידישע גדולים, פארשטייער און ריכטער (גדוליהם ואדיריהם ושופטיהם) ניט בייגעשטאַנען דעם נסיון און בכדי פונם גירוש זיך צו ראטעווען, האבן זיי די אמתע אמונה פארלאזן און זי אויף פרעמדע אפגעטער פארביטן. בראש פון די אפטריניקעס איז געווען דער רב הכולל פון גאנץ ספרד, דון אברהם שניאור, ער, זיין זון און די גאנצע משפחה. אים האבן נאכגעטאן טויזנטער און טויזנטער — אויסגעמעקט זאל זייער נאמען ווערן פונם ספר החיים, ווארעם זיי האבן ניט נאר אליין געזינדיקט, נייערט אויך אנדערע געמאכט זינדיקן, וואס האבן אויף זיי, די מנהיגים, געקוקט און געגאנגען אין זייערע וועגן. פון די אלע אנגעזעענע פירער און ראשי הקהילות האבן בלויז איינצלנע באשלאסן זיך מוסר־נפש זיין על קידוש־השם; דער ערשטער צווישן זיי איז געווען הרב דון יצחק אברבנאל" [2].

מיט נאך גרעסערן צארן רעדט וועגן דעם א צווייטער בן־דור, דער באוווסטער פרעדיקער פון יענער צייט, יוסף בן חיים יעבץ, וואס האט נאכן גירוש אויסגעוואנדערט קיין איטאליע און פלעגט דארט ארומפארן איבער די יידישע קהילות און האלטן מוסר־דרשות [3].

---

1 דער פייטן פון יענער צייט, אברהם חיון, קלאגט דערויף אין איינער פון זיינע קינות:

מיום ברוא אלהים אדם — שמד גדל כזה לא קדם — על היהודים לאבדם.

(מיר ציטירן לויט דעם מאנוסקריפט, וואס געפינט זיך אין דער ביבליאטעק פון „אפע" אין לענינגראד).

2 זע נייבויער, „סדר החכמים וקורות העמים", I, 111—112.

3 זע זיין „אור החיים", 2—3, 12, עמ' א'.

„הערט, מיינע ברידער! איך בין אויך איינער פון די גולי ספרד, און איך האָב אַליין בייגעזען, ווי פשוטע ווייבער און אומוויסנדיקע עמי־הארצים האָבן מוסר געווען זייער גוף און זייער פאַרמעגן ע׳ל קידוש־השם; אָבער דאָס רוב פון די געבילדעטע, וואָס שטאָלצירן אַזוי מיט זייער גרוים וויסן, זיינען כמעט אַלע אָן אויסנאַם אַפּטריניק געוואָרן, און פאַרשוועכט זייער ערע אינם טאָג פונם גרויסן אומגליק״ [1].

ווי אברהם אוים טורטייאל אַזוי זעט אויך דער שטאָק־פרומער יוסף יעבץ אין דער גרויסער קאַטאַסטראָפע גאָטס גערעכטן שטראָף [2] דערפאַר, וואָס מען האָט זיך מער איבערגעגעבן מיט פילאָזאָפיע און וועלטלעכע וויסנשאַפטן ווי מיט דער הייליקער תורה. און דעם גאַנצן צאָרן זיינעם גיסט ער אוים אויף די „מתפלספים״ אין זיין „אור החיים״.

„זיי, אָט די געבילדעטע, שטאָלץ מיט זייער וויסן און בקיאות אין פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם עול פון מצוות און פון דער תורהס געבאָטן. זיי האָבן דערקלערט, אַז די מצוות פון דער תורה זיינען בלויז פאַרן המון, אָבער ניט פאַר זיי, וואָס האָבן געגעסן פונם עץ־הדעת״ [3]. און יעבץ רופט אוים מיט גרוים כעס: „מיט וואָס פאַר אַ ביטול האָבן די דאָזיקע נידערטרעכטיקע מענטשן (אלה הנבלים) מיט זייערע גאַנץ קנאַפּע ידיעות אין וועלטלעכע וויסנשאַפטן זיך פאַרהאַלטן צו די חכמי־הקבלה און צו אַלע אַנדערע, וואָס זיינען געבליבן געטריי דער מסורה און האָבן ניט געוואָלט מסכים זיין מיט זיי, אַז די תורה איז בלויז אַ פירוש אויף אַריסטוס „ספר המידות״. מיט וואָס פאַר אַ גדלות און מיט שפּאָט און געלעכטער זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן צו די פרומע גאָטספאָרכטיקע פרויען דערפאַר, וואָס אין זייערע פאָרשטעלונגען און באַגריפן האָט גאָט אָנגענומען מענטשלעכע פאָרמען. נאָר טאַקע אָט די דאָזיקע פשוטע ווייבער האָבן אַליין, און אויך זייערע מענער אויפגעפאָדערט זיך מוסר־נפש זיין אויף קידוש־השם; און די אַלע געבילדעטע, וואָס האָבן אַזוי שטאָלצירט מיט זייער חכמה און פילאָזאָפישער חקירה,

---

[1] דאָרטן, 5, עמ׳ א׳.

[2] דער גרונט־מאָטיוו וועגן „שטראָף״ און „נקמה״־נעמען אין ווידערשפּעניקע קינדער לאָזט זיך הערן אין דעם רוב קינות פון יענער צייט, וואָס קלאָגן אויפן גרויסן גירוש. אין איין קינה לייענען מיר:

האָב גִּדֵּל הבנים — לעשות בהם נקמה.

און אַ צווייטע פאַנגט אָן מיט פאָלגנדיקער סטראָפע:

מי האב ייסר בנו — ביסורי נקמה — וישפוך עליו חרונו — בעזוז אף וחמה.

[3] „אור החיים״, 5, עמ׳ 5, 10 עמ׳ ב׳.

זיינען דעם נסיון ניט בייגעשטאנען, מומרים און אפטריניקע זיינען זיי געוואָרן" [1].

„איך האָב ניט בדעה — זאָגט יעבץ ווייטער, — צו פירן וויכּוחים מיט די ראַציאָנאַליסטן און מתפלספים, צו דערווייזן ווי אומבאַגרינדעט זייערע סברות זיינען; דאָס האָט שוין גלענצנד דערוויזן דער גרעסטער דענקער פון זיין צייט, חסדאי קרשקש; איך וויל בלויז הויך אויסשרייען: הערט און וויסט — איר בלאָנדזשעט!" [2]

יעבצס „אור החיים" איז אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס אין אים שפּיגלען זיך גאַנץ בולט אָפּ די שטימונגען, וואָס האָבן געוועלטיקט צווישן די אַרויסגעטריבענע; עס הערט זיך פון זיינע בלעטער זייער צאָרן און עמפּערונג־געפיל בנוגע צו דעם טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ, ביי וועלכער דער פילאָזאָפישער ראַציאָנאַליזם האָט געטויט דעם רעליגיעזן געפיל און אין דעם טאָג פון נסיון האָט זי דעם וואַנדער־שטעקן אויפן צלם אויסגעביטן און דעם גלות־בעכער אויפן קריסטוס־בעכער...

און שרעקלעך איז געווען דער גורל פון די, וואָס האָבן גענומען דעם וואַנדער־שטעקן און געמוזט טרינקען אויס דעם ביטערן גלות־בעכער. די היסטאָריאָגראַפן פון יענער צייט גיבן איבער אימהדיקע פּרטים, ווי אַזוי די פאַרטריבענע זיינען אומגעקומען אין די טויזנטער פון קעלט, הונגער און אַלע מיני אַנשיקענישן. רויבער און פּיראַטן האָבן אויף זיי אויף די וועגן געלויערט, זייער האָב געראַבט, און זיי גופא אָן רחמנות געשאָכטן אָדער פאַר קנעכט פאַרקויפט. איבערפולט איז געווען דער בעכער פון צער, און די ביים לעבן געבליבענע זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט איינ־איינציקן געדאַנק: „ס'איז ניט מער צו דערטראָגן! עס מוז אַ סוף נעמען צו די אומדערטרעגלעכע ליידן, נאָענט מוז שוין זיין דער „קץ", די גאולה מוז באַלד קומען; די שרעקלעכע פינסטערניש — דאָס איז פאַרן באַלדיקן באַגינען, די שרעקלעכע ווייען — דאָס זיינען די „חבלי משיח"! דאָס ווערט געבוירן דער גרויסער ליכטיקער טאָג פון גאולה, און באַלד וועט דערשיינען אין זיין וווּנדער־פּראַכט און שיינקייט דער ליכטיקער גואל, דער משיח בן דוד, דער דערלייזער פונם פאַרוואָגלטן פאָלק, דער לייכטנ־דיקער שטערן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט...

דער באַגייסטערטער שליח און אָנזאָגער פון די דאָזיקע מיסטיש־גאולהשע שטרעמונגען און האָפענונגען איז געווען דער מאַן, וואָס איז

1 דאָרטן, 12.

2 דאָרטן, 23.

פאַרויס געגאַנגען פאַר דער גאַנצער מחנה און איז געשטאַנען בראש פון די אויס שפּאַניע פאַרטריבענע — דער באַרימטער דון יצחק אַברבנאל (געבוירן אין 1437).

פול מיט שפּאַנענד־דראַמאַטישע מאָמענטן איז געווען דאָס לעבן פון דעם דאָזיקן חשובן מאַן[1]. אַ מענטש מיט ברייטע ידיעות אין פינאַנסיעלע און עקאָנאָמישע פראַגן, האָט אַברבנאל פאַרנומען אַ זייער חשובע שטעלע ביים פּאָרטוגעזישן קיניג אַלפאָנס דער פינפטער. דערפאַר אָבער נאָך דעם קיניגס טויט (אין 1483) האָט אַברבנאל געמוזט אַנטלויפן פון פּאָרטוגאַליע. ער האָט זיך באַזעצט אין קאַסטיליע, און אַדאַנק זיינע גלענצנדיקע פעיקייטן האָט ער נושא־חן געווען ביי דעם קיניג פערדינאַנד און יענער האָט אים באַשטימט פאַר זיין פינאַנסיעלן אַגענט. נאָך דעם גרויסן גירוש איז אַברבנאל צוזאַמען מיט אַ גאַנצער גרופּע פאַרטריבענע אַריבערגעפאָרן קיין איטאַליע און זיך באַזעצט אין נעאַפּאָל, וווּ ער האָט געפונען שוץ ביים דאָרטיקן קיניג פערדינאַנד, וועלכער האָט פאַרשטאַנען ווי געהעריק אויסצונוצן די אַלזייטיקע ידיעות פון דעם דאָזיקן גרויסן בקי אין פינאַנסיעלע מלוכה־ענינים. נאָר אויך דאָ איז אַברבנאלן ניט באַשערט געווען צו געפינען דעם געוווּנטשן מקום מנוחה: דער פראַנצויזישער קיניג, קאַרל דער אַכטער, האָט איינגענומען נעאַפּאָל, און אַברבנאל איז געווען געצוווּנגען צוזאַמען מיטן קיניג פערדינאַנד צו אַנטלויפן קיין סיציליע (1495). בשעת דאָס פראַנצויזישע חייל האָט נעאַפּאָל איינגענומען, האָט אַברבנאל פאַרלוירן זיין גאַנץ פאַרמעג, זיינע ביכער און אויך זיינע אייגענע מאַנוסקריפּטן. פון סיציליע איז אַברבנאל באַלד אַריבערגעפאָרן קיין קאָרפו, פון דאָרטן (סוף 1496) קיין דרום־איטאַליע אין דער שטאָט מאָנאָפּאָל, און דאָרט האָט ער אין משך פון גאַנצע זיבן יאָר זיך פאַרנומען אויסשליסלעך מיט ליטעראַרישער טעטיקייט. אין 1503 איז ער אַריבערגעפאָרן קיין ווענעדיק, וווּ ער איז אין 1508 געשטאָרבן אַ בן־שבעים.

ניט קוקנדיק דערויף, וואָס אַברבנאל איז רוב ימיו געווען אַ נע־ונדניק און זייער פיל צייט אָפּגעגעבן פינאַנסיעלע מלוכה־ענינים, איז דאָך זיין ליטעראַרישע ירושה אַ גאַנץ גרויסע[2]. ביז דעם גירוש ספרד

---

1 אויטאָביאָגראַפישע ידיעות געפינען זיך אין די הקדמות צו אַברבנאלס פּירושים אויף דברים, יהושע, מלכים און אויך אין דער פאָררעדע צו זיין „מעיני הישועה". אינטערעסאַנטע פּרטים גיט אויך איבער אין זיין הקדמה צו אַברבנאלס נאָר־וואָס דערמאָנטן „מעיני הישועה" ברוך חזקיטו, וועלכער איז געווען פערזענלעך באַקאַנט מיט אברבנאלס זון, יוסף.

2 דער רייסטער פון זיינע ווערק גיט אַברבנאל גופא אין זיין באַקאַנטן בריוו צו שאול כהן (זייט 8).

האָט אברבנאל זיך גאַנץ ווייניק פאַרנומען מיט ליטעראַרישער טעטיקייט, און דאָס בלויז אויפֿן עקסעגעטישן געביט [1]. דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פֿון אברבנאלס פּירושים איז דער, וואָס עס פֿילט זיך אין זיי דער שטאַטסמאַן, דער בקי אין פֿינאַנץ־פֿראַגן און אין עניני המדינה. ער איז כּמעט דער איינציקער פֿון די אַלטע מפרשים, וואָס דערקלערט ביים טעקסט די סאָציאַלע און פּאָליטישע אָנגעלעגנהייטן פֿון דער באַטרעפֿנדיקער תקופה. ער פּרוּווט געבן אַ בולט בילד וועגן דעם סדר המדינה אין דער צייט פֿון די שופֿטים, דאַן אין דער תקופה פֿון די מלכים און נביאים. ער גיט די נייטיקע דערקלערונגען בנוגע די געזעלשאַפֿטלעכע אָנגעלעגנהייטן, וועגן דעם באַטייט פֿון די פֿאַרשיידענע אַמטן, און פֿון די אין דער ביבל דערמאָנטע וואָג און מאָס, מטבעות אאַז״וו. פֿאַר אייניקע זיינע פּירושים געפֿינען זיך ספּעציעלע הקדמות, ווו עס ווערט געגעבן אַן אַלגעמיינער איבערבליק וועגן דעם מהות פֿון דעם באַטרעפֿנדיקן ספר [2]. דער אברבנאל איז אויך כּמעט דער ערשטער צווישן די אַלטע ביבל־דערקלערער, וואָס האָט געהאַט אַ היסטאָרישן חוש און פֿאַרשטאַנען, וואָס הייסט געשיכטלעכע פּערספּעקטיוו — אַט דאָס וואָס ס'האָט לחלוטין גע־פֿעלט ביידע קעמפֿנדיקע צדדים: די ראַציאָנאַליסטן פֿון איין זייט און די בעלי־קבלה פֿון דער צווייטער.

אַ באַדייטנד מינערן ווערט האָבן זיינע רעליגיעז־פֿילאָזאָפֿישע ווערק. אברבנאל איז געווען אַ פֿילאָזאָפֿיש־געבילדעטער טעאָלאָג פֿונם אָרטאָ־דאָקס־רעכטן פֿליגל, זייער גוט באַקאַנט געווען מיט די יידישע, אַראַבישע און קריסטלעך־לאַטיינישע פֿאַרפֿאַסער; קיין אָריגינעלער דענקער איז ער אָבער כּלל ניט געווען. ער באַרירט די פֿראַגן ניט אין דער טיף, נאָר בלויז אין זייער אייבערשטן שטח. אין זיין „מפעלות אלהים״ (וועגן מעשה־בראשית און וועלט־באַשאַפֿונג אַלס „יש מאין״) און „ראש אמנה״ (וועגן די דאָגמען פֿון דער יידישער אמונה) חזרט ער בלויז איבער די סברות און קריסטלעך־לאַטיינישע פֿאַרפֿאַסער; קיין אָריגינעלער דענקער איז ער זיינע פֿאָרגייער און אַפֿילו פֿון זיינע צייטגענאָסן, דעם בעל „דרך אמונה״ און בעל „עקדת יצחק״. כאַראַקטעריסטיש איז בלויז מיט וואָס פֿאַר

1 אין דעם פֿריער ציטירטן בריוו שרייבט אברבנאל: „ואתה תדע חכם חרשים שהפרושים והחבורים האלה כלם עשיתי אחר שיצאתי מארץ מולדתי, כי הנה קודם לזה כל הימים שהייתי בחצרות המלכים וטירותיהם עסוק בעבודתם לא היה לי פנאי לעיין ולא ידעתי ספר וכליתי בהבל ימי ושנותי בבהלה״ (דאַרטן, 8, עמ׳ ב׳).

2 די געהעריקע שטעלע איז גרעצס געשיכטע און אויך ש. ד. (דובנאָוו) אין יידישער ענציקלאָפּעדיע, I, 136.

א גרוים ליבשאַפט און האַרציקייט ער רעדט אין זיין „ראש אמנה״ [1] וועגן איינעם פון די רעליגיעזע הויפּט־דאָגמען, וואָס מיימוני שטעלט אַרוים אין זיינע „אני מאמינס״ — דעם גלויבן אין ביאת המשיח, אין דער גאולה, וואָס וועט מאַכן אַ סוף צום שרעקלעכן גלות מיט זיינע ליידן. אַברבנאַל רעדט דערפאַר מיט גרוים צאָרן וועגן יוסף אַלבאָ, וואָס יענער האָט זיך דערלויבט אין זיין „עיקרים״ צו דערקלערן, אַז דער גלויבן אין ביאת המשיח איז „אינו עיקר מעיקרי דת משה רבנו״ [2].

נאָך דעם גרויסן אומגליק, וואָס ס'האָט געטראָפן דאָס שפּאַנישע יידנטום, האָט די האָפענונג אויפן „קץ״ און אויף דער באַלדיקער גאולה צוגעצויגן צו זיך די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון יצחק אַברבנאַל. דאָס איז אָבער ניט געווען בלויז אַ ריין פּערזענלעכע שטימונג — דאָס איז געווען דער האַרציקער אויסגעשריי פונם גאַנצן קיבוץ, דער שטורמישער אויסדרוק פון די שטימונגען, וואָס האָבן געוועלטיקט אין דער גאַנצער סביבה, צווישן די פיזיש און גייסטיק געבראָכענע קינדער פון וואָגל און צער...

זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די דאָזיקע שטימונגען איז אַברבנאַלס פאָררעדע צו זיין „מעיני הישועה״ [3]. דער פאַרפאַסער שילדערט אין אימהדיקע פאַרבן די אַלע צרות און ליידן, וואָס די פאַרטריבענע האָבן אין זייער וואָגל אויסגעשטאַנען; פון די הונדערטער טויזנטער [4] זיינען לעבן געבליבן בלויז בערך צען טויזנט, די איבעריקע זיינען אויסגעגאַנגען פאַר הונגער און קעלט, אומגעקומען אויפן ים, אין די מדבריות, פאַרצוקט געוואָרן פון ווילדע חיות און פון מענטשן, וואָס זיינען געווען פיל גרויזאַמער פון די ערגסטע חיות. „אויסגעמאַטערטע, דערשלאָגענע, צו דער ערד געבויגענע—דערציילט דער פאַרפאַסער—האָבן די איבערגעבליבענע אויסגעשריען: „ניטאָ מער קיין כוחות! יעדע האָפענונג איז פאַרלוירן, באַשלאָסן איז אונזער גורל אינמיטן ווענ צו פאַלן, אומצוקומען אין די זאַמדן פון די טרוקענע וויסטעניש!״ איך האָב געזען, אַז אפילו די בעסטע און די פרימסטע מיט זייער שטאַרקן גלויבן אין גאָט האָבן אויך די האָפענונג פאַרלוירן און צוזאַמען מיט די איבעריקע האָבן זיי געקלאָגט: „גאָט

---

[1] קאַפּ׳ 14, א״ח.

[2] „ישועות משיחו״, 25 (מיר ציטירן נאָך דער קיניגסבערגער אויסגאַבע, 1861).

[3] לויט דער אָנווייזונג פונם מחבר גופא, האָט ער דאָס דאָזיקע ווערק פאַרענדיקט אין דעצעמבער 1496.

[4] יצחק אַברבנאַל שאַצט אָפּ די צאָל פון די אַרויסגעטריבענע אויף דריי הונדערט טויזנט. זייער פאַרמעגן האָט באַטראָפן דרייסיק מיליאָן גאָלדענע דוקאַטן.

האָט פאַרלאָזן די קינדער פון יעקב און יוסף, ער האָט באַשלאָסן צו צעשטערן ביזן גרונט די וווינונג פון ציונס טאָכטער!" דעמאָלט האָב איך אין מיין הארצן באַשלאָסן: מער טאָר מען ניט וואַרטן! מען מוז שטיצן די אָפּגעשוואַכטע און שטרויכלענדיקע, מען דאַרף שטאַרקן די פאַריאושטע הערצער און דערלאַנגען דעם בעכער פון טרייסט די אין וואָגל פאַר־שמאַכטע!"

אין האַרציקע רירנדיקע ווערטער דערציילט דער פּראָפעסער מיט גרויס פשטות, ווי אומדערמידלעך ער האָט געזוכט און געבלעטערט אין די כתבי הקודש, בכדי דעם גרויסן סוד צו דערגיין: „מתי קץ הפלאות?"— ווען קומט די גאולה, ווען וועט דערשיינען דער ליכטיקער גואל אין זיין גאָלדענער פּראַכט? ער מוז דעם וווּנדער־סוד אַנטפּלעקן, ער מוז אָנזאָגן זיינע אָרעמע שמאַכטנדיקע ברידער די ליכטיקע בשורה: לא אלמן ישראל. „ווייסט, מיינע ברידער — נאָענט איז דער טאָג פון דער גאולה! אָט קומט דער לאַנג־דערוואַרטער ליכטיקער דערלייזער! זעסט, ווי גאָטס גנאָד לאָזט זיך אַראָפּ אויף די בערגער פון ציון ווי דער געבענטשטער טוי פון חרמון!"

ניט אַזוי לייכט איז אָבער דעם סוד צו דערגיין. טונקל און טיף זיינען די נביאימס רייד, ניט דורכצודרינגען איז דעם שלייער, וואָס פאַר־הילט דעם גרויסן סוד פון די קומענדיקע צייטן. די ליידן פון פאָלק ווערן אָבער אַלץ אומדערטרעגלעכער, דער קאַלטער יאוש וואַקסט אַלץ מער... דער אַלטער אַבּרבּנאל זוכט אַלץ און זוכט מיט אומענדלעכער עקשנות, טאָג און נאַכט, אין דער וואָך און אין חלום. ער מוז דעם אמת דערגיין, ער מוז ברענגען טרייסט זיינע שמאַכטנדיקע ברידער און — ער איז ענדלעך דעם סוד דערגאַנגען. אין דעם טונקעלן דניאל־בוך מיט זיין מיסטיש־בילדלעכער שפּראַך האָט ער סוף־כל־סוף געפונען, וואָס ער האָט אַזוי מיזאַם געזוכט — די „מעיני הישועה", די קוואַלן פון הילף פאַר דעם ליידנדיקן פאָלק. טריט ביי טריט צעגלידערט ער יעדן פסוק, יעדן אויס־דרוק פון דעם טונקעלן דניאל־בוך; דניאל גופא איז ביי אים פאַררעכנט ניט נאָר פאַר אַ צדיק און ירא אלהים, ווי עס שילדערן אים די חכמי התלמוד, נאָר פאַר אַ אמתן נביא, וואָס האָט גערעדט ברוח־הקודש [1]; און אין זיינע זעענישן און חלומות האָט אַבּרבּנאל, נאָך זיין פעסטער איבערצייגונג, אַנטפּלעקט אַלץ, וואָס וועט געשען באחרית הימים, אַלע

1 אין דעם פּרט שטייט אַבּרבּנאל אויפן שטאַנדפּונקט פון דער קריסטלעכער קירך, וואָס רעכנט דניאלן צווישן די נביאים. דערפאַר אָבער פּאָלעמיזירט אַבּרבּנאל אין זיין „מעיני הישועה" קעגן די קריסטלעכע טעאָלאָגן, וואָס ווילן דערווייזן, אַז אין דניאלס חלומות זיינען דאָ רמזים אויף קריסטוסן און דער קאַטוילישער קירך.

צרות און פורעניות, וואס שטייען פאר דעם יידישן פאלק, אבער אויך דעם ליכטיקן „קץ", ווען גאטס שליח, משיח בן דוד, וועט קומען און וועט דאס פאלק ישראל פון גלות אויסלייזן. מיט רירנדיקן פאטאס באשרייבט אברבנאל, מיט וויפיל מי אים איז ענדלעך געלונגען דעם אמת צו דער־גיין און אויפדעקן דעם אין ספר דניאל אונטער רמזים און גימטריאות באהאלטענעם סוד, אז אין יאר רס"ג (1503) וועלן זיך אנהייבן „משיחס צייטן" און ניט שפעטער ווי אין רצ"ה (1535) וועט זיין די פולשטענ־דיקע גאולה [1].

אברבנאל איילט זיך אנזאגן די ליכטיקע בשורה, ער טראגט אונטער „דעם בעכער פון טרייסט צו די שמאכטנדיקע ליפן פונם ליידנדיקן פאלק" און רופט אויס מיט פרייד: „אשרי המחכה! געבענטשט איז דער, וואסווארט און האפט! געבענטשט איז דער, וואס טראגט מוטיק איבער די ליידן פון גלות, נעמט אן פאר ליב דעם נסיון, בלייבט טריי דער אמונה און ווארט אויפן יאר 1503, ווען עס וועט נעמען א סוף צו די צרות און דער מלך המשיח וועט מיט גאטס הילף קומען".

מיט מוראדיקער נעשווינדיקייט שרייבט אברבנאל איין ווערק נאכן אנדערן, וואס פארנעמען זיך אלץ מיט איין און דער זעלבער פראב־לעם: אז משיח מוז קומען בעגלא ובזמן קריב. נאך „מעיני הישועה" שרייבט ער זיין „ישועות משיחו"; דארט ווערן אנגעוויזן אלע שטעלן אין תלמוד און מדרשים, ווו עס ווערט גערעדט וועגן ביאת המשיח, און שוין אין דריטהאלבן חדשים ארום [2] דערשיינט זיין ווערק „משמיע ישועה", ווו ער פלייסט זיך צו דערווייזן, אז צווישן די נביאים זיינען געווען זיבעצן „מבשרים", וואס האבן אנגעזאגט די בשורה, אז משיח וועט קומען.

באזונדערס אינטערעסאנט איז פאלגנדיקער פרט: אין די אלע ווערק, וואס באהאנדלען די „גאולה־פראבלעם", קערט זיך אברבנאל יעדעס מאל אום צו איין און דער זעלבער פראגע, וואס האט, ווי עס שיינט, שטארק באאומרויקט ניט נאר אברבנאלן אליין, נאר זיין גאנץ דור: וואס וועט זיין בעת משיח וועט קומען מיט די צוואנג־מאראנען, מיט די, וואס האבן אויס טויט־שרעק אנגענומען לפנים דעם קריסטלעכן גלויבן, אבער אין הארצן טריי געבליבן דער אמונה פון די אבות. אין הארציק־רירנדיקע ווערטער פארזיכערט אברבנאל, אז אויך זיי, וואס האבן אויס נויט און

---

[1] זע „מעיני הישועה", מעין ח', תמר י', מעין י"א און י"ב.

[2] דאס ווערק „ישועות משיחו" האט אברבנאל פארענדיקט סוף דעצעמבער 1497, און שוין אינמיטן מערץ 1498 איז געווען פארטיק דער „משמיע ישועה".

צוואַנג אין דער צייט פון שמד און צרות דעם פרעמדן גלויבן אָנגענומען, וועלן אויך געניסן פון דער גאולה, אויך זיי וועלן אויסגעלייזט ווערן, אויך אויף זיי וואַרט דער בעכער פון גרויסער פרייד[1]. דער אברבנאל איז אָבער פעסט איבערצייגט, אַז משיח בן דוד וועט ברענגען די גאולה ניט נאָר דעם יידישן פאָלק, נייערט אויך דער גאַנצער מענטשהייט. אויסגעלייזט וועט ווערן די גאַנצע וועלט, און קיניגן וועט דעמאָלט איבער איר בלויז אמת און גערעכטיקייט[2].

דער דאָזיקער רייך באַגאַבטער מאַן מיט זיין היים ליבנדיק האַרץ און טריישאַפט צום פאָלק איז געוואָרן דער „משמיע ישועה" פון זיין דור, דער באַגייסטערטער פרעדיקער פון האָפענונג און טרייסט; און מיט ליבע און דאַנקבאַרקייט האָבן די שפּעטערדיקע דורות זיין נאָמען דערמאָנט. ער איז געווען דער אָנזאָגער פון נייע מיסטיש־גאולהשע שטרעמונגען, וואָס זייער השפּעה איז אין די שפּעטערדיקע צוויי הונדערט יאָר אַלץ מער געוואַקסן אויף דער יידישער גאַס, בעת דאָס לעבן איז דאָרט געוואָרן אַלץ פינסטערער און פינסטערער, און אַלץ ענגער האָט אַרומגעכאַפּט דעם יידישן געטאָ די פעסטע מויער פון שנאה, רישעות און רעכטלאָזיקייט.

פאַרענדיקט האָבן זיך די פינסטערע דורות פונם מיטלאַלטער. אויפגעשיינט האָט דער קאַיאָר פון אַ נייער וועלט. די מענטשלעכע פערזענלעכקייט האָט זיך אָנגעהויבן צו באַפרייען פון די שווערע מיטלאַלטערלעכע קייטן, און דעם מענטשנס פרייער פאָרשער־געדאַנק האָט ניצחונדיק אויסגעקעמפט זיין זכות אויף זעלבשטענדיקן קיום אָן דער טיראַנישער אַפּיטרופּסות פון דער טעאָלאָגיע און קאַטוילישער קירך. אין די שווערע ווייען פון די רעפאָרמאַציע־קאַמפן איז געבוירן געוואָרן אַ נייער לעבנסשטייגער מיט אַ נייעם וועלט־באַנעם. דער פרום־אַסקעטישער אידעאַל פון פרישות און כיגופים האָט אָנגעווירן זיין געוועזענעם גלאַנץ — אים האָט פאַרדרענגט דער לוסט און חשק צום רעאַלן ערדישן לעבן מיט אַלע זיינע ווייען און פריידן. און דווקא אין דער צייט פון גייסטיקן דערוואַכן האָבן די יידישע גאַס געדיכטע שאָטנס באַדעקט. די גייסטיקע העגעמאָניע פון יידישן פאָלק וואַנדערט איבער פון מערב קיין מזרח, און דערמיט הייבט זיך אָן די טרויעריקע תקופה פון בין־השמשות, פון מיטלאַלטערלעכער פינסטעריש. אַז דאָס רעאַלע לעבן איז געוואָרן פאַר יידן אַ אמתער „עמק

---

1 „משמיע ישועה", 54, עמ' א' (מיר ציטירן נאָך דער אָפּענבאַכער אויסגאַבע פון 1767).

2 דאָרטן, 27, דף א': „יהיו שני הדברים סמוכים זה לזה שהם: תשועת ישראל והצדק האמונה האמתית בעולם".

הבבא", אַ טאָל פון יאָמער און קלאָג, האָט די יידישע פערזענלעכקייט געפליסט זיך אויסטאָן פון „עולם הזה", אָפּשיידן זיך פון דער אויסערלעכער וועלט און פאַרטיפן זיך אין די „עולמות העליונים", אין דער פאַנטאַסטישער וועלט פון מיסטישע באַגריפן און אינטערעסן, וואָס האָט ניט געוואָלט וויסן פון וויסנשאַפטלעכן פאָרשן און פרייען קריטישן דענקען. בלויז אונטער דעם לאַזור־בלויען הימל פון איטאַליע, אינם לאַנד פון אויפלעבונג און רענעסאַנס, האָט נאָך צניעותדיק געצאַנקט דאָס ליכט פון יידיש־עולמישער קולטור; אָבער אין דעם הויפט־צענטער פון דעם גייסטיקן יידישן לעבן — אין דעם דייטש־פוילישן און טערקיש־פּאַלעסטינישן יידנטום, האָט די קולטור געטראָגן אַן איינזייטיקן טעאָלאָגיש־רבנישן כאַראַקטער. די קבלה המשיחית איז געווען דער „מלך בכיפה", זי האָט אומבאַגרענעצט געוועלטיקט איבער די מוחות פון דעם געטאָ און געשפּינט איר פאַנטאַסטיש געוועב...

אָט וועגן דער בין־השמשות־תקופה וועלן מיר ריידן אין די ווייטערדיקע בענד פון אונזער ווערק.

# ביילאַגע נומ׳ 1

(זע זייט 46)

## אַברהם אַבולפיה וועגן התפשטות הגשמיות

כאַראַקטעריסטיש זיינען די ספּעציעלע פאָרשריפטן, וואָס אברהם אבולפיה גיט אין זיין „חיי עולם הבא" [1], אויף וואָס פאַר אַן אופן דער מענטש קאָן דערגרייכן די נייטיקע מדרגה פון התפשטות הגשמיות, בכדי ער זאָל זיין מסוגל צו פאַרנעמען זיך מיט „צירופי אותיות" און וווּנדער טאָן מיט דער הילף פונם „שם":

„הכון לקראת אלהיך, ישראל! הכון עצמך לייחד לבבך וטהר גופך ובחר לך מקום מיוחד, שלא ישמע קולך לשום אדם בעולם, והיה יחיד ומיוחד מתבודד מבלתי אחר; ושב במקום אחד בחדר או בעליה ואל תגלה סודך לאדם, ואם תוכל תעשהו ביום בבית אפילו מעט עשהו, ואמנם הטוב והישר ראוי שתעשהו בלילה. והזהר לפנות מחשבותיך מכל הבלי העולם באותה שעה משאתה מכין עצמך לדבר עם בוראך ואתה מבקש שיודיעך את גבורותיו; והתעטף בטליתך ושים תפילין בראשך ובידיך אם תוכל כדי שתהיה ירא וחרד מפני השכינה אשר היא עמך אז בעת ההיא, ונקה בגדיך ואם תוכל יהיו כלם בגדים לבנים כי כל זה מועיל לכונת היראה והאהבה מאד מאד. ואם יהיה בלילה הדלק נרות הרבה עד שיאירו עיניך יפה יפה, ואח"כ תקח בידיך דיו ועט ולוח וזה יהיה לך לעד שאתה בא לעבוד עבודת ד׳ אלהיך בשמה ובטוב לבב והחל לצרף אותיות מעטות אם רבות והפכם וגלגלם במהירות עד אשר יחם לבבך בגלגליהם וישיש בתנועתם, ובמה שתוליד מגלולים. ושתרגיש בך שכבר חם לבבך מאוד מאוד בצירופים והבינות מהם ענינים חדשים אשר לא השגתם בקבלה האנושית ולא ידעת מעצמך מתוך העיון השכלי, וכבר אתה מוכן לקבל השפע והשפע נשפע עליך ומעוררך בדברים זה אחר זה, הכן מחשבותיך האמתיות לצייר את השם ית׳ ואת מלאכיו

---

1 אין אונזער מאַנוסקריפּט, ז׳ 38.

העליונים לציירם בלבבך כאלו הם בני אדם עומדים או יושבים סביבותיך ואתה ביניהם כמו שליח שהמלך ועבדיו רוצים לשלחו והוא מוכן לשמוע מפי מי מהם ישמע דבר השליחות אם מהמלך או מאחד מעבדיו, ואחרי ציירך זה הכן שכלך ולבך להבין ממחשבתך הענינים הרבים אשר יבואו לך מתוך האותיות הנחשבות בלבך או המעשים ועיין בכללם ובחלקיהם כמו איש שמגידים לו משל אחד או חידה אחת או חלום אחד או מעיין בספר חכמה בענין אחר עמוק בהשגתו ופתור הענין אשר תשמע לפתרון המעולה ולקרוב אשר תוכל וכפי מה שתבין ממנו תדין בעצמך וגם באחרים לכל מה שיאמרו לך. וזה כלו יהיה לך אחר שתשליך הלוח מידיך והקולמוס מבין אצבעותיך או אחר שיפלו הם בעצמם מתוך רוב מחשבותיך. ודע כי כל מה שיתחזק אצלך השפע השכלי הנכבד יחלשו אבריך החצונים והפנימיים ויתחיל כל גופך להשתער שערה חזקה עד מאוד עד שתחשוב בעצמך שעל כל פעם תמות בעת ההיא כי תפרד נפשך מגופך מרוב שמחתה בהשגתה ובהכרתה מה שֶׁמַּכֶּרֶת (שמוכרחת?) ותבחר מות מחיים בדעתך כי זה המות קורה לגוף ובסבת זה תחיה הנפש תחית המתים לעולמי עד, אז תדע שהגעת אל מעלת קבלת השפע. ואם תרצה אז לכבד את השם הנכבד ולעבדו באמת בחיי הנפש וגוף הסתר פניך עוד ותירא מהבט אל אלהים ואל תקרב הלום, של נעליך מעל רגליך כי המקום אשר אתה עומד עליו אדמת קודש הוא. ושוב לעניני הגוף וקום משם לאכול מעט ושתה מעט והריח ריח טוב והשב רוחך לנדנה עד זמן ושמח לבך עם חלקיך. ודע כי אהבת ד׳ אלהיך המלמדך להועיל המלמד אדם דעת. וכשתהיה בקי בענין בחירת חיים זאת ותעשה דבר זה פעמים רבות עד שיעלה הדבר הזה בידיך חזק ואמץ מאוד ותבחר עוד בבחירה אחרת עליונה מזאת תקן עצמך כאשר אמרתי וכוון לבך ונפשך וזכך מהשבותיך השכליות והחל להזכיר בכוונה שלימה ובניגון נחמד ונעים בניקוד האמתי של כל אות ואות.

---

## בייל‍אַגע נומ׳ 2

(זע זייט 43—45)

### וועגן דער אידענטישקייט צווישן באַוווּסטזיין און זיין

אינם „זוהר״ פאַרנעמט אַ גאַנץ בכבודיקן אָרט דער גרונטגעדאַנק וועגן פולשטענדיקער ענלעכקייט און גלייכקייט צווישן דעם באַוווּסטזיין און דעם זיין. דערביי ווערט געמאַכט דער לאָגישער פּועל־יוצא, אַז דאָס

רעאַלע און אידעאַלע, ד"ה דאָס וואָס ס'איז און וואָס ס'דאַרף זיין, זיינען היינו הך — איינס און דאָס זעלבע, און ס'איז צווישן זיי קיין שום חילוק ניט פאַראַן. דער באַרימטער בעל מקובל משה קורדובירו פאַר־טייטשט דעם דאָזיקן געדאַנק אין זיין „פרדס רמונים" בזה הלשון:

„דעם באַשעפערס וויסן איז גרונטפאַרשיידן פון דעם מענטשנס וויסן, אָדער פון דעם וויסן פון אַנדערע באַשעפענישן, וואָרעם ביי זיי אַלע איז דאָך דאָס וויסן און אויך דאָס דערוווּסטע גאַנץ אָפּגעזונדערט פון דעם וויסנדיקן גופא, ד"ה — עס עקסיסטירט אַ געוויסע מחיצה צווישן דעם וויסן, וויסנדיקן און געוווּסטן, אָדער, מיט אַנדערע ווערטער: צווישן דעם געדאַנק, דענקענדיקן און געדאַכטן. גאַנץ אַנדערש פאַרלויפט דער פּראָצעס פון דענקען ביים באַשעפער: ער איז אין איין און דער זעלבער צייט דאָס וויסן, דער וויסנדיקער און דאָס געוווּסטע צוזאַמען. וואָרעם זיין וויסן באַשטייט דאָך ניט אין דעם, וואָס ער דערפאָרשט אַזוינס, וואָס געפינט זיך אויסער אים — ער פאָרשט און ערקענט בלויז זיך גופא; און זיך דערפאָרשנדיק, דערקענט ער דערמיט אַלץ, וואָס עקסיסטירט, וואָרעם קיין זאַך עקסיסטירט דאָך ניט אויסער אים, אַלץ געפינט זיך רק אין אים. ער איז דאָס פאָרבילד פון אַלץ, וואָס עקסיסטירט, אַלץ רוט אין אים אין זיין העכסטער און פולקומענסטער געשטאַלט, און די שלימות פון יעדער עקסיסטענץ באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס זי גיסט זיך צונויף מיטן ערשטן קוואַל פון אַלץ וואָס ס'איז, און וואָס מער עס דערווייטערט זיך פון דעם מקור — אַלץ ווייטער ווערט עס פון שלימות".

ניט דער זוהר אָבער האָט דער ערשטער באַקענט מיט דעם דאָזיקן פילאָזאָפישן געדאַנק די העברעיִשע ליטעראַטור. מיר באַגעגענען שוין דעם זעלבן געדאַנק אויסגעדריקט, אמת אין אַ גאַנץ קנאַפּער פאָרם, אין דעם ערשטן זאַץ פון דעם „ספר יצירה", ווו עס ווערט דערציילט, אַז גאָט האָט די וועלט באַשאַפן „בספר וספור וספר". לויט יהודה הלוים ערקלערונג האָבן די דאָזיקע ווערטער פאָלגנדן באַטייט: מיט ציילן, ד"ה מיט דענקען, מיטן מינדלעכן וואָרט און מיט דער שריפט. „די געטלעכע שריפט — דער־קלערט הלוי — דאָס איז זיין באַשאַפונג, גאָטס וואָרט — איז זיין שריפט, און גאָטס געדאַנק — זיין וואָרט. דער געדאַנק, דאָס וואָרט און די שריפט זיינען ביי גאָט איינס און דאָס זעלבע, ביי דעם מענטשן אָבער זיינען דאָס דריי גאַנץ פאַרשיידענע זאַכן"[1]

---

[1] „כוזרי", IV, סימ' 25: וְסֵפֶר רצה לאמר המכתב, ומכתב אלקים הוא יצירתיו ודבר אלקים הוא מכתבו ושיעור האלקים הוא דברו. הנה שב הסֵפֶר והסִפּוּר והסְפָר בחק האל דבר אחד ובחק האדם שלשה.

הלוים יינגערער בן־דוד, אברהם אבן עזרא, זאָגט אויך ארוים דעם אייגענעם געדאַנק אין זיין פירוש אויף תורה. די באַקאַנטע ווערטער: ויקרא ד׳ ד׳! ווערן ביי אים באַגלייט מיט פאָלגנדער באַמערקונג: „ואל תתמה בעבור שהשם קורא השם, כי הוא לבדו יודע, ודעת וידוע״[1].

אויך ביים אריסטאָטעליקער מיימוני געפינען מיר דעם אייגענעם געדאַנק און כמעט אין די זעלבע אויסדרוקן ווי ביים מקובל קורדובירו[2]:

„הקב״ה — זאָגט דער רמב״ם אין זיין „ספר המדע״ [3] — ווייסט און באַגרייפט אויפן ריכטיקסטן אופן זיין אמתן מהות. זיין וויסן הייסט אָבער ניט באַגרייפן אזוינס, וואָס געפינט זיך אויסער אים, ווי דאָס איז דער פאַל ביי אונזער וויסן און וועלט־באַגרייפן, ווייל דאָס, וואָס מיר באַגרייפן, ליגט אויסער אונז; ביים באַשעפער אָבער איז ער, זיין וויסן און זיין „זיין״ — די פולשטענדיקע און אַבסאָלוטע איינהייט. וואָרעם ווען מיר זאָלן מאכן אַ מחיצה צווישן אים, זיין „זיין״ און זיין וויסן, וואָלטן מיר דאָך געמוזט קומען צום געדאַנק ווען פילע געטער, און דער געדאַנק איז דאָך אויסגעשלאָסן. קומען מיר דערפאַר צום אויספיר: הוא היודע והוא הידוע והוא הדיעה עצמה הכל אחד — ער איז דער ווייסנדער, ער איז דאָס דערוווסטע און אויך דאָס וויסן — אַלץ צוזאַמען איז די פולשטענדיקע איינהייט. דאָס איז אַזאַ טיפער באַגריף, וואָס דאָס מויל דאַרף אים ניט אַרויסברענגען, די אויערן דאַרפן אים ניט פאַרנעמען און דעם מענטשנס מוח איז ניט אימשטאַנד אים געהעריק משיג צו זיין... ער באַגרייפט דערפאַר די באַשעפענישן, און באַגרייפט זיי אַלס באַשעפענישן ניט ווי מיר טוען זיי באַגרייפן; ער ערקענט זיי דאדורך, וואָס ער ערקענט זיך גופא, וואָרעם — זיך ערפאַרשנד און ערקענענד ערקענט ער אַלץ, ווייל אַלץ אין דער וועלט שטיצט זיך דאָך אויף זיין מהות״ (לפיכך אינו מכיר הברואים ויודעם מחמת הברואים כמו שאנו יודעין אותם, אלא מחמת עצמו ידעב לפיכך מפני שהוא יודע עצמו יודע הכל שהכל נסמך לו בהוייתו)[4].

לויט פראַנקס ריכטיקע באַמערקונג[5], האָבן בנוגע צו דעם פונקט הן די מקובלים, הן דער אריסטאָטעליקער מיימוני געשעפט פון איין און דעם זעלבן מקור — פון די נעאָפּלאַטאָניקער.

---

1 שמות, פרש׳ כי תשא.

2 דערויף האָט שוין אָנגעוויזן ד. יואל אין זיין „רעליגיאָנספילאָזאָפיע דעם ואָהאַרס״, 8—9.

8 ענדע פונם צווייטן קאַפּיטל.

4 מער באַריכות אַנטוויקלט דער רמב״ם דעם דאָזיקן געדאַנק אין „מורה״, ח״א, פרק 68.

5 דיע קאַבאַלאַ, 211—212 (מיר ציטירן לויט דער דייטשער איבערזעצונג, 1844).

# ביילאַגע נומ׳ 3

(ז. זייט 72).

## פראַגמענט אוים דעם זוהר:

### I. ר׳ שמעון בן יוחאים פטירה

א״ר אבא: לא סיים בוצינא קדישא למימר חיים, עד דאשתככו מילוי ואנא כתבנא; סברנא למכתב טפי ולא שמענא ולא זקיפנא רישא׳, דנהורא הוה סגי ולא הוה יכילנא לאסתכלא, אדהכי אזדעזענא, שמענא קלא דקארי ואמר: ארך ימים ושנות חיים וכו׳. שמענא קלא אחרא: חיים שאל ממך וכו׳, כל ההוא לא אפסיק אשא מן ביתה ולא הוה מאן דמטי לגבי דלא יכילו דנהורא ואשא הוה בסוחרניה.

האָט געזאָגט ר׳ אבא [1]: אז דער „הייליקער געליכט" [2] האָט פאַרענ־דיקט מיטן וואָרט „חיים", האָבן זיך מער קיין ווערטער שוין ניט געלאָזט הערן, און איך האָב נאָך אַלץ גע־שריבן. מיר האָט געדאַכט איך האָב נאָך לאַנג געשריבן זייט דעם די שטים איז אַנטשוויגן געוואָרן. איך האָב אַלץ דעם קאָפּ ניט אויפגעהויבן, דאָס ליכט איז געוועזן אַזוי בלענדנד, אַז איך האָב אויפבליקן ניט געקאָנט. פּלוצלונג בין איך פאַרציטערט גע־וואָרן, איך האָב דערהערט אַ שטים, וואָס האָט צו מיר גערופן: אַ לאַנגע קייט פון טעג אַנטפּלעקט זיך פאַר דיר, און פילע יאָרן פון לעבן און גליק!.. און אַ אַנדער שטים האָב איך דערהערט: „לעבן האָט ער ביי דיר גע־בעטן און דו באַשענקסט אים מיט יאָרן פון אייביקייט!" און אַ גאַנצן טאָג האָט דאָס פייער אַרומגערינגלט דאָס הויז, און קיינער האָט דעם מוט ניט געהאַט צום הויז זיך דערנעענטערן. אַזוי גרויס איז געוועזן דאָס פייער און בלענדנד דאָס ליכט וואָס אַרום דעם הויז.

1 ר׳ אבא איז געוועזן ר׳ שמעון בן יוחאים געליבטער תלמיד, וואָס פלעגט פאַרשרייבן דעם רבינס תורה.

2 אַזוי פלעגן די תלמידים רופן ר׳ שמעון בן יוחאי.

כל ההוא יומא נפילנא על ארעא וגעינא, בתר דאזל אשא חמינא לבוצינא קדישא קדש הקדשים דאסתלק מן עלמא אתעטף שכיב על ימיניה ואנפוי חייכין. קם ר׳ אלעזר בריה ונטול ידוי ונשק לון ואנא לחיכנא עפרא דתחות רגלוי. בעו חברייא למבכי ולא יכילו למללא, שארו בכי חברייא ור׳ אלעזר בריה נפל תלת זמנין ולא יכל למפתח פומיה, לבתר פתח ואמר: אבא, אבא!.. קם ר׳ חייא על רגלוי ואמר: עד השתא בוצינא קדישא מסתכל עלן, השתא לאו הוא עדן אלא להשתדלא ביקריה? קם ר׳ אלעזר ור׳ אבא נטלו ביה בטירקא דסיקלא מאן חמא ערעורא וערבוביא דחברי׳ וכל ביתא סליק ריחין, סליקו ליה בפוריה ולא אשתמש ביה ר׳ אלעזר ור׳ אבא...

דעם גאַנצן טאָג בין איך אויף דער ערד געלעגן און געזיפצט. אַז דאָס פייער האָט זיך דערווייטערט, האָב איך דערזען, אַז דער בוצינא קדישא, דער הייליקער פון אַלע הייליקע, האָט די דאָזיקע וועלט פאַרלאָזן. ער איז געלעגן אויף דער רעכטער זייט און אַ שמייכל האָט געשיינט אויף זיין געזיכט. איז אויפגעשטאַנען דער זון זיינער ר׳ אלעזר, האָט דעם פאָטערס הענט גענומען און זיי געקושט און איך האָב געקושט דעם שטויב, וואָס אונטער זיינע פיס. די איבערגעגעבע־נע פריינד האָבן אים באַוויינען גע־וואָלט, קיינער האָט אָבער קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסריידן, זיי האָבן נאָר צולעצט אָנגעהויבן גיסן מיט טרערן. אויך זיין זון ר׳ אלעזר איז דריי מאָל צו זיינע פיס געפאַלן און קיין איין וואָרט ניט געקאָנט אַרויס־ריידן. צום סוף האָבן זיך זיינע ליפן געעפנט און ער האָט אויסגעשריען: אבא, אבא! — פאָטער, פאָטער!..

איז אויפגעשטאַנען ר׳ חייא און האָט געזאָגט: ביז היינטיקן טאָג האָט דער „בוצינא קדישא" געזאָרגט פאַר אונז אַלע, צי איז איצט ניט געקומען די צייט מיר זאָלן זאָרגן וועגן זיין כבוד וועגן? זיינען אויפגעשטאַנען ר׳ אלעזר און ר׳ אבא, אים אין תכריכים איינגעוויקלט; אַלע האָבן אים אַרומ־גערינגלט מיט גרויס געוויין און דאָס גאַנצע הויז איז פול געוואָרן מיט וווּנ־דערשיינע גערוכן. מען האָט אים אויף דער מיטה אַרויפגעלייגט און בלויז

ר׳ אלעזור און ר׳ אבא האָבן זיך דערביי מתעסק געווען...

בתר דנפק פורייא הוה סליק באוירא ואשא הוה להיט קמיה, שמעו קלא: עולו ואתו ואתכנשו להילולא דרבי שמעון... כד עאל למערתא שמעו קלא במעורתא: זה האיש מרעיש הארץ מרגיז ממלכות... דנא רשב״י דמאריה משתבח ביה בכל יומא. זכאה חולקיה לעילא ותתא כמה גניזין עלאין מסתמרן ליה עליה אתמר: ואתה לך לקץ ותנוח ותעמוד לגורלך לקץ הימין.

ווי נאָר די מיטה האָט זיך דערוויי־טערט, האָט מען אים דערזען הויך אין דער לופטן שוועבן, און אַ פייער האָט געפלאַמט אַרום אים. דעמאָלט האָט זיך אַ שטים דערהערט: שטייט אויף, קומט, זאַמלט זיך צונויף אויף דעם גרויסן יום־טוב פון רבי שמעון... בעת ער האָט זיך צו דער הייל דער־נענטערט, האָט זיך פון דאָרט אַ שטים געלאָזט הערן: „אָט דאָס איז דער מאַן, וואָס האָט מרעיש געווען די גאַנצע וועלט און מאַכט קיניגרייכן צי־טערן!..״ אָט אַזעלכער איז ר׳ שמעון בן יוחאי, וואָס גאָט גרויסט זיך מיט אים יעדן טאָג. געלויבט איז זיין חלק אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט... אויף אים זיינען געזאָגט גע־וואָרן די ווערטער: גיי מונטער אַנט־קעגן דיין סוף. רו וועסטו געפינען, און אויפשטיין וועסטו דערנאָך בכדי עמפּאַנגען דיין שיינעם גורל — לקץ הימין, אויף דער גרענעץ פון די קומענדיקע טעג...

(זוהר, חלק ג׳, דף 296 לויט מאַנטואַנער אויסגאַבע; חלק ג׳ דף 502—3 לויט זולצבאַכער אויסגאַבע).

---

## II. ווי גאָט האָט די צען ספירות אויס זיך געטאָן אויסשטראַלן

ואל מי תדמיוני ואשוה יאמר קדוש, לית כל בריה דאשוה כוָתי ואע״ג דבראתי לה כדמות אתוון דילי, דאנא יכול למחא׳ ההיא צורה ולמעבד לה כמה זמנין ולית אלה אחרא עלי

אין פסוק שטייט: ואל מי תדמיוני ואשוה, צו וועמען קאָנט איר מיך גלייכן איך זאָל צו אים ענלעך זיין, זאָגט דער הייליקער. צווישן אַלע באַ־שעפענישן, וואָס זיינען טאַקע באַ־

דיכיל לממחי דיוקני ובגין דא: כי לא כצורנו צורם ואויבינו פלילים. ואי יקשה בר נש דהא כתיב כי לא ראיתם כל תמונה? איהו יתרץ ליה: האי תמונה חזינא, דהא כתיב: ותמונת ד׳ יביט, ולא בכל תמונה אחרא דברא ויצר באתווי ובגין דא: ואל מי תדמיוני ואשוה, ואל מי תדמיון אל ומה דמות תערכו לו? דאפילו האי תמונה לית ליה באתריה, אלא כד נחית לאמלכא עלייהו ויתפשט על בריין, יתחזי לון לכל חד כפום מראה וחזיון ודמיון דלהון והאי איהו: וביד נביאים אדמה... אע״ג דאנא אדמה לכו בדיוקנייכו— אל מי תדמיוני ואשוה?

שאפן נאך מיין עבנבילד, איז דאך קיין איינציק ניטא, וואס זאל מיר ענ־לעך זיין; ווארעם איך קאן צעשטערן די געשטאלט אין וועלכער איך האב מיך פאר דער וועלט אנטפלעקט, און באשאפן נייע, עס איז אבער ניט פאראן קיין אנדער גאטהייט איבער מיר, וואס זאל קאנען מיין בילד צע־שטערן, ווי עס שטייט געשריבן (דברים 31, 32): כי לא כצורנו צורם, ניט גלייכן קאן זיך אייער גאט צו אונ־זערן, אפילו די שונאים מוזן דאס אנערקענען. וועט אבער א בר־נש א קשיא פרעגן: עס שטייט דאך אין דער תורה: כי לא ראיתם כל תמונה? דעם דארף מען געבן דעם ענטפער: נאר אין דער געשטאלט זעען מיר גאט, ווי אין דער תורה שטייט: ותמונת ד׳ יביט, נייערט אין קיין שום אנדער גע־שטאלט, ווי אין פסוק שטייט: ואל מי תדמיוני ואשוה? ואל מי תדמיון אל ומה דמות תערכו לו? צו וועמען קענט איר מיך גלייכן איך זאל זיין ענלעך צו אים? צו וועמען קאנט איר גאט פארגלייכן, און וואס פאר א גע־שטאלט וועט איר אים אקעגנשטעלן? ווארעם אפילו די געשטאלט איז דאך אים אויך ניט ענלעך. בלויז ווען ער לאזט זיך אראפ צו קיניגן איבער דער וועלט און באווייזן זיין גרויסקייט פאר זיינע באשעפענישן, דערשיינט ער פאר יעדן באזונדער אין דער גע־שטאלט, אין דעם בילד און אויסזען לויט יענער איז אימשטאנד משיג צו זיין, ווי עס שטייט געשריבן: וביד

נביאים אדמה, לויט דעם נביא איז מיין דערשיינונג... דערפאַר טאַקע זאָגט גאָט: כאַטש איך ערשיין פאַר אייך אין א י י ע ר ע בילדער — צו וועמען קאָנט איר מיך גלייכן איך זאָל ענלעך זיין?

דהא קודם דברא דיוקנא בעלמא וצייר צורה הוה הוא יחידאי בלא צורה ודמיון ליה ומאן דאשתמודע ליה קודם בריאה דאיהו לבר מדיוקנא, אסור למעבד ליה צורה ודיוקנא בעלמא לא כאות ד' ולא כאות י' ואפילו בשמא קדישא מפרש ולא בשום אות ונקודה בעלמי והאי איהו: כי לא ראיתם כל תמונה מכל דבר דאית ביה תמונה ודמיון לא ראיתם. אבל בתר דעביד הא דיוקנא דמרכבה דאדם עלאה נחית תמן ואתקרי בההוא דיוקנא יהו"ד, בגין דאשתמודעון ליה בדמות דיליה * וקרא: אל אלהים, שדי, צבאות.

איידער גאָט האָט אויף דער וועלט א בילד פולבראַכט און פאָרמען געשאַפן, איז ער געווען גאַנץ אליין אָן א געשטאַלט און עבנבילד. ווער־זשע איז אימשטאַנד צו באַגרייפן זיין מהות פון פאַר מעשה בראשית, אז ער איז דאָך דאַן געווען אויסער וועלכער ס'איז געשטאַלט? עס איז דערפאַר פאַרבאָטן אים אויסצומאָלן אויף וועלכן ס'איז אופן, ניט מיט קיין בילד, ניט מיט וועלכן ס'איז ציור, ניט אפילו מיטן שם המפורש, אויך ניט מיט קיין שום אות און פינטעלע, ווי אין פסוק שטייט: כי לא ראיתם כל תמונה, ד"ה איר האָט ניט געזען אזוינס, איר זאָלט עס קאָנען אויסמאָלן אין בילדער און פאַרצייכענען אין פאָרמען. נאָר נאָכדעם ווי ער האָט געשאַפן דאָס אורבילד פונם הימלישן מענטשן, האָט ער אים באַנוצט אלס רייטוואָגן, אויף וועלכן ער האָט זיך פאַר דער וועלט באַוויזן. אין דער דאָזיקער געשטאַלט ווערט גאָט אָנגערופן מיטן שם הויה. האָט ער געוואָלט מען זאָל אים דערקענען אויך אין אנדערע געשטאַלטן, האָט ער זיך אנטפּלעקט

* אין דער זולצבאַכער אויסגאַבע פאָלגן דאָ נאָך די ווערטער: בכל מדה ומדה; זיי האָבן אָבער דאָ קיין זין ניט, און אין די אנדערע אויסגאַבן פעלן זיי טאַקע.

אהי״ר בגין דאשתמודעין ליה בכל מדה ומדה איך מתנהג עלמא בחסד ובדינא כפום עובדיהון דבני נשא דאי לא יתפשט נהוריה על כל בריין איך ישתמודעון ליה ואיך יתקיים מלא כל הארץ כבודו. ווי ליה מאן דישוה ליה בשום מדה ואפי׳ מאלין מדות דיליה כ״ש לבני האדם אשר בעפר יסודם דכָלים ונפסדים; אלא דמיונא דיליה כפום שלטנות על ההוא מדה ואפילו על כל בריין ולית לעילא מההיא מדה כד אסתלק מינה לית ליה מדה ולא דמיון ולא צורה, אלא כאתפשטות דמיא דְיַמא על מאנא דאיהו ארע׳ אתעביד דמיון.

אלם אל אלהים, אלם שדי און אלם דער גאט פון די הערשאפטן — ד׳ צבאות.

האט ער געוואלט מען זאל אים לויט זיינע מדות דערקענען. מען זאל באַגרייפן ווי ער פירט די וועלט און רעגירט איבער אלע באַשעפענישן מיט דער מדה פון חסד און מיט דער מדה פון דין לויט זייער פאַרדינסט. ווארעם וואלט ער זיין ליכט פאַרשפרייט איבער אלע באַשעפענישן — ווי וואלטן זיי אים געקאָנט ערקאָנען און ווי וואלט מקוים געוואָרן דאס, וואס אין פסוק שטייט: מלא כל הארץ כבודו. ווייי איז אָבער צו דעם, וואס וויל גאט גלייכן צו איינער פון זיינע מידות אָדער אַפילו צו אַלע מדות צוזאַמען, בפרט נאָך צו אַ פשוטן בן אדם, וואס וועגן אים שטייט דאָך געשריבן: אשר בעפר יסודם, זיי שטאַמען פון שטויב, און ווי שטויב ווערן זיי צעשטערט און פאַרלוירן. דאס בילד וואס מיר באַקומען וועגן אים איז בלויז דער צייכן פון זיין שליטה איבער דער און דער מידה אָדער איבער די באַשעפענישן בכלל. מער ווי עס איז אויסגעדריקט אין זיינער אַ מדה, קאָנען מיר וועגן זיין מהות ניט וויסן, ווארעם אויסער דעם האָט ער ניט — ניט קיין מידות, ניט קיין בילדער און פאָרמען. זיין אַנטפּלעקונג קאָן מען פאַרגלייכן צום וואַסער פונםברייטן ים, וואס באַקומט ערשט דאַן גרענעצן און נעמט אָן באַשטימטע פאָרמען, ווען ער באַרירט זיך מיט דער יבשה.

ויכילנ׳ למעבד חושבן תמן כגון המקור דימא הא חד, נפיק מיניה מעין כפום אתפשטותא דיליה בההוא מאנא כעגולא דאיהי הא מקור חד ומעין דנפיק מניה הא תרין. לבתר עבד מאנא רברבא כגון מאן דחפר חפירא רברבא אתקרי ים, והוא מאנא תליתאה. וההוא מאנא רברבא אתפלג לז׳ נחלין מאנין כפום מאנין אריכין, הכי אתפשט מיא מן ימא לשבעה נחלין והא מקור ומעיין וימא וז׳ נחלין אינון י׳. ואי אתברו אלין מאנין דתקין יהדרון מיא למקור וישתארו מאנין תבירין, יבישין בלא מיא. הכי עלת העלות עביד עשר ספירות וקרא לכתר מקור וביה לית סוף לנביעו דנהורא ובג״ד קרא לגרמיה אין סוף ולית ליה דמות וצורה ותמן לית מאנא למתפס ליה למנדע ביה ידיעה כלל ובג״ד כתיב: במפלא ממך אל תחקור. לבתר עבד מאנא זעירא ודא י׳ ואתמליא מניה וקרא ליה מעין נובע חכמה, וקרא גרמיה בה חכם ולההוא מאנא קרא ליה חכמה. ולבתר עבד מאנא רברבא וקרא ליה ים וקרא ליה בינה, והוא קרא לגרמיה מבין בה חכם מעצמו ומבין מעצמו כי החכמה איהי לא אתקרי את חכמה מגרמיה אלא בגין ההוא חכם דאמלי ליה מנבועי דיליה, ואיהי לא אתקראת בינה מעצמה אלא בגין ההוא מבין דאמלי ליה מניה דאי הוה מסתלק מניה אשתארת יבשה, הה״ד: אזלו מים מני ים ונהר יחרב ויבש. לבתר והכהו לשבע

מיר קאָנען דאָס אויסמאָלן אויף פאָלגנדן אופן: דער קוואַל פונם ים מיט זיין געוויסער — איז איינס. פונם קוואַל פליסט אויס אַ אויסגוס, און ער מיטן קוואַל צוזאַמען באַטרעפן שוין צוויי. דערנאָך אַנטשטייט אַ וואַסער־זאַמלער ווי אַ גרויסע אויסגעגראָבענע הייל, און דער וואַסערזאַמלער, וואָס ווערט אָנגערופן ים — דאָס איז שוין זאַלבעדריט. פון דעם אומגעהייער־ערן וואַסערזאַמלער פליסן אויס זיבן טייכן, וואָס פילן אָן זיבן גרויסע געפעסן. אַלע זיבן טייכן ווערן גע־שפייזט מיטן וואַסער פון דעם איינעם ים; דער קוואַל, דער אויסגוס, דער ים און די זיבן טייכן באַטרעפן צוזאַמען צען, און ווען דער באַשעפער צעברעכט די זיבן געפעסן, קערט זיך אום דאָס וואַסער צום קוואַל און די געפעסן בלייבן צעבראָכן, פאַרטריקנט אָן וואַ־סער. אַט אַזוי האָט דער עִלה פון אַלע עִלות, די סיבה פון אַלע סיבות באַ־שאַפן די צען ספירות. דעם קוואַל האָט ער אַ נאָמען געגעבן „כתר", און די קרוין שטראַלט אַרוים אָן אומענדלעך ליכט. זיך גופא האָט די סיבה ראשונה אַ נאָמען געגעבן „אין־סוף", ווייל דאָ האָט זי נאָך ניט קיין געשטאַלט, ניט קיין פאָרם און עס איז נאָך אוממעג־לעך זי צו פאַרשטיין און קיין שום מיטל פאַראַן זי צו באַגרייפן. דערפאַר זאָגט דער בן־סירא: במפלא ממך אל תחקור — גלידער ניט נאָך דעם, וואָס ס'איז פאַר דיר פאַרהוילן. דערנאָך האָט ער באַשאַפן אַ קליין געפעס ווי

נחלים לו מאנין יקירין וקרא לון: גדולה, גבורה, תפארת, נצח, הוד, יסוד, מלכות. וקרא גרמיה גדול בגדולה וחסיד גבור בגבורה, מפואר בתפארת, מארי נצחן קריבן בנצח נצחים, ובהוד קרא שמיה הוד יוצרנו וביסוד קרא שמיה צדיק ויסוד בלא סמוך ביה כל מאנין וכל עלמין, ובמלכות קרא שמיה מלך, ולו הגדולה והגבורה והתפארת והנצח וההוד כי כל בשמים דאיהו צדיק ולו הממלכה דאיהו מלכות כלא ברשותיה. למחסר במאנין ולאוספא בהון נביע׳ ולמחסר כפום רעותיה ביה...

דער אות י׳; דאָס געפעס איז אָנגעפילט געוואָרן פון דעם קוואַל, און די סיבה ראשונה האָט עס אַ נאָמען געגעבן דער קוואַל פון חכמה, זיך גופא האָט זי אָנגערופן חכם. נאָך דעם געפעס, וואָס הייסט חכמה, האָט גאָט באַשאַפן אַ געפעס גרויס ווי דער ים און עס אַ נאָמען געגעבן בינה; איז ער געקרוינט געוואָרן מיט דעם נאָמען „מבין", ד״ה דער גאָט פון בינה. בעת אָבער גאָט איז אי „חכם" אי „מבין" לויט זיין עצם און מהות, האָט די „חכמה" באַקומען איר נאָמען נאָר אַדאַנק דעם, וואָס אויף איר איז משפיע דער קוואַל, און אויך דער ים וואָלט דעם נאָמען „בינה" ניט געטראָגן ווען ער זאָל ניט שעפּן יניקה פון דעם זעלבן קוואַל. און זאָל נאָר די סיבה ראשונה זיך אָפּווענדן פון אים — גלייך ווערט ער פאַרטריקנט; טאַקע ווי אין פסוק שטייט (איוב, 14, 2): אזלו מים מני ים ונהר יחרב ויבש — פאַרשווונדן איז דאָס וואַסער פונם ים; פאַרטריקנט און פאַרוויסט איז דער טייך געוואָרן. דערנאָך צעצווייגט זיך דער ים אויף זיבן טייכן און עס בילדן זיך זיבן טייערע געפעסן און ער האָט זיי נעמען געגעבן: גדולה, גבורה, תפארת, נצח, הוד, יסוד, מלכות. אויף דעם סמך ווערט ער גערופן: דער גאָט פון גדולה, וואָס איז שטאַרק מיט גבורה און באַשיינט מיט תפארת. ער איז דער גאָט פון אייביקן נצחון, איינגעהילט אין פּראַכטמאַנטל פון הוד, ער איז דער יסוד

פון אַלע וועלטן און אַלע עקסיסטענצן. ער איז געקרוינט מיט מלכות און קי־ניגט איבער דעם גאַנצן וועלטאַל, אים געהערט אי גדולה, אי גבורה, אי תפארת, אי נצח, אי הוד, וואָרעם אים געהערט אַלץ אין די הימלען; אים געהערן אַלע קיניגרייכן, אַלץ איז אין זיין מאַכט. ער קאָן מינדערן די צאָל פון די געפעסן, קאָן פאַרקלענערן און פאַרמערן דעם גלאַנץ פונם אויסגע־שטראַלטן ליכט — אַלץ נאָך זיין באַרוט...

(זוהר, II, ז׳ 42—43 לויט מאַנטואַנער אויסגאַבע, ז׳ 69—70 לויט זולצבאַכער אויסגאַבע).

## III. וועגן דעם מענטשנס נשמה.

נשמת׳ דצדיקי עלאין על כל אינון חילין ומשריין דלעיל. ואיתימ׳ הא עלאין אינון מתרין סטרין אמאי נחתין להאי עלמ׳ ואמאי אסתליקו מנייהו? למלכי דאתייליד ליה בר, שדר ליה לכפר למרבי ולגדלא ליה עד דיתרבי לי׳ ויולפון ליה ארחי דהיכל׳ דמלכא. שמע מלכא דהא בריה רב ואתרבי. מה עבד ברחימו דבריה? משדר לי למטרוני׳ אמיה בגיניה ואעיל ליה להיכליה וחדי עמיה כל יומא. כך קב״ה, אוליד בר במטרנית׳ ומאי איהו נשמת׳ עלאה קדישא, שדר ליה לכפר להאי עלמא דיתרבי ליה וילפון לה ארחי דהיכל׳ דמלכא. כיון דידע מלכ׳ דהא ברי׳ אתרבי בהאי כפר ועדן הוא למייתי ליה להיכלי, מה עביד ברחימו? משדר למטרוני בגיניה ואעיל ליה להיכליה.

די נשמות פון די צדיקים זיינען העכער פון די אַלע הימלישע מלאכי השרת. ווער מען אָבער פרעגן: אויב זיי זיינען אַזוי גרויס און דערהויבן, צו וואָס דערנידעריקן זיי זיך אין דעם עולם און דערווייטערן זיך פון זייער קוואַל? איז דערויף דאָ אַ משל: ביי אַ מלך איז געבוירן געוואָרן אַ זון, האָט מען אים אַוועקגעשיקט אין דאָרף אַריין, דאָרט אים ערציען ביז ער וועט אויסוואַקסן און מען וועט אים דאַן באַקענען מיט דעם שטייגער לעבן אינם מלכס הויף. האָט דער מלך דער־הערט, אַז זיין זון איז שוין אויסגע־וואַקסן, וואָס זשע טוט ער אוים ליבע צום זון? ער שיקט רופן די מלכה, די מוטער פון זיין זון, זי ברענגט צו פירן דעם זון אין פּאַלאַץ אַריין און זיינען זיך מיט אים משמח דעם גאַנצן טאָג.

דנשמת׳ לא סלקא מהאי עלמ׳ עד דאתת מטרוני בגיניה ואוביל ליה בהיכלי דמלכא ויתיב תמן לעלמין. ועכ"ד אורחא דעלמי דאינון בני כפר בכאן על פרישו דבריה דמלכא, מגייהו חד פקח הוה תמן אמר לון: על מה אתון בכאן? וכי לאו ברי דמלכי הוא? לא אתחזי למידר יתיר בינייכו אלא בהיכלא דאבוה. כך משה דהוה פקח חמא בני כפר דבכאן ע"ד אמר: בנים אתם לי לד׳ אלהיכם, לא תתגודדו! ת"ח אלו הוו ידעין כלהו צדיקיא האי הוו חדאן ההוא יומא דמאטי לון לאסתלקא מהאי עלמא. וכי לאו יקרא עלא׳ הוא דמטרו׳ איהי אתאר בגינייהו ולאובלא לון להיכלא דמלכא למחדי בהן מלכא כל יומא.

אזוי דער הקדוש ברוך הוא, א זון האט ער פון דער קיניגין — דאס איז די הייליקע הימלישע נשמה. שיקט ער זיין זון אויף דערציִונג אין דארף אריין, ד"ה אויף דעם עולם, ער זאל דארט אויסוואקסן און זיך באקענען מיטן שטייגער לעבן אין דעם מלכס פאלאץ. און ווען דער מלך דערוויסט זיך, אז זיין זון איז אויסגעוואקסן און ער איז שוין ראוי מען זאל אים אריינפירן אין פאלאץ אריין — וואס זשע טוט ער אויס ליבע צום זון? שיקט ער נאך אים די קיניגין און זי ברענגט אים אין פאלאץ אריין. וואר־רעם די נשמה פארלאזט קיין מאל ניט די ערדישע וועלט אן דער באגלייטונג פון דער קיניגין, און יענע פירט זי אריין אין דעם קיניגס היכל און דארט בלייבט זי אויף אייביקע צייטן. און דאך די מענטשן, וואס זיינען נייערט ניט מיין ווי דארפס־לייט, טוען זיי וויינען און קלאגן בעת דער בן־מלך טוט זיי פארלאזן. איז אבער צווישן זיי איינער א חכם געווען, האט ער צו זיי געזאגט: „וואס באוויינט איר אים? צי איז ער דען ניט דעם מלכס זון? פאסט ניט פאר אים ער זאל ווייטער צווישן אייך בלייבן — זיין פלאץ איז אין זיין פאטערס פאלאץ". אזוי האט אויך משה רבנו , וואס איז א גרויסער חכם געווען, געזאגט צו די בני כפר (ד"ה צו די קינדער פון דער ערד), וואס האבן די טויטע באוויינט: קינדער זייט איר ביי גאט דעם אלמעכ־טיקן — לא תתגודדו, זאלט איר אויף

אייער קערפּער קיין טרויער־צייכן ניט מאַכן צוליב דעם געשטאָרבענעם. וואָלטן וועגן דעם געוווּסט אַלע צדיקים, — מיט וואָס פאַר אַ פריידּ וואָלטן זיי דעם טאָג באַגעגנט, ווען זיי דאַרפן זיך מיט דער וועלט צעשיידן. צי איז דען ניט דער גרעסטער כבוד, אַז די מטרוניתא אַליין לאָזט זיך אַראָפּ אייך צוליב, פירט אייך אַריין אין דעם מלכים פּאַלאַץ, ווו דער מלך גופא פרייט זיך מיט אייך טאָג־טעגלעך...

(זוהר, I, 245, לויט מאַנטואַנער אויסגאַבע, ז׳ 518 לויט זולצבאַכער אויסגאַבע).

---

## IV. וועגן פשט און רמז.

כמה בני עלמא בערבוביא בסכלתנו דלהון ולא חמאן בארח קשוט באוריתא ואוריתא קרי בכל יומא בנהימו לגבייהו דבני נשא ולא בעאן לאתבא רישא. ואף על גב דאמינא דהא אוריתא מלה נפקא מנרתקא ואתחזיאת זעיר ומיד אתטמרת הכי הוא ודאי. ובזמנא דאתגליא מגו נרתקיה ואתטמרת מיד לא עבדת דא אלא לאינון דידעין בה ואשמודעאן . בה. לרחימתא דאיהי שפירתא בחיזו ושפירתא בריוא ואיהי טמירתא בטמירו גו היכלא דילה ואית לה רחימא יחידאה דלא ידעין ביה בני נשא אלא איהו בטמירו ההוא רחימא מגו רחמו דרחים ליה עבר לתרע ביתה תדיר זקיף עיוני לכל סטר איהי ידעת דהא רחימא אסחר תרע ביתה תדיר, מה עבדת? פתחת פתחא זעירא בההוא היכלא טמירתא דאיהי תמן וגליאת אנפהא

דער זוהר איז איבערצייגט, אַז יעדעם וואָרט פונם ביבל־טעקסט האָט אויסער דעם איינפאַכן פשט נאָך אַ טיפן, פאַרבאָרגענעם מיין, און אונטער דעם אייבערשטן לבוש איז באַהאלטן די „נשמה פון דער נשמה". דער דאָזיקער געדאַנק ווערט אינם זוהר אויסגעדריקט אין אַ איינגאַרטיקן משל: די לערע פון דער תורה איז ווי אַ בלענדנדע שיינהייט, וואָס איז אין די פאַרבאָרגענע צימערן פון אַ פּאַלאַץ באַהאַלטן. גייט פאַרביי איר געליבטער און פריינד, עפנט זי אויף אַ רגע אַ פאַרבאָרגן פענסטער, באַווייזט זיך פאַר אים און ווערט ווידער אויף אַ צייט פאַרשוווּנדן. אַנדערע מענטשן אָבער ווייסן גאָר ניט וועגן דער, וואָס איז אין פּאַלאַץ באַהאלטן. אָט אַזוי איז אויך די תורה: בלויז פאַר אויסדערוויילטע אַנטפּלעקט זי איר שיינקייט, בלויז פאַר

דלג גביה רחימאה ומיד אתהדרת ואתכסיאת. כל אינון דהוו לגבי רחימהא לא חמו ולא אסתכלו בר רחימא בלחודוי ומעוי ולביה ונפשיה אזלו אבתרה וידע דמגו רחימו דרחימת ליה אתגליאת לגביה רגעא חדא לאתערא לגביה רחימו, הכי הוא מלה דאוריתא: לא אתגליאת אלא לגבי רחימהא ידעת אוריתא דהוא חכימא דלבא סחרא לתרע ביתה כל יומא מה עבדת? גליאת אנפהא לגביה ההוא, חכימא דליבא מגו היכלא וארמיזת ליה רמיזא ומיד אהדרת לאתרה ואתטמרא כל אינון דתמן לא ידעי ולא מסתכלי אלא איהו בלחודויא ומיעוי ולביה ונפשיה אזיל אבתרה ועל דא אוריתא אתגליאת ואתכסיאת ואזלת ברחימו לגבי רחימהא לאתערא בהדיה רחימו (ת״ח) אורחהא לחיוריתא כך הוא בקדמיתא כד שריא לאתגלאה באתגלייא לגבי בר נש ברגעא ארמיזת ליה ברמיזו אי ידע שב ואי לא ידע שדרת לגביה וקרא לית פתי (אמרת אוריתא לההוא דשדרת לגביה) אמרו לההוא פתי דיקרב הכי ואשתעי בהדיה הה״ד: מי פתי יסור הנה חסר לב קריאת לגביה שריאת למללא עמיה מבתר פרוכתא דפרסא מלין לפום ארחוי עד דיסתכל זעיר זעיר ודא הוא ד ר ש א. לבתר תשתעי בהדיה מבתר שושיפא דקיק מלין דחידה ודא איהו ה ג ד ה לבתר דאיהו רגיל לגבה אתגליאת לגביה אנפין באנפי ומלילת בהדיה כל רזין סתימין

די, וואָס זיינען איר מיטן גאנצן הארצן איבערגעגעבן; און אפילו פאר זיי אנטפלעקט זי זיך ניט אין גלייכער מאָס. אין דער התחלה גיט זי דעם פארבייגייענדיקן בלויז א צייכן מיט דער האנט; איז נאָך א פראגע, צי וועט יענער דעם צייכן פארשטיין? אָט דאָס הייסט „רמז״. דערנאָך דערנענטערט זי זיך צו אים, רוימט אים אייניקע ווערטער איין, אָבער איר געזיכט בלייבט נאָך אלץ באהאלטן אונטער דעם געדיכטן שלייער, און זיין אויג קאָן דורך אים ניט דורכדרינגען. דאָס ווערט גערופן „דרוש״. דערנאָך פירט זי שוין א שמועס מיט אים און איבער איר געזיכט הענגט בלויז א לייכט נעץ־געוועב. דאָס איז די פּאָעטיש־סודותדיקע שפּראַך פון דער הגדה. ערשט נאָכדעם ווי ער ווערט ביסלעכווייז געוויינט ווי זיך צו האלטן קעגן איר, אנטפלעקט זי פאר אים איר געזיכט און אויפגעדעקט ווערט פאר אים דער לאנג פארהוילענער סוד. ווער ס׳איז אויף אזוי ווייט אריינגעדרונגען אין די טיפענישן פון דער תורה, דעם איז קלאָר און פארשטענדלעך, אז די טיפסטע סודות זיינען באהאלטן טאַקע אינם איינפאכן פשט פון די ווערטער און זיינען אייגנה צום אנדערן הארמאָניש צוגעפאסט, און צו דעם פשוטן פשט פונם וואָרט קאָן מען אויף קיין איינציקן אות ניט מוסיף זיין און אויך מיט גאָרניט מינדערן.

דילה מכל אורחין סתימין דהוו
בלבתא טמירין מיומין קדמאין כדין
איהו גבר שלים בעל תורה ודאי
מאריה דביתא דהא כל רזין דילה
גליאת ליה ולא רחיקה ולא כסיאת
מניה כלום אמרה ליה חמירו (?)
מלה דרמיזא דקא רמיזנא לך
בקדמיתא כך וכך רזין הוו כך וכך
הוא כדין חמי דעילאן דעל איגון
מלין לאו לאוספא ולאו למגרע מניהו
וכדין פשטיה דקרא כמה דאיהי
דלאו לאוספא ולא למגרע אפילו
אות חד.

(זוהר, II, ווילנאַער אויסגאַבע, 162—163).

---

## ביילאַגע נומ׳ 4

(זע זייט 84).

### לוי בן אברהמס „בתי הנפש והלחשים״.

אין דער ערשטער אָפּטיילונג פון פירקאָוויטשעס מאַנוסקריפּטן־קאָלעקציע אין לעבינגראַדער מלוכה־ביבליאָטעק געפינט זיך (אונטער נומ׳ 464) אַ זייער זעלטענער כתב־יד אויף פּאַרמעט־פּאַפּיר, 200 בל. אין קוו.

דער מאַנוסקריפּט פאַנגט זיך אָן מיט די ווערטער: אמר לוי בר אברהם בר ראובן זצ״ל. נאָך דער הקדמה און תוכן הענינים פאָלגט די אויפשריפט: ספר בתי הנפש והלחשים, עזרי מעם ד׳ עשה שמים וארץ.

דער ערשטער קאַפּיטל פאַנגט זיך אָן מיט פאָלגנדיקן אַקראָסטיך (אני לוי בר אברהם בן חיים צבי):

אָרה[1] מורי ובינה את דבָרי — ובטח תשכנה בכלות שְׁאֵרִים
נְצור תורה, קנה מוסר תחלה — ותענוד מזהב שכלך נְזָרִים
יִרא האל אהוב לשמו ותָרוץ — כמגדַל עוז ועופֶל הנצורים
לְכָה וחֲזה ידידי בנעימים — אֲמיתות בִין ראה הדרת מאורים
וְעם כל שיר זמירי בא בשיתוף — הָבִי כזב ושוא זמרת זמירים
יִדיד מוסר תְּנָה מִכְמַן ואוצר — ושים שם טוב כמו לֶשֶׁם ותורים

1 לשון צווי פונם וואָרט אָרֹה — קליינן, זאַמלען.

בְּכל קנין קנה חכמה ובינה — הֲכִי טוב סַחרה מכל סחרים
רְדֵה יערת דבש חֶברת חכמים — ואל תבחר בלצים או מהירים
אֱמת טוב להיות בזנב אֲריות — ואל שועל וראש שֶׁבַּחֲברים
בְּני יַתש שתיקתם למופת — וקול סכל בקול סירים בְּאורים
רְעה גן בין בבחרותך ויוחק — כהֶחָצֵב בעט ברזל בְּצורים
הִכי נמשל כְּתָו על חול בזקנה — ואך נאה ומה חפץ בצורים
מְקור דרי תבונה לנבונים — ואל תשליך פנינים לחזירים
בְּאור שכל מאור נפש וזיוה — כתֵת נפש בכחה אור בשרים
נְעים שכל ואורו באמונה — שתיליה נטע בְּלֵב כְּמַסְמְרים
חַיִּים תמצא במצאך בין וחכמה — ובה כל מעשה האל סדורים
צְבי הכל בחכמתו וישרו — ובה היו עליותיו מקורים
בְּכל דרך דעה צורך וזכרו — נצור חקיו ומשפטיו ישרים
יְעָדנו היות אליו סגולה — שְׁמָרֶנו כרועה העדרים

צום סוף פונם ערשטן קאפיטל קלאגט זיך דער פארפאסער אויף זיין ביטער מזל, מיר ברענגען דא די דאזיקע סטראפן בשלמות:

אני מעיר אלי חכם ומזכיר — והדריך אל דרכים נהדרים
כפי מִסֶת לשוני הקצרה — ורוב צוקי זמני בו מִתַחרים
אשר מאז דלָקוני נדודיו — והם אורבים יחידָתי וחודרים
דְרָכַי סורְרֵי חיו צְנִינָי — וכסאותי לארץ שם מְגירים
והֵריק אחרי חרב לְהַרִיק — והֵמִיל את שמי נדר נדרים
וְהִפְאָני והרחיק את נדודי — ובמגורֵי מגורֵי שָׁת מגורים
וַיַטְעִים לי מרורת ראש פְּתָנָיו — ויִתְנַכֵּר צניף הודי לְנָכְרִים
חֲשבוני מיודעי לנכרי — ובגדו בי וגם קשרו קשרים
והתחתים אֶהֱי מוצא ופנים — ועומים גם כאבי גְעֶבָּרים.
בְּלָעַני כַתַנין כְּתָרַנִי — ולא חונח בְּחֶדְלִי מְצְעַרִים
בְּצַלמו החשיך צַלמי, והֶקדיר — מאור תארי ושחרו מְשְׁחָרים
זְמַן חֶרמי יגורֶני בחרמו — ולא אמצוא דרור לי כַדְרורים
ותמרודי בְתַמרוד הֶחֱליף לי — והֵמִיר לי בְמַר רומי נמרים
מנעני בעת אגע בטַרְפי — יָעִוֵר את מעילֵי ההדורים
ולא מצאו יְגִיעָי כל צְרָכי — ואם אצדיק דְבָרַי בַּמְשוּרים
וירשיע בעת אחשוב להשקיט — ומַמתקים אהי טועם מְרורים
ותמיר יֶהֱגֶה כי עת לַענות [1] — וישקני ברי מֵי ראש מְאָרְרִים.

[1] אין דעם זין פון פייניקן.

תלָאוּתַי יְשָׁנוֹת אֵין ספורות — ועול ימים אני שְׁנֵי צְעִירים
כאלו שֶׁבתאי מושל בביתי — ונולדתי בעתים שֶׁעֲרוּרים
ואין מחזיק עלי ידי ועוזר — בכל שרי רקיעים המאירים
אבל בי מְמְסִלּוֹתם כלוחמים — וחשכו לי בני כוכבי שחרים
עֲדֵי בַּזתי ונואשתי לטובו — ונחמתי לעפר וַאֲפָרים
בדעתי כי זמן לא לי ולי דָי — בשרי הוא חנית לי גם סגורים
אֲחַל קוני יְשִׁבֵנִי לְבֵיתי — בתוך אחים ערבים גם יקרים.

---

## ביילאַגע נומ׳ 5

(זע קאַפּיטל 6)

### יצחק אלבאַלאַג און זיין ווערק.

מיר האָבן זיך באַנוצט מיט דעם כתב־יד פון אלבאַלאַגס ווערק, וואָס ס׳האָט זיך פריער געפונען אין דער ביבליאָטעק פונם יידישן געלערנטן צבי קאַצענעלבויגן אין ווילנע (זע די קאָרעספּאָנדענץ אויס ווילנע אין „ליטעראַטורבלאַט״, 1845, נומ׳ 14); איצט געפינט זיך דער מאַנוס־קריפּט אין לענינגראַדער אזיאַטישן מוזיי (פרידלאַנדס קאָלעקציע). די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ אין „ליטעראַטורבלאַט״ האָט געבראַכט י. ה. שור צום טעות, אַז אין דעם באַטרעפנדיקן מאַנוסקריפּט פעלט אלבאַלאַגס הקדמה (זע „החלוץ״, VII, 169). אין דעם כתב־יד געפינען זיך אין אַל־באַלאַגס איבערזעצונג ביידע ערשטע טיילן פון אלגאַזאַלים ווערק (וועגן לאָגיק און וועגן מעטאַפיזיק) און בלויז די התחלה פונם דריטן טייל (וועגן פיזיק), ווייל אלבאַלאַג האָט די איבערזעצונג ניט פאַרענדיקט. אין דעם כתב־יד, וואָס באַשטייט אויס 112 בלעטער, פאַרנעמט דער ניט־פאַרענ־דיקטער דריטער טייל בלויז 21 בלעטער און פאַרענדיקט זיך מיט דעם זאַץ: „ומעלות המלאכים והנביאים וההכמים מתחלפות במדרגות הקירבה חליפים ולא יסופר מרוב״. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס דאָס ווערק איז ניט פאַרענדיקט און רייסט זיך איבער אין דער מיט, געפינען זיך דאָך צום סוף פונם כ״י פאָלגנדיקע שלוס־שורות:

הנה זה מה שכוונו לספר מחכמתם הגיוניות, אלהיות, טבעיות בלי שנסתפק להבדיל בהם בין האמת והשקר ולא בין השמן והרזה. ונתחיל אח״ז הספור בספר הכחשת הפילוסופים כדי שיתבאר בו מה שהוא בטל מכל זה הכלל, והאלהים ידריכנו בדרך אמת למען חסדו אין צור מִבלעדו. אמן.

ניט ריכטיק איז אויך שורס מעלדונג, אז אלבאלאג האט איבער־זעצט און פארזארגט מיט א פירוש אלגאזאלים א צווייט ווערק „תועלת ההגיון". אלגאזאלי האט בכלל ניט געשריבן קיין ספעציעל ווערק אונ־טער דעם דאזיקן נאמען, און שורס טעות נעמט זיך דערפון, וואס דעם ערשטן טייל פון „כונות הפילוסופים", ווו עס ווערט באהאנדלט די לאגיק, האט אלגאזאלי פארויסגעשיקט א ספעציעלע פארעדע, אין וועלכער דער פארפאסער ווייזט אן אויף דער גרויסער וויכטיקייט פון דער דאזיקער חכמה. דערפאר טאקע טראגט אין פילע מאנוסקריפטן דער ערשטער טייל פון „כונות הפילוסופים" א באזונדערן נאמען „תועלת ההגיון". אין אזיאטישן מוזיי געפינט זיך אזא מאנוסקריפט מיט פאלגנדן שער:

ספר תועלת ההגיון וגם כוונת הפילוסופים מאבוחמד אל גאזלה ערבי עם פירוש.

נכתב באמשטרדאם בשנת עֹטרת תֹפאֹרת הֹגיֹוֹנֹךֹ לפ"ק (תקס"ב).

אין דעם מאנוסקריפט געפינט זיך דער ערשטער טייל פון אלגאזאלים „כונות הפילוסופים" און דער אנפאנג פונם צווייטן טייל. צום שלום פאלגט דעם אפשרייבערס דערקלערונג: „עד כאן מצאתי בקונטרס ספר אבוחמד". צום טעקסט איז צוגעגעבן א פירוש און אויך פילע צייכע־נונגען. הן די איבערזעצונג הן דער פירוש געהערן א אנדערן, ניט אל־באלאגן.

מיר ברענגען דא דעם ווערטלעכן טעקסט פון אייניקע כאראקטער־ריסטישע שטעלן אויס אלבאלאגס ווערק:

I. אויס אלבאלאגס פארעדע:

א) אמר יצחק אלבלג...* וחכמי המחקר אמרו: האדם מדיני בטבעו** ולפי שברבות האנשים ירבו הדעות וחברת הרבים לו תושלם כ"א בהתאחדם על דעת אחת ומשפט אחד, הערימה החכמה העליונה לשפוך מרוחה על רוח תמים הדור*** ולעורר לבו להיות להם מורה צדק וללמדם חקים ומשפטים ישתתפו בהם כלם בדרך אחד ילכו בו על סדר נכון והסכמה משותפת, פן יחלק לבם ויאשמו בהיות עזר כל אדם כנגדו כמו שדרשו: זכה — עזר, לא זכה — כנגדו, ונמצא מונע לחפץ המחייב התמדת מציאות המין לנצח וזאת היתה**** סבת מציאות התורה וטעם

* אין פראנקפורטער מאנוסקריפט שטייט: בן אלבלג.

** אין שורס מאנוסקריפט: בטבע.

*** אין פראנקפורטער מאנוסקריפט: תמים דעות הדור.

**** אין דעם פראנקפורטער און אויך אין שורס מאנוסקריפט פעלט דאס װארט.

היות העולם עומד עליה ועל השלום. ומכאן אתה למד שאין המין הנחפץ בלבד צריך בקיומו לסדר התורני אלא אפילו החפץ האלהי הגוזר קיומו צריך בקיומו אליו, וכשם שהפועל הטבעי נשלם ומתקיים בפעל האומני, כך פועל הסדר העליון הנשלם נשלם ומתקים בפעל הסדר השפל...

ב) נתחייבו מזה ארבע אמונות אמתיות שכל התורות משתתפות בהן ובנויות עליהן והן יסודתן והפילוסופיא ג"כ מודה בהן ומשתדלת בקיומן, אלא שהתורה מלמדת אותן למוד המוני, ר"ל דרך ספור והפילוסופיא למוד מופתי ראוי ליחידים, והן: מציאות שכר ועונש, והשאר הנפשות * אחר המות לקבלם, ומציאות אדון משכיר ומעניש שהוא האלוה, ומציאות ההשגחה בדרכי האדם לתת לאיש ואיש כדרכיו. אלו הן האמונות המושותפות לכל התורות והפילוסופיא **, אשר אי אפשר להמצא התכלית המכוון במציאות התורות זולתן, וענפי כל התורות משתרגים מן העקרים האלה. ולפי שרוב *** התלמודים ורבים מעמי הארץ מתיהדים חושבים כי הפילוסופים הורסים יסודות התורות **** ועקרי ***** האמונה כל שכן האמונות האלו ארבעתן, עד שירחיקו ספריהם ויחפיאו עליהם דברים אשר לא כן, מלאני לבי להעתק הספר הזה הנקרא דעות הפילוסופים מלשון הערב ללה"ק אולי יקרה לפני אחד מחושדי הפילוסופים וישיב מחשוד כשרים וידע כי אמונת התורה והפילוסופיא אחד ואין בו שום הפרש כי אם אחת שאי אפשר זולתה והיא כי תכלית כונת התורה היא הצלחת ההמון והרחקתם מן הרע וללמדם מן האמת מה שדעתם יכולה לסבול כי לחוסר ****** דעתם וקוצר השגתם אין בהם כח לעמוד על אמיתת המושכלות ולצירם על מה שהם, כי אם בתארים גשמיים אשר הרגילו להרגיש, עד שא"א להם לצייר שום מצוי כי אם במקום וזמן ולא שום זמן כי אם בעל תחלה וסוף, כי כשם שא"א לסימא לצייר מהות הגון ולא לחרש מהות הקול מפני חסרון הכלים, כך אי אפשר להם לצייר המושכלות מפני חסרון הכל, והוא השכל, ולפיכך הערימה התורה לשכך את אזנם ולהניח דעתם במה שאפשר להם לשמוע והמשילה להם העונש באש ותענוג הנפש בתענוג הגשמי ותארי

---

* אין שורס מאנוסקריפט: הנפש.

** אין פראנקפורטער מאנוסקריפט: ולפילוסופים.

*** אין שורס מאנוסקריפט פעלט דאס דאזיקע ווארט.

**** אין שורס מאנוסקריפט: התורה.

***** דארטן: ועוקרים.

****** דארטן: לקיצר.

האלהי מתארי הגוף והשגחתו בהשגחת בני אדם ודעתו כדעתם * ועל הדרך הזה המשילה להם הויות העולם בהויות חלקיו וחידושו כחידושיו. אבל הפילוסופיא שאין מגמתה למוד ההמון ולא הצלחתם אלא הצלחת השלמים התלויה בידיעת כל המציאות על אמתתו וכל דבר על בוריו, הביאה מופתים על אמיתת אמונות התורה אבל לא על דרך אשר ההמון מבינים, אלא בדרכים זרים מדעתם ודברים רחוקים מהשגתם.

II. וועגן דרייאייניקייט (דף ס״ג—ס״ה).

אמר המעתיק: הנה באר א״ח (אבו חמר) כי האלוה הוא היודע והידוע והערעה וכי הכל עצם אחד אע״פ שהם שלשה מצד חלוף התבוננות, ושמא מכאן נתפשטה אמונת המון גוים בשלוש החמר לאחר כששמעו אותו מן החכמים שבהם, והם לא הבינו ממנו אלא מה שבכח ההמון להבין מן הענינים האלה ואין ספק כי האמונה הזאת טובה ואמתית בעצמה ואינה דעה כי אם בערך אל ההמון אשר יכשלו בה מכשל שאין לה תקומה ויצאו ממנה אל מה שיצאה האמונה הנפסדת. ולא להם בלבד אירע זה רק בכל אומה ואומה יקרה כזה לחכמים עם ההמון באמרם דבר אמתי מצד חכמתם והם יבינו אותו על דרך אחר ויצאו ממנו לשבוש באמונתם. וזה בעונתינו היה רב מאוד באומתנו ולפיכך ראו רבותינו להעלים האמת בקצת הדעות במשלים וחדות המוגיות ולשתוק מקצתן עד שלא דברו מהם כלל...

III. אויס אלבאלאגס „מאמר בראשית״ (דף מ״ג-מ״ה).

א) וועגן קדמות העולם:

ויהיה חדוש חלקי העולם אשר היותם והפסדם נמשך אחר חדוש חלקי התנועה נצחי ויתחייב שיהיה העולם מתחדש תמיד בחלקיו וקיום בכללו. ואין ספק שכשם שהפועל הנצחי אשר לא סר תמיד מהיותו פועל לא ירפה מפעולתו כהרף עין יותר ראוי להקרא פועל מן הפועל זמן קצוב, כך המחדש הנצחי אשר לא סר תמיד מהיותו מחדש יותר ראוי להקרא מחדש מאשר חָבַשׁ זמן קצוב כמו שההמון חושב במחדש העולם. וכשם שהמתפעל אשר הוא מתפעל יותר ראוי להקרא פעול מזולתו כך המתחדש תמיד שאין לחדושו התחלה וסוף יותר ראוי להקרא מחודש מן המתחדש פעם ושוקט פעם שאם כן שם המחודש השלם והפעול השלם אינו נופל אלא על העולם לבדו ושם המחדש השלם והפועל השלם אינו נופל אלא על הבורא לבדו לפי שהוא המחדש והמתחדש תמיד המוחלטים

---

* אין שורם מאנוסקריפט פעלן די לעצטע צוויי ווערטער.

אשר חידושם אינו תלוי בזמן ידוע ולא צריך לתנאי כי אם מציאות המחדש בה"ד הפילוסופים בחדוש העולם וענין קדמותו אצלם אינו אלא חדוש נצחי ואפיסת היותו בלתי מתחדש בשום עת. ואפשר שלזה אמרו בתפלת שחר באמרם: בטובו מחדש בכל יום תמיד מעשי בראשית, ר"ל שהבורא ית' מחדש המציאות בכל יום ויום ושהחדוש הזה הוא תמיד, ר"ל אחד מאין תחלה וסוף.

ב) וועגן ביבל־דערקלערונג:

זהו מה שהבאתי * בשמות ובענינים האלו מכח מה שנתבאר לי מן המופת, אע"פ שיש בהם מבעלי הנסתרות אשר בארצנו סברות אחרות שונות שהכתוב סובב את כולן. ואין על האמת מהן ראיה מוחלטת ולפי כך אין למבקש האמת לבאר מציאותו ממה שיבין מן הכתוב עצמו מאין קדימתו מופת אבל יש לו ללמדו מן המופת תחלה ולבקש לו אסמכתא מן הכתוב אח"כ וכן דרכי בכל מה שאני סומך לתורה ולתלמוד מן הדעות העיונית כי אני מעיין הכתוב ואם אמצאהו סובל הענין המופתי אפרש אותו על הדרך ההוא ואם אינו סובל כלום מן הענינים המבוארים במופת לא אפרש בו כלום רק אומר שאיני מבין אותו ושכונתו נעלמת ממני... משא"כ דרך בעלי הנסתר אשר בארצנו: דרכם לחפש ולעיין בכתובים ומה שיראה להם ויעלה במחשבתם שרוב הכתובים נוטים לזה ומעידין לו אע"פ שלא ידעו מדרך אחר לא מקובל ולא מופתי שהענין ההוא אמת בעצמו, יקחו אותו לאמונה וימסרו אותו בסתר לדומים להם מן המאמינים לכל דבר ויאמרו להם כי היא האמת המקובל איש מפי איש פה אל פה אל אברהם אע"ה או כונת הנביא אשר הבינוהו מדעתם, וז"ד מחשבי קיצין וגימטריאות וזה דרכם כסל למו ולפיכך יצאו מהם למה שיצאו מן הדעות נפסדות אשר אין להם שורש ולא ענף. ואם אתה מן החפצים בידיעת האמת עשה אזנך כאפרכסת לכל הדעות ובחר לך מכלם מה שנתבאר במופת או נתבאר אצלך שהדרך ההוא מקובל מן הנביא אות באות ולא אירע בו שינוי לא בענין ולא בלשון, ואל תאמן בפרוש הכתוב אלא מה שנתבאר לך באחד מב' הדרכים האלה. ואם אינך ממי שזכה למעלה הזאת טוב שתאחוז בפשט הכתוב ולהאמין הנגלה ממנו אמונה מוחלטת מאין שאלת טעם מהאמין בו סברה זרה, שאין מן החכמה ולא מן הנבואה, כי בהיותך מכת הנסתר אשר בארצנו לא תהיה מבעלי החכמה ולא מבעלי אמונה.

---

* אין שורס מאַנוסקריפּט: שהבינותי.

ג) וועגן דער עקסיסטענץ פון אומענדלעכע וועלטן:

ולדעת חכמי הזרו ר״ל מדעתם זה חדוש העולם וביאורו, כי חכמי הככבים שבהם מצאו מקום גובה השמש שהוא היום בצד צפון מתנועע תנועה כבדה עד שלסוף שבעים אלף שנה יהיה גובה השמש במקום שהוא היום שיפלו לצד דרום. וכל אשר יתרחק השמש מצד צפון יתקדר אותו הצד ויתלחלח ויגבר בו יסוד המים ויתחמם ויבש הצד הדרומי אשר כנגדו עד אשר לסוף צ׳ אלף שנה יקוו המים אשר הם היום בצד דרום אל המקום הצפוני ויהיו הימים בצפון, יתראה היבשה בצד דרום שהוא היום מקוה המים שקרוי: ימים. וישוב שם הישוב ויהיה הישוב ההוא לפ״ד עולם חדש, ועל הדרך הזה יתחדש תמיד עולם אחר אחר חורבן עולם לסוף כל ע׳ אלף שנה. ואולי שלענין זה כון החכם באמרו שקודם העוה״ז היה הקב״ה בונה עולמות ומחריבן ר״ל שקודם זה הישוב הצפוני שהתחיל מהיום ה׳ אלפים וצ״ד* שנה למנינו היה הב״ה מחדש ישובין זאח״ז פעם בצפון ופעם בדרום.

ד) אלבאלאג. קעגן מיימונים שטאנדפונקט בנוגע צום פראבלעם וועגן קדמות העולם (דף נ״ד).

ומי יתן ידעתי למה לא גלה הרב המורה לנו בענין הזה והוא כמדבר בערמה פעם רומז ומעיד על היות אמונתו זאת ובונה ראיותיו עליה כמ״ש בספר המדע כשרצה לבאור שאין לכח הבורא תכלית באר אותו מתנועת הגלגל שהיא תמידית נצחית, הוא שאמר: אלוה זה אין לכחו קץ ותכלית שהרי הגלגל סובב תמיד. ופעם משיב על הפילוסופים בטענות עיניות מזויפות ומשתדל לסתור דעתם מדרך ההקש ואומר שחידוש העולם אחד מעיקרי התורה א״א להכחישו. ואני משיב לו בשם הפילוסופים, כי כדברו כן הוא אבל החידוש השלם לא זולתו; ואין ספק אצל הפילוסופים כי החידוש שהתחיל מזמן קצוב — גרוע, ואשר אין לו תחלה וסוף — שלם. ולפיכך היה אצלם החידוש אשר ההמון מבינים — כפירה בחק התורה וחסרון בחק הבורא ונמנע בחק הטבע. ובכלל אומר לך בטענות הפילוסופים: כי כל מחודש שמחדשו מחודש — חדושו מחודש ויש לו תחלה, ואם אין מחדשו מחודש ולא צריך בחידוש ולדבר מחודש חדוש נצחי. והאמת אצלי שאפילו הגרוע אצל הפילוסופים אי אפשר לו להכחישו מצד האמונה אבל אפשר להכחישו מצד העיון. ואולי הרב להיותו נאמן רוח מכסה דבר לא ראה לגלות מה שהעלימה התורה מן ההמון, ומן הדין היה לי לעשות כמוהו, אבל יש לי שלשה טעמים שלא

* ביי שורן: נ״ב.

היו לו: הא' שהוא רוצה לקיים פשטי התורה ולבטל דעת הפילוסופים מן העיון מה שלא יתכן בשום פנים, ואני מודה לפשט התורה על דרך אמונה פשוטה מבלי ראיה, ומודה לפילוסופיה מדרך הטבע והעיון האנושי; והטעם הב', כי הספר הזה אינו תורני כספרו כדי שיקראו אותו ההמון ואם בא אחד מהם לקראו ולא הבין מתחלתו עד כאן, מיד יקוץ וימאסהו ויניחהו ולא יגיע למקום הזה. ואם הבין כל מה שנזכור קודם זה נמצא מסתלק ממעלות המון למעלת הראויים לדבר עמהם בדברים אלו, ואז ידע כי איני מודה לדעת הפילוסופים אלא על שם שאין המחקר העיוני מניח אותי להכחישו, ולפיכך אני מודה דרך ידיעה אנושית לא על דרך אמונה. והטעם הג', כי בזמן הרב היתה הסברא הזאת ר"ל קדמות העולם זרה מאוד אצל ההמון עד שהיו מדמין שכל המודה בקדמות העולם ככופר בכל התורה, והיום נתפרסמה השאלה הזאת אצלם ונתפרסמה ביניהם עד אשר אין טבע רובם בורח מלקבל אמונת הקדמות אשר היה מאמין אפיקורס* והיא: שהעולם קדמון בעצמו מבלי עלה ויחשבו כי הוא הקדמות אשר יש לפילוסופים מופת עליו חלילה להם ונמצאו כופרים בתורה ובפילוסופיא, וכשישמעו דברי אלה ידעו כי הפילוסופים אינם מאמינים הקדמות המוחלט אלא החדוש המוחלט, ונמצאתי מועיל להם בג' דברים: הא' בלמדי להם הדעת הנכון התלוי בטבע, והב' בקיימי בידם אמונת פשט התורה העומדת** בנס, והג' בהשיבם מלחשוד כשרים ומלהוציא לעז על דעתם ובודאי דעתם דעתי ואמונת התורה*** אמונתי, זה על דרך טבע וזה על דרך נס; ואם הבנת כל דברי תדע כי דעתי אמת ואמונתי אמת ויודע האמת יודיעני האמת למען שמו.

ה) וועגן די קעגנזאַצן צווישן דת און פילאָזאָפיע, צווישן נביאים און פילאָזאָפן (דף 51—52):

ואין הפרסום ההמוני כדאי לסמוך עליו בידיעת האמת רק יש לו ללמוד האמת מן המופת ולעיין אחר כך בתורה, ואם נמצא דבריה מתישבים על הדעת המופתי נאמין הדעות ההוא מצד העיון ומצד האמונה ואם לא נמצא לדעת ההוא כתוב סובל אותו נאמין אותו מצד העיון בלבד ואם נמצא לדעת ההוא כתוב סותר אותו נאמין ג"כ פשט הכתוב ע"ד נס ונאמין שאין הדעת התורנית ההוא זרה אצל כונתינו אלה להיותה מן

* דער גריכישער דענקער עפיקור.

** אין שורס מאַנוסקריפט: המתמדת.

*** אין שורס מאַנוסקריפט אָנשטאָט די לעצטע צוויי ווערטער: ואמונתם.

הדעות האלהיות המיוחדות בהשגת הנביאים ובפעולת היכולת אשר למעלה מן הטבע. ועל הדרך הזה תמצא דעתי בדברים רבים הפך אמונתי, כי אני יודע מצד המופת כי זה אמת ע"ד טבע ואני מאמין מדברי הנביאים כי הפכו אמת ע"ד נס. ולא עוד אלא אפילו הדעת המופתי אשר הכתוב סובל אותו אני מוחזק בו שהוא כונת הכתוב בודאי ואינה זולתה. ולפיכך אין כונתי במה שפרשתי להודיעך שזאת היא אמונתי אשר אני מאמין ואשר אני מוסר לך לאמונה אלא שהודיעך שאפשר לסמוך הדעות העיוניות לכתוב ושהכתוב סובל אותן כמו שהוא סובל הפכן או יותר. וכל זה למה? כדי שלא תהיה מן הנמהרים הממהרים להכחיש ולכזב הדעות המופתיות במה שהם רואים בתחלת מחשבתם שהוא דעת הכתוב ורוצים לחזק ולקיים הדעת ההוא בטענות עיוניות חזקות מטענות הפילוסופים בעניניהם, עד אשר יחשבו שהפילוסופים טועים בטענותיהם וחושבים שהן מופתיות ואינו כן. ובעלי הדרך הזה היו רבים בכל אומה ואומה, גם באומתנו אף רבנו משה על' השלום מהם ואלו הסכילו עשה בשני דברים: הא' בהכחישם המופת וגוזרים עליו שאינו מופת, וב' בגזרם על רעיונם כי הוא כונת הנביא, וכבר זכרתי בפתיחת הספר הזה כי כונת התורה א"א לנו להשיגה מסברתנו השגה בלתי מסופקת, כי כשם שכַוָנת הפלוסוף לא ישיגה כ"א פלוסוף, כך כונת הנביא לא ישיגה כ"א נביא, והטעם כי דרכי השגותם משונות זו מזו, ולא עוד אלא הפכם, לפי שזה משיג המושכל במורגש וזה ישיג המורגש במושכל, ואין ספק כי כרחוק דרכי השגותם כן רחקו ההשגות עד ייתכן לזה שהשיג מצד מטה הפך ממה שישיג זה מצד מעלה, ולפיכך אין להקשות מן האחד על השני רק יש לחכם להאמין את זה בהביאו מופת ולקבל מזה דרך אמונה פשוטה ואפילו יהיו דברי הא' סותרים את דברי הב' אין זה נדחה מפני זה, כי מסגולות האמונה התורנית שהכחשת המופת אותה לא תדחה אפשרות אמתתה, לפי שהנמנע אצל המחקר ההקשי מצד מנהג הטבע אפשר שתחייבהו ההשגה הנבואית מצד יכולת המנהיג. ולפיכך יש דברים רבים נמנעים אצל הדעת העיוני שהם אפשריים אצל התורני וכ"כ יש דבר מושג לפולסוף מצד חקירתו שאינו מושג לנביא אלא מצד החלק אשר לו בעיון לא מצד הנבואה, ואין זה מפני חסרון הנבואה אלא מפני שדרך השגתה מעולה מזאת...

IV. װעגן גאָטס װילן און גאָטס װיסן (דף מ"א):

אמר המעתיק... ומן המאמר הזה חשבו ההמון כי הפילוסופים מאמינים הבורא ית' פועל בטבע פשוט כאש שמחממת ואינו יודע שהיא

מחממת, או שהם מאמינים שאין הבורא ית' פועל כלל, והסבה בזה כי הפועל לא יתחלק אצלם אלא לב' חלקים אשר חָלק א"ח (אבוחמד) ר"ל פועל בטבע ופועל ברצון ולפי מחשבתם אין שם חלק שלישי. והפילוסוף אמר כי אין זה מתחייב מדבריו כי הוא יש לו מופת על היות הבורא ית' פועל עכ"פ ויש לו מופת שאינו פועל ברצון ויש לו מופת שאינו פועל בטבע. לפי שהפועל ברצון גרוע כמו שנבאר, יתחייב שיהא פועל על דרך אחר שיהיה לא טבעי ולא רצוני אבל הוא באמצעי לשניהם. והפועל הזה אין ההמון משיגים מציאותו ולא הפילוסוף איכותו, ולפיכך לא כתבה אותו התורה והוצרכה להניח דעת ההמון ולהשלים להם שפועלת האל ברצון כפועלת האדם שהיא מעולה המפורסמת. וכמה היא רחוק מדרך הפילוסופים מי שיחשוב שהם מאמינים שפועלת הבורא יתברך באות ממנה בלא ידיעה ולא חפץ כי אם בחיוב הפשוט כאור הבא מן השמש, שהרי הפילוסופים מכריזים וקוראים כי הבוא"א ית' צורה שכלית נבדלת מכלי חמר וידוע למשכילים כי השכל אשר בו נשכיל אינו אלא הצורה החמרית בההבדל מן החמר, ואם הצורה היא זאת כך ר"ל שהדברים באים ממנה בידיעה וחפץ — הצורה הנבדלת ממקרא לא כ"ש. אבל כשם שאותת הצורה אינה ממין הצורה, כך ידעתה וחפצה אינה ממין ידיעת הצורה הזאת וחפצה, שאלו כך היו גרועים והתארים הגרועים אינם נמצאים לדבר השלם, ולפי שדעתנו עלולה ואותה הדעה עִלה, אין דעתינו מקפת באותה דעה ולפיכך א"א לנו שנדע מהות הדעה לבי שנדע מהות הדעה ההיא ולא החפץ ההוא, ועל כן לא מצאו להם החכמים שמות נאותים לענינים ההם בפרטו והוצריכו לקראם בשמות המיוחדים בידיעתנו וחפצנו עד שיהיו שתוף השמות סבה לטעות בענינים ולחשוב שעניניהם אחד, ותכלית הכונה כי אין הרצון שלול מן הבורא כמו שיבינו הכסילים ממאמר א"ח (אבוחמד אלגאזלי) והפילוסופים, רק יש לו ענין שהוא בחוקו כמו הידיעה בחוקינו וענין שהוא בחקו כרצון בחקינו זולת הידיעה הוא, כי הבורא יש לו דעת כמו שזכרתי ודעתו משגת ההפכים ואלו היה דעתו לבדו מספיק בביאת הפועל ממנו בלי רצון היה פועל שני הפכים כאחד לפי שהוא יודע שני הפכים ואינו כן, ובראותנו שאינה פועל אלא אחד מן ההפכים בלבד והוא הטוב שבהם נדע שפעולתו צריכה לענין אחר נוסף על הידיעה שבו בחר האחד על השני והוא הנקרא רצון בלשון בני אדם, ואלמלא הענין ההוא היה פועל שני הפכים כאחד או מניחם באחד. וא"ת יתחייב מזה שיש לבורא יכולת לעשות כל מה שירצה וא"כ האיך אפשר שנאמין, שיש לדברים טבע קיים שלא ישתנה לעולם כי מה שהוא תלוי בבחינת הפועל אפשר שיהא למחר בהפך מה שהם היום, נאמר כי

בודאי זה דרך הרצון המחודש ברצוננו מצד שהוא מתפעל מן הרצוי ולפיכך הוא משתנה בהשתנות הרצוי, אבל הבורא אע"פ שיש לו יכולת על כל דבר דרך רצוני להתלות תמיד ברצוי אחד והוא הטוב שבהפכים ובודאי אלו רצה לעשות הרע היה יכול לעשותו אבל אין דרכו לרצות אלא בטוב בלבד.

V. וועגן די אמתע בעלי הקבלה (דף צ׳):

אמר המעתיק: עד כאן יד המופת משגת באלהיות ומכאן ואילך בלום פיך מלדבר ולבך מלהרהר ואמץ לבך שוב לקבלה אשר היא אוצר הנסתרות ובית נכותן. ואין ספק כי הקבלה היתה מורשה ממשה לקהלת יעקב, אבל באורך הגלות ושעבוד המלכיות נתמעטו המוסרים והמקבלים ותלך הלוך וחסור וכמעט אבד זכרה מני ארץ לולא השם צבאות הותיר לנו שריד שנים שלשה גרגרים בארצנו זאת כהן ולוי וישראל, ר׳ יצחק הכהן [1] והרב ר׳ טודרוס הלוי [2] והרב ר׳ משה בר׳ שמעון [3] אשר השתדלו להקים שם המת ממנה וגדול שבכלם בכונה הזאת הרב רבנו משה, כי זה משה האיש לא נתן פוגת לו מעודו ועד היום הזה רק מכל מלמדיו השכיל והאלהים אנה לידו ראשי דברים מיתר הפלטה אשר היו לשם, והנה שמעו הולך בכל המדינות משה קיבץ (?).

---

# ביילאַגע נומ׳ 6

## וועגן דער אגדה, אַז אַלע חכמות שטאַמען פון יידן.

שוין אין די קדמונישע צייטן איז ניט נאָר ביי יידן, נייערט אויך ביי אַנדערע אומות העולם זייער פאַרשפּרייט געווען די מיינונג, אַז פילאָ־

---

1 וועגן דעם מקובל יצחק הכהן זע אויבן ז׳ 259 שם־טוב. בן שם־טוב דער־מאָנט אין זיין „ספר האמונות" נאָנט אָפּט יצחק הכהן אַלס איינעם פון די חשובע אויטאָ־ריטעטן אין חכמת הנסתר (זע „ספר האמונות", 8־טע אָפּטיילונג, קאַפּ׳ 8 און 9: „ודברי ר׳ יצחק הכהן נכונים ומקובלים... שלשם המפורש תן עיניך וגבך לדברי ר׳ יצחק הכהן ז"ל").

2 טודרוס אַבולפיה אוים טאָלעדאָ, דער פאַרפאַסער פונם קבלה־ווערק „אוצר הכבוד"; געשטאָרבן אין 1283 (זע „דביר", II, 314–17).

3 דער איינציקער מאַנוסקריפּט פון משה בן שמעונס ווערק וועגן די „ספירות" געפינט זיך אין בערלינער ביבליאָטעק. דער מאַנוסקריפּט פאַנגט זיך אָן מיט די ווערטער: „אמר משה בר׳ שלמה בר׳ שמעון מעיר ברגש הנקראת קשטיליה" (זע שטיינשניידער אין ציטירטן ווערק, 41). שם־טוב ציטירט משהס ווערק אין זיין „ספר האמונות" (5־טע אָפּטיילונג, קאַפּ׳ 1).

זאָפיע און אַנדערע „שבעים חכמות" זיינען געווען שטאַרק באַליבט ביי די יידן בעת זיי האָבן געפירט אַ זעלבשטענדיק לעבן אין זייער אייגן לאַנד; און מאַקע ביי זיי, ביים „עם חכם ונבון", האָבן עס איבערגענומען אַלע חכמות די אַלטע גריכן און אַנדערע פעלקער. נאָכן חורבן, ווען יידן זיינען אַ גלות־פאָלק געוואָרן, האָבן זיי שוין געקאָנט זיך גאַנץ ווייניק אָפּגעבן מיט וויסנשאַפטן און מיט דער צייט אינגאַנצן אין זיי פאַרגעסן. לויט דער מעלדונג פון דעם געלערנטן פּאָרפיריוס (De abstinentia ', 26, II) האָט שוין אַריסטוס תלמיד, טעאָפראַסטוס, גערופן די יידן „דאָס פאָלק פון פילאָזאָפן" [1]. אין די צייטן פון פילו אַלכסנדרוני האָבן ניט בלויז ביי יידן, נאָר אויך ביי די אומות העולם צירקולירט כּלערליי פאַנטאַסטישע מעשיות וועגן וויכּוחים און אונטערהאַנדלונגען צווישן גריכישע דענקער און יידישע חכמים. פילע געלערנטע זיינען אין דער הינזיכט געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן דערקלערט פּיטאַגאָרן, אַפּלטונען און אַריסטון פאַר תלמידים פון יידישע חכמים. יוסף פלאַוויוס [2] און יעווסעוויוס אויס קסריא [3] ברענגען אין נאָמען פון אַריסטוס תלמיד קלעאַרך, אַ אינטערעסאַנטע באַשרייבונג, ווי אַזוי אַריסטו האָט בשעת זיין נסיעה איבער קליין־אַזיע (אין די יאָרן 345—347) זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אַ גריכיש געבילדעטן יידן. דער גרויסער גריכישער דענקער איז שטאַרק נשתומם געווען איבער דער הויכער בילדונג פון דעם פרעמדן מענטשן אויס אַ ווייטער פאַרוואָרפענער מדינה; באַזונדערס האָבן אים איבערראַשט די הויכע באַגריפן, וואָס דער דאָזיקער מאַן האָט געהאַט וועגן דער גאָטהייט. דערציילנדיק וועגן דעם זיין תלמיד קלעאַרכן, האָט אַריסטו געהאַלטן פאַר נייטיק מוסיף צו זיין: „איך ווייס, דו מיינסט אוודאי איך דערצייל דיר בלויז אַ חלום אָדער עפּעס וווּנדערבאַרעס". ווייטער האָט אַריסטו דערציילט, אַז דער דאָזיקער מאַן איז איינער פון די, וואָס טראָגן דעם נאָמען יידן. די דאָזיקע מענטשן געהערן צו די חכמי הודו. מען זאָגט, אַז אין אינדיע הייסן פילאָזאָפן — קאַלאַנען, אין סיריע אָבער הייסן זיי יהודים.

אָט די דאָזיקע אינטערעסאַנטע דערציילונג איז אויך וויכטיק דערמיט, וואָס זי קלערט אונז אויף, פון וואַנען עס נעמט זיך די לעגענדע, אַז די יידן זיינען „אַ פאָלק פון פילאָזאָפן".

1 זע הרכּבים הערות צו דער רוסישער איבערזעצונג פון גרעצס געשיכטע ב' VI, ז' 317; אויך Тюменев. Евреи в средние века, 111.

2 זע זיין „קאָנטראַ אַפּיאָנעם", ליב. I, קאַפּ' 22 (אין איזראַעלסאָנס רוסישער איבערזעצונג, 42—43).

3 זע Praeparatio evang, ... IX, cap. 3

די לעגענדע, אַז די גריכישע פילאָזאָפיע שטאַמט פון יידן, איז אויך געווען שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן די קריסטלעכע און מוסלמענישע געלערנטע. „זיי (די פילאָזאָפן) — פאַרזיכערט מינוציוס פעליקס — האָבן גענאַשט זייערע ברעקלעך וויסן און מער ווייניקער ריכטיקע ידיעות אויס די ביכער פון די נביאים״. „ווער — רופט אויס דער באַקאַנטער קריסטלעכער טעאָלאָג טערטוליאַן — פון די דיכטער און סאָפיסטן האָט ניט געטרונקען אויס דעם קוואַל פון די נביאים!״ אין דעם אייגנאַרטיקן עפּאָס פון חיות און עופות, וועלכן קלונימוס בן קלונימוס האָט איבערזעצט [1] אויף העברעיש אויס דער ענציקלאָפּעדיע פון דעם מוסלמענישן אָרדן „די ריינע ברידער״, ווערט אויך באַרירט דער זעלבער מאָטיוו: בעת דער גריך רעדט דאָרט מיט גרויס התפעלות וועגן דער גרויסער חכמה און וויסן פון זיין פאָלק, ווייזט דערויף גלייך אָן איינער פון דעם מלכס יועצים: „פון וואַנען וואָלטן זיך צו אייך געווען גענומען די אַלע חכמות און דאָס גרויס וויסן מיט וואָס דו באַרימסט זיך אַזוי, ווען איר זאָלט דאָס אַלץ ניט געווען איבערגענומען ביי די יידן אין דער צייט פון די פּאָטאָלאָמעען און אויך טיילווייז ביי די חכמי מצרים אין דער צייט פון טעליסטיוס? אָט דעמאָלסט טאַקע האָט איר די אַלע חכמות אַריינגעבראַכט אין אייער לאַנד, און פון דעמאָלט אָן גיט איר זיי אויס פאַר אייערע אייגענע״. לויט דער מעלדונג פון פּרופיאַט דוראַן [2] און אברהם ביבאַגי [3], איז אויך דער באַרימטער אַראַבישער פילאָזאָף אבן־רשד געווען איבערצייגט, אַז ביי די יידן האָבן נאָך אין קדמונישע צייטן געבליט אַלע חכמות.

די זעלבע מיינונג איז אויך געווען זייער פאַרשפּרייט צווישן די קריסטלעכע געלערנטע. ראַדזשער בעקאָן האָט געגלויבט, אַז די חכמי מצרים האָבן איבערגענומען די פילאָזאָפישע אידעען ביי אברהם אָבינו; און בעת ירמיהו הנביא האָט געלעבט אין מצרים האָט ביי אים געלערנט דער באַרימטער גריכישער פילאָזאָף אַפּלטון [4]. דער הומאַניסט רייכלין האָט גערעכנט [5], אַז די גריכן האָבן זייערע פילאָזאָפישע אידעען איבער־

1 „אגרת בעלי החיים״, III, קאַפּ׳ 7.

2 „מעשה אפוד״, 8: „וגם החכם בן־רשד העיר בספרו בהפלת ההפלה על מציאות החכמות העיוניות בבני ישראל מקדם״.

3 „דרך אמונה״, 3 43.

4 זע ערש אונד גרובער ענציקל., סעריע II, ב׳ 31, 72—3; י. גוטמאַן, די סכאָלאַסטיק, 1902, 144.

5 De Arte cabalistica, t. 2 (זע אויך א. פראַנק, „די קאַבאַלע״ (דייטשע אויסגאַבע, 1844, 8).

געקומען ביי די יידן און אַז אַפּלאַטאָן, פּיטאַגאָרוס און זאָראָאַסטער האָבן אוים דער ביבל געשעפּט זייערע רעליגיעזע אַנשויונגען. די זעלבע מיינונג האָט אַרויסגעזאָגט אויך דער באַוווסטער איטאַליענישער הומאַניסט מאַרציליאָ פּיציניאָ [1], וועלכער גיט אויך איבער אינם נאָמען פון קלעאַרך די לעגענדע, אַז אַריסטו האָט זיך מגייר געווען [2].

עס איז לייכט באַגרייפלעך, אַז די דאָזיקע לעגענדעס האָבן געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין דער יידישער סביבה אינם מיטלאַלטער. דער באַקאַנטער געלערנטער אברהם ב׳ חיא שרייבט: „ואתה מוצא את כל גדוליהם, דבריהם המפורשים עד המקום הזה לקוחים מדברי תורה ושאובים ממעין החכמה אם אתה מעיין בהם ותמצא ההיולי והצורה אשר היו לדבריהם עומדים בכות לפני בריאות העולם — הן תוהו ובוהו אשר העידה התורה שהיתה הארץ [3].

אין יהודה הלוים „כוזרי״ דערקלערט דער יידישער „חבר״ דעם כוזרישן מלך:

„ומה תאמר בחכמת שלמה וכבר דבר על כל החכמות בכח אלקי ושכלי וטבעי והיו אנשי העולם באים אליו להעתיק חכמתו אל האומות עד מהודו, וכל החכמות הועתקו שרשיהן וכללם מאתנו אל הכשדים תחלה ואחר כך אל פרס ומדי ואחר כך אל רומי ובאורך הזמן ורב המצועים לא נזכר בחכמות שהם הועתקו מן העברים אך מן היונים והרומים״ [4].

אויך דער רמב״ם שטרייכט אונטער אין זיין „מורה נבוכים״:

„דע כי החכמות הרבות אשר היו באומתנו באמתת אלו הענינים אבדו באורך הזמן ובשלוט האומות הסכלות עלינו״ [5].

דער באַרימטער יידישער אַריסטאָטעליקער האָט געהאַלטן פאַר באַזונדערס וויכטיק אונטערצושטרייכן, אַז די „חכמת יונית״, ד״ה די אָנשויונגען פון דער גריכישער פילאָזאָפיע געפונען זיך אין גרוים קרבות מיט דער יידישער אידעענוועלט, און אין זיין „יד החזקה״ [6] געפינען מיר פאָלגנדע שורות: „חכמת התקופות והגימטריאות שחברו בה חכמי יון

1 De religione Christiana, Paris, 1559, f. 48

2 דאַרטן, בלאַט 49, עמ׳ א׳.

3 „הגיון הנפש״, 2.

4 „כוזרי״, פרק ב׳, § 66.

5 „מורה נבוכים״, חלק א׳, פרק 71; אויך חלק ב׳, פרק 11.

6 „הלכות קידוש החודש״, קאַפּ׳ 17.

ספרים הרבה והם הנמצאים עכשיו ביד החכמים, אבל הספרים שחברו חכמי ישראל שהיו בימי הנביאים מבני יששכר לא הגיעו אלינו״.

שם־טוב פאַלקירה שרייבט אין זיין „ספר המעלות״:

ובטלמיוס זכר כי הוא שלח לכהנים שבירושלים להעתיק לו ללשונו ספרי החכמות שהיו שם... ואני חושב והוא אמת כי הפילוסופים הקדמונים מאוד קבלו משֵׁם ועבר ואברהם אבינו ע״ה ושאר האבות וכ״ש משלמה המלך ע״ה ומהחכמים שהיו בדורו.

אַ אַנדערער פּראָפעסער פונם דרייצנטן יאָרהונדערט, דער בעל „לוית חן״, לוי בן אברהם, שילדערט אין זיין „בתי הנפש והלחשים״ אויף פאָלגנדיקן אופן די אַנטשטייונג פון די וויסנשאַפטן.

עלי כל אום כבר נפלא לאומי — בכל מַדָע ואֶדֶר הסתרים
ואמנה מהמון עם נעלמו — ולסגולות לבד היו מסורים [1]
והתקינו ללבב המבינים — משלים, גם לעור עין חֲסֵרים [2]
והתיפו בני יֶפֶת בחכמות — ולקחום מנבוני שֵׁם ועִבְרים
והתפארו בספרי בָּין מצאום — ומהם ירשו גויים והַגרים [3]
ופסו את נבונינו בחורבן — ונשארו קצת יודעי פשָׁרים
ונפזרו בכל רוח ופאה — בתוך עמי סְכָלִים וארורים
לזאת עמדו והסתירו דברים — ועמם כל חמודות נעדרים.

יוסף אבן כספי דערקלערט אין זיין „ספר המוסר״:

אריסטו התנשא לפרש המצות היקרות שלנו ויחס פירושם לעצמו תחת אשר גנב כל זה מספרי שלמה ע״ה וזולתו שחברו בענין זה... וזכרו זה תחלה רבותינו המכובדים במקומות מפוזרים ובאר דבריהם אריסטו בס׳ המדות באור שלם, כי בזמן בית שני היה זה החכם ומהם למד... והנה הקדמות הניחו אריסטו מצד עיון הנפש ואחר נכנע לאמונת החדוש כי בא בתורה מצד בעלי הנפש הנביאית שהיא למעלה מן העיונית...

---

1 דער פּראָפעסער גופא דערקלערט אין זיין פירוש דעם דאָזיקן פערז אויף פאָלגנדיקן אופן: „ואמנה מהמון אומתנו נעלמו החכמות והסודות ההם ואל היחידים סגולות לבד היו מסורים וידועים.

2 דער פּראָפעסער דערקלערט אין פירוש: „והתקינו המשלים ללב המבינים והחכמים הם בחִדות שכלם ופלפולם יאכלו תוכם ויביני סודם, גם תקנו המשלים לעורי השכל והחסרים ביען יקבלו תועלת בנגלה אם לא יוכלו להבין התוך והנסתר״.

3 דער פירוש: „והתפארו בספרי החכמה והבינה אשר מצאו ולקחו מעם ישראל, ומהיונים נעתקו החכמות ההם אל מלכות רומי וישמעאלים״.

נמצאים מעמנו שיבזו החכמות המיוחסות וספרי אריסטו וחבריו ולא ידעו כי בנפשם ידברו כי אלה החכמות היו מקדם שלנו [1].

אַ אַנדער פּראָפעסער פונם פערצנטן יאָרהונדערט, מאיר אַלדַבִּי, דערציילט אין זיין „שבילי אמונה":

עד שראיתי כתוב בספר, כי כאשר גלה יכניה מלך יהודה וגלו עמו סנהדרין וחכמי ישראל... ואז למדו מחכמתם חכמי יון... עוד מצאתי כתוב כי אריסטו היוני אשר כל חכמי המחקר נגררים אחריו ושואבים מספריו שהיה רבו של אלכסנדרוס מוקדון שמלך על כל העולם וכאשר כבש אלכסנדרוס ירושלים השליט לאריסטו רבו על אוצר שלמה ע"ה ואז חקר ודרש על ספרי שלמה ולקחם והעתיקם על שמו והוסיף הוא טעיות משלו ואז גנזו על ספרים של שלמה כדי להטעות העולם שאריסטו עצמו חיברם משיקול דעתו. ובראותי אני המחבר את הדברים האלה שמצאתי, עלץ לבי בד' ואומרה: אכן נודע הדבר כי יסודי החכמות אשר ביד אדום וישמעאל הן הנה היו לבני ישראל.

משה אַרובש, וועלכער האָט איבערזעצט אויף איטאַליעניש און העברעיִש דאָס אינם מיטלאַלטער אַזוי פּאָפּולערע זאַמלבוך „טעאָלאָגיאַ", דערקלערט אין דער פאָררעדע:

אמר המעיין משה בר' יוסף ארובש... זה הספר בא לידי בערבי ברמשק והעתקתי אותו ללשון הקודש. והוא אמת שחזר בו (אריסטו) ממה שחלק על... תורתנו הקדושה, ועשאו בסוף ימיו ואליו נסמך וקראו ספר תיאולוגיה שר"ל ספר האלהות [2].

דער אפּודי (פּראָפיאַט דוראַן) איז אויך גאַנץ זיכער „כי כל מה שנמצא אצלם (חכמי יון) מהאמת באלה החכמות העיוניות לקחוהו כלו מבני ישראל בזמן הגלות" [3].

דעם אפּודיס אַ בן־דור, שמעון דוראַן, דערקלערט אין זיין פאָר־רעדע צו זיין „מגן אבות":

וארסטו היה מִצָוֶה לשמוע את כל דברי התורה דרך קבלה וליסר הבאים לתת טעם לאזהרותיה ומצותיה ולגעור במי שמלאו לבו להקשות עליה. ואמר אפלטון: אנחנו נלאים מהבין דברי התורות אבל נבין מעט ונסכל הרבה.

און אין דעם „מגן אבות" גופא (דף 30, עמ' א') איז דוראַן מוסיף:

וכבר כתב במורה המורה להחכם ן' פאלקירה ז"ל כי אפלטון הפילוסוף שכל חכמי המחקר נכנעו לפילוסופיתו כתב כי דבר עם אחד

1 זע אבן כספּיס „מנורת כסף", 85; „שלחן כסף", 171, און „עמודי כסף", 31.

2 Melanges, 249.

3 „מעשה אפוד", 8.

מנביאי ישראל ובתחלת הדברים לא נראה לו ממנו ענין גדול וכשנכנם עמו בעומק אלהותו הבהילו והיה תכלית כונתו להבין דבריו. וי״א כי זה היה ירמיהו הנביא ובאמת כי בזמן אפלטון היה, אבל אני חושב שיהיה אלא אחד מתלמידיו הקטנים.

דער פילאָזאָפיש געבילדעטער יוסף בן שם־טוב שרייבט אין דער פאָררעדע צו זיין פירוש אויף אריסטוס „ספר המידות״:

ויאמרו ההכמים האחרונים כי במצרים נמצא ספר ממנו (מאריסטו), שב בו ממה שהניח שהעולם קדמון ומשאר הדעות אשר חולק בהם על תורת משה ושהחזירו שמעון הצדיק ז״ל [1].

אן ענלעכע אגדה גיט אויך איבער יוסף בן שם־טובס בן־דוד, אברהם ביבאגו:

ומצאתי בשם חכם מופלא מפילסופיה היונים דבר זה ענינו: פעם א׳ נכנסתי להוכוח עם חכם מחכמי ישראל והתחלנו לדבר בחכמת הטבע ולא היה בעיני הרבה, ואחר נכנסנו בחכמת האלהות והעלני באלהותו אל שלא הייתי יכול לסבור ולהבין עד שהתפללתי לאל יתן לי שכל להבינו ע״כ [2].

דער רמ״א גיט איבער אלס דבר ידוע, אז סאָקראט האָט זיין גאַנץ חכמה צו פאַרדאַנקען די יידישע חכמים אסף און אחיתופל [3]. די דאָזיקע מיינונג, אז די „חכמי יון״ האָבן זייער גאַנצע חכמה גענאַשט ביי יידישע חכמים, איז געווען נאָך זייער פאַרשפּרייט צווישן די יידישע שריפט־שטעלער פונם 16טן יאָרהונדערט. מיר געפינען זי ביים באַרימטן פאַר־פאַסער „Dialoghi di Amore״, יהודה אברבנאל [4], ביים בעל „מנחת קנאות״ יחיאל אוים פיזא, אויך ביי יהודה מוסקאטו [5], ביי דוד מיסר ליאון [6] און אפילו ביים באַרימטן בעל „מאור עינים״, דעם באַשעפער פון וויסנשאַפטלעכער קריטישער פאָרשונג אויפן געביט פון יידישער גע־שיכטע. דער פרומער און גאָטספאַרכטיקער גדליה אבן יחיא גיט איבער אין זיין „שלשלת הקבלה״ אלס היסטאָריש באַגלויבטע פאַקטן די אַלע אַלטע לעגענדעס, ווי אַזוי די „חכמי יון״ פלעגן עולה רגל זיין קיין ציון

1 „צייטש. פ. העבר. ביבל.״, XIII, 154; זע אויך: Melanges, 249.

2 „דרך אמונה״, צווייטע אָפּטיילונג, קאַפּ׳ 3, דף 46.

3 „תורת העולה״, I, קאַפּ׳ 11: „ודע כי ראיתי בספר אחד ישן מאוד... והיה כתוב בו שסאקראט... שהוא קבל החכמה מאסף הקרחי ומאחיתופל״.

4 „וכוח על האהבה״, 71, 85.

5 „נפוצות יהודה״, 1589, דף 30, עמ׳ ב׳.

6 זע: Revue d. etudes juives, v. 24, p. 122.

הערן תורה בײַ די ייִדישע חכמים, וואָס זייער שם האָט געקלונגען איבער דער גאַנצער וועלט; דער גרויסער אַפּלטון איז געווען אַ תּלמיד בײַ ירמיהו הנביא און מכּוח אַריסטו גופא איז פאַראַן אַ חילוקי דעות: אַ טייל פאַר־זיכערן, אַז ער האָט סוף ימיו זיך מגייר געווען, און אַנדערע ווידער דרינ־גען, אַז ער שטאַמט פון ייִדן און טאַקע פון שבט בנימין. דאָרט ווערט אויך געבראַכט דער פּיל באַקאַנטער לעגענדאַרער בריוו, וואָס אַריסטו האָט כּלומרשט געשיקט זיין תּלמיד אַלכּסנדר מוקדון, ווו דער באַרימטער גריכישער דענקער ווערט אַ מחזיר בתשובה: ער האָט חרטה אויף די דעות, וואָס ער האָט פריער אַרויסגעזאָגט אין זיינע ווערק, ווייל איינער אַ „חכם מחכמי ישראל" האָט מיט אים געהאַט אַ וויכּוח און יענער האָט אים, אַריסטון, איבערצייגט, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט. דער הויפּט־טעות זיינער באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט געמיינט, אַז דעם אמת קאָן מען דערפאָרשן נאָר אויפן ראַציאָנאַליסטישן דרך דורך שכלדיקער חקירה, איצט אָבער, אַדאַנק דעם „חכם מחכמי ישראל", ווייס ער, אַז דעם אמת דערגרייכן קאָן דער מענטש זוכה זיין נאָר דורך געטלעכער התגלות. „ווען איך — איז אַריסטו מודה אין דעם דאָזיקן אַפּאָקריפישן בריוו — זאָל זיין בכּוח צונויפנעמען אַלע מיינע ווערק, וואָס זיינען פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, וואָלט איך זיי אַלע פאַרברענט, קיין איינציקן ניט איבערגעלאָזט, זיי זאָלן אַנדערע ניט פאַרפירן".

אָט דער דאָזיקער לעגענדאַרער בריוו איז געווען זייער פּאָפּולער אין די ברייטע ייִדישע קרייזן און איינער פון די גרעסטע רבנים אינם זעכצנטן יאָרהונדערט, דער רש"ל, קלאָגט זיך דערויף, וואָס די ייִדישע ישיבה־בחורים שרייבן אריין אין זייערע סידורים די „תּפילה" פון דעם גריך אַריסטו [1].

ערשט אינם זיבעצנטן יאָרהונדערט האָט דער ייִדישער פרייַדענקער אריה די מודינה דער ערשטער קריטיש זיך פאַרהאַלטן צו די דאָזיקע לעגענדעס און האָט אָפן דערקלערט, אַז דאָס זיינען „לויטער נאַריש־קייטן" (דברי כסילות) [2].

---

1 זע שו"ת הרמ"א, נומ' 6: „ועתה אני הגבר ראיתי כתוב בתפילות ובסידורי הבחורים רשום בהן תפילת אריסטו".

2 „ארי נוהם", 44.

# ביילאַגע נומ׳ 7

(זע זייט 197)

אַ אויסצוג אויס דער פאָררעדע[1], וואָס לעאָן יוסף אויס קאַראַסקון האָט געשריבן צו זיין איבערזעצונג פון גערארד דע סולום פירוש אויף דעם ניינטן בוך פון אלמנצורי דע ראַזיס מעדיציניש ווערק:

אמר ליאון יוסף המעתיק היושבי קארקשונה: הנה מאז פקחתי עינים לדרוש ולתור בחכמות החיצוניות אשר הם במין ובמספר רבות במספר ימי שבוע זאת ולזה אין כולם כאחד נגדרות ונקשרה תוחלית בהם לדעת לחקור מהם חקירות מתחלפות גדלו מעלות החכמות ההם בעיני מעל כל התהלות וזה מרוב כָּספי ותאותי לעמוד על דרישתם והשתוקקי על חקירותם והלכתי אחרי עקבות חכמינו הנמצאים היום גם מתמול גם משלשום לחשוב מחשבות יאורו עיני בהם אור השכל והלבבות באמוֹיי: הגיעו הם במה שהגיעו השלמים שכבר חלפו והלכו להם זה ימים ומצאתי היות החסרון הנמצא בהם ולקצת אומתנו בדור הנה גדול ועצום ודבריהם בחכמות החיצוניות כדבר הספר החתום, ואמרתי אולי כָּספי גדול מהשגתי והחסרון מגיע מצדי לעומק המושג וקצור שכלי ודלותי ודקותי וסכלותי מהשיג ענינם לא מסכלותם וחסרון ידיעתם... כי ראיתי שאין על החסרון המגיע לקצת האומה ראוי להפלא ואין הסבה בזה בלתי ידועה ולא נתעלמה ממנה הלכה. ונפלאתי על המראה ואשתומם כשעה חדא ואשמע הקול מדבר: סבת חסרון הידיעה מקצת חכמינו איננה אחת אבל רבות ומפני זה אליהם חכמות רמות כי התורה והאמונה על אחת כמה וכמה. ומפני זה מנעו קצת חכמינו מלעיין בהם דברים שכליים מחוק המוננו כרחוק מזרח ומערב רחוקים ומשרשי בהם ומלדעתם ומעמוד על ענינם גם קצת מהם אשר האל חננם לעיין בהם לברור האוכל מתוך הפסולת וכל אחד את זה שכלו חקר רמון מצא תוכו אכל קליפתו זרק הוכיחו לעשות זה בהסתר ובהצנע בחוחים ובמחבואות, לא היו רשאים להרביץ החכמה בשוקים וברחובות ולהתוכח בהם להראות פנים להם ולהושיב ישיבה ברבים להמציא האמת על בוריו, כי לא יודע האמת כ"א בהפכיו וזה מפחדם מלשון המון הסכלים, כי הם מתי מעט והנה הרבים מצורף לזה מיראת קצת התורנים אשר מהם מיתר החכמות מופשטים אשר ידם תקפה על המעיינים לא בכחם ורוב ידיעתם רק לחוזק ידיהם ורוב נכליהם להיות עדת ההמון ההוא נשמע אליהם בחשבם היות החכמות

---

1 געשריבן אין יאָר 1394.

ההם והמעיינים בהם יוצאים מכלל בעלי התורה, אלה מדות החסרים והמדברים על החכמים תועה...

והנה נמנעה ממנו ידיעת החכמות בכיוצא בזה לא שיהיה שבלנו למטה משכליהם כי גם לנו לבב כמוהם, אמנם מנעונו הסבות אשר קדם זכרונם עם גלותנו ולחצנו ורוב העם נגהם הודם והמונם ומפני זה המה עלו בחכמות החצוניות מעלה מעלה ואנחנו ירדנו מטה לרוב הטרדות המעיקות (Les ecrivains juifs fr., 772—3).

אינטערעסאַנטע פּרטים דערציילט ווייטער דער איבערזעצער, מיט וואָס פאַר אַ מי ס'איז אים אָנגעקומען ביז עס איז אים געלונגען צו באַ־קומען אַ נייטיק מעדיציניש ווערק, ווייל די קריסטלעכע מעדיצינער פלעגן מחרים זיין די מחברים, וואָס פלעגן פאַרקויפן מעדיצינישע ווערק זייערע יידישע קאָלעגן, אין וועלכע זיי פלעגן זען געפערלעכע קאָנקורענטן:

„וכאשר ארך זמן עמידתי עמהם והייתי שפל בעיניהם כי אין באומתנו מי שיהיה מכובד בעיניהם אם לא יהיה הרופא אשר ירפאם מחולייהם... וספר החכם מאשטרי יואן די טורנה מירה אשר זה עשר שנים שמעתי שמעם ולא יכולתי להשיגם לא בהר (מאָנ־פעליע) ואם הוא המקום אשר ממנו חוצבו, ולא באַוִיניון ולא ביתר המקומות הטובים כי היה במציאות מעטים, מצורף לזה שחכמי ההר היו מחרימים ומנדים כל מי שימכרם לזולת הנוצרים, והוצאתי בהשגתם ממונות כפי כוחי.

---

# ביילאַגע נומ׳ 8

(זע זייט 244).

## מאיר אַלגואַדעז און זיין ספר־המידות־איבערזעצונג.

מאיר בן שלמה אלגואדעז איז געווען לייב־מעדיקער ביים מלך פון קאַסטיליע היינריך דעם דריטן. ער איז אויך געווען רב הכולל איבער גאַנץ קאַסטיליע. ער אַליין דערציילט, אַז ער האָט געפירט אַ וואַנדער־לעבן, „גע־וואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט און פון איין לאַנד אין אַנדער לאַנד". דאָך האָט ער געפונען פרייע צייט צו פאַרנעמען זיך מיט פילאָזאָפיע און אַנ־דערע וויסנשאַפטן, און איבערזעצן אַריסטוס ווערק אויף העברעיִש.

די איבערזעצונג פון „ספר המידות" האָט אלגואדעז געמאַכט אויפן ווונטש פון דעם באַקאַנטן מעצענאַט בנבנשת אבן לביא. אַ מאַנוסקריפּט

פון דער דאָזיקער איבערזעצונג געפינט זיך אין דער ערשטער פירקאָוויטש־קאָלעקציע נומ' 378. אויפן מאַנוסקריפּט געפינט זיך די אויפשריפט פון אײנעם פון זײנע אַמאָליקע אײגנטימער: ספר המדות זה קניתיו אני הצעיר אברהם אליגרי בארבעים לבנים. אין דער לאַנגער פאָררעדע פונם איבערזעצער געפינען זיך אײניקע גאַנץ אינטערעסאַנטע פּרטים, מיר ברענגען זײ דערפאַר אין אָריגינאַל: והנה חכמי יון אשר לא ראו אור התורה בהיותם משכילים ובוחרים ארחות יושר חברו ספרים ללמד אדם דעת ודרך תבונות ולהורות אי זו דרך ישרה שידבק בה, ובפרט אריסטו הידוע ראש חכמי יון חבר ספרים בהנהגת המדות אחד מהם קראו איטיקאָש ידבר בהנהגת המדות לכל אחד מבני אדם, והשני קרא אֶיקונומיקאש והוא יגיד הנהגת הבית והג' קרא פוליטיקאש, ידבר בהנהגת המדינה, והוא חברם בלשון יון אחר כן הועתקו אל לשון נוצרי גם קצתם הועתקו אל לשון ערבי. ואני מאיר בן שלמה ז"ל ן' אלודיש בלומדי לשון נוצרי ראיתי העתקת הספרים הנזכרים גם ראיתי עליהם פירושים לחכמי הנוצרים כי חכמה מפוארה היא אצלם הפילוסופיא אשר במדות... והנני מנעורי לא שקטתי ולא נחתי ומהיותי לאיש הייתי נע ונד בארץ מתהלך מעיר אל עיר וממלכה אל עם אחר ומקום מנוחתי ברחוב אבין מושבי אסתופף בחצרות מלכי קשטיליא מיום ליום סובב מכפר לכפר והיה משכני בצחיחים ובמערות ובבתי כלאים. עתותי ורגעי נפשי נבהלה מאוד ממראה עיני אשר אראה מוסף על היות משא משפט כל עמי עלי לא יתנני השב רוחי. ולאיש אשר אלה לו הנכון להעתיק חידה או משל א' או סיפור אחד אף כי ספר פליסופיא גבוה ותלול ומדברי ארסטו אשר דבר במלות זרות ומאמרים קצרים, גם כי בואֶסיו המעתיק דבריו אל לשון נוצרי [1] העמיק לסתום ובכפל רסנו מי יבוא... והנה נמצאו לי מלמדים נוצרים יודעי דעת ומביני מדע גם מצאתי און לי במוצאי פירוש מבואר לספר אֶיטיקאש בלשון נוצרי... גם העירני על זה היקר הנעלה החכם דון בנבנשת בן לביא י"צ שוכן בסרקסה אשר במלכות אראגון שאל ממני העתקת ספרי אריסטו בפילוסופיא אשר מהמדות... והנה ב"ה עזרי אעתיק ספר איטיקאש אשר הוא ראש ונבחר ויותר מועיל, ואם חפץ ד' בידי יצלח אעתיק ספר אֶיקונומיקאש וספר פוליטיקאש אם אמצא ביאורים, כי לא מצאתים עד עתה...

---

1 זע העגן דעם שטײנשנײד, העבר. איבערז. 211.

# ביילאַגע נומ׳ 9

(זע זייט 345).

## פּראָפיאַט דוראַנס „כלימת הגויים".

מיר האָבן זיך באַנוצט מיט צוויי מאַנוסקריפּטן: איינער אַן עלטערער (גיט שפּעטער פונם זעכצנטן יאָרהונדערט) שטאַמט בלי־ספק אויס איטאַליע, פאַרנעמט 74 דפים, 19 ס״מ די לענג און 14 די ברייט. דער מאַנוסקריפּט געפינט זיך אין אַזיאַטישן מוזיי אין לענינגראַד, אין פרידלאַנדס קאָלעקציע (דעם מאַנוסקריפּט וועלן מיר דערפאַר ווייטער באַצייכענען מיטן אות פ׳). אין דעם זעלבן מוזיי געפינט זיך אין כוואָלסאָנס קאָלעקציע, אונטערן נומ׳ 159, אַ צווייטע אָפּשריפט „כלימת גוים", אַ באַדייטנד נייערע, וואָרשיינלעך פונם 19טן יאָרהונדערט (מיר וועלן זי ווייטער באַצייכענען מיטן אות ח׳). בלויז אין דעם עלטערן מאַנוסקריפּט פ׳ געפינט זיך דעם אָפּשרייבערס צושריפט מיט דער אין דעם טעקסט דערמאָנטע דאַטע. נאָך דער צושריפט גייט דוראַנס אַ שיר, וואָס פאַרענדיקט זיך מיט אַ שבח צו חסדאי קרשקש:

כלימת הגויים — וחרפת ערלים — ולישראלים — צבי ועטרה
לתורה במרמה — יסודה מהומה — ולתורה תמימה — לעדות — ברורה
לאומה סכולה — להרב גדולה — ואל עם סגולה — לחומה נצורה.
להולכי חשכים — לקוצים ושיכים — ולזרע ברוכים — לדרך ישרה
למופת לאומו — וגם הוד לעמו — והולך לתומו — אני שי למורה
גביר רב ברכות — ועולם הליכות — בלבו ערוכות — למצוה ולתורה
לחסדאי גדול עם — נגידם ושועם — ויערב וינעם — כמנחה טהורה
בימיו יגאל אל — משיחו וגואל — ויבנה אריאל — ובית הבחירה.

דערנאָך גייט אין פּראָזע אַן אָפּענע ערקלערונג געווענדט צו חסדאי קרשקש, אין וועלכער עס ווערט אגב אַנגעוויזן, אַז דאָס ווערק איז געשריבן לויט דעם ווונטש פון קרשקשן גופא. מיר ברענגען דאָ די דאָזיקע אינטערעסאַנטע ערקלערונג וואָרט ביי וואָרט:

תפארת הרבנים והאמינים*, שאלני רוממותך להעמידך על נכון מה שנתברר לי בכוונת המשיח המדומה ותלמידיו ושלוחיו ע״ד כלל ואם כוונתו בהריסת חקירת האלקות בכללה או בחלקים כפי מה שנתפרסם ונמשך אצל המאמינים בו ונמשכים אחריו ומה היתה כונתם באמונה ההיא

* אין דעם מאַנוסקריפּט ח׳: „עטרת החכמים והרבנים ונזר המאמינים".

ועל איזה יסוד בנו אמונתם ודעת המדברים באמונה ההיא אשר באו אחריהם במה שישענו מדבריהם למדברי נביאי האמת והתורה האלהית. הכונה ממך, תפארת הרבנים והמאמינים, לפתוח השער אם אפשר להשיב בזה המאמר כפי מאמר האומר עצתו כי היא התשובה האמיתית והנצחת בכיוצא באלו הנישאים. ועם היות שאחד מן הקודמים נוחלים האמת לזה לא השגיחו ולזה לא רצו לבלות זמנם בדומה לזה*. הנה אתה תפארת הרבנים ראית ימי הרעה והחימה השפוכה על גלות ירושלים אשר בספרד ורבו המתפרצים והמעמיקים לסתור עצה ולשפוך סוללה על חומות התורה האלהית. לתת אותה כמלונה במקשה, כעיר פרוצה, ורוצה אתה להקים סוכת דוד הנופלת והנהרסת אחרי כי צרעת המינות במצחות האנשים פורחת ויהי כל אדם נידון, צץ מטה רשע ופרח הזדון; על כן לעשות רצונך חפצתי ואליו רצוני, ואכתוב מעט כנרצה יען ידעתי ברוב חכמתך וברוחב לבבך וגובה שכלך תוסיף בו דברים מפלפוליך, ואשר אדבר בו כדי מצותך להקים אשימנו שנים עשר פרקים וזה הראשון.

גלייך דערנאך ווערן אויסגערעכנט די אלע צוועלף קאפיטלעך פונם ווערק און איבערגעגעבן דער תוכן הענינים:

פרק א': להביא ביאור בפירוש מאמר האומר שלא היתה כונת המשיח מדומה ולא כונת תלמידיו שיהיה הוא אלקים כמו שחשבו הבאים אחריהם.

פרק ב': לבאר ענין השילוש אשר יאמינהו והמקומות אשר ישענו עליהם באמונה הזאת.

פרק ג': לבאר ענין ההגשמה אשר יאמינוהו.

פרק ד': לבאר כי מעולם לא חשב ישו לחלוק על תורתנו הנצחית ואינו נראה בכל הארבעה אונגליום שחשב לעשות דבר שיחלוק על התורה האלהית ושיהרוס ממנה דבר גדול או קטן, יען בהיותו רוצה בקיומה וכי הוא האמין נצחיותה והראה עצמו לפי מה שנזכר ממנו בספורים מתחסד מאוד בסבלותו.

פרק ה': לבאר אמונת ישו ואיך נתפשטה בין הגוים.

פרק ו': על ענין לחם אלקים ויין.

פרק ז': על ענין הטבילה שלפני פרסום ישו זמן מועט היה יוחנן המטבל.

פרק ח': על ענין האפיפיור אשר יניחוהו גם כן אחד משרשי דתם, והמקומות שנשענו עליהם באמונה הזאת בלי סמך ובלי ראיה.

---

* אין דעם מאנוסקריפט ח': „לא השגיחו בזה לפרסום האמת והגלותו אם כי לא רצו לבלות וכו'".

פרק ט׳: על דבר מרים אֵם ישי, וענינים אחרים ושרשים גם סעיפים אשר יניחו בדתם.

פרק י׳: בטעיות ושבושים ודברם בלתי צודקים שהניחום ישי ותלמידיו הבאים אחריו... אין ספק שישי ותלמידיו עמי הארץ היו.

אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל ווענדט זיך אפודי ווידער אַמאָל צו חסדאי קרשקשן: והנה אנכי אביא בפרק הזה קצת מטעותם אם שבזה מאיבוד הזמן בדברי הבל, עכ״ן אביאם לפי שידעתי: ישמחו בזה נוחלי האמת במתנת חלקם אשר אתה, תפארת הרבנים, ראשם כהיום הזה ותפרסם בזה במעלת התורה האלקית ואמיתתה ויתרונה על זולתה להבדיל בין הקודש ובין החול ובין האור ובין החשך.

הפרק הי״א: ביאור שישתבשו בענין התארים.

הפרק הי״ב: שיבושי ירונימו המשובש ובהבאת ראיה כי הנמצא אצלנו בספרי הקודש הוא האמת, עליו אין להוסיף וממנו אין לגרוע.

צום סוף פונם לעצטן קאַפּיטל ווענדט זיך אפודי ווידער צו קרשקשן מיט פאָלגנדע שורות:

זהו מה שראיתי תפארת הדור * לכתוב להשלים רצונך רצון שוכני סנה וכתבתי בו היתר קצת ספיקות חדשו...** עם שידעתיך כביר כח ללחום מלחמת ד׳ וקטנך עבה ממתני לחדש פלפולים בויכוחים בם ולגלות עמוקות על התשובות באַנשי און, אך אמרתי אם יבוא זה המאמר ליד מי שלא הרגיל ולא השיג בהשגתך *** אולי יאורו עיניו במעט הדבש הזה. אלקים קוינו לו יושיעך ויברך אותך ברוך ונגד צורריך שלה ערוך קשובות (?) לפניו יערוך ויכחשו אויביך לך ואתה על במותיך תדרוך אמן כי״ר.

אין דעם מאַנוסקריפּט פּ׳ געפינט זיך נאָך צום סוף אַ צווייטע, קלײנע פּאַמפּלעטישע שריפט פון דעם זעלבן פּאַרפאַסער, און אַלס קעפּל דינען די ווערטער פון די נאָר־וואָס ציטירטע שלום־ציילן: תשובות באנשי אָוֶן (אַ ענטפער זינדיק־ליגנערישע מענטשן). דער פּאַמפלעט פאַנגט זיך אָן מיט פאָלגנדיקן שיר:

אני חיל וחומה — לנוצרי התמימה — משיבי מלחמה — בחוצות ושערים לגלות מסתרים — במימי הזרים — בהבלי שוא שומרים — כפי

מאמר אומרים

---

* אין כ״י ח׳ שטייט: הרבנים.

** איין וואָרט איז שווער צו לייענען.

*** אין מאַנוסקריפּט ח׳ פאָלגן ווייטער די ווערטער: „יאורו עיניו במעט הדברים בזה תם ונשלם״. דערמיט ענדיקט דער כ״י ח׳.

וכל דברי ריבות — אליהם מכאיבות — ולהם לתשובות — אני
חרבות צורים

וישיבו בו בודים — כזנבות האודים — ויכלמו הזדים — וילדי הנכרים
ללב נחה חכמה — להוציא תעלומה — ובנין לנקמה כנגד הסותרים
ויצוה אל הסדו — לחדש את חלדו — ואמר ברוב חסדו *—לכהן באורים.

דערנאָך גייען פינף פּאָלעמישע תשובות קעגן די אָנפאַלן פון די קריסטלעכע טעאָלאָגן. דער תוך פון די תשובות איז פּאָלגנדער:

תשובה א׳: לעם ההולכים בחשך טוענים שתורתנו לא הבטיחתנו בקיום המצות יעודים נפשיים כי אם גופיים.

תשובה ב׳: אל הטועים כזב ושוד ידברו שדוד אמר: יהי שמו לעולם לפני שמש ינון שמו, על ישו שהיה קודם לבריאת השמש זמן בלי תכלית.

תשובה ג׳: אל הטפשים נוחלי השקר שאומרים שאותה העלמה וילדה בן נאמר על ישו אלוק׳ שלהם ולזה נאמר: וקראת שמו עמנו אל.

תשובה ד׳: למשקרי הנבואות הטועים שמה שאמר דוד: נאם ד׳ לאדני שב לימיני עד וכו — נאמר על ישו.

תשובה ה׳: תשובה אל הטועים הטוענים על ישו אלקות בסיבה שעשה מופתים לפי דבריהם היוצאים מההיקש השכל.

## ביילאַגע נומ׳ 10

(זע זייט 253).

### וועגן דעם דיכטער שלמה דאַפּיערא.

שלמה דאַפּיערא איז געווען אַן אוראייניקל פון משולם דאַפּיערא, וואָס האָט צוזאַמען מיט שלמה מההר געקעמפּט קעגן די מיימוניסטן. אייניקע פּרטים וועגן דעם דיכטערס לעבן געפינען מיר אין דער פּאָררעדע צו זיין האַנטבוך פאַר דיכטקונסט „אמרי נואש״[1]. בעת ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן

---

* אין דעם מאַנוסקריפּט, וואָס איז געווען אין די הענט פון דעם באַקאַנטן געלערנטן שד״ל, שטייט אָנשטאָט „ואמר ברוב חסדו״ — „ואפד בו ידו״ און לוצאַטו דרינגט, אַז דאָס איז אַ רמז אויף דעם פּאַרפּאַסער אפודי (זע: „אגרות שד״ל״, 1107).

1 „אמרי נואש״ איז געבליבן בלויז אין כתב־יד. מיר האָבן זיך באַנוצט מיט דעם מאַנוסקריפּט, וואָס געפינט זיך אונטער נומ׳ 161 אין דער ערשטער אָפּטיילונג פון דער פירקאָוויטש־קאָלעקציע.

אין סוף 14טן יאָרהונדערט גרויסע רדיפות אויף יידן, האָט דאַפּיערא געמוזט פאַרלאָזן זיין געבורטסשטאָט און ער האָט זיך באַזעצט אין סאַראַגאָסאַ. אים האָט צו זיך איינגעלאַדן אַלס דערציער פאַר זיינע קינדער דער יידישער גביר און פּלל־טוער בנבנשת אבן לַבִי [1], און אין דער זעלבער צייט איז דאַפּיערא געווען אויך באַשעפטיקט אַלס סעקרעטאַר אין דער אָרטיקער קהילה (איייניקע בריוו, וואָס דאַפּיערא האָט געשיקט אינם נאָמען פון דער קהילה, האָט ח. בראָדי פאַרעפנטלעכט אין זיין מאָנאָגראַפיע „ר' שלמה דפירה", 1893).

דאַפּיערא גופא דערציילט אין זיין פאָררעדע:

אמר שלמה בר' משולם די אפיאירי... אני אשר קורותי גרשוני מהתלונן בצל קורותי ומהסתפח בנחלת אבותי והזמן מחשב להרע הרחיק ממני אוהב ורע... אלוה נתנני לחן ולחסד ולרחמים בעיני מבחר החכמים נגיד השלמים, דבר ד' לדוד* רועה אמונה עומד לנס עמים הכרוב הסוכך באברת חסידותו על עם מרעיתו נוטה לפניה צינת בינת הדרתו... הוא השר הנכבד והטפסר המעולה מרון בנבנשת יגדל כבודו לאורך ימים פרי עץ הדעת הישיש עטרת זקנים בן כבוד הישיש עטרת זקנים החכם דון שלמה נ"ע בן לביא, הוא אספני אל ביתו... ויבחר בי לתת עלי יד ושם עם שתילי החמדה... צאצאי מעיו... למען דעת למשוך בשבט סופר להעלות על ספר אמרי שפר... [2]

אויפן פאָרשלאָג פון זיין מעצענאַט בנבנשת האָט דאַפּיערא צוזאַמענגעשטעלט זיין האַנטבוך „אמרי נואש", וואָס באַשטייט אויס דריי טייל. דער דריטער טייל איז אַ גראַמען־לעקסיקאָן, „בכדי באַהילפיק צו זיין — דערקלערט דער פאַרפאַסער אינם אריינפיר — די, וואָס ווילן שרייבן מעטרישע שירים ומליצות, זיי זאָלן ניט דאַרפן פטרן פיל צייט אויף צו זוכן פאַסיקע ריימען און קלאַנגען":

בעזרת שוכן מרומים ומשגיח גם בהדומים אחל לכתוב צורות דרך החרוזים הנצרכים לבעלי השירים והמשקלים כדי שלא יצטערו לבקשם בזמן שירצו לחבר שירים ומליצות. ויסדתי אלו החרוזים על סדר אותיות האלפבית כדי שיהיו מוכנים ומזומנים למבקש אותם, והם מסדרים

---

1 מער באריכות וועגן דעם פרט זע שטיינשניידער, העבר. ביבל. XV, 56—60.

* לויט בראָדיס מיטטיילונג האָבן די לעצטע דריי ווערטער אין דער בערלינער האַנטשריפט אַ גאַנץ אַנדערן נוסח: „דָבָר אחד לדור". אויך אין דער האַנטשריפט, וואָס געפינט זיך אין דער ירושלים־ביבליאָטעק, חזרט זיך איבער דער זעלבער נוסח (זע „קרית ספר", 1924, 64)

2 דער גרויסער שיר, וואָס פאָלגט נאָך דער פאָררעדע, איז אָפּגעדרוקט אין „קרית ספר", 1924, 139—141.

ומיסדים כדרך התנועות היוצאות מהמבטא שהם אה, אֶי, אִי, אוֹ, אוּ, כי בלתם לא תתנועע תנועה היוצאת מהשפה לחוץ [1].

לויט בראָדים מיטטיילונג, וועלכער האָט זיך באַקאַנט מיט דאַפיעראַס האַנטשריפטלעכן „דיוואַן" אין בערלינער ביבליאָטעק, האָט דאַפיערא אַמ־מייסטן געשריבן אָדעס און לויבגעזאַנגען; אין זיין דיכטערישער ירושה געפינען זיך אָבער אויך עלעגיעס און אויך שאַרפע עפּיגראַמעס [2].

דאַפיערא גופא האָט געהאַלטן פון זיין דיכטקונסט גאָר עולם ומלואו. מיט שטאָלץ דערקלערט ער, אַז זיין „ניי ליד", וואָס זיין פּראַכט קאָנען ניט פאַרשעמען די לידער פון חריזי און ידעיה פניני — וועט אייביק לעבן אין זכרון פון פאָלק און אַלע דיכטער וועלן קניען פאַר אים און קושן דעם שטויב פון זיינע פיס:

חרוזים כחרוזי החריזי — וכמליצות ידעיה הפניני
בשיר חדש יהי נצחי וקדמון — במעלתו ואם הוא אחרוני,
לפניו יכרעו נוגנים ללחך — עפר רגליו כהולך על גחוני [3].

אין דער פאָררעדע צו זיין „אמרי נואש" רופט דאַפיערא אויס מיט גדלות:

אני האיש שבע רצון ומלא — חמודות שיר בכתם לא יסולה
ומצפונות ומטמונות אגלה — לדור דורשיו עדי החל וכלה
ומשפטיו וחוקיו אל דבקיו — ואל חושקיו ואוצרותיו אמלא.

אין דער אמתן איז אָבער דאַפיערא געווען בלויז אַ גאַנץ געאיבטער ווערסיפיקאַטאָר און טיכטיקער סטיליסט, צו אמתער פּאָעזיע דערהויבט ער זיך גאַנץ זעלטן און דאָס אויך בלויז אין זיינע עלעגיעס. יעדנפאַלס שטייט ער אַלס דיכטער נידעריקער פון זיין בן־דור שלמה באָנפעד.

דאָס יאָר פון זיין טויט איז ניט פעסטגעשטעלט. די ידיעות וועגן זיין לעבן רייסן זיך איבער מיטן יאָר 1417.

---

1 דעם דאָזיקן טייל פון דאַפיעראַס ווערק האָט שפּעטער אויסגענוצט מרדכי תמה אין „משכיות כסף", אַמשטערדאַם, 1770.

2 צום ביישפּיל: קענגן איינעם מיטן נאָמען מצליח, וואָס איז געווען פון די „מגשימים", ד"ה פון די וואָס האָבן גאָט געשילדערט אין קערפּערלעכע פאָרמען, האָט דאַפיערא זיך געווענדט מיט פאָלגנדער עפּיגראַם:

זה מצליח לא יצליח — עוזריו עתה יאכלם חודש
כי הזניח מר הצריח — ויתן חומר בקודש. (דברי חפץ, 27).

3 זע שטיינשניידער, פּאָגטן און פּאָלעמיקער, „העבר. ביבל." XVI, 88.

# אינהאַלט:

## פערטער טייל

## דער קאַמף פון קבלה און מסורה קעגן ראַציאָנאַליסטישער פילאָזאָפיע.

## ערשט בוך

זייט.

### ערשטער קאַפּיטל:

צוויי וועלטאַנשויונגען — צוויי וועלטן. — דער ראַציאָנאַליסטישער גאָט־באַגריף (דעיִזם) און די רעליגיעזע התלהבות. — שלום־טרעגער און פשרה־מאַכערס. — שם־טוב בן פאַלקירה און זיין „אגרת הויכוח"; דער באַטייט פון זיין דידאַקטישע דערציילונג „המבקש". — די אומבאַפרידיקטע „זוכערס". — יצחק אבן לאַטיף. — די וועגן, וואָס פירן צו מיסטיק; דער מקור פון די מיסטישע שטרעמונגען. — די לערנונג וועגן „אויסשטראַלונגען" און „ספירות". — די „אָבות" פון קבלה אין דער פּראָווענס. — יצחק דער סגי־נהור און דער מדרש „בהיר". — דער מיסטיקער עזריאל און זיין פירוש אויף די צען ספירות. — דער אַבסאָלוט אומפאַסבאַרער („אַין") און זיינע אויסשטראַלונגען (אצילות). — דער מקובל יצחק בן יעקב הכּוהן און זיין „מאמר על האצילות השמאלית". — די „לינקע ספירות" און די צען פּיתות פון קריג און רשעות. — דער פּראָטעסט קעגן דעם ראַציאָנאַליזם. — יעקב בר ששת און זיין „שער השמים" . . . . 7

### צווייטער קאַפּיטל:

די גערָאנער קאַבאַליסטישע שול. — משה בן נחמן אַלס תלמודיסט. — דער רמב"ן און דער רמב"ם. — דעם רמב"נס אָפּטימיזם; די וועלט אַלס לויטער גס. — דער רמב"ן אַלס פייטן, בעל־קבלה און ביבל־דערקלערער. — דעם רמב"נס וויכּוח מיט פאַבלו כריסטיאַני; דעם רמב"נס נסיעה קיין ארץ־ישראל. — אברהם אַבולפיה אַלס פערזענלעכקייט און אַלס „זוכער". — דער „סוד האותיות"; דער פאַרביים פונם נאָמען מיט דער זאַך גופא, דאָס צונויפמישן פון זיין און דענקען. — אַבולפיהס חלומות וועגן ביאת משיח; זיינע תלמידים. — יוסף גיקאַטילאַ. — אַבולפיהס פּראָפּאַגאַנדע אין רוים; זיינע „נביאישע" ביכער און זייער סטיל. טינט און בלוט. — דער מיסטיקער קעגן די רבנים. — די אַנטפּלעקונג פונם „זוהר". 28

### דריטער קאַפּיטל:

זוהר און קבלה. — משה די ליאון און זיין שייכות צום זוהר. — די פאַרשיידענע טיילן, פון וועלכע דער זוהר באַשטייט. — דער זוהר אַלס קאָמפּענדיום פון יידישער מיסטיק. — די לערע וועגן „אין־סוף". — די לערע וועגן

אַנדרויגינוס (מאָפּלגעשלעכטקייט) אין דער יידישער מיסטיק. — די אייניקייט פון דענקען און זיין, פון דעם וואָס ס׳איז מיט דעם וואָס ס׳דאַרף זיין. — דער עטישער עלעמענט אין דער קבלה. — די ראָלע פון דער פּערזענלעכקייט אינעם זוהר; דער באַגריף וועגן דעם „איבער־מענטש" (אדם עילאָה). — דער ענגער צוזאַמענהאַנג צווישן דער אייבערשטער וועלט מיט דער אונטערשטער; „צדיק יסוד עולם". — די סודות, וואָס זיינען באַהאַלטן אין די תּפילות. — די לערע וועגן דער נשמה; די באַשעפענישן און זייערע פאָרבילדער; דער היכל פון ליבע. . . . . . . . . . . . . . . . . . 55

## פערטער קאַפּיטל:

דער באַנייטער קאַמף קעגן דעם אַריסטאָטעליש ראַציאָנאַליזם. — דער זוהר וועגן די רבנים און פילאָזאָפן. — פּלאַטאָניזם און אַריסטאָטעליזם. דער אונטערשייד צווישן אַלעגאָריעס און סימבאָלן. — די שנאה פון די בעלי־קבלה צו דעם אַריסטאָטעלישן ראַציאָנאַליזם. — דער אָנהייב פונם קאַמף. — דער אַנטימייַמוניסטישער קעמפער שלמה פּטי. — די באַנייונג פונם קאַמף אין דער פּראָוואַנס, און זיינע סיבות. — די יידישע הויף־אַריסטאָקראַטיע אַלס טרעגערין פון ראַציאָנאַליזם. — די „פילאָזאָפירנדיקע" דרשנים. — לוי אוים ווילעפראַנש און זיין נטיה צו אַסטראָלאָגיע. — דער „גזר" מן השמים אַלס הכשר אויף שמד. — דער אַרויסטריט פון אבא מארין אוים מאָנפּעליע; זיין כּתב צום רשב״א. — רשב״אס באַציִונג צו פילאָזאָפיע. — אבא מארים „מנחת קנאות". — דער רשב״א און לוי אוים ווילעפראַנש. — די מודעה פון די באַרצעלאָנער רבנים. — יעקב בן מכיר און די אָנהענגער פון די בני־תּיבון. — דער פאַרביטערטער קאַמף . . . . . . . . . . . . . . 73

## פינפטער קאַפּיטל:

די טראַגישע לאַגע פון יידן אין דייטשלאַנד. — די רינדפלייש־רציחות. — ר׳ מרדכי בן הלל. — ר׳ מאיר פון ראָטנבורג. — ר׳ מאיר אַלס תּלמודיסט און פּייטן. — ר׳ יצחק בן משה און זיין „אור זרוע". — ר׳ אָשר בן יחיאל אַלס תּלמודיסט; זיין „צוואה". — דעם ראַ״שם אַנטלויפן קיין שפּאַניע. — דער ראַ״ש און דער רשב״א. — דער האַרבער „חרם" פון דעם רשב״א. — די ראַציאָנאַליסטן מיט זייער „אדרבה". — דער קאַמף אַרום דעם רמב״מס נאָמען. — די קעמפער פאַרן פרייען געדאַנק. — מנחם מְאִירי אַלס מענטש און געלערנטער. — ידעיה פּניני און דער „כּתב ההתנצלות". — דער אומדערוואַרטער סוף. — די פּראָוואַנסאַלער קהילות אין גלות. — יוסף בן יחיא און זיין עלעגיע. — פּניני אַלס דיכטער; זיין „בחינת עולם" . . . . . . . . . . . . . 103

## זעקסטער קאַפּיטל:

יצחק אַלבאַלאַג און זיין „כּוונות הפילוסופים". — אַלבאַלאַג אַלס פריי־דענקער. — אַלבאַלאַגס דעות וועגן דער וועלט־באַשאַפונג און דעם געטלעכן ווילן. — דער „נאַטירלעכער סדר" און דער „רעליגיעזער סדר"; גלויבן און איבערצייגונג. — דער „צווייאַרטיקער אמת" ביי די קריסטלעכע טעאָלאָגן און ביי אַלבאַלאַגן. — אַלבאַלאַג אַלס פּערזענלעכקייט . . . . . . . . 130

זייט.

## זיבעטער קאַפּיטל:

דער משומד אבנר אויס בורגאָס און זיין מאמר קעגן „בחירה חפשית". — פולגאַר און זיין פּאָלעמיש ווערק „עזר הדת"; וועגן פינף מינים קעגנער. — „צוויי קלאַסן" אויף דער יידישער גאַס. — יוסף כספּי און זיין פאַרהאַלטן זיך צום רמב"ם. — זיין מאמר „ספר הסוד" און די פּאָלעמיק קעגן אים. — אבן כספּי אלס אמת-זוכער („המבקש"), אַלס ליטעראַט און ביבל-דערקלערער. — אבן כספּים „צוואה" . . . . . . . . . . . . . . . . 144

## אכטער קאַפּיטל:

די פּראָוואַנסאַלישע שטאָט פּערפּיניאַן אַלס צענטער פון פרייען געדאַנק. — נרבוני אַלס פרייער דענקער; זיין פּירוש אויפן „מורה נבוכים". — דער רלב"ג אַלס פילזאָפיקער געלערנטער. — דער רלב"ג אַלס אַריסטאָטעליקער. — חילוקי-דעות צווישן דעם רלב"ג און אַריסטו. — דער רלב"גס שטאַנדפּונקט בנוגע צו דער פראַגע וועגן אומשטאַרבלעכקייט. — דער רלב"ג אַלס ראַציאָנאַליסט און אַלס ביבל-דערקלערער . . . . . . . . . . . . . . . . 166

---

# צווייט בוך

## 1492—1348

## ערשטער קאַפּיטל:

דער „מורה נבוכים" און דער „מלחמות השם". — די בלוט-שרעקן פון דער „שוואַרצער מגפה". — די רבנים און מנהיגי-הדור און זייער שטרענג קאָנסערוואַטיווע ריכטונג. — ר' יום-טוב ליפּמאַן און זיין „הנצחון". — די קולטורעלע ירידה פונם שפּאַנישן און פּראָוואַנסאַלישן יידנטום. — יצחק הישראלי, עמנואל בונפיס, אישתורי פרחי און שם-טוב אַרדוטיל. — יעקב דער בעל „הטורים". — בחיא בן אָשר און די פאַרשטאַרקונג פון די מיסטישע שטרעמונגען. — די עקלעקטיקער. — דוד בן ביליא; מאמר אַלבבי און זיין „שבילי אמונה". — אַלבבים קאַמף קעגן די „מתפלספים". — די לעגענדע, אַז דער רמב"ם האָט חוזר בתשובה געווען און געוואָרן אַ הייסער מקובל. . . . . 187

## צווייטער קאַפּיטל:

די קלעריקאַלע רעאַקציע אין שפּאַניע. — די הויף-יידן. — די מאָראַלישע ירידה פון דער יידישער אַריסטאָקראַטיע. — שלמה אַלעמים שטראָף-פּרעדיק. — די שנאה צו יידן ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. — די עקאָנאָמישע יסודות פון דער דאָזיקער שנאה. — דער קאַמף פאַר דער קיניגלעכער קרוין, און די צרות, וואָס יידן זיינען דערביי אויסגעשטאַנען. די גזירות קעגן יידן און די פיינדלעכע אַגיטאַציע; די פּאָלעמישע ליטעראַטור; די וויכּוחים פון משה אויס טאָרדעסילאַ און שם-טוב אבן שפרוט. — די אַגיטאַציע פון די קאַטוילישע גייסטלעכע. — די שחיטה אין סעוויליע. — די מאַראַנען און די מוסרים-משומדים. 214

זייט.

## דריטער קאַפּיטל:

פּאַמפלעטן אַלס קאַמף־מיטל. — שלמה באָנפעד אַלס דיכטער און פּאַמ־
פלעטיסט. — יהושע אַלורקי און דער משומד פּוילוס אויס בורגאָס. — אַלורקים
בריוו; דער מאַראַן פּראָפיאַט דוראַן און זיין לעבנס־דראַמע. — דוראַנס פּאַמ־
פלעט „אל תהי כאבותיך" און זיין פּאָלעמיש ווערק „כלימת הגוים". — די
פּאָררעדע צו זיין „מעשה אפוד" און איר קולטור־היסטאָרישער באַטייט. — די
דריי שטראָמונגען אין דער יידישער אינטעליגענץ פון יענער צייט . . . . . 232

## פערטער קאַפּיטל:

די פאַרשטאַרקונג פון די מיסטישע שטראָמונגען נאָך דער „סעווילער
שחיטה". — דער בעל־קבלה און בעל־נס משה באָטאַרעל. — אברהם אויס
גראַנאַדע און זיין „ברית מנוחה". — דער קאַמף קעגן דער ראַציאָנאַליסטישער
פילאָזאָפיע פון דריי פראָנטן. — די רבנים מנחם אבן זרח און ר' יצחק בר
ששת (ריב"ש). — דער מיסטיקער שם־טוב און זיין „ספר האמונות". — פון
מיימונין צוריק צו יהודה הלוי. — חסדאי קרשקש אַלס תורני און אַלס פּאָלע־
מיקער. — קרשקש אַלס דענקער. — זיין דרך און שיטה. — די גרענעצן
צווישן די געביטן פון רעליגיע און פילאָזאָפיע. — די קריטיק פון אַריסטוס
שיטה און פון דער גאַנצער גריכישער פילאָזאָפיע. — קרשקש וועגן מיימונים
שלשה עשרה עיקרים. — קרשקשס אידעען וועגן דעם חלל פון דער וועלט און
וועגן גאָטס איינגשאַפטן. — ניט דאָס וויסן, נאָר די ליבע איז די גרונט־איינג־
שאַפט פון גאָטס מהות. — קרשקשס שטאַנדפּונקט בנוגע דער פראַגע וועגן
גאָטס וויסן און בחירה חפשית. — דער צוועק פון „מעשה בראשית". — קרשקשס
פאַרהאַלטן זיך צו קבלה און ראַציאָנאַליזם. — „ואהבת את ה' אלהיך" אַלס
גרונט־פּרינציפּ פון טאָן און שאַפן. — די וועלט־באַשאַפונג אַלס נויטווענדיקייט. —
די אומענדלעכקייט פונם וועלטאַל . . . . . . . . . . . . . . 251

## פינפטער קאַפּיטל:

דער באַטייט פון חסדאי קרשקש. — די עפּיגאָנען. — פילאָזאָפיש גע־
בילדעטע טעאָלאָגן. — ר' שמעון בר צמח דוראַן (רשב"ץ) און זיין שאַפן. —
שמעון דוראַן אַלס דאָגמאַטיקער; זיין שטאַנדפּונקט בנוגע צו דער פראַגע וועגן
ביאת המשיח. — דוראַן אַלס סניגור פאַרן יידנטום. — וואָס הייסט „אַפּיקורסות"?—
יוסף אַלבאָ און זיין „עיקרים". — די השפעה פון זיינע פאָרגייער. — דער
באַטייט פון אַלבאָס ווערק. — דער בעכער פון טרייסט, וואָס דער בעל
ה„עקרים" דערלאַנגט . . . . . . . . . . . . . . . . . 297

## זעקסטער קאַפּיטל:

די קאַטוילישע קירך מיט אירע גזירות. — די יידישע פּרעדיקער. —
אַפּאָלאָגעטן. — חיים בן מוסא און זיין „מגן ורומח". — יצחק נתן און זיין
קאָנקאָרדאַנציע. — יוסף בן שם־טוב אַלס בעל־דרשן און פּאָלעמיסט. — זיין
פילאָזאָפיש ווערק „כבוד אלהים". — יוסף בן שם־טוב אַלס פאָרזעצער פון
חסדאי קרשקש; זיין פאַרהאַלטן זיך צו אַריסטו. — יוסף בן שם־טובס שטאַנד־

פונקט וועגן אומשטאַרבלעכקייט; זיין פלוגתא מיט דעם רמב"ם און דעם רלב"ג. — נאָר די תורה גיט אומשטאַרבלעכקייט. — נאַטור־געזעצן און רעליגיעזע געזעצן. — יוסף בן שם־טוב קעגן די „מתפלספים". – דער פאַרשלאָסענער קרייז. — אברהם ביבאַגי און זיין „דרך אמונה". — פילאָזאָפיש־עטישער דרוש; זיין אָנגעזועכטער פאָרשטייער יצחק עַראָמה. — עַראָמה אַלס בעל־דרשן; זיין פאַמפלעט קעגן די ראַציאָנאַליסטן „חזות קשה". — זיין קאַמף מיט דער „פילאָזאָפישער צרעת" . 315

## זיבעטער קאַפּיטל:

דער בעל־קבלה דער נעלם. — די ספרי קבלה „ספר הקנה" און „ספר הפליאה". — זייער מיסטישער סטיל. — די קבלה אַלס העכסטער אויטאָריטעט. — די „סודות התלמוד". — דער אַסקעטישער קאַמף קעגן די תענוגים פון עולם הזה. – דער רוגז אויף די רבנים. — דער קאַמף פאַר אַ „לאַנג־פאַרלוירענער זאַך". — דער לעצטער אַרויסטריט פון די מיימוניסטן. — שם־טוב בן יוסף אַלס פשרה־מאַכער צווישן די „צוויי ליכטער". — דער ערטער פון מיטלאַלטער און זיין סאַטירע „עלילת דברים". — דער ראַציאָנאַליסט־אַריסטאָטעליקער און זיין דאָגמע. — דער ליטעראַרישער ווערט פון דער סאַטירע. — דער לעצטער יידישער דיכטער אין אַנדאַלוזיע סעדיה אבן דאַנאָן. — אבן דאַנאָן אַלס ליבע־דיכטער. — אבן דאַנאָן אַלס מיימוניסט און פאַמפלעטיסט . . . . . . . 343

## אכטער קאַפּיטל:

דער גרויסער גירוש. — די צרות און ליידן פון די פאַרטריבענע; די אָפּקלאַנגען פון דער קאַטאַסטראָפע אין דער העברעישער ליטעראַטור. — די אָפּטרינניקע צווישן די געבילדעטע און די הויף־יידן. — דער אָרטאָדאָקסישער שריפטשטעלער יוסף יעבץ און זיין „אור החיים". — יצחק אַברבנאל און „חבלי משיח". — יצחק אַברבנאל אַלס ביבל־דערקלערער. אַברבנאל אַלס אָנזאָגער פונם באַלדיקן „קץ". — משיח צייטן. — שלום . . . . . . . . . . 369

ביילאַגן . . . . . . . . . . . . . . . . 383

# דרוק־פעלערן:

| זייט | שורה | געדרוקט | דאַרף זיין |
| --- | --- | --- | --- |
| 34 | 13 פון אונטן | קול דומה | קול דממה |
| 39 | 6 פון אויבן | און איינער | און אייניקע |
| 56 | 8 פון אונטן | ווייגעבילדע | וואהנגעבילדע |
| 66 | 21 פון אויבן | שטראָמען | שטרעבן |
| 72 | 7 פון אונטן | עובדון סטימין | עובדין סתימין |
| „ | 4 „ | נשמתון באבני | נשכיתין כאבני |
| 85 | 3 פון אויבן | דאַן בלינד געגלויבט | דאָך בלינד געגלויבט |
| 91 | 2 פון אונטן | לעטטערבאָרע IV—IV | לעטטערבאָדע IV - VI |
| 107 | 3 „ | וואָס מיט זי | וואָס מיט זיי |
| 109 | סוף שורה 24 פון אויבן | איז אַרויסגעפאַלן אַ גאַנצע שורה, מיט וועלכער עס דאַרף זיך ענדיקן די דאָזיקע זייט. דאַרף זיין: | חזרט פיל מאָל איבער ר׳ אָשר בן יחיאל. „זע למען |
| 125 | 7 „ | היאר | הָאיר |
| 162 | 8 פון אויבן | קאָן מײַן בלויז | קאָן בלויז |
| 184 | 1 „ | זיין ראַציאָנאַליסטישער | זיין ראַציאָנאַליסטישן |
| 202 | 9 פון אונטן | טוורים | טורים |
| 209 | 25 פון אויבן | הואמות | האומות |
| 217 | 16 פון אונטן | נצבים | נציבים |
| 233 | 1 פון אויבן | פאַרפאַסט דעם מוסטער | פאַרפאַסט לויט דעם מוסטער |
| „ | 3 פון אונטן | ווייזט אָבער | ווייזט אָבער אָן |
| 254 | 10 „ | ריכטער | ריטער |
| 258 | 5 פון אויבן | בעל „ה„וזרי | בעל „הכוזרי |
| 261 | 14 „ | צו דערגרייכן | צו דערגרייסן |
| 265 | 4 פון אונטן | אַלע קאַמע | אַלע קיימע |
| 278 | 16 פון אויבן | ביז ס׳איז ניט | בָאָם ס׳איז ניט |
| 280 | 23 „ | אַ חשק | אָן שום חשק |
| 291 | 5 פון אונטן | ולהיות התחלה | ולהיות השפלה |
| 292 | 5 „ | כי אין | כי אָם |
| 293 | 12 „ | שה הקב״ה | של הקב״ה |
| 298 | 1 „ | צירפת | ברפת |
| 300 | 7 פון אויבן | פאַרביים | פאַרבאָט |
| 305 | 1 „ | דער פשט ניט זיין, | דער פשט ניט זיין. זאָל זיין, |
| 318 | 8 פון אונטן | דערגאַנגען | ניט דערגאַנגען |
| 322 | 6 „ | פון שם־טובס | אבן שם־טובס |
| 334 | 18 פון אויבן | נאָך אין 1489 | נאָך 1489 |
| 335 | 5/6 „ | מיט דער אומפאַרגלייכלעכער אין זייער געטלעכער חכמה פון קבלה־ספרים | מיט די אומפאַרגלייכלעכע אין זייער געטלעכער חכמה קבלה־ספרים. |
| 340 | 12 „ | אין דער קריסטלעכער | אין דער קריטישער |
| 361 | 20 „ | ניט איין מאַניער | מיט איין מאַניער |
| 262 | 12 „ | לאַכט ער | לאַכט ערטער |